הירש דאָבין

# דער קויעך פון לעבן

פארלאג «סאָוועטסקי פּיסאַטעל»
מאָסקווע • 1969



## קאפיטל איינס

### 1

מיט געשריי און געפילדער האָט מען געטריבן די מענער פון אלע ווײַטע עקן שטאָט, פון קאָמאראָווקע און פערעספּע, פון ארום וואָקזאל און דעם אלטן מארק. ערטערווײַז האָט זיך די וואך אָפּגעשטעלט, קעדיי צונויפזאמלען אלעמען אין קאָלאָנעס, און דערנאָך ווידער מיט קוילעס און געשריי געטריבן ווײַטער.

די גאסן, דורך וועלכע מע האָט געפירט דעם אוילעם, זײַנען פול געווען מיט רויך. פון די פילשטאָקיקע מויערן, וואָס האָבן פריִער באשיינט די שטאָט, זײַנען געבליבן סקעלעטן, בערג מיט ציגל־ברוך און שטיינער. בא יעדן צו שטארקן טראָט האָבן שטיקער וועגט זיך אראָפּגע־

ריסן פון דער הייך און, מיטשלעפנדיק מיט זיך אלץ, וואָס האָט זיך געמאכט אין וועג, מיט טויבן געהילך איַינגעהילט דעם ארום אין וואָלקנס שטויב.

מע איז געגאנגען שווייַגנדיקע פון גאס אין גאס, ווו ביז איצטער האָט זיך נאָך געהערט א שיסערייַ פון אויטאָמאטן. כאָפּעטסווייַז און איינציקווייַז האָבן זיך אומעטום ארומגעטראָגן דייַטשן און געשאָסן אין דער העלער וועלט אריַין, דערשאָסן הינט און דאָרטן, ווו עס איז ניט געווען וועמען צו דערהארגענען, ווו הייַזער זייַנען געשטאַנען פארלאָזענע, — געשאָסן אין די פענצטער און געבראָכן שויבן, קעדיי וואָס מער פאכעד אָנווארפן אויף דער באפעלקערונג און פארגרעסערן די מע־הומע...

מע איז געגאנגען פארבייַ ערטער, ווו עס האָט געשמעקט מיט א זיסלעכן, שווערן רייעך, פון וועלכן עס האָט געקערט די גאל, און ניט קלאָר איז געווען, וועמען איז איצט בעסער — זיי, די לעבעדיקע, וואָס דארפן צוזען אלץ און שווייַגן, אָדער די טויטע, וואָס האָבן צווישן די כורוועס געפונען זייער רו און זייַנען פּאָטער געוואָרן פון אלץ און אלעמען...

עס האָט קיינער ניט געוווסט, וווהין מע טרייַבט זיי און וואָס וויל מען פון זיי האָבן. בא יעדן פרווו צו דערוויסן זיך עפּעס האָט מען גע־כאַפּט א שטויס, א קלאַפּ, און עס איז בלויז איבערגעבליבן גיין ווייַטער. עס איז קיין צייַט ניט געווען זיך אריַינצוטראכטן אין דעם, וואָס עס קומט פאָר ארום. פיל זאכן האָבן זיך פּאָשעט ניט געלייגט אפן סייכל.

ווען מע איז ארויס צו הינטערגאסן, ווו א סאך הייַזער זייַנען גע־בליבן גאנץ און סראָוו פון דער באפעלקערונג איז געווען אויף די ער־טער, האָבן זיך די מענער דערמאָנט אָן טויזנטער זאכן, וואָס זייַנען געווען פארבונדן מיט דער היים, און די זאָרג וועגן די פרויען און קינדער, וועלכע מע האָט איבערגעלאָזט אויף העפקער, זייַנען גרעסער גע־וואָרן. יעדער איינער האָט געגומען טראכטן דערפון, וויאזוי ארויסצו־דרייען זיך פון דער קאָלאָנע און זיך אומקערן אהיים. נאָר בא דער זייַט איז געגאנגען די וואך מיט ביקסן אין די הענט, און מע איז

געצוווּנגען געווען גיין, ניט וויסנדיק וווהין און צוליב וואָס... וואָס לענגער מע איז דאָך געגאַנגען, אַלץ כוישעכדיקער און אָפּגעצערטער זײַנען אַלע געוואָרן, גלײַך מע וואָלט אַרויסגעקומען פון צווישן די רויִנען פאַרסאַרפּעטע פון פײַער און רויך...

אַזוי האָט געדויערט, ביז מע האָט אַלעמען ניט געבראַכט צו פירן צום טײַכל אויסער דער שטאָט.

אין פעלד אַרום איז נאָך קיין סימען פון מילכאָמע ניט געווען. אַ פרישע, אַ מעכײַעדיקע לאָנקע האָט זיך געשפּרייט פאַר די אויגן ווײַט און ווײַטער, און איר העלע גרינקײַט איז ביסלעכווײַז איבערגעגאַנגען אין ווייכע און שטילע פאַרבן פון פעלדער קאַרטאָפל, קאָרן און לײַן. לויטער איז געווען דער פאַרנאַכט. פאַרכאָלעמט האָבן אַרײַנגעקוקט אײַנעם צוגעלאָשענעם און שטילן וואַסער די גרינע קוסטעס. און ס׳האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז ס׳איז גאָר ניטאָ אַזאַ מין קויעך, וואָס זאָל קאָנען צעשטערן די רויִקײַט אַרום, די רויִקײַט, וואָס הערשט דאָ, זינט די וועלט שטייט. נאָר אַפן דערבײַיִקן טראַקט האָבן אָן אויפהער גערוישט מאַשינעס, פון הימל האָט זיך געטראָגן דאָס גערודער פון אַעראָפּלאַנען און ניט געלאָזט פאַרגעסן אין דעם, וואָס עס קומט פאָר אַף דער וועלט.

עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, אַ וואַרעמער, אַ שטילער און אַ פינצטערער. און שטייענדיק אין טונקלעניש פאַרוועבט, האָבן די מענער לאַנג געקוקט, ווי עס ברענט דער הימל איבער דער שטאָט אין אָפּשײַן פון סרייפעס, און ווער ווייסט, וואָס זיי האָבן דערבײַ ניט איבערגעטראַכט.

בייס פון עטלעכע זײַטן מיטאַמאָל האָט די שטילקײַט אויפגעריסן אַ שיסערײַ פון קוילנוואַרפערס און גליִענדיקע פלעמעלעך פון טראַסירנדיקע קוילן האָבן זיך גענומען טראָגן איבער די קעפּ, איז דער אוילעם אַלץ נאָך געשטאַנען. ס׳איז פינצטערער געוואָרן, קיין באַזונדערע געשטאַלטן האָט מען שוין ניט אַרויסגעזען. קעפּ און פלייצעס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין גרויער מאַסע, וואָס האָט זיך געוויגט און געשאַרט הין־און־הער. דאַן האָט דורך אַ הויכריידער אַ הילך געגעבן אַ ווילד געשריי אַף דײַטש, מע זאָל מאַכן נאַכט. און ווי מע איז געשטאַנען

באַם ברעג פֿונעם טײַכל, אַזוי זײַנען אַלע, ווי אײנער, אומגעפֿאַלן אויף דער ערד און אומבאַוועגלעך געבליבן ליגן. פֿאַרן גרויסן אויסמאַטערנדיקן טאָג, וואָס האָט געדויערט, ווי אַ יאָר, איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מע האָט זיי צורו געלאָזט.

אין מעשׂעך פֿון דער נאַכט האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט אַ שיסערײַ פֿון קוילנוואַרפֿערס: דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען עמעצער פֿון די ייִנגערע האָט זיך געפּרוּווט אַרויסגאַנווענען פֿונעם לאַגער און דורכשווימען דאָס טײַכל. און יעדעס מאָל, וואָס מע האָט דערהערט, ווי מע שיסט, זײַנען אַלע אויפֿגעציטערט געוואָרן.

אויף מאָרגן איז דאָס אָרט שוין ניט געווען צו דערקענען, אַזוי איז דאָ אַלץ פֿאַרענדערט געוואָרן. פֿון דעם פֿרישן גראָז אויף דער לאָנקע איז איבער דער נאַכט קיין זייכער ניט געבליבן. קיין שפּור פֿון דער רויִקײַט, וואָס האָט געהערשט אַרום. די ערד איז געוואָרן איבערגעמישט, די קוסטעס — אַרומגעפּליקט און פֿאַרוועלקט.

און פֿאַרבײַ, מיטן טראַקט, האָבן אַלץ געהודעט און געהודעט מאַשינעס. דורכן טאָג האָט ניט אויפֿגעהערט דאָס געדרודער פֿון מאָטאָרן. אַ געדיכטער שטויב איז געהאַנגען אינדערלופֿטן, האָט זיך אויסגעצויגן לענגאויס דעם וועג און ניט געלאָזט זען, וואָס מע פֿירט דאָרטן און ווער דאָרט פֿאָרט. אין שטויב איז גאַנצפֿרי אויפֿגעגאַנגען די זון אַ געלבלעכרויטע און פֿאַרטונקלטע, ווי ערעוו בײַטן זיך פֿונעם וועטער, ווי פֿאַר ווינטן. איבער דעם דאָזיקן שטויב האָט מען שיר ניט פֿאַרזען, בייס פֿון שטאָט זײַנען געקומען צו גיין ווײַבער און קינדער מיט עסן פֿאַר די מענער. נאָר די וואַך האָט זיי פֿאַרהאַלטן, איידער מע איז נאָך צוגעקומען צום לאַגער, און ווײַטער ניט געלאָזט גיין.

די זון איז אויפֿגעגאַנגען העכער און העכער, האָט אָנגעהויבן סמאַליען אָן ראַכמאָנעס, אָבער די פֿרויען האָבן נאָך אַלץ געוואַרט. זיי האָבן געזען, ווי מע ברענגט צו פֿירן צום לאַגער אַלץ נײַע און נײַע מענער און מע טרײַבט אַרײַן צווישן דעם האַמוין. און די גאַנצע צײַט, וואָס די פֿרויען זײַנען אַזוי געשטאַנען, אײַנגעהילט אין אַ ברוין רויכל פֿון כמימע און שטויב, פֿאַרדעקט די פּענעמער מיט טיכער און שאַלן, האָבן די מע-

נער מיט אומגעדולד ארויסגעקוקט אף זיי פון הינטער דעם שטריק, מיט וועלכן דער לאגער איז געווען ארומגעצוימט, און ניט אופגעהערט צו הודען, ווי עס הודעט א וואלד אונטערן ווינט פאר א שטורעם, טויב־לעך־איינגעהאלטן און שטיל.

און פארביי, מיטן טראקט, האָבן זיך אלץ געטראָגן אף מיזרעך מאַ־שינעס און מיט זייער גערודער און פייפעריי שווער געמאכט דאָס גע־מיט פון די מענטשן. עס איז געווען זייער הייס. עס האָט אזוי גע־ברענט, אז ווען דאָ זאָל ניט געווען זיין דאָס טייכל, בא וועלכן מע האָט די יידן, ווי אומיסטן, צונויפגעטריבן, קעדיי זיי זאָלן אין אָט דער שטיקנ־דיקער היץ די גאנצע צייט זען פאר זיך וואסער און ניט קאָנען צוקו־מען א טרונק טאָן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז מע געפינט זיך אין א מידבער.

2

ס'איז דורכגעגאנגען א שאָ און צוויי, אינעם לאגער האָט אלץ ניט גערוט. יעדער ווייַלע זיינען געקומען דייטשן, האָבן באפוילן זיך אויס־שטעלן אין רייען, ארויסגענומען פון דער געדיכטעניש א טייל מענער און זיי ערגעץ אוועקגעפירט, איבערלאָזנדיק אין די הערצער פון די פארבליבענע א קעלט. קיינער האָט ניט געוווּסט, וווהין מע האָט די מענטשן צוגענומען. אָט האָט מען ווידער געבראכט א נייַ בינטל יידן. די פרויען האָט מען אלץ ניט צוגעלאָזט. און בעמיילע איז דאָס ווארטעניש אליין פאמעלעך פארוואנדלט געוואָרן אין א ווּיסטער פייַניקונג.

פיל פון די מענער האָט די מילכאָמע געטראָפן אויסער דער היים און זיי האָבן ניט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט זייערע נאָענטע. ווער עס האָט געהאט אין שטאָט א פרוי און ווער — קינדער. יעדערער האָט געוואַרט, אז עמעצער זאָל קומען צו גיין, ברענגען אוועלכע־ניט־איז יעדיע פון דער היים און זיך דורכוווארפן כאָטש מיט א וואָרט. די וואך האָט אָבער דערפון ניט געוואָלט וויסן. ווען די פרויען האָבן אָנגעהויבן בעטן, מע זאָל זיי דורכלאָזן מיטן עסן, האָבן די דייטשן גענומען שרייַען,

דראָען מיט די ביקסן. און אין די הערצער פון די מענער, וואָס האָבן דאָס אַלץ צוגעזען, איז אופגעקומען א פּײַער...

צוזאמען מיטן גאנצן צערודערטן האמוין האָט זיך איבערן לאַגער אומגעדרייט א שטילער יונגערמאַן אין ברילן פון האָרנבײן, וועלכן מע האָט נאָרוואָס פון ערגעץ געבראכט צו פירן מיט א נײַער פּאַר־טיע ייִדן און וועלכער האָט טײקעף, ווי נאָר מע האָט אים אַרײַנגע־שטופּט הינטערן שטריק, זיך אוועקגעלאָזט איבערן לאַגער, קעדיי זיך ארומקוקן, וווהין איז ער עס אַרײַנגעפאַלן.

ווײַט איז ער, עמעס, ניט אוועק. די ענגשאפט איז געווען אזא, אז קוים האָט ער געגעבן א טראָט, אזוי גלײַך האָט אים פאַרדרייט אין זיך דער קאָך פון מענטשן, וועלכע האָט געפלייצט ווי א וואסער, וואָס איז ארויס פון די ברעגן, און אוועקגעטראָגן.

ער איז אָבער, קאָנטיק, געווען ווײַט ניט קיין קלײנער אקשן, דער יונגערמאַן; גוטע עטלעכע רעגעס האָט ער זיך געפּרוּווט ראַנגלען מיטן שטראָם, וואָס האָט אים געטראָגן, און איז דאָ און דאָרט אָפּ א קורצער ווײַלע ארויסגעשווומען פון צווישן די מענטשן, ווי איינער, וואָס טרינקט זיך. גויוועד זײַן דעם פלייצנדיקן יאם איז אים אָבער ניט געלונגען, און ער איז באלד באנײַס פאַרלאָרן געגאנגען אין דער געדיכטעניש, ווי א זעמדעלע צווישן זײַן גלײַכן.

ווי פריִער, האָט זיך דער האמוין אומגעשארט פון אָרט אוף אָרט, ווי פריִער, איז געווען דושנע און הייס, און ווי פריִער, האָט מען אַלץ ארויסגעקוקט אפן הימל, טאָמער וועט זיך אמאָל אָנכמארען און עס וועט אוועקגיין א רעגן, מיטברענגענדיק מיט זיך א טראָפּן פרישקײַט.

די פּאַטרולן אוף די וואך־פּונקטן, וואָס אוף די בערגלעך ארום, איז לאַנגוויַיליק געוואָרן צו זיצן בא זייער געווער, און קעדיי זיך פאַר־ווײַלן, האָבן זיי געפּרוּווט דאָס קלײזײַען, שיסנדיק אמאָל איבער די קעפּ פון דעם האמוין און אמאָל — אין די מענטשן גופא. און יעדעס מאָל, ווען דער אוילעם האָט א פאַל געטאָן צו דער ערד אויס מוירע פאַרן טויט, האָבן די דײַטשן געלאכט, זיך אזש געהאלטן בא די בײַכער.

נאָר אָט האָט דער יונגערמאַן אין די ברילן זיך ווידער באַוויזן אַף דער העלער שײַן. ער איז אומגעגאַנגען אָן א היטל, דאָס רעקל — אָפּן אָרעם, דער קאָלנער פון דעם אויסגעניטן אוקראַיִנישן העמד צעשפּי־ליעט, און זיך געווישט דעם שטערן מיט א מידער באַוועגונג פון דער האַנט, ווי איינער, וואָס האָט דורכגעמאַכט ווער ווייסט וואָס פאַר א מע־האַלעך. א שוואַרצער און שוין צופּיל א ביסל א פאַרוואַקסענער פאַר א מענטשן, וואָס האָט זיך ניט געגאָלט געציילטע טעג, א פאַרפּאַליעטער פון דער היץ עפּשער א ביסל מער פון אַנדערע, איז ער זיך פּאַמעלעך אומגעגאַנגען און שטיל באַטראַכט יעדערן, ווי ער וואָלט דאָ עמעצן געזוכט. זײַן טונקל־בלויער אָנצוג, דאָס אויסגענייטע העמדל און די געלע טופליעס זײַנען געווען שטאַרק פאַרשטויבט. עס האָט געדוכט, אַז דער שטויב פון אַלע וועגן, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין משך פון די לעצטע טעג, ביזוואַנען ער האָט זיך ניט געפּאַקט אין לאַגער, ליגט אים נאָך ביז איצט אַף דער היפּשער נאָז, אין די טיפלעכע קנייטשן לעבן מויל און אַרום די אויגן און מאַכט עלטער זײַן דאַר מיד פּאָנעם.

באַם ערשטן בליק האָט דער יונגערמאַן געמאַכט אַן אײַנדרוק פון א מענטשן, וואָס איז בעטעווע דאַפקע זייער א רויִקער, א שטילער, אַפילע עפּשער א קאַלטבלוטיקער א ביסל. ניט מער, וואָס צו אָפט שוין, יעדעס מאָל, ווען דער שטראָם האָט אים באַנײַס גענומען טראָגן אין אַן אַנדער זײַט, האָט ער מיט נערוועזע, בלאַסע פינגער פון ביידע הענט זיך געווישט די ברילן, ניט אַראָפּנעמענדיק זיי פון דער נאָז, גלײַך די גלעזער, וואָס האָבן אויסגעזען צווייענדיקע און דרײַענדיקע, וואָלטן פאַרצויגן געוואָרן מיט א הײַטל. און פון דעם איז געווען צו זען, אַז ער איז ווײַט ניט אַזוי רויִק, ווי ער מאַכט דעם אָנשטעל.

דער יונגערמאַן איז אומגעגאַנגען, האָט זיך פלײַסיק צוגעהערט דערצו, וואָס מע רעדט, אַליין זיך באַמיט ווי ווײַט מעגלעך ניט פאַר־פירן מיט קיינעם קיין שום איבעריקע געשפּרעכן און די גאַנצע צײַט ניט אויפגעהערט ביטערלעך און שטיל צושמייכלען צו זיך, ווי איינער זאָגט: אײַ, ברודער טײַערער, ביסטו אַרײַנגעפאַלן!.. ליגסט, זעט מען, פּײַן אין טינטער... אומדרייענדיק זיך אַזוי, האָט ער זיך טיילמאָל אָפּ־

געשטעלט און מיט אויגן, וועלכע האָבן, דוכט זיך, געוואָלט אַלץ אײַנ־שלינגען און פאַרגעדענקען אויף אייביק, באַטראַכט דאָס געווימל פון מענטשן, וואָס האָט זיך געשאַרט אַרום אים. די פענעמער זײַנען בײַ אַלעמען געווען בלאַסע, אויסגעצווישעכטע, פאַרוואַקסענע. און כאָטש אַנגעטאָן איז מען געווען פאַרשיידן, איז דאָך עפּעס אַלגעמיינס שוין געווען צו זען אין זייער הוילעך, אין די בגדים, וואָס זײַנען קוויטיק און צעקנייטשט געוואָרן פון וואַלגערן זיך אויף דער ערד. אַן אויסטערלישער אויסזען האָט אַלעמען צוגעגעבן דאָס, וואָס, קעדיי זיך באַשיצן פון דער זון, האָט מען צוגעדעקט די קעפּ — ווער מיט נאָזטיכלעך, ווער מיט דער פּאָלע פון עם רעקל, ווער מיט אַ שטיקל זאַק, אַ הײַפל גראָז אָדער בלעטער, — מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געפּאַקט אונטער דער האַנט. און אומעגלעך שווער איז אים געווען צו רעכט מאַכן בײַ זיך, אַז בעסאַ־כאַקל נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק האָט יעדער פון אָט די אַלע מענטשן זיך פאַרמאָגט זײַן היים, זײַן סוויווע, זײַן באַשעפטיקונג און האָט זיך אַפילו ניט פאָרגעשטעלט, וואָס אים דערוואַרט.

ער האָט זיך געוואָלט דערמאָנען, וויאַזוי איז עס געשען, וואָס ער, אַשער מאַרגוליס, אַ מענטש מיט אַ רײַכער לעבנס־דערפאַרונג, איז אין אַזאַ מין אומרויִקער צײַט אַוועקגעפאָרן אין ראַיאָן צוליב איניאָנים פון דער רעדאַקציע, בייס די פרוי זײַנע און דאָס קינד האָבן זיך געבעטן בײַ אים, ער זאָל אין ערגעץ ניט פאָרן, ווײַל אַלע ריידן דערפון, אַז הײַנט־מאָרגן קאָן אויסברעכן אַ מילכאָמע...

אַלץ, וואָס איז געשען מיט אים, וויאַזוי ער איז געלאָפן אויף מיזרעך, וויאַזוי מע האָט אים אַרום סלאָנים פאַרנומען אין אַ לאַגער און ער איז פון דאָרט אַנטלאָפן און האָט זיך ווידער געלאָזט גיין צום פראָנט, — אַלץ איז געווען אײַנגעהילט אין אַ נעפּל פון פײַער און רויך. אין קאָפּ איז געווען אַ מישמאַש. און וואָס מער ער האָט געטראַכט, אַלץ שווע־רער איז אים געוואָרן קלאָר צו מאַכן פאַר זיך, וויפל טעג איז ער געווען אין וועג, ביז ער האָט זיך ניט געפּאַקט אַהער.

פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען דער שוואַרצער רויך פון ברע־נענדיקע מאַשינעס, כאָרעווע וואָקזאַלן, דער טראַקט, אַ פאַרפרוזשניעטער

מיט מענטשן, וואָס זײַנען געלאָפן צופוס, געטראָגן זיך אף פורן און אף אווטאָמאָבילן, אף וועלאָסיפּעדן און מאָטאָציקלען, געפלויגן, געיאָגטע פון אומגליק און פּאַכעד, און זיך צעשאָטן איבערן פעלד פון ביידע זײַטן וועג יעדעס מאָל, ווען עס זײַנען אָנגעפלויגן עראָפּלאַנען און גענומען ווארפן באָמבעס אָדער באַשיסן דעם וועג פון קוילנוואַרפערס.

פונעם זינלאָזן אומדרייען זיך, פונעם רײַבן זיך איינער אינעם אנדערן, ווי אויך פון די שווערע מאַכשאָוועס, וועלכע האָבן אים ניט אָפּגעלאָזט אף קיין איין מינוט, האָט מארגוליס זיך דערפילט מיד. ער האָט זיך צוגעשלאָגן צום שטריק, ווו די לופט איז געווען א האָר פרײַער, די ענגשאפט — ניט אזוי גרויס, און איז געבליבן שטיין. ער האָט די גאנצע צײַט געהאָפט, אז ער וועט אין לאַגער געפינען עמעצן פון באַקאַנטע. צום גרויס באַדויערן, איז זײַן טירכע געווען אומזיסט. און מארגוליס האָט שווער און פארביטערט א זיפץ געטאָן.

פון הונגערן עטלעכע טעג האָט דאָס האַרץ גענאָגט, אין מויל איז געווען ביטער. ער האָט דאָך ניט געטראַכט וועגן עסן. וואַרטנדיק, ווי אלע, מיט אומגעדולד אף די פּרויען, האָט ער אין זינען געהאַט איינס: עפּשער וועט זיך אײַנגעבן דערוויסן זיך בא זיי עפּעס נײַס, דערגיין לעכאָלהאָפּאָכעס, וווהין נעמט מען עס צו פונדאַנען מענטשן און פונוואַנען שטאַמען די קלאַנגען, אז מע פירט זיי ארויס ניט ווײַט הינטערן לאַגער און דאָרט דערשיסט מען זיי.

ער האָט קיין איין מינוט ניט פארגעסן, אז ער דאַרף זיך אף עפּעס באַשליסן, אז ער טאָר זיך דאָ פאַר קיין פאַל צופיל ניט פארזאַמען. ער מוז אַנטלויפן און זיך לאָזן אַפּסנײַ צום פראָנט. ווען ער ווייסט, אז זײַן באַקענטער, וואָלפסאָן, איז אין שטאָט, וואָלט ער געפּרוווט נאָך די זעלבע נאַכט אַנטלויפן פונדאַנען... נאָר פון שטיין לאַנג אָן באַוועגונג אף דער היץ, ענג צונויפגעדריקט פון אלע זײַטן מיט לײַבער, וואָס האָבן אים בעמיילע, קעגן זײַן אייגענעם ווילן, פּאַמעלעך געטראָגן מיטן שטראָם, איז אים באַפאַלן אַן אָנמאַכט און ער האָט אליין ניט געפילט, וויאַזוי ער האָט צוביסלעכווײַז גענומען דרעמלען.

אין דעם קורצן, מאטערנד־יקן דרעמל, וואָס האָט געדויערט עפּשער ניט מער ווי א רעגע, האָט ער באוויזן צו זײַן אין דער היים און אויס־הערן בארויגעזע טײַנעס פון זײַן פרוי, אף וועלכע ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. נאָכדעם האָט אים פארשמעקט א שארפער רייעך פון פּאָליטור און סטאָליערישן קליי און דערוועקט זיכרוינעס פון דער קינדהײַט. ער האָט זיך דערזען ליגן אינעם קליינעם, אָרעמען שטיבל מיט פארקאָוועטע פענצטער פון פראָסט און ארויסקוקן פון בעט אפן טאטן, וויאזוי ער שטייט באם ווארשטאט מיטן הובל אין האנט און ארבעט, ארבעט און הוסט. די זיכרוינעס וואָלטן אים זיכער ניט אזוי גיך אָפּגעלאָזט, ווען עמעץ גיט אים ניט א טאָרקע מיט אן עלנבויגן אין זײַט און וועקט ניט אוף. עס האָט געדעדט צו אים עפּעס א ווילד־פאר־וואקסענער פארשוין מיט א ברייטער נאָז, מיט טיף אײַנגעגראָבענע אויגן, אָנגעטאָן אין קליידער, פארליאפּעטע פון פארב און קליי. דערבײַ איז געשטאנען א הויכער, סוטולער מאן פון א יאָר עטלעכע און פופציק, אויב ניט מער, מיט בלאנקענדיק ווײַסע ארײַנגעשטעלטע ציין און גראָוו־לעכע האָר אפן קאָפּ, און שטיל פון עפּעס אונטערגעשמייכלט.

אָשערן האָט זיך זייער געוואָלט שלאָפן. עס זײַנען אים איצט ניט ניכע געווען קיינע רייד. ער האָט בלויז געוואָלט, מע זאָל אים לאָזן כאפּן א דרעמל. יענער אָבער האָט אים געשטערט:

— וויפל, אבעטעך, איז דער שיר צו מאטערן די ווײַבער? וואָס מוטשעט מען זיי?

מארגוליס האָט זיך א קנייטש געגעבן: וואָס וויל פון אים דער דאָזי־קער בען־אָדעם? ער אליין האָט דאָ ניט קיינעם, פון קיינעם דערוואַרט ער גאָרניט. עס ווילט זיך אים אזוי שלאָפן, ער האלט אזש ניט אויס. דאָס מויל ווערט אים שיר ניט צעריסן געגעצנדיק. די אויגן זײַנען ווי פארשאָטן מיט זאמד. נאָך א רעגע, און די ערד שווימט אוועק פון אונטער זײַנע פיס. א ווארעמע כוואליע הייבט אים לײַכט אונטער און טראָגט אוועק אין אנדערע אוילאָמעס...

ערגעץ טיף אין זיך געדענקט ער נאָך, אז ער דארף עפּעס זייער נייטיקס טאָן, אז ער מוז זײַן געהיט און ווי ווײַט מעגלעך מיט קיינעם

ניט פארפירן קיין איבעריקע רייד. נאָר דאָ גיט אים עמעצער באַנייס א וועק אויף. ער עפנט די אויגן און קוקט זיך ארום, דערזעט דעם הויכן סטוליען ייִדן מיט די ווײַסע אריינגעשטעלטע ציין. יענער ווײַזט אים אָן מיטן קאָפּ אפן קורצן, פארליאפּעטן מענטשל, ער פרעגט מארגוליסן:

— איר ווייסט ניט, וואָס ברענט ער, וואָס קאָכט ער, ווי א קעסל? וואָס ארט עס אים מער ווי אלעמען? — און אליין דרייט ער זיך אויס גאנץ געלאסן און פארקוקט זיך אהינצו, ווו עס שטייען די פרויען און ווו עס בליצט עפּעס קעסיידער אין דער כמימע, ווי עס וואָלט דאָרטן געלעגן עמעצן אין קאָפּ זיך צו שפּילן מיט א שפּיגל.

דאָס קורצע, פארליאפּעטע ייִדל האָט זיך דערפילט באאוולט. זײַן שטויביק־גראָוו בערדל, וואָס האָט אים ברייט ארומגענומען דאָס פּאָנעם און איז געראָטן זיך צעוואקסן, ווו נאָר עס האָט זיך געלאָזט, — אף דער ברייטער נאָז, אין די אויערן, אפן טונקעלן האלדז, — איז געוואָרן הארט, און ער, דאָס ייִדל אליין, שטעכעדיק, שטעכעדיק און רויטלעך.

— ווי געפעלט ער אײַך? ער לאכט נאָך פון מיר, דער גוטער שוואָגער מײַנער, גערשן... — האָט ער זיך אָנגערופן צום אנדערן. — גערשן, ווער־ווער, נאָר דו האָסט דאָך געמעגט פארשמירן דאָס מויל און שווײַגן... איבער וועמען זײַנען מיר דאָ געבליבן, האי? ניט איבער דיר? „דײַטשן זײַנען א קולטורנע פאָלק...״ וועמעס ווערטער זײַנען עס געווען, פרעג איך דיך, ניט דײַנע? זאָג! לייקן כאָטש ניט!..

— איך זאָג איצטער אויך, אז זיי וועלן אונדז גאָרניט טאָן. מע וועט האלטן, האלטן און ארויסלאָזן.

דאָס פארליאפּעטע ייִדל האָט ניט געקאָנט פארלײַדן אזוינע מיַנע רייד.

— איר הערט נאָר... ער נעמט זיך נאָך אָן פאר די גאזלאָנים. א זאשטשיטניק איז ער זייערער געוואָרן...

און ווידער ווענדט זיך דאָס ייִדל צו מארגוליסן. עס שלאָגט פון אים א היץ. עס פילט זיך, אז דאָס הארץ פלאצט באם מענטשן פאר ווייטעק און פארדראָס. זאָל אים דער יונגערמאן מוחל זײַן און דער־קלערן. ער זאָל אים זאָגן דעם ריינעם עמעס... פאר אים האָט ער ניט וואָס

מוירע צו האָבן... וועט מען דאָס שוין אַזוי־אָ טאַקע דאַרפֿן זיך אונטער־געבן? און ווו זײַנען אונדזערע טאַנקען, ווו אונדזערע עראָפּלאַנען?

מאַרגוליס האָט שולדיקלעך עטוואָס אָנגעבויגן דעם קאָפּ. אין דער באַוועגונג, מיט וועלכער ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן פֿון דער נאָז און לאַנגזאַם, ווי בײַ אַ שווערן יִשעוו־האַדאַס, צוגעטראָגן צום מויל, באַהויכט יעדער גלעזל באַזונדער און גענומען ווישן מיט דער פּאָלע, אַרײַנקוקנדיק אין זיי, האָט זיך געפֿילט אַ געצוימטקייט פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט בעדייע צו זאָגן: „שיט, שיט... כ׳האָב געזונטע פּלייצעס. זאָל אײַך ניט אַרן, וואָס איך זע אויס ווײַט ניט קיין גוואַר. שולדיק. איך זאָג עס אָפֿן. אין אַ סאַך זאַכן זײַנען מיר אַליין שולדיק״.

אָן די ברילן איז מאַרגוליסעס געזיכט געוואָרן נאָך מאָגערער, נאָך אויסגעצערטער. מע האָט דערזען, ווי טיף עס זײַנען אים די אויגן אײַנ־געפֿאַלן, ווי רויט זיי זײַנען.

נאָך ניט אָנגעטאָן צוריק די ברילן, האָט ער אויפֿגעהויבן די אויגן און לאַנגזאַם באַטראַכט דעם יִדן. וואָס זאָל ער אים ענטפֿערן? עפּשער דערציילן, וויִאַזוי מע האָט זיי באַשאָסן פֿון טאַנקען לעבן סלאָנים און סאַראַ כאַרפּע ס׳איז אים געווען, ווען, אַ נאַסער אַף דורך־און־דורך נאָכן אַריבערשווימען אַ טײַכל, איז ער צוזאַמען מיט אַ גרופּע רויטאַר־מייער אַרײַן אין אַ דערבײַיִק דערפֿל בעטן עפּעס עסן. פּויערטעס האָבן זיי געגעבן ברויט מיט זויערמילך. פֿריש און געשמאַק איז געווען דאָס קילע געטראַנק, באַטאַמט איז געווען יעדער ביסן. דאָס עסן איז דאָך אין האַלדז ניט געקראָכן, בייס זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די שטומע בליקן פֿון די פּראָסטע דאָרפֿישע ווײַבער, איז וועלכע ס׳איז געווען איין טײַנע: „וויִאַזוי איז עס געשען?״ די זעלבע פֿראַגע האָט ער איצט דערזען בײַ דעם יִדן אין די אויגן.

נאָר שוין פֿון אָנהייב אָן האָט ער יענעם מיט עפּעס ניט צוגע־טראָפֿן.

— וואָס איז דען? — האָט זיך דאָס יִדל אַף אים אָנגעשטעלט, ווען אַשער האָט געוואָלט בײַ אים זיך דערוויסן, צי איז ער אַן אָרטגעבירטי־קער אָדער מע האָט אים אויך פֿון ערגעץ אַהער געבראַכט צו פֿירן, —

און אז איך בין א היגער, איז וואָס? און אז יעדערער קען דאָ יאָסל פארבער, איז מיר דען פון דעם גרינגער?

— גרינגער ניט, — האָט מארגוליס געענטפערט, — דאָך איז א ביסל פרייליכער, ווען מע איז לעבן דער היים.

די ווערטער האָבן ווי צוגעגאָסן בוימל צום פייער.

— און וואָס קומט מיר ארויס דערפון, אז איך בין אין דער היים, — האָט יאָסל אויסגעשריגן, — ווען די היים איז שוין קיין היים ניט, — און בא דעם ייִדן פילן זיך אָן די אויגן מיט טרערן, זיין בליק ווערט פארשווענקט אזוי, אז ער זעט פאר זיך קיין זאך ניט...

א גרויסער צאר האָט א ווייע געטאָן אף מארגוליסן פונעם וויינענדיקן ייִדן. ער האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר דאָ האָט זיך צווישן זיי אריינגעדרייט עפּעס א גליטשיק, פארדעכטיק פארשווינדל מיט באקנבארדן און מיט א ווייס זיידן שאלעכל אפן האלדז. ער איז אומגעגאנגען צווישן דעם אוילעם און מיט אן אויסגעצויגענעם קאָפּ פאָרויס, ווי א שלענגל, עפּעס געשנישטערט און געזוכט. און מארגוליס האָט זיך אָפּגעהאלטן פון ריידן. ווען דאָס פארשווינדל איז פארשוווּנדן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך א געפיל פון אומזיכערקייט אזוי, אז עס איז אויסגעקומען זיך ארומקוקן, איז ווידעראמאָל געוואָרן א שטופּעניש, ער האָט פארלוירן פונעם אויג סיי יאָסל פארבער, סיי זיין שוואָגער, און זאָגן עפּעס איז שוין געווען פארשפּאָרט.

## 3

דער שטראָם פון מענטשן האָט אים אונטערגעכאפּט און אוועקגעטראָגן מיט א בייזער קראַפט. ער האָט זיך אריינגעפּאקט אין דער סאמע געדיכטעניש פון האמוין, וואָס האָט גערוישט און געפּלייצט, ווי א פארפּלייצעניש. עס האָט אים האסטיק א דריי געגעבן ארום זיך, ווי א שיפל אָן א רודער, וואָס כאפּט זיך אריין אין א קעסלגרוב, אײנמאָל און נאָכאמאָל, און ארויסגעוואָרפן, ווי א שפּענדל, אף א צווייט אָרט, ווייט פון די מענטשן, מיט וועלכע ער איז פריִער געשטאנען.

א געזונטער יונג אין א לעדערנער אָפּגעבליאַקעוועטער קורטקע מיט א ווײַס נאָזטיכל אין קניפּלעך בא אַלע פיר זײַטן אָפּן קורץ געשוי־רענעם קאָפּ האָר איז געשווומען פארבײַ אים אויך א צונויפגעדריקטער פון אַלע זײַטן, אזוי אז ער אַלייך האָט פארשפּאַרט גיין, עס האָט אים שוין געטראָגן בעמיילע.

מארגוליסן האָט א זעץ געגעבן אין קאָפּ: א באַקאַנטער! ער האָט אים ערגעץ־ווו געזען, און ער האָט זיך טייקעף געלאָזט נאָך אים. נאָר אָפּשטעלן דעם באָכער איז אים ניט געלונגען. אָט, דוכט זיך, האָט ער אים שיר ניט אָנגענומען פארן אקסל, האָט זיך דער אוילעם א וואָרף געטאָן אין אן אנדער זײַט, און יענער איז פארשוואונדן.

מארגוליס האָט ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל טאָן: אַי אים האָט זיך זייער געוואָלט געפינען דעם באָכער, אַי אים האָט עפּעס ווי אָפּגעהאַלטן. און עפּשער, — האָט ער זיך א וואקל געטאָן, — איז אזוי בעסער, עפּ־שער איז גלײַכער, וואָס קיינער קען אים דאָ ניט. נאָר דאָ האָט זיך דער שטראָם פון מענטשן א דריי אויס געגעבן, און אומדערוואַרט פאר אים אַליין האָט ער זיך ווידער געטראָפן מיטן יונג פּאָנעם־על־פּאָנעם.

— וואַרט צו, כאַווער, — האָט אָשער געזאָגט, און זיי האָבן זיך איינער דעם אנדערן אָנגעקוקט. — אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד זײַט איר קיינמאָל ניט געוועזן?

אינעם באָכערס קאַרע אויגן האָט זיך עפּעס קוים באמערקבאַר א בײַט געגעבן, א סימען, ער האָט מארגוליסן אויך דערקענט. ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט ווויסנדיק.

— ניין, ניט געוועזן...

מארגוליס האָט א שמוך געטאָן מיט דער נאָז, ווי א מענטש, וואָס ווייסט, אז יענער לײַגט א ביסל, נאָר ער קאָן עס ניט דערווײַזן. ער האָט זייער געליטן דערפון, וואָס ער האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, ווו האָט ער יענעם געזען. ער האָט דאָך באַשלאָסן: „ניט איז ניט. עפּ־שער האָב איך א טאָעס געהאט“... און זיי זײַנען זיך פאנאנדערגעגאַנ־גען, יעדערער אין אן אנדער זײַט. מארגוליס האָט אָבער באמערקט, ווי, אוועקגייענדיק, האָט דער באָכער זיך עטלעכע מאָל אויסגעדרייט און

אים נאָכגעקוקט. און געבליבן איז ער בא זײַנס, אז ער קען דעם מענטשן, פונקט ווי יענער קען אים, אז ער האָט זיך מיט אים ערגעץ געטראָפן, נאָר ווו — דאָס האָט ער זיך בעשום־אופן ניט געקאָנט דערמאָנען. אזוי טאקע האָט ער פארגעדענקט דעם באָכער, פארגעדענקט, ווי יענער שווימט צווישן דעם אוילעם א געזונטער, ווי א דעמב, אין דער אָפּגעבליאקעװעטער לעדערנער קורטקע מיט דעם ווײַסן נאָזטי־כעלע אפן קאָפּ.

דער שטראָם האָט ווידער געבראכט מארגוליסן צום שטריק. ער האָט זיך געריסן פאר אים אָנגעכאפּט און איז געבליבן שטיין. באם וועג, ווו די פרויען זײַנען געשטאנען, איז געוואָרן א טומל. אין דער ערשטער רעגע האָט מארגוליס ניט געקאָנט פארשטיין, פונוואנען קומט דער דאָזיקער ראש. בא אים, מיט זײַן שוואכער ריִע, איז אויסגעקומען, ווי א קאָסער שלאקסרעגן וואָלט דורכגעשניטן די ווײַט און זיך גענומען דערנעענטערן צום לאגער. ערשט שפּעטער האָט ער באנומען, אז דאָס האָבן די פרויען זיך דורכגעריסן און א לאָז געטאָן צו די מענער. זיי האָבן גענומען קריכן אונטערן שטריק, שרײַען, רופן:

— וועלוול, וועלוול, ווו ביסטו?

— פּיניע, אָרלאנד!

— טאטע, טאטע!

דער ראש איז געוואקסן. אלע האָבן אף א רעגע פארגעסן, ווו זיי געפינען זיך. די פּענעמער האָבן זיך צעלויכטן. ס'האָט זיך אף א ווײַלע אָפּגעטאָן די מוירע. און ליכטיקער איז גאָר געוואָרן ארום, אויסגעלײַ־טערטער און פרישער.

עמעצער פון די מאנצבלען האָט אויסגעשריִען:

— קיין אײַנהאָרע, זעט נאָר, זעט. אן ארמיי א גאנצענע, — און פול מיט פרייד איז געווען זײַן שטימע. ער האָט זיך צעלאכט.

מע האָט זיך צעלייגט מיטן עסן אף דער ערד אינמיטן וועג, דאָ און דאָרט האָבן זיך געשאפן גרופּעס און גרופּקעלעך פון באקאנטע און אייגענע.

איינער א יונגערמאן האָט עסנדיק געפרעגט בא זײַן כאווער:

— הענעך, דײַנע איז נאָך ניט געקומען?

דער צווייטער האָט עפּעס געענטפערט. איבערן טומל האָט דער יונגערמאַן אָבער ניט דערהערט, וואָס יענער האָט אים געזאָגט, און ער האָט זיך ווידער צעשריִען אַף א קאָל מיט א פול מויל, קעדיי דער כאַ־ווער זײַנער, וואָס איז געשטאַנען באַם שטריק און אויסגעקוקט די אויגן אַף זײַן ווײַבל, זאָל אים דערהערן:

— נאַפּלעוואַט, הענעך! דו פאַל בא זיך ניט אראָפּ. זי וועט קומען. און, וואָאבשטשע, די וועלט איז נאָך ניט פארפאַלן. דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר?

— וואָס ווײַנסטו, נארעלע? — האָט געטײַנעט א דריטער צו זײַן ווײַב, וואָס האָט אָן אויפהער געווישט די טרערן. — דו הערסט דאָך, אַז די רויטע ארמיי איז שוין אָט־אָט... זיי וועלן אונדז האַלטן? וואָס וועלן זיי מיט אונדז טאָן, איך קרויט פארזאַלצן? מאַלע וואָס מע זאָגט. איך זע ניט, אַז מע זאָל גלאַט נעמען און שיסן מענטשן.

און ווידער זײַנען געגאַנגען פרויען, איינע נאָך דער אנדערער. טייל מיט גרעסערע קינדער, אנדערע — מיט אייפעלעך אַף די הענט. עס זײַנען דורכגעגאַנגען געזונטע מגידלעך. איינע פון זיי האָט פאַר־בײַגייענדיק אומגערן א שטויס געגעבן מארגוליסן אַזוי, אַז ער איז שיִר ניט אומגעפאַלן. מיט א שמייכל אין די גרויסע אויגן איז זי דורך פאַר־בײַ, ווי איינער זאָגט: „ליימענער גוילעם, זעסט דען ניט, אַז מע גייט"...

מארגוליס האָט זיך דערפילט איבעריק און זיך ווידער אוועקגעלאָזט איבערן לאַגער, איז אים אנטקעגן אַנגעקומען א יונגע פרוי מיט א קוישל אין דער האַנט, וועלכע איז אומגעגאַנגען און עמעצן געזוכט.

די פרוי איז געווען אַנגעטאָן אין א העל ליַוונטן קלייד אָן ארבל און אין סאַנדאַליעטן אַף באָרוועסע פיס. דאָס פּאָנעם — אײַנגעהילט אין אַן אָראַנזשעווען שאַל. ווען זי איז צוגעקומען נעענטער, האָט פון איר אַף מארגוליסן א ווייע געגעבן א שארפער רייעך פון רעפּועס.

אומגערן האָט ער פארהאַלטן אַף איר זײַן בליק לענגער, ווי אַף אנדערע. אין דער רעגע האָט זי אונטערגעהויבן די שאַל איבערן שטערן, און עס האָט א לײַכט געטאָן אַף אים א לויטער פּאָנעם מיט גרויסע

אויגן, ארומגערינגלטע מיט צארטער, מאטער געלבלעכקײַט. זייערע בליקן האָבן זיך באגעגנט. א ווײַלע האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט און זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען אין פארשיידענע זײַטן.

מארגוליס האָט זיך פארהאלטן לעבן א געזונטן, האָריקן ייִדן מיט אן אויסזען פון א באלעגאָלע אָדער א קאצעוו. ער איז געזעסן אָן א העמד, מיט א טאָפּ אינעם שויס און געריבן אף ביידע באקן. זײַן יונג און דאר ווײַבל האָט אים ניט געלאָזט ריידן קיין וואָרט.

— עס! עס! — האָט זי אים אונטערגעטריבן. — די קינדער זײַנען, קיין אײַנהאָרע, געזונט, און פון הונגער, כאָלילע, שטארבן מיר נאָך ניט. דו נעם זיך נאָר ניט צום הארצן. א ביסל מעל האָב איך, און פּאָטעקע האָבן די קינדער אָנגעשלעפּט פון זאוואָד, באקן מיר לאטקעס און שוין. דו זאָרג זיך ניט.

צו אן אנדערן האָט דאָס ווײַב געבראכט צו פירן א מיידעלע פון א יאָר דרײַ־פיר. און די פרייד באם פאָטער, בייס ער האָט דערזען דאָס קינד, איז געווען אזוי גרויס, אז ער האָט אינגאנצן פארגעסן אינעם עסן. ער האָט געהאלטן ארומגענומען מיט ביידע הענט דאָס ברעקל און עס געקושט. דאָס מיידעלע האָט זיך צוגעטוליעט מיט איר גאנצן גופל צום פאָטערס ברוסט און געגלעט אים און געהאָלובעט. דער פאָטער האָט עס ניט אויסגעהאלטן. ער האָט פארגראָבן דאָס פּאָנעם אין די פאלדן פון איר פארביק קליידעלע און זיך שטיל צעוויינט.

— טאטע, וואָס וויינסטו? — האָט דאָס קינד ניט געוואָלט פארליידן. — מע דארף ניט וויינען...

ארום האָט גערוישט אײַנגעהאלטן־שטיל, ווי בייס מע לייגט צו צום אויער א מויערקעפּל. צום טומל איז מען גיך געוווינט געוואָרן און מע האָט שוין פאריינס פארנומען דעם גערודער פון פארבײַפליִענדיקע עראָפּלאנען און דאָס הודען פון מאשינעס, וואָס האָבן זיך באוועגט מיטן טראקט.

אייניקע האָבן אויסגענוצט די מינוט, קעדיי זיך ארויסגאנווענען פונעם לאגער. מארגוליס האָט געזען, וויִאזוי פרויען האָבן ארומגעשטעלט איינעם א באָכער, און יענער האָט הינטער זייערע פּלייצעס זיך געגנו־

מען איבערטאָן אין ווײַבערשע קליידער. עמעץ האָט זיך געגאָלט אָפּ־דערגיך מיט א בישטיקע געבראכטן גאָלמעסער. אנדערע האָבן זיך אויס־געטאָן, קעדיי ארופציִען אף זיך א פריש פאָרל גרעט.

— ארום באָריסאָוו קומען פאָר פארביטערטע שלאכטן, — האָט מיט היספּײַלעס דערציילט א יונג ווײַבעלע. — אלע שפּיטאָלן זײַנען שוין פול מיט פארוווּנדעטע. ס'איז שוין ניטאָ גאָר, ווּהין זיי צו לייגן, די פאשיסטן.

א יונגערמאן האָט פאר פרייד געכאפּט אף די הענט דאָס ווײַבל, וואָס האָט דערציילט די נײַס, און זיך מיט איר אָנגעהויבן ארומדרייען. זי האָט זיך ארויסגעריסן פון זײַנע אָרעמס. „מעשוגענער, לאָז אָפּ! ווּעסט מיך דערשטיקן!" און איז אווּעקגעגאנגען, דערציילנדיק דאָס זעלבע יעדערן, וואָס האָט זיך איר געמאכט אין וועג.

מארגוליס האָט אָנגעיאָגט דאָס ווײַבל. ער האָט געוואָלט דערגיין בא איר, וואָס ווייסט זי עפּעס גענויער... יענע האָט זיך אים צעלאכט אין פּאָנעם ארײַן.

— מענטש איינער! כ'זאָג דאָך אײַך, אז זיי ווּעלן באלד ברעכן די קעפּ, — און איז אווּעק ווײַטער א טריִומפירנדיקע און א גליקלעכע.

מארגוליס איז געווען שטארק הונגעריק, און דערפון, וואָס ער האָט געזען, וויִאזוי אנדערע עסן, איז אים פול געוואָרן דאָס מויל מיט שפּײַעכץ און אונטערן לעפעלע האָט אָנגעהויבן אלץ מער צו זויגן. ער איז ארויסגעקומען צום ברעג טײַכל, ווּו עס איז געשטאנען א דײַטשי־שער פּאטרול און דעריבער איז דאָ געווען ווינציקער מענטשן, גענוי־מען זוכן אן אָרט, ווּו זיך אווּעקצוזעצן, קאָלזמאן מע האָט נאָך גע־מעגט זיצן.

פארבײַ איז דורכגעגאנגען די זעלבע פרוי אין דעם העלן לײַוונטע־נעם קלייד, וואָס ער האָט פריִער שוין געהאט באגעגנט. די אָראנזשע־ווע שאל האָט זי איצט געטראָגן אף די אקסל. דאָס עסן איז אין איר קוישל געווען ניט גערירט. זי האָט נאָך אלץ עמעצן געזוכט.

ס'איז געווען א פרוי פון א יאָר זעקס־זיבן און צוואנציק מיט א גלאט־פארקעמטן שווארצן קאָפּ האָר, די צעפּ אויסגעלייגט איבער די

אויערן. זי איז געווען שטארק צעטראָגן. איר קלאָר געזיכט — פאַר־פּאַליעט פון היץ. זי איז דורכגעגאנגען פאַרבײַ מארגוליסן, האָט ווידער אף אים א בליק געטאָן און איז ניט געסטײַעט. ערשט שפּעטער, ווען ער האָט זי שוין געהאט פאַרלאָרן פונעם אויג, איז זי אף א ווײַלע ווידער ארויסגעשווומען פונדערווײַטן, צווישן דעם האמויך, וואָס האָט זיך געפּו־נען אפן בארג־ארוף. ער האָט געזען, ווי זי האָט זיך אָנגעבויגן צו דער ערד און אויסגעשאָטן דעם זאמד פון א סאנדאליעט.

מארגוליסן איז באפאלן א מוירעדיקע שוואכקײַט, וואָס האָט אים געמאכט ציטערן הענט און פיס. ס'איז אפילע קיין כידעש ניט: אין מעשעך פון די לעצטע עטלעכע מעסלעס, זינט ער איז געלאָפן פון סלאָבימער לאגער, איז ער ניט געשלאָפן און קימאט גאָרנישט ניט געהאט אינעם מויל. דער קאָפּ האָט זיך אים פארדרייט. ער האָט אופ־געעפנט דאָס מויל און גענומען שלינגען די לופט, ווי א פיש, וואָס מע ווארפט ארויס אף דער טריקעניש. ער האָט זיך אויסגעצויגן אף דער ערד אין דער גאנצער לענג, זיך אײַנגעגראָבן מיטן פּאָנעם אינעם זאמד, זוכנדיק א קאָפּ פרישקײַט. נאָר דאָ האָט א ווייע געטאָן אף אים פונעם טײַכל מיט א זיסן, ווארעם־בלאָטיקן רייעך פון וואסער־גראָזן. עס האָט אים גענומען נודיען.

אין דער קורצער ווײַלע, וואָס ער איז נאָך געווען באם זינען, האָט מארגוליס באוויזן צו דערזען עטלעכע בעריאָזעס, וואָס זײַנען געוואקסן אף יענער זײַט טײַכל, אף א ווײַטן בערגל פון דער פאָרשטאָט. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז ער הערט, ווי קראָען שרײַען דאָרטן, זיך אומדרייענדיק איבער די ביימער. נאָכדעם איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן און אלץ איז פארשוווּנדן: אי דער לאגער מיט די מענטשן, אי די געלבלעך־פארצויגענע זון, אי די בעריאָזעס אף יענער זײַט טײַכל.

עס האָט אים אופגעוועקט א קאָל. עמעץ איז געשטאנען איבער אים און געטרייסלט פארן אקסל. מע האָט אים עפּעס ארײַנגעגאָסן צווישן פארקלעמטע ציין. ער האָט געטרונקען זשעדנע, ניט געקאָנט זיך אָנטרינקען. נאָר וואָס מע רעדט צו אים, האָט ער ניט פארנומען. די אויערן זײַנען אים געווען פארלייגט, ווי מיט וואטע.

— וואָס איז מיט אײַך? — האָט זיך דערטראָגן צו אים פונדערווײַטן.

— כ'ווייס ניט... ס'איז מיר עפּעס ניט גוט געוואָרן. טרינקען... גיט טרינקען...

דאָס קריגל, פון וועלכן ער האָט געטרונקען, איז גיך ליידיק געוואָרן. דאָס באָכערל, וואָס האָט אים אָפּגעמינטערט, האָט זיך געלאָזט צום טײַכל אָנשעפּן א ביסל וואסער. ער האָט שנעל אָנגענומען וואסער און איז ארוף אפן ברעג. האָט דאָס דערזען דער פּאטרול. ער האָט מיטן שטיוול דערלאנגט דעם יִינגל א זעץ אין בויך ארײַן און ארײַנגעשלײַדערט אינעם וואסער. דאָס קריגל איז ארויסגעפלויגן פון זײַנע הענט און האָט זיך צעבראָכן אף שטיקלעך.

דאָס באָכערל האָט געוואָלט ארויסשפּרינגען צוריק אפן ברעג. דער דײַטש האָט ניט געלאָזט. א קורצע ווײַלע איז צווישן זיי פאָרגעקומען א מין ביטערע שפּיל. איינער האָט זיך געמיט ארויס פונעם וואסער, און דער צווייטער האָט אים ארײַנגעוואָרפן צוריק.

ענדלעך איז דעם באָכער דאָך געלונגען ארויסצושפּרינגען אפן ברעג. ער האָט זיך געלאָזט לויפן. דער עסעסאָוועץ — נאָך אים, געכאפּט און אָנגעהויבן באנײַס שלאָגן. מארגוליס האָט זיך מיט גרויס מי אופגעהויבן און זיך אײַנגעשטעלט פארן יאט.

— לאָז אָפּ! דאָס האָב איך אים געשיקט נאָך וואסער. איך בין שולדיק.

דער דײַטש האָט אופגעהערט שלאָגן דאָס יִינגל און זיך אויסגעדרייט צו מארגוליסן. זיי האָבן זיך איינע די אנדערע אָנגעקוקט: מארגוליס — א בלאסער, א פארוואקסענער, א שענערן לייגט מען אין קייווער ארײַן; דער דײַטש מיטן גומי־שטעקן אין האנט, א בייזער און מעוווּלוועלער פון דעם יִידנס פרעכהײַט. ער איז אָפּגעטראָטן עטלעכע שפּאן אף הינטן און לאנגזאם אראָפּגענומען פון זיך דעם אווטאָמאט.

ווי א מענטש, וואָס נעמט אף זיך ארוף אן אומגעהייערע לאסט, האָט מארגוליס שווער א טראָט געגעבן אף צוריק און זיך אויסגעדרייט אוועקצוגיין. ניט ווײַט פון אים איז געשטאנען די פרוי אין דעם לײַוונטענעם קלייד מיטן קוישל אין האנט; זי האָט כמורנע געקוקט אפן

סאָלדאט. דראָענדיק מיט דער ביקס, האָט ער געשריִען, מע זאָל זיך צעגיין פונעם ברעג.

— שוין זשע וועט אַמאָל אויך זייער בלוט ניט אָפּגעצאַפּט ווערן, ווי זיי צאַפּן איצט אונדזערס? — האָט זי שטיל, ווי פאַר זיך, געפרעגט.

אַרויף־באַרג, וווּ עס האָט זיך פאַרזאַמלט דער גרעסטער טייל מענטשן, איז ווידער טומלדיק געוואָרן. פון דאָרטן האָט מען גענומען טרײַבן די פרויען.

— גייט אַוועק! — האָט מאַרגוליס זיך אָנגערופן צו דער פרוי. — דער גאַזלען קאָן צו אײַך אויסלאָזן זײַן קאַס.

— כ׳האָב געבראַכט עסן מײַנעם א שוואָגער, — האָט זי זיך אָפּ־גערופן. — נעכטן, זאָגט מען, האָט מען אים דאָ געזען. נאָר הײַנט גע־פין איך אים שוין ניט. טאָ נעמט און עסט.

די פרוי האָט זיך שנעל אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, אײַליק צעעפנט דאָס קוישל, אַרויסגענומען ברויט. זי האָט געוואָלט אויך דערלאַנגען וואָס־ניט־איז פון געקעכטס. נאָר ס׳איז שוין געווען שפּעט. דער דײַטש האָט זי אַוועקגעטריבן.

מאַרגוליס האָט צו איר אויסגעשטרעקט דאָס איבערגעלאָזטע קוישל מיטן עסן. נאָר זי האָט בלויז א מאַך געטאָן צו אים פונדערווײַטן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „גרעסערס האָבן מיר אין אונדזער לעבן פאַרלאָרן״, און איז פאַרשוווּנדן.

און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן א שטופּעניש. און ווידער איז גע־וואָרן א געהענעם. אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן פונדאָסנײַ.

## קאַפּיטל צוויי

### 1

צוזאַמען מיט די פֿרויען, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פֿונעם לאַגער, איז אויך געגאַנגען סימע אווערבוך, די זעלבע, וואָס האָט געזוכט איר שוואָגער און, ניט געפֿינענדיק אים דאָרטן, איבערגעלאָזט דאָס עסן מאַרגוליסן...

זי איז געגאַנגען גיך און, אַ צעהיצטע פֿונעם גאַנג, געפֿילט, ווי אין איר ברענט אַ בייז פֿײַער. זי האָט זיך אַליין געוווּנדערט: וואָס, אַשטייגער, טרײַבט עס זי אַזוי? וואָס יאָגט זי, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט ערגעץ צו פֿאַרשפּעטיקן? וואָס, מישטיינסגעזאָגט, קאָן זי שוין פֿאַרשפּעטיקן? אָנזאָגן דער מאַמען די „שיינע" בסורע, אַז פֿראָים איז אין לאַגער ניטאָ? אַז מע האָט אים שוין ערגעץ אוועקגעטריבן, אויב ער לעבט נאָך בכלל? און דאָך האָט זי אַלץ געיאָגט ווײַטער און ווײַטער.

וואָס נענטער ס'איז געוואָרן די כאָרעווע שטאָט, וואָס בוילעטער די רויִנען, וועלכע האָבן אַראָפּגעקוקט פֿון אַ ווײַטן באַרג־אַראָפּ מיט פֿאַרייכערטע ווענט און לעכער אָנשטאָט פֿענצטער, אַלץ האַסטיקער און געשווינדער איז געוואָרן איר גאַנג, צאָרנדיקער — זי אַליין. דער לאַגער מיט די פֿאַרוואַקסענע און אויסגעכוישעכטע מענער איז איר ניט אַרויס פֿונעם זינען. איר ווייטעק און צאַר איז אַלץ געשטיגן, פֿאַרפֿלייצט דאָס האַרץ.

אין דער פֿאַראַקשנטקײַט, מיט וועלכער זי האָט אָפּסנײַ אײַנגעדעקט דאָס פּאָנעם מיט דער שאַל, אַז מע זאָל עס ניט זען, אין איר האַסטיקן דריבנעם גאַנג פֿון אַ פֿרוי, וואָס טראָגט אַ צו שמאָל קלייד, אין יעדער באַוועגונג אירער האָט זיך געפֿילט אַ שטרענגע און ניט אויסגענוצטע קראַפֿט, וואָס ווען מע ווענדט זי נאָר אָן ווי עס קער צו זײַן, איז זי בעקויעך איבערצוקערן בערג.

דערווײַל אָבער איז סימע געווען אזוי דערשלאָגן, אז זי האָט ניט נאָר נישט געטראַכט וועגן „איבערקערן בערג", זי האָט ניט געוווּסט, וויאזוי לעבט מען איצט בכלל. איר איז געווען אזוי שווער אפן האַרצן, אז ווען עס איז צו זיי אין שטוב אַרײַנגעקומען א שכיינע און דערציילט, אז זי האָט געזען פּראָזימען אין לאַגער, האָט זי גאָר ניט געוואָלט גיין ערגעץ. ניט מער, די מוטער איז צוגעשטאַנען צו איר: „גיי" און „גיי". „ווער וועט צו אים גיין, אויב ניט דו? עסטער איז דאָך ניטאָ". יענע איז אַוועק פון שטאָט, ווען אַרום האָט געגומען ברענען, און ביז איצטער האָט מען ניט געוווּסט, וווּהין זי איז אַהינגעקומען. און ניט פאָלגן די מאַמען האָט זי ניט געקאָנט, כאָטש עס איז איר אומפאַרשטענדלעך געווען, וויאזוי קומט פּראָזים אין לאַגער, צווישן דעם ציווילן אוילעם, בײַס, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מילכאָמע, איז ער געווען אין אַרמיי, ערגעץ אַרום באַראַנאָוויטש.

עס האָט איר אויסגעזען נאַריש איר ווילדע זשעדנעקײַט נאָך ביל־דונג, איר אַסקעטישע גרייטקײַט אָפּצוזאָגן זיך פון אַלץ, אויב דאָס האָט ניט געהאַט קיין שײַכעס צום לערנען.

אירע כאַווערטעס האָבן כאַסענע געהאַט, פיל פון זיי — קינדער געבוירן. אַפילע איר ייִנגערע שוועסטער עסטער איז איר אויך פאַרלאָפן דעם וועג, און זי... זי האָט געלאַכט, ווען עס איז אַמאָל געקומען צו רייד, פאַרוואָס זי האָט ניט כאַסענע. זי האָט צײַט. זי וועט נאָך באַווײַזן פאַרדרייען זיך דעם קאָפּ. עס שטייט איר נאָך פאָר א גרויס לעבן. זי דאַרף פריִער ענדיקן אַף דאָקטער, און דערנאָך וועט מען זען...

און אָט האָט זי שוין פאַרענדיקט... זי איז א דאָקטערן. נאָר וואָס פאַר א זין האָט עס איצט? ווער דאַרף זי האָבן מיט אירע קענטעניש ן?

באַם אַרײַנגאַנג אין שטאָט, ווו האַלב־פאַרשאָטענע רעלסן פונעם טראַמוויי האָבן געמאַכט א קרײַז, זײַנען אומגעגאַנגען פּאַטרולן אין שטאָלענע קאַסקעס, מיט אויטאָמאַטן אַף דער ברוסט, און אָנגעוויזן, וויאזוי אַרײַנצופאָרן אין שטאָט דורך דעם לאַבירינט פון כאָרעווע גאַסן. דערזען די פרויען גיין פונעם לאַגער, האָבן די סאָלדאַטן גענומען זיי אַראָפּטרײַבן פון די טראָטואַרן, זיי זאָלן גיין מיטן ברוק, וויאזוי ייִדן

דארפֿן גיין. סימע האָט ניט פֿארהאלטן דעם טראַט. ס׳איז בלויז אין איר אַלץ אַנגעצויגן געוואָרן.

עס האָט זיי אָנגעיאָגט א וואלקע מיט פֿורן. אופֿגעלייגט און בארוט, ווי פֿויערים, וואָס קערן זיך אום אהיים נאָך א טאָג ארבעט אין פֿעלד, זיַינען אף די פֿורן געזעסן זעלנער, האלטנדיק ס׳געווער אפֿן שויס. שאָקלענדיק מיט די קעפּ, זיַינען פֿאמעלעך געגאנגען די פֿערד מיט קורץ־געשוירענע ווייַדלען און בערשטלעך בא די טלאָען. מעיושעוודיק און געמיטלעך האָבן געשמועסט צווישן זיך די דייַטשן. זיי האָבן וויַיט ניט אויסגעזען ווי מענטשן, וועלכע דער גורל האָט פֿארוואָרפֿן אין דער פֿרעמד און עס דארף דויערן א צייַט, ביז מע וועט זיך צופֿאסן צום ארום און צו די איַינוווינער. די סאָלדאטן זיַינען געווען ווי בא זיך אין דער היים, בא א געוווינטער ארבעט. די דאָזיקע רויִקייַט זייערע איז געווען אומדערטרעגלעך. בלויז דער געדאנק וועגן דעם, אף וואָס אזוינע־אָ זיַינען פֿייִק, האָט ארויסגערופֿן א הארצקלעמעניש. פֿאר סימעס אויגן האָט ווידער אופֿגעלעבט דער מענער־לאגער, און זי האָט זיך אליין געפֿרעגט: שוין זשע קאָן מען דאָס אַלץ צוזען און שוויַיגן? שוין זשע איז אינגאנצן פֿארלאָרן געוואָרן די מאָס פֿון גוטס און שלעכטס?

ניט וויַיט פֿון דעם הייוון־זאוואָד, אונטער די שטארק צעצוויַיגטע ווערבעס באם בריקל, וואָס האָט געפֿירט איבערן טייַכל, איז געלעגן א כאָפּטע פֿאשיסטן. אופֿגעלייגט און צופֿרידן דערמיט, וואָס זיי גייט „אימער גוט“, זיַינען זיי געלעגן האלב־נאקעטע אף אן אונטערגע־שפּרייטער פּלאשטש־פּאלאטקע, געגומען צוביסלעך שנאפּס און זיך פֿארוויַילט — געשאָסן פֿון די פּיסטאָלעטן אין די שויבן פֿון די אנט־קעגנדיקע היַיזער, געזונגען ביז הייזעריק ווערן. דערזען סימען, איז זיי געפֿעלן געוואָרן איר שלאנקע פֿיגור, איר וויַיבלעך, קורץ געגנגלט. זיי האָבן זי אָנגעהויבן רופֿן זיך אויף גיין לייגן מיט זיי. שטייף איַינ־געהילט אין דער שאל איז סימע לאנגזאם פֿארבייַגעגאנגען, ווי מע גייט מיט א שמאָל בריקל איבער אן אָפּגרונט...

ענדלעך איז זי צוגעקומען צו אַ שכייניש דורכגאַנגס־הויף, וואָס האָט געפירט צו זייער געסל, און האָט זיך שנעל אַרײַנגעכאַפּט אַהין...

זי האָט זייער ניט געוואָלט, אַז עמעצער זאָל זי דערזען און פרעגן, פונוואַנען זי קומט. זי איז איצט ניט אימשטאַנד געווען צו ענט־פערן אויף קיין שום פראַגעס. בײַ די שכיינים, די רודאָוויטשעס, איז גראָד די באַלעבאָסטע געווען אין גאָרטן. רודאָוויטש אַליין האָט אַרויס־געקוקט דורכן פענצטער. און מוירע האָבנדיק, אַז מע זאָל זי ניט בײַ־מערקן, האָט סימע זיך שנעל דורכגעשלײַכט פאַרבײַ.

## 2

אין שטוב איז געווען שטיל, ווי נאָך אַ לעווײַע. בײַ דער קאַרגער שײַן, וואָס האָט אַרײַנגעלויכטן דורך אַ שפּעלטיקל פון ניט גוט צו־געמאַכטע לאָדן, האָט סימע אויסגעטאָן די סאַנדאַליעטן, און זיי זײַנען מיט אַ קלאַפּ, איינער נאָכן אַנדערן, אַראָפּגעפאַלן אויפן דיל; אוועקשטעלן זיי אויף אָן אָרט האָט איר קיין קויעך ניט געקלעקט. עס איז ניט געווען קיין קויעך און קיין ווילן אַ ריר צו טאָן מיט אָן איי־ווער... אינעם צווייטן צימער האָט זיך צעסקריפּעט אַ בעט. דורך דער האַלב־צוגעמאַכטער טיר האָט זיך דערהערט:

— טאָכטער, דאָס ביסטו?

סימע האָט ניט געענטפערט. שאָפלדיק־מיד איז זי געזעסן אויפן ווייכן, נידעריקן דיוואַן, דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף דער האַנט, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן ברעג טיש.

זקייניש שאַרנדיק מיט די פיס, קעדיי אָנצוטאַפּן אין דער טונקלע־ניש די פּאַנטאָפל אונטערן בעט, האָט זיך די אַלטע אויפגעהויבן און איז אַרויס פונעם אַלקער. זי האָט אָפּגעעפנט אַ האַלבע לאָד, אין צי־מער איז געוואָרן ליכטיקער.

— נו, האָסט געזען פראָימען? וואָס מאַכט ער?

סימע האָט זיך עטוואָס אויסגעגלײַכט און מיט אַ מידער באַווע־

גונג פון דער האַנט אָנגעהויבן אויסטאָן פון זיך די שאַל. די שאַל האָט זיך געצויגן און געצויגן. דער עק אירער איז נאָך אַלץ געלעגן אויף איר אַקסל.

— הערסט ניט, וואָס איך רייד צו דיר? וואָס שווייַגסטו?

— פּראָיִם איז אין לאַגער ניטאָ.

— וואָס הייסט ניטאָ? מענטשן האָבן דאָך אים דאָרטן געזען...—

און די אַלטע האָט זיך צעוויינט. — ער איז ניטאָ. עסטער איז אוועקגעגאַנגען און פאַרפאַלן געוואָרן. פון איסערס מישפּאָכע הערט מען אויך גאָרניט. צעשלייַדערט און צעוואָרפן זייַנען אַלע געוואָרן, ניט אויפצוזוכן גאָר קיינעם... ריבוינעשעלוילעם, ליבער גאָט, פאַרוואָס שטראָפסטו אונדז אַזוי? מיט וואָס האָבן מיר זיך אַזוי פאַרזינדיקט?

סימע האָט אַפּגיך צוריק אָנגעטאָן די סאַנדאַליעטן. זי האָט ניט געקאָנט פאַרלייַדן דער מוטערס געיאָמער. עס האָט געדוכט, אַז זי וועט זיך באַלד אָנכאַפּן מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ און אַ ווילד געשריי וועט פאַרהילכן די שטוב. ניט וויסנדיק, ווו זיך אַהינצוטאָן, האָט זי זיך ווי אַ בלינדע אוועקגעדרייט איבער די צימערן. ס'איז דושנע געווען. זי האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו עטעמען.

אין שטוב איז געווען, ווי אַפּן האַרצן, אָנגעוואָרפן און אָנגעשלייַדערט, און סימע איז שטיין געבליבן. טאַטעלעך מייַנע! ווי ענג ס'איז געוואָרן דאָס לעבן, זי קאָן זיך גאָר קיין אָרט ניט געפינען. די בעטן זייַנען ניט פאַרבעט. אין אַלע ווינקעלעך וואַלגערט זיך שוכווארג און קיילים. אַ וועלט מיט קיילים. פריִער האָט מען זיי גאָר קיינמאָל ניט געזען, און איצט האָבן זיי אָנגעהויבן לעבן אַ זעלבשטענדיק העפקער־לעבן, פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס, קומען אנטקעגן דאָרט, ווו מע קאָן זיי אַמווייניקסטן דערוואַרטן. וויפל וועלאָסיפּעדן איז בא זיי געווען? דוכט זיך, איינער. און רעדער און טיילן — אַ וועלט. איין ראָד אויף דער שאַפע, אַ צווייטע — אונטערן טיש. קלאַמערן, פּאָמפּעס, ספּיצעס וואַלגערן זיך, ווו נאָר מע גייט זיך אַ קער.

זי האָט ניט געקאָנט פאַרלייַדן דעם כורבן אין שטוב, ווו אַלעמאָל איז געווען אַזוי ציכטיק און ריין, געפּרוווט עטוואָס צוראַמען, נאָר

די הענט האָבן זיך ניט געהויבן, און אַלץ איז איר געוואָרן דערווידער. סאָפּקאָלסאָף האָט זי אַ שלײַדער געטאָן פֿון זיך איין שמאַטע, אַ צווייטע און זיך באַנײַס אוועקגעזעצט. זי האָט אַרײַנגענומען דעם קאָפּ איןביידע הענט און איז געבליבן פאַרשטאַרט.

די אַלטע האָט אַלץ געוויינט.

— הער אויף, מאַמע, — האָט סימע געבעטן. — דו טראַכסט נאָר וועגן דײַן אומגליק און ווילסט ניט וויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט... — און נאָך שטילער, מיט אַן אָנגעבראָכענער שטימע געפֿרעגט: — ס'איז קיינער ניט געווען? קיינער האָט זיך אויף מיר ניט נאָכגעפֿרעגט?

— קיינער, דוכט זיך, ניט... מישקע איז נאָר געווען. ער איז אַרײַנגעלאָפֿן, ווי אַ ווינט, האָט זיך דורכגעדרייט און איז ווידער פֿאַרשוווּנדן.

— און איך האָב געצײַלט, בין געלאָפֿן. עס דוכט זיך מיר אַלץ אויס, אַז עמעץ וואַרט אויף מיר, אַז עמעץ דאַרף מיך נייטיק האָבן.

סימע האָט שווער אָפּגעעטעמט:

— און וווּהין איז מישקע אוועק? וואָס זיצט ער ניט אײַן אין שטוב?

— ווער ווייסט אים. לויפֿט אום דורכן טאָג מיט קאַלקען. האָסט זיך געדאַרפֿט מיט אים דורכריידן. זאָל ער אויפֿהערן צו שלעפּן אַלץ אין שטוב.

— וואָס שלעפּט ער?

— דאָ האָט ער געבראַכט אַרבעס. דאָ — אַ שקאַרמיץ מיט לאָקשן. ווו נעמט ער עס אַלץ? איך דאַרף ניט קיין פֿרעמדס...

— ווער בעט אים.

— איך זאָג אים: „מישקע, הער אויף!“ פֿאַלגט ער מיך דען? „און עסן, — זאָגט ער, — דאַרפֿסטו ניט? ביסט אַ מאַלעך? וועסט גיין אין קראָם און קויפֿן? סײַווי־סײַ וועט מען עס צעשלעפּן. ניט איך, איז אַן אַנדערער. אַלץ גלײַכער, איידער דאָס זאָל אָנקומען די פֿאַשיסטן“.

— זאָלן זיי זיך ווארגן דערמיט...

— אָט דאָס זאָג איך דאָך אים אויך. פאָלגט ער מיך דען? אָט־אָ, הערסט? ער האָט שוין ווידער, מיסטאמע, עפּעס געבראכט. עס האָט אונדז נאָך געפעלט מישקע. איך וועל שטאַרבן פון אים...

פון פירהויז האָט זיך דערטראָגן א קלאפּעריַי. סימע האָט געוואַרט, אַז עס זאָל זיך עפענען די טיר און מישקע זאָל אַרײַנקומען. זי וואָלט צו אים אויסגעלאָזט אַלץ, וואָס איז איר איצט געווען אויפן האַרצן. נאָר קיינער האָט זיך ניט באוויזן. אָנשטאָט דעם האָט זיך דערהערט, ווי עמעץ קלעטערט אויפן בוידעם, דראַפּעט די טיר מיט די פיס און קלאַפּט מיט דער קליאַמקע. זי האָט זיך אויפגעהויבן א קוק געבן, וואָס דאָרט קומט פאָר. „צום גאַנצן רומל האָט איצט נאָר אויסגעפעלט דאָס יינגל“, — האָט אויך סימע אומצופרידן א טראַכט געטאָן.

מישקע האָט געלעבט מיט זײַנע עלטערן אין א דאָרף לעבן לאַהויסק. ער איז אָבער גאַנץ אָפט אויך פריִער געווען א גאַסט בא דער באָבען, מע קאָן אפילע זאָגן — א צו אָפטער גאַסט. ס'איז בא אים רעכט געווען אינמיטן לערניאָר וואַרפן די שול און אַראָפּכאַפּן זיך אויף א טאָג, אויף צוויי צו דער באָבען. וואָסי, עס איז געגאַנגען א מאַשין פון עמעטעס נאָך טיילן אין שטאָט, האָט ער באַשטימט זיך אויך דורכפאָרן, ער האָט זיך פאַרבענקט נאָך דער באָבען. ער האָט דאָ א כאַווער קאָלקע. און בכלל — עס איז אים ניט געפעלן אין דאָרף לעבן לאַהויסק. ס'איז אים דאָרטן אומעטיק. און דאָ איז א ראַשיקע שטאָט מיט טראַמוויַיען, מיט אן אָזערע, מיט א סטאַדיאָן — א ראַכוועס א גאַנצע... „סטײַטש, מישקע, — פלעגט ווערן אַמאָל א רייד מיט אים, — ווי וואַרפט מען עס אַוועק אינמיטנדערינען דאָס לערנען און מע פאָרט זיך הײַטען? וואָס איז עס פאַר א מין העפקיירעס?“ נאָר רייד צו אים און רייד צו דער וואַנט. מישקע שווײַגט. ער קנייטשט דעם שטערן, פינטלט מיט די געלבלעכע וויִעס און שווײַגט. ס'האָט ניט געהאָלפן אפילע דאָס, וואָס אָפט האָט זיך צו אים אויף דער הייסער מינוט צוגעכאַפּט זײַן פאָטער, איסער אַליין, א שלאָסער פון עמעטעס, און אים פײַן אַרײַנגעטיילט, אַזוי אַז ער האָט געמעגט פאַרזאָגן א צענטן.

מיט עטלעכע טעג צוריק איז מישקע אַרײַנגעפאַלן באַנײַס אַמאָל

צו דער באָבען אין שטוב. דאָס מאָל האָט מען אים אָבער ניט געקאָנט דערקענען, אזוי איז ער געווען פארענדערט. ווו זײַנען אהינגעקומען זײַנע שמאדשטיק, זײַנע שטיפערײַען, די שטענדיקע שפיצלעך? געקו־מען איז ער דאָס מאָל א שווארצער און שווײַגנדיקער, מיט פאר־שמאכטע און איבערגעטריקנטע ליפּן, מיט פּיס, ביז בלוט אָנגעריבענע פונעם לאנגן גיין אזש פון הינטער זעמבין ערגעץ.

מע האָט בא אים ניט געקאָנט דערגיין קיין טאָלק, וווהין זײַנען זיי געלאָפן און ווו זײַנען אהינגעקומען זײַנע עלטערן.

— מישענקע, ווו האָסטו איבערגעלאָזט טאטע־מאמע?

ער שווײַגט.

— עפּשער האָט מען זיי דערהארגעט אין וועג? זאָג, לאָמיר וויסן...

ס'העלפט אָבער קיין רייד ניט. ער איז געזעסן, געטאפּט מיט ביידע הענט דעם גראָבן פינגער פונעם פוס, וואָס האָט אים אָנגעריסן, און ניט אופגעהויבן דעם קאָפּ.

ווען מע איז צו אים צוגעשטאנען: „זאָג אָבער פאָרט עפּעס. צי איז כאָטש פאראן אף וועמען צו ווארטן, צי ניין? ביסט דאָך א קלוג יינגל. וואָס דארפסטו אָנטאָן צאָרעס דער באָבען?" איז ער ארויס־געלאָפן אין דרויסן, האָט זיך פארקליבן הינטער דער שטוב, ווו אדהײַעם איז נאָך געשטאנען דעם זיידנס א צעפוילטער און צעבראָכע־נער שליטן, — א ירושע פון דויר־דוירעס באלעגאָלעס. ווען סימע איז ארויסגעקומען אים ארײַנרופן אין שטוב, האָט זי אים געטראָפן א פארוויינטן זיצן אפן שליטן. ער האָט לאנג אין שטוב ניט געוואָלט גיין.

אף יענער זײַט טיר האָט ווידער אָנגעהויבן קלאפּן.

— רייד זיך כאָטש דורך מיט אים, — האָט די אלטע געבעטן, — אניט וועל איך פונעם זינען אראָפּ...

אין פּירהויז איז שוין אָבער קיינער ניט געווען. אפן דיל האָבן זיך בלויז געוואלגערט שטיקלעך פּאפּיר, אויסגעשמירטע אין עפּעס פעטס. דערזען האָט סימע דאָס יינגל ערשט שפּעטער, ווען ער האָט גענומען

אַראָפּקלעטערן פונעם בוידעם און ניט באמערקט, אז אונטן איז עמעץ פאַראַן.

— וואָס טראָגט דיך אַרום, זאָג מיר? — האָט סימע געפרעגט דאָס שרעטל, העלפנדיק אים געפינען מיטן פוס די פלאַנקע פון טיר. ער איז לייכט אַראָפּגעשפּרונגען, אופהייבנדיק אַרום זיך א וואָלקן שטויב.

מישקע האָט ניט באַלד געפונען וואָס צו ענטפערן, ווי מע וואָלט אים געפּאַקט בא עפּעס א טרייף שטיקל אַרבעט. זוכנדיק א טערעץ, האָט ער עטלעכע מאָל אין פאַרלעגנהייט א פּאַך געגעבן מיט די לאַנגע, העלע וויִעס. ס׳איז אים דאָך ניט אינגאַנצן געלונגען צולעשן דעם פרייִלעכן גלאַנץ, וואָס האָט געברענט אין זיינע קעצישע אויגן. זיין געל קלייִענדיק פּענעמל, א ראַבס, ווי אַן איי פון א פויגל, איז געווען צעהיצט און פאַרשמייעט, דאָס נעזל — אין עפּעס אויסגעשמירט, ער האָט, קאָנטיק, זייער קיין צייט ניט געהאַט. מע האָט געזען, ער רייסט זיך ווידער ערגעץ אַנטלויפן.

נאָר אָט האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן די ערשטע צעטומלטקייט. ער האָט זיך אָנגעכמורעט.

— מע טאָר גאָר ניט אַרויסגיין פון שטוב. זיץ און זיץ דאָ, ווי א פאַרשאָלטענער... — און אפן פּענעמל האָט זיך אים אויסגעלייגט די אומשולד אַליין. וואָס טראַכט מען גאָר אף אים אויס? ער איז גאָר גאָט די נעשאָמע שולדיק...

— מישקע, דאָ איז ניטאָ דער טאַטע, וואָס זאָל נאָך דיר נאָכגיין. פאַרגעס ניט, אין וואָס פאַר א צייט מיר לעבן איצט. הער אוף אומצו־לויפן!..

— וואָלסט אַליין בעסער ווינציקער אומגעלאָפן. דער פעטער יוינע האָט דיך געזוכט, און דו דרייסט זיך אַרום. זי גייט אום זוכן פראַזימען! א נאַר וועט ער זיין, בלייבן בא די דייטשן. ער רייסט פון זיי ערגעץ שטיקער אפן פראָנט.

סימע האָט פאַרכידעשט א קוק געגעבן אפן יינגל.

— פאַרוואָס האָט מיר די באָבע ניט געזאָגט, אז דער פעטער יוינע איז געווען?

— זי געדענקט דען עפּעס? אַז ראַק זי זיצט און וויינט. ער איז, דוכט זיך, גאָר אין שטוב ניט אַריַין, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דו ביסט ניטאָ. ער האָט געבעטן, זאָלסט גיכער נעמען רעפּוּעס און אינ־סטרומענטן און קומען צו גיין צו ריוּוקען...

— צו ריוּוקען? ניט שוין זשע... — סימע האָט זיך פאַרטראַכט. מיט קיין קימפּעטאָרן האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן.

— מישקע, טראַכסט ניט אויס?

יענער האָט אַף איר בייז אַ קוק געטאָן.

— נו, גוט, — האָט זי געזאָגט, פילנדיק, אַז מישקע וויל פון איר וואָס גיכער פּאָטער ווערן. — איך וועל גיין צום פּעטער. נאָר טאָמער וועט זיך אַרויסוויַיזן, אַז דו נאַרסט מיך אָפּ... געדענק!

מישקע האָט איר גאָרנישט ניט געענטפערט. ער איז שוין געווען אַף יענער זיַיט טיר.

### 3

פון קינדוויַיז אָן האָט סימע געדענקט דעם פּעטער יוינעס שטע־כיקע, קיינמאָל ווי עס קער צו זיַין ניט אָפּגעגאָלטע באָרד און דעם שאַרפן רייעך פון מאַכאָרקע, וואָס ער האָט גערייכערט ציגאַר נאָך ציגאַר.

דער פּעטער יוינע איז געווען אַ פּראָסטער מענטש, געלעבט האָט ער באַשיידן, מיט קיינעם קיינמאָל ניט געפירט קיין באַזונדערע פריַינ־טשאַפט און איז אַפילו מיט די אייגענע קרוויוים אויך געווען אָפּגע־האַלטן — טרוקנדלעך און פרעמדלעך. יאָמטעוו פלעגט ער שטילער־הייט, אָן צערעמאָניעס, קומען צו גיין צוגאַסט צו דער שוועסטער, שוויַיגנדיקערהייט אויסטרינקען אַ זודיקע גלאָז טיי, וואָס האָט געמוזט זיַין אַזוי הייס, אַז עס זאָל בריִען דעם גומען, און ווידער שטיל און ווידער שוויַיגנדיק, אָן אַ „זיַי־געזונט״, אוועקגיין, זיך ניט באַוויַיזן נאָכ־דעם אַפּסניַי כאַדאָשימלאַנג. פאַרוואָס האָבן אים די קינדער ליב געהאַט,

כאַטש ער האָט זיך מיט אַלעמען שטרענג אופגעפירט און קיינמאָל קיינעם קיין קוש ניט געגעבן, סײַדן בלויז אין זעלטענע פאַלן אַרײַנגענומען עמעצן פון זיי צווישן די קני און א קלעם געטאָן אזוי מיט די געזונטע יאַדאַיִם, אז מע האָט געקאָנט כאַלעשן אונטער זײַנע הענט; וואָס האָבן זיי אזוינס געפונען אין אים, וואָס זיי פלעגן קלעפּן ארום אים און עס פלעגט בא זיי ווערן א סימכע, אז דער פעטער איז אמאָל געקומען צו גיין, — דאָס האָט אדהײַעם סימע ניט געוווסט. זי האָט אים טאָמיד געדענקט גיין אָנגעטאָן אין שווארצן, א גלײַכן און געזונטן, מיט פארדרייטע וואָנצעס און מיט פּאָסטעמקעס פון אזא איינעם, וואָס איז א סאך יאָרן אָפּגעווען א יאָוון באם קייסער און האָט פון דאן אָן אף אייביק אײַנגעהיט סײַ דעם שטעל און סײַ דאָס ארט ריידן פון א סאָלדאט.

דאָס איז געווען איינער פון יענע האָרעפּאשניקעס — באַלמעלאָכעס, באַלעגאָלעס און קאצאָווים, וואָס האָבן געשעמט מיט זייער אויסערגעווײנלעכן קויעך און געוואגטקײַט. געווען זײַנען זיי אָפט ניט איבעריקס גראמעטנע, טיילמאָל ניט געקענט אפילע ווי געהעריק איז זיך אונטערכאסמענען, אָבער אין עפּעס אן אייס־צאָרע, בייס מע האָט געדארפט, האָבן די דאָזיקע יידן געקענט מיט א פלאָקן, מיט א האָלאָבליע אין האנט גיין פלעטן כוליגאנישע קעפּ.

דער פעטער יוינע איז געווען ניט זייער קיין הויכער אָדער ברייטפלייציקער. גראָד ניט. אויסערלעך האָט ער זיך מיט קיין שום זאך ניט געוואָרפן אין די אויגן. ער איז אָבער געווען, ווי מע זאָגט, אויסגעקנאָטן פון איין שטיק, שטארק, ווי אײַזן. האָט ער ארײַנגענומען עמעצנס א האנט, האָט זיך יענער צוגעזעצט צו דער ערד. ער האָט געקאָנט ארופנעמען אף זיך א צוועלפפודיקן נאסן פאק מיט רויע פעלן און ניט געײַלט ארײַנטראָגן אין צעך. און האָט אמאָל א שאָכן געדארפט שעכטן עפּעס, איז עס ניט אויסגעקומען אָן זײַן הילף. בא אים איז עס צוגעגאנגען, ווי א מיזמער. האָט ער אָנגענומען דאָס ביקל אָדער די בעהיימע פאר די הערנער, האָבן זיי באלד געגעבן א פאַל אנידער אף דער ערד מיט א טויבן היכץ פון בויך ארויס, קוקנ־

דיק אַף אים מיט צאַר אין די אויגן. אַז עס איז אַמאָל געקומען צו רייד מיט אים וועגן זײַן קויעד, ווי קומט עס צו אַזאַ קאַפּצן, ווי ער, אַזאַ מין גווורע, פּלעגט ער, ניט אַרויסלאָזנדיק דערבײַ דעם ציגאַר מאַכאָרקע פונעם מויל, אַ זאָג געבן:

— פון בולבע. עסט מער בולבע, וועט איר אויך זײַן געזונט...

איצט איז יוינע, שוין אַ ייִד אין די זעכציקער, געשטאַנען באַם פּלויט פון זײַן הויפּל, וואָס האָט זיך געפונען אַף דער אַלט־ווילנער גאַס, און ניט אויפגעהערט צו רייכערן איין ציגאַר נאָכן אַנדערן. ווײַט אין צענטער פון דער שטאָט, ווו דער חורבן איז געווען באַזונדערס גרויס, האָבן וויסטע פּלעצער און גאַסן געהילכט, ווי אַ פּוסטקע, מיט אַ בייזער ברומעניש פון טראַנספּאָרטן, וואָס זײַנען פאַרבײַגעפאָרן צום פראָנט. צײַטנווײַז האָט זיך פון דאָרטן אויך דערטראָגן דאָס געזאַנג פון מאַרשירנדיקע קאָלאָנעס. דער פעטער יוינע איז געשטאַנען, זיך צוגע־הערט צו די אַלע קלאַנגען און מיט אומגעדולד געוואַרט אַף סימען.

פון מאָל צו מאָל האָט מען צום פענצטער מיטן האַלב־צוגעמאַכטן לאָדן, וואָס איז אַרויס צום הויף, געזען צו קומען ריווקען — יוינעס שנור, זײַן ווײַב. ס'האָט פאַרבײַ זיך דורכגעשלײַכט, ווי אַ שאָטן, די בייזלעך־פאַרביסענע אַלטע מויד, די אינטעליגענטקע, די שטיפטאָכ־טער זײַנע, און דערוועקט אין יוינען אַ קאַס: „די צאַצע... ראַק זי האָט מוירע. די ניכפּע נעמט זי"...

ווען סימע איז צוגעקומען צום פעטערס שטוב, האָט זיך, ווי אַפּ־צולאָכעס, אין הויף צום אַלטן געהאַט אַרײַנגעשאַרט עפּעס אַ ייִדענע אין אַ מולטענער פאַטשיילע מיט רויטע ווײַעס פון אַ מענטשן, וואָס לײַדט אַף אַן אויגן־קראַנקײַט. סימע האָט ניט געקאָנט פרעגן דעם פעטער, צוליב וואָס האָט ער זי באַדאַרפט.

דערזען סימען, האָט יוינע זיך קענטיק דערפרייט מיט איר און געוואָלט וואָס גיכער פּאָטער ווערן פון דער ייִדענע. יענע האָט אים אָבער אַזוי גיך ניט אָפּגעלאָזט. טאַנצנדיק ספּריטנע מיט דריבנע טרײ־טעלעך אַרום אים, איז זי יעדעס מאָל אים פאַרלאָפן דעם וועג. מע

האָט געזען, אַז עס גייט איר מאַמעש אויס דאָס כּעס עפּעס צו דערגיין באַם אַלטן.

— איז וואָס זאָגט איר, יוינע? איר זײַט דאָך עפּעס אַ קלוגער ייִד. וואָס הערט זיך? וואָס זאָל איך אים זאָגן, מיכלען?

— איך ווייס גאָרניט, — האָט ער געענטפערט מיט האַרץ. — זאָגט אים, זאָל ער דערווײַל אויסוואַרטן. מע וועט זען, וואָס ס׳וועט זײַן.

די ייִדענע האָט זיך פאַרקרימט, ווי פון ציינווייטעק.

— אײַ, יוינע, גאָט זאָל אײַך געבן געזונט און לאַנגע יאָר. איר קענט דען ניט מיכלען? ער טוט דאָך מיר אין טויט אַרײַן: „גיי און גיי! דערוויס זיך עפּעס"... ווער איז דאָס מיידל? — האָט זי געפרעגט, אָנווײַזנדיק אַף סימען.

— ס׳איז מײַנע אַ פּלעמעניצע. פאַר איר האָט איר ניט וואָס מוירע צו האָבן...

— עפשער ווייסט זי עפּעס?

— זי ווייסט ניט מער, ווי איך. גיט איבער מיכלען, אַז עס וועט זײַן גוטע נײַס, וועל איך אים קומען אָנזאָגן. גייט אין ערגעץ ניט און פרעגט ניט...

— גוט, גוט, — איז די ייִדענע מאַסקים און זי פאַרלאָזט ניט שטאַרק גערן דעם הויף.

ווען יוינע האָט אָפּדערגיך גענומען פאַרשפּאַרן די פאָרטקע, האָט סימע געזען, ווי אַזוי די ייִדענע איז אַריבערגעגאַנגען די גאַס און, שטייענדיק אַף דער צווייטער זײַט, זיך אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט, עמעצער זאָל ניט נאָכשפּירן נאָך איר. דערנאָך אָט אַזוי, אַן אײַנגעהילטע אין דער פאַטשיילע, וואָס האָט שטײַף אַרומגענומען די שמאָלע אַקסל אירע, איז זי שנעל פאַרשוווּנדן צווישן די כורוועס מיט אַרומגעסמאַליעטע ביימער באַ די פענצטער. אין דעם, ווי עס האָט באַ איר געסטאַרטשעט דער לינקער עלנבויגן, איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיך ניט ווילנדיק אײַנגעקריצט אין זיקאָרן. סימע האָט געפרעגט דעם פעטער, ווער זי איז.

יוינע איז געווען צעטראָגן. ער האָט אפּדערגיך אַ זאָג געטאָן:
— ס'איז מיכל אבעליעווס מאמע...
— מיכל אבעליעווס? איז ער, הייסט עס, אויך דאָ געבליבן?
נאָר דער אַלטער האָט זיך ניט געלאָזט מער ריידן. ווען סימע האָט אים געפּרוווט פרעגן וועגן ריווקען, וואָס אזעלכעס איז מיט איר געשען, האָט ער זי גענומען איַלן, זי זאָל גיכער אַריַנגיין אין שטוב.
— מיט ריווקען איז גאָרניט, — האָט ער קורץ, ווי זיַן רעגילעס איז געווען, אַ בראָק געטאָן. — קום! קום! וועסט באַלד אַלץ וויסן... — און, אויסריידנדיק איר, האַלעמיַ זי האָט אים געצווונגען לאנג וואַרטן, האָט ער זי דורכגעלאָזט פאָרויס און אפּדערגיך פאַרהאַקט און פאַ־ריגלט די הויז־טיר.
— ווילסט זען כאימען? — האָט ער געפרעגט.
— כאים איז דאָ? ווען איז ער געקומען?
— ער איז געקומען באַנאַכט. קוים אַריַנגעפאַלן אין שטוב מיט אַ כאַוועֶר זיַנעם פון פּאָלק. דער כאַוועֶר איז פאַרוווּנדעט. מע דאַרף זען עפּעס טאָן מיט אים.
ערשט איצט האָט סימע זיך אָנגעשטויסן, וואָס וויל פון איר דער פעטער, און זיך געלאָזט אין שטוב אַריַן. זי האָט דערהערט, ווי ריווקע זאָגט אין קיך:
— כאים, גיי! סימע איז געקומען...
ווען סימע איז אַריַן אין זאַל, האָט זי פונעם דערבייַיקן צימער דערהערט טריט. עמעצער איז דאָרטן שטיל אומגעגאַנגען הין־און־צו־ריק. זי האָט אופגעעפנט די טיר. מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ, וואָס ער האָט געהאַלטן אַ ביסל אַף אַ זיַט, איז דאָרטן אומגעגאַנגען אַ דאַרער מאַנצבל. מע האָט געזען, אַז דער מענטש ליַדט שטאַרקע ווייטעקן. און מיט דער שטענדיקער גרייטקיַט פון אַ דאָקטער קומען יענעם צוהילף האָט סימע, איידער זי האָט זיך נאָך דערוווּסט, וואָס זי האָט צו טאָן, אַרויסגערוקט אַ שטול און גענומען דערוף צעלייגן די נייטיקע געציַיג און רעפּועס...

# קאַפּיטל דרײַ

## 1

אינעם קעלער, וווּ מיכל אַבעליעוו האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן, איז דורך אַ שמאָלן לופטשיקל קוים אַרײַנגעדרונגען אַ בלאַסע שײַן, און צוזאַמען מיט דעם אָרעמען ביסל ליכט האָט זיך אַהין אויך פאַרקליבן דאָס צוגעטויבטע געהילך פון דעם אַרומיקן לעבן, דאָס גערודער פון מאַשינעס, רייד פון מענטשן, טריט פון פאַרבײַגייער.

גאַנצע טעג איז מיכל געזעסן פאַרשפּאַרט, זיך צוגעהערט צום דרויסן און ניט געוווּסט, וואָס וועט זײַן דער סאָף פון זײַן זיצן אַזוי. וואָלט ער כאָטש געוווּסט, וואָס קומט פאָר אַרום, ווי האַלט עס אַף די פראָנטן, איז אָבער דער אײנציקער קוואַל פון נײַעס געווען די אַלטע מאַמע זײַנע. פון טאָג צו טאָג איז ער אַלץ מער און מער אומצופרידן געוואָרן. ער האָט זיך טיילמאָל געפילט, ווי באַגראָבן לעבעדיקערהייט...

וואָס האָט ער שוין ניט איבערגעטראַכט אין משך פון די לאַנגע, זומערדיקע טעג, וועלכע אים איז אויסגעקומען צו זיצן אינעם גרוב? דאָס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז ניט גענוג געווען אַנטשלאָסן און דערפאַר איז ער איבערגעבליבן באַם דײַטש, אַז ווען זיי פאָרן אַוועק באַלד, ווי נאָר עס איז געוואָרן די מעהומע, וואָלטן זיי זיך נאָך עפּשער באַוויזן ראַטעווען. און דאָס האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אַז אין אַלץ איז שולדיק זײַן פרוי דאָרע. ווען דאָרע רעדט ניט אײַן די מאַמען זיך אומקערן צוריק, וואָלטן זיי פריִער אָדער שפּעטער זיך פאָרט וווּהין אַרויסגעריסן... און וואָס לענגער ער האָט וועגן דעם געטראַכט, אַלץ מער האָט ער זיך אויפגעוואָרפן כאַטאָיִם, אין וועלכע ער איז ניט געווען שולדיק. אין דער ווירקלעכקײַט האָט ער געטאָן אַלץ, וואָס איז מעגלעך געווען, קעדיי ניט איבערבלײַבן באַם דײַטש.

ווען מע האָט אים אַרויסגערופן אין פאַרטקאָם און פאָרגעלייגט

פאָרן מיט א גרופּע פרויען און קינדער, וועלכע מע האָט באַדאַרפט עוואַקויִרן, האָט ער זיך פאַר דעם אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט, כאָטש די שטאָט האָט שוין געברענט, די מעהומע איז געווען גרויס און עס איז געווען א סאָפעק, צי מע האָט שוין ניט פאַרשפּעטיקט... די אײַלעניש איז געווען אזוי גרויס, אז ער האָט אפילו ניט באוויזן אָנזאָגן דאָרע מיט דער מאַמען, זיי זאָלן זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן. ער איז נאָך זיי פאַרלאָפן, ווען מע איז געפאָרן פאַרבײַ. און אָט אזוי, אין וואָס מע איז געווען, ניט נעמענדיק גאָרנישט מיט זיך, האָט מען זיך געלאָזט פון שטוב. ער האָט אַנדערש ניט געטראַכט, אז קוים וועט ער נאָר ברענגען די פרויען און קינדער אפן אָרט, ווו עס וועט זיי ניט דראָען קיין געפאַר, וועט ער דאָרט אויך איבערלאָזן די מישפּאָכע און אליין זיך מעלדן צום מיליטערישן קאָמיסאַריאַט, מע זאָל אים אוועקשיקן אפן פראָנט...

ער האָט ניט פאַרלאָרן די האָפענונג זיך דערשלאָגן זײַנס אפילו דעמלט, ווען זיי זײַנען אַרויסגעפאָרן פון שטאָט, בייס איינס נאָכן אַנדערן זײַנען אָנגעפלויגן אעראָפּלאַנען און אָנגעהויבן וואַרפן באָמבעס, באַשיסן פון קוילנוואַרפערס...

ווען פון אלע מאַשינעס זײַנען איבערגעבליבן בלויז עטלעכע, האָט ער נאָך צונויפגעקליבן דאָס רעשטל לעבנגעבליבענע מענטשן און געפּרוווט פאָרן ווײַטער...

דער וועג איז געוואָרן אלץ געפערלעכער. פאָרן האָט מען שוין ניט געקאָנט, איז מען אוועק צופוס. קימאַט דער זעלבער אינסטינקט, וואָס טרײַבט די פייגל האַרבסט־צײַט אין די וואַרעמע לענדער, האָט איצט אלעמען געטריבן אַף מיזרעך. דער קאָפּ האָט שוין ניט געאַרבעט. מע איז געווען, ווי אין א טשאַד. מע האָט זיך געשלעפּט מיט די לעצטע קויכעס.

אזוי האָט געדויערט, ביז מע האָט זיך ניט דערקליבן צו פּוכאָ־וויטש, ווו עס האָט זיי באַנײַס באַגעגנט א שיסערײַ... א שפּליטער פון א סנאַריאַד האָט דערהאַרגעט דאָס קינד, די אלטע מוטער — פאַר־וווּנדעט, און מיכלען אליין האָט דער אויפרײַס אוועקגעשלײַדערט מיט

אזא מין קראַפּט, אַז ווען דאָרע האָט אים געפֿונען, האָט שוין מער ניט געקאָנט זײַן קיין שום רייד וועגן גיין ווײַטער. אויסער דעם, וואָס דערויף האָט שוין מער קיין קויעך ניט געקלעקט, איז פּאָשעט ניט געווען מער וווּהין צו גיין... אַרום־און־אַרום איז די וועלט געווען אין פֿלאַמען. אַ שיסערײַ פֿון טאַנקען און האַרמאַטן האָט זיך געטראָגן אַנטקעגן... בעמײלע איז קיין אַנדער אויסוועג ניט איבערגעבליבן, ווי מעקאַבער זײַן דאָס קינד אױפֿן אָרט, ווו דער אומגליק האָט געטראָפֿן, און זיך אומקערן אַהיים.

דער וועג צוריק איז געווען אַ פּײַנלעכער און שווערער. ערגער פֿונעם טויט איז געווען דער געדאַנק, אַז מע דאַרף גיין צום מאַלעכ־האַמאָוועס אין די הענט אַרײַן. דערוואַרט האָט זיי שוידערלעכע נײַס: באַ זײַן בעסטן כאַווער, באַ גוראַריען, מיט וועלכן ער האָט יאָרן אָפּגעאַרבעט צוזאַמען אין איין צעך, איז די מישפּאָכע אומגעקומען פֿון אַ באָמבע, וואָס האָט געטראָפֿן אין שטוב, און אים אַליין, זעליקן, האָט מען צוגענומען אין לאַגער... פֿון אַלע קרויווים איז קיינער ניט געבליבן, אויסער זײַן שוועסטערקינדס, גרינבערגס, באָכער אַליק, וועלכער האָט זיך געלערנט אין דער רעמעסליענער שול[1]. דאָס ייִנגל האָט זיך אַזוי לאַנג אַרומגעדרייט איבער דער שטאָט איינער אַליין, ביז מע האָט אים אונטערגעכאַפּט און אויך ערגעץ צוגענומען... איבער די גאַסן זײַנען אויסגעהאַנגען באַפֿעלן וועגן דעם, אַז אַלע מאַנצבלען, פֿון קליין ביז גרויס, דאַרפֿן זיך מעלדן צום שטאָט־קאָמענדאַנט. אויס מוירע, אַז מע זאָל זיי ניט געפֿינען זיך אויסבאַהאַלטן, זײַנען אייניקע פֿון זיי אַליין אַוועקגעגאַנגען זיך מעלדן צום קאָמענדאַנט, האָט מען זיי אַלעמען פֿאַרנומען און ערגעץ אַוועקגעפֿירט...

זיך דערוווּסט וועגן דעם אַלעמען, האָט מיכל באַשטימט אין ערגעץ מער ניט גיין. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אינעם קעלער, און אָט אַזוי איז ער שוין פּאַמעלעך געזעסן די אַנדערע וואָך, ניט זעענדיק די לעבעדיקע שײַן פֿאַר זיך, אַרויסקומענדיק פֿונעם גרוב בלויז

---

[1] פֿאַך־שול.

באנאכט, ווען ארום איז אלץ געשלאָפֿן, קעדיי זיך א האָר אויסגלײַכן די ביינער אָדער שטילערהייט ארויסגיין אין הויף כאפּן א ביסל פרישע לופֿט...

מיכל האָט געוווּסט, אז קוים באווײַזט ער זיך נאָר אף דער גאס אזוי גלײַך כאפּט מען אים אונטער און מע פארשפּארט אינעם לאגער, ווי מע האָט עס געטאָן מיט גוראריען און מיט אנדערע יאטן. זיצן אָבער אין קעלער איז אים געווען אומגעהייער שווער. ער האָט זיך געריסן ארויס. די שטוביקע האָבן אים קוים אײַנגעהאלטן.

אזוי האָט זיך געצויגן ביז איינעם א טאָג, ווען ער האָט פארלאָרן דאָס לעצטע ביסל געדולד.

ס'איז געווען א כמארנער אינדערפרי. אינעם קעלער איז געווען באזונדערס פינצטער און דושנע. מיכל איז געזעסן א פארומערטער און געזיפּט דורך די פינגער דעם זאמד פון אונטער די פיס. פּלוצעם האָט ער דערהערט, ווי עמעצער איז ארײַנגעקומען אין הויף און פרעגט זיך נאָך אף אים... האָט ער איבערגעוואַרט א ווײַלע און אומגעדולדיק גענומען קלאפּן, מע זאָל אים ארויסלאָזן.

ביז מע האָט אָבער אָפּגערוקט דעם טיש און ער איז ארויס, איז שוין קיינער אינעם הויף ניט געווען; אָנשטאָט צו ענטפערן אים, ווער האָט זיך אף אים נאָכגעפרעגט, האָט דאָרע געמאכט א טאמעוואטע מינע, גלײַך זי ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן.

מיכל האָט אָבער דײַטלעך געהערט א שטים פון א פרוי. עס האָט אים פארדראָסן: שוין זשע פארשטייט ניט דאָרע, וואָס באטײַט פאר אים א פריש וואָרט, ווי גערן ער איז צו זען א מענטשן, וואָס קאָן עפּעס דערציילן.

— גיי, רוף צוריק! — האָט ער אויסגעשריִען מיט קאס. — איך וויל וויסן, ווער דאָס איז געווען... וועסטו עס ניט טאָן, וועל איך אליין גיין...

דאָרע איז אים געפאלן אפּן האלדז. זי וועט אים ניט לאָזן גיין. איצט זעט זי, זי איז זיך מודע, זי האָט געטאָן א נארישקײַט, זי האָט ניט באדארפט אויסבאהאלטן פון אים, ווער עס איז געווען. נאָר זי

איז דען אויסן עפּעס שלעכטס? זי האָט אַזוי מוירע, מע זאָל זיך ניט דערוויסן, אַז ער איז דאָ... ס׳איז געווען אידע, יאָסל פֿאַרבערס טאָכטער, וואָס האָט געאַרבעט בא זיי אין זאַוואָד.

אויך די מוטער האָט געטײַנעט: ניין און ניין. זי וועט אים פֿון שטוב ניט אַרויסלאָזן. מע טאָר זיך ניט שפּילן מיטן לעבן. אין ערגעץ זעט מען ניט קיין ייִדישע מאַנצבלען. זי איז געווען בא יוינע וואָלעך, זאָגט ער אויך, אַז מע דאַרף זײַן זייער געהיט. ער איז אַ קלוגער ייִד. דער אַלטער ווייסט, וואָס ער זאָגט. וואָס זשע, מיכל וויל זיך דערוויסן עפּעס נײַס? נו, גוט, וועט זי זיך ווידער ערגעץ דורכגיין. די מוטער וואַרפֿט אַרויף אויף זיך די אַלטע אויסגעריבענע מולטענע פּאַטשיילע, גייט אַוועק.

אומגעקערט האָט זי זיך דאָס מאָל מיט אַ נײַס, דעם באַדײַט פֿון וועלכן זי האָט ניט אינגאַנצן פֿאַרשטאַנען: מע האָט אומעטום אויסגעקלעפּט באַפֿעלן, אַז אַלע ייִדן דאַרפֿן זיך אַריבערקלײַבן אויף נעמיגע...

געטראָפֿן האָט זי מיכלען זיך גאָלן. ניט איבעררײַסנדיק די מעלאָכע, האָט ער געזאָגט:

— אַן עק! מער וועט איר מיך שוין ניט אײַנהאַלטן. איך האָב אײַך ביז איצט ניט געדאַרפֿט פֿאָלגן...

די שטוביקע האָבן ניט דערווידערט. זיי האָבן געשוויגן, ווען מיכל האָט זיך אַרומגעוואַשן און זיך איבערגעטאָן. זיי האָבן אויך געשוויגן, ווען ער האָט אָנגעטאָן איבער דער פּלייצע אַ טאָרבעלע פֿון אַ קעגנגאַז־מאַסקע, אין וועלכער ער האָט אַרײַנגעלייגט עטלעכע שטיקלעך געצײַג: אַ העמערל, אַ צווענגל. מיטגענומען אויך אַ רייפֿל עלעקטרישן דראָט, עס זאָל הייסן, ער איז אַ מאָנטיאָר, וואָס גייט זוכן אַרבעט, איז מיכל אַרויס פֿון שטוב. דאָס איז געווען זײַן ערשטער טראָט, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער פֿרעמד געוואָרענער וועלט. און אָט אַזאַ, אין דער אויף אַלע קנעפּ פֿאַרשפּיליעטער ספּעצאָווקע פֿון טונקל־בלויען קאָרט, וואָס איז אים געבליבן פֿון יענער צײַט, ווען ער האָט געאַרבעט אין צעך אַלס מײַסטער, מיטן טאָרבעלע אויף דער זײַט, אַ שטילער און באַשיידענער, איז ער אַרויס פֿון שטוב.

כּוֹץ דער ספּעצאָוועקע, האָט מיכל געטראָגן בילּיקע הויזן מיט א פּאסיקל און א לײַכטע קעפּקע. דערין, וויאַזוי ער האָט געטראָגן די קעפּקע א ביסל אַף א זײַט, אַז פון אונטערן דאשעק זאָלן ארויסקוקן די האָר, איז געווען א געוויסע קאוואָנע צו זײַן ניט ענלעך אַף א ייִדן. און טיילוויַיז האָט זיך דאָס אים אײַנגעגעבן.

אין אָט דעם דאָזיקן אָנטאָן, מיט דעם פאַרוסינענעם טאָרבעלע אַף א זײַט, מיטן רייפל דראָט אין דער האַנט, האָט ער בעפּיירעש געהאַט דעם אָנבליק פון אַן ארבעטער, וואָס גייט ערגעץ זוכן זיך פארדינען א קערבל און וויל ניט וויסן פון קיין זאַך מער.

מיכל האָט זיך געלאָזט גיין מיט דער גאַס, וואָס באַם טײַך, פאַר־בײַ דער עלעקטראָסטאַנציע, ווּ טאָמיד האָבן געראַמע קאָרפּוסן, מיט ווענט דורכויס פון גלאָז, שטיל געררוישט און דער גוווּרעדיק־באצוימ־טער אימפּעט פון ארבעטנדיקע מאשינעס האָבן ציטערן געמאַכט סײַ די ווענט און סײַ דעם אספאַלט אונטער די פיס.

ער האָט זיך בעקיוון געלאָזט גיין מיט דער שטילער גאַס אונטער די שטאַרק צעצווײַגטע ווערבעס, אַף וועלכע עס האָט זיך ניט א ריר געגעבן קיין בלעטעלע, קעדיי פריִער, אײדער ער וועט ארויסקומען צו דער הויפּט־גאַס, זיך עטוואָס ארומקוקן און באַפרײַען פון דעם, וואָס האָט זיך אין אים אָנגעקליבן פאַר דער צײַט, וואָס ער איז געזעסן פארבאַהאַלטן אין קעלער און געמאַכט זײַן טראָט אומזיכער און ניט דרייסט.

ביז איצט האָט ער קיין דײַטשן נאָך ניט געהאַט געזען אין זײַנע אויגן כוֹץ איינעם זייערן א סאָלדאַט, וועלכן זיי האָבן געטראָפן אין וועג, ווען מידע פונעם לאַנגן וואַנדערן צוריק אהיים, זײַנען זיי פאַר־גאַנגען אין עפּעס א דערפל זיך אָפּרוען. דער דײַטש איז ארײַנגעקומען אין שטוב נאָך זיי, האָט מיט א זעץ פונעם שטיוול אופגעהויבן מיכלען פונעם פּאָל און, האַלטנדיק אָנגעשטעלט אַף אים דעם אווטאָמאַט, א הילך געגעבן:

— זאָלדאַט?

ס'האָט מיכלען דאַן געראַטעוועט דאָס, וואָס ער איז געווען ניט געשוירן און האָט געקאָנט דערווײַזן, אַז קיין סאָלדאַט איז ער ניט.

אַרײַנגעגאַנוועט האָבן זיי זיך אין שטאָט פאַרטאָג מיט שטילע און זײַטיקע הינטערגעסלעך, ווען אַלץ אַרום איז נאָך געשלאָפן. דעריבער האָט ער אַפילע רעכט ניט געוווּסט, וויאַזוי זעט אויס די שטאָט, וועלכע ער האָט פאַרלאָזט אין פלאַמען. און כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז, קוים האָט ער שוין באַשטימט גיין ערגעץ, וועט אים מער קיין זאַך ניט אָפּשרעקן, פונדעסטוועגן האָט ער געפילט, אַז עס פאָדערט זיך פון אים אַ געוויסע אָנשטרענגונג, קעדיי ער זאָל ניט טראַכטן וועגן די דײַטשן, ניט טראַכטן, וואָס וואָלט, אַשטייגער, געווען, ווען מע דערקענט, אַז ער איז אַ ייִד... אים האָט מיטאַמאָל באַהערשט אַ פּאָשעטע מענטשלעכע פרייד, וואָס ער לעבט און קען אַרומגיין אין גאַס און פילן, וויאַזוי עס באַוועגן זיך אים די הענט, עס בייגן זיך און גייען די פיס. אַזוי, אַז עס האָט אים אַפילע פאַרדראָסן, האַלעמײַ ער איז ביז אַהער געזעסן פאַרבאַהאַלטן...

דער דושנער און כמאַרנער דרויסן האָט אים געהעשעט אין פּאָנעם מיט אַ הייסן רייעך פון איבערגעברענטער ליים און קאַלך אַ סאַך פריִער, איידער ער איז נאָך אַרויסגעקומען צו דער הויפּט־גאַס און דערזען, וואָס פון איר איז געבליבן. אַ פאַרברענטער און כאָרעוועער, אין בערג און בערגלעך פון אײַנגעפאַלענע מויערן, איז געלעגן פאַר אים דער שענסטער טייל פון שטאָט, וווּ פריִער האָט געראַשט פון מענטשן, אַווטאָמאַשינעס און טראַמוווײַען... דאָ און דאָרטן האָבן, ווי אינדזעלעך צווישן די רויִנעז, זיך אַרויסגעזען איינציקע גאַנץ געבליבענע געבײַדעס. דאָס היימישע און ליבע סקווערל, וואָס אַנטקעגן דער מעלוכע־ביבליאָטעק, האָט זיך אײַנגעהיט. אַרומגערינגלט פון כורוועס, האָט עס אויסגעזען באַזונדערס גרין און פריש, ווי אַ שטיקל נעכאָמע דער וועלט. עס איז אָבער גענוג געווען צוקומען נעענטער און דערזען די מיט אַש און שטיקלעך ציגל פאַרשאָטענע סטעזשקעס, ווי עס האָט אויך פונעם סקווער אַ ווייע געטאָן אַ טרויער. נאָר עפּעס איז אין מיכלען שוין געווען איבערגעברענט און

אָפּגעטעמפּט, אזוי אז קיין איבעריקן רוישעם האָט עס אַף אים ניט געמאכט...

טרעטנדיק מיט די פיס איבער צעשמאָלצענעם גלאָז, קלעטערנדיק איבער בערג ציגל און שטיינער, אומשפּרינגענדיק פון הליבע אַף הליבע, קעדיי פארקירצן דעם וועג און, ווי וויַט מעגלעך, אויסמיַידן די ערטער, ווו עס זיַינען אומגעגאנגען און אומגעפאָרן דיַיטשן, האָט אבעליעוו שוין די גאנצע ציַיט געדענקט וועגן די פרויען און קינדער, וואָס זיַינען אומגעקומען אין די צעבאָמבירטע עשעלאָנען אַף די וואָקזאלן, וועגן די הארוגים, וועלכע ער האָט געזען אַף די וועגן. ערגעץ דאָרטן האָט ער אויך איבערגעלאָזט זיַין אייגן פּיצל קינד... און ער האָט געטראכט: וואָס האָבן די ווערט היַיזער? היַיזער קאָן מען אָפּבויען. אַף דעם אָרט פון די כאָרעווע וועט מען עפּשער אמאָל נאָך אופשטעלן שענערע און בעסערע. ווער וועט אָבער לעבעדיק מאכן זיַין קינד? ווער וועט אופהייבן פון די קוואָרים די אומשולדיקע קאָרבאָנעס?

דורכגעגאנגען א ריי גאסן, איז ער ארויסגעקומען צו דער טאָטערישער גאס, ווו אין הילצערנע שטיבלעך, א יערושע פון דויר־דוירעס, האָבן אמערסטן געלעבט יידישע באַלמעלאָכעס און ארבעטער. ערגעץ דאָ האָט געוווינט יאָסל פארבער. אנומלטן איז ער, מיכל, בא אים געווען. ער האָט פארגעדענקט א קליין שטיבל, אָנגעפּאקט מיט מענטשן, און אויך אידעס מוטער, א הויכע, גראָווע יידענע מיט א בליק פון א קאָמאנדיר.

און מיכל האָט זיך אוועקגעלאָזט זוכן דאָס דאָזיקע שטיבל.

## 2

די אלטע גישע איז פון שטענדיק אָן געווען דער מאנצבל אין שטוב, און טאָמער האָט עפּעס געטראָפן אין דער מישפּאָכע, האָט זיך עס צום אלעמערשטן געלייגט אַף אירע אקסל. דעריבער איז קיין כידעש ניט געווען, וואָס די לעצטע ציַיט האָט זי זיך היפּשלעך געענדערט. כאָטש זי

האָט זיך נאָך געבעריעט, זיך געשאפּן, קאָמאנדעוועט מיט אַלעמען, האָט זי דאָך שוין פארלאָרן איר פריערדיקן גלאנץ. און פאר וואָס זי האָט זיך ניט גענומען, איז שוין דערין מער ניט געווען קיין פרייד.

דאכט זיך, וואָס? מע קאָן ניט זאָגן, אז זי האָט שטארק ליב געהאט דעם מאן, מיט וועלכן מע האָט זי כאסענע געמאכט קעגן איר ווילן. איז ער געווען אין דער היים, האָט ער גאָר ניט געשפּילט אזא וואזשנע ראָליע, און זי האָט זיך לײַכט געקאָנט באגיין אָן אים. פיל מאָל, ווען ער איז צו איר צוגעשטאנען מיט זײַן ליבשאפט, האָט זי אים אָפּגעשטויסן פון זיך. טיילמאָל האָט זי אים געדולדעט בלויז דערפאר, ווײַל אין שטוב זײַנען געוואקסן קינדער, און זי האָט ניט געוואָלט, אז זיי זאָלן זען, ווי זי האָט זייער טאטן ניט ליב. נאָר אָט האָט מען יאָסלען אוועקגענומען, איז זי געבליבן ווי אָן הענט, ווי מע וואָלט א טייל פון איר לײַב צוגענומען. עס האָט זיך באקומען אזוי, ווי זי וואָלט ערשט איצט דערזען, אז זי האָט דאָך צוזאמען מיט אים אָפּגעלעבט א לעבן און קינדער געהאט און איבערגעלעבט אי גענוג צאָרעס, אי גענוג פרייד... און, ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, צי איז ער איר יאָ אַלעמאָל געווען געפעלן אָדער ניין, נאָר ער איז דאָך איר מאן, איר איין־איינציקער, און קיין גרעסערן פרײַנט, ווי ער, האָט זי גאָרניט געהאט. זי האָט שטילערהייט אָנגעהויבן לאָזן א טרער, פרעגן: „קינדער, ווי איז אונדז! וואָס וועט עס זײַן?" — ווי מע וואָלט זי שוין אזוי דערשלאָגן, אז אויסער די עטלעכע ווערטער „קינדער, ווי איז אונדז! וואָס וועט עס זײַן?" איז איר אינעם זינען גאָרניט איבערגעבליבן. און זי האָט ראק ארויסגעקוקט אף אידען, פון וועלכער אלע אין שטוב האָבן געהאלטן, ווי פון דער סאמע געראָטענער און פייִקער, פונקט יענע וואָלט איר מיט עפּעס געקאָנט העלפן, נאָר ניט געוואָלט. גישע האָט געוואָלט בעטן אידען, אז זי זאָל גיין צום פּאָטער, זען, טאָמער קאָן מען פאר אים עפּעס טאָן. יעדעס מאָל, ווען גישע אָדער עמעצער פון די קינדער איז געקומען אין לאגער, פלעגט זיך יאָסל נאָכפרעגן אף אידען, פארוואָס קומט זי ניט. נאָר זי, דער אקשן, איז צו אים ניט געגאנגען. די מאמע האָט פון דעם שטארק איבערגעלעבט...

מיכל איז אקוראט געהאט אריַינגעקומען, ווען דאָס הארץ בא דער אלטער איז איבערפולט געווען פון צאר און עס האָט זיך איר געוואָלט פאר עמעצן אויסריידן. און קוים האָט זי אים דערזען, דערהערט, אז ער פרעגט זיך נאָך אף אידען, זײַנען טייקעף אירע אויגן פארשוווּמען געוואָרן מיט טרערן און זי האָט זיך צערעדט:

— ווייסט איר כאָטש, וואָס זי לעבט איבער? זי געפינט זיך דאָך קיין אָרט ניט, — און האָט אָנגעהויבן דערציילן, פּונקט ס'וואָלט זיך אין איר געעפנט א קוואל, וועלכן זי איז שוין ניט אימשטאנד איַינ־צוימען.

— זי איז געקומען צו פליִען: אפן זאוואָד גיט מען מאשינעס, קעדיי זיך עוואקויִרן. עס האָט אף איר געברענט די הויט: „טאטע, גיכער! דו שפּילסט זיך מיט פײַער...״ זי איז אנטלאָפן צו גערשענען, דעם ברודער מײַנעם, אים איַינריידן, מע זאָל פאָרן צוזאמען. די שטאָט האָט שוין געברענט, באָמבעס זײַנען געפלויגן איבער די קעפּ. א געהענעם איז געווען ארום. נאָר בא גערשענען האָט זיך קיינער אין ערגעץ ניט גע־קליבן. כאָטש די קינדער זײַנען אומגעגאנגען טויטע, דאָס ווײַב האָט געבראָכן די הענט. ער, גערשן, האָט אין ערגעץ ניט געוואָלט פאָרן. ער האָט זיך געוואשן מיט א בערשטעלע די ארויסגענומענע ציין, גע־שווענקט דעם האלדז. ער איז געווען קאלט, ווי א שטשאוועל.

— וואָסי? — האָט ער געענטפערט אף אלע אירע טײַנעס. — וואָס איז דער ראש? איך בין א באלמעלאָכע, א ניי־מאשין האָב איך, וועל איך אופהענגען א וויוועסקע און פארדינען מײַן שטיקל ברויט.

אידע איז צוגעלאָפן צו איינס פון די בעטן, אראָפּגעריסן די קאפּע און גענומען איַינבינדן דאָס בעטגעוואנט. אף איר קוקנדיק האָבן זיך אויך גערשנס טעכטער גענומען פּאקעווען...

— זאָל ער איבערבלײַבן אליין, דער טירעף! — האָט אידע זיך צעשריִען אפן פעטער, כאָטש אלעמאָל איז מען געווען אייגער מיטן אנדערן דאפקע זייער געבונדן.

האָט זיך גערשן אויך צעשריִען:

— ווּהין וועל איך גיין? איך וועל אין ערגעץ ניט גיין. א לעבן האָב

איך אָפּגעהאָרעוועט. געשלעפּט אַלץ אין שטוב... קאַלזמאַן דו זיצסט דאָ און אַלץ שטייט אַף די ערטער, ביסטו א באַלעבאָס, פּארמאָגסטו א שטיקל אייגנס, א שטוב, זאכן... קוים רירסטו זיך אָבער פון אָרט, אזוי גלײַך וועט פון אַלץ ווערן א טיל־טעל...

— ניט קנאַפּ דאָס, וואָס ער איז אַליין ניט געפאָרן, איז ער באַלד געקומען צו גיין צו אונדז און אויך אָנגעהויבן אײַנריידן יאָסלען, מע זאָל ניט פאָרן.

מע דארף ניט! — האָט ער געגוואַלדעוועט. — מע טאָר זיך ניט רירן פונעם אָרט... וואָס קאָן דער דײַטש האָבן צו באַלמעלאָכעס? — און ער האָט זײַנס אויסגעפירט. ער האָט פארטומלט דעם קאָפּ אי זיך, אי יענעם, און אָט אזוי איז מען געבליבן דאָ שטעקן, אָט ווי איר זעט...

מיכל האָט זיך אַף אידען ניט דערוואַרט. ער האָט גִעבעטן די מו־טער איבערגעבן איר, אז בא דער ערשטער געלעגנהײַט וועט ער זיך ווידער ארײַנכאַפּן. און ער איז אוועקגעגאנגען...

צוגעקומען צו אַן אויסגעקרימט קליין שטיבל אַף דער קוסטאַרן־גאַס, האָט מיכל אָנגעקלאַפּט אין דער פאָרטקע. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. איז ער אריבערגעקראָכן דעם פּלויט און ארײַנגעקוקט אין פענצטער פון קיך. דאָרט איז אָבער אויך קיינער ניט געווען. האָט ער מיט פארדראָס פארלאָזט דעם הויף און איז אוועק אַף זאמקאָווער גאַס...

ווען ער איז צוגעקומען צום רויטן מויערל, וואָס איז געשטאַנען טיפלעך ארײַנגערוקט אין דער ריי פון אנדערע הײַזער אזוי, אז עס האָט זיך געשאפן ניט קיין גרויסער הויף, איז ער מיט די טרעפּ ארויף אַפן צווייטן שטאָק און אָנגעקלאַפּט אין איינער פון די מיט ווילעק באַשלאָ־גענע טירן. ניט באַלד האָט מען אים אָפּגעעפנט. פריער האָט א פרויען־שטים א פרעג געגעבן, ווער עס קלאַפּט. דערנאָך האָט זיך די טיר אָפּגעעפנט אַף אזויפיל, קעדיי מע זאָל קאָנען זען, ווער דאָס איז. דער־זען מיכלען, האָט זיך די פרוי אי דערפרייט מיט אים, אי א ביסל צע־טומלט געוואָרן. זי האָט אים גיך ארײַנגעלאָזט אין שטוב.

— מישע, — האָט זי געפרעגט, — וואָס טוט איר? איר שטעלט דאָך איַין דאָס לעבן...

מיכל האָט פאַרביטערט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „וואָס קאָנען מיר שוין אָנווערן?” און אַפן ווונק באַ איר עפּעס געפרעגט. זי האָט אים מיטן ווונק אָנגעוויזן צו דער טיר פונעם צווייטן צימערל. מיכל האָט פעסט אַ דריק געטאָן אירע ביידע הענט, איז אַריַין אַהין...

3

אינעם קליינעם ענגן אַלקערל מיטן האַלב־פאַרהאַנגענעם פענצטער איז געזעסן אַבע מעדרעש, — איינער פון מיכלס גוטעברידער. לויכטנדיק אין דער טונקלעניש מיט דעם שיינעם, צו פרי גראָ געוואָרענעם קאָפּ האָר, האָט ער מיט אומרויִקע אויגן געקוקט צו דער טיר: ווען קאָן עס איצטער אָנטראָגן דער ניטגוטער אין אַזאַ וויסטער און בייזער שאָ, ווען אַלע ליגן פאַרשטעקט אין די לעכער און האָבן מוירע זיך וויַיזן אין דרויסן... צי פאַר אופרעגונג, וואָס ער האָט ניט געוווסט, ווער עס קלאַפּט, און דעריבער געמוזט אַפדערגייך זיך אַריַינכאַפּן אינעם אַלקערל, אָדער דערפאַר וויַיל ער האָט זיך געפילט ניט מיט אַלעמען, עפּשער אַפילע אַ ביסל היץ געהאַט, נאָר אַף זיַינע ניט געגאָלטע באַקן פון זינט עטלעכע טעג האָבן זיך דורכגעשלאָגן רויטע פלעקן און באַוויזן, אַז דעם מענטשן פיבערט. זיַין האַלדז איז אים געווען אַרומגעבונדן...

דערזען אַבען, האָט זיך מיכל דערפרייט, ווי ער וואָלט דערזען פאַר זיך אַ לייַבלעכן ברודער. באַגלייַך דערמיט האָט אים אַ טיאָכקע געגעבן דאָס האַרץ: „וועסט גאָרניט מאַכן. ס'איז שוין אַ ציַיט אַזאַ פון יונגע פּענעמער מיט גראָווע קעפּ...”

אויך אין אַבעס אויגן האָט עפּעס אופגעלייַכט. ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט אינעם אומגליק, וואָס איז פאַרלאָפן מיט מיכלס מיי־

דעלע, וועגן וועלכן מיכלס מוטער האָט שוין באוויזן צו דערציילן, ארייַנ־לויפנדיק צו זיי עטלעכע מאָל אין מעשעך פון דער צייַט, און די פרייד פון זייער באגעגעניש איז פארשטערט געוואָרן. אבע האָט דערזען פאר זיך דאָס מיידעלע אזוי ווי זי האָט אויסגעזען דאָס לעצטע מאָל, בייס זי איז געוועזן בא זיי. אליין נאָך גאָר א ברעקל, האָט זי דענסטמאָל ארומגעשלעפט זייַן מארעקן איבער דער שטוב, און בערטע איז מיט אויסגעשטרעקטע הענט איר נאָכגעאנגען, געוואָלט אלץ צונעמען בא איר דאָס יינגל... גראָדע זי האָט באדארפט זייַן דער ערשטער קאָרבן פון דער מילכאָמע. און אבען איז איבערפולט געוואָרן דאָס הארץ פאר צאר. ער האָט צוגעצויגן מיכלען פאר דער האנט צו זיך, דערפילנדיק א באדערפעניש אויסצודריקן אף אוועלכן־ניט־איז אויפן זייַן מיטגעפיל. אין מיכלס האנט האָט ער אָבער דערפילט א ווידערשטאנד, פארשטאַ־נען, אז ניט צוליב דעם איז איצט מיכל געקומען צו גיין, און ער האָט קיין אנדער זאך ניט געפונען וואָס צו טאָן, ווי אויסצושרייַען מיט א פארוואָרגענעם האלדז, אין וועלכן עס איז מיטאמאָל אויסגעוואקסן א קנויל:

— גוואלד, גאזלען! וואָס טראָגט דיך ארום? דיך פארדריסט, טאָ־מער לעבסטו?

מיכל האָט ניט געייַלט מיט קיין ענטפער. ער איז געווען רויִקער, ווי מע האָט געקאָנט זייַן אין זייַן לאגע. ער האָט זיך פאמעלעך אוועק־געזעצט אפן דיוואן לעבן אבען, אראָפּגענומען פון זיך דאָס טאָרבעלע מיט די עטלעכע שטיקלעך געצייַג און געזאָגט:

— אויב דאָס הייסט לעבן, טאָ צו וואָס זשע טויג שוין אונדז אזא מין לעבן? און וואָס האָסטו זיך אינמיטנדערינען עפעס ארומגעבונדן? — האָט ער געפרעגט אבען, באטראכטנדיק זייַן יוגנט־כאוועך פון א זייַט מיט א שטילן, קאָסאָקלעכן בליק.

טשיקאווע, וויִאזוי, וואָס מער מיט א יאָר, איז אבע אלץ ענלעכער געוואָרן אף זייַן שוועסטער, אף ביילקען. דאָס זעלבע פּאָנעם מיט היפשע שטריכן, ווי בא איר, די זעלבע שארפע ברעמען, וואָס קומען זיך צונויף איבער דער נאָז. ניין, ס׳איז שוין ווייַט ניט דער זעלבער אבע, וואָס

פריער. עלטער איז ער געוואָרן, גראָ... ווהין איז אהינגעקומען זײַן שפּילעוודיקײַט, דאָס פּאטשן יענעם אין פּלייצע, ווי נאָר עפּעס מײַסע פאניע־בראט: „אוי, באָלשעוויק מײַנער!" ער זיצט זיך שטיל, ווי עס וואָלט אין אים עפּעס איבערגעבערענט. און דאָך לעבט צווישן זיי דער פריערדיקער געפּיל פון פרײַנטשאפט... עס איז באַנײַס עפּעס אופגעקו־מען אינעם הארצן פון דער געוועזענער וואַרעמקײַט און דערמאָנט מיכ־לען, וויאַזוי ער איז צו זיי, צו די מעדרעשעס, אין שטוב געגאַנגען, איז נעכט אָפּגעזעסן מיט ביילקען אפן גאַנעקל. פיל יאָרן זײַנען שוין פאר־פלויגן פון יענער צײַט. דאָך געדענקט זיך אַלץ... ביילקע איז געשטאָרבן יונגערהייט. ער האָט כאסענע געהאט מיט דאָרען, געארבעט אפן זאוואָד. מיט אנדערע וועגן איז זיך אוועק אבעס לעבן. נאָר אָט האָט זיי דער גוירל ווידער צונויפגעפירט... וויאַזוי וועט עס זײַן ווײַטער? וואָס דערוואַרט זיי?

אבע האָט זיך א קנייטש געגעבן:

— איך ווייס אַליין ניט, וואָס מיט מיר קומט פאָר... דאָס האָבן מיטאמאָל מיר אָנגעהויבן ווי טאָן די אויגן. און דאָס — האָבן זיך געשווירן אויסגעזעצט אפן האַלדז. ווער ווייסט... עפּשער איז עס דער־פאַר, וואָס איך האָב זיך צוגעקילט. מע איז דאָך געלאָפן איבער בלאָ־טעס, ביזן האַלדז אין וואסער. מע האָט אַלץ געמיינט, אז מע וועט איבעריאָגן דעם אומגליק... און עפּשער האָבן זיך עס אָפּגערופן די גוטע יאָרן... — אבע איז אנשוויגן געוואָרן; קיינמאָל אין זײַן לעבן איז ער ניט געווען אזא קלײנער באַלך, ווי איצט, צו רײדן וועגן זיך. וואָס פאר א ווערט האָט איצט געהאט זײַן אייגן געזונט אין פארגלײַך דער־מיט, וואָס אַלע האָבן איבערגעלעבט? און ביכלאַל, וואָס קלאָגט מען זיך און פאר וועמען איז דאָ צו וויינען? פונדעסטוועגן האָט דאָך מיכלס פראגע אין אים עפּעס אופגערירט און געצווונגען זיך פארטראכטן. ער האָט זיך דערמאָנט — אין נײַן־און־דרײַסיקסטן יאָר איז ער געזעסן אין כאַבאראָווסקער טורמע מיט בליוכערס א געהילף, א גענעראַל פו־נעם לופט־פלאָט, א הויכער מאנצבל אין די יאָרן, מיט א געשטופּלט פּאָנעם. גאנצע טעג איז דער גענעראַל געזעסן אין דער הייך, אף די

צווייטע נארעס, און געררייכערט זײַן ליולקע. ווען עס האָט זיך אָנגע־הויבן די מילכאָמע מיט פינלאַנד, האָט ער זיך צעוויינט, ווי א קליין קינד: דאָרטן האלט מען מילכאָמע און ער דארף זיצן ארעסטירט אלס סוינע פונעם פאָלק.

אבע האָט א זיפץ געטאָן:

— אָט אזוי איז דאָס, ברודער מיכל... זיצנדיק אין טורמע, האָבן מיר געמיינט, אז אף אונדזער כײלעק וועט שוין גאָרניט איבערבלײַבן... דו ווייסט, אז מע שאפט שוין א געטאָ? ווײַזט אויס, די פאשיסטן מאכן ניט קיין שלעכטע געשעפטן אפן פראָנט, אויב עס ליגט זיי אין קאָפּ האָבן צו טאָן מיט די יידן...

מיכל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: ער ווייסט שוין פון די שיינע נײַס.

— איך בין געווען בא נאָכעם וויכמאן. איך האָב געמיינט, ער איז א ראדיאָ־טעכניקער, הערט ער עפשער ראדיאָ. האָב איך בא זיי קיינעם ניט געטראָפן. מע מוז זיך דאָך דערוויסן, וואָס טוט זיך אף דער וועלט...

— גייען אין ערגעץ האָסטו, פונדעסטוועגן, ניט באדארפט. ביסט זייער ניט פאָרזיכטיק, מיכל...

— און וואָס וועט ארויסקומען דערפון, אז מיר וועלן ליגן בא־גראָבן? — איז מיכל אופגעטראָגן געוואָרן. — קיינער וועט דאָך פאר אונדז גאָרניט טאָן... מע דארף זיך דערוויסן, ווער איז דאָ איבערגע־בליבן פון אונדזערע מענטשן. עפשער וואָלט קעדײַ געווען זיך צונויפ־קלײַבן ערגעץ אין א שטוב און זיך אן אייצע האלטן וועגן דעם, וויאזוי לעבן ווײַטער... איך האָב מוירע, אז יעדער טאָג, וואָס מיר לאָזן איצט דורך, קאָן אונדז דערנאָך קאָסטן זייער טײַער...

אבע האָט א בליק געטאָן אף מיכלען, גלײַך יענער וואָלט אים געהאט געזאָגט ווער ווייסט וואָס...

— ווען וועסטו עס צונויפקלײַבן? — האָט אבע געפרעגט. — די גרעסטע טייל קאָמוניסטן זײַנען זיך צעלאָפן. און ווער עס איז געבליבן, דער איז אין לאגער אָדער ער ליגט ערגעץ באגראָבן אין א לאָך. קום

צו גיין צו אזא מענטשן און זאָג אים, ער זאָל ארויסגיין אין דרויסן, וועט ער דיך דאָך אָנקוקן, ווי א מעשוגענעם.

— איז, הייסט עס, לאָזן גיין, ווי עס גייט?

— וואָס זשע בלײַבט אנדערש איבער? מע דארף צוווארטן...

עס איז זייער שווער געווען צו ריידן וועגן דעם אלעמען, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. נאָר קוים האָט אבע שוין אָנגעהויבן, האָט פון אים א שפאר געטאָן. וואָס מער ער האָט אָבער גערעדט, איז מיכלען אלץ ווינציקער געפעלן געוואָרן. עס איז אין אים אויסגעוואקסן אן אומצופרידנקײַט. ער האָט גענומען דערווידערן, דערווײַזן אבען, אז ער איז ניט גערעכט...

— שוין דאָס אליין, וואָס מענטשן ווערן דערזען, אז זיי זײַנען ניט איינזאם, איז דען קנאפ? עס איז ניטאָ וואָס צו דערווארטן, אז אין דער נאָענטסטער צײַט זאָל זיך עפּעס ענדערן. זעסט דען ניט, צו וואָס עס גייט?

קאָרמענדיק דאָס פיצל קינד אינעם צווייטן צימער, האָט בערטע, אבעס פרוי, די גאנצע צײַט, וואָס די מאנצבלען האָבן געשמועסט צווישן זיך, אכטונג געגעבן דורכן פענצטער, צי קיינער גייט צו זיי ניט, און יעדער מאָל, ווען אף די טרעפּ האָבן זיך דערהערט טריט, איז זי פול מיט אומרו געוואָרן.

ווען אין א געוויסן מאָמענט שפּעטער האָט זי דערהערט זיך דורכ־ווערטלען די מענער אף א צו הויך קאָל און איז ארײַנגעקומען צו זיי, האָט זי געטראָפן אבען ארומשפּרײַזן איבערן צימער. און צורעכט מאכנ־דיק אים דאָס טיכל אפן האלדז, האָט זי געזאָגט מיט אן אײַנגעהאלטע־נער שטים פון א פרוי, וואָס האָט ליב, אז מע זאָל זי פאָלגן:

— אבע, מע וועט דערהערן אין דרויסן...

קוים איז זי אָבער ארויסגעגאנגען און איבערגעלאָזט די מאנצבלען אליין, האָט זיך דאָס זעלבע איבערגעכאזערט. זי האָט ווידער דערהערט אבעס אופגערעגטע שטים.

אזוי האָט געדויערט די גאנצע צײַט, ביז מיכל איז ניט אוועקגע־גאנגען.

ארויסבאגלייטנדיק מיכלען פון שטוב, האָט בערטע געפּרוווט פארענטפערן איר מאן:

— איר שטעלט זיך ניט פאָר, וואָס דער מענטש לעבט איבער. ער האָט נאָך ניט באוויזן קומען עטוואָס צו זיך נאָכן ארעסט, איז אויס־געבראָכן די מילכאָמע.

זי האָט געבעטן מיכלען, אז ער זאָל ניט אויסמײַדן זייער שטוב. זי האָט בלויז געפּונען פאר נייטיק צו וואָרענען אים, אז בייס ער וועט גיין צו זיי, זאָל ער זײַן געהיט. ס'איז דאָ בא זיי א מיִעסער שאָכן, איינער א בארסוק. ער איז דער עמעסער שווארצמייעניק... ער קלײַבט נעקאָמע פון די ייִדן.

מיכל איז אוועקגעגאנגען א צערודערטער. ער איז געלאָפן, גע־פלויגן צו אבען, ער האָט געמיינט, קוים דערזעט ער אים און רעדט זיך מיט אים דורך, אזוי גלײַך וועלן אים קלאָר ווערן א סאך פראגן, וועלכע ער זעלבסט איז ניט אימשטאנד צו פארענטפערן. און צום סאָף... אבע האָט געפונען א צײַט, ווען צו וואָרענען אים, אז מע דארף זײַן זייער פאָרזיכטיק, גלײַך אָן אים ווייסט ער דאָס ניט. נייך, נייך. ער וועט מער אין שטוב ניט זיצן. ער וויל ניט שטארבן בא יעדער קלאפּ, וואָס מע טוט אין דרויסן. ער וועט גיין זוכן כאווירים. גיין אויך צו רוסישע באקאנטע. איין אומגליק האָט אלעמען געטראָפן, און ס'איז ניטאָ וואָס זיך אָפּצוטיילן איינער פונעם אנדערן. ער גלייבט ניט, אז קיינער זאָל דאָ ניט איבערבלײַבן פון אָנפירנדיקע טוער. מע דארף נאָר קאָנען גע־פינען דעם וועג צו זיי. און ער, ער וועט אים זוכן, דעם וועג... ער מוז אים געפינען...

טופּענדיק מיט געקאָוועטע שטיוול איבערן ברוק, איז מיטן גאס געגאנגען א קאָלאָנע דײַטשן. דאָ און דאָרטן אף די ראָגן האָבן זיך אומגעדרייט פאָליצײַען מיט ביקסן אף די אקסל. מיכל האָט געוווּסט, אז יעדער רעגע קאָן מען אים אָפּשטעלן און דעמלט איז ער א פאר־פאלענער. ער איז אָבער געגאנגען ווײַטער מיט דעם טאָרבעלע געצײַג

אפן זײַט און דעם רייפל דראָט אין האנט, ווי קיין שום זאך וואָלט אים ניט געארט...

בא דעם ברויט־זאוואָד, ווו שמאָלע גאסן האָבן זיך איבערגעקרייצט, זײַנען געשטאנען עטלעכע מאשינען מיט דײַטשן. איינע זײַנען ארײַנגעפאָרן אין הויף פון זאוואָד, אנדערע — ארויסגעקומען צוריק פון דאָרטן מיט פרישן, ערשט ארויסגענומענעם פון אויוון ברויט, וואָס האָט פארשמעקט די וועלט. מיכל האָט ניט ווילנדיק א טראכט געטאָן, אז ער וואָלט איצט מער ניט באדארפט אויסצופרווון דאָס מאזל... ער האָט געמאכט אן אָנהייב, זיך דורכגעגאנגען, וווהין ער האָט באדארפט, און דערווײַל איז עס גענוג. מע דארף פאָלגן אבען און זיך אומקערן צוריק אהיים...

מיכל האָט זיך אויסגעדרייט, געוואָלט פארקערעווען מיט א צווייטער גאס. נאָר דאָ דערזען, אז ער האָט פארשפעטיקט. אנטקעגן איז אים אָנגעקומען א שווארצער פארמאכטער אווטאָמאָביל מיט גראטעס, פון הינטער וועלכע עס האָבן ארויסגעקוקט בלאסע פענעמער. נאָך אים איז געפאָרן א לײַכטע מאשין.

פון דער מאשין זײַנען ארויסגעשפרונגען עסעסאָווצעס און גענומען ארומרינגלען איינס פון די הײַזער...

איצט האָט מיכל אינגאנצן ניט געוווסט, וואָס ער זאָל טאָן. עס האָט זיך אין אים געשטארקט דער געפיל פון קלעמעניש. די גאס איז פאר אים געוואָרן ענג, ענג און שמאָל, ניט דורכצוגיין. ער האָט זיך אף א ווײַלע שטארק פארלאָרן.

פאר א שטיקל אָנהאלט אין לעבן האָט בלויז געדינט דער געדאנק, אז עס וועט אים געוויס נאָך ניט איין מאָל אויסקומען צו גיין אָט אזוי, האנט בא האנט מיטן טויט, און ער טאָר ניט מוירע האָבן... ער האָט צו זיך געזאָגט: „מישע, מאך זיך, אז דו זעסט גאָרניט, און גיי... עס איז ארויסגעפאָרן פונעם ברויט־זאוואָד א פור, אף וועלכער עס פאָרט ניט קיין דײַטש, טאָ נוץ עס אויס און גיי אוועק נאָך איר...“ און אזוי האָט ער טאקע געטאָן...

די גאנצע קראפט, וואָס מיכל האָט צונויפגעזאמלט אין זיך, האָט ער איצט געהאט אָנגעווענדט דערויף, קעדיי באווייזן אַלעמען, אז ער האָט צו דער פור א געוויסע שייַכעס און אז ער גייט נאָך, שיר זיך ניט אָנעמענדיק מיט דער האנט פארן וואָגן, ניט אומזיסט...

ווען דער יונג, וואָס איז געפאָרן מיטן קאסטן ברויט, האָט צו אים אויסגעדרייט דעם קאָפּ און א ווונק געגעבן, ער זאָל זיך אוועקזעצן אפן וואָגן, און מיכל האָט דערזען די גראָ־מאַמזערישע אויגן מיט דער ווילינגערישער הענער טשופּרינע פון אונטערן דאשעק, איז אים שוין מער גאָרניט איבערגעבליבן ווי פאָלגן יענעם, כאָטש דאָס האָט זיך אים זייער ניט געוואָלט טאָן. ער האָט דערקענט וואָלאָדיע סאריטשעוון, פון וועמען ער, מיכל, דער פארטרעטער פונעם דירעקטאָר פון זאוואָד, האָט ניט איין מאָל געהאט צו זינגען און צו זאָגן... פאר דער צייט, וואָס דער יונג האָט געארבעט אפן זאוואָד, האָט ער איבערגעביטן צענדליקער מעלאָכעס. איצט, פארן דייטש, האָט ער זיך, קאָנטיק, אָפּגעזוכט א ווארעם ערטל, ער איז געוואָרן פלייסיק, ער פירט ערגעץ ברויט...

מיכלען האָט זיך געוואָלט אראָפּכאפּן פון וואָגן, קוים האָט ער נאָר אויסגעמיטן די געפאר. נאָר דער יונג האָט אָנגעטריבן דאָס פערד און, הילכיק קלאפּנדיק מיט די רעדער אָן די שטיינער פונעם ברוק, איז דאָס פורל אוועקגעפאָרן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך די מאשינעס מיט דייטשן און בלאסע פּנעמער הינטער די גראטעס. קיין אנדער ברייַרע איז ניט געווען, ווי פאָרן ווייַטער, ביזוואנען דאָס פערד וועט ניט אוועק־גיין שטילער.

מיכלען איז ניט געפעלן געוואָרן, פארוואָס וואָלאָדיע האָט זיך אף אים ניט אומגעקוקט. ער האָט ניט געגלייבט, אז יענער זאָל ניט וויסן, וועמען ער האָט ארופגענומען צו זיך אפן וואָגן. עס האָט אים געשראָקן: ווהין קאָן אים דער יונג פארפירן? און מיכל האָט באשלאָסן אראָפּ־שפּרינגען. נאָר קוים האָט ער זיך אָנגענומען פארן וואָגן, האָט דער אָנטרייַבער שנעל א בליק געגעבן אין זיַין זייַט:

— ווהין, באטשאלניטשעק, זעסט דען ניט, אז עס שטייען פּאָלי־ציי? כ׳וועל דיר זאָגן, ווען אראָפּגיין...

און ווידער איז אוועקגעלאָפן דאָס פערדל, אונטערהינקענדיק אַף איין פוס און טאַראַכקענדיק מיטן קאַסטן ברויט...

ווען אין איינער א שטילער גאס האָט זיך די פור אָפּגעשטעלט און מיכל איז אראָפּגעגאנגען, האָט וואָלאָדיע צו אים א ווונק געגעבן:

— נאטשאלניק, עפּשער וואָלסטו געפּרווּוט אוועקגיין פון שטאָט? כ'קאָן דיך פארבינדן מיט א גרופּע, וואָס קלייַבט זיך אוועקגיין...

מיכל איז אזוי איבערראשט געוואָרן פון דעם, וואָס ער האָט דער־הערט, אז ער האָט גאָרניט געענטפערט, און וואָלאָדיע איז אנשוויגן געוואָרן. ער האָט פארשטאנען, אז מיכל טרויט אים ניט. האָט ער א טרייַב געגעבן דאָס פערד און איז אוועקגעפאָרן.

## 4

ווען אידע איז געקומען אהיים און דערהערט פון דער מאמען, אז מיכל אבעליעוו איז געווען בא זיי און זיך נאָכגעפרעגט אַף איר, האָט זי שטארק פארדראָסן, פארוואָס דאָרע האָט פון איר אויסבאהאלטן, וואָס מיכל איז אין שטאָט. „אויב מע זאָל פארלירן דעם צוטרוי צו כאווײרים, וויאַזוי זשע לעבט מען אַף דער וועלט?" און באַם געדאנק וועגן דעם, וויאַזוי די צייַט האָט פארשארפט די באציִונגען צווישן מענטש און מענטשן, האָט זי גופּע אין זיך דערפילט א ווונד, וואָס האָט ניט אופגעהערט צו ווײי טאָן, פון זינט די דייַטשן זייַנען געקומען. זי האָט דאָך סאשען צו וויסן געגעבן, אז זיי זייַנען איבערגעבליבן אין שטאָט, און ער ווייַזט זיך ניט. זי האָט זיך שוין די אויגן אויסגעקוקט, ווארטנדיק אַף אים... שוין זשע ציט אים ניט זיך דערוויסן, וואָס עס טוט זיך מיט איר און מיט אירע היימישע? שוין זשע ארט אים גאָרניט, וואָס עס קומט פאָר?

ס'איז איר געווען זייער שווער: צום טאטן אין לאגער איז זי ניט געגאנגען און זוכן פרייַנט, זוכן סאשען — אַף דעם געפינט זי צייַט... און ביכלאל, איז דען ניט בעסער, ווען מע האָט איצט קיינעם ניט?

וואָלט דען ניט גלײַכער געווען, ווען זי שלאָגט סאשען אײַנגאנצן ארויס פונעם זינען?

נאָר פון געבן זיך אײצעס ביז אויספילן זיי איז פאָלג מיך א גאנג. זי האָט זיך אײַנגערעדט איינס, און דאָס הארץ האָט געמאָנט עפּעס אנ־דערס. עס האָט גענאָגט און געצויגן. ווידער און נאָכאמאָל זײַנען איר אופגעקומען אין זיקאָרן טויזנטער קלײניקײַטן, וואָס זײַנען אליין פאר זיך עפשער גאָרניט ווערט געווען, נאָר וועלכע האָבן דאָך דערוואָרעמט דאָס הארץ. אָט האָט זי געזען, ווי זיי גליטשן זיך זאלבעגאנד אף ליזשעס הינטער דער שטאָט. מיט א ברייטן שפּאן גייט סאשע פאָרויס איבערן פארשנייטן פעלד, און זי לויפט אים נאָך; ער קוקט זיך אלע ווײַלע אום אף איר און לאכט דערפון, וואָס זי יאָגט אים נאָך און קאָן ניט דעריאָגן. וויפל מאָל איז ער געקומען נאָך איר צו פאָרן אין דרוקערײַ, ווו זי האָט געהאט צו טאָן מיט דער פילטיראזשקע פונעם זאוואָד, קעדיי אָפּצופירן זי אהיים! עס איז האלבע נאכט. אף די גאסן איז שוין קיי־מאט קיינער ניטאָ, בלויז איינציקע מאשינעס יאָגן פונדערווײַטן. ארום לויכטן פײַערן, א סאך פײַערן, אי אין דער הייך, אפן הימל, אי אונטן, אפן נאסן אספאלט. זי און סאשע פליִען אף דער מאשין, דעם ווינט אנטקעגן. זי איז מיד, עס ווילט זיך שלאָפן. ס׳איז איר קילבלעך, נאָר ס׳איז דאָך אזוי גוט צו זיצן באנאנד און וויסן, אז לעבן איר, באַם רודער, זיצט ער, מיט וועמען זי האָט נאָך קיין וואָרט ניט אויסגערעדט אָפן וועגן דעם, וואָס זי פילט.

פון די אלע געדאנקען פארקלײַבט זיך א קלעמעניש אינעם הארצן, און אויב זי צעוויינט זיך ניט, איז עס נאָר דערפאר, ווײַל פון טאָמיד אָן איז אידע קאָרג אף טרערן...

ס׳האָט געטראָפן אין דער קינדהײַט: די מוטער אָדער דער פאָטער האָט זיך אף איר אָנגעבייזערט. אן אנדערע אף איר אָרט וואָלט זיך געוויס צערעוועט. זי פלעגט זיך אָבער פארקלײַבן אין א ווינקל און לאנג שטיין דאָרטן א בלאסע, בעשום־אויפן ניט וועלן זיך איבערבעטן.

„ניין, ניין, — האָט אידע געטײַנעט מיט זיך, — עס קאָן ניט זײַן, אז ער זאָל אלץ אזוי גיך פארגעסן. עפשער האָט מען אים ניט איבער־

געגעבן, אז מיר זײַנען דאָ״. זי איז געווען מער, ווי זיכער, אז סאשע וועט קומען צו גיין. זי איז געווען פול מיט פײַנלעכער ווארטעניש. ס׳האָט זיך איר בלויז ניט געוואָלט, אז די מוטער זאָל וויסן, וואָס עס קומט מיט איר פאָר.

די מוטער האָט דערזען אידען, איז זי צו איר צוגעטראָטן מיט א באקאָשע:

— גייסט אום, זע איך, טאָכטער, און האָסט זיך ניט ווו אהינצו־טאָן... וואָלסטו עפשער צוגעגאנגען צום טאטן. וויפל איז דער שיר צו קאסן זיך אף אים? געגוג האָט אים שוין גאָט באשטראָפט, וואָס ער האָט דיך ניט געפאָלגט. אוואדע, ווען ער פאראקשנט זיך ניט, וואָלטן מיר איצט געווען צווישן אונדזערע און ניט געוווסט פון קיין צאָרעס...

אידע האָט זיך באנײַס אָנגעצונדן:

— האָסט עס צו פארדאנקען דעם ברודער דײַנעם. ווען ניט ער, וואָלטן מיר דאָ ניט געבליבן.

— איך ווייס עס דען אליין ניט? אוואדע איז גערשן שולדיק. איך בין אָבער אויך שולדיק, ניט ווינציקער פון אים. ווען איך זאָג: „יאָסל, מע דארף פאָרן״, וואָלט ער מיך געפאָלגט. נאָר ווער האָט דען געוווסט, וויאזוי ס׳איז בעסער... איך האָב אויך געמיינט, אז עס איז ניט אף לאנג. — און די אלטע האָט זיך צעוויינט.

ווער־ווער, נאָר די מוטער האָט געוווסט, אז אידען קאָן מען נעמען נאָר מיט גוטן. זי איז געהאָרכזאם, טוט אלץ, וואָס מע הייסט איר, ווען דו ביסט מיט איר גוט. קוים דערפילט זי אָבער, אז מע נארט זי אָדער מע באאוולט זי, וועט מען שוין בא איר קיין זאך ניט פויעלן, ווי בא א שטיין.

דעם עמעס געזאָגט, איז שוין אידען געווען א ביסל אָפּגעגאנגען דאָס הארץ אפן טאטן. זי האָט בלויז ניט געוואָלט עס ארויסווײַזן.

דוכט זיך, די מוטער האָט זיך אירס דערשלאָגן. אידע האָט אופגע־הויבן די אויגן צו איר און א זאָג געטאָן:

— גרייט עפּעס צו, איך וועל גיין צום טאטן...

די מוטער האָט געגומען האווען...

## 5

אין דרויסן האָט שוין עטלעכע טעג געפּאַרעט. וואָלקנס האָבן זיך געקליבן, זײַנען אָנגעלאָפן איינע אויף די אנדערע. נאָר צו קיין רעגן איז עס אַלץ ניט דערגאַנגען. עס האָט אַלעמען שטאַרק דערעסן דער ציגל־פּולווער פון די כורוועס, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט פּוסטריט, ווי עפּעס אַ קלעפּיקע אָנשיקעניש, פון וועלכער מע האָט ניט געקאָנט פּטור ווערן. די לופט איז געווען פול מיט אַש און שטויב, עס איז ניט געווען מיט וואָס צו עטעמען. אונטער די ציין האָט געקריצט.

נאָר גראָד איצט, ווען אידע איז אַרײַן צום פעטער, זען, ווער פון זײַנע טעכטער וועט מיטגיין מיט איר, האָט אָנגעהויבן שפּריצן אַ קליין רעגנדל. לעכאַטכילע האָבן די מיידלעך, וואָס האָבן זיך אוועקגעלאָזט צום לאַגער, אויף דעם קיין אַכט ניט געלייגט. עס האָט אויסגעזען, ווי דער רעגן וואָלט נאָך אַליין ניט האָבן באַשטימט, גיין, צי ניט גיין. מיטאַמאָל האָט באַרויגעזלעך אײַנגעהאַלטן און כמורנע ערגעץ אַ ברום געטאָן די ווײַט, אַ טראַסקערײַ איז אוועק פון איין עק כמאַרנעם הימל ביזן אַנדערן, און עס האָט אָנגעהויבן הילכן אַזוי, ווי עמעצער וואָלט אַ פּוסטע פאַס געקײַקלט באַרג־אַראָפּ. אין דער זעלבער רעגע האָט אַ קנויל שטויב זיך פאַרדרייט אינדערלופטן, אופגעהויבן פון דער ערד אַ זײַל מיסט, שטרוי און בלעטער און אוועקגעטראָגן לענגאויס דער גאַס, פאַרשיטנדיק אַלעמען די אויגן. צוזאַמען מיט די דונערן און בליצן, וואָס האָבן, דוכט זיך, געשפּאָלטן די הימלען, האָט זיך דורכגעריסן אַ מאַבל און אַ גאָס געגעבן אויף דער ערד.

מיט אַ בייזער און אומדערוואַרטער קראַפט האָט דער רעגן שנעל אַ וואַש געטאָן די פאַרוואַלגערטע און כאָרעווע גאַסן און פלעצער און ראַשיק אוועקגעטראָגן פינענדיקע ריטשקעס צווישן די אָפּגעסמאַליעטע ביימער און רעשטלעך פון ווענט. אין געציילטע מינוטן אַרום האָבן, רוישנדיק און זיך בלעזלענדיק, אַ לאָז געגעבן פון אַלע זײַטן טײַכן און טײַכעלעך, אויסגעדרייט שטיינער פונעם ברוק און אוועקגעטראָגן זיי מיטן שטראָם.

איבערגעוואַרט דעם ערשטן גוסרעגן אונטער א סטריכע, האָבן זיך די מיידלעך אויסגעטאָן באָרוועס און מיט אונטערגעהויבענע קליידלעך זיך געלאָזט גיין ווייַטער, נאָר איבער דעם, וואָס דער רעגן איז באַלד ווידער אוועק און צעטריבן די נאַטשאַלסטווע פונעם לאַגער, האָט מען די מיידלעך אהינצו ניט צוגעלאָזט. אויסגעווייקטע ביז א פּאָדעם, מיט פאַרביטערטע הערצער, זייַנען זיי געצווונגען געווען זיך אומצוקערן מיטן עסן צוריק אהיים.

דער רעגן איז אוועק און אוועק...

א גאַנצע נאַכט איז דער רעגן שוין נאָכדעם געגאַנגען, א גאַנצע נאַכט געפּויקט אין די שויבן און דעכער, געריסן די רינוועס און מיט שטראָמען וואַסער פאַרפלייצט די שטאָט. בא יאָסל פאַרבער אין שטוב האָט קיינער ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. ס׳האָט דאָס האַרץ ניט געלאָזט זיך לייגן אין א טרוקן און וואַרעם בעט, בייס ערגעץ אין פעלד, אונטערן מאַבל, האָט זיך געמאַטערט זייער פאָטער. די אַלטע גישע האָט געבראָכן די הענט און געוויינט. אַלע זייַנען געזעסן דערשלאָגענע אין דער פינצטער און אַרויסגעקוקט, ווען וועט שוין אמאָל ווערן טאָג, עס וועט אויפהערן דער מאַבל, מע זאָל קאָנען עפּעס אוועקטראָגן אינעם לאַגער. די נאַכט האָט זיך געצויגן ווי פון פעך. בא דער שייַן פון בליצן האָט מען געזען בלויז, וויאַזוי עס גיסט און עס פליוכעט אין דרויסן אָן א סאָף און אָן אָן עק...

פאַרטאָג־צו האָט דער שלאַקסרעגן אופגעהערט. ער איז באַנייַס איבערגעגאַנגען אין א שטיל, זיפּנדיק רעגנדל, וואָס האָט קוים געטריפט און האָט זיך פאַרצויגן ביז אין טאָג אַרייַן. און ערשט דאַן, ווען טראָפּנס האָבן שוין אופגעהערט צו פאַלן אין די קאַליוזשעס, וועלכע האָבן אומעטיק, מיט א מילך־וויַיס און ראָזלעך געמיש, אַרויסגעקוקט צום כמאַרנעם הימל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז ס׳איז אומזיסט געווען די טירכע. ער האָט געמעגט ניט גיין, דער רעגן, ווייַל סייַוויסיַי איז די לופט געבליבן הייס און שטיקנדיק, ווי געווען, און ער האָט קיינעם ניט אָפּגעפרישט, קיינעם ניט מעכייַע געווען. פאַרקערט, ערשט איצט, נאָכן רעגן, האָט שאַרפער אָנגעהויבן צו שמעקן

מיט צעווייקטן קאלך און ליים און עס האָט געצומען ציִען פון ערגעץ מיט רויך, גלײַך צווישן די צעבאָמבירטע קווארטאלן וואָלט זיך ווי־דער דורכגעשלאָגן פײַער און באַנײַס אָנגעהויבן ברענען...

עס האָט זיך באוויזן די זון. לעכאטכילע האָט זי אפילע גאָר פײַן געהאט א בליאסקע געטאָן, שיר ניט ווי אף מאכן יאָמטעוו, ווי אף צו פריילעכער מאכן א ביסל אלעמען אפן הארצן. נאָר קוים דערזען די פארקריפלטע שאָטנס, וואָס די כאָרעוו געוואָרענע מויערן האָבן פון זיך אָפּגעוואָרפן, האָט זי זיך ווי פארשעמט, כאראָטע געהאט אף איר פריִערדיקן גלאַנץ און זיך פארטײַעט הינטער א וואָלקן, ארויסקוקנדיק פון דאָרט רעגעסוויַיז און אומזיכער. און אָט אזוי האָט זיך שוין בע־מיילע פארגעדענקט יענער טאָג אף אייביק: א טאָג א טריבער און פארצויגענער מיט כמארעס, ווען בא דער טונקעלער שײַן פונעם דוש־נעם פרימאָרגן האָבן זיך רעדלעך מענטשן אָנגעהויבן זאמלען אין די גאסן ארום א באפעל, וואָס האָט צו וויסן געגעבן, אז אף ייִדן הייבט זיך אָן א צײַט פון רעדיפעס און גזיירעס, אז אין דער שטאָט, ווו יאָרן־לאנג האָט מען פון קיין צאר ניט געוווּסט, ווערט געשאפן א געטאָ...

נאָך דער שווערער שלאָפלאָזער נאכט, בייס אלע געדאנקען האָבן זיך נאָר געדרייט ארום דעם, וויִאזוי גיכער קומען אין לאגער, האָט איצט אידע מיט כאוועו, איינע פון גערשנס טעכטער, זייער געאײַלט. זיי האָבן זיך אפילע ניט אָפּגעשטעלט א קוק געבן, וואָס קלײַבט מען זיך עס אין די גאסן און וואָס פאר א באפעל איז אומעטום אויסגע־קלעפט... און עס קאָן געמאָלט זײַן, אז זיי וואָלטן זיך טאקע ניט אָפּגע־שטעלט, ווען עפּעס א פארשוין טוט צו זיי ניט א זאָג: „פאר די זשי־דעס האָבן זיך שוין געענדיקט די זיבן גוטע יאָר. ס׳איז זיי ניט די סאָוועטסקע וולאסט״... די מיידלעך האָבן זיך פארהאלטן בא איינעם פון די רעדלעך, ווו מע האָט געהערט ריידן: „א געטאָ, א באזונדע־רער ראיאָן פאר ייִדן״...

דאָס איז געווען אומגלייבלעך. ווילד און אומגעלומפּערט האָט אויסגעזען דער געדאנק, אז מע קאָן טויזנטער מענטשן פארשפארן,

ווי אין א שטײַג, בלויז דערפאר, וואָס זיי זײַנען ייִדן... זײַנען זיי שטי־לערהייט אוועק פונעם רעדל און זיך ווידער געלאָזט גיין זייער וועג.

— איך האָב עפּעס אזוי מוירע... — האָט כאווע געזאָגט. — פאר־וואָס זײַנען מיר געבליבן דאָ? מיר האָבן קיינעם ניט באדארפט פאָלגן און זען זיך ראטעווען.

אידע האָט אויך אזוי געטראכט. ניט מער, וואָס קיין איבעריקס באריידעוודיקע איז זי קיינמאָל ניט געווען, האָט זי אויך איצט געשוויגן.

מיט דער זעלבער גאס, וואָס האָט געפירט אויסער דער שטאָט, זײַנען געגאנגען נאָך ווײַבער צום לאגער. מע האָט מיט זיך געטראָגן עסן, פּעקלעך מיט קליידער. מע האָט קימאט צווישן זיך ניט גערעדט. אלע האָבן געאײַלט. די מיידלעך זײַנען געווען צופרידן, וואָס זיי זײַנען כאָטש ניט אליין, וואָס כאָטש זיי זײַנען אין דעם נאסן און סומנע־פריזיקן דרויסן פאראן נאָך מענטשן.

נאָר אָט איז זיי אנטקעגן אָנגעקומען עפּעס א צעפּאָלאָכעטע ייִדענע מיט א טיכל אָף די אקסל. נאָך פונדערווײַטן האָט זי אויסגע־שריִען אין איין אָטעם:

— ווײַבעלעך, גייט ניט אין לאגער. דאָרטן גיסט זיך בלוט. איר קאָנט נאָך ערגער מאכן...

די ייִדענע איז געווען שטארק צעראשט. זי האָט רעכט ניט גע־ווּוסט, וואָס איז געשען. פון איר דערציילן איז מען קוים דערגאנגען, אז באנאכט זײַנען פונעם לאגער אנטלאָפן א סאך מענטשן און איצ־טער רעכענען זיך די מערדער אָפּ מיט די, וואָס זײַנען איבערגעבליבן.

געדויערט ניט לאנג, און מע דערזעט גיין פון לאגער נאָך עטלעכע פרויען. זיי גייען גיך און האלטן זיך אין איין אומקוקן אָף הינטן. אויך זיי זײַנען צעפּאָלאָכעט און שרײַען פונוויַיטן:

— צעגייט זיך! מע טרײַבט אלעמען אין שטאָט.

— אלע ייִדן טרײַבט מען איבער אָף א נײַ אָרט.

די פרויען האָבן זיך א וואָרף געגעבן הינטער טיר און טויער, קעדיי זען, ווּהין פירט מען די מענער. ס'האָבן זיך דערטראָגן גע־שרייען פון דײַטשן. נאָך א ווײַלע, און פונדערווײַטן האָט זיך גענומען

אָנרוקן א שוואַרצע מענגע מענטשן. אינדערעמעסן האָט זיך אויסגעזאָגט, אַז בלויז א טייל פון די מענער האָט מען עס איבערגעפירט אין אַן אַנדער לאַגער.

און געווען איז אָט וואָס:

...באַנאַכט, בייס דעם שלאָקסרעגן, האָט א טייל מענער אויסגענוצט די פינצטערניש, דאָס, וואָס די וואַך האָט זיך פאַרשטעקט אין די לעכער, און זיך ביסלעכווייַז גענומען אַרויסגאַנווענען פונעם לאַגער. די דייַטשן האָבן געשוויגן, צי זיי האָבן גאָרנישט ניט באַמערקט אָדער געמאַכט זיך ניט זעענדיק, קעדיי האָבן נאָכדעם א מעגלעכקייַט זיך אָפּצורעכענען מיט די איבעריקע. נאָר, ווי פריִער, האָבן זיי זעלטן ווען אַרויסגעלאָזט א קורצע שיסערייַ פון זייערע קוילנוואַרפערס גלאַט אין דער וועלט אַריַין, און די לעבעדיקע פלעמלעך פון טראַסירנדיקע קוילן האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער שייַן פון בליצן.

אַזוי איז דורכגעגאַנגען א שטיק נאַכט...

פאַרטאָג־צו האָט די וואַך אויפגעהויבן אַן אַליאַרעם: אייניקע אוועקגעלייגט אַפן אָרט באַם פּרווון אַריבערשווימען דאָס טייַכל און די איבעריקע, וועלכע זייַנען געשטאַנען אונטערן רעגן צונויפגעשלאָגן אין איין קופּע און אייַנגעדעקט מיט וואָס ווער עס האָט געהאַט, גענומען אַרומטרייַבן איבערן לאַגער, שלאָגן און מיימעסן... עס האָט זיך באַלד דערפילט, אַז עס הייבט זיך אָן עפּעס אַזוינס, וואָס מע האָט ביז איצט נאָך קיינמאָל ניט איבערגעלעבט און אַנטקעגן וואָס די פאַרגאַנגענע נאַכט מיטן מאַבל, מיט די דונערן און בליצן איז גאָרנישט ניט ווערט.

ווי נאָר ס׳איז טאָג געוואָרן, איז געקומען צו פאָרן אַף עטלעכע מאַשינעס די נאַטשאַלסטווע פונעם לאַגער. דער רעגן האָט נאָך אַלץ געזיפּט, און אַרום איז געווען טונקל, נאַס און גרוי. אין שוואַרצע פינקלענדיק־לאַקירטע מאַנטלען, מיט די קאַפּיושאָנען אַף די קעפּ, זייַנען די דייַטשישע אָפיצערן אוועקגעגאַנגען איבערן לאַגער, שיטנדיק מיט באַפעלן.

מע האָט דעם אוילעם אויסגעשטעלט אין רייען און איבערגע־ציילט. עס האָבן געפעלט מענטשן... דער עלטסטער פון דער גרופּע אָפּיצערן, א נערוועזער און זייער באַוועגלעכער פאַרשוין, וועלכער איז די גאַנצע צייַט געשטאַנען פאַרן אוילעם מיט די הענט פאַרלייגט אף הינטן, האָט א זאָג געגעבן דאַפּקע אף רוסיש און דאַפּקע ניט גאָר אַזוי הויך:

— טאַק... טאַק...

ער איז צוגעגאַנגען צו איינעם א יונגנמאַן, וואָס האָט זיך מיט קיין זאַך ניט אונטערשיידט פון אַלע איבעריקע, איז געשטאַנען, ווי אַלע, א בלאַסער און דורכגעווייקטער אף דורך און דורך, און אים א טאָרקע געטאָן אין דער ברוסט מיט דעם גומי־שטעקן, וועלכן ער האָט ביז איצט געהאַלטן פון הינטן:

— דו, יודע, האָסט געזען, ווי מע איז געלאָפן פונדאַנען? פאַרוואָס האָסטו געשוויגן?

יענער האָט זיך געפּרוווט פאַרענטפערן, אַז ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן, אַז ער האָט גאָרנישט ניט געזען. נאָר דאָ האָט דעם נאַטשאַלניק א ברען געטאָן דער גיפט, ער האָט א שפּריץ געגעבן מיט שפּייַעכץ און זיך צעשריִען:

— דו ליַיגסט, יודע! איר זייַט אַלע גרויסע ליגנער, פאַרפלוכטע באָלשעוויקעס! — און ער האָט באַפוילן יענעם דערשיסן.

דעם יונגנמאַן האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון דער ריי און פאַר אַלעמען אין די אויגן דערשאָסן. מע האָט געזען, ווי ער האָט זיך אייַנגעשפּאַרט און ניט געוואָלט גיין. ווי שוין ליגנדיק אף דער ערד, האָט ער נאָך אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און זיך צום לעצטן מאָל אַרומגעקוקט. נאָר די הענט, אף וועלכע ער האָט זיך געהאַט אָנגע־שפּאַרט, האָבן זיך אים אונטערגעבראָכן און ער איז ליגן געבליבן אין דער נעץ.

נאָך פינף מענטשן האָט מען אַרויסגענומען פון דער ריי און אָפּן אָרט דערשאָסן, עס זאָל זייַן אַן אָנלערנונג פאַר די איבעריקע. דערנאָך

האָט מען דעם אוילעם צעטיילט אף צוויי גרופּעס און געהייסן זיך אויסשטעלן אף רעכטס און לינקס פונעם פעלד...

די ייִדן, וואָס זײַנען געשטאַנען אף רעכטס, האָט מען אוועקגעטריבן צו דער שטאָט. מיט די איבעריקע האָט דער נאַטשאַלניק ווי ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. האָט ער אופגעהויבן א האנט און א מאך געגעבן צום אוילעם:

— לאָוז! לאָוז! צו האוזע!

אליין האָט ער זיך געזעצט אין דער מאַשין, וואָס האָט אף אים געוואַרט, און זיך געלאָזט דעריאָגן יענע, וואָס מע האָט אוועקגעפירט צו דער שטאָט...

די ערשטע רעגע האָבן די איבערגעבליבענע ניט געגלייבט דעם נעס, וואָס איז מיט זיי געשען. זיי האָבן מוירע געהאַט, צי גרייט מען פאַר זיי ניט עפּעס א נײַ שפּיצל. נאָר ארום איז קיין זאך ניט געווען, אויסער דעם נאַסן און צעטראָטענעם פעלד. איבערן טראַקט האָבן זיך, ווי ביז איצט, געטראָגן מאַשינעס. קיין שיסערײַ האָט זיך מער ניט געהערט. און מע איז פאַמעלעך געקומען צו־זיך, פאַרשטאַנען, אז דאָס מאָל איז זיי באַשערט צו בלײַבן לעבן, צו זען זיך מיט זייערע היימישע, און מע האָט זיך געלאָזט אהיים.

פאָרויס און פון הינטן דער קאָלאָנע זײַנען געפאָרן עטלעכע אָפענע מאַשינעס מיט קוילנוואַרפערס. בא די זײַטן איז געגאַנגען די וואך פון עסעסאָווצעס און פּאָליצײַען מיט ביקסן אין די הענט. ווען מע האָט דערגרייכט די כאַרעווע קוואַרטאַלן, ווו ס'איז מעגלעך געווען, אז עמעצער זאָל פּרווון אַנטלויפן און זיך אויסבאהאלטן, איז די פאָדערשטע מאַשין אוועק גיכער און ס'איז באַפוילן געוואָרן ניט אָפּשטיין פון איר. די מענער האָבן גענומען לויפן, זיך שטרויכלען איינער אינעם אנדערן און פאַלן, ערטערווײַז פאַרהאַלטנדיק די קאָלאָנע אין איר האַסטיקן גאַנג. די דײַטשן זײַנען נאָכגעלאָפן און געשלאָגן, ווער ס'איז זיי געקומען אונטער די הענט.

די פרויען האָבן גענומען נאָכלויפן, קעדיי זען, וווּהין מע פירט זיי. אידע מיט כאַווען האָבן דערזען זייערע טאַטעס. זיי האָבן זיך גע־

האַלטן צוזאמען. טרויעריק איז געווען צוצוקוקן, וויאַזוי דער הויכער גערשן לייגט קלאַפּטער מיט זײַנע לאַנגע פיס און דער קליינער יאָסל לויפט אים נאָך, אונטערהייבנדיק אַלע ווײַלע די הויזן.

אין דעם שרעקלעכן געפילדער האָט אידע דערהערט דעם טאַטנס קאָל, וואָס האָט אויסגעשריִען דאָס וואָרט „שיראָקע". אף אזא אויפן האָט זי זיך דערוווּסט, ווּהין מע טרײַבט די קאָלאָנע.

ווען די מיידלעך זײַנען צוגעקומען צום לאַגער אף שיראָקע, ווו פריִער האָבן זיך געפונען רויטאַרמייִשע קאַזאַרמעס, איז שוין דער טויער געווען פאַרשפּאַרט. נאָר דורכן פּאַרקן האָט מען געזען, ווי אינעם הויף איז שוואַרץ פון מענטשן, ווי דאָרטן קאָכט און רודערט. די דײַטשן, וואָס האָבן באַוואַכט דעם טויער, זײַנען געווען בייז, האָבן זיך ניט געלאָזט ריידן, און קיינעם האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו דער־גייִן, ווען ווען מען צולאָזן צו די פאַרשפּאַרטע אין לאַגער.

# קאַפּיטל פיר

## 1

אַן איבערגעשראָקענע פונעם טומל, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון דרויסן, האָט זיך אופגעכאַפּט פון שלאָף די דאָקטערן יוליִא סערגייעווּנא אוראַלאָוואַ. גיך ארופגעוואָרפן אף זיך דעם כאַלאַט, איז זי ארויסגעקומען אף דער מיט לאָזע פון ווײַנ־טרויבן באַוואָקסענער וועראַנדע און, אונטערגעהויבן דאָס פאָרהענגעלע פונעם פענצטער, געוואָלט זיך דערוויסן, וואָס קומט פאָר אין גאַס. דערזען, וויאַזוי די דײַטשן יאָגן די מענער, שלאָגן זיי, איז זי געבליבן שטיין א געפּלעפּטע...

דוכט זיך, ס'וואָלט געגוג געווען דאָס, וואָס זי האָט דערזען, קעדיי דער גאַנצער טאָג זאָל איר שוין זײַן פֿאַרשטערט, דאַרף נאָך אָנקומען, ווי אַפּצולאָכעס, פֿון דער אַנדערער זײַט, מיט אַ הויך געזאַנג, אַף אַ סאָלדאַ־טישן אויפֿן, דער באַטאַליאָן פּאָליציײַען, וואָס איז אײַנגעשטאַנען בישכיי־נעס. דערזען גיין די פּאָליציײַען, האָט זי אַ ציטער געטאָן, און איר לוי־טער פּאָנעם מיט די לעבעדיקע, פֿון שלאָף אַ ביסל אָנגעבריאַקנעטע אויגן איז נאָך מער פֿאַרומערט געוואָרן. זי האָט זיך אַליין געפֿרעגט: וואָס מיינען זיי זיך, די פֿאַרעטער, עס וועט זיי אַלץ געשענקט ווערן, ווען אונדזערע וועלן זיך אומקערן צוריק? און צו אַלע דײַגעס, וואָס זי האָט געהאַט, איז איר צוגעקומען אַ נײַע פּלאָג: זי האָט ניט געקאָנט פֿאַרגעסן, וויאַזוי מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זי איר טאָכטער, ליוסיען, געטראָפֿן שטיין אין דרויסן מיט איינעם פֿונעם באַטאַליאָן.

ס'איז געווען נאָך גאָר אַ יינגל, אַ בלאָנדס, אַ זעלטן שיינס. ער האָט זי דערזען גיין און זיך העפֿלעך באַגריסט מיט איר, אָפּגעטראָטן דעם וועג. ווען עס זאָל געווען זײַן אַן אַנדער צײַט, וואָלט איר זײַן העפֿלעכקײַט געפֿעלן געוואָרן און זי וואָלט מיסטאַמע, ווי אַלע מאַמעס אין אַזאַ פֿאַל, מיט פֿרייד אַ טראַכט געטאָן, צי איז איר אַמאָל ניט באַ־שערט צו האָבן אים פֿאַר אַן איידעם. איצט האָט זי אָבער אַפֿילו ניט געוואָלט קוקן אין זײַן זײַט. שפּעטער האָט זי ליוסיען געגעבן אַ פֿײַנעם כיילעק דערפֿאַר, וואָס זי קלײַבט זיך ניט פֿאַנאַנדער, מיט וועמען זי האָט צו טאָן, און פֿאַר קיין פֿאַל ניט דערלויבט מער זיך טרעפֿן מיט דעם פּאָליציײַ. זי האָט אָבער ניט געוווּסט, וואָס טראַכט דאָס מיידל, וואָס פֿאַר אַן אויספּיר האָט זי געמאַכט פֿון אירע רייד.

שטייענדיק אַזוי באַם פֿענצטער, האָט זיך יוליאַ סערגייעוונאַ גע־ווענדט דורך דער אָפֿענער טיר פֿון שטוב צו דער טאָכטער, וואָס איז נאָך געלעגן אין בעט. ליוסיע האָט איר עפּעס געענטפֿערט. דער מוטער איז עס ניט געפֿעלן.

— זע זשע, — האָט זי געזאָגט, — אַף דיר טראָג איך שוין אַ בייז האַרץ. — דאָך ניט געוואָלט פֿאַרפֿירן איצט קיין קריג, האָט זי אָפּגעפּענט די טיר פֿון דער וועראַנדע און איז אַרויס אין סעדל, וואָס איז געשטאַ־

נען טיף פארזונקען אין שאָטן, א טונקלס און נאס פון רעגן. אפן גאנעקל איז געזעסן א באָכערל פון א יאָר פופצן־זעכצן אין א ווײַס העמדל מיט אַן אָפּגעלייגטן קאָלנער און קורצע ארבל. ער איז געזעסן א פארטראכ־טער, געבראָכן א צווײַגעלע און געוואָרפן די שטיקלעך אינעם פעסל מיט וואסער, וואָס איז געשטאנען אונטער דער רינווע.

אין סעדל איז געשטאנען א גרין־געפארבטער טיש מיט בענק. עס איז געהאנגען א האמאק. נאָר סײַ דער טיש, סײַ די בענק זײַנען געווען באדעקט מיט סאָסנע־נאָדעלעך און מיט ציגל־שטויב. דער האמאק איז געווען ווי איבעריק, און אַלץ ארום, דאָס גאנצע הויפל מיטן סעדל, מיט די קוסטעס בעז בא יעדע זײַטן פון דער אויסגעפלאסטערטער סטעזש־קע, ווו עס זײַנען געשטאנען קאַליוזשעס וואסער, — אַלץ איז געווען פארלאָזט און וויסט...

עס האָבן סומנע, קוים־קוים געראַשט די סאָסנעס און אָנגעווייעט אַן אומעט. דאָס שטילע געפליסטער פון די בלעטער האָט דערמאָנט אָן דעם, אז ערגעץ איז נאָך פאראן א גרויסע וועלט, ווו מענטשן לעבן פראנק־און־פרײַ און קיינער האָט קיין אנונג ניט דערפון, וואָס מע שטייט דאָ אויס.

דערהערט, אז הינטער אים האָט זיך געעפנט די טיר, האָט זיך דאָס באָכערל אומגעקוקט און ווידער אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

יוליִא סערגייעווונא האָט אים א רעכטע ווײַלע גאָרנישט ניט געזאָגט, ביידע האָבן שווײַגנדיק געהערט, וויאזוי מע רײַסט אוף דעם נישער פון וועגט, וואָס דראָען אײַנצופאלן. אף דעם העלן פאָן פון הימל, ווו די קאָנטורן פון דער מעלוכע־אָפּערע האָבן אויסגעזען, ווי דער סילועט פון אַן אוראלטער, מעכטיקער פעסטונג, האָט זיך א קנוילנדיקער שוואר־צער רויך אופגעהויבן און ס׳האָט גענומען רעגענען מיט אש און שטיי־נער, ווי בייס א ווולקאַן־אויסברוך. א ברעקל ציגל איז אראָפּגעפאלן אפן גאנעקל, ווו דאָס באָכערל איז געזעסן. ער האָט עס מיט קאס אונ־טערגעכאפּט און פארוואָרפן אין די קוסטעס.

ענדלעך האָט זיך יוליִא סערגייעווונא אראָפּגעלאָזט אף דעם זעלבן טרעפּל, ווו דאָס באָכערל איז געזעסן...

— זיך ניט אזוי, איך בעט דיך, — האָט זי אָנגעהויבן צו אים גאנץ שטיל. — ווי שעמסטו זיך ניט? אז דו ביסט אזוי פארומערט, טאָ וואָס זשע, פרעגט זיך, זאָלן מיר שוין טאָן, מיר, ווײַבער?

— האָסט געזען, וואָס מע מאכט פון מענטשן? — האָט דאָס באָכערל זיך אָפּגערופן ניט גערן. — איך זיץ און טראכט... איך קאָן ניט פאר־שטיין, וואָס קומט דאָ פאָר... נעכטן האָט מען פארבײַגעטריבן געפאנ־גענע רויטארמייער. אונטער די קלעפּ פון די באנדיטן פאלט מען, אָפּ־גייענדיק אין בלוט, און די איבעריקע גייען ווײַטער... איצטער יאָגט מען ווידער א מאסע מענטשן, און אלע שווײַגן...

— וואָס קאָן איך דיר ענטפערן, זון מײַנער? כ׳וואָלט געוויס גע־וואָלט, אז דו זאָלסט עס ניט זען. עפשער וועט זיך מיר אײַנגעבן דיך מיט ליוסיען אוועקשיקן אין דאָרף.

— און דאָרטן איז וואָס? זײַנען דען אין דאָרף קיין פאשיסטן ניט פאראן?

— גלייב מיר, איך בין עלטער פון דיר. עס וועט זיי פאר אלץ באצאָלט ווערן...

— ווער וועט צאָלן? — האָט מיט אן אומדערוואָרטער בייזקײַט אויסגעשריִען דער באָכער. — אין דאָרף ווילסטו דאָך אונדז אוועק־שיקן...

די מוטער האָט אים פארוווּנדערט אָנגעקוקט. זי האָט אים ניט דערקענט. פאר איר איז געזעסן א דערוואקסענער מענטש...

## 2

איינע נאָך דער אנדערער האָבן דורכגעטראסקעט עטלעכע מאַ־שינעס מיט יידיקע פעסער, וועלכע זײַנען געפאָרן צום ביר־זאוואָד. פון זייער גערודער האָבן געציטערט די שויבן. ווידער האָט מען ערגעץ ניט ווײַט אופגעריסן עפּעס, נאָר יוליִא סערגייעוונא האָט קימאט גאָר־נישט ניט באמערקט, אזוי פארטיפט איז זי געווען אין אירע מאכשאָ־

וועס. אויסגעהאָדעוועט האָט זי די קינדער אָן א פּאָטער. קיין זאַך איז איר ניט שווער געווען. זי האָט צומאָל געשלעפּט אויף זיך מער, ווי זי האָט געקאָנט פאַרטראָגן. וואָס האָט זי ניט געטאָן, אַז זיי זאָלן זיך ניט פילן ווי יעסוימים, עס זאָל אויף זיי קיין נעבעך ניט זײַן, אַז קיינער זאָל אויף זיי ניט דאַרפן האָבן ראַכמאָנעס! זי האָט קיינמאָל צו זיך ניט צוגעלאָזט דעם געדאַנק, אַז זי וואָלט געקאָנט ברענגען א שטיפטאַטן אין שטוב, כאָטש לעבן אַליין איז איר צומאָל אַזוי שווער געווען. און איצט האָט זי עפּעס אַזוי מוירע געהאַט. זי האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי מע היט זיי אויס.

ווען יוליא סערגייעווונא איז אַרײַן אין שטוב, אָן אופגערודערטע פונעם שמועס מיטן זון, האָט זי ליוסיען געטראָפן נאָך אַלץ ליגן אין בעט, און דער פאַרדראָס, וואָס זי האָט געהאַט אויף איר, האָט זיך געשטאַרקט: א מיידל פון נײַנצן יאָר, און וויל ניט פאַרשטיין, אין וואָס פאַר א צײַט מע לעבט.

— איך האָב, דוכט זיך, וויפל מאָל געבעטן, אַז אויב דו שלאָפסט ניט, זאָלסטו ניט ליגן אין בעט. ווייסט דאָך, אַז איך פאַרלײַד עס ניט.

— שוין, מאַמע, איך שטיי אויף...

— א געוווּנשאַפט איז בא דיר געוואָרן צוצוזאָגן און טאָן זיך דײַנס...

יוליא סערגייעווונא האָט זיך געמיט ניט פאַנאַנדערצובלאָזן דאָס, וואָס האָט זי אופגערעגט. נאָר ווי אַפּצולאָכעס, האָט ליוסיע זיך אוועקגעזעצט אין בעט, פויל אָנגעהויבן גענעצן, ציִען זיך מיט די הענט איבערן קאָפּ. „אומפאַרשעמטע!" — האָט זיך שטיל אַרויסגעריסן בא יוליא סערגייעווונא, ווען באַם מיידל איז אַראָפּגעפאַלן דאָס העמד פונעם אַקסל און עס האָבן זיך אַנטפּלעקט יונגע, שטײַפע, קליינע בריסט. שיין איז זי, קיין אײַנהאָרע, ווי זיבן זונען. סאַראַ קערפּער זי האָט... א קאָפּיע פונעם פאָטער אירן סײַ מיט דעם געשטאַלט, סײַ מיט דער זאָרגלאָזיקײַט. ער האָט אויך אָפט ניט געוווּסט, וווּ אײַן און וווּ אויס. מע כאַפּט מיידלעך און מע שיקט זיי אַוועק קיין דײַטשלאַנד. און ווען מע זאָל שוין אַפילע ניט כאַפּן, איז אויך ניט גוט. אומעטום איז פול מיט פּאַ־

שיסטן, מע קאָן איבער זיי א גאס ניט דורכגיין. זיי קוקן אַף פרויען פרעך און גיריק. אויסער זיי זײַנען דאָ אויך פּאָליציײַען — ניט קיין קלע־נערע הינט פון זיי. דערזעען זיי א שיין פּענעמל, כאַפּט זיי אָלעמען די כאָליערע. מע קלעפּט ארום דעם, ווי פליגן ארום צוקער. דער מויעך דרייט זיך איר, איבערטראַכטנדיק, וואָס מע טוט...

פון די גרויסע זאָרג, וואָס באַפאַלן זי, ווייסט שוין יוליִא סערגיי־עוונא אינגאנצן ניט, וואָס מע הייבט אָן צו טאָן. אין שטוב קאָן זי מער ניט אײַנזיצן. זי פילט, אז זי מוז עפּעס נעמען טאָן, זיך האַלטן מיט עמעצן אָן אייצע...

אין גאס טרעפט זי מענטשן, וועלכע לייענען עפּעס א נײַעם באַפעל. און איר טוט באַלד א טיאָכקע דאָס האַרץ: „מיסטאמע, שוין ווידער עפּעס א גזיירע"... עס גיט איר א ציִ צוגיין א בליק טאָן, וואָס מע לייענט עס. אין דער זעלבער צײַט, וואָס זי קומט צו צום רעדל מענטשן, שטעלט זיך דערבײַ אָפּ א פור מיט ליידיקע פעסער און עס קומט אויך צו דער פורמאַן אין א קורצער, האַרטער ברעזענטענער ספּעצאָווקע, באַלעגאַ־ליש־ברייטלעך פּאָכענדיק מיט די הענט. יוליִא סערגייעוונא האָט דער־קענט דעם מענטשן: דאָס איז געווען דער פאָטער פון איינעם א טויב־שטומען יינגעלע, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געלעגן בא איר אין שפּי־טאָל מיט סקאַרלאַטין. דער פורמאַן האָט ערגעץ געאַרבעט אין א קיך בא דער אײַזנבאַן און פלעגט קומען צו פאָרן אין שפּיטאָל געווירע ווערן, וואָס מאַכט זײַן קינד.

דער פורמאַן איז געווען, קאָנטיק, עטוואָס בעגילופן. די ווייכע, פאַרשמאָלצענע קעפּקע איז בא אים געווען פאַרוקט אַפן קאַרק. ער האָט אויסגעזעען גאַנץ האָפערדיק בא זיך.

— וואָס, שוין ווידער עפּעס א נײַס? — האָט ער הייזעריקלעך געפרעגט, א טיצע געבנדיק מיטן בײַטש־שטעקל אין דער מעלדונג. — עס שיטן זיך בא זיי די נײַס, אָהאָ, ווי ציגענע באָבקעס. א כאָליערע זיי אין די זײַטן ארײַן.

— ס'איז יענער מין נײַס. פון אזוינע נײַס קאָן מען גיך ווערן ווײַס... — האָט אים אָפּגעענטפערט אין זעלבן טאָן, האַלב אין שפּאַס,

האָבּ ערנסט, אויך אזא לעץ, ווי ער, וואָס האָט געארבעט ניט ווײַט אין א שוסטער־ווארשטאט און איז ארויס פון דאָרטן אף א ווײַלע אינעם פארטעך.

— וואָס זשע שרײַבן זיי דאָ? לייענט עמעצער, אז מע זאָל הערן א וואָרט, — האָט דער פורמאן געבעטן און זיך צעשמייכלט: — איך האָב מיר מײַנע ברילן אין דער היים פארגעסן.

— וועגן א באזונדערן ראיאָן פאר די ייִדן שרײַבט מען דאָ, ביז אווגוסט כוידעש דארפן זיך אלע ייִדן אריבערקלײַבן אף נעמיגע. א געטאָ וועט דאָרט געשאפן ווערן פון זייערטוועגן...

— ווארט, ווארט, — האָט דער פורמאן פארהאלטן דאָס מיידל, וואָס האָט אים געגעבן צו דערקלערן. — ס'איז דיר ניט קיין יויך־בולבע, וואָס דו שלינגסט אזוי. ווהיך, זאָגסטו, דארף מען זיך אריבערקלײַבן?

— אין געטאָ... ס'הייסט, אין אזא ספּעציעלן, אָפּגעצוימטן ראיאָן, פונוואנען מע וועט אָן א דערלויבעניש קיינעם ניט ארויסלאָזן.

דער פורמאן האָט זיך בעריש איבערגעשטעלט פון פוס אף פוס, און עס האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן דער קוראזש. דאָס מויל איז אים געבליבן אָפן. ער האָט פארשמאכט א לעק געטאָן מיט דער צונג די אונטערשטע פליישיקע ליפּ, וואָס האָט זיך אים ערטערווײַז געשיילט און געהאט א יונגע, בלוי־ראָזע הויט, ווי פון אָפּבריִען זיך מיט צו שטארקן עסיק. אין דער ברעזענטענער הארטער, ווי בלעך, ספּעצאָווקע, מיט די ברעזענטענע הענטשקעס אונטערן רימען האָט ער אויסגעזען לעפּיש און מעגושעמדיק.

נאָך ניט לאנג צוריק האָט ער, ווײַזט אויס, געהאט צו טאָן מיט פּעסער ערגעץ אין אן אײַז־קעלער און האָט אָנגענומען טירסע אפן רויטן טשוב. אין טירסע איז אויך געווען זײַן היטל, וואָס האָט זיך אים געהאלטן אפן קארק מיט ניסים. עס האָט געשמעקט פון אים מיט אייל און מיט דעם געזאלצענעם און געזונטן רייעך פון ראגאָזשעס, אין וועלכע מע פּאקט אײַן טאראנקעס.

— אלע, זאָגסטו, דארפן זיך אהין אריבערקלײַבן? — האָט ער

איבערגעפרעגט. — ווי איז אָבער, אז עמעצער האָט א ייִדיש ווײַב? קינדער מיט איר?

— אַלצײַנס...

— אַלצײַנס?..

ס'איז אים דאָס היטל אַראָפּגעפאַלן פונעם קאָפּ. ער האָט זיך אָנגעבויגן עס אופהייבן. עטלעכע מינוט איז ער דערנאָך געשטאַנען א שווײַגנדיקער און פארטראַכטער, זיך געוויגט פאַמעלעך הין און צוריק און ניט געוווּסט, צי גלייבן אין דעם, וואָס מע זאָגט, צי א שפּײַ געבן אף אַלץ, ווי אף א זאַך, וואָס איז ניט געשטויגן, ניט געפלויגן, און זיך לאָזן צום ביר־זאַוואָד אויסטרינקען א קופל ביר.

שטום, מיט א שווערן בליק האָט דער פורמאַן באַטראַכט די מענטשן אַרום, ווי ער וואָלט געזוכט, עמעצער זאָל אים באַשטעטיקן, צי איז עס טאַקע אַזוי, צי ניין...

אין א זײַט א ביסל פון אַלעמען איז געשטאַנען דער מאַשיניסט אַנדריי רודאָוויטש, וועלכער האָט זיך גראָד געהאַט אומגעקערט פון איינעם א מאַרשרוט. ער איז, ווי טאָמיד, ווען ער קומט פון ערגעץ, געווען אין א פאַרשמאָלצענער פופײַקע, אפן קאָפּ — דאָס וואַרעמע ווינטערדיקע היטל מיט פאַרבונדענע קליאַפּן אף הינטן, מיט דעם שוואַרץ־געפאַרבטן קעסטל אין דער האַנט. ער איז געגאַנגען פאַרבײַ, דערזען מענטשן לייענען עפּעס, איז ער צוגעקומען, ניט אַזוי צוליב דעם, קעדיי זיך צו דערוויסן, וואָס מע שרײַבט, ווי הערן, וואָס ריידן מענטשן, וויאַזוי נעמען זיי אויף די נײַע גזיירעס. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. דער אויסדרוק פון רודאָוויטשעס אויגן האָט דעם פורמאַן באַשטעטיקט, אַז עס איז, ליידער, אַלץ טאַקע אַזוי, ווי מע רעדט...

איבערגעפירט דאַן זײַן בליק צו יוליאַ סערגייעוונאַ — צו דער פרוי אין דעם לײַכטן, העלן רעגן־מאַנטל, וועלכע האָט אים אויסגעזען צו זײַן קענטלעך, — האָט דער פורמאַן אויך אין אירע אויגן דער־זען טרויער און צעטראָגנקײַט. האָט ער פאַר קאַס א קריץ געטאָן מיט די ציין:

— נו, און דערנאָך? דערנאָך וואָס וועט זײַן?

— דערנאָך וועט מען אַלעמען דאָרטן פאַרשפּאַרן, ווי אין טורמע, און ניט צולאָזן צו זיי ניט קיין עסן און ניט קיין טרינקען, כאָטש שטאַרב.

דעם פורמאַן האָט זיך עפּעס ניט געלייגט אפן סייכל. עס איז אים אַלץ אויסגעקומען צו אומגעלומפּערט און ווילד. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז מע טרײַבט פון אים לעצאָנעס. האָט ער געפּרוווט א שמייכל טאָן, העפקערדיק א מאַך געבנדיק מיט דער האַנט:

— גיי שוין, גיי. קענסט עס דערציילן דער באָבען דײַנער, ניט מיר... וועלכער נאַר וועט זיך עס רוקן אהין? ווי זאָגסטו, האַ? — האָט ער זיך געווענדט צו עפּעס א יונגנמאַנטשיק אין א קאַפּעליוש, מיט אַן אופגעשטעלטן קעלנערל.

דער פאַרשוין האָט אים גאָרנישט ניט געענטפערט. ער איז געשטאַנען, ווי א פּאַסיווער באַאָבאַכטער פון דעם אַלעמען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. געזאָגט האָט דאָס מיידל:

— וועסט בעמיילע גיין, אַז מע וועט הייסן. פאָלג ניט, וועט מען דיך שיסן...

דער פורמאַן האָט שווער, ווי א הליבע, זיך ווידער א וויג געטאָן פון זײַט אין זײַט, אונטערגעהויבן די הויזן, א דריי געטאָן דערבײַ מיט די אַקסל, ווי פאַרן וואָרפן זיך שלאָגן...

— מײַן בראָניעצן וועל איך אהינצו ניט לאָזן, און האָדיע! וואָס וועט מען אונדז טאָן? זאָל מען נאָר פּרווון קומען נאָך איר, וועל איך די העלדזער איבערהריזען. א בראָך זיי אינעם לעבער...

דער פורמאַן האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן רימען די ברעזענטענע הענטשקעס און זיי אָנגעטאָן. אַרײַנגענומען דאָס בײַטש־שטעקל אין דער האַנט, האָט ער זיך געלאָזט צו דער פור מיט א שווערן אַנטשלאָסענעם טראָט.

ניט דערגאַנגען אָבער צום פערד־און־וואָגן, האָט ער זיך אומגעקערט און ווי א בער, מיט ברייט צענומענע עלנבויגנס, צעשפּאַרט דעם אוילעם.

— אַנו, לאָזט מיך אָקאָרשט...

אלע האָבן באַלד דערפילט, אַז דער מענטש וויל דאָ טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס מע טאָר ניט, און מע האָט זיך גענומען צעגיין וועד־ווהין. אַנדריי רודאָוויטש האָט אים נאָך באַוויזן אַ ווונק געבן: „טשעפּע ניט! כאַפּט זיי דער בראָך מיט זייערע שרײַבעכצן. זעסט דען ניט, אַז דײַטשן גייען?״ ס׳איז אָבער שוין געווען צו שפּעט. יענער האָט קיינעם ניט געפאָלגט. ער האָט די מעלדונג אַראָפּגעריסן.

ער האָט אָבער ניט באַוויזן צוגיין צוריק צו דער פור, ווי דאָס פאַרשווינדל אינעם קאַפּעליושל האָט אים געהייסן בלײַבן שטיין. דער פורמאַן האָט אַרײַנגענומען די לייצעס אין די הענט, אָנגעטריבן דאָס פערד, גרייט אַרופצוכאַפּן זיך אַפן וואָגן. נאָר דאָס פאַרשווינדל האָט אים געפּרוווט פאַרהאַלטן. ווען דער פורמאַן האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך, האָט זיך בא יענעם אין די הענט באַוויזן אַ פּיסטאָלעטל. דער פורמאַן, איצט שוין אינגאַנצן אַ ניכטערער, האָט אים אַרויסגעקלאַפּט פון די הענט דאָס שטיקל געווער, זיך אַרופגעכאַפּט אַף דער פור און זיך געלאָזט פאָרויס.

צוהילף דעם שמעקער זײַנען געקומען דײַטשן. עס איז געוואָרן אַ געיעג נאָכן פורמאַן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסערײַ.

פאַמעלעך האָט זיך פונדאַנען גענומען אָפּטראָגן אויך אַנדריי רודאָ־וויטש. ער איז געגאַנגען און זיך צוגעהערט, ווי עס טראַסקעט די פור, ווי עס הילכט די שיסערײַ פון ביקסן.

דאָס געיעג נאָכן פורמאַן האָט אַזוי אויפגערעגט רודאָוויטשן, אַז עס האָבן אים, ווי אין פיבער, געציטערט די באַקן־ביינער. אַפן דאַרן אויסגעשמירטן פּאָנעם מיט בוימל און מאַזוט איז אויפגעשוואָלן געוואָרן מוסקול נאָך מוסקול. ס׳איז אים שווער אָנגעקומען זיך צו באַהערשן.

רודאָוויטש איז געגאַנגען מיט זײַטיקע גאַסן, קעדיי וואָס ווייניקער זיך צו באַגעגענען מיט דײַטשן. יעדער שפּאַן, וואָס ער האָט געמאַכט, יעדער זאַך, וואָס ער האָט געזען, האָט אים סײַוויסײַ דערמאָנט אָן זיי. דאָ איז ער אַרויס צום סקווער, וווּ מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אַ דײַטשישע מיליטערישע טייל און אַלץ פאַר־פּאַסקודיעט; דעם פּלויט — אומגעוואָרפן, די ביימער — אַרומגעפּליקט,

דעם פּלומפּ — צעבראָכן. דאָס וואַסער האָט אָן אופהער געפּלייצט און פאַרגאָסן אַ שטיק פון דער גאַס אַזוי, אַז מע האָט ניט געקאָנט דורכ־גיין. און די פּײַנטשאַפּט צו די, וואָס זײַנען שולדיק געווען אין דעם כורבן אַרום, איז אַלץ מער און מער געוואַקסן אין אים, ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל אומגעקערט צו די ראַיוינעס וועגן דעם פורמאַן, צום געדאַנק וועגן דעם, ווי טײַער קאָן יענער באַצאָלן פאַר דער נארישקײַט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן.

נייך, ער, אַנדריי, וועט ניט האַנדלען אַזוי אומבאַטראַכט, ער וועט זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון קאַס, ווי אָט דער פורמאַן.

וויפל מאָל פאַרגלוסט זיך אים, ווען ער פירט אַ צוג מיט דײַטשן און אַנטקעגן טראָגט זיך דאָס היימלאַנד זײַנס אַ צעפּאַסעוועטס, אין בלוט פון קאָרבאָנעס, אין העלישן פײַער פון סרייפעס, מיט קוואָרים אף אַלע וועגן און אומוועגן, — וויפל מאָל פאַרגלוסט זיך אים, ווען ס׳האַרץ ווערט אים צעשפּאַרט פאַר ווייטעק און צאָרן, אופרײַסן צו אַלדי רוכעס דעם קעסל פונעם לאָקאָמאָטיוו, אָדער אינעם פולן גאַנג זיך אַרײַנשנײַדן אין אַ צוג, וואָס שטייט אים אין וועג, אומקומען אַליין און אומברענגען אַלץ, וואָס ער פירט. נאָר אפילע אַזוינס טוט מען דען אף אייגענע אַכרײַעס?

ווייסט דען ווער, וויאַזוי יעדעס מאָל צאַפּט זיך אים, דעם מאַשי־ניסט רודאָוויטש, אָפּ דאָס בלוט, בייס ער דאַרף זיך אָנהייבן קלײַבן אין וועג אַרײַן, און וואָס ער לעבט איבער, ווען ער דאַרף זיך נאָכדעם אומקערן צוריק אַהיים? פונדעסטוועגן, וואָס מער ער ברענט, אַלץ רויִקער פירט ער זיך אוף. ער גראָבט זיך אינעם גאָרטן, האַקט אָן האָלץ, שלעפּט וואַסער, קלוימערשט אויסער דער אַרבעט אַרום שטוב און אַרום דער באַלעבאַטישקײַט, גייט אים קיין זאַך קלאָל ניט אָן. ער איז שטיל, וואָס שטילער קאָן ניט זײַן. ער קוקט זיך צו צו די מענטשן, מיט וועלכע ער אַרבעט. ער זוכט. און אים דוכט, אַז ער איז געפאַלן אף אַ שפּור. ער האָט געפונען...

אַנומלטן האָט ער צופעליק אף דער ליניע געהאַט זיך באַגעגנט

מיטן שעף פון דעפּאָ, מיט מאַלצעוון, זײַנעם אַן אַלטן גוטנבערודער, מיט וועמען ער האָט אָפּגעאַרבעט צוזאַמען צענדליקער יאָרן.

געווען איז עס אָוונט־צו, שאָטן און ליכט האָבן זיך אויסגעמישט אַזוי, אַז עס איז שווער געווען צו דערגיין, ווו עס הייבט זיך אָן דער אָוונט און ווו עס ענדיקט זיך דער טאָג.

ער, רודאָוויטש, האָט זיך נאָרוואָס געהאַט אומגעקערט פון אַ מאַרשרוט. ער איז געשטאַנען לעבן פּעכקענדיקן לאָקאָמאָטיוו און געווישט די הענט מיט אַ הויפן פּאַקליע, איז פון דעפּאָ אַרויסגעקומען מאַלצעוו.

ערגעץ נאָענט, הינטער דער דעפּאָ, האָבן געפּויקט אָן אופהער פּנעוומאַטישע האַמערס און פונעם דריבנע קלאַפּן זייערס האָבן געציטערט די ערד, די ווענט פון דעפּאָ, די שויבן. דורך די הויכע, פּאַרייכערטע פענצטער פון דעפּאָ האָט קעסיידער געבליצט אַ שווייס־אַפּאַראַט, בלוילעך־העל באַלויכטן מיט בלענדנדיקע פלאַמען סײַ די רויטע ציגלנע ווענט, סײַ די האַלב־צעבראָכענע וואַגאָנעס, וואָס זײַנען געשטאַנען דערבײַ און געוואַרט אויף רעמאָנט.

— נו, וואָס הערט זיך גוטס? — האָט מאַלצעוו געפרעגט, זיך פאַרהאַלטנדיק לעבן רודאָוויטשן אויף אַ רעגע.

— ווייס איך וואָס!.. — האָט אַנדריי אומגערן אַ מאַך געטאָן, ווי איינער, וועמען דאָס לעבן האָט שוין אַזוי דערעסן, אַז אים איז שוין קיין זאַך ניט ניכע.

— מע אַרבעט, הייסט עס?

— מע אַרבעט מיט די זײַטן.

עס איז פאַרבײַגעגאַנגען אַ לאָקאָמאָטיוו און ביידן אײַנגעהילט אין קנוילן דאַמף. און דעמלט, ווען דער מילך־ווײַסער וואָלקן האָט זיי פאַרשטעלט איינער פון דעם אַנדערן, האָט רודאָוויטש דערפילט באַ זיך אויפן אַקסל מאַלצעווס האַנט, דערהערט, ווי יענער האָט אים צוטרוילעך אַ זאָג געגעבן:

— אַרבעט, אַרבעט, ברודערקע, אַזוי דאַרף מען.

ווען דער דאַמף האָט זיך צעזייט, איז שוין מאַלצעוו לעבן אים ניט

געוועז. א קליינוווקסיקער און געלאסענער, האָט מאַלצעוו ווידער ערגעץ געשפּאַנט מיט דער ליניע, ווי ער וואָלט רודאָוויטשן גאָרנישט ניט געהאַט געזאָגט. פון דאַן אָן איז בא רודאָוויטשן געבליבן אַן אײַנדרוק, אַז מאַלצעוו האָט אים עפּעס ניט דערזאָגט, אַז ער מוז אומבאַדינגט ווידעראַמאָל זיך טרעפן מיט אים.

איצט, נאָך דער געשיכטע מיטן פורמאַן, האָט דער ווילן זיך צו זען אויג־אף־אויג מיט מאַלצעוון זיך נאָך מער אין אים פאַרשטאַרקט. ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דעם, וויאַזוי מע פירט עס אויס. מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז ער א מידער פון גיין צופוס פון דער סטאַנציע, — פון איין עק שטאָט אין דעם אַנדערן, — אַרײַנגעקומען צו זיך אין שטוב.

צעבראָכן פון דעם מעסלעס צײַט זײַן אף די פיס, האָט ער געבענקט נאָך א מינוט רו, ווי עס קאָן נאָר בענקען א מענטש, ווען די אַרבעט, וואָס ער טוט, איז אים שטאַרק ניט צום האַרצן. קוים איז ער אָבער אַריבערגעטראָטן די שוועל און דערזען, ווי די טאָכטער זײַנע וואַשט דעם דיל, האָט זיך אין אים אופגעהויבן אַן ערגערניש.

ער האָט שווײַגנדיק אוועקגעשטעלט זײַן קעסטל אפן באַשטימטן אָרט און אָנגעהויבן אויסטאָן די אין מאַזוט אויסגעשמירטע וואַטאָווקע.

— און ווו איז די מאַמע?

לויטן קאָל, מיט וועלכן ער האָט געפרעגט, האָט מען לײַכט געקאָנט דערקענען, אַז ער איז שטאַרק אופגערייצט.

— זי וועט באַלד אַרײַן.

ער האָט אָנגעגאָסן וואַסער אין האַנטפּאַס, געוואָלט נעמען דעם האַנטעך, נאָר ניט געפונען אים אף זײַן אָרט. די ערגערניש, וואָס האָט געזויגן באַם האַרצן, איז אַלץ געשטיגן.

ער איז אָנגעפאַלן אף דער טאָכטער:

— וואָס האָסטו מיטאַמאָל גענומען פוצן די שטוב? ס׳איז עפּעס א יאָמטעוו בא דיר?

שטייענדיק אָנגעבויגן איבערן פאַל מיט דער שמאַטע אין דער

האנט, האָט גאַליע אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום פּאָטער, פּארשארנדיק מיטן אָרעם די האָר, וואָס זײַנען איר אראָפּגעפאלן איבער די אויגן.

— זע נאָר, — האָט זי געזאָגט, — מע טאָר גאָר ניט צוראמען א ביסל. ס׳איז דאָך שוין א ביזע־ביזאָיען פאר מענטשן.

— ס׳וועט ניט געפעלן דײַנע קאוואַלערן, מעגן זיי ניט גיין. — און רודאָוויטש האָט שטיל צוגעגעבן, ווי פאר זיך: — לאָמיר כאָטש אין שטוב ניט דארפן זיך פארשטעלן. ס׳ליגט מיר ניט אין קאָפּ די ריינקייט דײַנע...

גאַליע האָט געשוויגן. פון טאָמיד אָן האָט זי געוווּסט, אז ווען דער פּאָטער איז אין קאס, איז דאָס בעסטע גאָרניט ענטפערן אים. האָט זי אויך איצט אָנגעווענדט דאָס אויסגעפּרוּווטע מיטל און ווידער שטיל זיך גענומען טאָן אירס.

בייז און אומגעדולדיק האָט דער פּאָטער געקלאפּט מיטן ציגל פון האנטפאס. שטייענדיק האלב אויסגעטאָן אין דער אָפענער טיר פון דער קיך, האָט ער געפרעגט:

— און ווו איז קאָליע? אין שול דארף מען ניט גיין, וואקסט עס ווי אין וואַלד.

— ער לויפט ערגעץ אום מיט מישקען.

— וווהין טראָגט עס אים ארום?

— ווער ווייסט אים?

— און וואָס ווייסטו יאָ?

דאָס מיידל האָט פאמעלעך באטראכט דעם פּאָטער:

— נו, פּאַפּינקע, עפּעס א מין מאָדנער ביסטו הײַנט. ס׳איז דיר אָנגעזאָליעט אפן הארצן, ווילסטו צו מיר אויסלאָזן.

— און דיר איז ניט אָנגעזאָליעט אפן הארצן? ס׳איז דיר גוט? דײַן טאטע ארבעט פאר די הינט, פּירט זיי געוועער צום פראָנט...

די גאנצע צײַט איז ער שוין געווען צערודערט און בייז. ווען די מוטער און קאָליע זײַנען געקומען, איז שוין אויך קיין רו ניט געווען. מע האָט געזען, אז דעם מענטשן גייט ניט אײַן דאָס לעבן, און קיינער האָט ניט געוואגט אויסצוריידן א וואָרט...

# קאפיטל פינף

## 1

אין דער נאכט פונעם בייזן שלאקסרעגן, ווען א קלײנעם טייל פון די ייִדן האָט זיך אײַנגעגעבן ראטעווען פונעם לאגער, איז פון דאָרטן אויך אנטלאָפן אָשער מארגוליס מיט אליקן, מיטן באָכערל, דעם רעמעסלעניק, וועלכער האָט איבער אים ארײַנגעכאפט קלעפּ פונעם דײַטש און צו וועמען מארגוליס האָט זיך פון דאן אָן צוגעבונדן, ווי צו א לײַבלעך ייִנגערן ברודערל; צוזאמען האָבן זיי געגעסן דאָס, וואָס די אומבאקאנטע פרוי האָט איבערגעלאָזט, צוזאמען געהונגערט, ווען עס איז ניט געווען וואָס צו עסן, און צוזאמען באשלאָסן זיך לאָזן צום פראָנט, ווי נאָר עס וועט זײַן א מעגלעכקײַט דערצו.

ס'איז געווען א שטארק פינצטערע נאכט. דער רעגן האָט פארגאָסן די אויגן, און מע האָט גאָרניט געזען פאר זיך. באזונדערס שווער איז געווען מארגוליסן, וועלכער האָט אָן ברילן געטאפּט, ווי א בלינדער, דעם וועג אין דער פינצטער, איז יעדעס מאָל אָן עפּעס אנדערס געשטרויכלט געוואָרן און שיר ניט געפאלן, ווען דערבײַ זאָל ניט געווען זײַן דאָס ייִנגל, וואָס האָט אים ערטערווײַז פּאָשעט געפירט פאר דער האנט.

מינוטנווײַז האָט זיך אויסגעוויזן, אז די ערד שטעלט זיך דיבאָם און זיי וועלן אונטער דעם געהילך פון דונערן באגראָבן ווערן צווישן אירע הליבעס. יעדעס מאָל, ווען א בליץ האָט באלויכטן די פעלדער, די פינענדיקע ריטשקעס אונטער די פיס, פלעגן זיי זיך ביידע צוזעצן צו דער ערד אויס מוירע, מע זאָל זיי ניט דערזען. עס האָט זיך געדוכט, אז אייביק וועלן זיי שוין אזוי אומבלאָנקען, זיך אויסגליטשן און פאלן, און אייביק וועט אזוי גיסן, דונערן און בליצן.

ווען פאר זייערע אויגן איז אויסגעוואקסן א טויער פון עפּעס א

הויף, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זײַט פֿונעם וועג, איז עס זיי אויסגעקומען, ווי דער סכאַר פֿאַר אַלע זייערע ביז־איצטערדיקע אָפּקומענישן. געהיט, ניט אופּצוועקן, כאַלילע, קיין הונט, האָבן זיי זיך אַרײַנגעכאַפּט אַהין.

זיי זײַנען געווען נאַס, דורכגעווייקט, קיין טרוקענער פֿאָדעם איז אויף זיי ניט געווען. און כאָטש אין דרויסן איז ניט געווען קאַלט, האָט מיט זיי געטרייסלט.

דערזען אַ שטאַל, האָבן זיי זיך אַרײַנגעשלײַכט אינווייניק. אויבן, אויף די דראַבינעס, איז געלעגן פֿריש היי. אַרופֿקלעטערן אין דער הייך האָט קיין קויעך ניט געקלעקט. איינער דעם אַנדערן האָט געמוזט אונטערהעלפֿן. ענדלעך האָבן זיי זיך פֿאַרקליבן אין דער הייך, זיך אײַנגעגעניורעט אינעם היי. דאָס געפֿיל, אַז זיי זײַנען פֿאָטער געוואָרן פֿונעם לאַגער, אַז זיי וועלן זיך קאָנען לאָזן גיין צום פֿראָנט, — דאָס דאָזיקע געפֿיל האָט דערמונטערט און נײַע קויכעס צוגעגעבן. שלאָפֿן, שלאָפֿן האָבן זיי איצט געמוזט, כאָטש אַ קורצן דרעמל כאַפּן, קעדיי צו האָבן קויכעס גיין ווײַטער.

אַליק איז באַלד אײַנגעשלאָפֿן, און מאַרגוליסן איז אויסגעקומען, ווי שווער עס איז אים ניט געווען דאָס צו טאָן, עטלעכע מאָל אים אופֿוועקן, אַז ער זאָל אַזוי ניט שנאָרכן. ער אַליין איז לאַנג געלעגן מיט אָפֿענע אויגן אין דער פֿינצטערניש, געהערט, ווי דער רעגן גייט אַלץ שטילער און שטילער, פֿויקט דריבנע אינעם דאַך; ווי אונטן, אין שטאַל, קרעכצן און זיפֿצן פֿון שלאָף די כאַזיירים. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, צי זײַנען כאָטש אין דאָרף ניטאָ קיין דײַטשן, ווער קאָנען זײַן די באַלעבאַטים פֿון דעם הויף, ווו זיי געפֿינען זיך, און וואָס, אַשטייגער, וואָלטן זיי געטאָן, ווען זיי דערוויסן זיך, אַז אין שטאַל באַ זיי באַהאַלטן זיך אויס ייִדן?

ווען ער האָט זיך אופּגעכאַפּט, איז געווען טאָג. אין שטאַל האָבן געכריוקעט די כאַזיירים. מע האָט געהערט, ווי אין הויף רופֿט עמעץ צונויף די הינער. אים איז געווען אומגעהײַער שווער זיך אָנצושטויסן, ווו ער געפֿינט זיך, אַזוי פֿרעמד זײַנען געווען אָט די אַלע היימישע,

פרידלעכע קלאַנגען, וואָס ער האָט געהערט, דער הארבערווירקלעכ־קייט. א נאָענטע שיסערײַ פון ביקסן האָט אים אומגעקערט צו דער בייזער וואָר. ער האָט א ציטער געגעבן און געוואָרפן א בליק אף אליקן. יענער האָט גאָרנישט ניט געהערט. ער האָט זיך אזוי אײַנגעמאָסטעט אינעם היי, אז מע האָט נאָר ארויסגעזען דעם קאָפּ און די שמאָלע אקסל. דער קאָלנער פון דעם טונקעלן קאָרטענעם העמדל מיט שפּורן פון צייכנס, וואָס ער האָט אף דעם געטראָגן, בייס ער איז געגאנגען אין דער פאכשול, איז געווען צעשפּיליעט. עס האָט זיך געזען א דאַ־רער, מאָגערער האלדז, ווי בא א הענדל. ס'איז געווען א שאָד אים צו וועקן. און מארגוליס האָט ארויסגעקוקט אינעם כמורנעם דרויסן.

עס האָט אלץ געמאראקעט א רעגנדל. אפן רוף פון דער באלע־באָסטע זײַנען איבערן הויף געלאָפן די הינער. זיי זײַנען אויך געווען פּיטש־נאס. אינעם נעפּל פונעם זיפּנדיקן רעגנדל, ווי אין מילך, האָט זיך אוועקגעצויגן א ריי טעלעגראַף־סלופּעס, אף וועלכע עס זײַנען געזעסן קראָען. ס'האָט זיך געזען א פלאַץ, א פארוואלגערטער מיט אלטע, צע־בראָכענע אוטאָמאָבילן און טראקטאָרן, מיט בענזין־ציסטערנעס. איבער דעכער און דעכלעך פון ארומיקע געבײַדעס האָט ארויסגעקוקט א שפּיץ פון א ווײַט קלויסטערל.

א נאָענטער פײַף פון לאָקאָמאָטיוון האָט מארגוליסן איבערראשט ניט ווייניקער, ווי די שיסערײַ, וואָס האָט זיך באנײַס אמאָל איבערגעכאַ־זערט. ער האָט ניט געקאָנט פארשטייך, ווו זיי געפינען זיך. עס האָט געמאכט דעם אײַנדרוק, אז גאָר נאָענט איז עפּעס א גרויסע אײַזנבאן־סטאנציע. און ס'האָט אים א יאָג געטאָן דאָס הארץ: שוין זשע האָבן זיי זיך געדרייט די גאנצע נאכט ארום שטאָט?

מארגוליס האָט אופגעוועקט דאָס באָכערל:

— אליק, קאָנסט ניט זאָגן, ווו מיר געפינען זיך? מע שיסט ערגעץ גאָר נאָענט.

אליק האָט געשמאק געגענעצט, ס'האָט זיך אים געוואָלט שלאָפן. מארגוליס האָט ניט געלאָזט.

— לאָמיר זיך אָפּטראָגן פונדאנען, קאָלזמאן ס'איז נאָך ניט שפּעט.

זיי האָבן גענומען אַראָפּקריכן פון די דראַבינעס.

אַרויסגיין פון שטאַל האָבן זיי אָבער ניט באַוויזן. עס האָט זיי דערזען דער באַלעבאָס, וועלכער איז אַרײַן מיט עסן פאַר די כאַזיירים. קיין באַזונדערס גרויסן רוישעם האָבן די צוויי פרעמדע מענטשן אַף אים ניט געמאַכט. ער האָט זיך בלויז אָנגעכמורעט אַ ביסל, און דאָס פּאָנעם זײַנס איז געוואָרן נאָך מער פאַרזאָרגט. ער האָט קורץ געפרעגט:

— פונעם לאַגער אַנטלאָפן?

לייקענען האָט ניט געהאַט קיין זין.

דער באַלעבאָס האָט זיך אָפּגערופן:

— איר הערט די שיסערײַ? דאָס רעכנט מען זיך אָפּ אַזוי מיט אײַערע דערפאַר, וואָס איר זײַט אַנטלאָפן.

מאַרגוליס מיט אַליקן האָבן זיך שווײַגנדיקערהייט איבערגעקוקט...

די כאַזיירים האָבן דערשמעקט דאָס עסן, זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַ געפּילדער צו דעם באַלעבאָס. שרײַענדיק אַף זיי און אָפּטרײַבנדיק פון זיך, האָט ער זיך אַ ביסל פאַרהאַלטן באַם אַרײַנגיסן דאָס עסן אין קאָרעטע. נאָר אָט האָט ער זיך אומגעקערט און געפרעגט די געסט:

— וואָס זשע טראַכט איר ווײַטער צו טאָן? לאַנג זיצן אין שטאַל איז דאָך אויך קיין טאָלק ניט. פּאַקט מען אײַך דאָ, וועט זײַן אָך־און־וויי צו אײַך און צו מיר אויך.

— מיר וועלן באַלד אַוועקגיין...

— וווהין?

— איך האָב אין שטאָט אַ באַקענטן, — האָט געענטפערט מאַרגו־ליס. — מיר וועלן פּרוּוון זיך דערקלײַבן צו אים. און דערנאָך וועלן מיר זען וואָס ווײַטער צו טאָן...

דער באַלעבאָס איז אַוועק אין שטוב און זיי געבראַכט איבערצו־בײַסן. די גאַנצע צײַט, וואָס זיי האָבן געגעסן, איז ער געזעסן אין שטאַל און גערעדט מיט זיי. ער האָט אויסגעפרעגט, צי זיי זײַנען היגע אָדער נייע. דערהערט, אַז בא איינעם איז די מישפּאָכע איבערגעבליבן אין ביאַליסטאָק און באַם אַנדערן — פאַרלאָרן געגאַנגען, האָט ער זיי

פאַרגעלייגט ווידער ארופקלעטערן אף די דראבינעס און איבערליגן דעם טאָג אינעם היי.

— אין שטאָט, — האָט ער געזאָגט, — האָט איר ניט וואָס צו גיין. ווילט איר פּרווון ס׳מאזל, טאָ לאָזט זיך צום פראָנט...

דערעכאַגעוו האָט ער דערציילט, אז עטלעכע כאווירים זײַנע, אר־בעטער פון עמטעעס, זײַנען די טעג אויך אוועק אף מיזרעך. עפשער וועט זיך זיי אײַנגעבן זיך דורכרײַסן.

פארנאכט, איידער זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג, האָט דער באַלע־באָס זיי ארײַנגערופן אין שטוב. מע האָט זיי ווידעראמאָל אָנגעקאָרמעט. פײַער האָט מען מוירע געהאט אָנצוצינדן, מע האָט געגעסן אין דער פינצטער. באדינט האָט זיי די באַלעבאָסטע. כויץ איר איז אין שטוב געווען אן אַלטיטשקע. זי איז געזעסן א פארומערטע אפן ברעג בעט און געשוויגן. די קינדער האָט מען ניט געזען און ניט געהערט.

באוויזן די אנטלאָפענע דעם וועג, האָט זיך דער באַלעבאָס אומגע־קערט אהיים.

מארגוליס מיט אַליקן זײַנען פארשווונדן אין דער נאכט.

## 2

אין א טאָג צען ארום נאָך דעם, ווי מארגוליס מיט אַליקן האָבן זיך אוועקגעלאָזט אף מיזרעך, אין א שפּעטער שאָ אזא, ווען ס׳איז שוין פארבאָטן געווען ארומצוגיין, איז דורך קאָמאַראָווקע ארײַנגעקומען אין שטאָט א מענטש, וואָס האָט זיך פאר מידקײַט קוים געהאַלטן אף די פיס. אויסמײַדנדיק די ערטער, ווו מע האָט געזען אומגיין פאטרולן, און האַלטנדיק זיך די גאנצע צײַט אין שאָטנס פון כורוועס, ווו מע האָט אין א בויט־פּאַל געקאָנט זיך אויסבאהאַלטן, האָט דער מענטש פאמעלעך און געהיט זיך דערקליבן צום טײַך, ניט ווײַט פון דער עלעקטראָסטאנציע. די בריק איז אָבער געווען אופגעריסן, דורכגיין איז אומעגלעך געווען, און דער יונגערמאן איז שטיין געבליבן א צע־

טומלטער... ס'איז אָבער ניט געווען וואָס צו שטיין און טראכטן, האָט ער זיך ווידער געלאָזט גיין און איז סאָפּקאָלסאָף אריבער דעם טײַך אין אן אנדער אָרט.

ס'איז געווען מארגוליס.

ווו איז ער געווען אין מעשעך פון די אלע טעג, ווו האָט ער אי־בערגעלאָזט דאָס באָכערל, וואָס איז מיט אים געגאנגען, — איז איצט ניט געווען, ווער עס זאָל אים פרעגן. איינס איז געווען קלאָר, אז ניט פאר גרויס נאכעס האָט ער זיך אומגעקערט. וועגן דעם האָט איידעס געזאָגט סײַ זײַן פּאָנעם, סײַ זײַן גאנצער הוילעך. די באקן — אײַנ־געפאלן, די בגאָדים פון וואלגערן זיך אף דער ערד — צעקנייטשט און אויסגעשמירט, די טופליעס — צעריסן. עס האָט זיך געפילט, אז דער מענטש איז אויסגעשעפּט ביז לעצט און טאָמער וועט ער ניט געפינען די שטוב, וואָס ער זוכט, וועט ער אומפאלן אינמיטן גאס...

ארום־און־ארום איז אלץ כאָרעוו געווען אזוי, אז מע האָט דאָס אָרט ניט געקאָנט דערקענען, — ניט קיין הויפן, ניט קיין גאסן. עס האָבן בלויז געשטארצט ארומגעסמאליעטע און אײַנגעפאלענע ווענט, קוימענס אָן א שיר, בערג ציגל און שטיינער.

ווען ער האָט פונדעסטוועגן געפונען דאָס שטיבל, וואָס ער האָט געזוכט, איז אים אליין געווען א כידעש, וויאזוי פון דעם גאנצן גרויסן שטארק פארבויטן הויף, ווו עס האָבן געוווינט די וואָלפסאָנס, האָט זיך פארהיט גראָד זייער כורוועלע, אָן אויסגעקרימט און לאָם הילצערן שטיבל, האלב ארײַנגעוואקסן אין דער ערד, מיט א פארלאטעטן דאך, אף וועלכן ס'זײַנען געווען אָנגעלייגט ציגל, דער ווינט זאָל ניט אָפּרײַסן דאָס בלעך. עפּעס אָנגעבראָכנס האָט א ווייע געטאָן פונעם פארלאָזטן שטיבל, אָוולדיקס פונעם גרינעם בארג מיטן נידעריקן, אָנגעבויגענעם פּלויטל, וואָס האָט געהאלטן באם אײַנפאלן. א מאָרע־שכוירע איז געלעגן אף די צעבראָכענע און אָפּגעפּליקטעביימער, וואָס זײַנען געשטאנען אפן בארג, אין טיפע שאָטנס פונעם זון־פארגאנג און צווישן וועלכע עס האָט זיך געזען א האלב־אײַנגעפאלן, ווײַס מויערל.

לאנגע יאָרן האָט זיך אָשער מיט וואָלפסאָנען ניט געזען. אין יענעם אָוונט, ווען וואָלפסאָן האָט אים צופעליק באגעגנט אין גאס און אים, אלס זײַנעם א בען־איר, פארבעטן צו זיך, און אויך די איבעריקע עטלעכע מאָל, וואָס ער איז בא אים געווען, האָט דערבײַ, אין סעדל, ווו עס האָט זיך געפונען עפעס א רעסטאָראנדל אָדער א קלוב מיט אן אָפענעם זומערדיקן טאנץ־פלאץ, אָן אופהער געשפילט מוזיק, און סײַ דאָס סעדל, סײַ דאָס מויערל זײַנען געווען העל באלויכטן מיט פארשיידנפארביקע עלעקטרישע לעמפלעך. זיי האָבן דעמלט געטרונקען טיי באם אָפענעם פענצטער, אין וועלכן עס האָט ארײַנגעקוקט דער גרינער ארופּ־בארג, א באלויכטענער פון דער שײַן, וואָס איז געפאלן פון שטוב, און אין די מינוטן, ווען דער אָרקעסטער האָט געשפילט שטילער, האָט מען געהערט דעם געלעכטער פון פרויען און דאָס ווייכע, ריטמישע שארן פון פיס אפן טאנץ־פלאץ.

איצט איז דאָרט געווען שטיל און וויסט, ווי אף א בעסוילעם.

מארגוליס האָט א ריס געטאָן די טיר פונעם פירהויז. פארשפארט. טרעטנדיק איבער שטיקלעך גלאָז, האָט ער זיך דערקליבן צו דער וואנט, וואָס איז ארויסגעקומען צום בארג. די שויבן זײַנען געווען אויסגעזעצט. ער האָט א צי געטאָן א ראם און גיכער דערפילט, איידער דערהערט, אז אין שטוב רירט זיך עפעס. ער איז געבליבן שטיין אן אָנגעשפיצטער און שטיל א פרעג געטאָן:

— ווער איז דאָ? האָט קיין מוירע ניט.

ס׳האָט אים געענטפערט א שטיל, הינטיש געבייזער. דאָס האָט אים דערפרייט: דאָרטן, ווו ס׳איז דאָ א הונט, קאָנען זײַן אויך מענטשן. און ער האָט ארײַנגעקוקט אינוויייניק. נאָר אינעם שטיבל איז געווען טונקל און פײַכט. אפן בעט און טיש זײַנען געלעגן אָנגעוואלגערט געפעס און קליידער. מארגוליס האָט שוין געוואָלט ארײַנקריכן אינווייניק, נאָר קוים האָט ער אריבערגעשטעלט א פוס אף יענער זײַט, איז דאָס הינטישע געברום געשטיגן, און ער האָט דערזען, ווי פון אונטערן בעט קוקט אף אים ארויס א צעשטשירעטע מאָרדע. ער האָט א כאפ געגעבן דעם פוס צוריק, האָט זיך אָן עפעס פארטשעפעט און עס אומגעוואָרפן.

דער הונט האָט זיך צעבילט מיט א קורצער און אָפּגעהאקטער בילערײַ.

„אז א הונט איז דאָ, דארפן זײַן אויך מענטשן", — האָט מאר־גוליס ווידער א טראכט געטאָן און האָט באשלאָסן צוווארטן. מעגלעך, אז מע איז אוועק ערגעץ אף א ווײַלע און מע וועט באלד זיך אומקערן.

עס איז געוואָרן טונקעלער. אין דער הייך, אפן בארג, האָבן גע־רוישט דיביימער. ערגעץ דערבײַ האָט זיך אָפּגעריסן א שטיק וואנט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשיטן ציגל. מארגוליס האָט געוואָלט ארויסנארן דעם הונט אין דרויסן, געפרוווט אים רופן, פײַפן צו אים. אומזיסט. דאָס האווקען האָט, עמעס, אופגעהערט. עס האָט זיך אָבער געפילט, אז די בייזע כײַע ליגט פארטײַעט אונטערן בעט און שפירט נאָך זײַן יעדן ריר.

אָנגעשפארט דעם קאָפּ אינעם בײַשטידל פונעם פענצטער, איז מארגוליס אָן אויסגעשעפּטער און מידער עטלעכע רעגעס געשטאנען מיט פארמאכטע אויגן. נאָר אָט האָט ער זיך אויסגעדרייט און גענומען עפּעס זוכן אף דער ערד. ניט ווײַט פון אים האָט זיך געוואלגערט אן אײַזערנער פּרענט. האָט ער אים אופגעהויבן, איז ארײַנגעקראָכן אין שטוב און גענומען טרײַבן דעם הונט. יענער האָט זיך פארשלאָגן אונ־טערן בעט און ניט געוואָלט ארויסגיין. מארגוליס האָט אים דאָך ארויסגעטריבן אינעם פירהויז און פארשפארט די טיר. געבליבן איי־נער אליין איןביידע צימערן, האָט זיך אָשער אוועקגעזעצט אפן בעט און זיך ארומגעקוקט.

אלץ איז געווען איבערגעלאָזט אף העפקער — קליידער, וועש, געפּעס. קיין גאנאָווים זײַנען גאָר ניטאָ, קיינער דארף עס ניט. ווו זײַנען דאָס איצט די וואָלפסאָנס? ער, מיט זײַן קלוגיטשקן בליק, מיטן קוים־קוים איראָנישן שמייכל, גלײַך ער וויסט עפּעס אזוינס, וואָס אוי־סער אים ווייסט קיינער ניט, און זי, די פולע פּראָסטלעכע ראָהאטשאָ־ווער ייִדענע? א זון א לייטענאנט האָט בא זיי געדארפט ערגעץ זײַן אף דער גרענעץ, לעבן בריסק, א טאָכטער — זיך געלערנט דאָ הי, אפן יורידישן פאקולטעט; ווו זײַנען זיי איצט אלע? קיינער איז ניטאָ,

אויסער דעם הונט, וואָס קאָן אזוי דאָ ליגן אין שטוב, ביז ער וועט ניט פייגערן.

אינעם קיך־טישל האָט אָשער געפונען סקאָרינקעס פון ברויט, א ביסל הינערשע שמאַלץ אין א גלאָז, איבערגעדעקט מיט א פּאַפּיר, און ער האָט עס אַלץ זשעדנע אופגעגעסן. דערמיט האָט ער נאָר צערייצט דעם הונגער. דאָס האַלבע שאכטל מיט זיסלעכער גערשטענער קאווע האָט אויך ניט געלינדערט דעם הונגער, און ער האָט גענומען קײַען רויע ארבעס.

ווארפנדיק הויפנווײַז ארבעס אין מויל, האָט ער אָנגעטאָן אַף זיך א פרישע פּאָר וועש. געפונען נאָך גאָר א גוטע פּאָר שיך אַף זײַן מאָס, האָט ער זײַנע טופל פארוואָרפן אונטערן טיש און די שיך אוועקגע־שטעלט גרייט לעבן בעט. אין שטוב איז געווען קיל און פײַכט. אים האָט זיך געגלוסט דערווארעמען, איז ער ארײַנגעקראָכן אין בעט און האָט זיך אײַנגעדעקט מיט א קאָלדרע.

באנאכט האָט ער דערהערט, ווי עמעצער דרייט זיך ארום אין פירהויז. ווער האָט דאָרטן געקענט ארומגיין, אויב ניט דער הונט? האָט ער זיך ווידער אוועקגעלייגט. עס האָט זיך אים באַלד אויסגעוויזן, אז עמעצער גייט אום אפן בוידעם. ער איז שוין אָבער געווען אזוי מיד, אז די געדאנקען סײַ וועגן דעם הונט, סײַ וועגן די טריט אפן בוידעם זײַנען צום פארנעפּלטן מויעך ניט דערגאנגען.

ער האָט קיין אנונג ניט געהאַט, וויפל איז ער אזוי געשלאָפן — א נאכט, צי א נאכט מיט א טאָג. ער האָט פארלוירן דעם באגריף פון צײַט. בלויז געפילט האָט ער, אז אים טוען וויי אַלע אייווערים, ווי מע וואָלט אים צעמאזיקט.

### 3

ווען אָשער האָט געעפנט די אויגן, האָט געשײַנט די זון. אינעם העלן פּאַס ליכט, וואָס איז געלעגן אפן גרינעם בארג־ארוף, האָבן זיך געמינעט די טויזקע גראָזן. ס'איז געווען קילבלעך און שטיל. עפּעס

דערמונטערנדיקס איז געווען אינעם פרימאָרגן. עס האָט זיך אים געוואָלט נאָך א ביסל פארציִען דעם פארגעניגן פון ליגן אָט אזוי אין בעט, מיט אלע כושים זיך אָפּגעבנדיק דער מינוט פון רו.

דער טאָג האָט דאָך געפּאָדערט זײַנס. און קוים האָט ער אויסגעצויגן די האנט צו די קליידער, זײַנען אים באפאלן אָן א צאָל פּײַנלעכע געדאנקען. ער האָט זיך דערמאָנט, ווו ער געפינט זיך, פונוואַנען ער איז געקומען, און ער האָט זיך שיר ניט געכאפּט פארן קאָפּ: וואָס האָט ער געטאָן? וווהין האָט ער זיך אומגעקערט? איז ער דען ניט געגליכן צו יענעם פויגל, וואָס פליט אליין ארײַן אין נעץ? וואָלט ער כאָטש געוווסט, אז אליק האָט זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָט, אז ער וועט דאָ האָבן מיט וועמען א וואָרט אויסצוריידן...

ער האָט ניט געקאָנט פארגעסן דאָס באָכערל. יעדע מינוט האָט ער זיך אין אים ווידער דערמאָנט און זיך באשולדיקט אין דעם, וואָס עס איז פארלאָפן. עפשער, ווען זיי זאָלן געווען זײַן פּאָרזיכטיקער, ווען ער זאָל געווען אָפּהאלטן אליקן און ניט לאָזן אים גיין אין דאָרף, איידער זיי האָבן זיך דערוווּסט, אז עס זײַנען דאָרט ניטאָ קיין דײַטשן, וואָלט קיין זאך ניט געשען. אָט האָט ער אים געזען ליגן אינעם היי, בייס זיי זײַנען געלאָפן פונעם לאגער, און אָט ווי ער גייט מיט אים אין וועג. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי דאָס יִנגל האָט אים געפירט פאר דער האנט אינעם שלאקסרעגן, און מינוטנווײַז איז אים שווער געווען זיך פאנאנדערצוקלײַבן, ווער האָט עס אים דעמלט געפירט, ווי א בלינדן, אין דער שטאָק־פינצטערניש: אליק, דאָס פרעמדע באָכערל, דער רעמעסלעניק, צי עפשער גאָר זײַן איזי. דערפון איז זײַן פארלוסט נאָך שווערער געוואָרן. א שטילע בענקשאפט האָט אָנגערירט זײַן הארץ. ער האָט דערפילט, אז ביז ער וועט זיך ניט דערוויסן, צי איז אליק אויך ניט אמאָל דאָ, וועט ער זיך ניט בארויִקן. ער האָט געמוזט, ווי שווער דאָס זאָל ניט זײַן, זיך דערקלײַבן צו מיכל אבעליעוון, צו אליקס קאָרעוו, און פרעגן אים, וואָס ווייסט ער וועגן זײַן שוועסטערקינד. און מארגוליס האָט באשטימט נאָך הײַנט עס טאקע טאָן.

ער האָט אָבער נאָך ניט באַוויזן צו געבן זיך אַ ריר, האָט ער דער־הערט, אַז עמעץ דרייט זיך אַרום לעבן דער שטוב, און ער איז געבליבן זיצן אַ פאַרשטאַרטער אויפן ברעג בעט. דערנאָך האָט ער זיך שטילער־הייט, אויף די שפּיץ פינגער, אַ שאַר געטאָן צו דער וואַנט און זיך פאַר־טײַעט ניט ווײַט פונעם פענצטער.

ס׳איז געווען אַ יִדיש מיידעלע פון אַ יאָר אַכט־נײַן. אַ באַלויכטענע פון דער זון, איז זי זיך געשטאַנען באַם פענצטער אין אַ פאַרביק ציצן סאַראַפאַנדל, געוואָרפן ברעקלעך דעם הונט און גערופן:

— נאַ, נאַ, דזשולבאַרס! האָב קיין מורא ניט. דאָס בין איך.

דער הונט האָט זיך אָבער ניט אָפּגערופן, און דעם מיידעלעס פּע־נעמל האָט באַדעקט אַ שאָטן.

— אַ ווילדער ביסטו! — האָט זי געזאָגט מיט פאָרוואורף, שיר ניט דורך טרערן. — ווילסט ניט אַרויסגיין, דאַרף מען ניט... מיינסט, אַז איך וועל זיך בעטן בײַ דיר. — און איר קאָל איז געוואָרן שטילער. זי האָט אַ זיפץ געטאָן. — דו ווייסט ניט, אַז איך בין געקומען זיך גע־זעגענען מיט דיר. דאָ טאָרן מיר מער ניט וווינען. אַלע ייִדן דאַרפן זיך אַריבערקלײַבן אין געטאָ.

צי ווײַל אָשער האָט זיך אַ ריר געטאָן און זי האָט עס דערהערט, אָדער זי האָט אַליין דערפילט עפּעס, — נאָר זי האָט אַ ציטער געגעבן און זיך אַרומגעקוקט. עס איז אָבער געווען שטיל. האָט זי אָפּסנײַ אָנגע־הויבן אויסריידן זיך דאָס ביטערע האַרץ פאַר איר פרײַנט:

— ס׳איז דיר גוט! ביסט אַרונטערגעקראָכן ערגעץ אונטערן בעט און פאַספּסט זיך גאַנצענע טעג. ווען מע וואָלט דיך אָבער, ווי אונדז, צווינגען זיך אַריבערקלײַבן און וואָלסט ניט וויסן, וואָס דאָרט וועט זײַן, וואָלסטו מיסטאָמע אַזוי רויִק ניט געשלאָפן.

ס׳איז מאַרגאָליסן שווער געווען צו הערן, ווי דאָס קינד קלאָגט זיך. זי האָט אָבער דערציילט אַזעלכע זאַכן, וועלכע ער האָט נאָך ניט געוווּסט, און אים האָט זיך זייער געוואָלט נאָך עפּעס בײַ איר דערגיין. ער איז געבליבן וואַרטן, וואָס וועט ווײַטער זײַן. ער האָט מורא גע־

האט, אז טאָמער דערזעט זי אים, וועט זי זיך דערשרעקן און גאָר אנטלויפן.

נאָר אָט האָט דאָס מיידעלע א מאך געטאָן פאר פארדראָס מיט דער האנט און געגומען אוועקגיין. „ווי דו ווילסט זיך, — האָט זי צו־לעצט א זאָג געטאָן, — איך קאָן דאָ מער ניט שטיין. די מאמע וועט מיך זוכן". האָט שוין אָשער קיין ברייערע ניט געהאט, געמוזט ארויס פון זײַן באהעלטעניש און זי א רוף טאָן.

דערהערט זײַן קאָל, איז דאָס מיידעלע פאר שרעק אָפּגעשפּרונגען פון פענצטער. זי האָט אָבער באלד דערזען, אז ס'איז ניטאָ פאר וועמען מוירע צו האָבן, און זיך אומגעקערט צוריק. ס'איז איר געווען טשיקאווע זיך צו דערוויסן, ווער איז דער אומבאקאנטער, וואָס טוט ער דאָ...

— מיידעלע, — האָט זיך מארגוליס ווייך און שטיל אָנגערופן צו איר, — דאָס, וואָס דו האָסט נאָרוואָס דערציילט, איז אן עמעס, אָדער דו האָסט עס אויסגעטראכט?

ניט אראָפּנעמענדיק דעם בליק פון אים, האָט זי געענטפערט:

— וואָס טויג מיר לײַגן? ווילט איר ניט גלייבן, דארף מען ניט. ס'איז מיר אלציינס.

— מיר איז אָבער ניט אלציינס. זאָגסט, אז אלע יידן דארפן זיך ארויסקלײַבן פונדאנען. נו, און אומגיין איבער דער שטאָט לאָזט מען כאָטש, צי מע דארף האָבן עפּעס א צעטל?

— ניין. מע דארף גאָרניט האָבן. און ווי קומט איר אהער? — האָט זי געפרעגט. — וווּ איז דזשולבארס? ווי־אזוי האָט ער אײַך ארײַנגעלאָזט אין שטוב?

— דײַן דזשולבארס וועט זײַן גאנץ. איך האָב אים ארויסגעטריבן אין פירהויז.

— פארוואָס? ס'איז דאָך ניט אײַער שטוב. ווען וואָלפסאָן איז דאָ, וואָלט ער אײַך גיך געגעבן דעם וועג פונדאנען.

— נו, מיילע... — האָט מארגוליס גוטמוטיק א מאך געטאָן, — מיט וואָלפסאָנען וואָלט איך שוין, מיסטאמע, דורכגעקומען. ער איז גאָר ניט אזא שלעכטער, ווי דו שטעלסט אים פאָר.

— אזוי מיינט איר. ער האָט דאָך געזשאַלעוועט יענעם א טרונק וואסער, איך ווייס גאָר ניט, וויאַזוי האָט דער קארגוטש אַלץ געוואָרפן און איז אנטלאָפן.

מארגוליסן איז ניט געפעלן געוואָרן, ווי דאָס מיידעלע רעדט. אַליין איז עס קליין, ווי א וואָרעם, און א צינגל האָט עס אף שרויפן. אַלץ ווייסט עס און אין אַלץ קלײַבט זיך עס פאנאנדער. ער האָט איר שטיל אויסגערעדט, אז מע טאָר ניט אזוי, צו קליין איז זי נאָך, אז זי זאָל אַלץ פארשטיין.

— מענטשן האָבן איבערגעלאָזט גרעסערע מאיאָנטקעס, ווי וואָלפּ־סאָן, און זײַנען זיך צעלאָפן, — האָט ער צוגעגעבן מיט הארץ. — אָט איז בא מיר אויך געבליבן א ווײַב מיט א יינגעלע אין דײַנע יאָרן. ווי מיינסטו, איז מיר גוט?

— אונדזערער א שאָכן, — האָט געזאָגט דאָס מיידעלע, — איז אנטלאָפן און האָט איבערגעלאָזט צוויי קינדער. איצט האָט מײַן מאמע מיט זיי צו טאָן. די מאמע זאָגט, אז מע מוז עפענען א קינדערהיים, אניט וועלן א סאך קינדער אויסשטארבן פון הונגער. זי איז שוין גע־גאנגען עטלעכע מאָל מיט נאָך ווײַבערריידן וועגן דעם אין יודענראט, זאָגט מען אַלץ צו: „מ׳עט עפענען", „מ׳עט עפענען"...

בא אָשערן האָבן זיך א הייב אונטער געטאָן די ברעמען. ער איז ארויס דורכן פענצטער אין דרויסן, זיך צוגעזעצט לעבן דעם מיידעלע.

— ווארט נאָר, ווארט, מיידעלע, — האָט ער זי געבעטן. — וווהין, זאָגסטו, איז דײַן מאמע געגאנגען?

— וואָס דען? איך ווייס ניט? אין יודענראט... וווהין אַלע ייִדן גייען.

ס׳איז פאר אים געווען א נײַס. אזעלכס האָט ער געהערט דאָס ערשטע מאָל. די ווערטער האָבן געקלונגען מאָדנע ווילד און איראָ־ניש — יודענראט. ס׳איז אים עפּעס זייער ניט געפעלן געוואָרן. פאר דער קורצער צײַט, וואָס ער איז געווען אין וועג, האָט דאָס לעבן, קאָנ־טיק, אָנגענומען געוויסע פאָרמען. ס׳איז ניטאָ וואָס צו זאָגן: אָן אקור־ראט, פינקטלעך פאָלק זײַנען די דײַטשן. וואָס איז שײַך אָרדענונג, דארף מען זיך בא זיי לערנען. נאָר פונדעסטוועגן האָט ער ניט פאר־

שטאנען: שוין זשע נייטיקן זיי זיך אין שאפן פאר די ייִדן עפּעס אַן אילוזיע פון זעלבסטפאַרוואַלטונג? וואָס ווילן זיי דאָ אופטאָן מיטן יודענראַט?

אף די אַלע פראגן האָט אים קיינער ניט געקאָנט געבן קיין ענטפער, און ער זיך אַליין — אוואדע און אוואדע ניט. פאַרטראַכטערהייט האָט ער נאָכגעקוקט דעם קינד, וואָס האָט זיך דערוויַיטערט, שפּרינגענדיק פון איין קופּע שטיינער אף דער אַנדערער. דערנאָך איז ער אויך אַרויס פונעם הויף און זיך געלאָזט גיין מיט דער גאַס.

ווען אין א שטיקל צייַט אַרום איז ער צוגעגאַנגען צו אבעליעווס שטיבל און דערזען, אז ער האָט עס אָפּגעזוכט גיכער, ווי ער האָט אַליין דערוואַרט, האָט ער ערשט פאַרשטאַנען, מיט וואָס פאַר א קראַפט עס האָט אים געטראָגן איבער די גאַסן, ווי ער פילט זיך שולדיק, וואָס ער האָט אַליקן פאַרלאָרן.

ער האָט א שטופּ געטאָן די פאָרטקע. זי איז געווען פאַרשפּאַרט. אין הויף, ווו עמעץ האָט פריִער געגרעדט, איז מען אַנשוויגן געוואָרן. אָשער האָט געפילט, אז מע שטייט אף יענער זייַט און מע הערט זיך צו, וואָס ער וועט ווייַטער טאָן. מאַרגוליס איז אומצופרידן געוואָרן, וואָס אים קומט אויס צו שטיין אין דרויסן און ווענדן אף זיך די אופמערקזאַמקייַט פון די פאַרבייַגייער.

ער האָט אָנגעקלאַפּט... געעפנט האָט מען אים ניט באַלד.

בייס ער האָט דערזען פאַר זיך דאָרען, באַמערקט די שרעק, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן, איז אים געוואָרן אזוי אומהיימלעך, אז ער האָט זיך שיר ניט געלאָזט צוריק. ער האָט זיך דאָך באַהערשט און גענומען זיך נאָכפרעגן אף מיכלען.

— וואָס איז? וואָס דאַרפט איר אים? — דאָרען איז ער ניט געפעלן געוואָרן. מיכלס מוטער, וואָס איז געשטאַנען דערבייַ, האָט אויך אף אים געקוקט מיט כשאַד.

— מיכל, — האָט דאָרע ניט געערן א רוף געטאָן, — מע פרעגט אף דיר.

אינמיטן הויף, בא א האנט־וועגעלע, אַף וועלכן עס איז געלעגן א בארג מעבל, געפּעס און בעטגעוואנט, איז געשטאנען אבעליעוו און אלץ אײַנגעבונדן מיט שטריק. דערזען אריינקומען איך הויף עפּעס אַן אומ־באקאנטן, האָט ער, ניט ווארפנדיק די ארבעט, אים אופמערקזאם בא־טראכט.

— אנטשולדיקט, וואָס איך בין צו אײַך אריין, — האָט מארגוליס אָנגעהויבן, פארשטייענדיק, בא וואָס פאר א מעלאָכע ער האָט געטראָפן די באלעבאטים. — איך זע, אז איך בין געקומען ניט צו דער צײַט... כ׳האָב אײַך נאָר געוואָלט פרעגן, צי ווייסט איר ניט, אליק גרינבערג איז ערגעץ אין שטאָט, צי ניין?

מיכל האָט זיך געטאָן זײַנס. ער האָט בלויז טרוקן באמערקט:

— פונוואנען קענט איר אליקן? און פארוואָס מיינט איר, אז מיר דארפן וויסן, ווו ער איז?

אים האָט געדוכט, אז דער מענטש איז אריין ניט צוליב דעם, וואָס ער זאָגט. „ווער איז ער? וואָס דארף ער דאָ? — האָט מיכל זיך אליין געפרעגט. — ער איז געקומען קלוימערשט זיך נאָכפרעגן אַף אליקן, נאָר ווער ווייסט, וואָס ער מיינט דערבײַ? איבער דער שטאָט גייען אום געמיינע פארשוינען און שלעפּן ארויס קאָמוניסטן פון די הײַזער. צי איז אמאָל דער־אָ אויך ניט קיין אונטערגעשיקטער?"

אָשער האָט זיך אָן ערעך פאָרגעשטעלט, וואָס עס טראכט אבע־ליעוו. ער האָט פארשטאנען, אז ווען ער זאָל זײַן אַף יענעמס אָרט, וואָלט ער אויך ניט געוועזן בעסער: צו גרויזאם איז די צײַט, מע זאָל אָנטרויען א ווילד־פרעמדן מענטשן. עס האָט זיך אים זייער געוואָלט אָנעמען מיכלען פאר דער האנט און בעטן, ער זאָל ווארפן אַף א מינוט די ארבעט, אים אויסהערן און ניט קוקן אַף אים מיט אויגן, אין וועלכע עס איז גאָרנישט ניט פאראן, אויסער כשאד און אומצוטרוי. אדאנק אליקן ווייסט ער דאָך וועגן אים מער, ווי ער אליין שטעלט זיך פאָר. אָשער האָט אָבער געוווסט, אז דאָס וואָלט בלויז פארגרעסערט דעם אומצוטרוי. האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיט אַליקן זײַנען מיר צוזאַמען געווען אין לאַגער. דאָס האָט ער מיר געגעבן אײַער אַדרעס, טאָמער גיט זיך אונדז אײַן אַנטלויפֿן פֿון דאָרטן.

— ניין. ניטאָ דאָ אַליק, — האָט מיכל אָפּגעהאַקט. אָנגענומען דאָס וועגעלע פֿאַר ביידע האָלאַבליעס, האָט ער עס אויסגעדרייט און צוגע־פֿירט צום טויער. עס איז אָבער געווען אַזוי אָנגעלאָדן, אַז דער הינ־טערשטער טייל האָט שטאַרק איבערגעוווגן און עס איז שווער געווען אײַנצוהאַלטן דאָס גלײַכגעוויכט. מאַרגוליס האָט זיך אַ וואָרף געגעבן עס אונטערהאַלטן. מע האָט ווידער געמוזט צעבינדן די פּעק און עפּעס־וואָס איבערלאָזן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין טיפֿן שווײַגן. אָשער האָט געפֿילט, אַז אַלע וואַרטן, ער זאָל זיי פֿאַרלאָזן.

אָט האָט שוין דאָרע געעפֿנט דעם טויער. זיי האָבן זיך געלאָזט אַהין, ווּהין אַלע ייִדן האָבן זיך געצויגן. אָשער האָט געוואָלט העלפֿן אונטערשטופּן דאָס וועגעלע, נאָר דערזען, אַז מע וויל עס ניט לײַדן, איז ער אַוועק בײַ דער זײַט.

מיט דער גאַס זײַנען געגאַנגען נאָך ייִדישע יונגעלײַט. עמעץ פֿון זיי האָט געפֿרעגט מיכלען, צי ער וועט קומען אָפֿן מיטינג. דער־הערט אַבעליעווס ענטפֿער, אַז ער האָט צײַט, ער וועט נאָך קומען, האָט אָשער געפֿרעגט בײַ מיכלען, ווּהין רופֿט מען עס אים, וואָס איז עס פֿאַר אַ מיטינג...

— אַלע ייִדן דאַרפֿן קומען צום יודענראַט. מע וועט דאָרטן דער־ציילן, וויאַזוי מע וועט דאָ לעבן ווײַטער, — האָט מיכל געענטפֿערט און זיך ווידער גענומען פֿאַרן וועגעלע.

— אַ, — האָט אומבאַשטימט אַ מאַך געטאָן אָשער. און באַלד צוגעגעבן: — איך וואָלט אײַך געוואָלט בעטן, טאָמער פֿאַלט אַרײַן צו אײַך פֿון ערגעץ אַליק, זאָגט אים, אַז אַף אים האָט זיך נאָכגעפֿרעגט אָשער מאַרגוליס. קיין שטענדיקן אַדרעס האָב איך ניט. ווו איך וועל וווינען, ווייס איך אויך ניט. זאָל ער מיך זוכן לעבן דעם יודענראַט. איך מיין, אַז דאָרטן וועלן מיר זיך קאָנען טרעפֿן. — און דערמיט איז ער אַוועק.

די גאַנצע צײַט, ביזוואַנען אָשער איז ניט פֿאַרשוווּנדן פֿונעם אויג, האָט מיכל אים נאָכגעקוקט. ער האָט נאָך אַלץ ניט געוווּסט, צי זאָל ער גלייבן יענעם, אַז ער איז בלויז געקומען צו גיין זיך נאָכפֿרעגן אָף אַליקן, צי ניין. וואָס האָט ער נאָך געוואָלט פֿון אים, דאָס האָט ער ניט געקאָנט פֿאַרשטיין.

ער האָט ווידער אַ שלעפּ געגעבן נאָך זיך דאָס שווער געלאָדענע וועגעלע, וואָס די ווײַבער האָבן אונטערגעשטופּט, און איז אַוועק ווײַטער.

**4**

נאָך איידער מאַרגוליס איז צוגעקומען צו דער געבײַדע פֿונעם יודענראַט, האָט ער פֿונווײַטן דערזען אַ גרויסן אוילעם און פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט געטראָפֿן אַהין, וווהין ער האָט באַדאַרפֿט. דער אָרום איז געווען פֿאַרפֿולט מיט מענטשן. מע איז געשטאַנען אין גאַס, מע האָט פֿאַרנומען דעם הויף, מע האָט אַזש אָנגעשפּאַרט אָפּן באַרג, צו דעם רעגירונגס־הויז און צו דער רויטער קאַטוילישער קירך, וועלכע האָט מיט אירע שאַרפֿע שפּיצן און הויכע, געוועלבטע שמאָלע פֿענצטער אויסגעזען, ווי אַ ווײַטע געדעכעניש, וואָס איז אַראָפּגעקומען פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט צו דערמאָנען דעם האַמוין, אַז אינעם אַוואַר זײַנען זייערע אורעלטערן אין פֿאַרשיידענע לענדער ניט איין מאָל אַזוי געשטאַנען צעפּאַטלאָכעטע פֿון מעהומע און שרעק און געוואַרט אָף גזירעס.

די ענגשאַפֿט אַרום איז וואָס אַ מינוט געוואָרן גרעסער דערפֿון, ווײַל מיט דער גאַס האָבן זיך באַוועגט מאַשינעס, עס זײַנען פֿאַרבײַ־געגאַנגען קאָלאָנעס מיט דײַטשן, אָנגעלאָדענע מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצײַג, אָנגעהויבן פֿון געווער, פֿולע ראַנצעס, און פֿאַרענדיקנדיק מיט קליינע לאָפּעטקעס, אָנגעבונדענע פֿון הינטן. און עס איז אויסגעקומען צו מאַכן אַ וועג פֿאַר זיי.

ניט אַלע ווילן שטיין און וואַרטן. אייניקע ווײַבער האָבן אָנגעהויבן שלעפּן זייערע מענער אַהיים.

— ברעכן זיי די קעפּ צוזאַמען מיט דעם יודענראַט!

אַנדערע אָבער בלײַבן. מע האָט באַפוילן קומען צו גיין הערן, וואָס דער יודענראַט וועט זאָגן, שטייט מען און מע וואַרט, כאָטש דײַגעס איז דאָ אָן אַ שיר און מע ווייסט ניט, וווהין צו וואַרפן זיך פריִער: דירעס נײַע דאַרף מען זוכן, עסן איז ניטאָ וואָס. דערצו רעדט מען נאָך, אַז מע וועט דאַרפן אַרײַנטראָגן קאָנטריבוציע מיט גאָלד. איז ווער האָט עס גאָלד?

צוביסלעכווײַז איז אויך די איבעריקע דערעסן געוואָרן צו שטיין. דאָס אומגעדולד האָט זיך געשטאַרקט. מע האָט אָנגעהויבן אונטער־מורמלען:

— וואָס האַלט מען אונדז דאָ? האַלטן זאָלן זיי זיך פאַר די בײַכער.

— געַנוג זײַנען מיר זיך שוין אָנגעשטאַנען אינעם לאַגער!

— ווילט איר וואָס זאָגן, טאָ זאָגט... עלע ניט, טאָ ציט ניט די אַצאָמעס. הייסט זיך צעגיין...

די שטילע מורמלערײַ האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז אַפּן גאַנעקל האָט זיך באַוויזן אַ פײַן־געקליידטער מאַן פון אַ יאָר עטלעכע און פופציק. אַ בלאָסער, אָן אַ היטל. ער האָט זיך געהאַלטן מיט ביידע הענט פאַר דער פאָרענטשע און געוואַרט, עס זאָל ווערן שטיל. לעבן אים איז געשטאַנען דער קאָמענדאַנט פון געטאָ. הינטער זיי, אין דער טיר, וואָס האָט געפירט אין קאָרידאָר, — נאָך עטלעכע טוער פונעם יודענראַט. דער אָפּיצער איז זיך געשטאַנען אין דער פּאָזע פון אַ זײַ־טיקן מענטשן, וועמען עס גייט ווינציק אָן, וואָס דאָ קומט פאָר, און געררייכערט אַ גראָבן ציגאַר. אַלע האָבן אָבער געפילט, אַז ער פירט אָן מיטן גאַנצן רומל און וואָס דער פאָרזיצער פונעם יודענראַט זאָל שוין ניט זאָגן, זײַנען עס זײַנע ווערטער.

מאַרגוליס האָט געפרעגט איינעם אַ ייִדן, צי ווייסט ער ניט, ווער איז דער פאָרזיצער פונעם יודענראַט.

— דער רועך ווייסט דעם טאַטן זײַנעם, — האָט זיך יענער אָפּגע־רופן מיט קאַס. — מע זאָגט: עפּעס אַ זאַפאַדניק.

ענדלעך איז געוואָרן שטיל. שטיל אין גאס, שטיל באם גאנעקל, שטיל אפן בארג, ווו מענטשן זײַנען געשטאנען הויך און נאָך העכער.

— ברידער מײַנע, — האָט דער פּאָרזיצער פונעם יודענראט אָנגע־הויבן מיט אַן אָנגעבראָכענער, ציטערנדיקער שטים און אויסגעצויגן דעם האלדז, ווי עס וואָלט אים ענג געוואָרן דער קאָלנער. — ברידער מײַנע, — האָט ער ווידער אָנגעהויבן און אפסנײַ א דריי געטאָן מיטן קאָפּ, — איך זע, איר דערוואַרט פון מיר... איר ווילט, איך זאָל אײַך זאָגן, וויאזוי וועלן מיר לעבן ווײַטער. — און ער האָט שווער און הילפּ־לאָז פאנאנדערגענומען די הענט, זיך אומגעקוקט אפן דײַטש, ווי איינער זאָגט: „איר זעט דאָך אליין מײַן פינצטער מאזל, וואָס קאָן איך אײַך שוין זאָגן גוטס?" אין דער זעלבער רעגע האָט ער אופגעהויבן זײַן קאָל, א מאָדנעם קריי געגעבן: — ס'וועט זײַן גוט. ווי זשע אנדערש! די דויטשע מאכט וויל אונדז קיין שלעכטס ניט טאָן. עס פאָדערט זיך בלויז פון אײַך, אז איר זאָלט געהאָרכזאם טאָן אלץ, וואָס מע הייסט. ארבעטן ערלעך און געטרײַ.

דער דײַטש האָט בארויגעזלעך, ווי ער וואָלט ניט אינגאנצן געוועזן קאָנטעט מיט דעם יידנס רייד, אראָפּגעשארט מיט א פינגער דעם אש פונעם ציגאר און זיך עטלעכע מאָל פארצויגן. ער האָט עפּעס שטיל א מרוקע געטאָן צו דעם יידן. יענער האָט זיך טייקעף אף אים אומגע־קוקט און זיך אומזיכער איבערגעשטעלט פון פוס אף פוס.

דער אוילעם איז געשטאנען א שווײַגנדיקער. ווער מיט אן אראָפּ־געלאָזענעם קאָפּ צו דער ערד אויס כארפּע, און ווער עס האָט טרוי־עריק געקוקט אף די אנטקעגנדיקע האלב־אָפּגעברענטע קאָרפּוסן פון דער שוך־פאבריק. הויך איבער די הײַזער, אין דעם טונקעלן הימל, ווו עס האָט זיך אָנגערוקט א כמארע, האָבן זיך אומגעטראָגן ווײַסע טויבן און דערמאָנט אין דער קינדהײַט, אין דער יוגנט, דערוועקט זיכרוינעס וועגן דער צײַט, ווען מיט דער דאָזיקער גאס איז מען אין שול געגאנ־גען, ערגעץ דאָ מיט א געליבט מיידל דאָס ערשטע מאָל זיך באגעגנט און געשווירן איינס דעם צווייטן טרײַ זײַן דאָס גאנצע לעבן.

בא דעם פּאָרזיצער פונעם יודענראט האָבן זיך די ליפּן מיטאמאָל

געגומען ברעכן, ווי באַם צעווייגען זיך. מע האָט געזען, אַז ער קאָן ניט ריידן, ער איז געצווונגען דערצו קעגן דעם אייגענעם ווילן און פאַר־שטאַנד. ער האָט דערקלערט, אַז עס איז באַשטימט געוואָרן אַן אָרט פאַר אַ געטאָ, און געבעטן, אַז מע זאָל זיך וואָס גיכער אַריבערקלײַבן אַהין. וואָס איז שײַך אַרבעט, דאַרף מען יעדן פרימאָרגן קומען צו גיין צום יודענראַט, און פונדאַנען וועט מען שוין שיקן, וווהין מע דאַרף. אויסער די אַלגעמיינע אַרבעטן, וועלן אויך אָרגאַניזירט ווערן גופא אין געטאָ אַ ריי וואַרשטאַטן. אַזוי, אַז אַרבעט וועט סטײַען פאַר אַלעמען, און דער, וואָס וועט אַרבעטן, זאָגט מען צו, וועט שוין האָבן וואָס צו עסן...

עס האָבן זיך געלאָזט הערן אומצופרידענע קולות:

— די שיינע אייצעס, וואָס ער גיט אונדז...

— אין געטאָ שיקט ער אונדז, זאָל ער אַהין אַליין גיין. מיטן קאָפּ אין דער ערד... גיי נאָר אַרײַן אַהין מיט אַ פוס...

דעם קאָמענדאַנט איז ניט געפעלן געוואָרן די גאַנצע מײַסע. ער האָט אַ שלײַדער געטאָן דאָס רעשט פונעם ציגאַר און אָפּגעשאַרט דעם פאָרזיצער פונעם יודענראַט אין אַ זײַט, פאַרנומען זײַן אָרט. עטלעכע רעגעס האָט ער נאָך אַלץ געוואַרט, זיך האַלטנדיק מיט אַ האַנט פאַרן רימען, אַף וועלכן עס איז געהאַנגען דער פּיסטאָלעט. ער האָט ניט געאײַלט, ניט געשריִען און זיך אַפילע ניט געבייזערט. ער איז געווען זיכער, אַז אַלץ, וואָס ער דאַרף, וועט ער אויספירן. ניט לײַכט איז אָבער געווען, אַז דער טויזנטקעפּיקער אוילעם זאָל טייקעף אײַנהאַלטן דעם אָטעם.

נאָר איידער דער קאָמענדאַנט האָט באַוויזן עפּעס־וואָס צו זאָגן, האָט זיך פון גאַס דערטראָגן אַ ראַש. פון ערגעץ איז אָנגעקומען אַ קאָ־לאָנע מאַשינעס און ניט געקאָנט דורכגיין איבער דער פאַרפרוזשניע־טער גאַס. איז דער קאָמענדאַנט בייז געוואָרן, האָט שאַרף און הילכיק אַ ברום געגעבן און באַוויזן אַ פול מויל מיט געזונטע, לאַנגע פערדישע ציין.

די קאָלאָנע האָט ניט געקאָנט דורכפאָרן. פון איינער א מאשין איז ארויסגעשפּרונגען א דײַטש און גענומען צעטרײַבן דעם אוילעם, שלאָגנ־דיק מיטן גומי־שטעקן אַף רעכטס און אַף לינקס.

ווען עס דויערט נאָך א ביסל, וואָלטן די מאשינעס פונדעסטוועגן דורכגעגאנגען און עס וואָלט אפסנײַ, מיסטאמע, געוואָרן שטיל אזוי, אז מע וואָלט געקאָנט דערהערן, וואָס עס וויל זאָגן דער קאָמענדאנט. נאָר דאָ איז געשען עפּעס אומדערוואַרטס. א באָכער אין אַן אָפּגעבליאַ־קעוועטער קורטקע מיט א קורץ־געשוירענעם קאָפּ האָר, אָן א היטל, האָט זיך ארײַנגעדרייט אין די הענט ארײַן דעם דײַטש, וואָס האָט אלעמען געשלאָגן, און בא אים ארויסגעריסן דעם שטעקן. מארגוליס האָט זיך אָנגעכמורעט. ער האָט דערקענט דעם באָכער. דאָס האָט ער אים געטראָפן אינעם לאגער און זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, ווו ער האָט אים געזען. דער ערשטער געדאנק איז געווען: „צוליב וואָס טוט ער עס? צו וואָס ארויסווײַזן ווילינגערישע שטיק דאָרטן, ווו מע דאַרף עס ניט?“ דערנאָך האָט אים אין דער טיפעניש פון זײַן זיקאָרן א ליכט אוף געטאָן, ווי א בליץ, און ער האָט זיך דערמאָנט: טיפע נאכט... ער פאָרט רײַטנדיק פון א זאסטאווע בא דער גרענעץ, ווו ער האָט געמאכט א פאָרטראָג וועגן דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, און עס באגלייט אים אָט דער באָכער.

דער פאָדעם פון דערמאָנונגען האָט זיך איבערגעריסן. עס איז געשען דאָס, פאר וואָס מארגוליס האָט אזוי מוירע געהאט. דער היט־לערפאָוועץ האָט געגעבן א געשריי, ארויסגעכאפּט דעם פּיסטאָלעט פו־נעם שיידל און זיך געלאָזט נאָכיאָגן דעם באָכער. יענער האָט שנעל גענומען אָפּציִען, מאכנדיק זיך א וועג מיט די עלנבויגנס. ניט געקוקט, וווּהין ער צילט, האָט דער דײַטש עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן און גע־טראָפן אין אַן אנדערן, וואָס איז נאָרוואָס צוגעקומען מיט א יונג פּאָר־פאָלק. יענער איז אומגעפאלן, אָפּגייענדיק מיט בלוט.

ווען דאָס געוויש פון מאשינעס, וואָס האָבן זיך גערירט פון אָרט, האָט זיך דערווײַטערט, האָט צווישן דעם שטיל געוואָרענעם האמוין זיך מיטאמאָל דערהערט א געוויין פון א פרוי, וואָס האָט געהאלטן אין

איין טײַנען: „פאר וואָס? פאר וואָס הארגעט מען מענטשן?“ פון צווישן אוילעם האָט זיך באוויזן אן אלטע, ברייטלעך־צעפּאָרענע ייִדענע מיט א מויל אָן ציינער. פאנאנדערשטופּנדיק אלעמען, וואָס זײַנען געשטאנען אין וועג, איז זי צוגעגאנגען צו דעם דערהארגעטן און מיט א געשריי „וויי איז צו מיר! דאָס איז דאָך דער דאָקטערנס גורעוויטשעס זון“ אים אונטערגעהויבן און גענומען אָפּשלעפּן אין א זײַט.

— וואָס שטייט איר? — האָט זי געגעבן א הילך צו די ארומיקע, ווען זי האָט דערזען, אז זי אליין וועט דאָ גאָרנישט ניט אופטאָן. — מע דארף דאָך אים צונעמען פונדאנען! עפּשער לעבט ער נאָך.

ס'איז צוגעלאָפן דאָס פּאָרל, מיט וועלכן דער באָכער איז געקומען צו גיין. נאָך עטלעכע מענטשן האָבן זיך א לאָז געגעבן צוהילף. ס'איז שוין אָבער געווען אלץ פארשפּאָרט. דער יונגערמאן איז געווען טויט, און ס'איז מער גאָרנישט ניט געבליבן, ווי אופהייבן אים פון דער ערד און אוועקטראָגן אין איינעם פון די נאָענטע הײַזער, וווּ עס האָט געווינט זײַן מוטער.

אפן גאנעקל איז שוין קיינער ניט געווען — ניט דער קאָמענדאנט און ניט די פאָרשטייער פונעם יודענראט. דער אוילעם האָט געזען, אז ס'איז ניטאָ צו וועמען צו ריידן און צו וועמען צו שרײַען. און גענומען זיך שטיל פאנאנדערגיין.

שיטערער און שיטערער איז געוואָרן דאָס געזעמל פון מענטשן. עס זײַנען דאָ געבליבן בלויז די, וואָס האָבן ניט געהאט, וווהין צו אײַלן מער, און געווארט, טאָמער וועט מען זיי נעמען אף ארבעט, אָדער די, וועלכע זײַנען בעקיוון געקומען אהער, קעדיי זיך טרעפן מיט כאווײרים, הערן עפּעס נײַס.

זיי האָבן זיך ארומגעדרייט ארום גאנעקל, זיך געקליבן אין רעדלעך אָדער געזעסן אפן האלב־צעבראָכענעם פּארקן, פון וועלכן מע האָט שוין דעם גרעסטן טייל ברעטער אָפּגעריסן און פארברענט אף אָפּצוקאָכן א טעפּל קארטאָפל. און אויך מארגולים האָט זיך דאָ צוגעזעצט. אף דער נעשאָמע איז אים געווען זייער שווער. ער האָט ניט געוווּסט,

וואָס הייבט מען דאָ אָן צו טאָן. וויפל מאָל איז אים אין מעשעך פון זײַן לעבן דער כאלעף געלעגן אפן האלדז, און שטענדיק, ווי שווער אים זאָל ניט געווען זײַן, האָט ער זיך ארויסגעדרייט. שוין זשע איז אים איצט באשערט אומקומען און ניט פרוון עפעס טאָן, זיך קעגנשטעלן דער ווילדער העפקיירעס?

פון דעם אָפענעם פענצטער פונעם יודענראט האָט זיך געהערט דאָס קלאפן פון א שרײַב־מאשינקע. איינע נאָך דער אנדערער זײַנען צוגעפאָרן עטלעכע מאשינעס נאָך ארבעטער. די, וואָס האָבן דאָ געווארט מיט טאָרבעלעך אף א זײַט און מיט קעסעלעך אין די הענט, האָבן גענומען קלעטערן אף די מאשינעס. מארגוליס האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

וואָס טוט מען? זיך לאָזן אף מײַרעוו, אהיים, איז געווען שווערער, ווי דערקלײַבן זיך צום הימל. בלײַבן דאָ? האָט ער דאָך געזען, מיט וואָס דאָס קאָן זיך פארענדיקן. הײַנט האָט מען פאר אים אין די אויגן דערהארגעט א מענטשן פאר גאָר און גאָרנישט, און מאָרגן... מאָרגן, טאָמער וועט מען אים ניט הארגענען, וועט ער, אָשער מארגוליס, דער קאָמוניסט, דער אונטערערדישער טוער, וואָס האָט א לעבן געקעמפט פאר די רעכט פונעם פרײַען און שטאָלצן מענטשן, מוזן גיין אין געטאָ...

זײַן גאנץ וועזן האָט זיך קעגנגעשטעלט און געשרי:ען, ניט געוואָלט מאסקים זײַן דערמיט. שוין זשע צוליב דעם איז ער יאָרנלאנג אָפּגעזעסן אין דער פּוילישער טפיסע, איז פארפאָלגט און גערוידעפט געוואָרן, קעדיי איצט זיך פארוואנדלען אין א געהאָרכזאמען קנעכט?

ע, ניין. און נאָכאמאָל ניין. ווער זאָגט עס, אז אלץ איז שוין פארפאלן? ווען אפילע קיין שום אויסוועג איז ניט פאראן, מוז דאָך נאָך ערגעץ־ווו פארבלײַבן א שפעלטל. אזוי האָט ער אלעמאָל געלערנט אנדערע. פארוואָס האָט ער עס איצט אליין פארגעסן? די לאגע איז, אָן שום סאָפעק, זייער אן ערנסטע. דערצו איז ער אין דער פרעמד און קען דאָ קיינעם ניט. אין דעם איז אָבער פאראן אויך א מײַלע: ווײַל

קיינער קען אים ניט, איז קלענער די געפאר, עמעץ זאל אים אויסגעבן. פון דער מישפאכע האבן אים די דײַטשן „באפרײַט", און פאר זיך אליין האט ער קיינמאל איבעריקס ניט געזארגט. ערשט איצט קאן ער זיך שאפן מיט זיך, ווי ער וויל. ער קאן גיין, וווהין מע זאל אים ניט שיקן, טאן, וואס מע זאל פון אים ניט פאדערן.

אינדערפרי האט ער נאך געהאפט אף אבעליעוון. ער האט געהאט אין זײַנע הענט א דין פעדעמל, האט זיך עס איבערגעריסן. דארף מען ווידער זוכן. ניט זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט.

אשער האט זיך אופגעהויבן פונעם אײַנגעוואלגערטן פארקן און זיך געלאזט גיין.

ער איז שטארק הונגעריק געווען, און די פיס האבן אים מעכאניש געבראכט צו פירן צום טײַך און צו די ווילד־פארוואקסענע גערטענער, ווו נאך א סאך מענטשן, כוץ אים, האבן געזוכט עפעס־וואס צום עסן. און אנרײַסנדיק פון די פארלאזענע בייטן עטלעכע מערן און ברוקווע־לעך, האט ער דערמיט געשטילט דעם הונגער.

שפעטער האבן פארבײַגייער, וואס האבן זיך געשלעפט מיט פעק און פעקלעך אין דער געטא ארײַן, געזען, ווי אשער איז צוגעקומען צום טײַך, זיך אויסגעטאן און געבליבן אין איינע טרוסיקעס. ארײַן אינעם וואסער ניט ווײַט פונעם ברעג, האט ער מיט האנאע זיך ארומ־געוואשן, רײַבנדיק געשמאק מיטביידע הענט די אײַנגעפאלענע האָ־ריקע ברוסט און די פלייצע. א ביסל קאמיש האט אויסגעזען דאס, וואס אפילע באם וואשן זיך האט ער ניט אראפגענומען פון דער נאז די ברילן. ער האט ארויסגעקוקט דורך זיי, ווי דורך שפעלטעלעך, זשמורענדיק זיך פון דער העלער זון־שײַן.

דערנאך האט ער זיך אויסגעצויגן מיטן פאנעם אראפ אפן גראז און איז לאנג אזוי געלעגן. פארבײַ איז מען געגאנגען סײַ אין געטא און סײַ צוריק פון דארט. מארגוליס איז אלץ געלעגן. עס האט זיך געפילט, אז דער מענטש קלײַבט קויכעס אף ווײַטער.

## 5

ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן אראָפּלאָזן נידעריקער און עס איז אויסגעקומען צו טראַכטן וועגן א נאַכטלעגער, האָט זיך מארגוליס אופגעהויבן און זיך אַוועקגעלאָזט צוריק צו דער קאָמוניסטישער גאַס, ווו עס איז געווען וואָלפסאָנס שטיבל. אין דרויסן איז געווען וואַרעם, גיין אינעם פּײַכטן און פינצטערן שטיבל האָט זיך ניט געוואָלט, האָט ער זיך צוגעזעצט אינעם שאָטן פון די ביימער אף איינע פון די קו־פּעס ציגל־ברוך. ער האָט געזען, ווי איבערן הויף גייט ארום א נידע־ריטשק ווײַבל און קלײַבט אוף ווו נאָר א שפּענדל. ניט ווײַט פונעם ארײַנגאַנג אין א קעלער האָט זי צעלייגט א שײַטער און גענומען עפּעס קאָכן. עס האָבן זיך צו אים דערטראָגן קינדערשע שטימען. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אז דאָרטן דאַרף געוויס זײַן אויך יענץ מיידעלע, מיט וועלכן ער האָט זיך אינדערפרי באַקענט. אים האָט זיך געוואָלט צו־גיין אהין און אויך זיצן א ביסל צוזאַמען מיט אַלעמען באַם פּײַער...

ס'איז געווען א גרויסער ניסאָיען נישט צוקומען א בליק געבן, וואָס דאָרטן קאָכט זיך. ער איז דעם ניסאָיען דאָך בײַגעשטאַנען, האָט זיך אופגעהויבן און געלאָזט צום שטיבל...

ווי נעכטן, איז ער ארײַנגעקראָכן אינווייניק דורכן פענצטער און זיך אָנגעהויבן ארומקוקן: פאַר דער צײַט, וואָס ער איז דאָ ניט גע־ווען, איז דאָ עפּעס פאָרגעקומען. א סאַך זאַכן, וועלכע ער האָט פריִער געזען, זײַנען שוין ניט געווען. דאָס איבעריקע איז געווען פאַרפאַקט, אָנגעגרייט אף ארויסצוטראָגן. אָשער האָט אזש א פּײַף געטאָן. אָט האָסטו דיר! ס'איז א קלאָרע זאַך, דאָ איז שוין געווען א באַלן אף פרעמד גוטס. נאָר ווײַזט אויס, דערהערט, אז מע גייט, און אין אײַלע־ניש אַלץ איבערגעלאָזט.

מארגוליס האָט באַשטימט א בליק געבן, ווו איז דער הונט, און האָט זיך געלאָזט צו דער קיך. נאָר איידער ער איז נאָך ארײַן אהין, האָט ער דערפילט, אז עס שמעקט מיט רויך. ער האָט געעפנט די טיר און איז געבליבן שטיין א געפּלעפטער. באַ דער פּליטע, אין וועלכער

עס האָבן געברענט עטלעכע שפּענדלעך, איז, אָנגעבויגן אויף די שפּיץ פינגער פון די פיס, געזעסן וואָלפסאָן, האָט געריסן פּאַפּירן און גע־וואָרפן אין פײַער.

פאר דער צײַט, וואָס מארגוליס האָט אים ניט געזען, האָט זיך וואָלפסאָן געענדערט אזוי, אז מע האָט אים קימאט ניט געקאָנט דער־קענען. פון טאָמיד אָן א דארער, ניט קיין הויכער, האָט ער איצט אויסגעזען נאָך קלענער. דאָס פּענעמל — קוואר, ווי א פײַג די גרייס, באוואקסן מיט א שיטער בערדל, וואָס האָט געכאפּט גראָ צו ווערן גראָד פון א זײַט און מיט אָט דעם העלן פלעק ווי אויסגעקרימט זײַן גאנץ געזיכט. די קליינע אייגעלעך, אין וועלכע עס האָט זיך שטענדיק אויסבאהאלטן אן איראָנישער שמייכל, זײַנען געווען פול מיט שרעק. עס האָט געדוכט, אז דער מענטש איז שוין א ביסל ניט באם זינען. ער פּרעפּלט עפּעס מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט טפילע געטאָן. און דערבײַ, ווי מעשונע זאָל עס ניט זײַן, איז ער פון עפּעס שיר ניט צופרידן. ער קלײַבט נעקאָמע פון עמעצן.

— זעט נאָר, איר זײַט דאָ? — האָט זיך בא מארגוליסן ארויס־געריסן פאר אומגעריכטקײַט. — זײַט איר, הייסט עס, אויך איבערגע־בליבן?

— דאָ, דאָ. ווי איר זעט. איך פארברען די דאָקומענטן.

— וועלכע דאָקומענטן?

— אלע... אלע... עס זאָל קיין זייכער ניט בלײַבן, אז איך בין געווען א סאָוועטסקע סלוזשעשטשע...

און דער מענטש האָט ווידער גענומען טפילע טאָן, זופּן מיט די ליפּן, אונטערזינגענדיק א שטילן סקארבאָוון ניגן.

— און ווו זײַנען אײַערע? דאָס ווײַב? די קינדער?

וואָלפסאָנס מויל איז געווען פארנומען. עס האָט אים פארשפּאָרט צו דערציילן דאָס, וואָס ניט פאר אלעמען וואָלט ער גאָר געוואָלט דערציילן; וויאזוי ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אוועקגיין און דאָס ווײַב מיט דער טאָכטער האָבן אים איבערגעלאָזט אליין. ער האָט בלויז א מאך געטאָן מיט דער האנט, ווי איינער זאָגט: ווער ווייסט זיי, ווו זיי זײַנען!

און אין דעם, וויאַזוי ער האָט א מאָך געגעבן, איז ניט געווען ניט קיין איבעריקס גרויסער פּאַרדראָס און ניט קיין איבעריקס טיפער ווייטעק. ס'האָט זיך געפילט, אַז דער מענטש לעבט שוין ווי אַף אַן אַנדער וועלט, מיט אַנדערע פאָרשטעלונגען און האַסאָגעס...

אַז אַשער האָט זיך צוגעהערט צו זײַן פּרעפּלען, האָט ער דער־קענט א פּאָסעק פון טאַנאַך. בנים גדלתי ורוממתי והם פשעו בי. ידע שור קנהו וחמור אבוס בעליו ישראל לא ידע עמי לא התבונן...[1]

אַמאָל־אַמאָל, מיט א יאָר פינף און צוואַנציק צוריק, אויב ניט מער, ווען ער, מאַרגוליס, איז געגאַנגען אין כיידער, האָט ער אויך געלערנט די פּסוקים פון טאַנאַך. איצט זײַנען זיי אים געווען, ווי א ווײַטע גע־דעכעניש פונעם אָוואַר, פון דעם קליינעם ייִדישן שטעטל אין וואָלין, ווו ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן. אין יענער אַרבעט, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרנומען, קעדיי איבעראַנדערשן די וועלט, איז פאַר די פּסוקים קיין אָרט ניט געווען, און מיט דער צײַט האָט ער זיי אינגאַנצן פאַרגעסן. ער האָט געמיינט, אַז אינעם לויף פון יאָרן האָט ניט נאָר ער, — אַפילע אַזאַ מענטש, ווי וואָלפסאָן, וואָס איז געווען עלטער פון אים, אויך אַלץ פאַרגעסן. לאָזט זיך אויס, אַז ניין... אָהאָ! ווי עס ליגט נאָך טיף... א קאָמפּליצירט שטיקל קיילע דער מענטש... וואָס אין איר קאָן אַמאָל שטעקן... דערצו נאָך קען ער אים טאַקע ווייניק, וואָלפסאָנען. ער ווייסט נאָר, אַז יענער איז אַמאָל, דוכט זיך, גאָר געווען א שטיקל מעלאַמעד אינעם שטעטל.

ער וויל פרעגן וואָלפסאָנען, עפּשער ווייסט ער, ווער איז דאָ אי־בערגעבליבן פונעם ראַדיאָ־קאָמיטעט, ווו ער, וואָלפסאָן, האָט געאַר־בעט אַלס בוכהאַלטער. אינעם ראַדיאָ־קאָמיטעט האָט אויך געדאַרפט

[1] א פּאָסעק פון טאַנאַך „יעשאַיאָהו". גאָט זאָגט: זין האָב איך געהאָדעוועט און דערהויבן, און זיי האָבן אין מיר געפעלשט. דער אָקס ווייסט, ווער עס האָט אים געקויפט, דאָס אייזל ווייסט די קאָרעטע פון זײַן באַלעבאָס, די ייִדן ווייסן ניט, מײַן פאָלק פאַרשטייט ניט.

ארבעטן זײַנער, מארגוליסעס, א גוטערפרײַנט, אבע מעדרעש. נאָר דער ייִד ענטפערט אים גאָרניט. ער האָט צונויפגענומען עטלעכע פעקלעך און קלײַבט זיך אוועקגיין.

— אהין, אהין, — מאכט ער, — מע דארף גיין אהין, וווהין אלע ייִדן. העוול־האוואָלים, יונגערמאַן... האקל העוול... טאק־טאָ, יונ־גערמאַן... מע האָט געהאוועט, געלאָפּן, געסארפעט, און וואָס, פרעגט זיך, וואָס איז ארויסגעקומען דערפון? איר האָט שטענדיק גערעדט וועגן יוישער, און איר האָט געזען, ווער עס האָט זיך דער ערשטער געלאָזט לויפן פונעם דײַטש?.. — ער ווארפט ארוף אף זיך די פעקלעך מיט זאכן, לאָזט זיך צו דער טיר, רופט אויך מארגוליסן. — קומט! קומט! די שטוב דארף איך פארשפארן. — נאָר דאָ שטעלט ער זיך אָפּ, הייסט דורכגיין אָשערן פאָרויס, עס צינדן זיך אים אָן די אויגן מיט א ווילד פײַער און עס גיט א שפאר פון אים אזוינס, וואָס ער האָט צענדליקער יאָרן אויסבאהאלטן ערגעץ טיף אין זיך. — איר מיינט, אז מיר איז גרינג געווען צו דרײַסיק יאָר ווארפן מײַן פארנאָסע און גיין זוכן זיך א נײַע פּראָפעסיע — לערנען זיך פאר א שטשאָטאָוואָד?.. איך האָב די שוועלן געדארפט אָפּשלאָגן, אז מע זאָל מיך צולאָזן צו דער ארבעט. כויטע־בעייגל בין איך געווען, קיין פּראווע גאָלאָסא מיר ניט געגעבן. קעדיי מײַנע קינדער זאָלן האָבן א צוקונפט, בין איך אנטלאָפן פון דער היים, האָב געבידעוועט אין דער גרויסער שטאָט, אויסגעריסן געוואָרן, קוים מיט צאָרעס געוואָרן א סלוזשעשטשע, אז מײַנע קינדער זאָלן האָבן וואָס צו שרײַבן אין דער אנקעטע, זייער ייִכעס זאָל זײַן א ייִכעס... נו, און דער סאָף?.. אײַ, אײַ, אָשערל! ווו איז אײַער מאכט? וואָס האָט איר זיך דערשלאָגן? איר האָט דאָך געראשט, געטומלט — איר וועט איבעראַנדערשן די וועלט... אלע וועלן זײַן גלײַך... קאָמוניזם וועט זײַן אומעטום... קולע טויוועס וועט איר ברענ־גען דער מענטשהײַט. און איצט זוכסטו בא מיר אָן אָרעמיקלעט. איך האָב ניט קיין אָרט פאר אײַך! די שטוב איז שוין ניט מײַנע. גייט! גייט אײַך געזונטערהייט!

מאַרגוליס איז אַרויס פון שטוב. דאָס, וואָס ער האָט דערהערט, איז פאַר אים געווען אומדערוואַרט. נאָר אויסטײַנען זיך איצט מיט וואָלפסאָנען האָט ער קיין שום פאַרלאַנג ניט געהאַט.

וואָלפסאָן האָט צוגעמאַכט די לאָדן, פאַרשפּאַרט די טיר און איז אַוועק מיט די פּעקלעך אויפן אַקסל, פירנדיק נאָך זיך דעם הונט.

ניט וואָלפסאָן, ניט מאַרגוליס האָבן ניט באַמערקט, אַז אויסער זיי געפינט זיך דאָ נאָך אַ דריטער מענטש, וועלכער האָט אַלץ געהערט. נאָר פּלוצעם האָט מאַרגוליס דערזען פאַר זיך דאָס נידעריטשקע ווײַבל, וואָס ער האָט פריִער געהאַט באַמערקט קלײַבן האָלץ אין הויף, און אים איז ניט אָנגענעם געוואָרן, לעמײַ זי האָט געזען, וויִאַזוי מע האָט אים אַרויסגעטריבן.

— זעט נאָר, זעט! — האָט זי אַ מאַך געטאָן צו אים, אַליין אויך אַן אויפגערעגטע דערפון, וואָס זי האָט דאָ געהערט. — איך האָב גאָר ניט געוווּסט, סאַראַ שלעכטער מענטש דאָס איז. געפונען אַ צײַט, ווען צו קלײַבן נעקאָמע פון יענעם. וואָס מיינט ער, אַז אײַך וועט זײַן שלעכט, וועט אים זײַן בעסער?

מאַרגוליס האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. און דאַן האָט זי, זעענדיק, ווי ער שטייט אַ פאַרלאָרענער, פּראָסט און היימיש געזאָגט:

— וואָס זײַט איר אַזוי צערודערט? איר האָט מוירע, אַז עס וועט אײַך אויסקומען צו בלײַבן אויף דער גאַס? קומט צו אונדז. מיר זײַנען איצט אַלע שכיינים אויף דער וועלט. מאָרגן קאָנען מיר זײַן אין דער זעלבער לאַגע, וואָס איר... — און זי האָט אים אָנגענומען פאַרן אַרבל.

מאַרגוליס איז געהאָרכזאַם אַוועק נאָך איר.

# קאפיטל זעקס

## 1

די גזירע, אַז מע דאַרף זיך אַריבערקלײַבן אין געטאָ, האָט אַלעמען געטראָפן, ווי אַ דונער. די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון שטאָט האָט זיך גערירט פון די ערטער און, געיאָגט פון גרויל און אומגליק, זיך געלאָזט צו נעמיגע. אייניקע זײַנען געלאָפן אהין זוכן זיך דירעס. אַנדערע האָבן זיך שוין אַריבערגעקליבן. מע איז געגאַנגען מיט ווײַבער און קינדער, מיט בעטגעוואַנט און שטיקער מעבל, מיט אַלץ, וואָס מע האָט געקאָנט אַפגיך אַרויסכאַפּן פון די אַלטע היימען און איבערטראָגן אַפן נײַעם אָרט. ווער עס האָט געפירט דאָס ביסל האָב־און־גוטס אַף טאַטשקעס, ווער אַף קינדערשע וועגעלעך, אַף וואָס עס האָט זיך נאָר געמאַכט אונטער דער האַנט. די, וואָס האָבן ניט געהאַט אַף וואָס צו פירן, האָבן אַלץ געשלעפּט אַף זיך. מע איז געגאַנגען אײַנדרײַען געבויגן אונטער די שווערקײַטן פון פּעק, מאַטראַצן, בעטן און אַלמערלעך. וואָרעם דינגען אַ פור האָט קיין ייִד ניט געטאָרט און איבערפירן עפּעס אַף אַ מאַשינע — אוואַדע און אוואַדע ניט... איז מען אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און אַלץ געשלעפּט אַף זיך, אָנגעהויבן פונעם סקאַרב און קליידער און פאַרענדיקנדיק מיט געפעס, מיט אַ זאַק יונגע קאַרטאָפל, וואָס מע האָט אין אײַלעניש אָנגעגראָבן בײַ זיך אַפן גאָרטן. די נויט איז גרויס. וואָס עס וועט זײַן, ווייסט קיינער ניט, כאַפּט מען אַלץ אַרויס, ווי פון פײַער.

וואָלט מען כאָטש ניט באַדאַרפט אַזוי יאָגן, האָבן אַלע מוירע. דערווײַל טשעפּעט מען קיינעם ניט, כאָטש אומעטום גייען אַרום דײַטשן. טייל פון זיי שטייען אַף די בריקן, וועלכע פירן דורכן טײַך און די פאַרוואָקסענע גערטענער אין געטאָ אַרײַן, און קוקן דערויף,

ווי אלע קלײַבן זיך אריבער. קיינער איז אָבער ניט זיכער, אז דאָס איז אף לאנג. לויפט מען ארום אהין־און־צוריק, ווי פארסאמטע מײַז, קעדיי אויסנוצן די מינוט, וואָס איז רויִק, און אלץ אריבערשלעפּן. די שטאָט איז אוף. עס ראשט און עס טומלט.

טומלדיקער ווי אומעטום איז געווען אין געטאָ. דוכט זיך, עס איז נאָך גאָרנישט ניט געשען אזוינס, וואָס זאָל אונטערשיידן די גאסן פון געטאָ פון די, וועלכע זײַנען געבליבן אויסער דעם טכום. עס איז דאָ נאָך ניט געווען קיין צאם און קיינע דראָטן, און געלעגן זײַנען זיי אלע אונטער איינעם און דעם זעלבן הימל, באשײַנט פון איינער און דער זעלבער זון, און דאָך איז שוין אף דעם אָרט פון דער געטאָ געלעגן אויסגעגאָסן א קלאָלע. די אײַנוווינער האָבן אין אײַלעניש פאר־לאָזט זייערע דירעס, האָבן זיך ארויסגעכאפּט פון היימישע גאסן, ווי מע כאפּט זיך ארויס פון א פארפּעסטעט אָרט, און אין די הײַזער, אין וועלכע עס האָט זיך נאָך ניט באוויזן אויסוועפּן דער רייעך פון די פריִערדיקע באלעבאטים, האָבן זיך ארײַנגעצויגן די יִידן מיט זייער ביסל האָב־און־גוטס און פארנומען ווו נאָר א ווינקל, ווו נאָר א לאָך.

אין אָט דעם דאָזיקן הו־הא פון מענטשן, וועלכע זײַנען אומגע־לאָפן הין־און־צוריק, איז אויך אומגעגאנגען אָשער מארגוליס מיט דעם שטילן ווײַבל, וואָס האָט אים ארײַנגענומען צו זיך אין שטוב; ער איז געגאנגען העלפן איר געפינען עפּעס א ווינונג און זיך אריבער־קלײַבן.

מיט עטלעכע טעג צוריק, ווען אָשער האָט זיך געלאָזט צוריק אין שטאָט, האָט ער זיך אפילע ניט פאָרגעשטעלט, אז עס וועט אים אויס־קומען צו גיין מיט עפּעס א ווילד־פרעמד ווײַבל זוכן דירעס. אפילע נאָך הײַנט אינדערפרי, בייס ער האָט זיך אופגעכאפּט און דערזען, ווו ער געפינט זיך, איז בא אים דער ערשטער געדאנק געווען: אָפּדאנקען דעם ווײַבל פאר דער טויווע, וואָס זי האָט אים געטאָן, און אוועקגיין, כאָטש ער האָט ניט געוווסט, וווהין זאָל ער זיך לאָזן און וואָס הייבט מען אָן צו טאָן. זי האָט אים אָבער געבעטן גיין איר העלפן וואָס איז שײַעך עפּעס א דירע.

— איר ווייסט, — האָט זי געזאָגט, — אַף א פרוי לייגט מען ניט קיין שום אכט. אז מע גייט אריַין אין א שטוב מיט א מאנצבל, איז עפּעס גאָר אנדערש. לאָמיר געפינען עפּעס א ווינקל, וועט איר שוין זיַין מיט אונדז. איין מענטש דארף דאָך אויך האָבן, ווו דעם קאָפּ אוועקצולייגן.

אָשערן האָט ניט פארכידעשט די אָפנהארציקיַיט, מיט וועלכער זי האָט זיך געווענדט צו אים. די ציַיט האָט שוין בעמיילע באפריַיט פון א סאך באדינגלעכקיַיטן, אָן וועלכע מע האָט זיך פריִער ניט געקאָנט באגיין. דערצו נאָך האָט ער געפילט, אז סיַיוויסיַי האָט ער שוין מער ניט ווהין צו איַילן, אים איז נייטיק געווען מיט עפּעס זיך פארנע־מען, אניט וועט ער פונעם זינען אראָפּ. און ער האָט געפאָלגט, איז אוועקגעגאנגען מיט איר.

העלפנדיק איבערטראָגן, וואָס עס איז מעגלעך געווען פון דער אלטער דירע, האָט זיך אָשער ווירקלעך א ביסל פארטומלט און ציַיטוויַיליק פארגעסן אַף די צאָרעס. עס איז בא אים געווען א געפיל, אז ער טוט עפּעס א זאך, וואָס פארייניקט אים מיט אלעמען, און אין דעם אליין איז שוין געווען א געוויסע באפרידיקונג. עס איז זיי בלויז איבערגעבליבן אריבערטראָגן עטלעכע שטולן און אזויארום פארענדיקן מיט דער איבערוואנדערונג. איז זיי אנטקעגן אָנגעקומען א לעוויַיע. לויט דעם, וואָס די לעוויַיע האָט צוזאמענגעקליבן פיל מענטשן, א סאך מער, ווי געווינלעך, האָט מארגוליס זיך באלד אָנגעשטויסן, אז דאָס מוז מען אזוי ארויסבאגלייטן אין זיַין לעצטן וועג דעם יונגנמאן, וועלכן מע האָט דערהארגעט באם יודענראט, און ער איז געבליבן שטיין. עס האָט מיטאמאָל א ווייע געטאָן אַף אים דער קאלטער אָטעם פון טויט.

אים איז פלוצעם פריקרע געוואָרן זיַין האווען, וואָס ער האָט געהאוועט פון גאנצפרי אָן. דירעס. פּעק. מעבל. ווער דארף דאָס אלץ האָבן, ווען דאָס לעבן הענגט אַף האָר? נעכטן האָט אָט דער זעל־בער באָכער, וואָס ליגט איצט א טויטער, אויך געוויס געהאוועט, מיט א וויַילע פריִער, איידער די קויל האָט אים געטראָפן, האָט ער נאָך

אוואדע געטראכט, אז, אויב עמעצן וועט זיך אײַנגעבן צו בלײַבן לעבן און איבערקומען אַלץ, וועט עס זײַן גראָדע ער און ניט קיין אנדערער. איצט דאַרף ער מער גאָרניט. ער דאַרף ניט קיין דירעס. ער דאַרף ניט שלעפּן אַף זיך קיין פרעמדע פּעק.

עס קאָן דאָך זײַן, אז די לעווײַע וואָלט אזוי דורכגעגאנגען פאַרבײַ און מארגוליס וואָלט זיך געלאָזט גיין ווײַטער זײַן וועג א צערודערטער פון די געדאנקען, וועלכע האָבן זיך בײַסמײַסע דערוועקט אין אים. צווישן די אַלע, וואָס זײַנען געגאנגען נאָכן אָרן, האָט ער אָבער דער־זען אויך מיכל אבעליעוון. דאַן האָט ער געזאָגט דעם ווײַבל, אז ער האָט דאָ געטראָפן א מענטשן, מיט וועלכן ער מוז זיך דורכריידן, און ער איז אויך אוועקגעגאנגען מיט אַלעמען.

מע איז געגאנגען גיך, גיכער, ווי מע גייט געוויינלעך אַף א לעווײַע, פאַרטיפטע אין שווערע מאכשאָוועס, מיט פעסט־פאַרקלעמטע מײַלער, און דער איינציקער קלאַנג, וואָס האָט געהערשט איבער אַלע־מען, איז געווען דער קלאַנג פון פיס, וואָס האָבן געשארט איבער די שטיינער פונעם ברוק, דער געהילך פון קנאַפּל.

דער בעסאַלמען איז אָנגעקומען אנטקעגן א באַשײַנטער אין זון, מיט הויך־צעוואָקסענע, געדיכטע ליפּעס באַם פּלויט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך מיט א זשומערײַ ארומגעטראָגן בינען און געבישטשערט אינעם האָניק־שמעקנדיקן צוויט. א ווינטל איז אָנגעפלויגן פון די פרײַע פעלדער ארום, מיט ראַש באַפאַלן איינעם פון די ביימער, וואָס איז געשטאַנען א ביסל אָן א זײַט פון אַלע, און א טרייסל געטאָן מיטא־מאָל זײַנע בלעטער. באַלד האָבן אויך די איבעריקע ביימער אונטערגע־כאַפּט אָט דעם גערויש, זיך צעוויגן הין־און־הער און, צוזאמען מיט די טראָפּנס טוי, וואָס זיי האָבן פאַרלאָרן פון די בלעטער, גענומען שיטן דעם צוויט אַף די קעפּ און אַקסל פון די מענטשן, וועלכע האָבן ארומגערינגלט דעם אָפענעם קייווער. און, דערפילנדיק דעם ווילדן אײַנרײַס צווישן דער בליִענדיקער נאַטור און דעם לעבן, וואָס האָט גע־הערשט ארום, האָט בא אייניקע פאַרקלעמט די הערצער און די אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. צו האַרב איז אָבער געווען די ווירק־

לעכקייט, אז מיט טרערן זאָל מען קאָנען אויסדריקן עפּעס מער, ווי טרויער, מער, ווי אָנווער. פאַרבאַהאַלטענערהייט, אַז קיינער זאָל ניט באַמערקן, האָט מען גיך אָפּגעווישט אַ ניט־געבעטענע טרער... דער ווייטעק איז געווען אַזוי אומגעהייער גרויס, אַז עס האָט זיך יעדן געגלוסט שרייַען, מאַכן גוואַלדן. און אויב קיינער האָט עס ניט געטאָן, איז עס געווען בלויז דערפאַר, ווייַל מיט געשריי און מיט געפּילדער, האָט מען געוווּסט, וועט מען זיך צו גאָרנישט ניט דערשלאָגן.

די גאַנצע צייַט, וואָס עס האָט געדויערט, ביז מע האָט דעם באַרמינען צו קוורע געבראַכט, איז מאַרגוליס געשטאַנען אין אַ זייַט און ניט אַרויסגעלאָזט פונעם אויג אַבעליעוון.

אָט האָט מען שוין דעם קייווער פאַרשאָטן, אַלע האָבן זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיין. איצט האָט ער, ווי אַפּצולאָכעס, פּלוצעם פאַרלאָרן מיכלען. ער האָט אים גענומען זוכן און דערזען ערשט שפּעטער, ווען יענער איז שוין געהאַט געגאַנגען איבערן בעסאַלמען מיט עפּעס אַ יונגנמאַן. מאַרגוליסן איז עס זייער ניט געפעלן געוואָרן. ער איז דאָך אוועקגעגאַנגען נאָך זיי.

ער האָט באַשלאָסן אויסנוצן די געלעגנהייַט, וואָס האָט זיך אַזוי צופעליק געמאַכט, און ווידעראַמאָל פּרוּוון פאַרבינדן אַ שמועס מיט אַבעליעוון...

## 2

אויף אַ פלאַכן, געלבלעכן שטיין, וואָס איז געלעגן אַ פאַרוואַקסענער מיט גראָז, זייַנען מיכל מיט כאַים וואַלאָכן שווייַגנדיק געזעסן.

עס איז געווען הייס. צווישן די ליפּעס באַם פלויט האָבן אומדערמידלעך געזשומעט בינען. ניט ווייַט, אויף אַ קייווער, האָט אַ ייִדענע אויסגעוויינט דאָס האַרץ, וועקנדיק דעם זכות פון אָוועס. אַ קורצע ווייַלע האָבן זיך די יונגעלייַט ניט ווילנדיק צוגעהערט דערצו, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין בעסאַלמען. נאָר אָט האָט כאַים אויפגעהויבן די אויגן אויף מיכלען און געזאָגט:

— דער אַלטער מײַנער האָט זיך געקליבן גיין צו דיר פרעגן אַן אייצע, נאָר מיר האָבן ניט געוווּסט, וווּהין דו האָסט זיך אַריבערגע־צויגן. אײַך איז גוט, איר האָט זיך שוין כאָטש איבערגעקליבן, און אַן עק...

מיכל האָט זיך א קרים געגעבן:

— אַף אונדזערע סאָנים אַזא גליק. און ווער לאָזט זיך אײַך ניט אַריבערקלײַבן?

— מיר קאָנען ניט....

— פאַרוואָס?

— דו האָסט געוווּסט, אַז איך בין געקומען אַהיים?

— כ'האָב געהערט...

— און אַז איך בין געקומען ניט אַליין?

— ווער זשע נאָך?

— דער פּאָליטרוק פון אונדזער באַטאַליאָן. אין א שלאַכט אַרום קווידענאָוו, בײַס מיר האָבן זיך פאַרטשעפּעט מיט א דעסאַנט, האָט מען אים פאַרוווּנדעט. ער איז א רוסישער. איבער אים קאָנען מיר ניט גיין אין געטאָ.

— פאַרשטייט זיך, — איז מיכל מאַסקים געווען, — מיט זיך אין געטאָ וועסטו אים ניט פירן.

כאַים האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן. נאָר דאָ האָט ער דערזען, וויאַזוי עס דערנעענטערט זיך צו זיי אַן אומבאַקאַנטער יונגערמאַן אין ברילן, וועלכן ער האָט שוין אויך פריִער באַמערקט זיי נאָכגיין, און אַן אומצופרידענער האָט ער גענומען שאַרן מיט א צווײַגעלע אָן דער ערד.

— זאָג מיר נאָר, — האָט ער מיכלען געפרעגט, — ווייסט ניט, ווער איז ער, אָט דער טיפּ? וואָס דרייט ער זיך אַרום לעבן אונדז? ניט אַף דיר וואַרט ער?

מיכל האָט זיך א קנייטש געגעבן:

— ווער ווייסט אים? ער איז נעכטן בא מיר געווען, האָט זיך נאָכגעפרעגט אַף איינעם א מענטשן.

— איז ער ניט עפּעס אַ מאָסער? זע, זײַ פּאַרזיכטיק. עפּעס געפעלט ער מיר ניט. איך װעל צװוארטן אױף דיר באַם טויער.
— קאָנסט גיין אהיים. איך װעל מאָרגן קומען צו אײַך.
פון נעכטן אָן, זינט מארגוליס איז געװען בא אים, האָט מיכלען ניט אופגעהערט באומרויִקן, ‏צי איז דאָס ניט קיין אונטערגעשיקטער. פון פּאַרזיכטיקײַט װעגן האָט ער אפילע אין דער היים ניט געגעבן. דערזען אָשערן צווישן אַלעמען באַם קיוױער, האָט ער אַלץ געטראכט: װער איז ער? װאָס איז ער נעכטן געקומען צו אים? שוין זשע נאָר צוליב דעם, קעדיי נאָכפרעגן זיך אויף אַליקן? ניין. עפּעס האָט ער דאָך נאָך געװאָלט פון אים. זיצנדיק אָפן שטיין מיט כאַיִמען, האָט ער אַליין אויך באַמערקט, אַז מארגוליס װארט פונדערװײַטנס. אים האָט װידער גענומען מאַטערן די זעלבע פראגע: װער איז ער? װאָס װיל ער פון אים?
פון יענער זײַט פּלויט האָט זיך דערטראָגן אַ שיסערײַ פון אוטאָמאַטן, אַ געריש פון מאשינעס. מארגוליס איז צוגעגאנגען צו מיכלען און אַ מאך געטאָן מיטן קאָפּ אין יענער זײַט, פונוואנען עס האָט זיך געהערט די שיסערײַ:
— עס גייט שוין דאָרט װידער עפּעס אַ כאַפּעניש, — ער האָט פּאַרזיכטיק פּאַנאַנדערגענומען די קוסטעס באַם פּאַרקן, זען, װאָס עס קומט פּאָר אין גאס; מיט געװער אונטערן אָרעם זײַנען אומגעגאנגען דײַטשן. נאָך זיי זײַנען געפאָרן עטלעכע לאַסטמאשינעס, אויף איינער פון די מאשינעס איז שוין געװען אַ בינטל ייִדן. די גאס איז װי אויסגעשטאָרבן. אָבער אין די גערטענער, װאָס זײַנען געלעגן ארום, הינטער די פּלויטן, צווישן די שטעלכלעך, האָבן זיך אויסבאהאלטן מענטשן.
— נו, יאָ, — האָט מארגוליס אַ זאָג געגעבן מיט אזא מינע, גלײַך ער װאָלט גאָר אנדערש ניט דערװארט. — װי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, מע כאַפּט ייִדן...
— גייט אװעק פון פּלויט! — האָט מיכל זיך אָנגערופן. — װאָס װילט איר, מע זאָל אונדז אויך דערזען?

מאַרגוליס האָט מיט אַ רויִקן בליק באַטראַכט מיכלען:

— יונגערמאַן, שאַנעוועט אײַערע נערוון, זיי קאָנען נאָך אײַך צו־ניץ קומען... — און ער האָט זיך שטיל צעלאַכט, לאַכנדיק אָנגעוויזן אויף יענער זײַט פּלויט. — אַ ייִד האָט זיך באַהאַלטן אין אָפּטריט. אונטן איז אָפן. מע זעט זײַנע לאַנגע פיס, און ער מיינט, אַז קיינער זעט אים ניט...

— אויב אײַך איז פריילעך אויפן האַרצן, איז לאַכט געזונטערהייט, אָבער מיך לאָזט צורו, — האָט אים אַבעליעוו בייז געענטפערט.

מאַרגוליס איז געוואָרן ערנסט, די שטריכן פון זײַן פּנים האָבן זיך פאַרשאַרפט. ער האָט אונטערגעכאַפּט:

— אַזוי גאָר! אַ רויִק לעבן האָט זיך אײַך פאַרגלוסט. זעט איר, צורו וועל איך אײַך טאַקע ניט לאָזן... עס זײַנען אין שטאָט איבערגע־בליבן טויזנטער מענטשן, צווישן זיי ניט ווייניק קאָמוניסטן, פרעג איך אײַך, איז דען רעכט, אַז מע זאָל זיך לאָזן טרעטן מיט די פיס? איך זע, איר קוקט מיך אָן, אײַך איבעראַשט, וואָס איך רייד מיט אײַך אָפן. איר קאָנט טראַכטן: „פונוואַנען האָט ער זיך גענומען, אָט דער פאַרשוין?“ איך אַליין בין אָבער אויך אַ קאָמוניסט... פונקט, ווי באַ אײַך, רײַסט באַ מיר דאָס האַרץ, ווען איך זע, וואָס עס טוט זיך. איך פאַרשטיי, מע דאַרף זײַן געהיט. נאָר אַלץ דאַרף דאָך זײַן מיט אַ שיר.

— ווער האָט אײַך געגעבן דאָס רעכט צו שטעלן אַזעלכע פראַגן? — האָט מיכל געפרעגט ווי ווײַט מעגלעך רויִק. — ווער האָט אײַך געגעבן רעכט פאָרוואַרפן אונדז?

— מײַן פאַרטייִיש געוויסן. איז עס דען קנאַפּ?

מיכל האָט דורכדרינגלעך געקוקט אויף מאַרגוליסן:

— וואָס ווייס איך וועגן אײַך? ווער זײַט איר? נעכטן זײַט איר געווען באַ אונדז קלוימערשט זיך נאָכפרעגן אויף אַליקן. און הײַנט... וואָס דרייט איר זיך דאָ אַרום? וואָס זוכט איר?

— איך וויל זיך פאַרבינדן מיט מענטשן. איך האָב אײַך שוין גע־זאָגט, אַז איך בין ניט קיין היגער. איך וויל ניט זײַן די שאָף, וואָס

לאָזט זיך געהאָרכזאַם פירן צו דער שכיטע. אויב אומקומען, איז כאָטש ניט אומזיסט.

— אַז איר זײַט ניט קיין היגער, דאָס זע איך. אָבער ווער האָט אײַך באַפולמעכטיקט צו פירן אַזעלכע רייד?

— קיינער ניט. דערווײַל זײַט איר דער ערשטער, מיט וועמען איך רייד אָפן. איך בין זיכער, אַז אין שטאָט זײַנען פאַראַן נאָך קאָמוניסטן אָדער פּאָשעטע סאָוועטישע מענטשן, וואָס וועלן זיך אָנשליסן צו אונדז. מע טאָר ניט זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט און וואַרטן אויף אַ נס. איך האָב אַ שטיקל דערפאַרונג אין אונטערערדישער אַרבעט. טאָ לאָמיר עפּעס נעמען טאָן. איר טרויט מיר ניט. איר ווייסט ניט, ווער איך בין, טאָ העלפט מיר אויפזוכן מענטשן, וואָס קענען מיך. דאָ מוז ערגעץ זײַן אַבע מעדרעש, ער קען מיך. פרעגט אים, ווער איז אַשער מאַרגוליס, וועט ער אײַך זאָגן.

מיכל האָט געשוויגן.

— וואָס זײַט איר פאַר אַ מאָדנער מענטש! — האָט אויסגעשריִען מאַרגוליס. — איך ווייס דאָך אַלציינס, ווער איר זײַט. און ביכלאַל, וואָס האָט איר מוירע? איך בין דען ענלעך אויף אַ מאָסער?

מיכל האָט אים גאָרנישט ניט געענטפערט...

### 3

עס איז דורך אַ טאָג און צוויי — געננוג צײַט דערויף, אַז ער זאָל פאַרגעסן סײַ מאַרגוליסן און סײַ די רייד, וואָס יענער האָט מיט אים פאַרפירט. דאָך האָט מיכל זיך קיין רו ניט געפונען. דער אומבאַקאַנטער יונגערמאַן אין די ברילן איז אים פון זינען ניט אַרויס. „און ווי איז, — האָט מיכל געטראַכט, — אויב דער מענטש איז טאַקע אַ קאָמוניסט און וויל בעעמעס, אַז מע זאָל עפּעס אָנהייבן טאָן? וויאַזוי שטויסט מען אָפּ פון זיך אַזאַ מענטשן? מיט וואָס פאַר אַ רעכט? דאַרף ער דען, מיכל, פאַרקערט, ניט זײַן צופרידן, וואָס עס האָט זיך געמאַכט אַזאַ צופאַל און זיי האָבן זיך באַגעגנט?“

מיכל האָט ניט פאַרגעסן, אַז מאַרגוליס האָט אָנגעגעבן אַבען פאַר זײַנעם אַ באַקענטן. ער האָט געוווּסט, אַז ער קאָן זיך דורכגיין צו אַבען און פרעגן אים, צי איז עס ווירקלעך אַזוי אָדער ניין. נאָר זיך דער־מאָנט, אַז ער האָט כאַימען צוגעזאָגט קומען צו זיי צוליב דעם פּאָליט־רוק, האָט ער באַשלאָסן פריִער זײַן בא כאַימען און פאַריינס דערציילן אים, וואָס פאַר אַ געשפרעך ער האָט געהאַט אַפן בעסאַלמען מיט מאַרגוליסן, פרעגן אים, צי איז ניט קעדײַ זיך טרעפן מיט יענעם און אַ טאַפּ געבן, ווער איז ער און וואָס אַזוינס ליגט אונטער זײַנע רייד.

ניט דאָס אַליין איז דאָך געווען די סיבע, וואָס האָט מיכלען גע־טריבן פון דער היים. אויסער דעם, וואָס ער האָט ביכלאַל ניט געקאָנט זיצן ליידיק, וואָס ער האָט אַלץ געזוכט און גענישטערט, וויִאַזוי זיך פאַרבינדן מיט מענטשן, האָט ער זיך איצט פּאָשעט אָנגעכאַפּט פאַר דער מעגלעכקײַט אוועקצוגיין פון שטוב איבער דעם, ווײַל די לעצטע צײַט איז צווישן אים און זײַן דאָרען אויפגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס איז אים שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן.

מיכל איז ניט אַזוי מיד געווען פונעם אַריבערקלײַבן זיך אין געטאָ און שלעפּן אַף זיך די פּעק, ווי פון דאָרעס צושטיין, זיי זאָלן זיך גיכער אַריבערציִען אַהין. ווען זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטוב, וווּ מע האָט אַ לעבן אָפּגעלעבט, האָט זײַן אַלטע מאַמע זיך באַוואַשן מיט טרערן, אים אַליין איז אויך געווען זייער שווער זיך שיידן מיט דער נעסט, וווּ עס איז פאַרלאָפן זײַן קינדהײַט און יוגנט. זי אָבער, דאָרע, איז געווען אין איינע שרעק, אַז זיי וועלן, כאָלילע, שלעכט אָפּשנײַדן, אויב זיי וועלן ניט געננוג פּינקטלעך, מיט אַלע קלייניקײַטן, אויספילן די באַפעלן פון דער דײַטשישער מאַכט. זי האָט געהאַלטן אין איין אונ־טערטרײַבן: „גיכער! גיכער!“ מיכל האָט עס ניט געקאָנט פאַרלײַדן, ער האָט איר געמוזט אויסריידן: „וואָס האָסטו מוירע מער פון אַלעמען? וואָס האָסטו שוין אָנצוּווערן?“ און כאָטש אים אַליין האָט בייסמײַסע ווײי געטאָן, ווען אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן און זי האָט מיט אַן אומבאַהאָלפענעם שמייכל אַ זאָג געגעבן: „ווען עס זאָל זיך האַנדלען נאָר וועגן מיר, וואָלט איך אינגאַנצן אין ערגעץ זיך ניט

געקליבן", — האָט ער דאָך איר גאָרנישט ניט געענטפערט. ער האָט געוווּסט, אַז זי זאָגט עמעס: קיין אייגן לעבן האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט. אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן, איז עס געווען בלויז פונזײַנעטוועגן. דאָך איז אים געווען שווער צוזען, ווי שמאָל זי נעמט אויף דאָס לעבן. און אָט אַזוי האָט זיך עס שוין באַקומען. איז ער געווען ניט אין דער היים, איז ער גרייט געווען צו טאָן פאַר איר אַלץ, וואָס מעגלעך איז. קוים האָט ער זיך אָבער אומגעקערט אַהין, דערזען, ווי קליינלעך עס זײַנען אירע האַסאָגעס, אַז אַלץ איז איר נעגייע נאָר אַף אַזויפיל, אַף וויפל עס האָט אַ שײַכעס צו איר און צו אירע נאָענטע, איז אים געוואָרן אַלץ דערווידער, און ער האָט ווידער געזוכט, ווּהין אַוועקצוגיין...

געטראָפן האָט ער בא די וואָלאָכס, כוץ אַלע שטוביקע, סימען, וועלכע איז געקומען איבערבינדן דעם פּאָליטרוק די וווּנד. מיכל איז פריִער ארײַנגעקומען אַף אַ ווײַלע צום פּאָליטרוק, זיך דורכגעוואָרפן מיט אים מיט עטלעכע ווערטער און זיך צוריק אומגעקערט אין קיך, ווו ער האָט געטראָפן אַלעמען זיצן פאַרומערטע. מע האָט אַלץ געטראַכט וועגן איינעם און דעם זעלבן, וויִאַזוי געפינען עפּעס אַן אָרט, ווו דער פּאָליטרוק זאָל איבערזײַן די צײַט, ביז אים וועט ניט ווערן אַ ביסל לײַכטער און ער וועט קאָנען זיך לאָזן ערגעץ גיין...

שוין באם ארײַנקומען האָט מיכל דערזען, אַז עס האָט זיך דאָ ווירקלעך געשאַפן אַ שווערע לאַגע. מיט יעדן טאָג האָט זיך אַלץ דערנענטערט דער טערמין, וואָס איז באַשטימט געווען אַף אַריבערציִען זיך אין געטאָ. קימאַט אַלע ייִדן האָבן זיך שוין אַהין אַריבערגעקליבן. בא דער גרויסער ענגשאַפט, וואָס האָט זיך דאָרטן געשאַפן, בייס וועלכער עס איז אויסגעקומען אויסכאַפּן איינע בא די אַנדערע יעדן ווינקל, האָט מען אַזוי געקאָנט אײַנגאַנצן בלײַבן אָן אַ וווינונג... בא די וואָלאָכס אָבער זײַנען געווען געבונדן די הענט. זיי האָבן ניט געקאָנט ניט גיין אַהין עפּעס אָנקוקן זיך אַ דירע און ניט ברענגען עמעצן צו זיך ווײַזן די שטוב, קעדיי צו מאַכן אַ בײַט. און כאָטש דער פּאָליטרוק האָט זיי וויפל מאָל געבעטן, אַז מע זאָל זיך אופהערן זאָרגן וועגן אים, נאָך אַ טאָג, נאָך צוויי, ווי נאָר עס וועט אים ווערן אַ ביסל בעסער, וועט ער זיי

באפרײַען פון זיך, דאָך האָבן אַלע געוווּסט, אַז דאָס זײַנען גלאַט רייד. ווען ער זאָל שוין אפילו זײַן געזונט און קאָנען ערגעץ אַוועקגיין, האָט ער אויך ניט וווּהין צו גיין און, אויב עס וועט זיך די נאָענטסטע טעג ניט אײַנגעבן אים ערגעץ אײַנאָרדענען, איז כאָטש נעם און פיר אים מיט זיך אין געטאָ אַרײַן...

עס איז בעפֿיירעש געווען פון וואָס אָפּצועסן זיך דאָס האַרץ און פון וואָס צו זײַן פאַרומערט. פונדעסטוועגן איז מיכלען שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן, האַלעמײַ אַלע זיצן מיט אַראָפּגעלאָזענע נעזן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז דאָ אַזוינס באַזונדערס געשען, וואָס דער אַלטער יוינע רייכערט הײַנט מער, ווי אַלעמאָל, שרעקלעך טשאַ־דענדיק מיט זײַנע ציגאַרן מאַכאָרקע. ער האָט ניט באַנומען, וואָס שטייט סימע באַם אויוון אַ טרויעריקע, גלײַך עמעצער וואָלט זי טיף באַליידיקט, אָפּגענאַרט אין די בעסטע געפילן. זאָל עס האַלטן אַזוי שלעכט מיטן פּאָליטרוק און זי זאָל דערפון איבערלעבן, איז ער דאָך אָט ערשט בא אים געווען און אפן ערשטן בליק איז יענער, דוכט זיך, גאָר ניט אַזוי געפערלעך.

— וואָס איז? — האָט מיכל געפרעגט. — וואָס זײַט איר אַזוינע פאַרומערטע?

דער אַלטער יוינע האָט קורץ אַ קרעכץ געטאָן: „אײַ, די וועלט איז גאָר קיין וועלט ניט!..‟ — און ער סמאָקצעט ווידער זײַן ציגאַר...

— וואָס פאָרט? וואָס איז פאָרגעקומען?..

געענטפערט האָט אים כאַים, אויך, ווי אַלע, ניט קיין פריילעכער:

— סימע האָט זיך אונטערגענומען דורכריידן מיט עמעצן פון אירע באַקאַנטע רוסישע דאָקטוירים וועגן דעם פּאָליטרוק.

— נו?

— עס איז געבליבן, אַז זי זאָל פּרווון דאָס מאַזל צום אַלעמערשטן בא דער דאָקטערין אוראַלאָוואַ, מיט וועלכער זי איז פון לאַנג באַפרײַנ־דעט. מע האָט געמיינט, אַ מענטש איז עס אַ גוטער, זי האָט קיינמאָל זיך ניט אָפּגעזאָגט צו טאָן יענעם אַ טויווע... דערצו איז נאָך בא איר אַ גרויסע שטוב, קליינע קינדער, וואָס זאָלן אַרויסטראָגן דעם סאָד,

האָט זי אויך ניט. זי איז מער ווי זיכער געווען, אז יענע וועט ניט אָפּ־זאָגן.

— נו, איז וואָס? האָט מען זי שלעכט באַגעגנט?

— זאָל זי אַליין דערציילן, — האָט זיך אַרײַנגעמישט דער אַל־טער. — וואָס רעדסטו פאַר איר? זי האָט דען קיין צונג ניט...

סימע האָט ניט אופגעהויבן אירע אויגן. זי האָט אויף קיינעם ניט געקוקט. זי האָט געענטפערט:

— ניין, מע האָט מיך אופגענומען ניט שלעכט. נאָר... — און זי האָט מיט אַ געבראָכענער שטימע גענומען דערציילן, וואָס איז פאַר־לאָפן ווײַטער.

ווען זי איז אַרײַנגעקומען צו יוליאַ סערגייעוונען, האָט יענע זיך אַ לאָז געגעבן אַנטקעגן און מיט אַ האַרץ, אַן איבערגעפּולטס פון פּײַן, צוגעפאַלן צו איר:

— סימאָטשקע טײַערע, וואָס זאָלן מיר טאָן? ווי לעבט מען ווײַ־טער?

זי האָט זיך שיר ניט צעוויינט אויף אַ קול. נאָר באַמערקט, אַז סימע איז שטאַרק באַטריבט, ענטפערט אַפילו ניט ווי געהעריק אויף די באַ־גריסונגען פון די קינדער, וועלכע האָבן זיך דערפרייט דערמיט, וואָס זי איז צו זיי אַרײַנגעקומען, האָט יוליאַ סערגייעוונאַ פאַרשטאַנען, אַז סימען איז אויפן האַרצן אַ סאַך שווערער, ווי באַ איר, און זי האָט זיך באַהערשט. אין שטוב איז געוואָרן אומאָנגענעם שטיל...

ליוסיע מיט אַנאַטאָליען האָבן זיך איבערגעקוקט. קיינער האָט מער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. סימע האָט אויך ניט באַלד געפונען, פון וואָס אָנצוהייבן דאָס געשפּרעך, צוליב וועלכן זי איז געקומען.

— איר האָט, מיסטאַמע, געהערט, מע האָט דערהאַרגעט גורע־וויטשעס זון, — האָט זי ענדלעך אַרויסגעשטויסן דורך שטײַף־צונויפ־געפּרעסטע ציין.

— גאָט מײַנער! — איז יוליאַ סערגייעוונאַ צערודערט געוואָרן. — ווען? פאַר וואָס? אזא שטילער באָכער...

סימע האָט אינקורצן דערציילט, וואָס עס איז פאָרגעקומען באם יודענראַט.

יוליאַ סערגייעווונא איז געבליבן שטיין א דערשלאָגענע. עס האָט זיך איר אלץ ניט געלייגט אפן סייכל: גורעוויטש איז פאר איר געשטאַנען, ווי א לעבעדיקער. דאָ ניט לאנג האָט זי אים באגעגנט. נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט האָט ער זיך געקליבן פאָרן אפן צאָפן־פאָליוס. און אָט איז ער שוין ניטאָ, ווי גאָר אף דער וועלט קיינמאָל ניט געוועזן...

— סימאָטשקע! — האָט זי אויסגעשריען. — אזוי־אָ קאָנען זיי דאָך אלעמען אומברענגען... מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען געטריבן ערגעץ געפאנגענע. פרויען האָבן גענומען ארויסטראָגן פון שטוב ווער וואָס עס האָט נאָר פארמאָגט: א שטיקל ברויט, עטלעכע קארטאָפל. די וואך לאָזט אָבער קיינעם ניט צו. „רוס, רוס, פערבאָטען!" איינס א מיידל האָט זיך דאָך דורכגעריסן צו זיי. די געפאנגענע האָבן זיך א לאָז געגעבן אנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט. איז געוואָרן א שיסערייַ, און אפן ברוק זייַנען געבליבן ליגן דערהארגעטע. אן אלטיטשקער, עפּעס א קאליקע, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אף דער קוליע בא זייַן שטוב און אלץ צוגעזען. ער האָט ניט אויסגעהאלטן, געמאכט א געשריי און איז מיט דער קוליע אין דער האנט אוועק אף די דייַטשן. האָט מען אים אויך דערשאָסן... דאָ ווידער האָבן זיי זיך נאָכגעיאָגט נאָך איינעם א פורמאַן. — און יוליאַ סערגייעווונא האָט דערזען פאר זיך יענעם פרימאָרגן, די בעהאָלע אף דער גאס, דעם באקאנטן פורמאַן. א מעגושעמדיקער און פּראָסטער, איז ער געשטאַנען פאר איר אין דער ברעזענטענער ספּעצאָוועקע מיט טירסע אין דער רויטער פאטלע. זי האָט געזען זייַנע אויגן, דעם צאר, וואָס האָט זיי אָנגעפילט, בייס עס איז ענדלעך צו אים דערגאנגען, אז זייַן ווייַב און זייַנע קינדער וועלן מוזן אוועקגיין אין געטאָ. זי האָט געזען, וויאזוי ער טראָגט זיך אף דער פור איבער דער גאס און ווי, קלימפּערנדיק מיטן קלייזייַען און מיט אלע ספּראָנדזשקעס פון זייער אמוניציע, יאָגן אים נאָך די דייַטשן...

יוליאַ סערגייעווונא האָט שווער איבערגעכאפּט דעם אָטעם, זי האָט געזאָגט:

— איך קום ערשט פון מײַן שווער. איך האָב געמיינט, ער וועט מיר אַן אייצע געבן, וואָס צו טאָן מיט די קינדער. איך וויל זיי אוועק־שיקן אין דאָרף. איך האָב עפּעס אזוי מוירע, אז עס זאָל גאָרניט געשען מיט זיי. ווייסט ער אויך ניט, ווי ס'איז בעסער. „ווער ווייסט, — זאָגט ער, — ווי ס'איז גלײַכער. זאָלסט דערנאָך ניט דארפן רײַסן אָף זיך די האָר. דאָ זײַנען כאָטש די קינדער בא דיר פאַר די אויגן". סימאָטשקע, וואָס זאָל איך טאָן?

סימע האָט הילפלאָז א מאך געטאָן מיט א האנט: וואָס פאַר אַן אייצעגעבערן איז זי שוין איצט, מישטיינסגעזאָגט? זי האָט דאָך אפילע געצווייפלט, צי מעג זי אהער ארײַנקומען. צי וועט מען זײַן צופרידן דערמיט. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי פרײַ און היימיש זי האָט זיך דאָ שטענדיק געפילט. און קעגן איר ווילן זײַנען אירע אויגן פארשוווּמען געוואָרן פון טרערן, אזוי אז אַלץ — דער טיש, דער הענגלאָמפּ, די פענצטער — האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען, צוזאמענגיסן און איבער־פלאָנטערן איינס מיטן אנדערן.

פון יוליַא סערגייעוונען איז ניט געבליבן פארהוילן, וואָס עס טוט זיך מיטן מיידל. זי אַליין איז אויך געווען זייער גערירט פון דער בא־געגעניש. זי האָט זיך אָבער געהאַלטן אין די הענט, געפרעגט סימען אָף דער מוטער, צי ווייסט מען ניט, ווו איז עסטער.

— טו זיך אויס, — האָט זי געבעטן. — מירן באַלד מאכן טיי. ביסט געוויס הונגעריק. — און זי האָט א ווונק געגעבן צו ליוסיען, זי זאָל עפּעס צוגרייטן.

סימע האָט מידלעך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „יאָ, יאָ". נאָר זי האָט זיך ניט אויסגעטאָן און אפילע זיך ניט צוגעזעצט. זי האָט געזאָגט:

— ווען איך דאַרף עפּעס בעטן פאַר זיך, וואָלט איך עפּשער נאָך באַטראכט זיך גיין צו אײַך, צי ניין...

— פארוואָס? — האָט יוליַא סערגייעוונא געפרעגט. — מיר זײַנען דען ניט די אייגענע, וואָס געוועזן?

— אַך, יוליַא סערגייעוונאַ! — האָט סימע אויסגעשריַען פאַר גרויס פּײַן. — לאָמיר בעסער ניט ריידן דערפון. ווי שווער עס איז געוואָרן

דאָס לעבן, מאמע מײַנע! אזויפיל דערנידעריקונגען אויף יעדן טראָט, אזויפיל מערדערײַען... דאָ שטיי ניט, דאָרט גיי ניט. גייסטו ערגעץ ארויס, ווייסטו ניט, צי דו וועסט קומען צוריק. — און עס האָט איר פארקלעמט דאָס הארץ, די ליפּן האָבן גענומען ציטערן. — מע האלט דען אונדז פאר מענטשן?

— נו, נו, מע דארף ניט וויינען. בעסער ניט ריידן וועגן דעם. ווען מען האלטן זיי יאָ פאר מענטשן?

— איך ווייס ניט. וואָס קאָנען דאָ העלפן טרערן? — האָט סימע זיך פארענטפערט, ווישנדיק די אויגן. — מע האָט א לעבן אָפּגעלעבט אין הײַזער. ערגער־בעסער, נאָר יעדערער האָט זיך געהאט זײַן שטיקל היים. און איצט — גיי קלײַב זיך איבער... ווהין? צוליב וואָס? ווינציק דען לאגערן זײַנען שוין פאראן? א לאגער פאר ייִדן, א לאגער פאר קריגסגעפאנגענע. ווען איר זעט נאָר, וויאזוי מע באגייט זיך מיט מענטשן... ווי שרעקלעך דאָס איז!

יוליאַ סערגייעוונא האָט געוואָלט אויסטאָן פון סימען איר סעקל, נאָר יענע האָט ניט געלאָזט. צוגעזעצט זיך האָט זי ערשט דאן, ווען די באלעבאָסטע האָט זי ארײַנגעפירט אינעם זאלכל, ווו אויסער זיי ביידן איז קיינער ניט געווען. יוליאַ סערגייעוונא האָט דערפילט, אז דאָס מיידל איז געקומען צו איר צוליב עפּעס וויכטיקס. זי האָט געווארט, וואָס סימע וועט זאָגן. „איך וועל איר העלפן, מיט וואָס נאָר איך וועל קאָנען", — האָט זי געטראכט.

— איך בין געגאנגען אָנקוקן א דירע, — האָט סימע דערציילט. — מע רעדט אלץ, אז טאָמער וועט מען איצט ניט בײַטן די דירעס, וועט נאָכדעם זײַן שפּעט. מיטאמאָל איז געוואָרן א טומל. איך האָב זיך דער־ווּסט, אז מע האָט גורעוויטשן דערהארגעט, איז מיר שוין אלץ ניט ניכע געווען און האָב זיך אומגעקערט אהיים. די מאמע זיצט דאָרטן אליין גאנצע טעג און וויינט. ווו עסן? ווען עסן? שוין דעם ווּיפלטן טאָג, אז מע האָט אין די אויגן ניט געזען קיין לעפל געקעכטס. ס'איז דער קאָפּ ניט דערבײַ עפּעס אָפּצוקאָכן.

— מער פעלט ניט, צו אַלע צאָרעס נאָך בלײַבן אָן א דירע, — האָט יוליא סערגייעוונא געזאָגט. — ווי וועסטו זיך אהינטאָן מיט א קראַנקער מוטער? עס גייט דאָך צו ווינטער!

— צו ווינטער, זאָגט איר? — האָט סימע איבערגעפרעגט און אַרײַנגעצויגן אין זיך א פולע ברוסט מיט לופט. זי האָט אופגעהויבן די אויגן אף יוליא סערגייעוונען. — און איר טראַכט, אז עס וועט נאָך אויסקומען צו ווינטערן מיט זיי? שוין זשע וועלן אונדזערע זיך ניט אומקערן ביז ווינטער?

— ווער ווייסט? און טאָמער, גאָט זאָל אויסהיטן, זיי פארבלײַבן דאָ אף לאַנג?

— זאָל גאָט אויסהיטן! — האָט אויך סימע איבערגעכאַזערט. — מיר וועלן דאָך אַלע אומקומען. וואָרעם וויאַזוי זשע וועט מען לעבן, אז ארויסלאָזן וועט מען ניט אין ערגעץ. קיין פּראָדוקטן נעמען וועט ניט זײַן ווו. טויזנטער מענטשן זײַנען דאָך דאָ איבערגעבליבן — ווײַ־בער, קליינע קינדער. איר שטעלט זיך פאָר, וואָס דאָ וועט זײַן, ווען מע וועט אַלעמען צונויפטרײַבן אין געטאָ?

— פריִער פאר אַלץ דארפסטו זיך באַוואָרענען מיט א דירע. אף נעמיגע וווינען אונדזערע פונעם שפּיטאָל, קאָן מען זיך דורכריידן מיט עמעצן פון זיי. א שטוב איז בא אײַך א גוטע. יעדערער וועט זיך גערן מיט אײַך בײַטן.

— איך דארף דען איצט א דירע? א צימערל. ווען עס מאַכט זיך עפּעס א היימישער מענטש, בא וועמען מע זאָל קאָנען איבערלאָזן די זאַכן, וואָלט אוודע געווען גוט. וואָרעם ווהין שלעפּט מען אַלץ? אי עס איז ניטאָ, אף וואָס צו פירן, אי עס ווילט זיך ניט צונעמען אַלץ פון שטוב. עס ווילט זיך ניט גלייבן, אז ס'איז אף לאַנג. יוליא סערגייעוונא, טײַערע מײַנע! — האָט סימע פּלוצעם אָנגעכאַפּט די דאָקטערן פאר די הענט. — איר שטעלט זיך פאָר דעם טאָג, ווען אונדזערע וועלן זיך אומקערן? מיר דוכט, מיר וואָלטן ערשט געוווסט, וויאַזוי אַלץ צו שעצן. אָט האָב איך אָפּגעלעבט זעקס און צוואַנציק יאָר, פרעגט מיך, וויאַזוי איך האָב געלעבט? איך ווייס ניט. ס'איז עפּעס אַלץ, ווי דורכגעפלויגן. —

און סימע איז אנשוויגן געוואָרן, געבליבן זיצן א מידע און פאַרטראַכטע דעם קאָפּ פאַרהויבן צום באַלקן, ווו דער אָוונט האָט זיך שוין א נעסט געמאַכט, פאַרוועבנדיק אַלץ אַרום אין ווייכע, צוגעלאָשענע טענער.

מיטאַמאָל, ווי זיך דערמאָנט אין עפּעס, האָט זי איבערגעריסן דאָס שטילשווײַגן און זיך פאַרענטפערט אַזוי, ווי זי וואָלט זיך פאַר עפּעס א ביסל פאַרשעמט:

— אַפן האַרצן איז אַזוי שווער, אַז קוים הייבסטו אָן צו ריידן, גיט באַלד א שפּאַר פון דיר...

זי האָט געקראָגן א פאַרזאָרגט אויסזען, באַדאַנקט פאַר דער פרײַנט־לעכקײַט, מיט וועלכער יוליאַ סערגייעווונאַ האָט זי אויפגענומען, און זיך אָנגעהויבן אײַלן. עסן? ניין, ניין, זי האָט קיין צײַט ניט. זי דאַרף אַוועקגיין. זי לייקנט ניט, אַז זי איז געגאַנגען צו זיי מיט א שווער געמיט. ווער ווייסט, האָט זי געטראַכט, די צײַט ווירקט אַזוי אַף מענטשן.

יוליאַ סערגייעוונאַ האָט באַנײַס דערפילט, אַז דאָס מיידל איז גע־קומען ניט גלאַט אַזוי צוגאַסט, אַז זי באַדאַרף עפּעס האָבן פון איר.

— סימע, — האָט זי געזאָגט, — איך זע אין דיר, אַז דו ווילסט עפּעס בעטן. עפּשער פּראָדוקטן?..

— ניין, ניין, א דאַנק, דערווײַל הונגערן מיר נאָך ניט, מיר דאַרפן נאָך צו קיינעם ניט אָנקומען. — און סימע האָט צוגעשוויגן. — אויב יוליאַ סערגייעוונאַ וויל שוין יאָ טאָן א טויווע, — האָט זי שטיל אָנ־געהויבן אין א ווײַלע אַרום, — וואָלט זי געבעטן גאָר עפּעס אַנדערש. צוליב דעם איז זי דאָך, אייגנטלעך, טאַקע געקומען צו גיין. ס׳איז דאָ א כאַווער, וועמען מע מוז העלפן. אין געטאָ אים נעמען קאָן מען ניט, ווײַל ער איז ניט קיין ייִד. זי האָט לאַנג געטראַכט, מיט וועמען זיך אָן אייצע האַלטן, און באַשטימט אַרײַנגיין צו איר. עס האָט זיך געשאַפן א שווערע לאַגע. א מענטש איז עס אַן אומדזעריקער, א לייטענאַנט פון דער רויטער אַרמיי. מע דאַרף פאַר אים טאָן אַלץ, וואָס מען קאָן, און דאָ באַקומט זיך, אַז מע מוז אים זאָגן: „ליבער כאַווער, ביזוואַנען מיר

האָבן געקאָנט, האָבן מיר אײַך געהאַלטן, נאָר איצטער קאָנען מיר ניט, גייט אײַך!"

— פארשטייט זיך, אז מיט אזוינע רייד קאָן מען צו אים ניט קומען...

— וואָס זשע טוט מען?

— מע דארף א טראכט געבן, צו וועמען וואָלט מען אים געקאָנט אוועקפירן.

ליוסיע האָט זיך געפּאָרעט אין קיך באַם געפּעס. מע האָט געהערט, ווי זי קאָמאנדעוועט מיטן ברודער, צישעט אף אים. די מוטער מיט סי־מען זײַנען געזעסן פארטראכטע, איבערקלײַבנדיק אין זינען די נעמען פון באקאנטע. דער זון־פארגאנג האָט מיט א פארשפּעטיקט ביסל שײַן ווידער א שפּריץ געטאָן פון א זײַט און אָנגעפילט דאָס צימער מיט שארפע שאָטנס פון צווײַגן און בלעטער. עס האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן.

די פרויען זײַנען געזעסן און געטראכט וועגן דעם לייטענאנט, וועמעס גורל האָט פון איצט אָן זיך געפונען אין זייערע הענט.

יוליא סערגייעווגא האָט געפרעגט:

— ווי מיינסטו, באַ די וואָראָנאָווס וואָלט מען אים ניט געקאָנט אײַנאָרדענען?

סימע האָט א דריי געטאָן מיטן קאָפּ אף ביין.

— דאָס ווײַב איז באַ אים א גרויסע פּלאפּלערן...

— נו, דאן... עפּשער זאָלן מיר צוגיין צו גאלישעוון. קיין קאָמוניסט איז ער ניט, וועט אף אים ניט פאלן קיין חשד.

נאָר אויך דאָס אָרט איז סימען ניט געווען צום הארצן... אזוי זײַ־נען זיי געזעסן, איבערגעקלײַבן פאמיליעס פון מענטשן, צו וועמען מע וואָלט געקאָנט אוועקפירן דעם פּאָליטרוק. נאָר דער איז זיי ניט געווען געפעלן, אין יענעם איז מען ניט אינגאנצן געווען זיכער, אז ער וועט עס וועלן טאָן, און א דריטן, וואָס איז געווען ווי אָנגעמאָסטן, האָט מען ניט געוווסט, ווו צו זוכן.

מיט פֿאַרדראָס האָט סימע געקוקט אויף יוליאַ סערגייעווּנען: וואָס מאַכט זי זיך טאַמעוואַטע, זוכט אַלץ נײַע ערטער, בײַס זי אַליין פֿאַר־מאָגט אַזאַ גרויסע שטוב? אינדערעמעסן איז גאָר יוליאַ סערגייעווּנען אויך געווען ניט אָנגענעם דאָס, וואָס זי באַדאַרף זיך אַזוי אויפֿירן. זי האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס אַזוינס סימע טראַכט, פֿאַרשטאַנען, אַז זי וואָלט באַדאַרפֿט הייסן ברענגען דעם פּאַליטרוק צו זיך. נאָר גיי, דער־צייל יענעם, אַז אָנשטאָט אַ טויווע האָט זי מוירע, זאָל דערפֿון ניט אַרויסקומען אַ ראָע פֿאַר אים. לעבן ליוסיען דרייט זיך אַרום דער פּאַלי־צייער. ער קאָן נאָך ווערן אָן אַרײַנגייער צו זיי. איז ווי קאָן זי טאָן אַזאַ מין זאַך? אָט, ווען עס גיט זיך איר אײַן ערגעץ אָוועקשיקן די קינדער, דאַן וואָלט געווען גאָר אַנדערש.

ווען זי פֿאַרלויפֿט סימען דעם וועג און הייבט זיך אָן פֿאַרענט־פֿערן, קומט דאָס איר אָן זייער ניט לײַכט. אַ ברײרע האָט זי, זי מוז דאָך זאָגן, וואָס איר מאַטערט.

— איך וואָלט מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן אים גענומען צו זיך, דעם פּאַליטרוק. נאָר ס'איז איצט אַזאַ מין צײַט, אַז מע איז אין דער אייגע־נער שטוב ניט זיכער. אויב דו ווּעסט אים עפּעס בעסערס ניט אָפּזוכן, טאָ ברענג אים צו אונדז. וואָס זאָל מען טאָן? מיר וועלן דאָך ניט לאָזן אומקומען אַן אייגענעם מענטשן. — און יוליאַ סערגייעווּנאַ האָט אַרויסבאַגלייט סימען.

סימע האָט ניט געוווּסט, וואָס אַזוינס איז פֿאָרגעקומען דערנאָך, ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען פֿון יוליאַ סערגייעווּנען, וויאַזוי יוליאַ סערגיי־עווּנאַ האָט זיך אַ באַטריבטע אומגעקערט פֿון דרויסן און פֿאַר גרויס האַרצווייטעק, וואָס סימע איז אַוועקגעגאַנגען פֿון איר ניט קיין צופֿרי־דענע, דאָס מאָל פֿריִער, ווי געוויינלעך, זיך געלייגט שלאָפֿן, נאָר אויך באַנאַכט ניט געפֿונען קיין רו, האָט געזיפֿצט, זיך געדרייט פֿון זײַט אויף זײַט און איז געוואָרן געוואָרן, ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַריִען אויף טאָג.

גאַנצפֿרי איז יוליאַ סערגייעווּנאַ אַוועקגעלאָפֿן אויף פּערעספּע. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי דאַרף סימען וואָס דערקלערן, זי זאָל אַלץ

שלעכט ניט אויסטײַטשן. נאָר סימען האָט זי שוין אין דער היים ניט געטראָפֿן.

אין דרויסן איז געווען קילבלעך נאָכן רעגן, וואָס איז דורך פֿאַר־טאָג. אומעטום זײַנען געשטאַנען קאַליוזשעס. פֿון דער נאַסער ערד האָט געוויייעט מיט פֿרישקייט. יוליאַ סערגייעווּנען איז נאָך דער שלאָפֿלאָזער נאַכט דאָך געווען הייס און מלאָשנע.

דערזען אַרײַנפֿאָרן צו די רודאָוויטשעס אין הויף אַ פֿור, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי וואָלט באַדאַרפֿט וואָס גיכער אוועקשיקן די קינ־דער אין דאָרף... די דאָזיקע זאָרג האָט זי אינגאַנצן אײַנגעשלונגען, און זי איז אוועקגעגאַנגען שנעלער.

— נו, איז וואָס טראַכט איר איצט צו טאָן? — האָט מיכל גע־פֿרעגט דעם אַלטן יוינען, נאָך דעם ווי סימע האָט פֿאַרענדיקט דערציילן וועגן איר געשפּרעך מיט יוליאַ סערגייעוונען.

— מיר ווילן, זאָלסט אונדז העלפֿן...

— און וואָס וואָלט געווען, ווען איך קום ניט?.. איך דערלאָז, אַז כאַיִם ווייסט ניט וווהין צו גיין. ער איז שוין לאַנג פֿון שטאָט. אָבער איר? איר האָט דאָך געקאָנט זיך דורכגיין צו עמעצן פֿון אונדזערע אַרבעטער. אַף מײַן וואָרט, מיך וווּנדערט אַף אײַך.

— מישע, ברודער מײַנער, — האָט דער אַלטער געענטפֿערט, — מיט די הענט וועל איך דיר אַלץ טאָן. נאָר גיין בעטן זיך, ריידן מיט יענעם, קאָן איך ניט. אַז דו וועסט גיין, וועט זײַן אַ סאַך בעסער...

— גוט, — איז מיכל דערויף אײַנגעגאַנגען. — מיר וועלן שוין זען, וואָס מען קאָן טאָן. איך האָב איינעם אַ געדאַנק. ווען ער גיט זיך נאָר אײַן, וואָלט געווען ניט שלעכט. — און ער האָט זיך געווענדט צו סימען: — לאָמיר זיך דעריידן אָט וועגן וואָס. איר שלאָפֿט ניט, גייט זיך מיט זיי דורך זוכן דערווײַל אַ דירע. כאַיִם דאַרף ווינציקער אַרומ־גיין... און איך, איך קלײַב זיך גיין סײַוויסײַ אין איינעם אַן אָרט, וועל איך שוין דאָרטן זען אַ שמועס טאָן וועגן דעם פּאַליטרוק.

און דערמיט איז מיכל אוועקגעגאַנגען.

## 4

ניט איין מאָל האָט זיך מיכל שוין געקליבן גיין צו דער מישפּאָכע סאריטשעוו, וואָס האָט געוווינט אינעם ייִשעוול ניט ווײַט פונעם לעדער־זאַוואָד. אים האָט זיך זייער געוואָלט דערגיין, וואָס טוט זיך אויסער דער געטאָ, מיט וועלכע שטימונגען טראָגן זיך ארום די רוסישע אַרבעטער און וואָס טראַכטן זיי צו טאָן... אים האָט אָבער די גאַנצע צײַט אָפּגעהאַלטן דאָס, וואָס מע האָט אים דאָרטן צופיל געקענט; עס האָט מער ניט געפעלט, צו די דײַטשן זאָל דערגיין, אז ער, דער קאָמוניסט און געהילף־דירעקטאָר פונעם לעדער־זאַוואָד, מיכל אבעליעוו, געפינט זיך אין שטאָט און גייט אומעטום ארום.

אויסער דעם, האָט ער אָבער איצט געהאַט אין זינען זיך דורכריידן מיט וואָלאָדיען און פרעגן בא אים, צי קאָן ער אַמאָל ניט פארבינדן דעם פּאָליטרוק מיט דער גרופּע, וואָס קלײַבט זיך ערגעץ אוועקגיין און מיט וועלכער ער אליין, מיכל, וואָלט גערן אוועקגעגאַנגען, ווען ער האָט אף וועמען איבערצולאָזן דאָרען מיט דער מאַמען...

טראַכטנדיק וועגן וואָלאָדיען, וועגן דעם, וויאַזוי אָפּטמאָל קאָן מען א טאָעס האָבן אין א מענטשן, האָט מיכל ניט איין מאָל זיך אליין געפרעגט: שוין זשע איז אין אָט דעם יונג אויך פריִער געווען עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט ניט באַמערקט, און מע האָט פריִער באַדאַרפט, עס זאָל אויסברעכן די מילכאָמע, עס זאָל פארגאָסן ווערן בלוט, קעדיי מע זאָל עס דערזען, אָדער עפשער האָט וואָלאָדיע זיך נאָך אלץ געשפּילט מיט אים, ווי זײַן רעגילעס איז געווען? ניין. מיכל איז זיכער געווען, אז דאָס איז שוין ווײַט ניט קיין שפּיל. וויבאַלד א יאַט האָט זיך דערלויבט אין אַזא מין צײַט ארופנעמען צו זיך אַפן וואָגן א ייִדן, דערצו נאָך א קאָמוניסט, דאָס אליין האָט שוין גערעדט פאַר זיך.

קעדיי זיך דערקלײַבן צו דעם ארבעטער־ייִשעוו, ווו די סאַריטשעווס האָבן געוווינט, האָט מיכל געמוזט דורכגיין פארבײַ דעם זאַוואָד. דאָס האָט זיך אים זייער ניט געוואָלט טאָן.

גיין פארבײַ די רויט־געפארבטע באַקאַנטע קאָרפּוסן, פילן דעם

היימישלעך־זויערן רייעך פון נאסע פעלן, צו וועלכן ער איז געוווינט געוועזן פון קינדהייט אָן, הערן, ווי עס רוישן און קלאפן די מאשינעס, איז אים געוועזן אזוי שווער און פיינלעך, ווי שווער און פיינלעך עס איז געוועזן זיך צו דערמאָנען אין יענע, גאָר ניט ווייטע טעג, ווען עס האָבן אָנגעהויבן פאלן באָמבעס אף דער שטאָט און מע האָט עס אלץ געמוזט איבערלאָזן.

ער איז דורכגעגאנגען דעם שלאגבאום פון דער אייזנבאן־ליניע, וואָס האָט געפירט אף מיזרעך. די געברוקירטע און שטויביקע גאס האָט אים ארויסגעפירט אויסערן שטאָט, אלץ העכער און העכער ארוף־בארג, צו דעם אָרט, פונוואנען עס האָט זיך גוט געזען דער זאוואָד מיט אלע זיינע קאָרפוסן און סקלאדן, מיט דעם אספאלטירטן הויף און מיטן זייגער אפן סלופ לעבן דער קאָנטאָר. פון דעם דאָזיקן בערגל פלעגט ער שטענדיק ליב האָבן באטראכטן דעם זאוואָד, וואָס האָט זיך פון יאָר צו יאָר אלץ מער צעוואקסן. איצט האָט ער מוירע געהאט זיך אומקוקן. ער האָט מוירע געהאט דערזען דאָרטן די נייע באלעבאטים.

מיט א זייטיקער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט צווישן שטארק פארשטויבטע קוסטעס, איז ער אראָפגעלאָפן אין דער נידער. צעזייט און צעשפרייט איז דאָ געלעגן א צענדליק הייזלעך, ארומגערינגלט מיט שטעלכלעך און גערטנדלעך. אף איינעם א גרינעם בארג־שיפּוי האָט דער אלטער סאריטשעוו געפאשעט זיין ציג, נאָר מיכל איז פאמעלעך פארבייגעגאנגען, ווי ער וואָלט אים ניט באמערקט.

בא דער שוועל פון סאריטשעווס שטיבל האָט די באלעבאָסטע געשייערט קיילים. מיכל האָט געבעטן, זי זאָל זיין אזוי גוט ארייַנרופן דעם אלטן, ער דארף אים אף א ווייַלע.

אליין איז ער דערווייל ארייַן אין שטוב. דאָ האָט נאָך דאָס לעבן געהאט א פּאָנעם פון א לעבן. ס'איז געוועזן ציכטיק און ריין. אומעטום זיינען געלעגן פארשיידענע טישטעכלעך און סערוועטלעך. ס'האָט זיך געפילט, אז די שטוב האָט א באלעבאָסטע א בעריע. אפילע א שטייגל מיט א פייגעלע האָט דאָ אויך ניט געפעלט. דאָס פייגעלע איז פלינק

אומגעשפּרונגען, געצוויטשערט און געקנאַקט. מיכל איז צו דעם צוגעגאַנגען, זיך פאַרהאַלטן לעבן שטײַגל א קורצע ווײַלע.

דאָס, וואָס וואָלאָדיען האָט ער ניט געטראָפן אין דער היים, איז געווען אי שלעכט, אי גוט. ער האָט זיך געקאָנט דערווײַל דורכריידן מיטן אלטן און זיך דערוויסן בא אים, צי מע קאָן זיך פאַרלאָזן אף זײַן בענאַק.

ציוו־ציוו, — האָט דאָס פייגעלע דין און ציטעריק א צוויטשער געטאָן און זיך א לאָז געגעבן פון איין עק שטעקעלע אפן אנדערן. דער ראש, מיט וועלכן דאָס פייגעלע האָט אָנגעפילט דאָס הײַזל און געוואָלט צוציִען זײַן אופמערקזאמקײַט, האָט ארויסגערופן בא מיכלען א ביטערן שמייכל, און ער איז אוועקגעגאנגען צו דער אָפענער טיר פון שטוב, זיך אוועקגעזעצט אף דער שוועל. פאַרבײַ האָט זיך דורכגעטראָגן א צוג. מע האָט געהערט, ווי עס טראַסקען די רעדער, ווי עס פײַפט דער לאָקאָמאָטיוו.

עטלעכע מאָל האָט א שאָטן איבערגעהאקט דאָס פּאַסיקל שײַן, וואָס איז ארײַנגעדרונגען אין פירהויז דורך דער האלב־אָפענער טיר. עס האָט א שלאָג געטאָן אין נאָז דער שאַרפער רייעך פון איבערגעברענטע קוילן. דערנאָך האָט די אלטע צוגעמאכט די טיר. דאָס גערודער פונעם פאַרבײַגייענדיקן צוג איז שטילער געוואָרן. עס איז ווידער געבליבן שטיין אין דרויסן דער הייסער טאָג מיטן גערוך פון וועלקנדיקע גראָזן. אין שטוב איז געווען קיל און האלב־טונקל.

מיכל איז געזעסן אפן שוועל מיט אראָפּגעלאָזענע הענט צווישן די קני. ער האָט זיך געשעמט מוידע זײַן פאַר זיך אליין, וויפל אָנשטרענגונג פון קויכעס עס האָט אים באדארפט קאָסטן דורכגיין דעם טייל שטאָט, וועלכן ער איז אין מעשעך פון זײַן לעבן טויזנטער מאָל דורכגעגאנגען, ניט באמערקנדיק אפילע דעם מעהאלעך. ער איז געווען נאס, ווי ער וואָלט נאָרוואָס ארויסגעקומען פון א באָד.

ווען עמעצער קומט איצט ארײַן און דערזעט, ווי ער זיצט זיך אזוי א מידער און ווישט מיטן היטל דעם נאסן האלדז־און־נאקן, וואָלט זיך אים געוויס געדוכט: דער מענטש האָט, ענדלעך, זיך אָפּגעזוכט אן

אָרט, ווו ער קאָן זיך אָפּרוען און קומען א ביסל צו־זיך. אָבער ניט פון קיין רו האָט מיכל איצט געטראכט. די ארומיקע שטילקייט האָט אים ניט גענאַרט. ער האָט געוווּסט, אז ער האָט ניט קיינעם וואָס מעקאנע צו זיין, ווייל אויך דאָ האָט מען ניט קיין אנונג, וואָס מאָרגן האָט גע־קאָנט געשען מיט דער שטוב און מיט אירע איינוווינער. געטראכט האָט ער, צי דער אלטער וועט ניט זיין אומצופרידן, וואָס ער איז גע־קומען צו זיי. אז זיין ווייב האָט מוירע, מע זאָל אים ניט דערזען בא זיי, דאָס האָט ער באלד באמערקט.

דערהערט, אז עמעצער גייט צו דער שטוב, האָט ער זיך אָפּגע־טרייסלט פון אלע זייטיקע ראַיוינעס און זיך אופגעהויבן אנטקעגן.

ניט פון אים איז אָפּהענגיק געווען, אז דאָ, ווו ער איז פריער גע־ווען אָן אָפּטער אריינגייער, זאָל מען אים אופנעמען מיט דעם רעס־פּעקט, וואָס אמאָל, אָבער אז מע זאָל ניט דערזען פאר זיך עפּעס א לעמעשקע, א געפּאלענעם, — דאָס איז יאָ געווען אין זיינע הענט. ער האָט זיך געמיט צו זיין רויק.

עס האָבן זיך דערנעענטערט לאנגזאמע, שווערע טריט. זיי האָט באגלייט א דריבנע טופּען פון ציגענע פיסלעך, וואָס האָבן, גייענדיק, זיך פארטשעפּעט מיט די קאָפּעטקעלעך איינע אין די אנדערע און ארויס־געגעבן א מאָדנעם קנאק.

דער באלעבאָס האָט זיך, קאָנטיק, ניט געיילט. ער האָט פריער אריינגעפירט די ציג אין שטאל און זי דאָרט פארשפּארט. דערנאָך איז ער אריין אין פירהויז אופהענגען דעם שטריק אף אַן אָרט, נאָר איבער־געטראכט און איז אריין מיט אים אין שטוב, מיטברענגענדיק מיט זיך פון דרויסן א שארף געריך פון פּאַלין.

פאר דער צייט, וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען, האָט זיך דער אלטער קנאַפּ־וואָס געביטן: בא אים איז געווען דאָס זעלבע פּראָסטלעכע גע־גאָלטע אָפּענע פּאָנעם מיט טיפע קנייטשן אף די באקן און אפן שטערן. ער איז בלויז שטארקער פארברוינט געוואָרן פון פאשען גאנצע טעג די ציג. געווען איז ער באַרוועס, אָנגעטאָן אין א מייקע. מיכלס קומען האָט בא אים, ווי ס'ווייזט אויס, ניט ארויסגערופן קיין באזונדערע היס־

פּיַלעס. קיין אומצופרידנקייַט איז אָבער אויך ניט געווען צו באמערקן — און דאָס אַליין איז שוין געווען א גוטער סימען.

זיך באגריסט מיטן גאסט, האָט סאריטשעוו זיך אראָפּגעלאָזן אף דער באנק, ווו מיכל איז געזעסן, ארויסגענומען טאבעק, אָנגעהויבן צו־נויפדרייען א ציגאר און אויך מיכלען פאָרגעלייגט פארייכערן. מיכל האָט א דריי געטאָן מיטן קאָפּ אף ניין, ער רייכערט ניט. דעם אלטן האָט עס פארכידעשט:

— וואָס זשע, ברודער־לעבן, — האָט ער געפרעגט מיט יענער היי־מישער פרייַנטלעכקייַט, וואָס ער האָט טאָמיד געפילט צו אים, — האָסט געוואָרפן רייכערן? — און סאריטשעוו האָט אים באטראכט, ווי ער וואָלט דעם מענטשן לאנג־לאנג ניט געזען: פאר אים איז, דוכט זיך, געזעסן דער זעלבער אבעליעוו, וועלכן ער האָט געקענט און צו וועלכן ער איז ניט איין מאָל אָנגעקומען. פונדעסטוועגן איז עס געווען ער און ניט ער. זייַן פּאָנעם איז געווען דאר און פארכוישעכט. ארום די אויגן — אויסגעברענטע, טונקעלע קרייַזן, וואָס האָבן צוגעגעבן זייַנע שווארצ־אפּלען א פיבערדיקן גלאנץ. בלויז דער בליק זייַנער, אַן עטוואָס קאָ־סאָקער און פארטראכטער, האָט זיך ניט געביטן. און אומגערן האָט דער אלטער שוין א קלער געטאָן: „וועמען־וועמען, נאָר זיי, די יידן, סטייַעט צאָרעס איבערגענוג. אזוי שלעכט, ווי זיי, איז נאָך קיינעם ניט״.

מיכל האָט זיך אָנגערופן:

— א ברייַרע האָט מען. ס'קומט שוין אויס באצייַטנס פון אייביקע זאכן זיך אָפּזאָגן. א נאַש־בראַט דארף געוווינט ווערן צו אלץ. ווער ווייסט, וואָס עס קאָן נאָך זייַן.

דער אלטער האָט צוגעבאָמקעט:

— מע זאָל גאָר ניט געפּרווט ווערן דערצו, צו וואָס א מענטש קאָן געוווינט ווערן. דאָס ביסטו גערעכט. מיינסט, אז איך וואָלט ניט געוואָרפן רייכערן? ס'איז אזוי אויך פּאסקודנע, און דאָ גיי נאָך און זוך, ווו צו קריגן טאבעק. מער ניט, וואָס איך ווייס אפּריַער, אז איך וועל ניט אויסהאלטן. איך קאָן ניט אויסקומען אָן א ציגאר. — באם פאר־קלעפּן דעם ציגאר מיט דער צונג האָט זיך דעם אלטן געפּאקט איין מויל

א קערנדל מאכאָרקע, און ער האָט אף א ווײַלע איבערגעריסן די רייד, קעדיי אויסשפּײַען.

— פריִער האָט מען געריייכערט, — האָט סאַריטשעוו פאָרגע־זעצט, — ווײַל ס׳האָט גאָרנישט ניט געפעלט. פלעגסט אָפּעסן, האָט זיך געוואָלט פארציִען. איצטער מוזסטו רייכערן, ווײַל עס זויגט און סמאָצקעט דיר ראַק אונטערן הארצן. טאָן איז ניטאָ וואָס, גאנצענע טעג דרייסטו זיך ארום מיט דער ציג און קוקסט זיך אָן, ווי מע פירט עשע־לאָנען מיט געווער און טאנקען. אז מע גיט נאָך א טראכט, וואָס עס טוט זיך אף די פראָנטן, גייט אינגאנצן ניט אײַן דאָס לעבן. איך וואָלט איצט אָן א ביסל מאכאָרקע ניט געקאָנט אויסקומען... דו ביסט, זעסטו, ייִנגער און א כאראקטער איז בא דיר אַן אנדערער. דערפאר האָט מיך טאקע פארוווּנדערט, ווען די אַלטע האָט מיר איבערגעגעבן, אז דו זיצסט בא אונדז. „הער נאָר, — האָב איך א טראכט געטאָן, — דער מאמ־זער מײַנער האָט מיר געזאָגט, אז ער האָט דיך געזען, האָב איך אים ניט געגלייבט״. הייסט עס, אז דו ביסט דאָ אויך איבערגעבליבן? שוין זשע האָסטו ניט געקאָנט אנטלויפן?

דער אַלטער האָט גענומען צוזויפדרייען דעם צעפלאָכטענעם שטריק, וואָס איז געלעגן בא אים אפן שויס. מיכל האָט ניט באַלד געענטפערט. ער האָט געוווּסט, אז אָן פראגעס וועט עס ניט אויסקומען. כוץ דעם, וואָס דער אַלטער האָט ביכלאל ליב כאפן א שמועס, איז די צײַט אַליין שוין געווען אזא, אז בא יעדן האָט זיך אָנגעקליבן א סאך אפן הארצן. דעריבער, כאָטש מיכל האָט קיין גרויס כיישעק ניט געהאט צו פארפירן א געשפרעך, האָט ער פארשטאנען, אז אויסמײַדן אים וועט זיך ניט אײַנגעבן.

— איך בין אויך געלאָפן, נאָר ס׳איז אויסגעקומען זיך אומקערן...

דער אַלטער האָט צוגעשאָקלט:

— קלאָר, אז עס איז אויסגעקומען. ווו האָט מען זיך דען געקאָנט אהינטאָן, אז דער האד איז אַלעמען פארלאָפן דעם וועג. ניט דו איינער ביסט געבליבן.

פונעם זאוואָד האָט זיך דערטראָגן דער הודאָק אַף מיטיק. פּונקט אַף דער וועלט וואָלט קיין זאַך ניט געשען, האָט ער לאַנגזאַם, געדיכט און הילכיק אַ פּײַף געטאָן אין דער באַשטימטער צײַט און אַנשוויגן געוואָרן. מיט טרויעריקע פּענעמער האָבן ביידע מאַנצבלען זיך צוגע־הערט, ווי עס ווערט שטיל.

— ער אַרבעט, דער זאַוואָד, — האָט מיכל געזאָגט.

— ער אַרבעט, — האָט סאַריטשעוו, ווי אַ ווידערקאָל, איבער־געכאַזערט. — מע האָט אויסגעהאַנגען מעלדונגען, אַז אַלע זאָלן זיך אומקערן צו דער אַרבעט. איך האָב אַ טערעץ — כ׳בין קראַנק, דער דאָקטער האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ פּאַפּירל...

— אַ סאַך פון אונדזערע אַרבעטן אין זאַוואָד?

— פאַראַן. אי אַרבעטער, אי טעכנישער פּערסאָנאַל. וועמען מע האָט געצוווּנגען און ווער ס׳האָט זיך אַליין געמאָלדן. דער גוטער קלאָג ווייסט זיי, צי איך האָב גוט געטאָן, וואָס איך בין ניט אַרויס צו דער אַרבעט. עס זאָל מיר אַמאָל דערנאָך ניט פאַרדריסן.

— און ביסטראָוו אַרבעט?

— אַרבעט. וואָס זאָל ער טאָן? ער האָט זיך אַ שטיקל צײַט אויך אַרומגעדרייט, ניט געוואָלט גיין אין זאַוואָד. נאָר מע האָט אים געהייסן קומען...

— איך וואָלט אים זייער געוואָלט זען, ביסטראָוון. איך ווייס נאָר ניט, ווי אַזוי מע טרעפט זיך מיט אים. עס ווילט זיך ניט צופיל אַרומ־דרייען איבער דער שטאָט.

— אַהערצו האָסטו אויך ניט באַדאַרפט גיין. ווייסט דאָך, ווי מע זאָגט: „אַ געהיטן היט גאָט אַליין״...

— צו אײַך האָב איך געמוזט קומען. איך דאַרף דײַן וואָלאָדיען.

— וואַרט צו. ער קאָן באַלד קומען. אָבער גלאַט אַבי אַרומדרייען זיך דאַרפסטו ניט. איך קאָן ביסטראָוון איבערגעבן, אויב דו ווילסט, וועט ער קומען צו דיר.

אַבעליעוו האָט געניי אָפּגעמאָלט, ווי אַזוי געפינען זײַן נײַע דירע. ער האָט געפרעגט:

— און וואָס מאכט ער, ביסטראָוו? בא אים איז כאָטש אַלץ אין אָרדענונג?

— ער איז געבוירן געוואָרן אין א ייִדן העמדעלע, ער איז ניט קיין נאש־בראט, ניט קיין שווארצארבעטער...

די אַלטע, וועלכע האָט זיך די גאנצע צייַט ארומגעדרייט איבער דער שטוב און זיך ניט אריַינגעמישט אין זייער געשפרעך, איז באַפאַלן דעם מאַן:

— וואָלסט געהאט אזוינע גאָלדענע הענט, ווי ביסטראָוו, וואָלט דיר אויך גאָרנישט ניט געפעלט...

מיט א בליק פון א מענטשן, וואָס זעט יענעם אף דורך־און־דורך און פארשטייט, ווען מע דארף צושוויַיגן, האָט דער אַלטער באטראכט דאָס וויַיב.

— זע נאָר, ווי זי האָט זיך עס צעקאָכט! איך רייד דען עפּעס שלעכטס אף אים?.. איך זאָג נאָר, אז ער האָט אַלעמאָל געלעבט גוט...

מיכל האָט זיך אריַינגעמישט:

— ס'איז ניטאָ וואָס צו ריידן. נאָך אזא ארבעטער, ווי ביסטראָוו, דארף מען זוכן... געבענטשטע הענט זיַינען בא אים... און איַיער וואָלאָדיע? ער איז אויך אוועק ארבעטן? איך האָב זיך די טעג מיט אים געטראָפן אף נעמיגע. ער האָט ערגעץ געפירט ברויט...

דער אַלטער האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט:

— ווייס איך וואָס! ווו ארבעט ער. דרייט זיך אום גאנצענע טעג מיט די געפאנגענע רויטארמייער. מיינסט, וואָס ברענט אזוי די אַלטע? זי האָט מוירע, ער זאָל ניט דורכפאַלן. ווייסט ניט, א מאמע בליַיבט א מאמע...

דער אַלטער האָט זיך ווידער גענומען פארן שטריק.

דער שטריק איז געווען אזוי פארפלאָנטערט, אז דער אַלטער האָט זיך אזש גענומען בייזערן:

— יענער איז גאָר קיין מענטש ניט, וואָס האָט צו טאָן מיט א ציג. מאך זיי א שטריק פון גאָלע איַיזן, וועלן זיי אים אויך איבער־דרייען...

ניט ארויסווייזנדיק מיט גאָרנישט ניט, ווי ווייט עס ווילט זיך אים אלץ וויסן וועגן וואָלאָדיען, האָט מיכל געפרעגט:

— וואָס פארא רויטארמייער?

— זיי ארבעטן דאָ אין באָד, בא דער דעזינפעקציע. וווינען דער־ביי אין א באראק. מיינסט, וועמען האָט ער עס געפירט דאָס ברויט? זיי הונגערן שרעקלעך... קוים, וואָס זיי שלעפן די פיס. האָט דער מאמזער אונטערגערוקט עפּעס א פאפירל און באקומען אין זאוואָד ברויט פונזייערטוועגן.

— זאָג אים, ער זאָל זיין געהיט.

— אָט פאָלגט ער דיך, געפונען דאָס אָרט. ער האָט דען פאר עפּעס מוירע? וואָלסט געדארפט זען, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן די ערשטע טעג. רויטארמייער זיינען געלאָפן מידע, פארוווּנדעטע, האָט ער זיי באגעגנט אפן וועג און געהאָלפן ארויסגיין פון שטאָט. אין שטוב איז בא אונדז געווען, ווי אף א וואָקזאַל.

— ווייזט אויס, — האָט מיכל געזאָגט, — די מילכאָמע האָט אף אים געווירקט.

— אלץ הייסט געווירקט! דו שטעלסט זיך אפילע ניט פאָר, ווי שטארק ער האָט זיך געענדערט, גאָר אן אנדער מענטש געוואָרן. איך קוק אף אים אמאָל און טראכט: „ס׳איז ער, צי ניט ער?” רויטארמייער האָבן אים איבערגעלאָזט א פערד מיט א וואָגן, איז ער לענגער אוועק פאשען דאָס פערד... צוליב וואָס איך האָב אים געדארפט, ווייס איך אקוראט ניט, נאָר איך בין אוועק נאָך אים. כ׳קום ארויס אין פעלד, עס זיצן נאָך עטלעכע אונדזערע יאטן. דערזען מיך, איז מען אנשוויגן געוואָרן... עפּעס האָבן זיי פארטראכט. דאָ גייט ער ערגעץ אוועק, דאָ קלייבט מען זיך צו אים. הערסט אמאָל אינמיטן נאכט: מע פייפט הינטערן פענצטער. כאפּסט זיך אוף, ערשט וואָלאָדיעס בעט איז ליי־דיק... זיצסטו שוין דערנאָך אָפּ א גאנצע נאכט און סמאָצקעסט דעם ציגייער. ער זאָל כאָטש ניט דורכפאלן, דער הולטיי.

ס׳איז שוין צייט געווען אוועקגיין, און וואָלאָדיע איז נאָך אלץ

ניט געקומען. מיכל האָט מיט אומגעדולד אַלץ אָפטער געקוקט אין פענצטער. דער אַלטער האָט עס באַמערקט.

— עפשער קאָנסטו מיר זאָגן, וואָס האָסט אים געדאַרפט? כ׳זע, אַז דו וועסט זיך אַף אים ניט דערוואַרטן.

— אפּאַנעם, אַז ס׳וועט טאַקע אויסקומען אַזוי צו טאָן. אין דער היים קער מען שוין אַף מיר אויסקוקן די אויגן. — און מיכל האָט אינקורצן דערציילט, צוליב וואָס ער איז געקומען.

דער אַלטער האָט אים שווייַגנדיקערהייט אויסגעהערט.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן? — האָט ער געענטפערט. — א סאַך אָרט דאַרף דען האָבן א מענטש? און דאָך איז איצט ניט אַזוי גרינג דאָס אָרט צו געפינען. די שטוב איז בא אונדז ניט קיין גרויסע. דו זעסט דאָך. נאָר ברענג אים אַהער, דעם פּאַליטרוק. וועט דאָ זייַן ענג, וועט ער שלאָפן מיט וואָלאָדיען אין שטאַל. ברענג אים אַהער. און ווייַטער וועט מען זען.

דער אַלטער האָט דערהערט פאָרן א פור און האָט אַרויסגעקוקט פונעם פענצטער.

— האָסט טאַקע מאַזל, דער בענאָק איז געקומען. וועסט קאָנען מיט אים אַליין זיך דורכריידן.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז מיכל געזעסן מיט וואָלאָדיען אין שאָטן פון שטאַל. דער שמועס, וואָס זיי האָבן געפירט, איז געווען א קורצער. ביידע האָבן געפילט, אַז עס איז איצט ניט די צייַט לאַנג צו רייַען. וואָלאָדיע האָט אים מער ניט אָנגערופן איראָניש „נאַטשאַלני־טשעק“ און ניט געשמייכלט כויזעקדיק, ווי ער פלעגט פריִער זיך נויהעג זייַן. וועגן פּאַליטרוק איז די זאַך צוגעגאַנגען ניט אַזוי לייַכט. ער האָט זיך געגומען נאָכפרעגן, ווער ער איז און וואָס ער איז. מיכל האָט דער־ציילט, וואָס ער האָט געוווּסט.

אפן דאַך פון שטאַל האָבן געוואָרקעט טויבן. די ציג האָט גע־קלאַפּט מיט די הערנער אין טיר, ניט געוואָלט לייַדן, לעמיִי מע האָט זי פאַרשפּאַרט. און מיכל איז געזעסן, געצופּט אייַנציקווייַז גרעזלעך

פון דער ערד און ניט אופגעהערט צו קוקן אפן באָכער, ווי ער וואָלט אים דערזען צום ערשטן מאָל.

סאָפּקאָלסאָף האָבן זיי באַשטימט, אז וואָלאָדיע אַליין וועט קומען צו גיין צו וואָלאָכן און זיך דורכריידן מיטן פּאָליטרוק.

— דו גיי, — האָט ער געזאָגט צו מיכלען. — מיר וועלן עפּעס צוטראַכטן...

ווען מיכל האָט זיך שוין געקליבן אוועקגיין, איז פון שטוב ארויס דער אַלטער און אים אריַנגערוקט אין קעשענע א פלאַש מיט מילך.

— נעם! — האָט ער געזאָגט. — פארן קינד...

מיכל האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. ער האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט...

אף מאָרגן פארנאַכט איז צום אַלטן יוינען געקומען צו גיין וואָלאָדיע מיטן פאָטער נאָכן פּאָליטרוק. געגאַנגען צוריק מיטן פּאָליטרוק איז דער אַלטער. דער יונגער איז נאָכגעגאַנגען פונדערוויַיטן און בלויז אכטונג געגעבן, אז עס זאָל גאָרנישט ניט געשען.

ס'איז שוין געווען ניט פרי. אף די גאַסן איז קימאַט קיינער ניט געווען, און זיי זיַינען בעשאָלעם געקומען צום יישעוול הינטערן זאַ־וואָד.

ווען זיי זיַינען שוין אריַין אין הויף, איז פלוצעם געוואָרן עפּעס א לויפעריַי. מע האָט דערהערט: דיַיטשן שריַיען. וואָלאָדיע האָט אריַינגע־פירט דעם פּאָליטרוק אין שטאַל, געהייסן אריַינקריכן אינעם היי. אַליין איז ער ארויס אין דרויסן, אופגעהאַנגען אף דער טיר א שלאָס און גענומען פיַיפן, צונויפרופן די טויבן, וואָס האָבן זיך ארומגעדרייט אינעם פארנאַכטיקן הימל. ער האָט געפיַיפט זייער קונציק, און, גע־ווינטע צו זיַין פיַיפן, האָבן די טויבן געהאָרכזאַם אויסגעפילט דאָס, וואָס ער האָט זיי באַפוילן: אָט האָבן זיי זיך אופגעריסן צום הימל און אָט — איינציקוויַיז און פאָרלעכוויַיז זיך גענומען אראָפּלאָזן צוריק אפן דאַך...

די טויבן זיַינען שוין, קאָנטיק, מיד געוואָרן פון ארומפליִען א גאַנצן טאָג. ס'איז געווען ציַיט צו מאַכן נאַכט, נאָר וואָלאָדיע האָט

זיי הײַנט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל אופגעהויבן און געצווונגען ארומ־פליִען. און קוקנדיק אף דעם, ווי דער יונג פּײַפט און קאָמאנדעוועט מיט די טויבן, האָט גאָר קיינעם ניט געקאָנט אײַנפאלן, אז אויסער דעם פּײַפן און אויסער די טויבן, ליגט דעם באָכער נאָך עפּעס אין זינען...

5

איצט, ווען מע האָט פון זיי צוגענומען דעם פּאָליטרוק, האָט דער אלטער יוינע מיט דער מישפּאָכע געקאָנט טראכטן וועגן אריבערקלײַבן זיך אין געטאָ. פאר דער צײַט האָט סימען זיך געמאכט א דירע, און זי האָט געוואָרט בלויז אף זיי. געפינען די דירע האָט איר געהאָלפן יוליִא סערגייעוונא, וועלכע איז צו איר געקומען מיט דעם „קאדרען־אָפּטייל" בארסוק. סימע האָט געקענט בארסוקן אף אזויפיל, אף וויפל עס איז אמאָל אויסגעקומען האָבן מיט אים צו טאָן מיקויעך א „ספּראווקע" און אנדערע פּאפּירלעך. מע האָט אים געהאלטן פאר ניט קיין שלעכטן מענטשן, א שטילן און זייער א פּינקטלעכן. עס האָט געטראָפן, אז זי האָט ניט אזוי אקוראט פארפילט אמאָל אן אנקעטע אָדער ניט ארײַנגע־שריבן אין דער ביִאָגראפיע אלע פּראָטים, ווי עס האָט זיך געפאָדערט, האָט ער זי ארײַנגערופן צו זיך אין קאבינעט און, טײַטנדיק מיטן פינגער אינעם פּאפּירל, אָנגעוויזן, אז דאָ און דאָרטן איז עפּעס ניט גלאטיק, זי זאָל זײַן אזוי גוט און פאריכטן, וואָרעם א דאָקומענט בלײַבט א דאָקומענט. זי געדענקט ביז הײַנט, אז כאָטש ער האָט גע־רעדט זייער איידל און ווייך, האָט זי טאָמיד געהאט דערבײַ דאָס געפיל, אז ער טרויט איר ניט, אז ער איז זי אין עפּעס כוישעד. באזונדערס האָט זיך פארשטארקט אין איר דאָס דאָזיקע געפיל, בייס ער פלעגט איר אָנהייבן פאָרוואַרפן, אז ווען־ווען, נאָר איר, סימען, איז גאָר ניט מויכל צו זײַן אזא כעט, זי איז דאָך ניט אזא מין אָפּגעלאָזענע בריִע, ווי אונדזערע זײַנען, זי איז דאָך א יידישע און שטאמט פון אזא פייִקן, פון אזא דערפינדערישן פאָלק, ווי די יידן זײַנען...

זי האָט דעם מענטשן ניט איבעריק ליב געהאַט. פײַנט האָבן אים איז אָבער אויך ניט געווען פאר וואָס; יעדער מענטש האָט זיך זײַנע מײַלעס און זײַנע כעסרוינעס. זי פלעגט זיך מיט אים פונווײַטן העפלעך באַגריסן, ווי מיט אַלע אַנדערע מיטאַרבעטער. איצט איז ער אָבער געקומען צו גיין מיקויעך א דירע, און ס'איז איר געווען א קלײנער אונטערשייד, ווער ער איז און וואָס שטעלט ער מיט זיך פּאָר, צי האָט אים יוליא סערגײעוונא פאַרשלעפּט, קעדיי זיי א טויווע צו טאָן, אָדער ער איז אַליין געקומען. אין טאָג איז זי גערן געווען וואָס גיכער אריבערקלײַבן זיך. זי האָט אָנגעהויבן פרעגן, ווו ער ווױנט, וואָס פאר א דירע בא אים איז און צי עס וועלן זיך קאָנען אהינצו ארײַנציִען צוויי מישפּאָכעס, וואָרעם אָן דעם פעטער אירן וועט זי ניט גיין.

באַרסוק האָט געדולדיק אף אַלץ געענטפערט. ער ווױנט אף זאמקאָווע, 12. ווערליק ער האָט דערציילט, איז אויסגעקומען, אז ער לאָזט איבער גאָר א וואַזשנע דירע, צוויי צימערלעך מיט א קיכל. ער האָט גערעדט, דערציילט, און סימע האָט געקוקט אף אים, געטראַכט, אז אָט דער באַרסוק דאַרף געהערן צו די מענטשן, וואָס ס'איז שווער צו באַשטימען זייער עלטער. מיט די זעלבע רעכט האָט מען אים געקאָנט געבן אי פערציק, אי פופציק יאָר. ער איז געווען א שטילינקער, א ווייכינקער, מיט א גרינבלעכער מאַרע פון אזא אײנעם, וואָס זײַן גאַנץ לעבן זיצט ער אָפּ בא זיך אין קאַבינעט און זעט ניט דעם דרויסן. און ווייך זײַנען בא אים געווען די פולבלעכע באַקן, דאָס אַרט ריידן, דער בליק זײַנער, אפילע די קליידער, וואָס ער האָט אף זיך געטראָגן, — די קורצע היימישע הייזלעך און דאָס אָפּגענוצטע און צעקנייטשטע לײַבל. עס האָט פון אים געשמעקט מיט א וואַרעמען צוגעלעגן־זיסלעכן רייעך, ווי פון אַלט פּאַפּיר. סימע האָט זיך אפילע רעכט ניט אָפּגעגעבן קיין כעזשבן, וואָס פאר אן אײַנדרוק דער מענטש האָט אף איר איצט געמאַכט און פאַרוואָס, באַטראַכטנדיק די שטוב מיט דעם גאָרטן, קאָן ער עפּעס איר ניט קוקן גלײַך אין די אויגן ארײַן. זי איז אים אָבער געווען דאַנקבאַר שוין דערפאר אַליין, וואָס ער האָט זיך ניט געוואָרפן, ווי אַנדערע, אויסצודריקן זײַן מיטגעפיל צו איר. ער האָט ניט געזיפצט,

ניט געקרעכצט. ער איז געווען פאַרהאַוועט און אַ ביסעלע פאַרזאָרגט, ווײַל אויך אים, לויט זײַנע רייד, איז באַפאַלן אַ שלאַף מיט דײַגעס. אין אָט דער אַטמאָספער פון זאַכלעכע אונטערהאַנדלונגען האָט זיך סימע דערפילט לײַכטער.

ווען סימע האָט געזאָגט באַרסוקן, אַז ניט אַלץ קלערן זיי נעמען מיט זיך פון שטוב, און יענער האָט איר דערויף געענטפערט, אַז אײן גאָט ווייסט דעם עמעס, ער דאַרף ניט קיין פרעמדס, מע מעג אַפילע איבערלאָזן געלט, וועט עס אויך קיינער ניט אָנרירן, האָט סימע אָפּגע־רעדט מיט אים, אַז מאָרגן וועט זי קומען אָנקוקן זײַן וווינונג און נאָך אין דעם זעלבן טאָג וועט מען זיך נעמען אַריבערקלײַבן. און אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן.

צוויי־דרײַ טעג נאָכאַנאַנד האָט מען געשלעפּט די פּעקלעך און די סאַמע נייטיקסטע שטיקלעך מעבל אויף דעם נײַעם אָרט. ווען מע האָט זיך שוין סאָפּקאָלסאָף אַריבערגעקליבן און יעדערער האָט פאַר־נומען זײַן ווינקעלע, האָט מען זיך ערשט אַרומגעזען, אַז אויסער די ווענט פון די הײַזער און דעם איבעריקן מעבל, וואָס מע האָט איבער־געלאָזט אין דער אַלטער היים, איז דאָרטן בײַ יעדן געבליבן אַ שטיק פון זײַן לעבן, און אַז סײַוויסײַ, וואָס זיי זאָלן שוין ניט טאָן אויף דעם נײַעם אָרט, זײַנען זיי דאָ ניט מער, ווי געסט, ווי שכנים אויף אַ ווײַל...

# קאפיטל זיבן

## 1

און געוועזן איז אזוי, ווי דאָס האַרץ האָט אונטערגעזאָגט: קוים זײַנען נאָר דורכגעגאַנגען שטיל עטלעכע געציילטע טעג, ביים וועלכע עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איצט וועלן זיך די דײַטשן שוין עפּשער באַרויִקן, האָט מען ווידער אָנגעהויבן כאַפּן יִדן אין די לאַגערן, כאָטש פיל פון זיי האָבן זיך פון דאָרטן ערשט נישט לאַנג אומגעקערט און נאָך ניט באַוויזן צו פאַרגעסן דאָס, וואָס עס איז אויסגעקומען דאָרט איבערצולעבן. ניט קנאַפּ דאָס, וואָס אין אַזוינע טעג איז דאָס לעבן דורך אין קעסיידערדיקער בעהאָלע און שרעק און מע האָט ניט געוווּסט, וווּהין לויפן זיך אויסבאַהאַלטן, זײַנען באַלד אויך די נעכט פאַרוואָגלט געוואָרן. נאַכט אין נאַכט האָט מען זיך אַרײַנגעריסן אין די הײַזער, אויסגעקוילעט מישפּאָכעסווײַז, און פון די געשרייען: „גוואַלד, ראַטעוועט!“, פון דער קליינגערײַ, וואָס איז געוואָרן יעדער מאָל אין דער פינצטערניש, ביים אומעטום האָט מען אונטערגעכאַפּט דעם געשריי און גענומען קלאַפּן און פּויקן אין אײַזנס, אין עמער, אין די טירן, — האָט מען געקאָנט פונעם זינען אַראָפּ. מע האָט געפילט, ווי פון טאָג צו טאָג גייען אויס די קויכעס.

צוביסלעכווײַז האָט זיך דער דאָזיקער גרויל אויך אָנגערוקט אַפן רויטן מויערל, וווּהין דער אַלטער יוינע מיט סימען האָבן זיך אַרײַנגעקליבן און וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן פון אויבן ביז אַראָפּ זיך געשטאַנען באַם סאַמע ראַנד פון געטאָ, ניט ווײַט פון טײַך, און זיך מאַמעש באַרימט מיט אַ ריי מײַלעס, וועלכע אַנדערע הײַזער האָבן ניט פאַרמאָגט.

לעבנדיק אַ ביסל אָן אַ זײַט פון דעם יודענראַט, פונוואַנען עס האָבן זיך פאַרשפּרייט אַלץ נײַע גזיירעס, האָט מען זיך דאָ געפילט אַ

קאפּעלע פרײַער. דאָ האָט מען זיך באַצײַטנס געקאָנט אויסבאַהאַלטן, ווען עס איז געוואָרן אַ געלויפעריַי און פונדערווײַטן האָט זיך דער־טראָגן אַ שיסעריַי פון ביקסן, געשרייען פון דײַטשן... דאָ האָט מען ווינציקער געליטן פון דער ערדענונגס־וואַך, וועלכע איז אומגעגאַנ־גען איבער די הײַזער און צוגענומען פאַרשיידענע זאַכן פאַר דער מאַכט. דאָ, באַם טײַך און באַ די ווילד־פאַרוואַקסענע גערטענער, פונ־וואַנען מע האָט געזען די בריקן, איבער וועלכע עס זײַנען געגאַנגען מענטשן, געפאָרן מאַשינעס, די גאַסן און געסלעך פונעם צווייטן ברעג, האָט מען זיך געקאָנט דערלויבן אַרויסגיין אין אַ שטילער רעגע, אַ ווײַלע זיצן אויף אַ גאַנעקל אָדער שטיין פאַרכאַלעמט אויף אַ בערגל און קוקן אויף יענער זײַט טײַך, וווהין אַ ייִדן איז פאַרבאָטן דער וועג, מיט טיפער בענקשאַפט, מיט ווייטעק, וואָס האָט ניט געקאָנט געשטילט ווערן... און דער איקער: דורך זאַמקאָווע האָט מען לײַכטער געקאָנט אַרויסקומען צו די שטילע געסלעך, וואָס פירן, פאַרבײַ דעם הייוון־זאַוואָד און דער אָזערע, צו אַרומיקע דערפלעך, אויסמײַדנדיק די דײַטשן און פּאָליציי.

איצט האָבן זיך אָבער אַלע מײַלעס געפּעלט. די באַנאַכטיקע אָנ־פאַלן האָבן אויך דאָ אוועקגענומען דאָס לעצטע ביסל רו און מיט דער אַכזאָריִעסדיקער רעגלמעסיקײַט, מיט וועלכער זיי זײַנען פאָרגעקומען, באַוויזן, אַז עמעצנס אַ בייזע האַנט פירט מיט זיי אָן...

וואָס מער מיט אַ נאַכט, אַלץ נעענטער און נעענטער זײַנען די אָנפאַלן צוגעקומען צו זאַמקאָווע און צו וויסן געגעבן די אײַנוווינער פונעם מויערל, אַז אויך זיי זײַנען אויסגעשטעלט אויף העפקער און ווילדן באַראָט, ווי אַלע, און אַז, אויב, כאָליליע, עס וועט מיט זיי דאָ עפּעס געשען, וועט קיינער אפילו ניט פאַרנעמען זייער געשריי. זייערע קוילעס וועלן דערטרונקען ווערן אין דער פוסטקײַט, וואָס אַרום טײַך. און דאַן איז אַן איימע באַפאַלן די מענטשן. די איימע האָט, ווי נאָר באַגינען, אַרויסגעטריבן אַלעמען פון די הײַזער. אויסגעמאַטערטע, מיט גרינע פּענעמער פון ניט דערשלאָפן נעכט, האָט מען זיך געקליבן אין רעדלעך באַ די הויפן, דערציילט און איבערדערציילט איינע די אַנ־

דערע, וואָס איז געשען באנאכט, און עס האָט קיינער ניט געוווּסט, וואָס פאר אן אייצע מע גיט זיך קעגן דעם מוירעדיקן ווילקיר. עס האָט געדויערט אזוי לאנג, ביז מע האָט ניט דערזען, אז דאָס איינציקע, וואָס עס איז געבליבן צו טאָן, איז אראָפּנעמען א בײַשפּיל פון דעם אלטן יוינען, וועלכער האָט בא קיינעם גאָרנישט ניט געפרעגט און פארפרי גענומען באוואָרענען, אז די גאזלאָנים זאָלן זיך ניט קאָנען ארײַנרײַסן אין די הײַזער. מע האָט אויך, ווי ער, אָנגעהויבן שלעפּן שטיקער בלעך פון די כורוועס ארום און פארפעסטיקן און באקלאַפּן מיט זיי די טירן. אין גאנג איז אוועק אלץ, וואָס האָט זיך געמאכט, פון א ברעט ביז א שטיק אײַזן; אלץ, וואָס האָט געטויגט אף זאוואלעס און שלעסער.

פון איצט אָן איז דער אלטער יוינע געוואָרן א מין פּאָדריאטשיק בא די שכיינים. אים האָט מען גערופן זאָגן מעווינעס, צי מע האָט גוט פארפעסטיקט די טירן. בא אים האָט מען געפרעגט אייצעס, וואָס מע זאָל נאָך צוטראכטן. און ער, א מענטש א שטילער און הארטלעכער, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט געמישט אין קאָהאָלשע זאכן, האָט זיך ניט געפוילט... ער איז אוועקגעגאנגען פון דירע צו דירע און אלעמען געוועקט, מע זאָל גיין עפּעס טאָן, מע זאָל ניט שלאָפן, ניט ווארטן...

אף אזא מין אופן איז ער איינמאָל אויך ארײַנגעקומען צו אבע מעדרעשן. ווי א קאָמענדאנט, וועלכן מע האָט באפולמעכטיקט צו שאפן זיך מיט דעם מויערל און מיט אלע זײַנע אײַנוווינער, האָט ער קורץ און אָפּגעהאקט א ברום געגעבן:

— העק, העק איז בא אײַך פאראן?

אבע האָט ניט געקאָנט פארלײַדן דעם נאַיוון גלויבן פונעם מענטשן דעריין, אז ער קאָן זיך דערמיט באשיצן. ער האָט דעם אלטן פארבעטן זיצן. ער האָט אים געוואָלט עפּעס פרעגן. נאָר דער ייִד האָט קיין צײַט ניט געהאט צו ברײַען מיט אים. אײַלנדיק זיך אזוי, גלײַך גאזלאָנים וואָלטן זיך שוין געהאט ארײַנגעריסן אין טיר, האָט ער בייז א מאך געטאָן:

— וואָס הייסט צוליב וואָס? מע דארף צוגרייטן העק, לאָמען, שטי-

קער אײַזן. וואָס עס זאָל זיך ניט מאכן אונטער דער האנט. פּלעטן זי קעפּ וועלן מיר, זאָל מען נאָר פּרווון קומען צו אונדז.

און ער האָט איבערגעלאָזט אבען טרויעריק שמייכלען מיט יענעם שמייכל, וואָס קומט פון גרויס פאַרביטערניש. ער איז אראָפּ מיט די טרעפּ אַף אונטן, און עס האָט זיך ווידער דערהערט, וויאַזוי דער אַל־טער מײַסטערוועט און קלאַפּט בא די טירן.

ניט איין מאָל האָט זיך אבע אופגערעגט נאָך אזא מין באזוך פון דעם אַלטן. נישט קאָנענדיק אים אָפּזאָגן, איז ער אויך נישט זעלטן ארויסגעגאנגען עפּעס העלפן טאָן... באנאכט, בייס עס איז געוואָרן א מעהומע, האָט ער, באגלײַך מיט אַלע מאנצבלען, באוואכט דעם ארײַנ־גאנג. ער האָט דאָך דאָס אַלץ געטאָן אָן איבעריקן כיישעק. און גאנץ אָפט האָט ער זיך געפּאקט בא דעם, ווי, שטייענדיק אין דער פינצטער אַף די טרעפּ, טײַנעט ער זיך אויס, אונטער די אויגן, מיט יוינען: וואָס מיינט ער, דער אַלטער, עס איז אים אַמאָל, ווען עס פּלעגט ווערן עפּעס א צאָרע, א פּוראָגניעס אַף יידן, האָט מען גענומען האַלאַבליעס אין די הענט און מע איז ארויס פּלעטן כוליגאנישע קעפּ?

ערגעץ טיף אין זיך איז ער דאָך מעקאנע געווען דעם פּראָסטן זעכציקיאָריקן יידן. טראכטנדיק וועגן יוינען און מעקאנע זײַענדיק סײַ זײַן געזונט און סײַ דעם אויפן פון אופנעמען זאכן אָן שום כקירעס און פּניעס, איז אבע ווילנדיק ניט ווילנדיק געקומען צום אויספיר, אז אזוי אָפּגעלאָזט זײַן, ווי ער איז, טויג אויך ניט און אז, אויב ער האַלט ניט פון דעם, וואָס אַלע טוען, וואָלט ער לעכאַלהאפאָכעס איין זאך יאָ באדארפט טאָן: ער וואָלט זיך געמוזט באוואָרענען מיט א שטיקל געווער, אז טאָמער קומט מען באנאכט אויך צו זיי, זאָל ער כאָטש פאַרמאָגן מיט וואָס צו באשיצן בערטען מיט די קינדער...

דער געדאנק וועגן געווער האָט אים באהערשט אַלץ מער, ניט געלאָזן אײַנזיצן אין שטוב, געטריבן גיין, פּריער צו בערטעס א שוועסטער, וועלכע האָט געארבעט אין א שערערײַ און שטילערהייט געבראכט אים צו טראָגן פון דאָרטן דײַטשישע צײַטונגען, און דער־נאָך אויך צו זײַן טאטן, וואָס איז טעגלעך געגאנגען אַף ארבעט אוי־

סער דעם ייִדישן ראַיאָן. ער איז געקומען צו גיין צו זיי און פאַרפירט שמועסן וועגן איינעם און דעם זעלבן: צי ווייסן זיי ניט, וויאַזוי וואָלט ער זיך געקאָנט אײַנשאפן אוועלכן־ניט־איז רעוואָלווער...

ער האָט אָנגעשפאַרט צום מערקל, וואָס ניט ווײַט פון דעם יודענ־ראַט, ווו מע האָט פון אונטער דער פאָלע פאַרקויפט פאַרשיידענע זאַכן, און זיך געזוכט זײַנס... ער איז גרייט געווען עפּעס אַרויסטראָגן פון שטוב און פאַרקויפן, אויסטאָן אַלץ פון זיך און אוועקגעבן פאַר א שטיקל געווער.

דאָ ווידער פלעגט אים אײַנפאַלן, אז ווען ער שאַפט זיך שוין יאָ אפילע אײַן עפּעס פון געווער, וואָלט דאָס אים אויך ווינציק וואָס געגעבן. ווי נאָר עס איז אָנגעקומען דער פאַרנאַכט, האָט ער גענומען איין קינד, בערטע — דאָס צווייטע און זײַנען מיט זיי אוועק נעכטיקן ערגעץ אַף א צווייטער גאַס, ווו עס איז דערווײַל נאָך שטיל געווען. ער האָט אַלייך ניט געוווּסט, וואָס מע טוט בעסער.

אָט אין די דאָזיקע טעג, ווען די נויט האָט אבען אומגעוואָרפן פון איין זײַט אין דער אנדערער, האָט זיך אין איינעם א פרימאָרגן ווידעראמאָל באַוויזן אַף זאַמקאָווע מיכל אַבעליעוו... ווי איינער, וואָס וויל ניט, אז איבעריקע מענטשן זאָלן דערגיין, וואָס איז ער געקומען אהער, איז ער פריִער פאַרגאַנגען צום אַלטן יוינגן, קלוימערשט באַ־טראַכטן, וויאַזוי מע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין דער נײַער דירע. ער האָט אָבער אָנגעטראָפן דערוף, בייס דאָרטן איז געווען ניט רויִק. עפּעס איז סימע געקומען פון ערגעץ א צערודערטע... די אַלטע מוטער אירע האָט עפּעס געוויינט. און מיכל האָט זיך דאָרט לאַנג ניט פאַרהאַלטן. שטילערהייט, אפּן ווונק, האָט ער אַרויסגערופן כאַיִמען אַף די טרעפּ און אים דערציילט עפּעס אַזוינס, פון וואָס בא כאַיִמען זײַנען געוואָרן גרויסע אויגן, ער האָט פאַר היספּײַלעס אַרומגעכאַפּט מיכלען און אים צוגעדריקט צו זיך. און ערשט דערנאָך האָט מיכל פאַמעלעך אָנגע־קלאַפּט צו די מעדרעשעס.

ער האָט אבען אין דער היים ניט געטראָפן. ווי טאָמיד, ווען ער איז צו זיי אַרײַנגעקומען, איז אויך דאָס מאָל בערטע צופרידן געווען,

וואָס זי האָט אים דערזען. זי האָט אים דערציילט, אז אבע איז אוועק ניט אף לאנג און וועט באלד צוריק קומען. וויפל מאָל האָט זיך אבע נאָכגעפרעגט אף אים, פארוואָס זעט מען אים ניט... זי האָט מוירע צו זאָגן. זי פרעגט אבען גאָרניט. נאָר איר דוכט, אז ער האָט זיך אריינ־גענומען עפּעס אינעם קאָפּ. ראק ער רעדט וועגן געווער, אז טאָמער וועט מען באדערנאכט אמאָל קומען צו זיי, וועט ער פריִער עמעצן הארגענען פון די גאזלאָנים און דערנאָך זיך אליין א טויט אָנטאָן...

— הארגענען עמעצן פון די גאזלאָנים איז גראדע א מיצווע... — האָט מיכל באמערקט. — נאָר צוליב וואָס דארף מען זיך א מיסע אָנ־טאָן, דאָס פארשטיי איך ניט... זיינען דען ניט פאראן קיין בילכערע זאכן וואָס צו טאָן? — און ער איז געבליבן ווארטן.

אבע איז אזוי גיך ניט געקומען. בערטע האָט זיך אלץ מער אָנגע־הויבן באומרויִקן. דערצו נאָך האָט סאָפּיע, א מיידעלע פון א יאָר זעקס, מיט גרויסע אויגן, ווי מיט מאָך ארומגעלייגטע, זיך אָנגעהויבן עפּעס בינדן צו דער מוטער, ציִען זי פארן קליידל און דערמיט שווע־רער געמאכט אפן הארצן. אף מיכלס פראגע, וואָס וויל דאָס קינד, האָט בערטע ניט געענטפערט. ערשט שפּעטער האָט זי געוואָרפן אלע ארבעטן און זיך צוגעזעצט צו אים. זי האָט געפרעגט:

— זאָגט, מישע, איינער דאָרע האָט אויך אזוי מוירע, ווי איך? זי טרייסלט זיך אויך איבער איר, ווי איך איבער מיין אבען?

מיכל האָט אומגעערן א שמייכל געגעבן:

— מיין דאָרע איז א העלד קעגן אייך... ווי קומט גאָר, אז זי זאָל פאר עפּעס מוירע האָבן?

— איר קאָנט פון מיר לאכן, — האָט בערטע ווידער אָנגע־הויבן, — נאָר איך זאָג אייך דאָס, וואָס עס איז. איך ווייס ניט, ווי וואָלט געווען, ווען ער איז ניט אזוי צעבראָכן. אָבער איצט... טרעט ער נאָר ארויס מיט א פוס פון שטוב, גייט מיר דאָס לעבן ניט איין. א היציקער מענטש איז ער. ווער ווייסט, צו וואָס ער קאָן דערגיין...

— בערטע, טייערע, און ווער איז איצט ניט צעבראָכן? — האָט מיכל געפרעגט, און זיין פּאָנעם האָט אויסגעדריקט גרויס אומגעדולד.—

אין די באַדינגונגען, אין וועלכע אונדז קומט אויס צו לעבן, טאָר מען דאָך ניט אַראָפּלאָזן די הענט. מיר האָבן נישט קיין רעכט דערויף...

— יאָ, יאָ, — איז זי מאַסקים געווען, כאָטש אַף איר געזיכט, אין די לענגלעכע אויגן איז שוין געלעגן אַ טיפע מידקייט און געוויזן, אַז ניט לײַכט קומט עס איר אָן. — איר ווייסט, מישע, ווי עס איז מיר ניט שרעקלעך פאַרבלײַבן אין אַזאַ מין צײַט מיט צוויי ברעקלעך, נאָר ווען איך זע, וויאַזוי ער מאַטערט זיך, ווילט זיך מיר זאָגן: „אַבע, גיי ערגעץ אַוועק און טראַכט וועגן אונדז ניט".

זיי האָבן זיך אַלעמאָל באַצויגן מיט גרויס אָפּשײַ איינער צום אַנ־דערן. און איצט, קוים עס איז געקומען צו רייד, האָט זי שוין דער־ציילט אַזוינס, וואָס זי וואָלט פאַר אַ צווייטן קיינמאָל זיך ניט דער־לויבט...

— די גאַנצע יאָרן האָט אַבע געטרוימט וועגן אַ זון. ער מוז האָבן אַ יורש. ער זאָל האָבן וועמען איבערצוגעבן די עסטאַפעטע. און איצטער רײַסט ער די האָר אַף זיך, פאַרוואָס מיר האָבן זיך עס דער־לויבט... אָפּט כאַפּט ער זיך אויף באַנאַכט מיט טײַנעס צו מיר: „בער־טע, צוליב וואָס? צוליב וואָס האָבן מיר עס באַדאַרפט?" און איך האָב אים ניט וואָס צו ענטפערן.

זי האָט איבערגעריסן די רייד, קוים האָט זיך דערהערט, ווי עמעץ גייט אַף די טרעפּ. זי האָט זיך אַ לאָז געגעבן אַנטקעגן.

עס איז אַרײַנגעקומען אַבע, אַן אָפּגעפּרישטשטער פון דער לופט, מיט אַ צעשפּיליעטן קאָלנער פונעם העמדל. דערזען, ווער עס וואַרט אַף אים, האָט ער אַ זאָג געגעבן: „ווייסט, אין דרויסן איז פונדעסטוועגן גאָר ניט אַזוי שלעכט. זיצנדיק אין שטוב, דוכט זיך אויס אַלץ שרעק־לעכער..." און ער האָט אַוועקגענומען מיכלען צו זיך, אײַנעם אַלקערל. זײַן האַנט־דרוק איז געווען אַ שטײַפער. עס האָט דערמאָנט דעם פריַער־דיקן אַבען...

און דאָך איז מיט אַבען פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס מיכל האָט ניט באַלד באַנומען. אַבע איז געווען צעטומלט. ער האָט זיך געריבן

דעם שטערן, יעדע ווײַלע געוואָרפן בליקן אױף אים, ווי ער וואָלט געװאָלט עפּעס פרעגן און זיך ניט באַשלאָסן.

אז אבע איז שוין פון עפּעס צופיל צעראַשט, דאָס האָט מען געקאָנט אויך באַמערקן דערפון, וואָס, בײַס ער איז אַרײַנגעקומען אינעם האַלב־טונקעלן צימערל און אויסגעטאָן פון זיך דאָס רעקל, האָט ער זיך לאַנג מיט דעם אַרומגעטראָגן, ביז מיכל האָט דאָס רעקל ניט צוגענומען בײַ אים פון די הענט און אַוועקגעלייגט.

— וואָס איז, אבע? — האָט מיכל געפרעגט. — וואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן?

אבע האָט זיך אַ קנייטש געגעבן.

— נו, נו!.. וואָס פאַרט?

יענער האָט זיך אַלץ געקווענקלט...

נאָר אָט האָט אבע סאָפקאָלסאָף ניט אויסגעהאַלטן. עס האָט זיך בײַ אים אַרויסגעכאַפּט מיט אַן אויפגערעגטער שטימע:

— איך וואָלט די צונג אַרויסגעריסן יעדן, וואָס פאַרשפּרייט אַזעלכע קלאַנגען. איך פאַרשטיי, עס זײַנען פאַראַן זאַכן, וואָס מע קאָן אויסטראַכטן. וויאַזוי דערלויבט מען זיך אָבער אַזעלכעס? איך קום אַרײַן אין איינער אַ שטוב, דערציילט מען מיר, אַז עס איז דאָ אַ ווענדונג פון צעקאַ פון דער פּאַרטיי... ווער, פרעג איך דיך, ווער טראַכט דאָס אויס?

מיכל האָט זיך פונעם אָרט ניט גערירט. ער האָט רויִק געפרעגט:

— און פאַרוואָס גלייבסטו ניט? וואָס איז דאָ דער כידעש? איבער די הענט גייט ווירקלעך אַרום אַזאַ מין ווענדונג...

אבע האָט מיט פאַרוואורף אָנגעקוקט מיכלען. ווען ער האָט זיך ווידער געווענדט צו אים, האָט זײַן שטימע געציטערט:

— ווייסטו, הייסט עס, אַזעלכע וויכטיקע נײַס און האָסט געשוויגן, ביסט מיר ניט געקומען דערציילן? ווי מיינסטו, צו מיר האָבן זיי אויך אַ שטיקל שײַכעס, צי ניין?

מיכל האָט באַקומען אַזאַ מין אויסזען, ווי ער וואָלט פון עפּעס

שטארק האַנאָע געהאט. ער האָט אָן אופגעלעבטער א שמוך געגעבן מיט דער באָז:

— דו וועסט מוירע האָבן ארויסגייך אין דרויסן, און איך זאָל דיר ברענגען נײַס? ניט קראנק ביסטו אַליין גיין זיך דערוויסן. — ער דרייט זיך אויס, גלײַך דערבײַ וואָלט געזעסן נאָך עמעצער און אונטערגע־הערט זייער געשפרעך, טוט א ווונק צו יענעם: ווי געפעלט ער אײַך, הא?

ווען מיכל באקומט א זעץ אין ברוסט אַרײַן אזוי, אז ער פאַלט אום אפן דיוואן, לאכט ער נאָך אַלץ, ווי צווישן זיי וואָלט פאָרגע־קומען א שפּיל. אבע כאפּט אים אָן פאר דער ברוסט.

— וועסט דערציילן, וואָס איז פאר א ווענדונג, אגיט דערשטיק איך דיך...

— לאָז אָפּ, — לאכט מיכל.

עטלעכע רעגעס געדויערט דער געראנגל צווישן זיי. איינער דעם אנדערן וויל זיך ניט אונטערגעבן. מיכלען גיט זיך אײַן אויסצו־דרייען פון אונטער אבען. ער פארוואַרפט איבער אים א פוס מיט א האַלבן גוף. עס טרישטשעט דער דיוואן אונטער זיי. בא עמעצן האָט געפּלאַצט א נאָט. זיי עטעמען ביידע שווער. פון דער שאפע, אף וועל־כער עס ליגן ביכער, פאַלט עפּעס אראָפּ. זיי זעען דאָך גאָרניט...

אבע האָט זיך אף מיכלען ארופגעוואַלגערט און לאָזט זיך ניט אופהייבן. אומבאַמערקטערהייט פאַרלירט דער געראנגל די פריִערדיקע שפּיל. מיכל ווערט בלאס. עס מאכט דעם אײַנדרוק, ווי אין א גע־וויסן מאָמענט וואָלט ער זיך א ביסל דערשראָקן פאר אבען. ער רײַסט אָפּ זײַנע הענט פון זיך און זעצט זיך אוועק. מער לאכט ער ניט. אָנשטאָט א ייִנגל א שטיפער, וועלכער ער איז פריִער געווען, זיצט איצט אָן ערנסטער און פאַרזאָרגטער מאַן.

— ביסט מעשוגע, צי וואָס? — פרעגט ער אבען און קוקט אים מאָדנע אָן. — אָט אזוי שפּילט מען זיך דען?

אבע זיפצט שווער אָפּ:

— צופיל האָט זיך מיר שוין אָנגעקליבן אפן האַרצן... מע דאַרף זיך מיט מיר ניט רייצן.

צוביסלעכווייַז באַרויִקן זיך ביידע. אי דער אי יענער מאַכן שווייַגנ־דיק צורעכט די קליידער, די האָר. דער רויִקער צווישן זיי געדויערט נאָך.

נאָר אָט קומט מיכל דער ערשטער צו־זיך. ער בייגט זיך אָן און הייבט אויף דעם בוך, וועלכער איז אַראָפּגעפאַלן פון שאַפע.

— אַן עק... — זאָגט ער. — מיר האָבן זיך צעשפּילט, ווי קליינע קינדער, און פאַרגעסן אין אַלץ. — און שטילערהייט, אַ מידער פונעם געראנגל, הייבט ער אָן דערציילן, וואָס ער ווייסט און צוליב וואָס ער איז געקומען צו גיין. ער באַשטעטיקט ווידער, אַז צו דער געטאָ איז, ווירקלעך, דערגאַנגען אַ ווענדונג פון צעקאַ, אין וועלכער די קאָמוניסטישע פּאַרטיי רופט דאָס פאָלק אין קאַמף מיט די פאַשיסטן. אַוועקגיין אין די וועלדער. אַראָפּלאָזן צוגן. אופרייַסן סקלאַדן מיט געווער. מאַכן אַזוי, אַז די ערד זאָל ברענען באַם סוינע אונטער די פיס...

אַ דערוואַרעמטער פון די אייגענע רייד, הייבט זיך מיכל אויף און בלייַבט שטיין פאַר אבען מיט לויכטנדיקע אויגן, פולע מיט גלויבן און קראַפט... ער שמועסט מיט אים לאַנג. ערשט פאַרן סאַמע אַוועקגיין טרויט ער אים אָן דאָס וויכטיקסטע: אַ גרופּע כאַוויירים האָבן באַ־שלאָסן זיך צונויפקלייַבן אין אַ שטוב און זיך דורכריידן. ער וואָלט געוואָלט, אַז אבע זאָל אויך קומען צו גיין. עס וועלן זייַן געציילטע מענטשן. מע וועט דורכלייענען די ווענדונג און זיך אָן אייצע האַלטן, וואָס מע קאָן טאָן...

ער פרעגט ניט, צי אבע האָט כיישעק עפּעס טאָן. ער דערלאָזט ניט קיין מעגלעכקייַט פאַר דערווידערונג... און אבע ווערט פאַרכאַפּט פון דער איבערצייַגעוודיקער קראַפט, וואָס טראָגט פון מיכלען. ער זאָגט צו אויך קומען.

מיכל ווייַזט ניט אַרויס, וויִאַזוי ער איז צופרידן דערפון. ער

קלײַבט זיך שוין אוועקגיין, נאָר עפּעס וויל ער נאָך פון אבען, און דאָס קערט אים אום צוריק פון טיר.

— זאָג מיר נאָר, — פרעגט ער אבען, — עפּשער ווייסטו, וואָס פאר א בען־אָדעם דרייט זיך דאָ ארום? עפּעס איינער א מארגוליס? ער פארופט זיך אף דיר, אז דו קענסט אים.

און די אויגן בא מיכלען זײַנען עטוואָס פארזשמורעט, זעען אויס, ווי טאָמיד, ווען ער קוקט אף א מענטשן, קוים־קוים קאָסאָקלעך.

אבען טראָגט אוף פונעם אָרט, פונקט ער וואָלט דערהערט ווער ווייסט וואָס.

— וואָס רעדסטו? — גיט ער זיך שנעל א לאָז צו מיכלען. — שוין זשע איז אויך מארגוליס דאָ ערגעץ? ווו טרעפט מען אים? איך וואָלט אים זייער געוואָלט זען...

— וואָס איז ער פאר א מענטש? מע קאָן אים עפּעס טרויען?

— אָן קיין שום סאָפּעק... איך בין פאר אים אָרעוו, ווי פאר זיך אליין. ער איז אן אלטער קאָמוניסט. א מענטש מיט א רײַכער דער־פארונג. איך וואָלט דיר געייצעט אים אויך רופן, ווען מע וועט זיך צונויפקלײַבן...

מיכל שאָקלט צו מיטן קאָפּ: „גוט, גוט", און ער פארלאָזט די שטוב.

אבע גייט אים ארויס באגלייטן.

באם פענצטער אף די טרעפּ שטייט יויבע, א כמורנער, און רייַ־כערט. פון יענער זײַט טיר הערט זיך, ווי עס וויינט סימעס מוטער. אף דער פראגע, וואָס איז געשען, פארוואָס זײַנען זיי אלע אזוינע צע־ראשטע, טוט יויבע קורץ א ברום ארויס, ווי זײַן שטייגער איז: „ביטאָ קיין מענטשן אף דער וועלט, וועלף, וועלף, און שוין..." און פון זײַן קארגן דערציילן דערוויסן זיי זיך קוים, אז כאַים מיט סימען זײַנען אוועק אף פערעספּע, צו בארסוקן, און אז יענער, דער הונט, איז ווערט, מע זאָל אים די מאָרדע צעשלאָגן.

וואָס איז שײַעך פּראָטים, דאָס קאָנען זיי זיך בא אים ניט דער־שלאָגן. זיי לאָזן אים איבער אליין און גייען אוועק...

## 2

סימע אווערבוך מיט דער מוטער און מיט מישקען האָבן אין דער נײַער דירע פארנומען דאָס ערשטע צימערל, דער פעטער יוינע מיט זײַן מישפּאָכע, מיט דער „צאצע" זייערער, אן אלטע מויד פון א יאָר פערציק, — דאָס צווייטע.

די אלטע מויד, די גרויסע צוכט, האָט זיך באלד באם ארײַנקלײַבן אהער זייער פארקרימט, ווען זי האָט דערזען, אין וואָס פאר אן ענגשאפט עס וועט אויסקומען צו לעבן. איר איז ניט געפעלן געוואָרן, האלעמײַ זיי האָבן זיך ארײַנגעקליבן אין א דירע מיט נאָך א מישפּאָכע. זי האָט געהאלטן, אז זיי האָבן געקאָנט האָבן א באזונדערע ווױנונג. זי איז געווען בארויגעז, אין קאס. האָט זי געדארפט דורכגיין צו זיך אין צימער דורכן אלקער, ווו סימע מיט דער מוטער האָבן זיך געפונען, איז זי דורכגעגאנגען א פארביסענע, מיט א ווינט, ווי דער רועך וואָלט זי געטראָגן. זי האָט אף קיינעם ניט געקוקט, מיט קיינעם ניט גערעדט. אלעמען אויסגעמיטן. זי האָט זיך מיט א לײַלעך אָפּגעצאמט א פּיצל ווינקעלע און איז דאָרט געזעסן א גאנצן טאָג א פארשלאָסענע און שטילע, האלטנדיק אין איין שטריקן עפּעס פון וואָל. זי האָט ניט געוואָרפן די ארבעט אפילע דעמלט, ווען אין דרויסן פלעגט ווערן א ראש: מאשינעס זײַנען פארבײַגעפאָרן אָדער מע האָט גענומען שיסן. זי פלעגט דאן בלאס ווערן, ווי די וואנט, די הענט פלעגן איר אָנהייבן ציטערן, און זי האָט זיך אלץ געבעטן בא די שטוביקע, עס זאָל זײַן שטיל. עס איז געווען אומדערטרעגלעך צו זען, ווי דער מענטש האָט פאר אלץ מוירע.

סימע איז געווען עטוואָס געטרייסט כאָטש דערמיט, וואָס זיי האָבן נאָך דערווײַל ניט געליטן קיין הונגער. דער גאָרטן, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אף דער אלטער דירע, האָט זיי קיין סאך ניט ארײַנגעטראָגן; א קארטאָפל, א רעטעך, א בורעקל אף באָרשטש — דאָס יאָ. האָט מען געדארפט עפּעס האָבן, האָט זי צוגעשיקט אהין מישקען, און יענער איז גרינג אף א גאנג, מוירע האָט ער ניט פאר קיינעם, גייט ער

טייקעף אוועק און ברענגט, וואָס מע דארף. אזוי איז געווען איין מאָל. אזוי א צווייט מאָל. ביז עס האָט געטראָפן דער טאָג, ווען מישקע האָט זיך אומגעקערט מיט א ליידיק טאָרבעלע, האָט עס א שמיץ געטאָן אין דער ערד און א מאך געגעבן צו סימען מיט אויגן פון א גאזלען:

— קאָנסט אליין גיין. מער זאָלסטו מיך אהינצו ניט שיקן...

— וואָס איז געשען, מישקע?

— ער לאָזט ניט נעמען קיין קארטאָפל. ער האָט דיר געהייסן אליין קומען...

— ווער לאָזט ניט? קאָנסט עפשער געבן צו פארשטיין, ווען מע פרעגט בא דיר?

ווײַזט זיך ארויס, אז ווען ער, מישקע, איז געקומען צו די רודאָ־וויטשעס, גענומען בא זיי א לאָפּעטע און איז ארײַן מיט קאָלקען צו זיך אינעם גאָרטן אָנגראָבן קארטאָפל, איז צו זיי ארויסגעקומען דער מענוווּל, וואָס וווינט אין זייער שטוב, דער „אָטדיעל קאדראָוו", און האָט בא אים ארויסגעדרייט די לאָפּעטע פון די הענט, געהייסן, ער זאָל גיין אהיים און מויכל זײַן צושיקן די שוועסטער זײַנע אָדער ווער ווייסט, וואָס זי איז אים דאָרטן...

— נו, גוט, איך וועל שוין גיין זען, וואָס דארף ער מיך. אָבער א ביסל קארטאָפל האָסטו דאָך געמעגט ברענגען...

— פּרווו, ברענג, אז ער האָט ניט געלאָזט אָנגראָבן...

— גיי, גיי, — האָט סימע גאָר ניט געוואָלט דערלאָזן צו זיך דעם געדאנק, אז אזוי איז עס טאקע, — האָסט דאָרטן שוין, מיסטאמע, גע־קערט עפּעס אָפּטאָן א שפּיצל. וואָס איז ער, מעשוגע! ער ווייסט דען ניט, אז מיר קומען נעמען ניט זײַנס... אָט וועל איך זיך דורכגיין, וועל איך שוין ווּיסן, ווו דער עמעס איז.

עס איז לײַכט צו זאָגן „זיך דורכגיין"... זי ווייסט: מע האָט נאָך ניט ארומגעצוימט די געטאָ, מע האָט בלויז אויסגעלייגט איבער די גאסן שטיקלעך ציגל, און דאָרט, ווו קיין ציגל איז ניט געווען, אויסגעגראָבן גריבלעך פאר א סימען, ווו עס וועט זײַן די צאַם. דאָך איז שוין פון טאָג צו טאָג אלץ שווערער געוואָרן ארויסגיין ערגעץ. האָט מען געפּאקט א

יידן עפּעס טראָגן, האָט מען אים צעמיימעסט און אַלץ אָפּגענומען. עס האָבן געשלאָגן די דײַטשן, עס האָט געשלאָגן די פּאָליציי. עס האָט גע־שלאָגן ווו אַן אויסוווּרף.

קיין אנדער ברייֵרע איז אָבער ניט געווען. סימע האָט אָנגעטאָן אויף זיך אַ געבליִמט קלייד, פאַרבונדן דאָס טיכל אַזוי, זי זאָל אויסזען, ווי אַ דאָרפישע, און מיט טריט, ווי זי וואָלט געגאַנגען איבער שאַרפע שטיינער, אוועקגעגאַנגען אויף פּערעספּע.

פון זינט מע האָט זיך אַריבערגעקליבן אין געטאָ, איז איר ניט דאָס ערשטע מאָל שוין אויסגעקומען צו גיין אַהין. נאָר פאַרשטעלן זיך, וואָס זי האָט איבערגעלעבט יעדעס מאָל, ווען זי האָט געדאַרפט גיין, ווי אַ גאַנעוו, איבער היימישע גאַסן, מיט וועלכע זי איז קינדווייַז געגאַנגען אין שול און שפּעטער, בייס זי איז אויסגעוואַקסן, אויף דער אַרבעט, — דאָס האָט געקאָנט נאָר אַ מענטש, וואָס האָט עפּעס ענלעכס אַליין איבער־געלעבט. טאָפּלטער איז געוואָרן איר ווייטעק, ווען זי איז צוגעגאַנגען צו דער היימישער פאַרטקע, ווו יעדעס שפּעלטיקל איז איר געווען באַקאַנט און טייַער, און דערזען, אַז ס'איז פאַרשפּאַרט. זי האָט אָנגעקלאַפּט — קיין שום ענטפער. כאָטש זי האָט בעפּייַרעש באַמערקט, אַז ווען זי איז צוגעגאַנגען צום טויער, האָט עמעץ אַרויסגעקוקט פון הינטערן פאַרהענגל אָפן פענצטער. שוין זשע עפנט מען בעקיוון ניט, קעדיי קליַיבן נעקאָמע אין איר, קעדיי צו זען, וואָס פאַר אַן אײַנדרוק עס וועט אויף איר מאַכן דאָס בעטלערישע שטיין אין דרויסן לעבן דער אייגענער שטוב? שוין זשע איז מישקע געררעכט? מע זאָל טאַקע ניט וועלן לײַדן, וואָס זיי קומען אַהער נאָך זייערס, און מע גיט עס איר אַזוי אָנצוהערן, זי זאָל וויסן, וואָס זי האָט ווײַטער צו טאָן? דאָס ביסל קאַרטאָפל איז דאָך איצט אַלץ, וואָס זיי האָבן, קעדיי ניט צו שטאַרבן פון הונגער. און ביכלאַל: ער האָט זי דאָך גערופן, באַרסוק, וואָס קאָן ער זי דאַרפן?

נאָר אָט גייט, דוכט זיך, עמעצער פון שטוב. דאָס האַרץ קלאַפּט איר שטאַרק. זי באַמיט זיך באַרויִקן. עס גייט באַרסוק. און זי קוקט זיך אַרום, צי קיינער זעט ניט, וויאַזוי זי שטייט און וואַרט, ביז מע וועט עפענען...

באַרסוק עפנט די פאַרטקע. ער איז שטיל, וואָס שטיל הייסט, ער

טראָגט איר אנטקעגן א וועלט מיט פרייַנטלעכקייַט. אָנגראָבן א ביסל קארטאָפל וויל זי? שוין, ער וועט נאָר ברענגען א לאָפּעטע. זאָל זי נאָר זייַן אזוי גוט און א ביסל צוווארטן. אָט דאָ ערגעץ דארף זי שטיין, די לאָפּעטע. ווו האָט ער זי אוועקגעשטעלט, געדענקט ער גאָרניט. די לעצטע צייַט איז בא אים געוואָרן אזא שלעכטער זיקאָרן, אז קיין שום זאך געדענקט ער ניט...

זיי גייען ארום דער שטאל. פריִער איז דאָ געשטאנען אן אלטער, צעפּאָרענער שליטן, וואָס האָט דערמאָנט אין דוירעס ייִדישע באלעגאָלעס. קינדווייַז, ווען זי האָט זיך געשפּילט אין „זשמורקעס", איז זי אָפטמאָל ארונטערגעקראָכן אונטער אים און זיך דאָרט אויסבאהאלטן. צי האָט מען אים איצט צעהאקט אף האָלץ, צי עפּעס אנדערש מיט אים געטאָן, נאָר ער איז ניטאָ מער. עס זייַנען איבערגעבליבן בלויז העלע סימאָנים אף דער ערד, ווו ער איז פריִער געשטאנען. און עס טוט סימען א ריס דאָס הארץ. יאָרנלאנג איז ער געשטאנען, דער שליטן... וועמען האָט ער געשטערט?

ס'איז איר זייער ניט אָנגענעם, וואָס בארסוק העלפט איר גראָבן די קארטאָפל. זי וואָלט גערן געבליבן אליין. אין הארצן, פילט זי, קוועלט אוף א הייסער שטראָם און פארשווענקט זי. די קראפט פון זיכרוינעס איז שטארקער פון איר. זי איז ניט בעקויעך זיי בייַצוקומען. דער ווארעמער רייעך פון די בערוועגעס פון דער שטאל, די גאָטס בעהיימעלעך, וואָס פויזען אום אף זיי, דאָס בערגל ציגל און ליים, וואָס מע האָט ארויסגעוואָרפן אהער מיט יאָרן צוריק, ווען מע האָט איבערגעמאכט דעם אויוון, — אלץ דערמאָנט אזוי פיל...

זי וויל בא בארסוקן ארויסנעמען די לאָפּעטע פון די הענט, קעדיי אליין גראָבן, נאָר ער לאָזט ניט. און זי גייט אים נאָך... ער גראָבט, און זי קלייַבט אוף די קארטאָפל. דאָס שרעטל, מישקע, — רעדט זי זיך אייַן בעקיוון, קעדיי אָפּווענדן אירע געדאנקען, — האָט דאָ, אפּאָנעם, אָנגעפּלאָכטן ווער ווייסט וואָס... מע האָט אים, קלוימערשט, ניט געלאָזט אָנגראָבן קארטאָפל... זי וועט אים שוין אריינטיילן א גאָב!

זי קלייַבט זיך שוין אוועקגיין. נאָר בארסוק לאָזט זי נאָך ניט אָפּ.

זיי שטייען ביידע לעבן גאנעקל; וויַזט זיך ארויס, אז ער האָט צו איר א ביטע. ער האָט זי געוואָלט בעטן, אז זי זאָל זײַן אזוי גוט און ברענגען די דאָקומענטן, דעם פּלאַן פון דער שטוב, און זיי וועלן אריַינגיין צו א נאָטאריוס, קעדיי איבערשרײַבן די שטוב אף זײַן נאָמען. ער הייבט אוף אף איר זײַנע אויגן, וואָס ליגן טיף אין א נעסט פון קנייטשעלעך, גוט־מוטיקע, דינינקע קנייטשעלעך. ער האלט דערבײַ אויך א קאפּעלע אָנגעבויגן דעם קאָפּ אין א זײַט, גרייט צו הערן, וואָס וועט זי אים ענטפערן. עס טריקענען אים די ליפּן, און ער באלעקט זיך יעדע ווײַלע. עס זעט אויס, ווי ער וואָלט גאָר ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין, וואָס ער רעדט. „ווער ווייסט, — זאָגט ער און טוט אפילע ניט קיין פּינטל מיט קיין אויג, — ווער ווייסט, וואָס עס קאָן זיך מאכן... מיר זײַנען אלע בא גאָט אין די הענט. זאָל מען כאָטש זײַן באוואָרנט מיט דער שטוב...“

סימע האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, א קוק געטאָן אף דעם מענטשן, וואָס איז געשטאנען אנטקעגן איר אָנגעטאָן אין עפּעס א ווייך, היימיש, קורץ לײַבל, מיט א ווייך היטעלע אפן קאָפּ, און ס'האָט איר מיטאמאָל א היץ זיך אָ הייב אוף געגעבן צום פּאָנעם, א זעץ געטאָן אין די שלייפן. וויי, וויי... ווו איז די גרענעץ פון מענטשלעכער פארדאָרבנקײַט? זי האָט געמיינט, אז זי האָט צו טאָן מיט א מענטשן, וועלכער פילט מיט דעם גרויסן בראָך, וואָס איז געשען מיט איר, מיט זיי אלעמען... הייסט עס טאקע, אז מישקע איז גערעכט געווען. מע האָט אים בעפּיירעש ניט גע־לאָזט נעמען א ביסל קארטאָפל. בארסוק האָט געוואָלט, זי זאָל גיכער קומען, ער האָט קיין צײַט ניט. עס האָט אים פארברענט איבערשרײַבן די שטוב אף זײַן נאָמען... וואָרעם ווער ווייסט טאקע, וויפל זיי קאָנען נאָך לעבן, די יידן. און עס האָט זיך איר פארגלוסט איינס פון די ביידע. אָדער פארפאָרן אים אין באק אזוי, אז דער ניוויזיק זאָל זיך איבערקערן, אָדער ארויסרײַסן זיך מיט א געוויין פונעם הויף און אנטלויפן פונדא־נען, וווהין די אויגן טראָגן.

דאָס רעאלע געפיל פון לעבן, די אומשטענדן, אין וועלכע זיי האָבן איצט געלעבט, האָבן איר דאָך אונטערגעזאָגט, אז מע דארף זײַן אײַנ־געהאלטענער. זי האָט בא בארסוקן איבערגעלאָזט זאכן, דארף מען זיי

פריִער צונעמען. אָך, ווען זי מעג נאָר ריידן! וואָס וואָלט זי עס אים איצט ניט אַרײַנגעזאָגט! ער טאָר אָבער דערוויִיל ניט וויסן, וואָס עס טוט זיך בא איר אפן הארצן. זי האָט ניט געוואָלט פאָלגן די שכיינע פעניע רודאָוויטש, ווען יענע האָט איר פאָרגעלייגט אלץ אַריבערטראָגן צו זיי. זי האָט ניט געוואָלט באַליידיקן בארסוקן, זי האָט אים געטרויט. דארף מען איצט זען אלץ אַרויסראַטעווען, ווי פון פײַער. זאָלן זיי כאָטש האָבן וואָס אויסצובײַטן. ווער ווייסט, וואָס עס שטייט זיי נאָך פאָר...

— אזוי, ער וויל, הייסט עס, אז מע זאָל איבערשרײַבן די שטוב אף זײַן נאָמען, — האָט סימע זיך אָפּגערופן, פילנדיק, ווי עס ציטערן איר אַלע איִיוורים, — אוואדע איז ער גערעכט. ער וויל האָבן אן אָנדענק פון זיי, נו, זיכער... אויב שוין איבערלאָזן, קומט עס טאַקע נאָר אים. פאָרט אן אייגענער מענטש... צוזאַמען האָט מען דאָך געארבעט ניט איין יאָר. זי געדענקט נאָך ביז הײַנט, ווי ער פלעגט ליב האָבן אַרײַנקוקן אין יעדן פּאַפּירל, וואָס זי האָט אָנגעשריבן אין קאַדרען־אָפּטייל, און אָפּזוכן כעס־רוינעס... אזוי. אזוי. איבערשרײַבן, הייסט עס, די שטוב... נו, גוט, — גיט זי מיטאַמאָל א מאַך נאָך א קלײנער פּאַוזע. — זי וואָלט עפּשער ניט גע־ווען קעגן, נאָר מע דארף דאָך פריִער פרעגן בא דער מאַמען. קאָלזמאַן זי לעבט, איז זי דאָך די הויפּט־באַלעבאָסטע. עפּשער וועט זי גאָר ניט וועלן. גלאַט נעמען און אָפּגעבן אזא מין שטוב... ווען זיי האָבן עפּעס כאָטש דערפון...

— יאָ, יאָ, ער קאָן זיי העלפן מיט פּראָדוקטן. ער קאָן זיי געבן א ביסל מעל.

אָך, ווי צוגעלאָזט ער איז, כאָטש לייג אים צו צו א געשוויר...

— נו, גוט... זי וועט זיך דורכריידן מיט דער מאַמען. זי וועט נאָך הײַנט קומען צוריק... זי דארף דאָ נעמען עפּעס פון די זאַכן... — און סימע הייבט אוף אפן אקסל דאָס ביסל קאַרטאָפל און גייט אוועק.

וויאַזוי זי איז געגאַנגען צוריק, האָט זי ניט געוווּסט. זי האָט דעם וועג ניט געזען. פונעם הארצן האָט זיך געריסן א געשריי... זי איז קוים דערלאָפן אהיים, האָט א וואָרף געגעבן אפן פאָל דאָס טאָרבעלע מיט קאַרטאָפל, א פאַל געטאָן אפן בעט און זיך צעוויינט...

די מוטער האָט געוואָלט וויסן, וואָס איז געשען, וואָס וויינט זי, פאַרוואָס איז זי געקומען צו לויפן אַזאַ צעטראָגענע. נאָר סימע האָט זיך אַפילו ניט אויסגעדרייט. קורץ, דורך טרערן, האָט זי געענטפערט: „גאָרניט, גאָרניט", און האָט ווידער געכליפעט און געוויינט...

3

זי איז לאַנג געלעגן אין אויסגעשעפּטע און אַ מידע. מע האָט באַדאַרפט גיין אויף פּערעספּע און גיכער צונעמען, וואָס מע האָט דאָרט איבערגעלאָזט, נאָר ס'איז איר געווען איבער די קויכעס זיך אויפהייבן פון אָרט, אָנקוקן דעם נימעסן פּאַרצעף פונעם מענוויל. האָט זי אָפּגעלייגט איר גאַנג אויף שפּעטער, אויף מאָרגן.

ליגנדיק, האָט זי דערהערט, ווי עמעצער שלעפּט זיך אויפן דריטן שטאָק. אַ שיקערע הייזעריקלעכע שטים פון אַ מענטשן, וואָס זינגט דורך טרערן, האָט זיך דערטראָגן פון די טרעפּ. הויך אויף אַ קאָל האָט דאָרט עמעצער געזונגען די באַקאַנטע ליד:

Трансвааль, Трансвааль, страна моя,
Ты вся горишь в огне...[1]

סימע האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס קער זײַן דער פורמאַן, וועמענס יידיש ווײַב מיט די קינדער וווינען אויבן, אונטערן דאַך. אין זײַן געזאַנג האָט זיך געפילט אַזויפיל צאַר, אַז זי האָט פאַרגעסן אין זיך און אין אירע אייגענע צאָרעס. זי האָט זיך צוגעהערט, ווי שווער ער גייט איבער די טרעפּ און ווי עס בעט זיך באַ אים זײַן טעכטערל:

— טאַטע, הער אויף, נו, הער שוין אויף!

ער, דער פורמאַן, איז אויוועך געווען אויף אַלע געזעצן און איז אָפּט געקומען צו גיין אין געטאָ העלפן זײַן בראָניען, אַ קליין, דאַר, מיעס יידיש ווײַבל, וואָס האָט אים געבוירן דרײַ קינדער.

אין די קורצע ווײַלעס, וואָס ער פלעגט דאָ זײַן, פלעגט ער וואַסער

[1] טראַנסוואַאַל, טראַנסוואַאַל, לאַנד מײַנס,
דו שטייסט אינגאַנצן אין פלאַמען...

אָנטראָגן, האַלץ אָנהאקן, און טיילמאָל, ווען עס האָט געשײַנט די זון, פלעגט ער זײַן טויבשטום יִנגעלע, דעם קאַליקע, וואָס האָט ניט געקאָנט שטיין אַף די פיסלעך, אײַנוויקלען אין די פּאָלעס פון זײַן הארטער ברע־זענטענער ספּעצאָווקע און ארויסטראָגן פון פינצטערן אַלקערל אַף דער ליכטיקער שײַן; ער איז מיטן קינד געזעסן אַף דער זון, ביז עס איז ניט געקומען די שאָ אוועקצוגיין, און די גאנצע צײַט, וואָס ער איז דאָ אזוי געזעסן מיטן ברעקל אַפן גאנעק, האָט דאָס קינד, א קליינס און שווארצינקס, מיט א געקרײַזלטן קאָפּ האָר, מיט גרויסע אויגן, וואָס האָבן פארנומען קימאט א העלפט פון זײַן אויסגעבלייכט פּענעמל, א קאָפּיע פון דער מאמען, ארויסגעקוקט בא אים פונעם בוזעם, ווי א מאלפּעלע, ווי עס וואָלט וועלן דערגיין: וואָס, וואָס איז אזוינס געשען? פארוואָס האָט מען זיך ארויסגעקליבן פון דער היים? פארוואָס איז דאָ מיט זיי אויך ניט געבליבן דער טאטע? און פארוואָס, ווען ער קומט שוין יאָ אמאָל צו גיין צו זיי, זיצט מיט אים אזוי א ווײַלע אין דרויסן, קוקט ער זיך אַלץ ארום, ווי ער וואָלט פאר עפּעס מוירע געהאט?

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט דער פורמאן, שוין א ביסל אן אויס־געטרונקענער, פארהאַלטן סימען אַף די טרעפּ:

— דו זאָג מיר! — האָט ער זיך צו איר געווענדט, ווען זי האָט אים געפּרווט אויסמײַדן. זײַן צונג האָט אים ניט שטארק געפאָלגט, און סימע האָט ניט באַלד פארשטאנען, וואָס וויל ער פון איר. — דו זאָג מיר, זיי האָבן דערוף רעכט, הא?

איצט איז ער שוין ווידער געווען א ביסל אויסגעטרונקען פאר צאָ־רעס. דערהערט זײַן געזאנג, האָט סימע געטראכט וועגן דעם, אז פריִער האָט מען שוין גאָר ניט געוווּסט קיין אונטערשייד צווישן ייִדן און ניט־ייִדן. ס'איז געוואקסן א דאָר, וואָס איז פרײַ געווען פון א סאך אַלטע נאָכווייענישן און פאָרורטיילן. האָט עס אָנגעטראָגן א צאָרע. און אָט האָסטו דיר. זי מיט די קינדער ווױנען דאָ. ער — אין דעם רוסישן ראַיאָן. ער קאָן ניט אײַנזיצן אין דער היים, ווו נאָכן אוועקגיין פון ווײַב און קינדער איז געוואָרן פּוסט און וויסט אין אַלע ווינקעלעך. ער קומט אַלע ווײַלע אהער, ביז א דײַטשישע קויל וועט אים ערגעץ אוועקלייגן.

זי האָט געוווסט, אַז אַלע האָבן אַף דעם מענטשן ראַכמאָנעס. ס׳איז אַלעמען צום הארצן, וואָס ער, דער פורמאַן, האָט ארויסגעוויזן אזא איבערגעגעבנקייט און געטריישאַפט זײַן ייִדיש ווײַב.

אויך די „צאַצע״, די פארזעסענע מויד, האָט געהערט דערציילן, אַז דײַטשן האָבן זיך אַנומלט נאָך אים שוין געהאַט פאַר עפּעס נאָכגעיאָגט און שיר אים ניט דערהארגעט, אַז ער האָט לאַנג ניט געלאָזט זײַן בראָ־ניען מיט די קינדער זיך אַריבערקלײַבן אין געטאָ; אַז ער האָט זיך פאַר־טשעפּעט מיטן פּאָליציי, וואָס איז געקומען זיי טרײַבן פון שטוב, און עס וואָלט דערגאַנגען צו אַ געשלעג, ווען עס מישן זיך ניט אַרײַן די שכיינים. מע האָט קוים, מיט גרויסע צאָרעס, אָפּגעשריִען, אַז מע זאָל אים ניט פאַרנעמען אין געסטאַפּאָ... זי, די „צאַצע״, איז אָבער געווען אַ ראַ, אַ שלעכטס, האָט קיינמאָל ניט געקאָנט מיטפילן יענעם. זי האָט שטענדיק געהאַלטן, אַז זי איז די סאַמע באַאוולטע. און אויך איצט, ווען זי האָט נאָר דערהערט די שווערע מאַנצבלשע טריט אַף די טרעפּ, דעם פורמאַנס שיקערלעך געזאַנג, האָט אין איר איר ווידער גענומען יורין די פאַר־ביטערניש און פאַרסאַמען דאָס בלוט... זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס קומט גאָר דער מיִעסער, אויסגעדייוועטער בראָניען אַזאַ מאַזל; וואָס אַזוינס האָט דער געזונטער מאַנצבל געפונען אין יענער, אַז ער נעמט אײַן פאַר איר די קאַפּאָרע. און זי איז מעקאַנע געווען. זי אַליין האָט אַזוינס קיינמאָל ניט איבערגעלעבט. זי איז שטענדיק געווען אַליין. אין דער פּראָיעקט־ביוראָ, ווו זי האָט געאַרבעט אַלס צייכענערן, האָבן זיך אַלע באַצויגן צו איר ביז גאָר העפלעך. איר ווײַס קאָפּטעלע, דאָס שנירל פּערל, וואָס האָט באַצירט איר פלאַכע ברוסט, די ראָזע נעגעלעך, די דעליקאַטע האַלטונג, אַפילע דער איידעלער דאַנק, וואָס זי פלעגט זאָגן פאַר אַ מינדסטער געפעליקייט, — אַלץ האָט געזאָלט ברענגען דערצו, אַז זי זאָל עמעצן סאָפּקאָלסאָף געפעלן ווערן און אַז עמעצער פון די מיטאַרבעטער זאָל שליסן מיט איר נעענטערע באַקאַנטשאַפט און ווערן איר אַ פרײַנט... נאָר ס׳איז דערפון גאָרנישט ניט ארויסגעקומען. דאָס איידעלע „באַסיאַ יוליעוונאַ״ איז געווען בלויז אַ פרײַז, וואָס מע האָט געצאָלט פאַר איר טאַקטישקייט, פאַר איר טעווע ניט אַרײַנצומישן זיך

אין פרעמדע געשעפטן, ניט צו זײַן ווו צוויי — א דריטע. זי איז געבליבן אליין און אין דער שטיל, פאר זיך, ווי יעדע פרוי, געבענקט נאָך א מאנצבל, נאָך א פּראָסטן, געזונטן מאנצבל, א מאן, וואָס זאָל קומען ארופ־נעמען זי אף די הענט און אוועקטראָגן, וווהין ער זאָל ניט ווען... כאָטש עק וועלט...

די טריט פונעם פורמאַן, זײַן געזאנג, האָט אופגעבויטעט אין באסיען די אלע געדאנקען און געפילן, וואָס זײַנען קומען אהער האָט שטענדיק אין איר דערוועקט. זי איז געוועזן אין קאס, לעמײַ ער גייט אהער, ער קאָן נאָך מיט זיך ברענגען אן אומגליק אף זייערע קעפּ, און זי איז אים גרייט געוועזן צערײַסן...

זי האָט ניט אויסגעהאלטן, די „צאצע", איז דורכגעפלויגן דאָס צי־מער, ווו סימע איז געלעגן, און א פּראָל אוף געגעבן די טיר.

— וואָס גייט ער אהער? — האָט זי געפרעגט עמעצן. — וואָס דארף ער דאָ? ווינציק צאָרעס האָבן מיר געהאט פון „זיי" דאָרטן? זאָל ער גיין פונדאנען!

סימע האָט עס ניט געקאָנט פארלײַדן. אזא מין טרוקענע נעשאָמע! אזוי ניט מיטפילן יענעם... און זי האָט זיך אופגעהויבן, איז ארויסגעקו־מען אף די טרעפּ.

מיט עטלעכע טרעפּלעך העכער פון זייער טיר איז געשטאנען דער פורמאַן. ער האָט געקוקט אף באסיען פארוווּנדערט און צעטומלט.

— גיי! — האָט סימע צו אים געזאָגט. — הער ניט, וואָס זי רעדט, זי קאָן אופעסן א מענטשן...

דער פורמאַן האָט זיך אויסגעדרייט און איז אוועק ארוף. די טרעפּ האָבן געטרישטשעט אונטער זײַנע פיס.

א גאנצן אפדערנאכט האָט שוין סימע זיך ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט. מע האָט געמוזט גיין אף פערעספע, נאָר זי האָט ניט געהאט קיין קויעך עס צו טאָן.

אף מאָרגן האָט זי וועגן אלץ דערציילט כאַימען. אין אים האָט זיך באלד אָנגעצונדן א פײַער. נאָר סימע האָט מיט אים לעכאטכילע אָפּגע־רעדט:

— כאַים, ברודערל, ווילסט מיט מיר גיין, זאָלסטו זיך האַלטן אין די הענט. פון דעם אַליין, וואָס דו וועסט זײַן מיט מיר, וועט מיר שוין זײַן פרייליכער...

און זיי זײַנען צוזאַמען אַוועק צו באַרסוקן...

סימע האָט געוווּסט: דער פּעטער יוינע האָט זײַן גוווּרע איבערגע־געבן די קינדער און פון כאַימס אַ קלאַפּ וועט קיין געזונט ניט צוקומען. דעריבער, ווען זיי האָבן זיך נאָר דערנעענטערט צו זייער געסל, האָט זי אים געוואָרנט:

— איך וועל אַרײַן אין שטוב, און דו וואַרט אַף מיר אין הויף. איך וויל זייער, אַז עס זאָל זײַן שטיל.

— גוט, גוט... — האָט איר כאַים צוגעזאָגט. — איך וועל זײַן אין דרויסן.

פון שטוב איז אַלץ געווען אַרויסגעטראָגן. די צימערן זײַנען געווען אויסגעקאַלכט, די דילן — אויסגעוואַשן, און דערפון האָט זיך סימען אויסגעוויזן, אַז ס'איז יאָ זייער שטוב און ניט זייער שטוב.

באַרסוק איז געזעסן באַם טיש און עפּעס געזוכט אין אַ הויפן אָנ־געוואָרפענע פּאַפּירן. דערזען סימען, האָט ער זיך דערפרייט, איז אַרויס צו איר אינעם פּאָדערצימער.

— נו, וואָס? — האָט ער געפרעגט, ניט האָבנדיק, ווײַזט אויס, קיין געדולד צו וואַרטן, ביז זי אַליין וועט זאָגן, וואָס די מאַמע האָט באַשטימט.

— די מאַמע איז קעגן...

— אַזוי גאָר... — האָט ער אַ מרוקע געטאָן. איז זי געקומען, הייסט עס, אים זאָגן, אַז די מאַמע וויל ניט... נו, פאַרשטייט זיך, די באַלעבאָסטע איז דאָך די מאַמע... נאָר ער האָט געמיינט, אַז זיי וועלן דורכקומען פּאָ־ליובאָוונע... עפּשער איז זיי קנאַפּ דאָס, וואָס ער צאָלט זיי צו... קאָן ער... ער האָט דאָ ניט לאַנג געקויילעט אַ כאַזער, קאָן ער אויך געבן אַ ביסל פלייש... כאָטש דעם עמעס געזאָגט, וואָלט ער זיך אַפילע געקאָנט באַגיין אָן קיין שום דאָקומענטן. ער וווינט אין שטוב. איז ווער וועט עס אים גיין אַרויסטרײַבן? ס'איז מער ניט, וואָס בא אים איז אַזאַ פּאַסקודנער

כאראקטער. ער האָט ליב, אַז אַלץ זאָל זײַן געמאכט אקוראט, טוטעלקא וו טוטעלקו...

— ניין, — ענטפערט סימע, כאָטש ס'איז איר זייער שווער צו ריידן מיט אים. — ניט צוליב דעם אליין איז זי געקומען. זי וויל צונעמען דעם פוטער, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזן. — און זי הייבט אָן צו זוכן מיט די אויגן דעם אַלטן געקאָוועטן קופערט, וואָס איז דאָ פריִער געשטאנען. קיין גרויס גוטס איז דאָרטן ניט געווען, בלויז דעם טאטנס נאָך גאָר א גוטער פוטער, וועלכן זיי האָבן געטראכט איבערנייען פארן שוואָגער, פאר פראַימען. זי זעט, אַז זייער שאפע איז דאָ, דער קײַלעכדיקער טיש — אויך, און דער קאסטן איז ניטאָ.

— וועלכן פוטער?

— דעם טאטנס פוטער. ער איז געווען אין קאסטן.

ער קוקט זי אָן פארכידעשט. ס'איז דאָ קיין שום קאסטן ניט געווען. ער לייקנט ניט, די שאפע זייערע איז דאָ, דער טיש אויך... נאָר זאכן, פוטערס... דאָס הערט ער דאָס ערשטע מאָל. ער ווייסט ניט, פון וואָס צו זאָגן.

פאר סימען איז עס קיין נײַס ניט. זי האָט זיך שוין געריכט אף דעם, נאָר פונדעסטוועגן כאפּט זיך איר אַרײַן א שוואכקײַט אין די קני, זי מוז זיך אראָפּלאָזן אף א שטול, זי זיצט אפן ברעג שטול, ווי ניט קיין אָנגע־לייגטער גאסט...

— יעגאָר איוואניטש, — מאכט זי צו אים, און מע זעט, אַז זי וואָלט זייער שטארק וועלן, דאָס אַלץ זאָל זיך פארוואנדלען אין א שפּיל. — ס'איז מיר אומעגלעך זיך פאַרצושטעלן, אַז איר זאָלט וועלן פארלייקענען פרעמדע זאכן... איך וועל באלד ארײַנרופן א שכיינע, וועט זי אײַך אויך זאָגן, אַז אָט דאָ איז געשטאנען בא אונדז א קאסטן, מיט בלעך באקלאפּט, און אין קאסטן איז געווען דער פוטער.

סימע לויפט ארויס פון שטוב נאָך פעניען. דערזען, ווי שטארק זי איז צעררודערט, גייט כאַים אויך ארויס פון הויף. דאָס נוצט אויס באר־סוק, ער פארשפּארט די פאָרטקע. מער וועט ער קיינעם ניט ארײַנלאָזן...

פעניע האַלט ניט אויס אזא אומרעכט און הייבט אָן פויקן מיט די

פויסטן אין טויער. זי שרײַט איבער דער גאנצער גאַס. זי רופט בארסוקן אָן „גראַביטעלע! „זשיוואָדיאָר!"[1]. „איך לאַך, — זאָגט זי, — פון אים. איך האָב פאַר אים קיין מוירע ניט..."

כאַים טראָגט זיך אום הין־און־צוריק לעבן טויער. ער נעמט זיך אָן פאַר די שפּיצן פונעם פּלויט און וויל אים אריבערשפּרינגען, זיך ארײַנ־רײַסן אין שטוב. נאָר סימע איז שוין ניט גערן, וואָס זי האָט אים מיט־גענומען. זי הענגט זיך אָן אַף אים און לאָזט עס ניט טאָן. זי בעט זיך בא אים, זיי זאָלן אוועקגיין פונדאַנען. זי דאַרף שוין ניט קיין קאַסטנס. זי דאַרף שוין ניט קיין פּוטערס. זי ווייסט נאָר, אז בא איר איז געוואָרן א נײַער ריס אין הארצן... פון הײַנט אָן וועט שוין בארסוק קיינעם ניט ארײַנלאָזן צו זיך אין הויף, און ס'איז פאַרפאַלן דער גאָרטן מיטן לעצטן ביסל שטיצע, וואָס זיי האָבן פון אים געקאָנט האָבן.

פעניע טײַנעט גראָד:

— קום צו גיין און גראָב קאַרטאָפל. ס'איז דײַנס. האָב קיין מוירע ניט. זאָל ער נאָר פּרוּוון ניט לאָזן... איך וועל אים באַווײַזן, וואָס גוטע שכיינים זײַנען...

נאָר סימע ווייסט, אז דאָס זײַנען אַלץ פּוסטע רייד. פעניע וועט טאָקע ניט שווײַגן. נאָר וואָס איז די פּועלע?

כאַים קאָן זיך ניט בארויִקן. ער דראָעט מיט א פויסט צו דער שטוב.

— נישקאָשע, — שרײַט ער, — עס וועט נאָך קומען א צײַט, מיר וועלן פאַר אַלץ באַצאָלן. א מינוט פאַרן טויט וועלן איך זיך אָפּרעכענען מיט דיר.

## 4

אין דער זעלבער צײַט, ווען סימע מיט כאַימען האָבן זיך געלאָזט צוריק אין געטאָ, האָט זיך צו דער שטאָט דערנעענטערט א פור, מיט וועלכער עס האָט זיך אומגעקערט אהיים סימעס שוועסטער — עסטער.

---

[1] רויבער, הינטשלעגער.

געוועזן איז זי ניט אַליין. מיט איר איז געפֿאָרן דער באַלעבאָס פֿון דער שטוב, וווהין דער אומגליק אָדער דאָס גליק, זי ווייסט ניט וואָס פֿריִער, האָט זי פֿאַרוואָרפֿן און ווו זי האָט געבוירן דאָס קינד. א מענטש, נאָך ווײַט ניט קיין זאָקן און גאָר ניט אזא קאַפּצן, ווי ער האָט זיך גע־וואָלט אַרויסשטעלן פֿאַר די דײַטשן, האָט דער פֿויער זיך אַליין פֿאַרפּוצט אין אזא הוילעך, נאָר איבער די הײַזער אַרומצוגיין, און האָט אויך דאָס ווײַס־פּאָפּעליאַטע פֿערדל זײַנס אַזוי צוגעקליבן. א סוואָרע, ער האָט עס בעקיוון מיט עפּעס אויסגעשמירט, אַז עס זאָל אויסזען פֿאַרשיווע און קרעציק.

דעם גאַנצן וועג זײַנען זיי, עסטער מיטן קינד אויף די הענט און דער פֿויער, וואָס איז געזעסן מיט א זײַט צו איר, די פּיס אַראָפּגעהאַנגען פֿו־נעם וואָגן, געפֿאָרן שווײַגנדיק.

אין זייער שווײַגן האָט זיך געפֿילט, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן געהאַט צו זאָגן איינער דעם אַנדערן, האָבן זיי שוין געזאָגט, און מער איז ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן. טיילמאָל נאָר, ווען דאָס ווײַבל האָט עס ניט באַ־מערקט, האָט דער פֿויער געוואָרפֿן אויף איר שטיל־טאַרומעסדיקע בליקן, גלײַך ער וואָלט עפּעס באַדויערט אָדער געוועזן אַפֿילע אויף איר עטוואָס באַרויגעזלעך.

נאָר אָט האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אַז זי קוקט אויף אים, האָט ער א טרײַב געגעבן דאָס פֿערד, גלײַך ער ווייסט גאָרניט פֿון וואָס צו זאָגן, און האָט זיך אין דער שטיל, פֿאַר זיך, צעזיפֿצט מיט א מין „עך־כע־כע" פֿון א פֿאָטער, ווען ער זעט, ווי זײַנע קינדער פֿאָלגן אים ניט און ער איז שוין צו אַלט און קראַנק אויף אויסצופֿירן בא זיי עפּעס... דאָס פֿערדל, אין איינע פֿלעקן, ווי צונויפֿגעשטוקעוועט פֿון פֿאַרשיידנערליי לאַטעס, איז זיך פֿאַמעלעך געלאָפֿן, אונטערוואַרפֿנדיק אויף זיך דעם לויזן קאַפּצאָנישן שפּאַן מיט דער קרום אײַנגעשפּאַנטער דוהע און פֿראַלנדיק מיט די אויערן יעדעס מאָל, ווען עס זײַנען אַנטקעגנגעקומען מאַשינעס מיט דײַטשן און מע האָט געדאַרפֿט בלײַבן שטיין, קעדיי זיי דורכלאָזן.

הינטן, פֿון ביידע זײַטן וועג, זײַנען געבליבן פֿעלדער מיט צעטראָ־טענער טוווע, מיט גריבער פֿון אופֿגעריסענע באָמבעס; ווו־ניט־ווו האָט

צווישן קופּעס ערד אַרויסגעשטעקט אַ לאַנגע רער פון אַ האַרמאַט. עס האָבן זיך געוואַלגערט צעהאַקטע טאַנקען, איבערגעקערטע און פאַר־ברענטע מאַשינעס. עס האָט זיך געדוכט, אַז די לופט שמעקט נאָך ביז איצט מיט פּולווער און געברענט אײַזן.

אַזוי זײַנען זיי געפאָרן, ביז מע איז ניט צוגעקומען נעענטער צו דער שטאָט. דער פויער האָט אָנגעצויגן די לייצעס, דאָס פערד זאָל גיין פּאַ־מעלעכער. ער האָט אָנגעקוקט דאָס יונגע ווײַבל. אַ בלאַסע, אַ דורכזיכ־טיקע, אַליין נאָך גאָר אַ קינד, איז זי געזעסן מיטן אײפּעלע אויף די הענט, אָנגעטאָן אין אַ מענערשן פּידזשאַקל, וואָס מע האָט איר געשענקט אין דאָרף, און האָט זיך געוויגט און געטרייסלט בײַ יעדן קער פון וואָגן.

— נו... — האָט דער פויער געזאָגט און זיך צעהוסט. — עפּשער וואָלסטו פונדעסטוועגן געפּאָלגט אַן עלטערן פון זיך, האַ? און מיר וואָלטן פאַרקערעוועט צוריק?

עסטער האָט אַ דריי געגעבן מיטן קאָפּ אויף ניין.

דער פויער האָט אַ טרײַב געטאָן דאָס פערד. זיי זײַנען נאָך אַ ביסל דורכגעפאָרן מיטן אַספאַלט.

— נו, ווער, זאָג מיר, טוט עס אַזוי? — האָט דער פויער געפרעגט מיט האַרץ. — ווער עס קאָן נאָר, אַנטלויפט פון שטאָט, און דו, מיט אַ ברעקל אויף די הענט, פאָרסט צוריק, ס'איז אַ נאַרישקײַט גאָר געוועזן, וואָס איך האָב דיר נאָכגעגעבן...

ער האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד: ווײַטער פאָרן האָט ער מורא. ער האָט זיך גענומען אײַסעקן אַרום דעם כאָמוט.

עסטער איז אַראָפּ פונעם וואָגן און מיטן קינד אויף די הענט צוגעגאַנ־גען צום אַלטן:

— נו, זיידע, פאַרבלײַב געזונט...

אַ באַרויִגעזער אויף איר פאַרן אָקשענען זיך, האָט ער ניט געוואָלט דערלאַנגען די האַנט און בלויז אָפּגעענטפערט:

— גיי געזונט...

— אַ דאַנק אײַך פאַר אַלץ... ווי לאַנג איך וועל לעבן, וועל איך אײַך ניט פאַרגעסן...

דער אַלטער האָט כמורנע אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט, ווי אײנער זאָגט: „גײ, נאַרישע, וועד באַדאַרף דײַן דאַנק?״

— איר וועט אַמאָל עפּשער זײַן אין שטאָט, קומט אַרײַן. איך בעט אײַך זײער. איר וועט בא אונדז זײַן אַן אָנגעלײגטער גאַסט. דעם אַדרעס אונדזערן האָב איך אײַך איבערגעלאָזט. אױף פּערעספּע וועט אײַך יעדעס קינד װײַזן, װוּ מיר װױנען.

— גוט, גוט, כ׳וועל קומען, — האָט דער אַלטער געענטפערט.

דאָס קינד האָט אָנגעהויבן װײנען. זי האָט עס גענומען אונטערשאָקלען. אין אירע אױגן זײַנען געשטאַנען טרערן.

— און טאָמער וועט דיר זײַן שמאָל... — האָט ער צוגעגעבן, — װײסטו דעם וועג צו אונדז. טראַכט ניט לאַנג און קום צו גײן.

— אַ דאַנק, זײדע... אַ דאַנק פאַר אַלץ...

— גײ געזונט...

עפּעס אַ פּעקעלע, אײַנגעבונדן אין אַ טיכל, איז געבליבן ליגן אױפן װאָגן. דער אַלטער האָט עס דערזען.

— נו, נו! — האָט ער זיך אױף עסטערן פאַרמאָסטן מיטן בײַטש־שטעקל. — איך האָב פײַנט פוילע שטיק.

— אַז איך דאַרף עס ניט... אָט בין איך שוין אין דער הײם...

ער האָט אָבער איר אָנגעטאָן דאָס פּעקעלע אױף דער האַנט, און זי האָט זיך אַװעקגעלאָזט מיט דער גאַס. דער אַלטער האָט אױסגעקערעװעט דאָס פערד און איז אַװעקגעפאָרן צוריק אַהײם...

„נו, בעעמעס, װיאַזוי האָט זי געקאָנט איבערבלײַבן אין דער פרעמד מיט אַ פּיצל קינד, װאָס מע דאַרף אַלע װײַלע אָט באָדן, אָט האָדעװען״, — האָט עסטער געטראַכט, גײענדיק, װי זי װאָלט זיך געדאַרפט פאַר עמעצן פאַרענטפערן. די, בא װעמען זי איז געװען, זײַנען טאַקע װוילע מענטשן. זײ האָבן געטאָן פאַר איר אַזױנס, װאָס ניט יעדע טאַטע־מאַמע טוען עס פאַר זײערע קינדער. און דאָך... דעריקער איז דאָך, עפּשער איז פראַים דאָ... סאַראַ פרײד װעט עס זײַן, סאַראַ סימכע, װען ער װעט זי דערזען מיטן קינד... „זע נאָר, פראַים, זאָגסט, עס איז ניט געראָטן אין דיר?

גיי, שוין, גיי. טו נאָר א קוק דאָס נעזל... היינט די אייגעלעך. ס'גיט א מאך מיט די ליפּלעך, זאָל פעלן א האָר, דו מיט אַלע פּישטשעווקעס"...

אָט איז שוין געבליבן אין א זייט דאָס יישעוול אף פּושקינס נאָמען, זי גייט דורך קאָמאראָווקע, פארביי דעם מארק און דער טראמוויי־דעפּאָ. ביז פערעספּע איז ווייט. דאָס קינד רייסט איר אָפּ די הענט. און זי האָט זיך אלץ אָפּטער אָנגעהויבן צוזעצן אָפּרוען...

מענטשן זיינען געגאנגען פארביי און געוואָרפן אף איר בליקן. דייטשן זיינען פארבייגעפאָרן און האָבן געלאכט פון עפּעס. זי האָט אף קיינעם ניט געקוקט. איר איז קיין זאך ניט אָנגעגאנגען. זי האָט געהאט א ווארעם פּיצעלע בא דער ברוסט. עס איז געשלאָפן און גע־מאכט מעכייעדיקע טנועס מיט די ליפּלעך. און זי האָט עס געטוליעט צום הארצן פעסטער און פעסטער... ס'איז געווען איר אייגנס, א קאָפּיע פון פראָימען... און וואָס גייען איר אָן דייטשן, וועלכע קייכן פון געלעכ־טער, בייס זי זיצט אף א קופּע ציגלברוך מיט איר בעקל, וואָס זי האָט געבוירן אין דער פרעמד? זי ווייסט, אז עס איז שלעכט. זי ווייסט, אז אף קיין גוטס איז ניטאָ וואָס צו ווארטן, ביז די רויטע ארמיי וועט ניט קומען צוריק. נאָר זי האָט א בעקעלע און ס'איז איר גוט און וויל. עס היילט איר אלע ווונדן. דערהויפּט, זאָל זי נאָר טרעפן פראָימען אין דער היים, און מער דארף זי גאָרניט. פראָים זאָל נאָר זיין דאָ, ער זאָל זען, סארא בריליאנט א מיידעלע זי האָט אים געבוירן...

בייס זי איז צוגעגאנגען צום אָפּערע־טעאטער, האָט זיך דאָס קינד צעוויינט. עסטער האָט זיך אראָפּגעלאָזט אף איינער פון די ריזיקע טרעפּ, געבן דעם זויגן. די ברוסט האָט איר וויי געטאָן, און יעדער צוריר פון די ווארעמע קינדערשע יאסלעס האָט פארשאפן ליידן. „מאַ־מע מיינע! — האָט זי אויסגעשריען צום קינד. — וואָס טוסטו מיט מיר?" און זי האָט אופגעהויבן אירע אויגן, אין וועלכע ס'איז געווען אויסגעמישט אי נאכעס אי פּיין, און זיך ארומגעקוקט, ווי זי וואָלט דערווארט פון עמעצן הילף... נאָר אף וויפל דאָס אויג האָט פארכאפּט, איז אלץ געווען כאָרעוו. ניט קיין הייזער, ניט קיין פארקנס, בלויז אָנ־געוואלגערטע הליבעס האָבן זיך געהויכט ארום־און־ארום. פונדערווייטן

האָט זיך געזעגן דער טײַך מיט דער צעבראָכענער בריק, מיטן פּאַרק אויף יענער זײַט... פון דער וויסטעניש אַרום האָט זיך אין איר עפּעס אָפּגעריסן. ס'האָט זיך איר פאַרגלוסט וויינען... זי אַליין מיטן קינד אויף די הענט האָט אויסגעזעגן אַזוי קליין און אומבאַהאָלפן קעגן דעם, וואָס זי האָט דערזען פאַר זיך... זי האָט אָבער צו זיך קיין טרערן ניט צוגעלאָזט. ביין און ביין. זי וועט אַלץ איבערטראָגן, אַבי איר פּראָים, איר נאַריש יינגעלע, זאָל זײַן דאָ. זי טאָר ניט וויינען, זי טאָר ניט זינדיקן. אַנדערע זײַנען שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ. און זי לעבט... וויפל מענטשן זײַנען אומגעקומען פאַר אירע אויגן! נאָר פּראָים זאָל דאָ זײַן, מער דאַרף זי גאָרניט...

זי גייט פאַרבײַ דעם ביר־זאַוואָד. שטיל איז אין גאַס, די שויבן זײַנען באַקלעפּט מיט פּאַסן פּאַפּיר. מע הערט ניט קיין קינד שרײַען, קיין הונט בילן. אַלץ איז אײַנגעזונקען אין טרויער און פּאַכעד...

אָט איז שוין זייער געסל. דאָס האַרץ הייבט איר אָן גיך פּויקן. די מאַמע קאָן זיך שוין מיסטאַמע ניט דערוואַרטן אויף איר. טשיקאַווע, וואָס פאַרא אויגן וועלן בא דער מאַמען ווערן, ווען זי וועט זי דערזען מיטן קינד?

זי גייט פאַרבײַ רודאָוויטשעס שטוב. די פענצטער בא זיי זײַנען אָפן. מע הערט דאָרט עמעצן ריידן. נאָר עסטער שטעלט זיך ניט אָפּ. שפּעטער וועט זי צו זיי אַרײַן. איצט האָט זי ניט קיין צײַט. גיכער אַהיים. מע זאָל זי שוין דערזען. נאָר ווי אַפּצולאָכעס איז די פאָרטקע פאַרשפּאַרט. זי הייבט אָן קלאַפּן אומגעדולדיק און צעהיצט.

— מאַמע, סימע, עפנט! דאָס בין איך, עסטער!

פון הינטערן פאָרהענגל אַפן פענצטער קוקט עמעץ אַרויס. נאָר קיינער אײַלט זיך ניט עפענען.

זי קלאַפּט נאָך שטאַרקער. וואָס זײַנען זיי, מעשוגע, צי וואָס? זיי הערן ניט, ווי מע קלאַפּט? מע האָט זיך פאַרשפּאַרט אין שטוב, און מעגסט דאָ קלאַפּן און פּויקן, הערט מען ניט. און עפּשער האָט גאָר עפּעס פּאַסירט, און זיי האָבן מוירע עפענען?

— מאמע, מאמע! — שרײַט זי שוין אויס, באהערשט פון א שווער פֿאַרגעפֿיל.

נאָר אָט גייט, דוכט זיך, עמעץ איבערן הויף. זי באמערקט א פרעמדן מאנצבל. וואָס טוט ער דאָ? ערשט איצט דערזעט זי דורך א שפּארונע פונעם פּלויט, אז די טיר איז אָפן. אין הויף, באם גאנעק, שטייען פארשיידענע שטיקלעך מעבל. מע ראמט אין שטוב, מע קאלכט, זעט אויס. אָט קומט אויך ארויס א פרוי. דער קאָפּ איז בא איר פאר־בונדן. דאָס כאלאטל אירס איז אײַנגעשפּריצט אין קאלך. זי שאפט זיך דאָ, ווי א באלעבאָסטע. און עסטערן פאלט אײַן דאָס הארץ. ווו איז די מאמע? ווו איז סימע? צי לעבן זיי כאָטש? .

דער מאנצבל עפנט די פֿאָרטקע. זי וויל ארײַן אין הויף. ער לאָזט ניט, ער איז אין קאס, לעמיי זי האָט געקלאפּט.

— דאָס איז אונדזער שטוב, — זאָגט עסטער. — ווו איז מײַן מוטער? מײַן שוועסטער? איר קענט מיר ניט זאָגן?

בארסוק האקט זי אָפּ: ער ווייסט ניט פון קיין מוטער און פון קיין שוועסטער. דאָ וווינט איצט ער. ער מיט זײַן מישפּאָכע... און זאָל מען אים אופהערן דולן א קאָפּ.

ער פארשפּארט צוריק די פֿאָרטקע, און עסטער בלײַבט ווי פאר־שטיינערט. זי ווייסט ניט, וואָס זי האָט ווײַטער צו טאָן.

אף עסטערס קלאפּן איז פעניע ארויסגעקומען. דערזען די שכיינע, ווייסט שוין עסטער ניט אפילע וואָס צו פרעגן. זי איז דערשלאָגן, צעטומלט, האלט זיך פארן שלייף מיט איין האנט, גלײַך אין מויעך בא איר וואָלט זיך אלץ איבערגעדרייט און זי וואָלט דערפילט א גוואל־דיקן קאָפּווייטעק...

פעניע שיקט קאָליען ווײַזן עסטערן, ווו איר מישפּאָכע וווינט איצט. דאָס יינגל איז גערן, וואָס ער קאָן זיך אראָפּכאפּן צו זײַן כא־ווער, צו מישקען. ער איז שוין אין געטאָ עטלעכע מאָל געוועזן. ער נעמט בא עסטערן דאָס פעקעלע. ערשט איצט באשטימט עסטער א פרעג געבן, צי פעניע ווייסט ניט — פראָיִם איז אין דער היים? קיין

ענטפּער דערוואַרט זי שוין ניט; וואָס יענע וועט איר זאָגן, זעט זי אָן איר פּאָנעם.

דאָס שטיק וועג, וואָס איר קומט אויס דורכצומאַכן דערנאָך ביז זאַמקאָווע, גייט עסטער מיט די לעצטע קויכעס. עס זעט איר אויס אומגעהייער לאַנג. יעדע ווײַלע זעצט זי זיך אַוועק אָפּרוען. איר דוכט, אַז דער וועג וועט זיך גאָר קיינמאָל ניט ענדיקן.

נאָך סימעס קומען אַהיים זײַנען דאָ אַלע געווען אויפגעטראָגן און צערודערט פון דער מײַסע מיט באַרסוקן. דער פעטער יוינע, טאָמיד אַ קאַלטער לונג־און־לעבער, איז דאָס מאָל אויך געווען אויסער־זיך. אַן אויפגערודערטער, איז ער אַלץ געשטאַנען באַם פענצטער אַף די טרעפּ און גערייכערט אַ ציגאַר נאָך אַ ציגאַר. ער האָט דער ערשטער דערזען גיין קאַלקען אַף די טרעפּ און נאָך אים עסטערן מיטן קינד אַף די הענט, האָט ער שוין ניט דערלאָזט, אַז עמעצער זאָל אים פאַר־לויפן דעם וועג. ער האָט אָן עפּן געגעבן די טיר און אָנגעזאָגט די בסורע:

— באַגעגנט אַ גאַסט. עסטער גייט.

אין שטוב איז געוואָרן אַ טומל.

עסטער איז געווען אָן קויעך. זי האָט בלויז אַ זאָג געגעבן:

— נעמט צו ס׳קינד... — און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן ערשטן שטול, וואָס זי האָט דערזען.

אַ פּאָר רעגעס איז זי געזעסן אַזוי מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט צו דער ערד, ווי אַ געכאַלעשטע, כאָטש דאָס פּאָנעם האָט איר געפלאַמט. עמעצער האָט איר דערלאַנגט אַ טרונק וואַסער. אַ צווייטער האָט פון איר אַראָפּגענומען דאָס רעקל. זי האָט געלאָזט טאָן מיט זיך, וואָס מע האָט געוואָלט.

דערנאָך האָט זי אַריבערגעפירט דעם בליק פון דער מאַמען אַף סימען און געפרעגט:

— איר קאָנט מיר ניט זאָגן, ווו איז פראָיִם?

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן.

— ווייסט איר, הייסט עס, אויך גאָרנישט?

ערשט איצט האָט סימע געגומען דערציילן, וויאַזוי זי האָט פּראָ־בירט אומעטום געזוכט. דערבײַ האָט זיך איר געגומען דוכטן, אַז דער פֿאַר, וואָס פּראַבּים איז ניט איר מאַן, האָט זי ניט אַלץ געטאָן, וואָס מע האָט געדאַרפֿט, קעדיי אים צו געפֿינען. זי האָט זיך דערפֿילט שולדיק קעגן עסטערן און זיך שטיל צעוויינט...

# קאַפּיטל אַכט

## 1

אומזיסט האָט סימע זיך געמאַכט שולדיק דערין, וואָס זי האָט ניט אָפּגעזוכט פּראַבּימען. וואָרעם ווען זי זאָל אים שוין אַפֿילע געווען נאָך און זוכן, וואָלט זי אים סײַוויסײַ ניט געפֿינען. פּאָשעט דערפֿאַר, ווײַל ער איז שוין אין לאַגער ניט געווען, ווײַל מיט אַ טאָג פֿריִער האָט מען אים, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע ייִדן, צוגענומען פֿון דאָרטן און אַוועקגעשיקט אַרבעטן אין איינעם אַ טאָרף־זאַוואָד ערגעץ לעבן קרייסק.

פֿאַרגעקומען איז עס פּאָשעט: עס זײַנען געקומען דײַטשן, אַ נעם אַרויס געטאָן פֿון דעם האַמוין אַ טייל ייִדן, ווי מע כאַפּט אַרויס מיט אַ נעץ פֿיש פֿון יאַם, און צווישן אַלע אַנדערע איז אויך פּראַבּים אַרײַנגעפֿאַלן. פֿאָרנדיק אַף דער מאַשין, האָט ער זיך אויפֿגעפֿירט, ווי אַן אומדערפֿאַרן ייִנגל. כאָטש מיט זיי איז געווען אַ באַוואָפֿנטע וואַך, און ער האָט געוווּסט, אַז קוים פּרוּווט ער עפּעס טאָן, וועט זײַן צו אים אָך־און־וויי, איז ער דאָך, באַלד ווי די מאַשינעס זײַנען איינע נאָך דער אַנדערער אַרויסגעפֿאָרן פֿון שטאָט, אַראָפּגעשפּרונגען און זיך געלאָזט לויפֿן צום פֿעלד, ווו עס איז געוואַקסן האָבער. ווען מע האָט אים געכאַפּט, גענומען שלאָגן און עס האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז עמעצער פֿון

די דײַטשן זאָל אים שיסן, האָט ער אַלץ ניט אויפגעהערט צו איבערכאַ־זערן פאַר זיך, אַז סײַוויסײַ וועט ער אַנטלויפן, עס וועט אים קיין זאַך ניט אײַנהאַלטן. ער האָט עס געטײַנעט, ווען בלויז האָט פאַרגאָסן זײַן פּאָנעם און די האָר אויפן שטערן האָבן זיך צונויפגעקלעפּט. ער האָט עס אויך איבערגעכאַזערט אַפילו דעמאָלט, ווען מע האָט אים, ווי אַ זאַק מעל, אַרופגעשלײַדערט אויף דער מאַשין און ער איז געבליבן ליגן אַ האַלב־טויטער.

די ייִדן האָבן ניט געזען, וווּהין מע פירט זיי. ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט, דערצו נאָך האָט מען דעם איבעריקן טייל וועג שוין מער דעם קאָפּ ניט געלאָזט אויפהייבן. מע האָט זיי געצוווּנגען ליגן אין די מאַשינעס, ווי געבונדענע שאָף, איינער אויפן אַנדערן. מע האָט זיי גע־פירט ערגעץ איבער אַ זומפּיקער הרעבליע, ווו עס זײַנען געזונקען די רעדער. עס איז געווען נעפּלדיק און פײַכט אַזוי, אַז פאַר קעלט האָט געגרוילט דאָס לײַב.

ווען מע האָט זיי געבראַכט צו פירן צום אָרט, האָט מען זיי פאַר־טריבן אין אַ לאַנגן, פּוסטן באַראַק מיט קליינע פענצטערלעך באַם באַלקן און פאַרהאַקט די שווערע, ברייטע טויערן. וואָס וועט זײַן מאָרגן, האָט קיינער ניט געוווּסט. דערווײַל איז דאָ אָבער געווען שטיל, קיינער איז איבער זיי ניט געשטאַנען, ניט געשריִען און ניט געשלאָגן; ס'איז געווען ווו זיך אָנועקצולייגן און אויסרוען אַ האָר די מידע ביינער. און קוים האָט פּראָים דערטאַפּט אין דער פינצטער נאַ־רעס, באַדעקטע מיט שטרוי, איז ער אומגעפאַלן און טייקעף אײַנגעג־זונקען אין שווערן שלאָף.

און אַזוי עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד: ווי נאָר מע פלעגט זיי ברענ־גען פון דער אַרבעט, אַזוי גלײַך איז פּראָים אַרופגעקראָכן אויף דער נאַרע און איז אײַנגעשלאָפן. געפילט האָט ער, אַז וואָס לענגער ער שלאָפט, וואָס טיפער דער שלאָף איז, אַלץ מער באַפרײַט ער זיך פון דעם טשאַד, וואָס האָט אים ביז איצט פאַרסאַמט דעם מויעך און גע־צוווּנגען טאָן אַלץ, ווי אין היץ, מער מיטן אינסטינקט, איידער מיטן קאָפּ, מיטן סייכל... פאַרשטאַנען האָט ער, אַז וואָס־וואָס, נאָר קויכעס

וועט ער דארפֿן א סאך, ווײַל דאָס, וואָס ער לעבט איצט איבער, איז בלויז אַן אָנהייב, און ער האָט זיך באמיט א ביסל קומען צו־זיך...

אין שלאָף האָט ער באַנײַס איבערגעלעבט די בייזע וואָר. ער האָט געזען, ווי מע גיט ארויס אין גרויס אײַלעניש ביקסן און קוילן די קור־סאנטן פֿון דער מיליטערישער שול און ווי זיי פֿליִען ערגעץ אויף מאַ־שינעס בארג־ארויף, איבער טיפֿן זאמד, ווו עס זײַנען געוואקסן שיטערע סאָסנעס און דער הימל צווישן די צווײַגן איז געווען אזוי העל־בלוי און לויטער, אזש עס האָט זיך גאָר ניט געגלייבט, אז ערגעץ באַענט שפּאנט שוין אום די מילכאָמע און עס ווערט פֿארגאָסן מענטשלעך בלוט...

פֿראָיִם האָט זיך געזען לויפֿן אהיים, באלד נאָך דעם, ווי זייער טייל איז צעקלאפּט געוואָרן און מע האָט זיך געלאָזט ווער־וווהין. ער האָט באַנײַס איבערגעלעבט דעם שוידער פֿון יענע ערשטע טעג, ווען מע האָט אים פֿארהאלטן און געבראכט אין לאגער. ער האָט ניט גע־דענקט, וויפֿל טעג איז ער געווען אין וועג, צוויי, דרײַ אָדער מער... ער האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס ער האָט געלעבט און וואָס אזוינס האָט אים געגעבן קויכעס לויפֿן ווײַטער. ער האָט בלויז געדענקט, ווי ער האָט אַלץ ארויסגעקוקט, צי וועט ער אמאָל ניט דערזען עסטערן צווישן די פּרויען, וועלכע האָבן זיך אים באגעגנט.

אין איינער פֿון די נעכט האָט זיך פֿראָיִמען געכאָלעמט עסטער. ער האָט זיך דערמאָנט, אין וואָס פֿאר א לאגע ער האָט זי איבערגע־לאָזט, און אים איז שרעקלעך געוואָרן. ער איז אראָפּגעקראָכן פֿון דער נארע, צוגעקומען צום טויער פֿונעם באראק און, זיך אָנגענומען מיט ביידע הענט פֿאר די ברעטער, צווישן וועלכע עס האָט זיך געזען די שטילע נאכט, דער אויסגעשטערנטער הימל, געבליבן אזוי שטיין. געזונט איז ער. ער פֿארמאָגט אין זיך נאָך גענוג קויכעס. ער האָט אָבער ניט געוווּסט, פֿון וואָס הייבט מען אָן, וויִאזוי מע רײַסט זיך ארויס פֿונדאנען.

ער איז געווען א יאָסעם, האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אָן טאטע־מאמע. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס אזוינס הייסט ליבע פֿון א מוטער, אָבער פֿון קיין נויט און הונגער האָט ער אויך ניט געוווּסט. געקעכלט

האָט מען אים ניט, און קיינער איז ניט געשטאַנען איבער זײַן בעט און געהיט זײַן שלאָף, אָבער קיינער האָט אים קיינמאָל ניט באַוואָלט און ניט אָנגערירט מיט קיין פֿינגער.

ער איז געוואַקסן אין אַ קינדערהיים. קוים באַוויזן ענדיקן די פֿאָלקשול, אָפּאַרבעטן אַ שטיקל צײַט אין זאַוואָד, איז ער באַלד אָנגעקומען אין דער מיליטער־שול. דער איבערגאַנג פֿון איין לעבנס־עטאַפּ צום אַנדערן איז געווען אַזוי לײַכט און נאַטירלעך, ווי דאָס וואָלט אַלץ באַשטימט געוואָרן פֿון פֿריִער. עמעצער איז געגאַנגען, עמעצער האָט זיך פֿאַר אים געזאָרגט, און ער איז געקומען אָף אַלעם פֿאַרטיקן...

אים איז גענוג געווען, וואָס אין זאַוואָד האָבן אים אַלע ליב געהאַט, וואָס אין דער מיליטער־שול זײַנען די קאָמאַנדירן געווען פֿון אים צופֿרידן, וואָס ער פֿאַרמאָגט אַ יונג, שיין ווײַבל, וועלכע איז אים אײַנגעבאַקן אין האַרצן אַזוי, אַז ביז ער איז ניט געקומען אַהיים און זי ניט דערזען, איז אים צען מאָל אַ טאָג די נשמה אויסגעגאַנגען. ווען ער האָט געהאַט אַ שטיקל פֿרײַע צײַט, איז ער געלאָפֿן מיט איר צוזאַמען אַפֿן סטאַדיאָן זען, ווי מע שפּילט אין פֿוטבאָל, — שיר ניט אַ כּלאַס אַזאַ געווען בא אים, וואָס איז אים איבערגעבליבן נאָך פֿונעם קינדערהיים. ווען עס פֿלעגט קומען צו אַ מיספֿאַרשטייעניש צווישן די שפּילער און ווען אים פֿלעגט זיך אָפּדוכטן, אַז מע האָט באַוואָלט די קאָמאַנדע, פֿאַר וועלכער ער האָט געוויטעקט און געקרענקט, האָט ער זיך געהיצט ווי אַ ייִנגל.

אָן פּניִעס און כּקירעס האָט ער ליב געהאַט דאָס לעבן אַזאַ ווי עס איז: דאָס ווײַב, די שוויגער, די שוועגערן, די שטוב זייערע, ווו מע האָט אים אַרײַנגענומען, ווי אַ בען־באַיִס, באַלד ווי ער האָט זיך באַקענט מיט עסטערן. ער האָט דאָס אַלץ ליב געהאַט אַזוי, ווי עס קאָן נאָר ליב האָבן אַ מענטש, וואָס האָט פֿון קינדווײַז אָן ניט געוווּסט פֿון קיין היים און טאָמיד ניט אויפֿגעהערט צו בענקען סײַ נאָך דעם פֿאָטערס שטוב, וואָס ער האָט קוים געדענקט, און סײַ נאָך טאַטע־מאַמע, וועמעס אָנדענק איז מיט דער צײַט אַלץ צעשוווּמענער און בלאַסער געוואָרן.

ער האָט געהאַט אַ גאַז־מאַסקע, האָט ער זי פֿון צײַט צו צײַט אַנגעטאָן, קעדײַ אויספּרוּוון, ווי לאַנג ער וועט קאָנען גיין אין איר. ער איז געגאַנגען אין מאַרשן אַ סאַך פֿריִער, איידער ער איז אַוועק דינען אין דער רויטער אַרמיי, און נאָך פֿריִער, איידער דאָס האָט זיך פֿון אים געפֿאָדערט, האָט ער באַהערשט די קונסט צו באַגיין זיך מיט געווער. דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, האָט געהייסן: פֿעסטיקן די שוצפֿײַיִקייט פֿון לאַנד, און אַז דאָס לאַנד זאָל זײַן פֿעסט, — דאָס האָט ער געוואָלט מיטן גאַנצן האַרצן. דערפֿון, האָט ער געוווּסט, איז אָפּהענגיק זײַן לעבן, דאָס לעבן פֿון זײַן פֿרוי, פֿון זײַנע כאַווײרים, פֿון אַלץ, וואָס איז אים ליב און טײַער.

ווען מע פֿרעגט אים: „פֿראָיִם, דו ביסט צופֿרידן מיט דײַן לעבן? דיר איז גוט?", וואָלט ער זיכער זיך פֿאַרכידעשט, לעמײַ מע פֿרעגט אים גאָר אַזוינס, און וואָלט געענטפֿערט מיט אַ שמייכל:

— ווי זשע דען?

ווען ער האָט זיך אַמאָל אַראָפּגעכאַפּט פֿון דער מיליטער־שול אַהיים אויף אַ טאָג־צוויי און אַרומגענומען זײַן יונג ווײַבל, האָט ער געשפּירט, ווי טיף אין איר צאַפּלט אַ נײַ לעבן. אים האָט זיך זייער געוואָלט וויסן, ווער וועט זײַן דאָס קינד — אַ מיידעלע צי אַ ייִנגעלע. ער האָט זיך אָבער ניט פֿאַרטראַכט איבער דעם, וואָס עס קאָן דער־וואַרטן זײַן קינד אויף דער וועלט...

פֿאַרטאָג, ווען עס האָבן אָנגעהויבן וואָיען סירענעס און די ערשטע סנאַריאַדן האָבן זיך געגומען רײַסן לעבן זייער קאַזאַרמע, האָט זיך אים גאָר אַלץ אויסגעוויזן, אַז דאָס זײַנען מיסטאַמע מאַנעווערן. ווען מע האָט לויט אַן אַליאַרעם זיי אויפֿגעהויבן און געהייסן אַרײַנזעצן זיך אין די מאַשינעס, האָט זיך אים נאָך אַלץ געדוכט, אַז דאָס איז ניט אויף לאַנג. די מילכאָמע וועט זיך באַלד ענדיקן, און זיי וועלן זיך אומ־קערן צוריק...

ווען זײַן טייל איז צעקלאַפּט געוואָרן, האָט ער ניט געקאָנט פֿאַר־שטיין, וואָס קומט דאָ פֿאָר. אין איינעם אַ כוטאָר, ערגעץ לעבן באַ־ראַנאָוויטש, וווּהין ער איז אַרײַן בעטן עפּעס עסן, האָט אים אַן אַל־

טיטשקער פֿאַרגעלייגט זיך אָפּרוען א טאָג־צוויי. דער אַלטער האָט ניט פֿארשטאנען, וווהין לויפֿט ער, ווען ארום ברענט די וועלט. ער האָט אים געפּרווט דערווייזן, אז עס איז אן אומזין צו גיין אין שטאָט, ווו עס זייַנען שוין דייַטשן. נאָר עס האָט ניט געהאָלפֿן קיין שום רייד. ער האָט געבעטן בלויז, מע זאָל אים געבן אין וואָס זיך איבערטאָן, און איז אוועק. ער איז געלאָפֿן, געפֿלויגן און פֿרעגט זיך: צוליב וואָס? וואָס איז געווען די פֿולע פֿון זייַן לויפֿן?

דעם לעצטן טאָג האָט ער זיך שוין קוים געהאַלטן אף די פֿיס. ער האָט געמיינט, עס וועט אים קיין קויכעס ניט סטייַען צו דערגיין אהיים, ער וועט ערגעץ אומפֿאלן אינמיטן פֿעלד און מער זיך ניט אופֿהייבן. נאָר ניין, קיין שום קרענק האָבן אים ניט גענומען. ער איז דערגאנגען צו דער שטאָט, קעדיי מע זאָל אים דאָ, סאמע בא דער היים, אונטער־כאפּן און צונעמען אין לאגער...

## 3

פֿראַים האָט מיט גוואַלד זיך אָפּגעריסן פֿון טויער און זיך ווידער אוועקגעלאָזט שפּאנען איבערן באראק. פֿון דרויסן האָט זיך געהערט, ווי סאָלדאטישע שטיוול טופּען איבער די סטעזשקעס, ווי עמעצער פֿון די וואכלייַט פֿייַפֿט א פֿריילעך לידל. ער איז אזוי לאנג אומגעגאנגען, ביז איינער פֿון די, וואָס זייַנען נאָך ניט געשלאָפֿן, האָט צערייצט א זאָג געגעבן:

— וואָלסט עפּשער אמאָל אופֿגעהערט אומצוגיין? ווי מיינסטו, נאָר בא דיר זייַנען דאָ נערוון?

דאָס איז געווען גוראריע, דער בריגאדיר זייערער, איז ער צוגע־גאנגען און זיך לעבן אים אוועקגעזעצט.

ביז דער אומגליק האָט זיי דאָ ניט צונויפֿגעפֿירט, האָט פֿראַים דעם מענטשן ניט געקענט, כאָטש זיי זייַנעןביידע געווען פֿון איין שטאָט. דאָ האָבן זיי זיך באפֿרייַנדעט און געטאָן איינער פֿארן אנדערן, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט.

גוראריעס מישפּאָכע איז אומגעקומען אין די ערשטע טעג פון דער מילכאָמע פון א באָמבע, וואָס האָט געטראָפן אין שטוב. ער אליין איז דאַן געווען אף דער ארבעט. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אהיים, האָט ער בלויז געטראָפן א קופּע טליִענדיקע האָלאָוועשקעס. באַם כורבן פון זײַן שטוב האָבן אים די היטלעריסטן געפונען און אוועקגעטריבן אין לאַגער אַרײַן.

גוראריע איז געווען א גוואַר, א הויכער און א געזונטער, מיט גרויסע הענט און פיס, וואָס האָבן אים ארויסגעשטאַרצט פון די קליי־דער. די דײַטשן איז געפעלן געווען זײַן קויעך און זײַן שווײַגעוודי־קײַט, האָבן זיי אים געמאכט פאר בריגאדיר. אים זעלבסט איז שוין אלציינס געווען, וואָס מע זאָל מיט אים ניט טאָן. אים האָט געדוכט, אז ערגער פון דעם, וואָס מיט אים איז פארלאָפן, קאָן שוין גאָר ניט זײַן. טיילמאָל אָבער פלעגט פראָים באנאכט באמערקן, אז גוראריע שלאָפט ניט, ער ליגט מיט אָפענע אויגן, אויסגעצויגן אין זײַן גאנצער לענג אף דער נארע, מיט די הענט אונטערן קאָפּ און שווײַגט, אָדער זיצט זיך אף דער נארע ווי א פארשטיינטער. אזוי איז ער אויך איצט געזעסן...

פראָים האָט זיך פארענטפערט:

— ס׳איז מיר אזוי שווער, ברודער, אפן הארצן...

גוראריע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. פון זײַנע ליפּן האָט זיך ביישמײַסע ניט אָפּגעטאָן א ביטערער שמייכל. מיט צוגעמאכטע אויגן, א גרויסגופיקער, א פארשטארטער, מיט די פיס אונטער זיך, די הענט אף די קני, האָט ער, זיצנדיק אָנגעשפּארט צו איינעם פון די סלופּעס, וועלכע האָבן אונטערגעהאלטן דעם באלקן, געהאט דעם אָנבליק פון א פארגליווערטן פארצײַטיקן אָפּגאָט. אין דער שוואכער שײַן, וואָס האָט זיך ארײַנגעזײַט דורך די קליינע פענצטערלעך, האָט זײַן פּאָנעם אויס־געזען טויט און פארשטיינערט.

עפּעס איז געווען אין זײַן שווײַגן אזעלכעס, וואָס האָט פראָימען דערשיטערט און געמאכט גרוילן דאָס לײַב. ער האָט דערפילט, אז ער טאָר אים ניט טשעפּען, און איז אליין אויך אנשוויגן געוואָרן.

כוץ זיי, זײַנען שוין אַלע געשלאָפֿן. פֿון דרויסן האָט זיך אַלץ דער־טראָגן דער מעסיקער טראָט פֿון די וועכטער. אינעם דערבײַיִקן דערפֿל האָבן געקרייעט הענער...

— וואָלסט זיך צוגעלייגט, — האָט פֿראַים געזאָגט צו גוראַריען, אַרופֿלייגנדיק יענעם אַ האַנט אויפֿן אַקסל. — איידער דו קוקסט זיך אום, וועט ווערן טאָג און עס וועט זיך ווידער אָנהייבן דער געהענעם.

נאָך אַ טאָג אַרבעט, בײַס וועלכער מע האָט אויף קיין מינוט ניט אויפֿגעהערט צו שרײַען און צו שלאָגן, האָט פֿראַים זיך אויך איצט שטאַרק געניטיקט אין אַ ווײַלע רו. דער געדאַנק אָבער, אַז באַלד וועט ווערן ליכטיק און מע וועט זיי ווידער אַרויסטרײַבן צו דער אַרבעט אויף דער בלאָטע, ווו עס גערוועלטיקט בלויז דער שטעקן, דער דאָזיקער געדאַנק האָט געהאַמעוועט אַלע זײַנע באַוועגונגען, אָנגעגאָסן מיט בלײַ די גלידער, און גוטע עטלעכע מינוט איז פֿראַים נאָך אַלץ געזעסן אויף דער נאַרע, איידער ער האָט זיך סאַפּקאָלסאָף אויסגעצויגן.

ווען ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, האָט שוין גענומען שאַריִען אויף טאָג. ערגעץ איבער דעם פֿענצטערל, לעבן וועלכן ער איז געלעגן, האָבן אָנגעהויבן צוויטשערן פֿייגעלעך. און קעדיי ניט הערן זייער פֿריי־לעך צוויטשערײַ, האָט ער זיך איבערגעדעקט איבערן קאָפּ מיט זײַן רעקל.

דער באַנאַכטיקער נעפּל האָט זיך נאָך ערטערווײַז געהאַלטן בײַ די קוסטעס, אַרומזוימענדיק מיט אַ מילך־ווײַסן לײַנטוך דעם זומפּ, ווו מע האָט געגראָבן דעם טאָרף, ווען מע האָט אַלעמען אויפֿגעריסן פֿון שלאָף און אַרויסגעטריבן צו דער אַרבעט.

כאָטש מע האָט די לאַגערניקעס גראָדע דערלויבט צעלייגן עט־לעכע שײַטערס, דאָך האָט מען פֿון די קאָמאַרן ניט געקאָנט אויס־האַלטן. דער ביטערער רויך פֿונעם נאַסן טאָרף איז געקראָכן אין האַלדז, און טרערן זײַנען געריננען פֿון די אויגן.

ערגעץ האָט שוין פּאַרפּרי אַ שווער־געלאָדענע מאַשין מיט טאָרף נודנע און דערעסן געהודעט, ניט קאָנענדיק אַרויסקריכן פֿון דער בלאָטע. עס האָט זיך געהערט, ווי עס שרײַט אויף עמעצן די וואַך.

ניט קיין פריילעך בילד שטעלן מיט זיך פאַר אַלעמאָל די זומפּן, ווו מע גראָבט טאָרף, נאָר באַזונדערס ניט פריילעך האָט דאָ אויסגעזען איצט...

מיט א טאָג צוריק איז דורכגעגאַנגען א רעגן. דאָס פעלד, ווו מע האָט געאַרבעט, איז געשטאַנען פאַרגאָסן מיט וואַסער. אין אָט דער נעץ, צווישן גריבער, ווו די ערד האָט געכליופּעט און געגוואַדזשעט אונטער די פיס, האָבן די לאַגערניקעס אָן אופהער געגראָבן און געשלעפּט צו די שטאַבעלן דעם נאַסן טאָרף, וואָס איז געווען אזוי שווער, אַז זאַלבעצווייט האָט מען קוים אופגעהויבן אָן אָנגעלאָדן טראָג־בעטל. מער פון אַלץ האָט מען מוירע געהאַט, אַז מע זאָל זיך ניט אויסגליטשן אין דער נעץ און ניט אומפאַלן, ווי עס פאַלט אום א פערד אין די האָלאָבליעס. ווייל קוים טרעפט עס מיט עמעצן, באַפאַלן אים טייקעף די וועכטער און מאַכן פונעם מענטשן א טיל־טעל.

אין שכיינעס מיטן וויסטן זומפּ האָט זיך געפונען בלויז א קליין יישעוול פון עטלעכע געציילטע באַראַקן מיט א „סטאַראָזשקע" באַם אַרייַנפאָר, מיט מעכאַנישע וואַרשטאַטן און מיט א צוויישטאָקיק מויערל, ווו עס איז פריִער געווען די קאָנטאָר פונעם טאָרף־זאַוואָד. דאָס יישעוול איז געשטאַנען אף א בערגל, אַרומגערינגלט פון אַלע זייַטן מיט קוסטעס, און האָט געוועלטיקט איבערן אַרום.

אף איינעם פון די וויַיס־געקאַלכטע באַראַקן און אויך אפן מויערל פון דער קאָנטאָר זייַנען ביז איצט נאָך פאַרבליבן די ראַדיאָ־אַנטענעס. זיי האָבן זיך הויך פאַרמאָסטן צום הימל, ווי מאַסטביימער אף א שיף, און אין א פריִען באַגינען, בייס אַרום־און־אַרום האָט זיך נידעריק געשפּרייט דער נעפּל, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע יישעוול מיט אַלע זייַנע געבייַדעס און מענטשן שווימט, ווי א שיף אין יאַם, ניט זעענדיק פאַר זיך קיין ברעג, עס שווימט ערגעץ וויַיט אהינצו, ווו עס ענדיקט זיך די וועלט מיט א בלויליכן זוים פון וועלדער און ווו יעדעס מאָל, ווען עס פאָרט פאַרביַי א צוג און צעפּיַיפט זיך, רופן זיך אָפּ די וואַלד־טיפעניִשן מיט א צעצויגן און וויַיט געהילך. אזוי קליין איז געווען דאָס אינדזעלע אנטקעגן די גרויסע, וויסטע ראַכ־

וועסן, וואָס ארום, און אזוי גרויס די בענקשאפט פון די געפּייניקטע נאָך דער וועלט און נאָך דעם לעבן, פון וועלכן מע האָט זיי אָפּגעשיידט און אָפּגעריסן.

ערגעץ ניט ווײַט פון וואלד, אין דער זײַט, ווו די זון איז פאַרגאנגען און ווו איר שײַן האָט זיך שטענדיק פארהאלטן לענגער, ווי אומעטום, באפארבנדיק דעם הימל אמאָל אין רויטן און אמאָל אין אָראנזש, האָט זיך געמוזט געפינען א דערפל. וואָרעם פארנאכט, ווען מע האָט זיך אומגעקערט פון דער ארבעט, האָט זיך פון דאָרטן דערטראָגן א בילערײַ פון הינט, מרוקען פון בעהיימעס. און אין מינוטן, ווען עס איז געווען באזונדערס שטיל, האָט מען אפילע געהערט, ווי מע האקט דאָרט האָלץ. און יעדעס מאָל, ווען צו די אויסגעמאטערטע מענטשן זײַנען דערגאנגגען אָט די פרידלעכע קלאנגען, האָבן זיי זיך דערפילט נאָך עלנטער.

די צווייטע וואָך שוין, זינט מע האָט די יידן געבראכט אהער, און פאר דער גאנצער צײַט האָט מען זיי נאָך קיין איין מאָל ניט געגעבן עסן צו זאט. נעכטן פארנאכט, פארן ארײַנטרײַבן אלעמען אף נאכטלעגער אין די באראקן, האָט מען געבראכט צו פירן עטלעכע זעק סוכארעס. שטייענדיק אף דער מאשין, האָט א דײַטש, ענלעך אף א געזונטן, אָפּגעפרעסענעם קאצעוו מיט א קורץ־צונויפגעוואקסענעם האלדז־און־נאקן און מיט דיקע פינגער, באוואָקסענע מיט רויטע האָר, געוואָרפן די סוכארעס אין דער קופּע מענטשן, ווי מע שיט פראָסע פאר הינער. וואָס גרעסער ס'איז געוואָרן די האוועניש פון די הונגעריקע, וואָס מער זיי האָבן זיך געשטויסן און געשטופּט מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו דער מאשין, אלץ מער האָט דער דײַטש אָנגעקוואָלן פון זײַן אײַנפאל און געוואָרפן די סוכארעס יעדעס מאָל אין אן אנדער זײַט, די מענטשן זאָלן ניט וויסן, וווהין צו לויפן.

פראָים איז אויך שטארק הונגעריק געווען. ער האָט געפילט, אז בא אזא מין קאטאָרזשנער ארבעט וועט ער דאָ לאנג ניט אויסהאלטן אָן עסן. אין די באדינגונגען האָט יעדער ביסן ברויט באטײַט לעבן. דאָך האָט ער זיך ארויסגעדרייט פון צווישן די מענטשן, מיט וועלכע

ער האָט זיך צוזאַמען געהאַט א לאַז געגעבן נאָכן בידנעם ביסל שפּייַז, איז אָפּגעגאַנגען אין א זייַט און געבליבן שטיין א פינצטערער און דערצאָרנטער.

לעבן דער מאַשין, אַף וועלכער מע האָט געבראַכט צו פירן די סור־כאַרעס, איז אין קירזעווע שטיוול, מיט א פאַרשמאָלצענער קעפּקע, אָנ־געררוקט איבער די אויגן, געשטאַנען דער שאָפער, קאָנטיק א ווייַסרוס.

— נו, און דו וואָס? — האָט ער געפרעגט פראַיִמען, א ווייַז געבנדיק מיטן קאָפּ צום אוילעם, וואָס האָט געטומלט.

פראַיִם האָט שווייַגנדיק זיך א זייַטל געגעבן מיט אַן אויג אַפן שאָפער. אומגערן איז א מאַכשאָווע דורכגעפלויגן: „קערסט אויך זייַן פּונקט אזא אַנטיק, ווי די דייַטשן"...

ווען מע האָט די ייִדן אויסגעשטעלט אין רייען און אוועקגעפירט אין די באַראַקן און פראַיִם האָט זיך באַגלייַך מיט אַלעמען שווייַגנ־דיק געלאָזט אהין, איז דער שאָפער נאָך אַלץ געשטאַנען בא דער קאַ־בינע און זיי נאָכגעקוקט.

נייַן, פראַיִם האָט זיך ניט געוואָרפן אַף קיינעם פון די דייַטשן און האָט זיי די העלדזער ניט איבערגעהריזעט מיט די ציין, ווי עס האָט זיך אים געוואָלט טאָן. פּונקט ווי אַלע, איז ער אויך ווידער אַרייַן אין באַראַק, פּונקט ווי אַלע, האָט ער פאַרנומען זייַן אָרט אַף דער נאַרע. נאָר טיף אין זיך האָט ער געוווּסט, אז ער וועט דאָ לאַנג ניט זייַן, ער קאָן דאָ ניט זייַן. ער מעג אומקומען, נאָר פונדאַנען וועט ער אַנטלויפן...

נאָך דעם קורצן שלאָף, וועלכער האָט קיינעם קיין רו ניט גע־בראַכט, האָט מען זיי ווידער, ווי נאָר טאָג, אופגעריסן פון די נאַרעס און אַרויסגעטריבן אַף דער אַרבעט, און פראַיִם איז, ווי אַלע, געשטאַנען אין פעלד, ווי א צוגעשמידעטער, און געגראָבן דעם טאָרף...

פון מאָל צו מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ניט קעדיי זיך אָפּרוען און אַרומווישן דעם שוויס, וואָס האָט אים פאַרגאָסן די אויגן, נאָר צו כאַפּן הינטערוויילעכס א בליק, קאָלזמאַן די וואַכלייַט שטייען ניט לעבן אים, ווו ער געפינט זיך און ווּהין מע וואָלט געקאָנט אַרויס־

קומען מיטן זומפּ, ווען אים געלינגט אנטלויפן פונדאנען. ער האָט געטראכט, אז עפּשער וואָלט מעגלעך געווען כאָטש די ערשטע עטלעכע טעג זיך אויסבאהאלטן אינעם דערפל, פונוואנען מע האָט יעדעס מאָל געהערט בילן הינט...

איבערן פעלד האָט ארומגעשפּאנט דער הויפּט־אָנפירער פון אלע ארבעטן אפן טאָרף, א הויכער, דארער דײַטש מיט א שארפער נאָז, וואָס איז טאָמיד געווען ביטערלעך־פארדרייט אין א זײַט, פונקט עס וואָלט אים אלץ שלעכט געשמעקט. זײַן זקייניש־געל פּאָנעם האָט אויסגעזען, ווי ערשט ניט לאנג וואָלט עס עמעצער ארײַנגענומען אין א געזונטער, פעסטער האנט און צונויפגעקוועטשט אזוי, אז די נאָז און דאָס מויל און דער דארער, לאנגער קין זײַנען אים צונויפגע־פלעטשט געוואָרן איניינעם.

פראָים האָט שוין א ביסל געקענט דעם קאָט. ער האָט געוווּסט, אז מע דארף זיך פון אים היטן. וואָרעם פאר א ליאדע קלייניקײַט קאָן ער זיך צוטשעפּען און ברעכן די ביינער, אויסזעצן די ציין, מאכן פאר א קאליקע...

א גאנצן טאָג האָט ער זיך אומגעדרייט פאר די אויגן, פּאָן רענ־דעל, זיך אלץ צוגעקוקט, וויִאזוי יעדערער ארבעט, און געשריִען אף אלעמען, געצישעט, ווי א שלאנג, אז מע ארבעט שלעכט און אז עס איז אים ניט געפעלן.

ער איז געווען אוף, דער אָבערלייטענאנט, פון באגינען ביז שפּעט אין דער נאכט. עס האָט געדוכט, אז קיינמאָל שלאָפט ער ניט און עס נעמט אים ניט קיין מידקײַט. ער האָט זיך אָפּט אינמיטן נאכט ארײַנגעריסן אין באראק, ווען מע איז מידע געלעגן אף די הארטע נארעס, און מיט געשריי אופגעריסן אלעמען פונעם שלאָף, באפוילן איינס־און־צוויי זיך אויסשטעלן אין רייען. ער פלעגט זיך דורכטראָגן אין באגלייטונג פון נאָך עטלעכע זײַנע גאָרגלשנײַדערס און האסטיק אוועקגיין צוריק, איבערלאָזנדיק אלעמען שטיין צעטומלטע. קיינער האָט ניט געווּוּסט, צוליב וואָס איז ער, אייגנטלעך, געקומען און אופ־

געוועקט אַלעמען און וואָס האָט ער אַזעלכס געזוכט, זיך אײַנקוקנדיק אין דער האַלב־פֿינצטערניש פֿונעם באַראַק אין יעדן פֿון זיי.

דער אָבערלייטענאַנט איז געשווינד דורכגעגאַנגען דאָס שטיק פֿעלד, וואָס האָט אים אָפּגעטיילט פֿון פּראָיִמען, און זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן, געגומען באַטראַכטן, וויִאַזוי ער אַרבעט.

פּראָיִם האָט זיך געמאַכט, אַז ער זעט גאָרניט, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז פֿונעם ערשטן טאָג אָן, וואָס מע האָט אים געבראַכט אַהער, האָט ער אַרויסגערופֿן אַ באַזונדערע סימפּאַטיע בײַ דעם פֿאַשיסט. ער האָט ניט געוואָלט אַנערקענען, אַז ער אַליין איז אַ ביסל שולדיק דערין.

ווען ער איז אַראָפּ פֿון דער מאַשין אַ צעהאַרגעטער און דערזען, אַז די דײַטשן לאַכן, וואָס ער איז אַזוי געשוואָלן פֿון קלעפּ, אַז מע זעט בײַ אים ניט אַרויס קיין אויגן, וואָלט אַן אַנדערער אויף זײַן אָרט, מעג־לעך, אָנגעבויגן אַ ביסל דעם קאָפּ און ניט אַרויסגעוויזן, וואָס אים איז אָפּן האַרצן. ער אָבער, פּראָיִם, איז, אַ פֿאַרוואָקסענער און צעשויבער־טער, געשטאַנען מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, און אויסער אַ שלעכט פֿאַרטײַעטער בייזקייט האָט גאָרנישט ניט אַרויסגעקוקט פֿון זײַנע אויגן־שפּעלטיקלעך. דעריבער איז קיין וווּנדער ניט געווען, וואָס שוין באַם ערשטן באַרעכהאַבע האָט אים דער אָבערלייטענאַנט מעכאַבעד געווען מיט אַזאַ זעץ פֿונעם שטיוול, אַז ער איז אומגעפֿאַלן...

פּראָיִמען האָט מען דעם ערשטן אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער פֿון אַ פֿײַערלעשער־קישקע, ווען ער איז אַרויס פֿונעם באַראַק און דעם דײַטש איז ניט געפֿעלן, וואָס זײַן פּאָנעם איז קויטיק.

איצט האָט פּראָיִם ווידער געזען, אַז עס גרייט זיך עפּעס אויף אים... און ער האָט געהאַט אפֿילו אַ טראַכט געטאָן, אַז עס וואָלט ניט גע־שאַט, ווען ער הייבט אָן צו אַרבעטן אַ ביסל פֿלײַסיקער, ווי ביז אַהער. זאָל עס כאָטש געדויערן ניט מער, ווי לאַנג יענער וועט שטיין לעבן אים. דעם עמעס געזאָגט, האָט ער טאַקע אָנגעהויבן גראָבן אַ ביסל גיכער. אָבער ער זאָל נאָך אַ האָרעלע אָנשטרענגען די קויכעס און נאָך גיכער אָנהייבן אַרבעטן, גראָבן, אופֿהייבן די לאָפּעטע מיטביידע הענט, פֿלײַסיק און געשיקט אַרומהאַקן די וואָרצלען, מיט וועלכע

דאָס שטיק טאָרף איז געבונדן מיט דער ערד, — אָט די קליינע אָנ־שטרענגונג האָט ער ניט געוואָלט מאכן. און גראָד אף דעם האָט ארויס־געקוקט דער אָבערלייטענאַנט. דער דײַטש האָט זיך דאָך ניט דערוואַרט. דאַן איז ער האַסטיק צוגעגאַנגען נעענטער און מיטן פוס דערלאַנגט פראַ̈ימען אַ זעץ מיט אַזאַ קראַפט, אַז יענער וואָלט געוויס אומגעפאַלן, ווען ער האַלט זיך ניט אָן מיט אַ האַנט אינעם ווענטל פון דער גרוב.

דער אָבערלייטענענאַט האָט זיך צעשריִען:

— דו, יודע! ארבעטסט שלעכט. דו ביסט נאָך גענוג געזונט, אַז דו זאָלסט ארבעטן בעסער... אַנו, ווײַז אָקאָרשט, וואָס דו קענסט! ריר זיך! שנעלער! — און ער האָט אים ווידער געגעבן אַ זעץ מיטן פוס. — איך וועל דיך אויסלערנען, וויאַזוי צו ארבעטן...

ווען צווישן דעם אָבערלייטענאַנט מיט פראַ̈ימען האָט זיך ארײַנ־געדרייט דער בריגאַדיר, איז דער דײַטש נאָך געוועזן אויסער זיך און ער האָט אַלץ געהאַלטן אין איין שרײַען, ביז גוראַריען האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אָפּווענדן זײַן אופמערקזאַמקײַט אף עפּעס אַנדערס און אים אוועקנעמען פונדאַנען.

עטלעכע מאָל פאַרן טאָג האָט זיך דער אָבערלייטענאַנט אומגעע־קערט צו פראַ̈ימען. נאָר צי דערפאַר, ווײַל יעדעס מאָל האָט בייס־מײַסטע גוראַריע עס באַמערקט און אים אוועקגערופן, צי דערפאַר, וואָס דער מענוואָל האָט געוווסט, אַז יענער איז אין זײַנע הענט און ער וועט ניט פאַרשפּעטיקן זיך אָפּרעכענען מיט אים, נאָר ער האָט אים מער ניט געטשעפּעט.

פאַרנאַכט, ווען מע האָט זיך אומגעקערט אין באַראַק און זיך גע־נומען פּאָרען אין דער טונקלעניש בײַ די נאַרעס, האָט גוראַריע פאַר־האַלטן פראַ̈ימען:

— פאַרוואָס איז ער דיך באַפאַלן?

פראַ̈ים האָט זיך אַ קנייטש געגעבן:

— דער קלאָג ווייסט דעם טאַטן זײַנעם... ער דאַרף דען אַ פאַר־וואָס?

— ניין, זאָג ניט. ווייסט, פאַרוואָס. דו פֿירסט זיך אויף, ניט ווי מע דאַרף.

— מיט וואָס?

— מיט יעדן קער דײַנעם ווײַזטו אַרויס, אַז דו האָסט זיי פֿײַנט. האָסט, דוכט זיך, שוין גוט אַרײַנגעכאַפּט. צו וואָס טויג דיר זיך פֿאַר־טשעפּען מיט זיי? צי דען דאַרף איך די גאַזלאָנים אַרויסווײַזן, וואָס עס טוט זיך מיר אויפֿן האַרצן? איך פֿאַרשטיי העלדישקייט, ווען עס פֿירט צו עפּעס...

— כ׳קאָן ניט אויסהאַלטן. עס ברענט אין מיר אַלץ.

גוראַריע האָט טרויעריק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— נו, יאָ, דו קאָנסט ניט אויסהאַלטן. און מיך אַרט דען עפּעס? זיי האָבן מיר דאָך גאָלע טויוועס געטאָן. ווייסט ניט?.. איך האָב גע־האַט אַ פֿרוי, קינדער, אַ היים, ווי אַלע מענטשן. האָבן זיי מיך אויס־געלייזט פֿון אַלץ... אַ כאַסן־באָכער בין איך געוואָרן. נאָר אין שידו־כים צו שטיין... ס׳איז מיר דען שלעכט, וואָס?

פֿראַיִם האָט אים גאָרנישט ניט געענטפֿערט. און גוראַריע האָט זיך מיט אַ שווערן טראָט אומגעקערט אויף זײַן אָרט. עס איז אים געווען אַ ראַכמאָנעס אויף פֿראַיִמען. די מאַטערניש פֿונעם צווייטן האָט גוראַריע געפֿילט ווי אייגענעם ווייטעק און צאַר.

אינדערפֿרי, ווען מע איז אַרויס אויף דער אַרבעט און געטראָפֿן וואַרטן, ווי טאָמיד, די מאַשינעס, מיט וועלכע מע האָט געפֿירט דעם טאָרף צו דער אײַזנבאַן ניט ווײַט פֿון ווילייקע, האָט גוראַריע דאָס מאָל, אָנשטאָט אוועקשטעלן פֿראַיִמען גראָבן דעם טאָרף, אים אוועקגעשיקט צו דער באַן, און פֿראַיִם האָט אָנגעהויבן פֿאָרן מיט די טראַנספּאָרטן הין־און־צוריק.

ס׳איז געווען אַ שווערע אַרבעט. פֿון אָנלאָדן און אויסלאָדן דעם טאָרף אַ גרויסן זומערדיקן טאָג האָבן געבראָכן די ביינער. אָבער מער פֿון דער עצעם אַרבעט איז אויסגעקומען צו לײַדן פֿון דער וואַך, וואָס האָט ניט געלאָזט צורו. מע האָט געהיט יעדן טראָט. פֿונדעסטוועגן איז

דאָ געווען אַ האָר לײַכטער. שוין דאָס אַליין, וואָס מע איז ניט גע־ ווען אין לאַגער, איז געווען אַ גרויסע זאַך.

מאַכט זיך אַמאָל אין אַן אינדערפֿרי, מע האָט ערשט אָנגעהויבן אָנלאָדן דעם טאָרף אויף די מאַשינעס, האָט פּראָים ניט ווײַט פֿון זיך דערזען שטיין דעם באַקאַנטן שאָפֿער אין די קירזעווע שטיוול. ער איז געשטאַנען און געוואַרט, מע זאָל פֿאַרענדיקן אָנלאָדן זײַן מאַשין.

פּראָים האָט שוין עטלעכע מאָל זיך געטראָפֿן מיט אים בײַ דער אַרבעט, און יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, האָט יענער ניט אויסגעמיטן זיך באַגריסן מיט אים. ער האָט אים ניט זעלטן אַפֿילע געגעבן פּאַפּיראָסן, די דײַטשן זאָלן ניט באַמערקן. פּראָימען האָט זיך געגלוסט פֿרעגן דעם באַכער, וואָס ווייסט ער עפּעס נײַס. דערצו האָט זיך אים געדוכט, אַז יענער ווינקט צו אים, ווײַל אים עפּעס זאָגן, אָבער האָט מוירע פֿאַר דער וואַך.

די מאַשינעס האָבן זיך גערירט פֿון אָרט. זיי זײַנען ווידער אומ־ געפֿאָרן פֿונעם לאַגער אויף דער סטאַנציע הין־און־צוריק. פּראָים האָט שוין אָבער ניט געקאָנט פֿאַרגעסן דעם שאָפֿער אין די קירזעווע שטיוול, מיט דער פֿאַרשמאָלצענער קעפּקע, אָנגערוקט איבער די אויגן. פֿון איצט אָן, ווען עס איז אויסגעקומען צו פֿאָרן מיטן טאָרף, האָט ער זיך באַמיט צו פֿאָרן מיט זײַן מאַשין. ער האָט אַלץ געוואַרט אויף אַ געלעגנ־ הײַט.

ענדלעך האָט זיך פּראָים דערוואַרט. איינמאָל, ווען די וואַך האָט זיך דערווײַטערט, האָט ער געפּרוּווט אַ פֿרעג געבן דעם שאָפֿער, צי ווייסט ער ניט, וואָס עס טוט זיך אויף די פֿראָנטן, ווו זײַנען אונדזערע...

דעם שאָפֿערס געזיכט האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן, ווען ער האָט אים פּונקט אַזוי שטיל, ווי פּראָים האָט געפֿרעגט, געענטפֿערט: „מיר ווייסן ניט מער פֿון אײַך". ער איז אַראָפּ פֿונעם טרעפּל, ווו ער איז ביז איצט געשטאַנען, זיך אָנהאַלטנדיק מיט אַ האַנט פֿאַר דער אָפֿע־ נער טיר פֿון דער קאַבינע, פֿאַמעלעך אַרומגעגאַנגען די מאַשין אַרום־ און־אַרום, קלוימערשט באַטראַכט, צי אַלץ איז אין אָרדענונג, אויפֿגע־ הויבן דאָס דעקל פֿונעם קאַרביוראַטאָר און זיך געײַסעקט אַ ווײַלע

ארום מאָטאָר, געקלאַפּט מיטן פוס איבערן באַלאָן פון ראָד, צי איז ער גוט אָנגעבלאָזן.

נאָר אָט איז ער געבליבן שטיין אויף דער צווייטער זײַט פון דער מאשין. ער האָט שטיל געזאָגט צו פראַימען:

— וואָס ווארט איר, נאראָנים? מע וועט דאָך אײַך אלעמען אומ־ברענגען. ראַטעווועט זיך, קאַלזמאַן ס׳איז נאָך ניט שפּעט...

נאָך שטילער, ווי יענער האָט גערעדט, האָט זיך אָפּגערופן פראַים:

— אדעראבע, גיב עפּעס אַן אײַצע. וויאַזוי אנטלויפט מען פונדא־נען? וווהין?

דער שאָפער האָט ניט באוויזן צו ענטפערן, זײַנען אָנגעקומען די ארבעטער מיטן טאָרף, און מע האָט געדאַרפט איבערוואַרטן, ביז זיי וועלן אים אויסשיטן און אוועקגיין.

פראַים האָט ניט געקאָנט וויסן, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער שאָפער, נאָר קוים האָט ער דערהערט א ווארעם וואָרט, האָט אין אים אַלץ אויפגעלעבט. ער האָט נאָך עטלעכע מאָל געפּרוווט פארקניפּן א שמועס מיטן שאָפער, ביז יענער האָט אים אין איינעם א פרימאָרגן שטיל געזאָגט:

— איך אליין קאָן דאָ גאָרניט טאָן. זעסט דאָך, ווי מע היט יעדן טראָט. נאָר פאָרסטו צו דער סטאנציע, פּרוווו אנטלויפן. לעבן זאבאָריע ארבעט אין א מיל מײַן שווער. דערשלאָגסטו זיך צו אים און זאָגסט אים, אַז אנטאָן האָט דיך געשיקט, וועט שוין זײַן רעכט...

— גוט, — האָט פראַים געענטפערט. — א דאנק דיר, פרײַנט, איך וועל עס טאָן. — און ער האָט ווידער גענומען שארן מיט דער לאָפּעטע די שטיקער טאָרף.

אין דער שטילקײַט פונעם פרימאָרגן האָט זיך דאָ און דאָרט גע־הערט דאָס געדרודער פון מאָטאָרן. דער שאָפער איז ארײַן אין קאבינע און צוגעהאקט דאָס טירל. די מאשינעס זײַנען איינע נאָך דער צוויי־טער ארויסגעפאָרן פון דער בלאָטע. אויף איינער פון זיי, אויף א בארג טאָרף, איז א פארשוויצטער און קויטיקער געזעסן פראַים און געטראכט, אַז אויב עס וועט אים נאָר אויסקומען צו פאָרן מיטן טאָרף צו דער

סטאנציע נאָך עטלעכע מאָל, וועט ער קיין מענטש ניט זײַן, אויב ער וועט ניט פּרוּוון אנטלויפן. דער גלויבן אליין, אז ס'איז מעגלעך פּאָטער צו ווערן פונעם געהענעם, האָט אים שוין אזוי באפליגלט, ווי מע וואָלט אין אים א נײַע נעשאָמע ארײַנגעטאָן. פון איצט אָן האָט זײַן לעבן געקריגן א נײַעם זין.

4

פון אָנהייב, ווען גוראריע האָט געשיקט פראָימען מיטן טאָרף צו דער סטאנציע, האָט ער בלויז געמיינט אים א טויווע טאָן, ער זאָל ווינציקער זײַן אינעם לאגער. שפּעטער אָבער האָבן אלע אָנגעהויבן קוקן אַף דעם מיט אנדערע אויגן. איז דען דאָס ניט געווען די איינציקע מעגלעכקײַט צו געפינען כאָטש א שטיקל פארבינדונג מיט דער וועלט, פון וועלכער מע האָט זיי אָפּגעשיידט? איינמאָל, ווען פראָים האָט זיך אָנגעהויבן קלײַבן אין וועג ארײַן, האָט גוראריע שטיל געזאָגט צו אים:

— הער נאָר, באָכער! דו פאָרסט צו דער סטאנציע, טאָ זע, דער־וויס זיך עפּעס נײַעס...

פון דאַן אָן, ווי נאָר פראָים פלעגט זיך פארנאכט אומקערן פון באַן, פלעגט אים גלײַך ארומרינגלען אן ענגער קרײַז מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאלטן ארום דעם בריגאדיר, און באגעגנט אים מיט שטומע, פרעגנדיקע בליקן. די נײַס אָבער, וואָס ער האָט אמאָל זיך יאָ דערוווּסט, האָבן קיין פרייד ניט פארשאפט. דורך דער סטאנציע האָבן געהאלטן אין איין גיין צום פראָנט עשעלאָנען מיט געווער און סאָלדאטן. עס האָט זיך ניט געפילט, אז די רויטע ארמיי זאָל געבן א זעץ צוריק, ווי יעדערער האָט דאָ געוואָלט. און דערוויסן זיך עפּעס גענויער איז קיין מעגלעכקײַט ניט געווען, כאָטש בא דער סטאנציע האָבן געארבעט אי געפאנגענע רויטארמייער, אי פויערים פון ארומיקע דערפער. די דײַטשן האָבן געהיט יעדן טראָט. ניט בעסער פון זיי

זײַנען אויך געווען די פּאָליציײַען. מע האָט ניט געלאָזט קיין וואָרט אויסריידן צווישן זיך.

די פּענעמער פון די לאַגערניקעס, וואָס האָבן דאָס אַלץ אויסגע־הערט פון פּראָזימען, זײַנען געוואָרן פון מאָל צו מאָל אַלץ פינצטערער. גוראַריע אַלײן, וועלכער האָט קײנמאָל פאַר קײנעם ניט אַרויסגעוויזן זײַנע געפילן, האָט אין אַזאַ פאַל אָוועקגעשפּאַנט איבערן לאַגער, געהאָלפן צעטיילן דאָס ביסל געבראַכטע זופּ, אַכטונג געגעבן, אַז אין דער ריי פון די הונגעריקע מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטופּט און גע־שטויסן נאָכן עסן, זאָל זײַן אַ געוויסע אָרדענונג, מע זאָל זיך ניט שלאָגן פאַר אַן איבעריקן לעפל געקעכטס.

איינמאָל, ווען מע האָט זיך לענגער ווי אַלעמאָל פאַרהאַלטן אויף דער סטאַנציע, האָט מען אין לאַגער דערשאָסן צוויי ייִדן: אַ פאָטער מיט אַ זון. ווען פּראָזים האָט זיך אומגעקערט פון וועג, איז שוין געווען נאָך אַלעמען. געשען איז עס אַזוי: נאָך אַ טאָג הונגער און שווערער פּראַצע האָט זיך דער אַלטער אָנגעגעסן מיט האַלב־רויער פּראָסע, פון וועלכער מע האָט געקאָכט דעם זופּ, און עס האָט אים אָנגעהויבן ווײ טאָן דער בויך. ווען דאָס זאָל זײַן אַן אַנדערער, אַ מער געזינטערער, וואָלט ער זיך עפּשער אָוועקגעלייגט אויף דער נאַרע און איבערגעקומען די ווייטעקן שטילערהייט. דאָס איז אָבער געווען אַ מענטש אַ שוואַ־כער, און די ווייטעקן זײַנען געווען אַזעלכע, אַז ער האָט זיך ניט גע־קאָנט באַהערשן. ער האָט גענומען קרעכצן, שרײַען, עס האָט אַזש גע־הילכט אין באַראַק. דער זון האָט זיך געדרייט אַרום פאָטער, ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל מיט אים טאָן. ער האָט אים אײַנגעדעקט, מיט וואָס עס איז נאָר געווען אונטער דער האַנט. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. דער קראַנקער האָט אַראָפּגעשלײַדערט פון זיך די זאַכן, מיט וועלכע מע האָט אים אײַנגעדעקט, זיך גענומען קײַקלען אויף דער נאַרע, בעטן אויף זיך דעם טויט. אין איינער אַ רעגע, ווען דער זון איז פון אים אָפּגעטראָטן, איז ער אַראָפּגעפאַלן פון דער אייבערשטער נאַרע און איז געבליבן ליגן אויף דער ערד אַ האַלב־טויטער. דאַן האָט דער באָכער

אײנגאַנצן פֿאַרלאָרן דעם קאָפּ, איז צוגעלאָפֿן צום טויער און אָנגעהויבן קלאַפּן, פֿאָדערן אַ דאָקטער.

„אַפֿן טומל זײַנען אין באַראַק אַרײַנגעקומען עטלעכע דײַטשן און זיך דערוווּסט באַם בריגאַדיר, וואָס מע טומלט דאָ אַזוי. ווען זיי האָבן געהייסן פֿירן דעם כּולע אין מעדפּונקט, האָט מען נאָך אַלץ געגלייבט, אַז דאָס קלײַבט מען זיך אים ווײַזן אַ דאָקטער. מע איז געשטאַנען באַם טויער און אַרויסגעקוקט דורך די שפּאַרונעס, געוואַרט...

ווען צוזאַמען מיט אַ ווילד אויסגעשריי האָבן נאָענט ערגעץ, לעבן באַראַק, פּלוצעם אַ הילך געטאָן איינער נאָכן אַנדערן צוויי פּיסטאָלעט־שאָסן, האָט זיך האַסטיק געעפֿנט דער טויער און מע האָט צוריק אַרײַנגעוואָרפֿן אין באַראַק דעם דריטן, וואָס האָט געהאָלפֿן אַרויספֿירן דעם כּולע. פֿרעגן בא אים, וואָס עס איז געשען, האָט מען שוין פֿאַרשפּאָרט. איז מען שטילערהייט, מיט אונטערגעהאַקטע פֿיס, זיך צעקראָכן ווער־וווּהין. מע איז געלעגן אױף די נאַרעס, און ניט איינעם פֿון זיי האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עמעצער קרעכצט און וויינט אין דרויסן, בעט, מע זאָל אים קומען צוהילף...

אַז פֿראָיִם האָט דאָס אויסגעהערט, איז זײַן פּאָנעם געוואָרן פֿאַר־שלאָסן און האַרט. מיט אומזיכערע באַוועגונגען פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט פּלוצעם פֿאַרלוירן די ריִע, האָט ער אָנגעטאַפּט די נאַרע און זיך אַוועקגעזעצט... מיט צוויי שאָ צוריק האָט ער אַליין, מיט די אייגענע אויגן, געזען, ווי אױף דער סטאַנציע האָבן היטלעריסטן אַרומגערינגלט אַן עשעלאָן געפֿאַנגענע רויטאַרמייער און באַשאָסן מיט קוילנוואַרפֿערס בלויז דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן געבעטן טרינקען, דערשטיקט ווערנדיק פֿון היץ און ענגשאַפֿט אין די אָנגעפּראָפּטע וואַגאָנעס. ער האָט ניט געקאָנט פֿאַרגעסן די געשרייען „וואַסער! וואַסער!״, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון די וואַגאָנעס, בייס דער צוג האָט זיך דערווײַטערט, ווי לאַנג נאָך דעם האָבן אים געקלונגען אין די אויערן די געשרייען און די שיסערײַ...

גוראַריע האָט זיך צוגעזעצט לעבן פֿראָיִמען אױף דער נאַרע. אין באַראַק איז געווען טויט־שטיל. פֿראָיִם האָט זיך צערעדט. ער האָט גע־

נומען דערציילן גוראריען, ווי מע האָט באַשאָסן דעם עשעלאָן געפאַנ־גענע, ווי ער איז געשטאַנען דערבײַ און האָט פאַר אומבאַהאָלפנקייט זיך געביסן די פינגער.

— כאָטש נעם זיך דאָס לעבן, — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט פאַר־ביטערונג.

גוראַריע איז געוואָרן אין קאַס:

— עפשער וואָלסטו פאַר מיר אַזוינע ווערטער ניט גערעדט? מיינסט, אַז איך אַליין האָב דערפון ניט געטראַכט? פאַרוואָס זאָל איך עס אָבער טאָן? ווועמען וועל איך דערמיט א טויווע טאָן, די פאַשיסטן? דו זע בעסער, גיב א טראַכט, — און דאָ האָט זיך גוראַריע אַרומגע־קוקט, צי קיינער הערט זיי ניט, — האָסט א מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן פונעם לאַגער... טאָ נוץ עס אויס... וואַרט ניט! אַנטלויף און פאַרבינד זיך מיט עמעצן. ס'איז דאָ א וועלט. עס זײַנען פאַראַן מענטשן. — ער האָט מיט ליבע צעפּודלט פּראַימען די האָר און צוגעגעבן: — איך וואָלט זייער וועלן, דו זאָלסט בלײַבן לעבן...

אין דער פינצטער האָט פּראַים אָנגענומען גוראַריעס האַנט, א גרויסע, א האַרטע פון מאָזאָליעס, און עטלעכע רעגעס זי ניט אַרויס־געלאָזט פון זײַנער. ער האָט גוראַריעס רייד אופגענומען, ווי א בראָכע, עס זאָל אים מאַצליעך זײַן די שליכעס, צו וועלכער ער האָט זיך גע־גרייט.

## 5

געוויינלעך פלעגן די אויסגעמאַטערטע מענטשן, ליגנדיק אַף דעם הויך אָנגעשאָטענעם טאָרף, כאַפּן א קורצן דרעמל. פּראַים איז אָבער ניט געשלאָפן. ער איז געלעגן א וואַכער, מיט אָפענע אויגן, און זײַן מויעך האָט ניט אופגעהערט צו עגבערן איין געדאַנק: וויאַזוי אַנטלויפט מען... ער האָט זיך צוגעקוקט צו יעדער שטוב, וואָס מע איז פאַרבײַ־געפאָרן, זיך באַמיט צו פאַרגעדענקען די ערטער, וואָס ער האָט געזען,

ווי א מענטש, וואָס בלאָנדזשעט, פאַרגעדענקט סימאָנים, וועלכע קאָנען אים צוניץ קומען...

מאכט זיך אַמאָל א טאָג. פּראָים איז נאָרוואָס געקומען צו פאָרן מיטן טאָרף, און אַף דער סטאַנציע איז גראָד אָנגעקומען א פראַכטצוג מיט ליידיקע וואַגאָנעס. און איידער דער צוג האָט זיך נאָך אָפּגעשטעלט, האָט פּראָים באַשטימט, אָט דאָס איז עס — מיט דעם צוג מוז ער אַנטלויפן.

אים אַליין איז אַפילע שווער געווען אָפּצוגעבן זיך א דין־וועכעזשבן, פאַרוואָס האָט ער אַזוי באַשטימט. צי דערפאַר איז עס געווען, ווייַל אין דער צייַט, ווען דער לאָקאָמאָטיוו איז פאַרבייַגעגאַנגען, האָט ער דערזען, ווי דער מאַשיניסט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פונעם פענצטערל, האָט אים א ווונק געטאָן, און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס איז רודאָוויטש, דער שוויגערס שאָכן מיט זייַן פאַרשמאָלצן היטל מיט די אויערן פאַרבונדן אַף הינטן, מיט די טרוקענע באַקן און שאַרפע וואָנצעס; אָדער דערפאַר, ווייַל דער פּלאַן איז שוין בא אים לאַנג רייַף געוואָרן. אָבער קוים האָט ער דעם באַשלוס אָנגענומען, אַזוי גלייַך האָט ער דערפילט, אַז קיין שום זאַך אין דער וועלט איז ניט אימשטאַנד אים אָפּהאַלטן. ער האָט גענומען וואַרטן, דער צוג זאָל זיך אָפּשטעלן...

מיט אים אין פּאָר, אַף איין מאַשין, האָט געאַרבעט בערע לאַפּידוס, ניט קיין שטאַרק איבערגעשפּיצטער באָכער. בערע האָט געהאַלטן, אַז בלויז דורך גוטער אַרבעט, דורך דעם, וואָס מע וועט געהאָרכזאַם אויספילן אַלע באַפעלן פון די דייַטשן, קאָן מען געהאָלפן ווערן. ער האָט געהאָרעוועט מיט ביטערן שווייס, געוואָרפן מיט די לאַנגע הענט טאָרף אין וואַגאָן. פּראָימען איז אַפילע ניט אייַנגעפאַלן, אַז אויך פאַר אים דאַרף מען זיך היטן.

נאָך איידער דער צוג האָט זיך גענומען רירן און פון וואַגאָן צו וואַגאָן איז אַוועק א קלאַפּערייַ, איז פּראָים אַראָפּ פון דער מאַשין מיט טאָרף, איז אַפּגיך אַרונטערגעקראָכן אונטער איר און זיך פאַרטייַעט. ער האָט אָנגעמערקט אַן אָפענעם וואַגאָן מיט פעסער און קאַסטנס און זיך אַהין אַרייַנגעכאַפּט... די ערשטע עטלעכע רעגעס, נאָך דעם ווי ער

האָט זיך באַהאַלטן הינטער די ליידיקע פעסער, האָט ער זיך אַליין געוווּנדערט, וואָס אַלץ איז אים אַזוי לײַכט אָנגעקומען. ער האָט בלויז געוואָלט, דער צוג זאָל וואָס גיכער אַוועקגיין, און ער זאָל דערהערן, ווי עס קלאַפּן די רעדער... באַלד נאָך אים איז אין וואַגאָן אָבער אויך אַרײַנגעשפּרונגען בערע. ווען פראָים האָט דערזען, אַז ער איז ניט אַליין, איז ער נאָך מער אויפגערודערט געוואָרן, ער האָט בערען שטילערהייט אָנגערופן באַם נאָמען און אים אַ ווונק געטאָן, ער זאָל זיך אויך באַהאַלטן צווישן די פעסער.

בערע האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און גענומען שלעפּן פון וואַגאָן:

— דו ווערסט אַנטלויפן, — האָט ער געזאָגט מיט כּעס, — און מיר זאָלן דאָ מיטן קאָפּ אָנלייגן פאַר דיר...

ס'האָבן ניט געהאָלפן קיין רייד, וואָס פראָים האָט אים פאָרגעלייגט לויפן צוזאַמען. מיט דער נאַרישער אײַנגעשפּאַרטקײַט פון אַן אָקס האָט יענער געטײַנעט זײַנס. פראָים האָט קיין אויסוועג ניט געזען פאַר זיך, ער האָט געדאַרפט אָדער אַ וואָרף טאָן זיך און דערווערגן בערען, אָדער אַרויסגיין פון וואַגאָן, קיינער זאָל גאָרנישט ניט באַמערקן. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. ער איז אַרויסגעשפּרונגען פונעם וואַגאָן.

דער צוג האָט אַ פײַף געטאָן. די וואַגאָנעס האָבן גענומען פאַרבײַלויפן שנעלער און שנעלער. פראָים איז געשטאַנען אַ פינצטערער און געקוקט, ווי עס פאַרשווינדט די מעגלעכקײַט צו ראַטעווען זיך. פאַר איינע צוויי מינוט איז ער פאַרענדערט געוואָרן. ער איז געווען גרייט זיך וואַרפן מיט דער לאָפּעטע אויף בערען און אים דערהאַרגענען. מיט גרויס מי האָט ער זיך אײַנגעהאַלטן עס ניט צו טאָן. מיט די לעצטע קויכעס האָט ער זיך דערוואַרט ביזן סאָף טאָג, ווען מע האָט זיך אומגעקערט אין לאַגער. אָבער אין באַראַק האָט זיך פראָים מער ניט געקאָנט באַהערשן. ער איז באַפאַלן בערען און, כאָטש יענער איז געווען אַ סך העכער און געזינטער פון אים, האָט ער אים גענומען שלאָגן אַזוי, אַז בערע האָט אָנגעהויבן קוויטשען. אויף דער פראַגע, וואָס איז

דאָס געשלעג און וואָס איז צווישן זיי פאָרגעקומען, האָט ניט דער און ניט יענער ניט געענטפערט. מע האָט זיך אַרייַנגעמישט און זיי פאַנאַנ־דערגענומען. פון איצט אָן האָט פראָים בערען שוין מער ניט געקאָנט אָנקוקן. ער האָט אים פייַנט באַקומען ניט ווינציקער פון די דייַטשן...

גוראַריע האָט געהייסן אַלעמען זיך צעגיין. ער האָט אָפּגערופן פראָימען אין אַ זייַט און האָט מיט אים אונטער פיר אויגן געהאַט אַ קורצן שמועס. נאָכדעם איז ער צוגעגאַנגען צו בערען, האָט אים געגעבן אַ רעכטן שטורך מיט אַ פויסט אין זייַט אַרייַן און געוואָרנט:

— הער נאָר, דו, בולעך, טאָמער ווען זיך די דייַטשן דערוויסן, וואָס עס טוט זיך בא אונדז, וועט מען דיך געפינען אַ דערהאַרגעטן אונ־טער דער נאַרע...

דער פאַרדראָס, וואָס גראָד איינער פון זיי, אַ געליטענער ניט ווינ־ציקער פון אים, פראָימען, האָט זיך אים געשטעלט אין וועג, איז געווען זייער גרויס. אָבער דעם באַשלוס זייַנעם האָט פראָים ניט געענדערט, ער האָט גענומען זוכן נייַע וועגן.

## קאַפּיטל נייַן

### 1

צווישן דעם לאַגער און דער סטאַנציע, וווהין מע האָט געפירט דעם טאָרף, איז געווען אַ כוטאָר. דאָ, בא דער קרייצונג פון וועגן, ווו אַ הויכער ציילעם איז געשטאַנען, באַצירט מיט אַן אויסגענייטן האַנטעך, האָט געלעבט די מישפּאָכע פון איינעם אַ פּאָליצייַ, אַ געוויסן נאַרוסעוויטש, וועלכער האָט באַגלייט די מאַשינעס מיט טאָרף. פאָרנדיק יעדעס מאָל פאַרבייַ, האָט זיך דעם פּאָ־ליצייַ געוואָלט פאַרלויפן צו זיך אַהיים עפּעס איבערכאַפּן, נאָר אייַנ־ריידן דעם עלטסטן פון דער וואַך, ער זאָל זיך אָפּשטעלן, האָט זיך אים לאַנג ניט אייַנגעגעבן. ביז איינמאָל, אונטער עפּעס אַ יאָמטעוו, ווען אַלע האָבן געערוט און נאָר זיי איז אויסגעקומען אומפאָרן, „ווי די פאַר־

פלוכטע", האָט דער פּאָליציי באמערקט, אַז דער עלטסטער איז דערפון ניט שטארק צופרידן, און ער האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט, קעדיי איינ־לאדן אים צו זיך אַף אַ ביסל בראנפן. דעם דייטש איז עס, קאָנטיק, גע־פעלן געוואָרן. פון דאן אָן איז קימאט ניט געווען דער פאל, מע זאָל פאָרן פארביי און זיך ניט אָפּשטעלן.

פריִער האָט מען זיך באנוגנט בלויז מיט דעם פּאָליציייס שטוב. דער־נאָך איז דער יעיצערהאָרע אויסגעוואקסן, און מע האָט אויך אָנגעשפּארט אין אנדערע נאָענטע כוטאָרס און אינעם דערפל סעליסטשע. מע האָט איבערגעלאָזט עמעצן אכטונג געבן אַף די ייִדן, און אליין איז מען אוועקגעגאנגען פרעסן און זויפן.

ווי עס פירט זיך טאָמיד און אומעטום, ווען מע דארף ארופליגן אַף עמעצן אן איבעריקן יאָך, זוכט מען זיך אויס עפּעס אַ שטיקל שלי־מאזל, אַ טויגעניכטס, וואָס מע ווייסט אפריִער, אַז ער וועט ניט וואגן אָפּזאָגן זיך צו טאָן, וואָס מע וועט אים הייסן. אזוי איז געווען אויך אין דעם פאל, ווען מע האָט געדארפט איבערלאָזן אַף עמעצן אזא מינדערווערטיקע סכוירע, ווי די ייִדן. קימאט יעדן מאָל האָט מען עס אָנגעטרויט איינעם און דעם זעלבן פּאָליציי, קראסנאָ־ווידאָוון.

קראסנאָווידאָוו איז געווען אַ טעמפּער, פלעגמאטישער באָכער. דאָס איינציקע, וואָס איז אים אָנגעגאנגען, איז די אכילע. וויפל שפּייז ער האָט ניט געהאט, איז אים אלץ געווען ווינציק.

ס'האָט געטראָפן, מע איז געפאָרן צו נארוסעוויטשן אַפן כוטאָר. די וואכלייט זיינען אוועק ווער־וווהין, באַ די מאשינעס מיט די ייִדן איז געבליבן בלויז קראסנאָווידאָוו. שטייט ער זיך מיט דער ביקס אַפן אקסל אונטערן דעכל פונעם שפּייכלער, וואָס קומט ארויס צו דער גאס, און בייזערט זיך, לעמיי מע האָט אים געלאָזט אליין. דאָ, אונטער דער סטריכע, שטייען אויך די ייִדן. ס'איז קאלט, עס גיסט אַ רעגן. נאסע, ווי די הינער, שטייט מען איינגענורעט אין די שמאטעס. ווער עס האלט פארמאכט די אויגן, ווער עס רעדט זיך דורך אין דער שטיל מיט עמעצן. די ווענט פון שפּייכלער זיינען ארומגעשטעלט מיט סנאָ־

פעס טוווע. סטויגן היי וויקן זיך אונטערן רעגן אנטקעגן אפֿן פעלד. אין שטאל מרוקעט א בעהיימע פאר בענקשאפט, וואָס מע האָט זי ניט געלאָזט אין פעלד. און עס דערמאָנט זיך קראסנאָווידאָוון די היים, ווו ער וואָלט איצט געקאָנט זײַן, ווען די מילכאָמע ברעכט ניט אויס; אָסיען־צײַט האָט ער זיך דאָך געדארפט דעמאָביליזירן. ער וואָלט זיך אָנגעגעסן צו זאט מיט קנישעס און סמעטענע. און אין אָוונט וואָלט ער זיך איבערגעטאָן און אוועק צו זײַן מיידל. דער רועך ווייסט זי, צי האָט זי דאָרטן שוין ניט קיין אנדערע אוכאזשאָרן. און ער ווערט אין קאס אף די דײַטשן. ער הייבט זיי אָן צו שילטן מיט טויט־קלאָלעס.

וועגן דעם, וואָס עס וועט זײַן מיט אים, טאָמער לײַדן די דײַטשן א מאפּאָלע און עס קומט צוריק די רויטע ארמיי, טראכט ער ניט. ווען מע שטעלט אים שוין יאָ אמאָל אזא פראגע, ענטפערט ער:

— נו, איז וואָס? וואָס וועט מען מיר טאָן? איך בין דען מיטן אייגענעם ווילן אוועק אין פּאָליציי?

נאָר עפּעס געשעט דאָך מיט אים בייס די דאָזיקע רייד. אפֿן הארצן ווערט אים קאלעמוטנע. ער הייבט זיך אָן קראצן די פּאָטיליצע.

— א כאָליערע אפֿן דײַטש... ווען ניט ער, וואָלט אלץ געווען אנדערש...

און עס דערמאָנט זיך אים ווידער זײַן היים ערגעץ באַם דניעסטער, זײַן מיידל — און ער ווערט אנשוויגן, פארזונקען אין אומעט.

דער רעגן גיסט. די יידן שטייען דערבײַ, און ער פארשטייט ניט, צוליב וועלכע צאָרעס היט ער זיי, אף וועלכע קלאָגן דארף ער עס... וואָלט ניט גלײַכער געווען, ווען ער ווארפט עס אלץ אוועק און דערקלײַבט זיך אהיים, ווו עס ווארטן אף אים קנישעס מיט סמעטענע און ווו ער האָט איבערגעלאָזט א מויד מיט א פולן בוזעם בריסט, וואָס בייס ער דערמאָנט זיך נאָר אין זיי, גייט אים דורך א היץ איבערן לײַב...

אזוי איז אריבער א וואָך און צוויי, מע האָט אַלץ געפירט טאָרף צו דער סטאַנציע, און יעדעס מאָל, ערעוו זונטיק אָדער פאַר עפּעס א כאַגע, איז מען פאַרפאָרן צו נאַרוסעוויטשן.

די לעצטע צײַט האָבן די ייִדן באַמערקט, אז נאַרוסעוויטש טראָגט ארויס פון שטוב פּעקלעך און באַהאַלט זיי בא זיך אין קאַבינע אונטערן פּרוזשינעדיקן געזעס. אָפט האָט מען באַמערקט, ווי איבער די דאָזיקע פּעקלעך קומען פאַר סקאַנדאַלן צווישן נאַרוסעוויטשן מיט זײַן שוויגער. אויך דאָס ווײַב זײַנס איז ארומגעגאַנגען מיט פאַרווייִנטע אויגן, און קראַסנאָווידאָוו האָט דערקלערט מיט שאָדן־פרייד:

— אָהאָ, דער נאַרוסעוויטש איז אזא הונט, וואָס אזוינס איז ווײַט צו זוכן. מיר זײַנען אָנגעקומען אין פּאָליציי, ווײַל דער טויט איז געשטאַנען פאַר די אויגן. און אים, ווער האָט אים געטריבן? וואָס איז ער אוועק דינען די פאַשיסטן? איצט וויל ער זיך אויסדינען. ראַק ער פירט מאַטאָנעס פאַר נאַטשאַלסטווע...

אז נאַרוסעוויטשעס שוויגער האָט פײַנט די דײַטשן און אז יעדעס מאָל, וואָס דער אײדעם קומט מיט זיי אָפּן כוטאָר, איז עס איר, ווי א מעסער אין האַרצן, האָבן די לאַגערניקעס אַליין אויך באַמערקט. צו זיי, די ייִדן, האָט זי זיך באַצויגן גוט. זי האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן, וואָס מענטשן שטייען אין דרויסן הונגעריקע. אָפט, בייס די געסט זײַנען געזעסן בא איר אין שטוב, האָט זי, דעם אײדעמס אפצולאָכעס, ארויסגעטראָגן די ייִדן עפּעס עסן. ס׳האָט געטראָפן, אז קראַסנאָווידאָוו פלעגט ארײַנפאַלן דער טירעף אין קאָפּ און ער האָט די אַלטע ניט געוואָלט צולאָזן מיט דעם פאַרטעך הייסע קאַרטאָפל צו די ייִדן, פלעגט זי אוועק אָף אים מיט איר בויך און זיך צעשרײַען:

— דו, הינטשלעגער! דו וועסט מיר פאַרווערן געבן א מענטשן עטלעכע קאַרטאָפל? אַליין פרעסט איר, ווערגן זאָלט איר זיך, און אָף מענטשן האָט איר קיין ראַכמאָנעס ניט... אָף וועמען קוקסטו? אָף דעם פאַסקודניאַק, אָף דעם אײדעם מײַנעם? ער האָט דאָך זײַן סאָוועסט שוין לאַנג פאַרלוירן. דעם אייגענעם פאָטער איז ער גרייט פאַר־

קויפֿן... — און זי האָט אים פֿאַר קאַס שיר די אויגן ניט אויסגעדראַ־
פּעט.

די לאַגערניקעס האָבן ליב באַקומען די ספּריטנע אַלטע, וועלכע
האָט פֿאַר קיינעם קיין מוירע ניט געהאַט. ס׳איז זיי געפֿעלן געוואָרן
נאַרוסעוויטשעס ווײַב, אַ הויכע, שטאַלטנע דאָרפֿישע שיינהײַט, וועלכע
זיי האָבן אָפֿט געזען אַרויסקומען אַ פֿאַרוויינטע נאָך וואַסער צום ברונעם.

וועגן איין מענטשן האָבן זיי ניט געוווּסט, וואָס צו טראַכטן. דאָס
איז געווען וועגן נאַרוסעוויטשעס שוועגערן, וועמעס שיין פּנים־מאָל זיי
האָבן ניט איין מאָל געזען דורכן פֿענצטער. קיינער האָט זי קימאַט
אין ערגעץ ניט געזען גיין. אַ לערערן לויט דער פּראָפֿעסיע, איז זי
ערשט ניט לאַנג געקומען אַהער פֿון קרייסק — אַ שטעטל דערנעבן.
אַ גאַנצן טאָג איז זי געזעסן און געוועבט עפּעס אויף אַ וועבשטול.
אַפֿילו דעמאָלט, ווען די געסט פֿלעגן זי פֿאַרבעטן צום טיש, קעדיי
שליסן מיט איר אַ נעענטערע באַקאַנטשאַפֿט, פֿלעגט זי זיך אויפֿירן
מיט זיי, ווי אַ שטומע, מער אָפּן ווונק, און ניט רירן זיך פֿונעם
אָרט.

פּראָפּים האָט לעכאַטכילע ניט געלייגט קיין אַכט דערויף, וואָס עס
טוט זיך אין כוטאָר. ער האָט פֿײַנט געהאַט די דײַטשן. פֿײַנט געהאַט
קראַסנאָוווידאָוון, פֿײַנט געהאַט נאַרוסעוויטשן מיט זײַן גאַנצער מישפּאָ־
כע, וואָס אָפֿן כוטאָר. ס׳איז איין קאָדלע, האָט ער באַשטימט, אויס־
געריסן מעגן זיי אַלע ווערן.

נאָר אומבאַמערקט פֿאַר זיך אַליין האָט ער פֿונדעסטוועגן אָנגע־
הויבן טראַכטן, אַז ווען עס גיט זיך אים אײַן אַנטלויפֿן, וואָלט ער עפּ־
שער גראָד דאָ געקאָנט איבערקומען די ערשטע עטלעכע טעג. באַם
פּאָליצײַ וואָלט מען געוויס ווינציקער אים געזוכט. און ער האָט זיך אָנ־
געהויבן פֿאָרשטעלן, ווי ער ליגט דאָ ערגעץ באַהאַלטן אין איינעם
פֿון די סטויגן היי, פֿאַרטאָג קריכט ער אַרויס און דערזעט די אַלטע
אומגיין אין הויף, ער טוט שטיל־שטיל אַ פֿײַף, זי דערזעט אים און
טראָגט אַרויס אַ שטיק ברויט, אַ פּאָר קאַרטאָפֿל. אַזוי ליגט ער דאָ
עטלעכע טעג, ביז עס ווערט ניט שטיל אַרום. מע הערט אים אויף

זוכן. און ער גייט אוועק, פּרוּווט זיך דערקלײַבן אהיים, וווּ ער וועט זיך אָן אייצע האַלטן, זען, וואָס מע טוט ווײַטער, אָדער ער וועט גאָר אוועקגיין צום פראָנט...

## 2

אין לעבן פּאַסירט אָפט אַזוי: דער מענטש זוכט דאָס, וואָס איז פאַרהוילן און ווײַט, און באַמערקט ניט דאָס, וואָס עס ליגט מאַמעש אונטער דער סאַמער נאָז, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אַזוי איז אויך געווען מיט פּראָימען.

ער האָט געטרוימט וועגן אַ ווײַטן וועג און ניט געוווּסט, אַז דאָ גאָר נאָענט, לעבן לאַגער, אין די היגע וועלדער און גופא אינעם דער־בײַיקן דערפל, אין סעליסטשע, וווּהין די לאַגערניקעס זײַנען שוין ניט איין מאָל געהאַט פאַרפאָרן מיט נאַרוסעוויטשן, באַהאַלטן זיך אויס איבערגעטאָגענע רויטאַרמייער, וואָס זוכן, פּונקט ווי ער, אַן אויסוועג פון דער לאַגע.

די רויטאַרמייער, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דאָרף, האָט אויסגעמיטן דער גורל פאַרשפּאַרט צו ווערן אין די לאַגערן. קעדיי זיי זאָלן אָבער קאָנען זײַן אין דאָרף, האָבן זיי זיך געמוזט פאַרשטעלן: ווער פאַר אַ לוי־יוצלעך — אַן אײדעם אױף קעסט, ווער פאַר אַן אָרע־מען ווײַטן קאָרעוו, וואָס די מילכאָמע האָט קלוימערשט צופעליק פאַר־וואָרפן אין אָט די מעקוימעס און בעמיילע איז ער געצוווּנגען דאָ צו זײַן, ווער פאַר אַ געדונגענעם אַרבעטער, וועמען מע האָט געמוזט פאַרמעלדן אין דער ראַיאָנער אופּראַווע און דערווײַז דערבײַ, אַז אָן אים קאָן מען ניט אויסקומען אין דער ווירטשאַפט, אַז מע נייטיקט זיך אין אים, ווי אין לעבן.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַזאַ מין דערפל, ווי סעליסטשע, וווּ עס זײַנען געווען געצײלטע עטלעכע הײַזער און וווּ יעדער איינער איז געווען אויסגעבונדן מיטן אַנדערן און געוווּסט, וואָס בײַ יענעם

אין טעפּל קאָכט זיך, האָט ניט געקאָנט בלײַבן אומבאמערקט א פּרײ־שער מענטש, ווען די דאָרפישע אַליין זאָלן עס ניט געוועןן וועלן.

די רויטארמייער, ווידער, האָבן געטאָן אַלץ, זיי זאָלן זיך וואָס ווינציקער ווארפן אין די אויגן: זיי האָבן געארבעט אין פעלד און אַף די גערטענער, זײַנען געווען שטיל, גלײַך זיי וואָלטן געווען צופרידן דערמיט אַליין, וואָס זיי קאָנען דאָ ווי־ניט־איז איבערקומען די שלעכטע צײַט.

אזוי, אַלנפאלס, האָט זיך געקאָנט אויסווײַזן א מענטשן, וואָס האָט ניט געשטעלט פאר זיך קיין ציל נאָכצושפּירן זיי און דערגרונטעווען זיך, מיט וואָס, אַן ערעך, קאָנען לעבן אָט די מענטשן, אויסער זייער ארבעט און אויסער דער זאָרג פארן טעגלעכן שטיקל ברויט.

נאָר אָט איז אוועק א שטיקל צײַט, מע איז א ביסל געקומען צו־זיך, געגומען זיך ארומזען, אַף וועלכער וועלט מע איז. און די זעלבע יונגעלײַט, וואָס האָבן זיך געהאלטן אזוי שטיל און אין א זײַט, האָבן אין פארנאכטיקע שאָען אַלץ אָפטער אָנגעהויבן זיך באגעגענען הינ־טערן דאָרף, אמאָל הינטער א שײַער, אמאָל אפן הויכן ברעג פון טײַך, וואָס איז צעגראָבן פון רעגן־וואסער און ווו עס האָט א גאנצן טאָג, ווי אין קאדאָכעס, זיך שטיל געטרייסלט אַן אַלטע וואסערמיל, און אמאָל — לעבן וואלד גופע, וואָס איז אין עטלעכע ערטער צוגעטראָטן צום דאָרף אזוי נאָענט, אז אין שטילע אָוונטן, ווען אַלץ ארום איז געשלאָפן, האָט מען געהערט, ווי דיביימער ברומען און ווי עס וואָיען וועלף פון דער טיפער ווילדעניש ארויס.

שטילערהייט און געהיט האָט מען זיך צונויפגענומען דאָרט, ווו עס איז געווען אָפּגערעדט און ווו מערסטנטייל האָט אַף זיי געוואַרט א הויכער מאנצבל אין אַן אָפּגענוצטן, גראָען מיליטערישן פלאשטש, פון אונטער וועלכן עס האָבן זיך ארויסגעזען פאָרטופּיי־רימענס מיט א שווערן מאוזער.

געווען איז עס א מענטש שוין אין די יאָרן, אין די האָר אפן קאָפּ און בא די שלייפן האָבן זיך דורכגעוואָרפן זילבערנע פעדעם. די על־טער האָט אָבער אַף אים ניט געהאט קיין שליטע. ער איז געווען

שלאנק, געזונט. יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען אף א באגעגעניש, איז ער געווען ריין אָפּגעגאָלט. אלץ, וואָס ער געטראָגן אף זיך, איז געווען אקוראט. עס האָט זיך באלד געלאָזט מערקן, אז כאָטש עס קומט אים אויס צו לעבן אין גאָר שווערע באדינגונגען, האלט ער זיך אליין פעסט אין די הענט און פאָדערט דאָס זעלבע אויך פונעם צווייטן.

אָפט איז ער געקומען ניט אליין, נאָר מיט נאָך איינעם אָדער אפילע מיט נאָך צוויי. יעדעס מאָל, ווען זיי זײַנען געקומען צו גיין, האָט אין זייערע שטיוול געכליופּעט אזוי, אז טיילמאָל איז אויסגעקומען זיך אוועקזעצן און אויסדרייען די אָנעטשעס. עס האָט פון זיי געשמעקט מיט רויך, ווי פון מענטשן, וואָס פירן א נאַווענאד לעבן און עס קומט זיי אויס צו טאָגן און נעכטיקן בא א שײַטער.

ביידע זײַנע באגלייטער זײַנען צוזאמען קוים אלט געווען אזויפיל, וויפל ער אליין. איינער פון זיי איז מיט זײַן גיך ריידן, מיט דעם ברען פון די אויגן געווען ענלעך אף א ציגײַנער. דער אנדערער איז געווען א מעיושעוודיקער, געלאסענער. ער האָט פארמאָגט א שטיל גענגעלע. דער מענטש האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, איידער ער האָט ניט אויסגעהערט יענעם און זיך ניט באטראכט, וואָס ער האָט צו ענטפערן.

א שטילס איז געווען דאָס דערפל, ווו די רויטארמייער האָבן זיך אויסבאהאלטן. נאָך שטילער, נאָך פארלאָזענער האָבן אויסגעזען די ערטער, ווו זיי זײַנען זיך יעדעס מאָל צונויפגעקומען. דאָס ביסל גערעטעניש, וואָס מע האָט באוויזן אויסצוכאָווען פארן זומער, האָט מען פרי אראָפּגענומען און באהאלטן ווער ווו עס האָט געקאָנט. אָפּגעטאָן די קנאפּע ארבעט, זײַנען אלע שוין געזעסן אין די הײַזער. דעריבער האָבן די רויטארמייער, גייענדיק אהין, ווו זיי האָבן זיך געזאָלט צוזאמענקלײַבן, בלויז געקאָנט אמאָל באגעגענען אן איינזאמע פור מיט א פויער, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון מיל, אָדער דעם פאסטעך פון דאָרף — א בייזע בריע אָן א האנט, וועלכער האָט לעצטנס אומגעבלאָנקעט מיט דער סטאדע ווײַט פון דאָרף. שטייענדיק פארומערט אינעם ליידיקן און נאסן פעלד, האָט דער פאסטעך אויסגעזען פונדערווײַטן, ווי אן אָפּגעהאקטער שטאם פון א בוים, אין וועלכן עס האָט

געטראָפֿן א דונער. אין אזוינע פֿאלן אָבער, כאָטש קיינער האָט, דוכט זיך, אויף די רויטארמייער קיין אכט ניט געלייגט, — ניט דער פֿויער אויף דער פֿור און ניט דער פֿאסטעך, — האָבן זיי פֿון פֿאָרזיכטיקייט־וועגן באלד געביטן דאָס אָרט, ווו זיי האָבן זיך געזאָלט טרעפֿן; זיי זיינען קיינמאָל ניט געקומען אהין, ווו זיי זיינען איין מאָל געווען.

עס האָט געטראָפֿן, אז ווען מע איז אזוי געזעסן אויפֿן ברעג וואלד אָדער באם טייכל און גערעדט צווישן זיך אינדערשטיל, האָט מען דער־הערט פֿאָרן מאשינעס אָדער א שיסעריי אין דעם נאָענטן גארניזאָן פֿון אָלקאָווריטשי. דאן איז געווען געווען, אז דער הויכער, אינעם פֿלאשטש, זאָל געבן א ווונק, און טייקעף איז קיינער ניט געבליבן. בלויז עטלעכע ווייַלעס האָט זיך נאָך געהערט, ווי אין וואלד טריש־טשעט א טרוקן צווייַגל אונטער זייערע פֿיס.

עס זיינען אוועק רעגנס. אינעם אָפּגעוועלקטן פֿעלד זיינען אומע־טום געשטאנען קאליוזשעס וואסער. אין געלן און אין רויטן האָבן זיך אָנגעהויבן פּוצן די ביימער, ס'איז אלץ קילער און קילער געוואָרן.

געווען איז אן אָפּדערנאכט, ווען ארום האָט סומנע געראַוושט דער אויסגעווייקטער וואלד, איבער דעם ליידיקן און וויסטן פֿעלד האָבן אומגעבלאָנקעט פֿערד, קנייפּנדיק א לעצט געבליבן גרעזל. דער הוי־כער, אינעם פֿלאשטש, איז געקומען צו גיין איינער אליין אויף א געוויס אָרט און דאָרט געפֿונען וואַרטן יענע צוויי, מיט וועלכע ער איז שטענ־דיק ארומגעגאנגען. דערזען אים, האָבן זיי זיך אופֿגעהויבן און אים באגריסט. ער איז אָבער דאָס מאָל געווען אומצופֿרידן פֿון עפּעס און האָט זיי ניט געענטפֿערט. די יאַטן האָבן זיך אָנגעכמורעט.

— פֿארוואָס זוכט איר שטענדיק, ווי'אזוי ארופּצוּווארפֿן די שולד אויפֿן צווייטן? — האָט דער הויכער אָנגעהויבן מיט איינגעהאלטענעם געבייזער, ווי נאָר ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א בערגל און ס'איז געקומען צו רייד וועגן דעם, וואָס זיי האָט איצט אמערסטן באומ־רויִקט. — ווי האָב איך אייך געלערנט, האַ? שטילערהייט, שטילערהייט גייט אריַין צו אים אין אָוונט און גיט אים איבער, ער זאָל זיין געהיט... עס זיינען פֿאראן יעדיעס, אז די פּאָליציי ווייסט שוין פֿונעם ברויט,

וואָס ער האָט פאַרבאַהאַלטן אין וואַלד, און טאָמער מאַכט זיך, אַז מע רופט אים אַרויס און מע הייבט זיך אָן נאָכפרעגן, זאָל ער לייקענען שטיין און ביין... ער האָט גאָרנישט ניט פאַרבאַהאַלטן... ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן... ס'איז רעכילעס... אַזוי האָב איך אײַך געהייסן?

דער, וואָס האָט געהאַט דעם אָנבליק פון אַ ציגײַנער, האָט זיך געוואָלט פאַרענטפערן, נאָר דער הויכער האָט אים איבערגעשלאָגן, ניט געלאָזט ריידן.

— איך פרעג בײַ אײַך, אַזוי האָב איך אײַך געהייסן, צי ניין?

זיי האָבן געשוויגן.

— ס'איז אײַך קלאָר געווען די אויפגאַבע?

ווידער קיין שום ענטפער.

— פאַרוואָס זשע האָט איר זי ניט אויסגעפילט? וואָס מיינט איר, ס'איז עפּעס אַ שפּילכעלע? איך וויל ניט וויסן, ווער דאָרטן איז געווען — אַ פּאָליצײַ צי אַזוי אַ לײדיקגייער מיט געווער... ס'איז געווען פינצטער. מע האָט זיך געקאָנט אויסדרייען און אוועקגיין. פאַרוואָס האָט איר עס ניט געטאָן? פאַרוואָס האָט איר אויפגעהויבן אַ שיסערײַ?

— ס'איז ניט געווען קיין שיסערײַ. וואָראָנצאָוו האָט בלויז איין מאָל אויסגעשאָסן.

— צוליב וואָס? קעדיי מע זאָל וויסן, אַז עס זײַנען דאָ מענטשן מיט געווער? איך וועל דעם הינטישן זון שוין געבן אַ גאָב. זאָל ער נאָר קומען צו גיין. נאָר ווו זײַט איר געווען? פאַרוואָס האָט איר עס דערלאָזט? איך רייד שוין ניט דערפון, וואָס אומעטום לאָזט איר איבער שפּורן נאָך זיך. און אויב עס וועט אַזוי גיין ווײַטער, וועט מען אונדז אַלעמען אויסכאַפּן, ווי הינדלעך. ס'איז מיר אַ ראַכמאָנעס אויף די דאָרפישע. אַז עפּעס וועט דראָען אײַך, הייבט איר זיך אויף און ווערט נעלעם. איר זײַט פרײַע פייגל. וווהין זאָלן זיי זיך אָבער אַהינטאָן מיט ווײַבער און קינדער? עס פעלט אײַך, אַז מע זאָל אָנהייבן שלעפּן וואַרדאָמסקין אויף פאַרהערן: „ווער האָט געשאָסן אַרום דײַן שטוב? און ווער בלאָנקעט עס אַרום אין די נעכט?“

— כאווער מאיאָר, — האָט אָנגעהויבן דער צווייטער, וואָס האָט די גאנצע צײַט זיך שווײַגנדיק געריבעט מיט א צווײַגל אין דער ערד, — ס'איז אומעגלעך אויסצוקומען מיט פאשקען. איך זאָג אים, אז איך וועל אליין גיין, נאָר ער, איר ווייסט דען ניט, ווי ער ווערט פארברענט? „ברעכן זיי די קעפּ, די פאשיסטן״ אאוו...

— לארין, ס'איז, דוכט זיך, צײַט צו פארגעדענקען, אז דאָ זײַנען בא אונדז קיין מאיאָרן ניט פאראן...

אינעם העלן געזיכט פונעם יונג האָט זיך ארײַנגעכאפּט א רויטע פארב.

— אנטשולדיקט, פּיאָטער טראָפימאָוויטש... ס'איז שוין אזא גע־וווינהײַט בא אונדז. — ער האָט א ביסל צוגעוואַרט און אָנגעהויבן דערציילן פון דעם אָרט, ווו מע האָט אים איבערגעשלאָגן. — מיר לאָזן זיך גיין צו דער שטוב, איך זע, אז עמעצער דרייט זיך דאָרטן ארום. „פאשקע, — זאָג איך, — לאָמיר אוועקגיין״. נאָר דאָ האָט מען א הילך געגעבן: „שטיי! ווער גייט?״ האָט ער אויך א הילך געטאָן: „און ווער ביסטו?״ א וואָרט פאר א וואָרט, יענער האָט אויסגעשאָסן. איז געוואָרן א הארמידער.

אלע זײַנען געבליבן שטיל. דער מאיאָר האָט פאר פארדראָס גע־דרייט מיטן קאָפּ. גראָד דאָס, וואָס אין דעם אלעמען איז געווען פאר־מישט דער געוועזענער פאָרזיצער פונעם היגן קאָלווירט וואַרדאָמסקי, איז אים מער פון אלץ ניט געפעלן. ווען די דײַטשן דערוויסן זיך, מיט וואָס דער מענטש פארנעמט זיך, איז דאָך א שרעק א טראכט צו טאָן, וואָס וואָלט מיט אים געווען. ער אליין און זײַנע כאווירים וואָלטן דען דאָ געקאָנט בלײַבן, ווען ניט וואַרדאָמסקי? און דער מאיאָר האָט זיך אומגערן דערמאָנט אינעם טאָג, ווען זיי זײַנען געקומען אהער און דאָס ערשטע מאָל זיך באגעגנט מיט אים...

3

געווען איז עס א רעגנדיקער טאָג. ווארדאָמסקי האָט זיך געהאט ארומגעדרייט אין פעלד, ווען ער האָט דערזען, אז א גרופּע רויטאַר־מייער איז אריַין אין שיַיער.

ווארדאָמסקי איז פון אַלעמאָל געווען א מענטש מיט א שווערן כאַראַקטער. נאָר זינט די מילכאָמע איז אויסגעבראָכן, איז ער באַזונ־דערס געווען בייז און אופגעטראָגן. מע האָט מיט אים ניט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט. ער האָט יעדן אָפּגעשניטן. נאָר עפּעס וואָס, זיך געזידלט, גלײַך ווי אין דעם גרויסן בראַנד, וואָס האָט אַלעמען געטראָפן, וואָלט ער געהאט דעם גרעסטן פאַרלוסט.

ער האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן, וואָס מענטשן לויפן, איבערלאָזנ־דיק אַף הפקר אַלץ, וואָס זיי האָבן. באַזונדערס האָט אים אופגע־בראכט, ווען ער האָט צווישן די, וואָס זײַנען געלאָפן, געזען רויטאַר־מייער. ווען א רויטארמייער איז אריַינגעקומען צו אים אין שטוב בעטן א טרונק וואסער, האָט ער אים דורכגעטריבן: „וואָן, פאַכדן!" און ניט נאָר ער אַליין האָט גאָרנישט ניט געגעבן, ער האָט אויך דעם ווײַב אָנגעזאָגט, זי זאָל אַף זיי קיין ראַכמאָנעס ניט האָבן.

אים, ווארדאָמסקין, האָט אויסגעזען ווילד, וואָס מע לאָזט איבער דעם סוינע די אייגענע ערד און מע גייט אוועק דער רועך ווייסט וווהין.

ער האָט געוווסט זײַנס: ס'איז א מילכאָמע, עס האָט א שפּאַר גע־געבן דער סוינע, האָט מען זיך געדאַרפט שטעלן ביזן האַלדז אין בלוט און ניט דערלאָזן אים גיין ווײַטער. עלע דאָס איז ניט געטאָן געוואָרן, האָבן דעריבער די רויטארמייער, וואָס זײַנען אָפּגעטראָטן, ניט געהאט בא אים קיין אנדער נאָמען, ווי פּאַכדאָנים.

ווארדאָמסקי איז געווען א מענטש ניט קיין שטארק איבערגע־שפּיצטער, ער האָט אפילע רעכט קיין גראַמאָטע ניט געוווסט, ער איז אויך ניט געווען קיין גרויסער בעריע, קעדיי זיך דערשלאָגן, אז דער קאָלווירט, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט, זאָל פאַרנעמען דאָס גע־

העריקע אָרט צווישן די נײַ־געשאפענע קאָלווירטן בא דער גרענעץ פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד. דער קאָלווירט איז געווען ניט קיין וואזש־נער. געלעבט האָט מען דאָ אָרעם. אויב וואַרדאַמסקי האָט זיך דאָך געהאלטן, איז עס געווען בלויז דערפאר, וואָס אלע האָבן אים געקענט פאר אן אָרנטלעכן מענטשן, זייער אן איבערגעגעבענעם. פארן קאָל־ווירט וואָלט ער געלאָזט פון זיך פאסן שנײַדן. א סוואָרע, אז אפילו דאָס, וואָס מע האָט ערלעך פארדינט אף די ארבעטסטעג, איז אויך צו־מאָל שווער געווען בא אים ארויסרײַסן, ווי ער וואָלט עס געדארפט ארויסנעמען פון דער אייגענער קעשענע, — אזוי קארג איז ער געווען אף ארויסצוגעבן וואָס־ניט־איז פונעם קאָלווירטישן גוטס. עס איז קיין כידעש ניט, וואָס קיין איין קאָלווירטישע פארזאמלונג איז ניט דורכ־געגאנגען אָן דעם, אז מע זאָל ניט דערמאָנען זײַן נאָמען. ווי נאָר מע האָט זיך צוזאמענגעקליבן, אזוי האָט זיך אָנגעהויבן א סעדרע גע־שרייען, אז ער איז א „זשמאָט“, א „טרוקענע נעשאָמע“, אז מע האָט אים שוין לאנג געדארפט אראָפּנעמען פון זײַן פּאָסטן אאוו. נאָר ניט געקוקט אף די אלע רייד און געשרייען, איז דאָך וואַרדאַמסקי זיך געזעסן אף זײַן אָרט, ווי א שטיין, אן אײַנגעוואקסענער אין דער ערד...

די טעג, ווען עס זײַנען געקומען די דײַטשן און מע האָט גע־דארפט צעטיילן דאָס קאָלווירטישע האָב־און־גוטס, זײַנען געווען די שווערסטע אין וואַרדאַמסקיס לעבן. באריש וואָלט געווען צו זאָגן, אז ער איז געווען קעגן און ניט געלאָזט דאָס טאָן. פארקערט, ער האָט נאָך יעדן אונטערגעטריבן, מע זאָל וואָס גיכער מיט דעם פארענ־דיקן, אבי פאר די מערדער זאָל גאָרנישט ניט איבערבלײַבן. ער, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט דערלויבט אָנרירן א לעבעדיקע באשעפעניש, איז איצט געשטאנען מיט א שטעקן אין די הענט און געטריבן די בע־היימעס, וואָס האָבן זיך אײַנגעשפּארט און ניט געוואָלט פארלאָזן די פערמע.

ארום האָבן זיך געטראָגן איימעדיקע געשרייען פון די בעהיימעס און שעפסן, וועלכע יעדערער האָט געפירט צו זיך אין שטאל. דער אוילעם איז געווען צעטראָגן, מע האָט ניט געוווּסט, צי מע טוט גוט,

צי נײַן, וואָס מע צעשלעפּט דעם קאָלווירט, און וואַרדאָמסקי האָט גע־יאָגט און אונטערגעטריבן: „גיכער, גיכער״...

ער האָט אַליין, מיט די אײגענע הענט, קאַליע געמאַכט די אײנ־ציקע לאָסטמאַשין, אַף וועלכער מע האָט געפירט מילך, זי איז גע־בליבן שטיין אַן אַ מאָטאָר און אָן רעדער. דערנאָך האָט ער אינעם טומל שטילינקערהייט, אַזוי אַז דערפון האָבן געוווּסט נאָר געציילטע מענטשן אין דאָרף, אַרויסגעפירט און פאַרבאַהאַלטן אין וואַלד אַ טייל פונעם אָפּגעדראָשענעם ברויט.

אַז עס איז געקומען צום קוילען דעם בוהײַ פון דער סטאַדע, קעדיי צעטיילן זײַן פלייש, און ער האָט זיך ניט געלאָזט כאַפּן, האָט זיך, ברומענדיק, אומגעטראָגן איבערן הויף, מיט אַ שווער אַראָפּגעלאָ־זענעם קאָפּ, האָט וואַרדאָמסקי מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם שטעקן, איז אַרויסגעלאָפן פון דער פערמע און ביז נאַכט זיך אַרומגעדרייט אין פעלד, ניט געפינענדיק קיין רו...

פון קיין רײַך לעבן האָט וואַרדאָמסקי קיינמאָל ניט געוווּסט, פונקט אַזוי ווי עס האָבן דערפון ניט געוווּסט קימאַט אַלע פּויערים אין דאָרף. ער האָט קיינמאָל ניט געקוקט, וואָס מע דערלאַנגט אים צום טיש און וואָס ער עסט. קיין גרויסער איבערקלײַבער אין אָנטאָן איז ער אויך ניט געווען; דאָס אָפּגעבליאַקעוועטע רעקל פון אַליין געמאַכטן גע־וואַנט, די אָפּגעטראָגענע שטיוול, וואָס ער האָט געשלעפּט ווער ווייסט פון ווען אָן, האָבן אים געקאָנט דינען נאָך לאַנג. ניט דערמיט האָט ער געלעבט און ניט דאָס איז אים אָנגעגאַנגען. וויכטיק זײַנען פאַר אים געווען די געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן, צוליב וועלכע ער איז גע־פאָרן אין ראַיאָן, דאָס האָבן דאָרט באַם באַקומען די זריַע־פאָנדן, האַלוואַעס און קרעדיטן אַף רעמאָנט, די פאַרשיידענע באַראַטונגען און זיצונגען אין ראַיקאָם. און כאָטש ער פלעגט ניט זעלטן אַף אַזאַ באַראַ־טונג אָנשלאָפן ווערן, ניט אַלץ באַנעמענדיק, וואָס מע האָט דאָרט גערעדט, איז אים דאָך דאָס אַלץ געווען ליב און טײַער און ער האָט זיך גע־צויגן מיט אַלע קויכעס ניט אָפּצושטיין פון אַנדערע. ער האָט קלאָר גע־וווּסט איין זאַך: פאַר פּילסודסקין האָבן די פּויערים געלעבט אַ סאַך

ערגער און ס'איז גאָר קיין אויסזיכטן ניט געווען, אז ס'זאָל ווערן אמאָל בעסער...

איצט האָט זיך עס אַלץ געפעלט. ער האָט זיך ניט געקאָנט פאָר־שטעלן, אז עס קאָן אים נאָך אויסקומען צו מאכן פאר זיך א לעבן. און טויזנטער פראגן זײַנען בא אים אופגעקומען, פראגן, אף וועלכע ער האָט קיין ענטפער ניט געקאָנט געבן.

ווען וואַרדאַמסקי האָט דערזען די גרופּע רויטארמייער אַרײַנ־קומען אין שײַער, האָט זיך אים צום אַלעמערשטן פארגלוסט גיין און אַרויסטרײַבן זיי, וואָרעם ביז איצט האָט זיך זײַן הארץ ניט גע־קילט. און אויב ער האָט עס באַלד ניט געטאָן, איז דאָס געווען בלויז דערפאר, וואָס אים האָט זיך געדוכט, אז דאָס זײַנען די זעלבע, וואָס האָבן זיך דאָ אנומלטן געהאט פארטשעפּעט מיט דײַטשן. עס האָט זיך אים פארגלוסט דערוויסן, וואָס טראכטן זיי ווײַטער צו טאָן און וואָס פאר א שטימונג הערשט ביכלאַל צווישן די מיליטער־לײַט. האָט ער זיך פארגאנווועט הינטערן שײַער און זיך אוועקגעשטעלט אונטער־הערן, וואָס מע רעדט דאָרטן...

די רויטארמייער האָבן ארויסגעזאָגט פארשיידענע מיינונגען: איינע האָבן געהאלטן, אז מיט די לעצטע קויכעס דארף מען זיך דערשלאָגן צום פראָנט און פאראייניקן זיך מיט דער רעגולערער ארמיי. אנדערע, פארקערט, האָבן געטײַנעט, אז עס איז שוין צו שפּעט. מע דארף זען דאָ אפן אָרט טאָן די דײַטשן אין דער לעבער אַרײַן, זיי זאָלן האָבן צו געדענקען. עס האָט זיך געפונען אויך אזעלכער, וואָס האָט פאָרגעלייגט אזא מין אויסוועג: ער האָט געהערט דערציילן, אז אינעם לאגער, ווו די יידן גראָבן טאָרף, פאָדערן זיך פּאָליצײַען, האָט ער געייצעט זיך גיין אָנדינגען צו די דײַטשן.

אינעם שײַער איז באַלד שיר ניט דערגאנגען צו א געשלעג. אויך אין וואַרדאַמסקין, וועלכער איז געשטאנען הינטער דער וואנט, האָט אַלץ געקאָכט: „הינטיש בלוט, — האָט ער געטראכט, קריצנדיק מיט די ציין. — הינטיש בלוט!" ער האָט זיך ניט אײַנגעהאלטן און איז אַרײַן אינווייניק.

אף א ביסל שטרוי איז דאָרטן געזעסן און געלעגן א בינטל מענטשן. פון צווישן אלעמען האָט זיך אויסגעטײלט אײנער אין א צעכראַסטעטע העמדל, אָן א רימען, אף וועלכן אלע האָבן געקוקט מיט סינע אין די אויגן, גרײט אים דערהאַרגענען. א בלאָסער, א צעטראָגע־נער, ווי אײנער, וואָס פילט זיך א מינוט פאַרן טויט, האָט זיך יענער פאַרענטפערט:

— ברידער, וואָס האָב איך דען געמײנט? א בראָך אף זײ, אף די פאַשיסטן! וואָס טראַכט איר, אז איך האָב זײ ווײניקער פײַנט, ווי איר?

— וואָס קאָנט איר זיך ניט צעטײלן? — האָט וואַרדאָמסקי גע־פרעגט, זיך מאַכנדיק, אז ער האָט קײן זאַך ניט געהערט.

דערזעען אַרײַנקומען א פרעמדן, זײַנען אלע טײקעף אנשוויגן גע־וואָרן. ס'איז אזוי שטיל געוואָרן, אז מע האָט געהערט, ווי ערגעץ אונ־טער דער סטריכע צוויטשערן שוואַלבעלעך.

— און וואָס איז עס אײַער באַבעס אײסעק? — האָט זיך אומ־פרײַנטלעך אָפּגערופן אײנער פון דער גרופּע, ליגנדיק אף זײַן אָרט. — גײט זיך אײַער וועג...

וואַרדאָמסקי האָט צוגעשוויגן. פון אזא אופנעם וואָלט בא אן אנ־דערן אף זײַן אָרט זיכער אָפּגעפאַלן דער כײשעק האָבן מיט זײ צו טאָן, אָבער ניט בא וואַרדאָמסקין. פונדעסטוועגן האָט אים א ביסל פאַרדראָסן: ער קומט אַרײַן, מײנט זײער טויווע, און דאָ באַפאַלט מען אים גאָר. די אונטערשטע שווערע ליפּ האָט זיך בא אים אַראָפּגעלאָזט. ער האָט זיך א קאַפּעלע אָנגעבלאָזן.

— איך מײן דען עפּעס... — האָט ער, ווי א טאַם, זיך אָנגע־הויבן פאַרענטפערן, זוכנדיק בײסמײַסע מיט די אויגן, ווער פון דער גרופּע קאָן דאָ זײַן דער עלטסטער.

אלע האָבן געקוקט אף אים, וועלנדיק דערגײן, וואָס פאַר א מין מענטש דאָס איז און צוליב וואָס, אײגנטלעך, איז ער אַרײַן אהער.

אים, ווידער, האָט זיך געוואָלט זאָגן עפּעס אזוינס, ער זאָל גע־ווינען זײער צוטרוי און מע זאָל אף אים ניט קוקן אזוי. ער האָט גע־פרעגט:

— ניט איר האָט זיך עס דאָ לענגער פאַרטשעפּעט מיט די פאַשיסטן? פּײַן האָט איר זיי דאָן דערלאַנגט... אוי־וואַ!

נאָר די עטלעכע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט נויסע־כיין זײַן אין זייערע אויגן, האָבן געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג.

— און אַז מיר, איז וואָס? — האָט זיך אָפּגערופן אַ צווייטער. — וועסט אונדז גיין מאַסערן? טראָג זיך אָפּ פונדאַנען, איידער מיר האָבן דיר די פּיס ניט אונטערגעהאַקט... — און וואַרדאָמסקי האָט דערזען, ווי הינטער אים איז אויסגעוואַקסן אַ באָכערל אין אַ שינעלכל, פאַר־שטעלט דעם וועג אַף צוריק.

וואַרדאָמסקי האָט זיך דערפילט באַוולט — מע זאָל אים אָנעמען פאַר אַ מאָסער... „נו, נו, — האָט ער אַ טראַכט געגעבן מיט גרויס צאַר. — זיי קאָנען מיך דאָ דערהאַרגענען און קיינער וועט אפילו ניט וויסן, ווו איך בין אהינגעקומען“. קיין שרעק האָט ער אָבער ניט דער־שפּירט. פאַרקערט, עפּעס איז אין אים אופגעקומען אַ וואַרעמקייט צו זיי דערפאַר, וואָס זיי לעבן אַלץ אַזוי טיף איבער, וואָס זיי זײַנען בייז און פאַרביטערט און קאָנען ניט לײַדן קיין מאָסרים, פּונקט ווי ער.

— וואָלט איר בעסער אַרויסגעשיקט עמעצן אַכטונג געבן אין דרויסן, אַז קיין דײַטשן זאָלן ניט אָנשפּרינגען, — האָט ער אַ מאַך געגעבן מיטן קאָפּ אין יענער זײַט, ווו ס'איז געשטאַנען דער באָכער אינעם שינעלכל, — וואָרעם אָט בין איך אַרײַנגעקומען, און קיינער האָט אפילו ניט באַמערקט. — ער האָט צוגעגעבן מיט אַן ערנסטער שטים: — אומזיסט, כאַוויירים, רעדט איר מיט מיר, ווי איך וואָלט אײַך געווען אַ סוינע: אַ קאָלווירטניק בין איך. איך בין געגאַנגען פאַר־בײַ, האָב דערהערט, אַז מע רעדט, האָב איך געוואָלט פרעגן: עפּשער ווייסט איר עפּעס נײַס... דער קאָפּ גייט שוין אַרום כאַדאָראָם, טראַכטנ־דיק וועגן דעם, וואָס עס וועט זײַן און וויאַזוי לעבט מען ווײַטער...

עס האָט זיך דערהערט אַן אויסגעשריי:

— דו דריי אונדז ניט קיין קאָפּ. זאָג, וואָס ביסטו געקומען אַהער? וואָס ווילסטו?

— וואָס זאָל איך פון אײַך װעלן? פּאַרקערט, עפּשער קאָן איך אײַך מיט עפּעס צוניץ קומען?

— מע בעט דיך ניט דײַנע טויוועס... מיט דער צונג ריידן א סאך זייער פײַן. נאָר גיי און קלײַב זיך פּאַנאַנדער, ווער איז א מענטש און ווער א הונט... קוקסט אים אָן, אָט דעם טיפּ, א רויטארמייער, דאכט זיך, ווי מיר אַלע, צוזאמען מיט אונדז געלאָפן... איצט לייגט ער אונדז פאָר, מיר זאָלן גיין ווערן פּאָליצייער. „סײַוויסײַ, — זאָגט ער, — איז שוין אַלץ פאַרפאַלן"... ער מיינט אויך, קלוימערשט, אונדזער טויווע...

— אָט דער־אָ, דער לאַנגער, האָט עס אײַך געגעבן די שיינע אייצעס?

— „צו אַלדי רוכעס, — זאָגט ער, — דאַרף מען האָבן די ראַטנ־מאכט. דאָס איז דען א לעבן, ווי מיר האָבן געלעבט? אָט די דײַטשן לעבן, דאָס יאָ... אַף א פּענעצל ברויט שמירן זיי אָן א פוד מיט פּוטער..."

ווארדאָמסקי האָט אָנגעהויבן שווער צו עטעמען.

— דו, פּאַראַזיט! — האָט ער א זאָג געגעבן צו דעם צעכראַס־טעטן, — דאָס האָט דיר ניט פּאָטראַפעט די ראַטנמאכט, האַ? גיך האָסטו זיך איבערגעשמאָלצן! די האָדן זײַנען דיר געפעלן?

און געכאַפּט די ווילע, וואָס איז געשטאַנען דערבײַ, איז ער אוועק מיט איר אַפן רויטאַרמייער אינעם צעכראַסטעטן העמדל.

— וואָן! וואָן פונדאַנען, שטיק נעוויילע! וואָרעם איך וועל זיך באָדן אין דײַן בלוט!

יענער איז טייקעף אַרויסגעשפּרונגען אין דרויסן, אונטערן רעגן.

געבליבן אַליין מיט די איבעריקע, האָט ווארדאָמסקי צעשפּיליעט דעם רעגנמאַנטל, אַראָפּגענומען דאָס היטל. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אַף דעם זעלבן אָרט, וווּ פריִער איז געזעסן דער אַרויסגעטריבענער, און האָט אָפּן געזאָגט, זיך שוין מער ניט אויסבאַהאַלטנדיק:

— כאַוויירים, איך זע, איר דרייט זיך אַרום... ווער פון אײַך וויל דאָ בלײַבן? פאַר מיר האָט קיין מוירע ניט. איך בין א סאָוועטישער מענטש. סײַוויסײַ איז שוין ניטאָ מער, וווהין צו לויפן...

ס'האָבן זיך ווידער אָפּגערופן עטלעכע:

— ס'איז דיר גוט צו ריידן, אז דו ביסט אין דער היים. ווו וועלן מיר זיך דאָ אהינטאָן?

דעמלט האָט זיך אַרײַנגעמישט אין געשפּרעך דער מאיאָר, וואָס איז די גאנצע צײַט געזעסן א שווײַגנדיקער און אופמערקזאם זיך צוגע־קוקט צו דעם, וואָס דאָ קומט פאָר.

— לאָזט אים צורו, כאווערים, — האָט ער זיך אָפּגערופן. — איך ווייס ניט, וואָס זײַט איר באפאלן א מענטשן... ער איז דען שולדיק, וואָס אײַך איז אָנגעזאָליעט אפן הארצן? — און ער האָט זיך געווענדט צו וואַרדאָמסקין: — דו, גוטערברודער, וואַרט צו. אײַל זיך ניט. ווי קלערסטו, עס וואָלט זיך אונדז טאקע אײַנגעגעבן דאָ בלײַבן?

— פארוואָס ניט?

— מע זאָל אונדז פארנעמען אין די לאגערן?

— פארוואָס עפּעס אין די לאגערן? איך האָב באקאנטע אין אופּ־ראווע. עטלעכע וועלן מיר צושרײַבן אין דאָרף... און די, וואָס טאָרן זיך ניט ווארפן אין די אויגן, וועלן אוועק אין וואלד. דערווײַל איז נאָך זומער אף דער וועלט, מע וועט ניט פארפאלן ווערן. און שפּעטער וועט מען זען, וואָס מע האָט צו טאָן. איך גלייב ניט, אז אונדזערע זאָלן אוועקגיין אף לאנג.

אלע האָבן געקוקט אפן מאיאָר. מע האָט געוווּסט: ווי ער וועט זאָגן, אזוי וועט זײַן. דעם מאיאָר אָבער אליין איז אויך ניט לײַכט געווען מיטאמאָל זיך אָפּזאָגן פון די האָפענונגען, וואָס זײַנען געווען פארבונדן מיט זייער ביז איצטיקן גיין צום פראָנט. סאָפּקאָלסאָף האָט ער צענומען די הענט, באפרײַט די קני, זיך עטוואָס אויסגעגלײַכט און באשטימט:

— נו, גוט. זאָל זײַן אזוי, ווי דו זאָגסט. נעם אָרדן אײַן די יאטן אין דאָרף. איך מיט נאָך עטלעכע כאווערים וועלן אוועק אין וואלד...

## 4

אין שטילע, כמארנע טעג, ווען ארום האָט מען בלויז געהערט הו־קען זומפּ־פייגל, פון די בלאָטעס האָט אלץ שטארקער געצויגן מיט פײַכטקײַט און עס האָט זיך געפילט, אז דער הארבסט איז שוין ניט ווײַט, איז דער מאיאָר געזעסן ערגעץ אין וואלד און זיך צוגעהערט, צי עס ברומען ניט הינטערן האָריזאָנט קיין אופרײַסן פון סנאריאדן, וואָס זאָלן איידעס זאָגן, אז די רויטע ארמיי האָט דורכגעריסן דעם פראָנט און איז אריבער אין אָנגריף. אָבער מער ווי איינציקע שאָסן אינעם אָלקאָוויטשער גארניזאָן, מער ווי דאָס הודען פון דײַטשישע מא־שינעס און עראָפּלאנען האָט מען גאָרנישט ניט געהערט, און אלץ שווערער און שווערער איז געוואָרן זײַן געמיט.

די יעדיִעס, אז אומעטום אינעם קאנט ווערן געשאפן דײַטשישע גארניזאָנען און פּאָליציי־באצירקן, אז דײַטשן און פּאָליצײַען פאָרן ארום איבער די דערפער פראנק־און־פרײַ און טוען וואָס זיי ווילן, הארגע־נען און ראבעווען, אז ס׳איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיך מיט זיי אָפּרעכע־נען, האָבן אים ארײַנגעבראכט אין גרימצאָרן.

— ווען עס זאָל געווען כאָטש זײַן א ביסל טאָל! — האָט ער שיר ניט געקריצט מיט די ציין.

ער האָט זיך אליין ניט געקאָנט מויכל זײַן, וואָס ער, אן אלטער סאָלדאט, וועלכער האָט א לעבן דורכגעמאכט אונטער דער ביקס, זאָל אזוי־אָ דארפן זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט, בייס דאָס לאנד ווערט כאָרעוו...

דער מאיאָר האָט זיך געפּרוּווט טרייסטן: די פּארטיי וועט ניט איבערלאָזן אליין. אין מאָסקווע קער מען וויסן, אז אין די היגע וועלדער זײַנען געבליבן א סאך רויטארמייער, ס׳וועט זיך דורכרײַסן א דירעק־טיוו. נאָר קיין דירעקטיוון האָבן זיך דערווײַל ניט דורכגעריסן. אומקלאָר און פארפלאָנטערט זײַנען געווען די קלאנגען וועגן דעם פראָנט, אומ־קלאָר און פארפלאָנטערט — די פאָרשטעלונג וועגן דעם, ווי מע וועט דאָ לעבן ווײַטער.

קעדיי זײַן באהאוונט אין אַלץ, וואָס עס טוט זיך ארום, האָט דער מאיאָר אָפּגערעדט מיט זײַנע יאטן, אז אַלץ, וואָס זיי וועלן זיך דערוויסן אין דאָרף, זאָלן זיי קומען אים דערציילן. אזוי איז דערגאנגען צו אים די יעדיִע, אז פּאָליציי ווייסט שוין פונעם ברויט, וואָס וואָרדאָמסקי האָט באהאלטן. ער האָט געוואָלט אים וואָרענען, יענער זאָל ויסן, וואָס ער האָט צו טאָן. מע האָט געדארפט דערגיין, ווער האָט עס אים געקאָנט ארויסגעבן. איז אָט האָסטו דיר. האָט זיך באקומען ניט אזוי, ווי אים האָט זיך געוואָלט

— נו, געגוג זאָל זײַן, — האָט דער מאיאָר געזאָגט און זיך אופגעהויבן פון זײַן אָרט. — בא וואָרדאָמסקין וועל איך הײַנט אַליין זײַן. נאָר פאר אײַך וועט עס זײַן אן אָנלערנונג אף ווײַטער, וויאזוי מע דארף זיך אופירן.

— צוליב וואָס זאָלט איר גיין, פּיאָטער טראָפימאָוויטש? מיר וועלן עס אַליין טאָן. כ׳גיב מײַן ערנוואָרט, אז אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג...

— „ציגאן", וועסט גיין אהין, וווהין מע וועט דיך שיקן. — דער מאיאָר מיטביידע רויטארמייער האָבן זיך אופגעהויבן און זיך געלאָזט גיין. — ס׳איז דאָ אן אָרט, ווו עס איז באגראָבן געווער, וועסטו גיין אהין מיט פאשקען און עס ברענגען. נאָר טאָמער וועט ער דאָס מאָל אָפּטאָן עפּעס א שפּיצל, בין איך ניט איך, אויב איך וועל אים ניט דורכטרײַבן. מעגסט עס אים איבערגעבן... ס׳איז אַלץ קלאָר?

— קלאָר...

פארזונקען אין געדאנקען, איז דער מאיאָר געגאנגען באם ברעג וואלד מיט א ברייטן שפּאן און געצופּט די הויט פון דער אונטערשטער ליפּ, וואָס האָט זיך אים געגומען שיילן פון ווינט. וואָראָנצאָוו, פּאשקע, איז אים מער פון אנדערע רויטארמייער אײַנגעבאקן אין הארצן, און גראָד פון אים דארף ער האָבן צאָרעס. א געוואגטער יונג איז ער. דאָס יאָ. צומאָל אפילע א צו געוואגטער, אומעטום וויל ער זײַן דער ערשטער. דער אומגליק איז אָבער, וואָס מע דארף אף אים שטענדיק אכטונג געבן, ער זאָל עפּעס ניט אָפּטאָן א קונץ. דאָס יונגע בלוט האָט נאָך אין אים ניט איבערגעיוירן, און ער ווייסט צומאָל ניט קיין מאָס.

ווען דאָס וואָלט געווען אין דער אַרמיי, וואָלט ער אים איצט פֿײַן באַ־שטראָפֿט... נאָר דאָ...

ניין, ניין, מע וועט אים מוזן פֿונדעסטוועגן רופֿן צו אָרדענונג, דעם הולטײַ. מע טאָר עס ניט דורכלאָזן. זאָל ער ניט מיינען, אַז עס איז הפֿקר אַ וועלט.

ס׳האָט זיך דערהערט דאָס קנאַקן פֿון אַ בײַטש און אַ מין הוקען פֿון אַ פּאַסטעך, בײַס ער וויל צונויפֿקלײַבן די סטאַדע.

דער מאַיאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— איר גייט זיך, — האָט ער געזאָגט, — און איך וועל אַ רעד טאָן מיטן פּאַסטעך. ער דרייט זיך שוין ווידער דאָ אַרום... עפּשער ווייסט ער עפּעס נײַס...

דערזען דעם פּאַסטעך, האָט דער מאַיאָר אים אַ רוף געטאָן צו זיך.

אין וואַלד, אַ פֿאַרגאָסענעם מיט דער שײַן פֿון זון־פֿאַרגאַנג, ווו יעדער סאָסנע האָט געפֿלאַמט, ווי אַ ליכט, האָבן, בענקענדיק נאָך דער היים און נאָך דער וואַרעמער פּאַליע, שטיל געמוקעט די בהמות און, קראַצנדיק מיט די הערנער די זײַטן, זיך פֿאַמעלעך אויסגעלייגט אויף דער פֿײַכטער ערד. אַ לעצט מאָל אַ געשריי געגעבן אויף זיי „אַ כוואַראָבע!“, האָט זיך דער פּאַסטעך געלאָזט גיין צום מאַיאָר, טראָגנ־דיק די סוויטקע אַריבערגעוואָרפֿן איבערן אַקסל.

דער מאַיאָר האָט געקוקט, ווי דער פּאַסטעך טרעט איבער דעם ווייכן טעפּיך פֿון אַראָפּגעפֿאַלענע בלעטער מיט די רויטע גומענע בוצעס, וואָס מע האָט זיך אין דאָרף אויסגעלערנט מאַכן פֿון אויסגע־נוצטע אויטאָמאַשינעס. ער האָט געוואָלט פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַ מענטש דער פּאַסטעך איז און צי קאָן מען זיך אויף אים פֿאַרלאָזן.

באַקענט האָבן זיך די רויטאַרמייער מיטן פּאַסטעך דאָ אין וואַלד, ווו יענער האָט געפּיטערט די סטאַדע. לעכאַטשילע האָבן זיי ניט גע־קאָנט פֿאַרשטיין, וואָס איז עס פֿאַר אַ פּריטשעפּע און וואָס וויל ער פֿון זיי. ווהין זיי זאָלן ניט געוועזן קומען, מע גיט אַ קוק: אהא, ער איז דאָ מיט זײַן סטאַדע. ער דרייט זיך אַרום און שרײַט, ווי זײַן רעגי־

לעס איז: „היי! א כוואַראַבעו!‟ מע האָט געקאָנט אופנעמען פארשיידן: עפשער וויל ער זיי אויסהיטן פון אלעם בייזן, אָדער, פארקערט, ער שפּירט נאָך, ווּוהין זיי גייען און וואָס זיי טוען. ניט איין מאָל האָבן זיי זיך דעריבער מיט אים דורכגעווערטלט. נאָר דער מענטש איז ניט באָטל געוואָרן. ער האָט זיך אָפּגערופן: „וואָס איז אײַך די ערד קליין? איך פארנעם דען עפּעס בא אײַך?‟ צוביסלעך האָט מען זיך צו אים צוגעוווינט, מע האָט דערזען, אז פאר אים האָט מען ניט וואָס מוירע צו האָבן און מע קאָן אים אפילע אויסנוצן. ער, אן ארײַנגייער אין אלע הײַזער, האָט געוווּסט ניט נאָר, וואָס עס טוט זיך אין דאָרף, נאָר אויך אומעטום ארום.

דער פאסטעך האָט מיט די דײַטשן נאָך קיינמאָל ניט געהאט צו טאָן. אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע האָט ער קיין אָנטייל ניט גענומען, אויב ניט רעכענען דאָס, וואָס מע האָט אים אָף א שטיקל צײַט געהאט גענומען גראָבן אָקאָפּעס. די האנט האָט ער פארלאָרן אויך ניט אָף דער מילכאָמע; אראָפּגענומען האָט מען זי אים מיט א יאָר אָנדערהאלבן צוריק. ער האָט געארבעט אין וואלד אלס העקער. בייס דער ארבעט איז אײַנגעפאלן א בוים און אים שיר ניט דערהאר־געט. אויב ער איז אָפּגעקומען בלויז מיט דער האנט, איז עס געווען א נעס. ארבעטן אין וואלד האָט ער שוין מער ניט געקאָנט, איז ער אוועק פיטערן די קאָלווירטישע סטאדע.

זינט די דײַטשן זײַנען געקומען, האָט זיך יעדערער גענומען טרייסלען איבער זײַן בעהיימעלע מער ווי אלע מאָל. דעריבער האָט מען אָפּגעמאכט מיט אים, אז ער זאָל, ווי ווײַט עס וועט נאָר מעגלעך זײַן, נעכטיקן מיט דער סטאדע אין וואלד, און די ווײַבער וועלן אהין קומען מעלקן. ליגט ער שוין אזוי דעם וויפלטן מעסלעס אין דרויסן און קאָן אהיים ניט גיין אפילע א העמד איבערבײַטן. ער זאָגט גאָר־נישט ניט: מע ברענגט אים עסן אויך אהער. נאָר ביז מע דערטראָגט עס, ווערט עס קאלט און עס פארלירט דעם טאם. דערצו נאָך האָט לעצטנס פון ליגן דורכויס אין דרויסן אים אָנגעהויבן ציִען דער אקסל פון דער אראָפּגענומענער האנט, עס נאָגט און ציט אים אזוי בא דער

נעשאָמע, אַז ער האַלט ניט אויס. ער וואָלט אַלץ אוועקגעגעבן פֿאַר א הייס בעדל מיט א בערעזע־בעזעמל, ער זאָל קאָנען א ביסל אויס־ווארעמען די ביינער. נאָר גיין אין ערגעץ קאָן ער ניט, איבערלאָזן די בעהיימעס האָט ער ניט אַף וועמען. איז ער בעמיילע אין קאַס אי אַף זיך אַליין, אי אַף דער גאַנצער וועלט, און, גייענדיק פֿאַרבײַ, טוט ער באַנײַס א הוקע אַף א בעהיימע, וואָס איז אַנדערש ניט געפֿעלן געוואָרן, ווי זיך אוועקלייגן אים אין וועג.

די בעהיימע פּרוּווט זיך אופֿשטעלן אַף די פֿאָדערשטע פֿיס, נאָר זי איז פֿויל צו רירן זיך פֿונעם אָנגעווארעמטן אָרט, און קוים גייט דורך דער שרײַער, לייגט זי זיך ווידער אַוועק.

איבערן קאָפּ שרײַט א פֿויגל און זעצט זיך איבער פֿון אָרט אַף אָרט, פֿלאַטערנדיק מיט די פֿליגל. דאָס לעצטע ביסל טאָג־שײַן הייבט זיך אָן אויסלעשן. מע הערט, ווי ערגעץ ניט ווײַט פֿאָרן מאַשינעס.

— מיכיי, — פֿרעגט דער מאיאָר באַם פּאַסטעך, זיך אײַנהערנדיק, וווהין פֿאָרן עס די מאַשינעס, — האָסט געוואָלט עפּעס דערציילן?

— וואָס האָב איך צו דערציילן, אַז שוין דעם ווײַפֿלטן מעסלעס, ווי איך בין אין דער היים ניט געוועזן. שלײַאָנדערסט זיך ראַק ארום, ווי א פֿאַרשאָלטענער, אונטערן רעגן. ווען וועט שוין א סאָף נעמען צו אַזא מין לעבן?

— א סאָף ווילסטו? — גיט א זאָג דער מאיאָר: אויך ער ווערט באַהערשט פֿון דער שווערער שטימונג, וואָס האָט, דוכט זיך, באַקומען שליטע ניט נאָר איבער זיי ביידן, נאָר האָט אָנגעפּילט מיט אומעט דעם וואַלד און די ערד אין אָט דעם קילן און נאַסן כמאַרנעם פֿאַרנאַכט. — צום סאָף, ברודערקע, איז נאָך ווײַט... און איך האָב געמיינט, האָסט עפּעס נײַס. כ'זע, דרייסט זיך אַרום...

— וואָלסט געוועזן אַף מײַן אָרט, וואָלסטו זיך, מיסטאַמע, אויך אַרומגעדרייט. עס ווערט נימעס דאָס לעבן. אַף מײַן וואָרט, איך וועל אַף אַלץ א שפּײַ געבן און אוועקגיין אַהיים. ס'איז גוט געוועזן פֿריִער, ווען עס איז געווען ווארעם. איצט אָבער, ווען עס ווערט קעלטער פֿון טאָג צו טאָג, איז דען אַן ארבעט צו ליגן א גאַנצן טאָג אין דרויסן?..

בייסמײַסע דערהערט זיך ווידער דאָס געררויש פון מאשינעס. נאָכן הודען פון די מאָטאָרן קאָן מען זיך מעשאער זײַן, אז זיי פארקערעווען ערגעץ פונעם וועג. דער ווינט טראָגט אָפּ דאָס גערודער און אָט קומט עס ווידער אויף. ענדלעך בלײַבן די מאשינעס שטיין. עס דערטראָגט זיך פון יענער זײַט א בילעריי פון הינט. נאָר גיך, זעט אויס, כאפּט מען די הינט ארײַן אין שטוב, און עס ווערט אינגאנצן שטיל.

דער רעגן הייבט אָן טריפן שטארקער, מיכיי טוט אָף זיך אָן די סוויטקע.

— דו הערסט? — מאכט ער צום מאיאָר. — „געסט" זײַנען שוין געקומען צו פאָרן אף די כוטאָרס. מע פרעסט דאָרטן און מע זויפט. עך! ס'איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיי א פודזשע טאָן, אז מע זאָל די היט־לען ניט קאָנען כאפּן...

דער מאיאָר שווײַגט. ער שטויסט זיך אָן, אז יענער מיינט עס אים מיט זײַנע יאטן. ער טראכט אליין אויך דערפון, אז מע וואָלט געדארפט די גאזלאָנים איבערברעכן די פּיס, באזונדערס דעם היגן הונט, נארו־סעוויטשן, וואָס ווייסט דאָ אלץ און אלעמען און פירט די דײַטשן ארום. ער טראכט אָבער, דער מאיאָר: בא אים מיט די זײַניקע זײַנען דערווײַל קויכעס זייער קנאָפּ, און גיב זיי נאָר איצט א ריר, די פאשיסטן, וועט קליין ווערן די ערד און עס וועט ניט זײַן, ווו זיך אהינצוטאָן... פון טאָג צו טאָג ווערט אזוי אויך די לאגע אלץ שווערער.

— מיכיי, — הייבט ער אָן, ניט אופהערנדיק אײַנצוהערן זיך, וואָס עס טוט זיך ארום. — ס'איז עמעס, אז די פּאָליציי איז שוין דערגאנגען וועגן דעם ברויט, וואָס וואָרדאָמסקי האָט פארבאהאלטן? דו ווייסט ניט, ווער האָט עס געקאָנט ארויסגעבן?

— דער רועך ווייסט זיי, ווער עס קאָן זײַן... ווינציק הינט זײַנען פאראן?

— ווייסט ניט, הייסט עס?

— ניין.

— נו, און ווו עס ליגט דאָס ברויט, ווייסט מען אין דאָרף?

אויך אף דער פראגע האָט מיכיי ניט געקאָנט ענטפערן. ער אַליין האָט זיך אַן ערעך פאַרגעשטעלט, ווו מע האָט עס געקאָנט פארבאהאלטן. נאָר ווו אקוראט — דאָס ווייסט ער אויך ניט.

דער מאיאָר האָט זיך געלאָזט גיין צו זײַניקע.

נאָר איצט האָט זיך דערהערט א שיסערײַ פון יענער זײַט, ווו עס האָבן געראַשט די מאשינעס. פריִער האָט גענומען שיסן א ביקס, ארויס־לאָזנדיק קויל נאָך קויל, צו דער ביקס האָט זיך באלד אויך פארייניקט די אײַליקע טראסקערײַ פון אן אווטאָמאט. עס איז ווידער געוואָרן א בילערײַ פון הינט.

„ווּעמען קאָן מען עס נאָכיאָגן? — האָט דער מאיאָר בא זיך אַליין געפרעגט. — צי האָט מען דאָרט אמאָל ניט געפאקט עמעצן פון די יאטן?" — און ער האָט געוואָרפן א בליק אין יענער זײַט, וווהין זײַנע כאוויירים זײַנען אוועק. דערזעען, אז אויך זיי זײַנען געבליבן שטיין, איז ער צוגעגאנגען צו זיי.

— דאָס איז ערגעץ אף די פּאָזשארער כוטאָרס, — האָט „ציגאן" דערקלערט. — דערלויבט מיר, איך וועל זיך דערוויסן, וואָס איז דאָרטן.

— מע דארף ניט. מיר וועלן זיך אַלץ דערוויסן שפּעטער.

און דער מאיאָר מיט די רויטארמייער איז פארשוווּנדן צווישן דיביימער.

שפּעט באנאכט, ווען דאָס גאנצע דערפל איז געלעגן פארזונקען אין שלאָף און אויסער דעם ברומען פונעם וואלד האָט מען קיין זאך ניט געהערט, איז דער מאיאָר מיטביידע רויטארמייער געקומען צו וואַרדאָמסקין. איבערגעלאָזט ביידע יונגען אין דרויסן, איז ער אַליין ארײַן אין שטוב און האָט געהאט דאָרטן א קורצן שמועס מיט דעם געוועזענעם פאָרזיצער פונעם קאָלווירט. ער איז ניט טייקעף צוגעטראָטן צום עצעם איניען, וועגן וועלכן ער איז געקומען אהער. פריִער האָט ער געפרעגט בא וואַרדאָמסקין, צי ווייסט ער ניט, וואָס פאר א שיסערײַ איז עס געווען פארנאכט אף די כוטאָרס. זיך דערוווּסט, אז דאָס האָט מען זיך נאָכגעיאָגט נאָך איינעם א ייִדן פון די, וואָס פירן טאָרף צו

דער סטאנציע, האָט דער מאיאָר געפרעגט: „נו, האָט זיך אים איַינגעגעבן צו אנטלויפן, צי מע האָט אים געפּאקט?"

— ניין, מע האָט אים ניט געפּאקט. מע האָט געשאָסן און געשאָסן, און ער איז פונדעסטוועגן אנטלאָפן. ניט קיין נארישער יאט, קאָנטיק.

ווי טאָמיד די לעצטע צייַט, ווען פרעמדע מענטשן קומען אריַין אין שטוב, איז צוזאמען מיטן מאיאָר אויך אריַין אהער דער אומרו. א קינד האָט זיך אופגעכאפּט פונעם שלאָף און זיך צעוויינט. די מוטער האָט עס גענומען איַינוויגן.

מע האָט קיין פּייַער ניט אָנגעצונדן. פון דער טונקלעניש האָט ארויסגעלויכטן דעם באַלעבאָס' וויַיס העמד.

דער מאיאָר האָט זיך שוין געקליבן אוועקצוגיין, גלייַך ווי ער וואָלט אהער געקומען בלויז זיך דערוויסן וועגן דער שיסעריַי. דערעכאגעוו האָט ער שוין א פרעג געגעבן, צי טראכט ער ניט, וואָרדאָמסקי, אז עס וואָלט קעדיַי געווען צעטיילן צווישן דער באפעלקערונג דאָס ביסל ברויט, וואָס ער האָט באהאלטן. נאָר וואָרדאָמסקי האָט זיך אָפּגעזאָגט עס צו טאָן.

— עפשער וואָלסטו מיך פּאָרט געפאָלגט, הא, פּאָרזיצער? איך האָב מוירע, אז מע וועט זיך אָנהייבן טשעפּען פארן ברויט, וועלן זיך אָפּזוכן בא דיר נייַע זינד...

— כ'וועל קיינעם דאָס ברויט ניט אוועקגעבן. ס'איז ניט מייַן ברויט. כ'האָב פאר קיינעם קיין מוירע ניט...

— זע, זאָלסט נאָכדעם קיין כאראָטע ניט האָבן. און טאָמער רופט מען דיך ארויס און מע הייבט זיך אָן נאָכפרעגן, ווייסטו כאָטש וואָס צו ענטפערן?

— איך וויים פון גאָרנישט ניט. כ'האָב קיין שום ברויט ניט באהאלטן...

— אָט... אָט... ס'איז א רעכילעס, און שוין...

דער מאיאָר האָט זיך אופגעהויבן פון דער באנק.

— עס וואָלט דיר גאָרניט געשאט א טראכט צו טאָן, ווער האָט עס געקאָנט מאסערן. אזוינע זאכן דארף מען וויסן. ווי מיינסטו, מע קאָן

ניט אין טומל דאָס ברויט גאָר צעשלעפּן? האָסט עס כאָטש גוט באַ־וואָרנט?

ניין. עס איז אויסגעשלאָסן, מע זאָל דאָס ברויט צעשלעפּן, דערין איז וואַרדאַמסקי מער ווי זיכער. ער האָט דאָס ברויט גוט באַוואָרנט, און די מענטשן, וואָס האָבן געוווּסט פון דעם, טרויט ער. זיי וועלן ניט טשעפּען. פונדעסטוועגן, קוים איז דער מאיאָר אַריבערגעטראָטן די שוועל און איז פאַרשוווּנדן אין דער פינצטער, אַזוי גלײַך איז בײַ וואַרדאַמסקין אויפגעקומען די זעלבע פראַגע און ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אין די באַצנטסטע טעג וועט מען אומבאַדינגט דאַרפן זיך דורכגיין און אַ קוק געבן, וואָס טוט זיך מיטן ברויט.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין בעט, געוואָלט אַנשלאָפן ווערן, נאָר דאָס ווײַב האָט אים אַ טאַרקע געגעבן: „ווער איז דער הויכער? וואָס האָט ער געוואָלט?". „ניט דײַן אייסעק", — האָט ער זי אָפּגעהאַקט, און זי איז אַנשוויגן געוואָרן. אים האָט שוין אָבער דער שלאָף ניט גענומען. אומרויִקע געדאַנקען האָבן ניט געלאָזט צורו.

צו וואַרדאַמסקין זײַנען שוין אויך פריִער דערגאַנגען קלאַנגען, אַז מע רעדט אין דאָרף פונעם ברויט, וואָס ער האָט באַהאַלטן. נאָר ער האָט דערויף קיין אַכט ניט געלייגט. איצט אָבער איז עס אים ניט אַרויס פון קאָפּ: האָבן צו טאָן מיט דער פּאָליציי און מיט געסטאַפּאָ — דאָס האָט זיך אים זייער ניט געוואָלט. איז ער געלעגן און געטראַכט דער־פון, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן איז איצטער ניט ווערט קיין שמעק טאַבעק, אַז ער וואָלט זיך טאַקע געדאַרפט דערוויסן, ווער אַן ערעך האָט עס אים געקאָנט מאַסערן. דוכט זיך, אַלעמען קען ער זייער גוט. אַ פרעמדער מענטש, וואָס האָט ניט געוווּסט פונעם ברויט, האָט עס דאָך ניט געקאָנט טאָן. הייסט עס, אַז דאָס האָט געטאָן ניט אַנדערש, ווי אַ היימישער, וועלכער ווייסט אַלץ, וואָס אין דאָרף טוט זיך, אַזאַ איינער, מיט וועלכן ער קאָן זיך באַגעגענען יעדן טאָג. איצט פעלט נאָך, מע זאָל גיין און איבערגעבן, אַז ער באַהאַלט אויס רויטאַרמייער, קאָמוניסטן, אַז מע האַלט צו אים אין איין גיין באַנאַכט.

— כ'האָב זיי אין דער ערד! וואָס האָב איך פאַר זיי מוירע? — האָט ער זיך אַליין געמונטערט, שילטנדיק די אַלע, וואָס זײַנען געקומען פאַרשטערן דאָס לעבן. — זאָל מען נאָר צו מיר קומען און פּרוּוון עפּעס טאָן שלעכטס, וועל איך זיי געבן מיט אַ האַק אין קאָפּ און וועל אַליין אַוועק אין וואַלד...

נאָר פונדעסטוועגן, וויפל ער האָט זיך ניט געבעריעט, איז אים דאָך אַפן האַרצן געבליבן אַ שווערער שטיין. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געקוקט אין דער פינצטערניש, ביז עס האָט זיך ווידעראַמאָל ניט דערהערט אַ בילעריי פון הינט. האָט ער זיך אויפגעהויבן אַ בליק געבן, וואָס בילן זיי אַזוי.

וואָס איז עס פאַר אַ רועך? וועמען טראָגט עס ווידער אַהער? די יאַטן, וואָס זײַנען בײַ אים געווען, זײַנען שוין לאַנג אַוועק. ווער זשע קאָן זיך אומדרייען לעבן זײַן שטוב? די הינט ווערן שיר ניט צעריסן האַווקענדיק. זאָל זײַן, אַז עמעצער פּרוּווט נאָכשפּירן נאָך זײַן שטוב און וויל אויסקלאָרן, ווער עס גייט צו אים? וויבאַלד אַזוי, דאַרף מען אַרויס אין הויף, נעמען דעם שוואַרצן פונעם וואָגן און פּלעטן יענעם דעם קאָפּ, בלוט זאָל זיך פון אים גיסן, ווי פון אַ כּאַזער, אַזוי אַז ער זאָל פאַרגעסן דעם וועג צו זײַן שטוב.

ער פאַלט צו צום פענצטער, און אין דער פאַרטאָגיקער גרויקייט דערזעט ער אַ מענטשן, וואָס שלײַכט זיך שטילערהייט צו זײַן הויף. אָט בלײַבט ער שטיין, עפנט פאָרזיכטיק די פאָרטקע און גייט אַרײַן... טאַפּט אָן וואַרדאָמסקי אונטער דער באַנק די האַק און כאַפּט זיך אַרויס אין דרויסן...

ס'איז קיל און טונקל. אַ שמאָל ליכטיק פּאַסיקל אַף דעם מיט כמאַ־רעס פאַרצויגענעם הימל ווײַזט, אַז עס הייבט שוין אָן גראָען אַף טאָג. אַ ווינט רוישט אין די נאַסע קוסטעס, וואָס וואַקסן בײַם וועג. וואַרדאָמ־סקי פילט שוין גאָרנישט ניט. ער גאַנוועט זיך שטיל, קעדיי זײַן אָנפאַל זאָל זײַן אומגעריכט. נאָר דער מענטש דערזעט אים פריִער, איידער ער קומט צו אים צו. ער שפּרינגט אַריבער דעם פּלויט, און אינעם שטילן

פאַרטאָג דערהערט זיך, ווי יענער אַנטלויפט. וואַרדאַמסקי באַווייַזט בלויז צו באַמערקן, אַז דער מענטש איז אָן אַ היטל, אַ שטאַרק צעשויבערטער, מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס.

ערשט איצט, ווען יענער פאַרשווינדט און וואַרדאַמסקי קערט זיך אום אין שטוב, פאַרשטייט ער, אַז דאָס איז געווען גיכער פון אַלץ אַ בעטלער. און ער גיט אַ טראַכט, צי איז עס ניט אַמאָל דער אַנטלאָפענער ייִד, נאָך וועלכן די דייַטשן האָבן זיך נאָכגעיאָגט. עס ווערט אים לייַכטער אויפן האַרצן. ער קאָן שוין רויִקער אַלץ באַטראַכטן. „נו, יאָ, — באַשטימט ער, — ווען בעמייַלע וועט ווילדערן, אַז מע דאַרף מוירע האָבן זיך באַווייַזן פאַר מענטשן"...

ער האָט בלויז ניט פאַרשטאַנען איין זאַך: וואָס דרייט ער זיך דאָ אַרום, דער ייִד? עס האָט זיך דיר שוין אייַנגעגעבן אַנטלויפן, טאָ טראָג זיך אָפּ פונדאַנען! ווייַז ניט מער דייַן נאָז אַרום דעם לאַגער.

פאַרנאַכט איז וואַרדאַמסקי אַוועקגעפאָרן נאָך היי אין פעלד. און איידער ער איז נאָך צוגעקומען צו די סטויגן, וואָס זייַנען געשטאַנען אויפן זומפּ, איז פון אונטער איינעם אַ סטויג אַרויסגעקראָכן עפּעס אַ פאַרשוין און האָט זיך געלאָזט לויפן צום נאָענטן וועלדל. און ווידער, ווי פאַרטאָג, ווען וואַרדאַמסקי איז אַרויס מיט דער האַק אין דרויסן, האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן דער צעשויבערטער קאָפּ און דער זאַק אויף די פּלייצעס, וואָס האָט יענעם געדינט פאַר דער איינציקער שוץ אין נעץ און קעלט. אפּאָנעם, דאָס איז טאַקע געווען דער ייִד, וואָס איז נעכטן אַנטלאָפן אויף די פּאָזשאַרער כוטאָרס.

וואַרדאַמסקי האָט אָנגעלייגט אַ וואָגן היי און איז אַוועקגעפאָרן צוריק אַהיים. די גאַנצע צייַט, וואָס ער האָט זיך געייסעקט באַם סטויג, איז דער מענטש געשטאַנען צווישן די ביימער אויפן בערג וועלדל און געוואַרט, ער זאָל אַוועקפאָרן. דערנאָך איז ער אַרויסגעקומען פון זייַן באַהעלטעניש, האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט ניט, און זיך געלאָזט גיין מיט דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן עס איז אַוועקגעפאָרן די פור.

ניט דערגייענדיק צום דערפל, איז דער מענטש געבליבן שטיין,

ניט געקאָנט בא זיך פּויעלן גיין ווײַטער. א זײַטיקער וועג האָט גע־פירט ערגעץ אַף רעכטס, און ער האָט זיך געלאָזט מיט אים.

ער איז געגאנגען, ווי מיט פארמאכטע אויגן, וווהין עס האָט זיך געלאָזט. עס האָט זיך געפילט: ניט ער ווייסט, וווהין צו גיין, ניט ער האָט קויכעס צו גיין.

## 5

פון זינט פראַים איז אנטלאָפן, זײַנען אוועק סאכאקל צוויי מעס־לעס, צעצויגן האָבן זיי זיך אָבער פאר אים ווי צוויי יאָר. אזויפיל קויכעס האָט עס אים געקאָסט און אזוי צעבראָכן איז ער געווען פון ארומשלעפן זיך א פארוואָגלטער, ווי א פארטריבענע כײַע, ניט געפי־נענדיק אין ערגעץ קיין טקומע פאר זיך.

בייס ער האָט זיך געלאָזט לויפן פונעם כוטאָר און עס איז געוואָרן א שיסערײַ, האָט ער בלויז געפילט, אז ער דאַרף וואָס גיכער פאר־שווינדן, אז דערפון, צי דאָס וועט זיך אים אײַנגעבן, איז אָפּהענגיק זײַן ווײַטערדיקער גורל. דאן האָט ער מער פון קיין שום זאך ניט געטראכט. ער האָט די לעצטע קויכעס אָנגעווענדט און איז געלאָפן. ער האָט זיך ארײַנגעכאפּט אין וואלד, איז געפאלן, זיך פארטשעפּעט אין עפּעס, באלד זיך אופגעריסן און ווידער געלאָפן. צוגעקומען צו א טײַכל, איז ער עס דורכגעגאנגען אזוי ווי ער שטייט און גייט, אין די קליידער. עס האָט פון אים געגאָסן וואסער. אים איז שווערער געוואָרן צו גיין.

ווען עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער איז גענוג ווײַט אָפּגע־גאנגען פון די כוטאָרס, האָט ער זיך אוועקגעזעצט אַף דער ערד, צו־געשפּארט זיך מיטן רוקן צו א בוים און איז אזוי אין דער פינצטער א ביסל געזעסן, קוים איבערכאפּנדיק דעם אָטעם. דאָס הארץ, האָט זיך אים געדוכט, שפּארט פאנאנדער די ברוסט. דער אָטעם האָט גע־שניטן. א גליק איז כאָטש געווען, וואָס א ווינטל האָט געווייעט און

אים אָפּגעפּרישט, וואָרעם ער האָט געפֿילט, אז אים ווערט ניט גוט. דערנאָך איז אים געוואָרן קאַלט. עס האָט אים גענומען קלאַפּן א צאָן אין א צאָן, און ער האָט פאַרשטאַנען, אז מע דאַרף זיך אופהייבן און זיך לאָזן גיין ווײַטער, קאָלזמאַן ס'איז נאַכט און קיינער זעט אים ניט...

אין איינעניש האָט ער, ווײַזט אויס, פאַרלאָרן די בייטיקע ריכ־טונג, און נאָך לאַנגן אומגיין איז ער אַרויסגעקומען צו דעם זעלבן כוטאָר, פונוואַנען ער איז אנטלאָפן. ער האָט אים ניט דערקענט אין דער פינצטער, געוואָלט אָנקלאַפּן און פרעגן דעם וועג. אין הויף האָט זיך אַרומגעדרייט דער באַלעבאָס. נאָר דערזען אים, האָט ער זיך פאַר־שטעלט מיט ביידע הענט פון אים, ווי ער וואָלט דערזען דעם מאַלעכ־אַמאָוועס.

— גיי, גיי גיכער אוועק פונדאַנען! די גאַזלאָנים זײַנען נאָך ער־גערץ דאָ... טאָמער פאַקט מען דיך, זײַנען מיר פאַרפאַלענע, באַגלײַך מיט דיר...

און ס'האָט פראַזימען א טראָג געגעבן ווײַטער מיט דעם קויעך, וואָס נעמט זיך באַם מענטשן, וועלכער ווייסט, אז די געפאַר רינגלט אים אַרום אַף יעדן שריט און טריט...

ער איז אַרויס אַף עפּעס א וועג און זיך געלאָזט מיט אים גיין. ערגעץ דאָ, האָט ער געוווּסט, דאַרף זײַן די וואַסערמיל, וועגן וועל־כער דער באַקאַנטער שאָפער אין די קירזעווע שטיוול האָט מיט אים גערעדט. „גיי, — האָט ער אים געזאָגט, — גיי צו זאַבאָריע. דאָרטן אין דער וואַסערמיל אַרבעט מײַן שוואָער. זאָג אים, אז אנטאָן האָט דיך געשיקט, און עס וועט שויך זײַן אַלץ רעכט"... ער וואָלט בלויז באַ־דאַרפט, מע זאָל אים לאָזן זיך אויסרוען עטלעכע טעג, איידער ער וועט באַשליסן, וואָס ווײַטער צו טאָן.

עס איז געווען נאָך פינצטער, כאָטש עס האָט זיך געפילט, אז אָט־אָט וועט אָנהייבן טאָגן, ווען ער איז אַרויס צו עפּעס א דערפל. ער האָט ניט געוווּסט, צי דאָס איז זאַבאָריע אָדער עפּעס אַן אַנדער דאָרף... נאָר פרעגן איז ניט געווען באַ וועמען. אַלע זײַנען געשלאָפן. און ווען מע זאָל אַפילע געווען זײַן וואַך, האָט ער אויך ניט געוווּסט,

אף וועמען מע קאָן דאָ אָנטרעפן. נאָר פרעגן עמעצן האָט מען דאָך געמוזט, מע האָט געמוזט דערגיין, וויאַזוי קומט מען ארויס צום מילנער. איז מען ארויסגעלאָפן מיט א האק פון שטוב נאָך אים...

„נאָר ניט אראָפּפאלן בא זיך, — האָט פראָים זיך אליין אײַנגערעדט, זיך דערמאָנענדיק, וויאַזוי ער איז אנטלאָפן, — ווי שלעכט מיר איז ניט, איז מיר פאָרט בעסער, ווי גוראריען, ווי אלע יידן אינעם לאגער... דאָס אליין, וואָס איך קוק ניט אָן די קוילער, איז שוין א גרויסע זאך... אײַ, איך בין הונגעריק, וועל איך צוקומען צו עפּעס א דערפל, וועל איך בעטן עסן"...

צו אָוונט־צו איז ער ארויסגעקומען צו עפּעס א כוטאָר. מע האָט אים ארײַנגעלאָזט אין הויף. זיצנדיק אפן שוועל פונעם פירהויז, האָט ער אופגעגעסן דאָס, וואָס די באלעבאָסטע האָט אים ארויסגעטראָגן. ער האָט זיך פאָרזיכטיק נאָכגעפרעגט אף דער וואַסערמיל...

ווען ער האָט זיך, ענדלעך, דערקליבן אהין, האָט ער זיך דערפילט גליקלעך. אינעם איינציקן קליינעם שטיבל פונעם מיל־הויף האָט נאָך געברענט פײַער. עס האָט אים אהינצו געצויגן ארײַנקומען זיך עטוואָס דערוואַרעמען. נאָר אינעם הויף זײַנען געווען פורן. מע האָט געהערט, ווי מע רעדט, און, שטייענדיק צווישן די קוסטעס אפן ברעג טײַכל, האָט ער לאנג נאָכגעשפּירט נאָך דער מיל, פונוואַנען עס האָט זיך דערטראָגן צו אים דאָס אומופהערלעכע גערויש פונעם וואַסער, וואָס דרייט די ראָד... עס האָבן געקלאפּט און גערודערט די הילצערנע רעדער. מיט א שטילער טרייסלעניש האָט זיך געטרייסלט די מיל...

דעם גאנצן טאָג איז ער דערנאָך ווידער אָפּגעלעגן אין עפּעס א גרוב. „אנטאָן האָט מיך געשיקט צו דיר", — האָבן אָן אופהער געכאַזערט זײַנע ליפּן. די ווערטער האָבן באַדארפט אים דינען ווי א פּאַראָל. אף זיי האָט ער געלייגט זײַן לעצט ביסל האָפענונג. ער האָט מוירע געהאַט, כאָלילע, זיי צו פארגעסן...

די גאנצע צײַט דערנאָך האָט ער אלץ אכטונג געגעבן אף דער

מיל. ער האָט געפּירט א כעזשבן, וויפל פורן קומען צו פאָרן אהינצו און וויפל פאָרן אוועק. אזוי האָט געדויערט, ביז פאר גרויס מידקייט איז ער ניט איינגעשלאָפן.

נאָכן זון־פארגאנג איז ער ווידער געקומען צו דער מיל. אין הויף זיינען נאָך אלץ געווען פורן. שטעקן ווייטער דאָ אין פעלד האָט ער מוירע געהאט. איז ער אוועק אין די קוסטעס... איצט האָט ער שוין אינגאנצן ניט געוווסט, וווהין צו גיין... ער איז מיד געווען, הונגעריק... עס איז אים געוואָרן קאלט. אף דורך־און־דורך האָט אים דורכגענומען די פייכטקייט. וויפל מאָל ער פרווט ניט אריינקומען אין דער מיל, און עס באקומט זיך גאָרנישט.

און פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אף דער שוידערלעכער לאגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, האָט פראָימען ניט פארלאָזט דער געדאנק: „גוט, וואָס איך בין אנטלאָפן פונעם לאגער". עס איז אים געווען שלעכט, זייער שלעכט... ער האָט ניט געוווסט, וואָס טוט מען, וווהין גייט מען... ער האָט זיך דערפילט, ווי אמאָל, ווען קינדווייז האָט ער זיך געטרונקען אין סוויסלאָטש. פארגעדענקט האָט ער אף אייביק, ווי ער זינקט אפן דעק און אויבן, איבער זיין קאָפּ, ווימלט טונקל־געל, ווי בורשטין, דאָס וואסער, אָנשווימענדיק אף אים מיט א שווערער כמארע...

און ווידער איז אָנגעקומען א קאלטע נאכט, אן אומרויקער, מינוטיקער שלאָף, ווידער א פארטאָגיקער, פייכטער נעפל, וועלכער האָט אים דורכגענומען אף דורך־און־דורך, א כמארנער טאָג...

ביז עס וועט ניט אָנקומען דער אָוונט, האָט ער ניט געהאט, וואָס צו טאָן אף דער מיל. ער איז געווען הונגעריק. מע האָט באדארפט זוכן, ווו עפּעס אָפּצועסן. מע האָט באדארפט גיין וווהין... און פראָים איז ווידער אוועקגעגאנגען...

ער איז געגאנגען לאנג מיט א ברעג וואלד, ביז ער האָט ניט דערזען פאר זיך א דורכלייכט צווישן דיביימער... עס האָט פון ערגעץ געצויגן מיט רויך. איבערן וואלד האָט זיך געשפרייט א רייעך פון געקעכטס...

נאך עטלעכע געציילטע טריט, און פראים האט דערזען עטלעכע שטיבלעך. זיי זיינען געווען ארומגעצאמט מיט א פלויט. אינעם הויף זיינען געשטאנען גרויסע אייזערנע טשאנען און עס האבן זיך געוואלגערט בערג מיט קארטשעס און אפגעהאקטע שטאמען פוןביימער. די קארטשעס זיינען געלעגן ארום הויף, אין הויף, אומעטום. פון אלץ, אי פון די שטיבלעך, אי פון די טשאנען, האט געשמעקט זייער שארף: סמאלע — ניט סמאלע, סקיפידאר — ניט סקיפידאר.

פראים איז שוין געווען אזוי מיד און אויסגעשעפט, אז ער האט באשטימט אריינגיין אין איינעם פון די שטיבלעך און זאל זיין וואס ס'וועט זיין...

ער האט אופגעעפנט די טיר, איז אריינגעקומען, דערזען א נארע, אויסגעשפרייט מיט שטרוי, זיך אוועקגעלייגט. אינעם שטיבל איז קיינער ניט געווען. א פארשפעטיקטע פליג האט זיך געשלאגן אין די שייבלעך און זיך ניט געקאנט ארויסרייסן אף דער פריי. צוהערנדיק זיך, וויאזוי די פליג זשומעט, איז ער איינגעשלאפן.

עס האט זיך אים געכאלעמט, אז ער שטייט בא א ברעג טייך און זעט, ווי ווייבער וואשן גרעט. זיי שטייען בארוועסע, מיט פארשטעקטע קליידער, און פאטשן אויס דאס גרעט מיט פראניקעס. דאס וואסער שעמערירט אזוי, אז ער ווערט פארבלענדט. ער וויל אפווענדן זיין בליק פונעם טייך און קאן ניט. ער קאן ביכלאל ניט רירן מיט קיין אייווער, כאטש ער ווייסט, דאס באוווסטזיין זאגט אים אונטער, אז דאס הילכן ניט קיין פראניקעס, מיט וועלכע מע קלאפט אויס וועש, נאר אז דאס שיסט מען גאר ערגעץ ניט וויט... מיט גוואלד עפנט ער אוף די אויגן: א פרוי שטייט אנטקעגן אים, די הענט פארלייגט אונטערן פארטעך, און באטראכט אים. זעט אויס, אז זי איז נארוואס אריינגעקומען אהער עפעס נעמען און איז שטיין געבליבן, ניט דערווארטנדיק דא עמעצן צו טרעפן. אנגעטאן איז זי דארפיש, אין א געפאלדעוועטן קלייד. אירע אויגן זיינען ברייט צעעפנט. אין זיי איז אי נייגער, אי צעטומלטקייט...

— ווי קומסטו אהער? — פרעגט זי אים. — פונוואנען האָסטו זיך גענומען?

ער ענטפערט ניט אף איר פראגע, זעצט זיך שנעל אוועק. ער איז גרייט זיך ארויסכאפּן פון שטיבל און אנטלויפן. עס דערטראַגט זיך אָבער ווידער א שיסעריַי...

— ווו שיסט מען עס? — פרעגט ער. — עפּעס זייער נאָענט.

זי בארויִקט אים:

— האָב ניט מוירע. אהערצו קומט קיינער ניט. דאָס שיסן די וואכליַיט, וואָס היטן די בריק איבערן טיַיך.

ער וויל זיך פארענטפערן, לעמיַי ער האָט אָן א דערלויבעניש זיך אריַינגעגאנוועט אין שטוב. נאָר איר גייט עס קלאָל ניט אָן.

— וואָסי? — זאָגט זי. — עס פּוסטעוועט סיַוויסיַי. פריִער האָבן דאָ געוווינט ארבעטער פונעם סמאָלעקורנעם זאוואָדל. נאָר זינט די מילכאָמע, איז מען זיך צעקראָכן ווער־וווהין...

ער טוט א קוק אף איר. שוין זשע פארשטייט זי ניט, ווער ער איז? ער וויל וויסן, וואָס וואָלט געווען, ווען זי שטויסט זיך אָן, פונ־וואנען ער קומט. ער זאָגט איר:

— איך בין פון לאגער אנטלאָפן. פונעם טאָרף. א ייִד בין איך.

נאָר אויך דאָס מאכט אף איר ניט קיין איבעריקן רוישעם. זי גייט אוועק און ברענגט אים צו טראָגן עסן. עס קיַיקלען זיך פראַזי־מען טרערן איבער די באקן, בייס ער עסט. די פרוי קערט זיך אָפּ אין א זיַיט.

ער עסט אָפּ און וויל אוועקגיין. נאָר זי אייצעט אים אין ערגעץ ניט גיין. „רו אָפּ דעם טאָג, — זאָגט זי צו אים, — און מאָרגן וועט מען זען".

זי מאכט אים א געלעגער. אף מאָרגן הייצט זי איַין אין בעדל און הייסט אים גיין זיך אויסוואשן. זי טוט אים איבער אין אנדערע קליי־דער. ער גאָלט זיך אָפּ. פאר דער ציַיט, וואָס דאָס אלץ קומט פאָר, זעט ער נאָר די באלעבאָסטע, וואָס אייסעקט זיך מיט אים, און איר טאָכטער, וועלכע קוקט אים שטילשוויַיגנדיק נאָך. אלץ, וואָס מע

הייסט אים טאָן, טוט ער. ער איז נאָכגיביק, ווי א קינד. עס דוכט, דער מענטש לעבט ווי אין כאָלעם.

ווען די באַלעבאָסטע ברענגט אים ווידעראַמאָל עסן און ער מאַכט א רייד דערפון, אז ער דאַרף אוועקגיין, הייסט זי אים וואַרטן, ביז דער מאַן אירער וועט זיך אומקערן אהיים. ער האָט אוועקגעפירט א פורל האָלץ אין קרייסק. ער וועט קומען, וועט מען זיך אַן אייצע האַלטן, וואָס צו טאָן...

— וווהין וועסטו גיין? — פרעגט זי אים. — וועסט אומקומען פאַר גאָרנישט מיט נישט. ביסט שוין דאָ, טאָ זײַ בא אונדז. גאָט אַליין האָט דיר אָנגעוויזן דעם וועג צו אונדז.

פראָים שווײַגט. לאַנג, טראַכט ער, וועט ער דאָ ניט זײַן, ער דאַרף בלויז א ביסל קומען צו־זיך. און ווײַטער וועט מען זען... איצט, ווען ער האָט זיך עטוואָס אָפּגערוט, הייבן אים באַנײַס אָן צו מאַטערן די געדאַנקען וועגן דעם לאַגער; וואָס איז מיט גוראַריען; ווו איז עס־טער; ווי לעבט מען עס אין שטאָט צוזאַמען מיט די אויסוווּרפן. און שווערע פאָרגעפילן באַהערשן אים...

## קאַפּיטל צען

אין שטאָט, באַזונדערס אין יִדישן ראַיאָן, איז דאָס לעבן, וואָס א טאָג ווײַטער, געוואָרן אַלץ ביטערער און ביטערער. מיטן אויסרייד, אז מע טוט עס צוליב דעם, קעדיי די באַנדיטן זאָל שווערער אָנקומען זיך אַרײַנרײַסן אין יִדישע הײַזער, האָט מען אַרומגעצאַמט די געטאָ מיט שטעכדראָט. ניט געקוקט אָבער דערויף, האָבן די אָנפאַלן ניט אויפגעהערט... ווי נאָר עס איז געוואָרן נאַכט, אַזוי האָבן גוואַלד־געשרייען, א קלינגערײַ פון

אײַזן אין שטיקער רעלסן און אין עמערס ווידער פאַרהילכט אַלץ ארום. ווער עס איז געבליבן לעבן, האָט זיך קוים דערוואַרט דעם באַגינען. עס איז שווער געווען דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז מע קאָן אויך איבער־מיטן העלן טאָג אומברענגען מענטשן.

און ווידער האָט מען זיך יעדן פרימאָרגן געקליבן באַם יודענראַט און באַ די דראָטן, געוואַרט, מע זאָל קומען נעמען אַף אַרבעט.

ווען מע האָט דערנאָך די ייִדן געפירט איבער די גאַסן, ווי פאַר־ברעכער, מיט געלע לאַטעס אַף דער ברוסט און אַף דער פּלייצע, איז אפן הארצן געווען מוירעדיק שווער. עס איז געווען אַ ווײַסטער ביזאָיען, צו וואָס מע האָט עס דערלעבט. קיינער האָט אָבער ניט געוווּסט, ווי איז גלײַכער: גיין אַף דער פאַרהאַסטער אַרבעט אָדער עפּשער בלײַבן אין דער היים, ווי עס טוען אַנדערע, און, טאָמער טרעפט עפּעס, זײַן צוזאַמען מיט דער מישפּאָכע.

די לעצטע צײַט האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן מעשונע־ווילדע קלאַנגען, פון וועלכע אַ גרויל איז דורך איבערן לײַב. איינע האָבן דערציילט, אַז אַף דער פּראַכט־סטאַנציע שטייען אָנגעגרייט וואַגאָנעס, קעדיי ארויספירן ערגעץ אַלע ייִדן, אַנדערע ווידער האָבן געבראַכט אַ נײַס, אַז הינטער דער שטאָט גראָבט מען גריבער און יעדן פרי־מאָרגן זעט מען גיין אהין מיט לאָפּעטעס אַף די אַקסלען דעם היגן פּאָליציייִשן באַטאַליאָן, וואָס געפינט זיך אַף שיראָקע. די קלאַנגען האָבן צומאָל סויסער געווען איינע די אַנדערע. און קיינער האָט רעכט ניט געוווּסט, ווי ווײַט דאָס אַלץ איז עמעס... דאָך האָבן אָט די רייד אוועקגענומען די רו באַ די מענטשן, פאַרסאַמט דאָס בלוט, כאָטש אויך איצט האָבן זיך געפונען איבערגעשפּיצטע קעפּ, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו גלייבן אין דעם אַלעמען און זיך אויסגעלאַכט פון די קלאַנגען ווי פון ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע מײַסעס.

אין איינעם אַן אָסיענדיקן פרימאָרגן, נאָך אַ שווערער נאַכט, וועלכע האָט זיך אונטערשיידט פון אַנדערע עפּשער בלויז דערמיט, וואָס אַלע זײַנען געווען אָנגעשראָקן מער, ווי שטענדיק, ווען די נערוון באַ יעדן איינעם זײַנען שוין געווען אָנגעצויגן ביז לעצט, איז

געשען דאָס, אַף וואָס מע האָט זיך אמווייניקסטן געריכט: דעם נעפל, אין וועלכן עס איז געווען אײַנגעהילט די שטאָט אזוי, אז מער ווי סילועטן פון רויִנען האָט מען ניט ארויסגעזען און דער גערויש פון מאשינעס און פורן, וואָס זײַנען דורכגעפאָרן פון יענער זײַט דראָט, האָט זיך דערטראָגן אהער, ווי פון עפּעס א ווײַטער וועלט, האָט פלורצעם דורכגעריסן א בליץ און דער ברעג פונעם הימל איבער דער געטאָ איז געוואָרן רויט און רויטער. מע האָט זיך באלד דערוווּסט, אז עס ברענט די פאבריק, ווו מע מאכט וואָליקעס פאר דער דײַטשישער ארמיי. עס איז געוואָרן א בעהאָלע. איצט, ווען אין געטאָ איז אזוי אויך געווען שטארק אומרויִק, האָט נאָך געפעלט אזא אומגליק... ווער ווייסט, צו וואָס דאָס קאָן ברענגען, ווען א מינדסטע קלייניקײַט ווערט באלד אויסגענוצט קעגן דער יידישער באפעלקערונג. און א סאך פון די, וואָס האָבן זיך געקליבן ארום דעם יודענראט און באם טויער, האָבן זיך א לאָז געטאָן לעשן דאָס פײַער, ניט פארשטייענדיק, ווער האָט עס איצט געקאָנט זיך פארגינען אָפּטאָן אזא זאך...

נאָך גוט, וואָס געטראָפן האָט עס ניט באנאכט, בייס אלע ליגן פארשפארט הינטער זאוואלעס און שלעסער און האָבן מוירע ארויסגיין אין דרויסן. וואָרעם דעמלט וואָלט פון דער הילצערנער אלטער געבײַדע פאר איין האלבער שאָ גאָרנישט ניט געבליבן, אויסער א קופּע אש און טליִענדיקע האָלאָוועשקעס. דאָס פײַער האָט מען גיך פארלאָשן, עס האָט אָפּגעברענט בלויז א טייל פון צעך מיט עפּעס א דערבײַשטייענדיק סקלאדל, ווו עס איז געלעגן א ביסל פארטיקע סכוירע. אין אן אנדערער, מער רויִקער צײַט וואָלט קיינער, מעגלעך, דעם העזעק אפילע ניט באמערקט און בא דעם וואָלט עס געבליבן. איצט איז מען אָבער אזוי אויך געווען גענוג אָנגעשראָקן, דערצו נאָך האָט דער יודענראט געמאכט א טומל, די אָרדענונגס־וואך האָט זיך אוועקגעלאָזט איבער די גאסן און אָנגעהויבן נישטערן אין אלע ווינקעלעך, זוכן, ווער האָט עס געקענט אונטערצינדן. בעמיילע איז שוין צוזאמען מיט דעם עסיקן רויך פון געברענטער וואָל אין די הײַזער ארײַנגע־

דרונגען אויך א פאכעד. מע האָט ניט געוווסט, וואָס וועט זײַן, ווען דער קאָמענדאנט פון געטאָ וועט געווירע ווערן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. אין איין זאך זײַנען אָבער אַלע געווען זיכער: וואָס־וואָס, נאָר קיין צאָרעס וועט ניט פעלן.

אומזיסט איז געווען די יאָגעניש, וואָס מע האָט געיאָגט, קעדיי ווי ווײַט מעגלעך אָפּווישן די שפורן פון דער סרייפע. דער קאָמענדאנט איז אזוי גיך ניט געקומען. א סוואָרע, אז ער וואָלט אויך שפעטער וועגן גאָרנישט ניט געוווסט, ווען מע קלינגט ניט אָן פונעם געביטסקאָמיסאר און מע פרעגט זיך ניט אָן, וואָס אזוינס איז פארלאָפן אין געטאָ. דערהערט, וועגן וואָס עס גייט א רייד, איז דער קאָמענדאנט שטארק אין קאס געוואָרן, ס'איז אים ניט אָנגעשטאנען, האָלעמײַ ער האָט זיך באדארפט דערוויסן דערפון דורך אנדערע. ער האָט טייקעף ארויסגערופן א מאשין און איז געקומען צו פאָרן אינעם יידישן ראיאָן.

ווען ער איז ארויס פון דער מאשין, האָט ער אף קיינעם ניט געקוקט. ער האָט זיך אויך געמאכט ניט זעענדיק, אז דער פאָרזיצער פונעם יודענראט, וואָס איז אים ארויס אנטקעגן, גייט אים נאָך פוסטריט. ער איז געגאנגען מיט א ברייטן שפאן, בא יעדן טראָט אונטערוואַרפנדיק מיט דער רעכטער קני די פאָלעס פון דער לאנגער שינעל. אים האָט באגלייט א קלינגערײַ פון קייטעלעך, אף וועלכע עס איז געהאנגען זײַן שווערער פיסטאָלעט. עס האָט זיך געדוכט, אז ווען עס שטייט אים אין וועג אן אײַזערנע וואנט, וואָלט ער זי אויך דורכגעגאנגען ניט באמערקנדיק.

שווײַגנדיקערהייט, מיט א פינצטערן שמייכל, האָט דער קאָמענדאנט באטראכט דאָס אָרט פון דער סרייפע. די פלויטן זײַנען דאָרט געווען אומגעוואָרפן, אַלץ ארום פארגאָסן מיט וואסער, מע האָט אָבער שוין באוויזן עטוואָס צוראמען און אפילע אויסשיטן געלן זאמד. ער האָט זיך דאָ לאנג ניט פארזאמט. ניט זאָגנדיק קיינעם גאָרנישט, האָט ער זיך ארײַנגעזעצט צוריק אין דער מאשין און איז אוועקגעפאָרן. דער פאָרזיצער פון יודענראט אָרע זעלינגער איז אָבער איצט געווען

אזוי צעטומלט, אז ניט באלד איז צו אים דערגאנגען, וואָס קאָן עס באטײַטן, וואָס דער קאָמענדאנט איז אזוי גיך אוועקגעפאָרן, דאָס מאָל, ניט ווי זײַן שטייגער איז, אף קיינעם ניט געשריִען און קיינעם ניט גע־דראָעט שיסן. ערשט שפּעטער, ווען ער איז א פאריאָגטער ארײַנגע־לאָפן אף א ווײַלע צו זיך אהיים עפּעס איבערכאפּן, האָט ער זיך באטראכט, אז עס איז עפּעס ניט קיין גוטער סימען. ער האָט ניט גע־ווּסט, וואָס וועט ער ענטפערן דעם קאָמענדאנט, ווען יענער וועט אים ארויסרופן צו זיך און אָנהייבן פרעגן, וויאזוי האָט מען עס אונטערגע־צונדן די פאבריק, בייס באוואכט האָבן זי יִדישע פּאָליצײַען, און וואָס, אשטייגער, האָט ער, דער עלטסטער פונעם יודענראט, געטאָן, קעדיי אופזוכן די שולדיקע און זיי באשטראָפן ווי עס באדארף צו זײַן. זע־לינגערן איז מלאָשנע געוואָרן אפן הארצן. ער האָט איבערגעלאָזט דאָס עסן און איז אוועק צוריק אין יודענראט.

דערזען, אז לעבן יודענראט דרייט זיך ארום עפּעס א שלעפּערן און בעט א נעדאָווע, האָט זעלינגער ארויסגעשיקט א מענטשן און געהייסן זי דורכטרײַבן. ער האָט צונויפגערופן די מיטארבעטער פון די אָפּטיילן און אָנגעזאָגט, אז אלע זאָלן זײַן אף די ערטער. ער האָט באפוילן, מע זאָל צוראמען די גאסן. ער האָט פאָרויסגעזען און באזײַטיקט יעדע קלייניקײַט, וואָס האָט געקענט ארויסרופן אן אומצופרידנ־קײַט בא די פאָרשטייער פון דער מאכט... האָבנדיק אלץ באוואָרנט, האָט ער זיך באנײַס א קאָן דערפילט אָפּהענטיק, ער איז קלאָל ניט געווען זיכער, אז מיט דעם אלעם, וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער באזײַטיקט די געפאר, וועלכע האָט זיך אָנגערוקט אף דער געטאָ. און ער האָט מיט אומרו אָנגעהויבן זיך צוהערן, צי גייט ניט עמעצער איבערן קאָרידאָר, צי קומט ניט נאָך אים א שאָליִעך פונעם קאָמענ־דאנט. עס האָט זיך אים פארגלוסט וואָס גיכער אָפּטראָגן זיך ערגעץ, קאָלזמאן מע איז נאָך ניט געקומען נאָך אים. ווו־ניט־איז זיך פארבא־האלטן, ביזוואנען דער טומל וועט ניט איבערגיין.

ער האָט געוווּסט, אז פארטאָג, בייס די פאבריק האָט אָנגעהויבן ברענען, האָט מען דאָרט פארהאלטן עפּעס א יִינגל און אז גראָד איצט,

ווען ער איז א צערודערטער געזעסן באַם טיש און איבערגעלייגט מע־כאַניש די פּאַפּירן, האָט קאַזשדאַן, דער אָנפירער פון דער געטאָ־פּאָליציי, גענומען יענעם אַפן פאַרהער. זעלינגער האָט אויך געקאָנט אַראָפּגיין אינעם קעלער און זיך דערוויסן, וואָס דאָרטן קומט פאָר. ניט ליב האָבנדיק אָנטייל צו נעמען אין אַזעלכע זאַכן, האָט ער באַשלאָסן: „קאַזשדאַן האָט אַליין א געזונטן קאָפּ, ער וועט זיך שוין באַגיין אָן מיר...״ באַם געדאַנק אָבער, אַז עס קאָן אַמאָל אויסקומען איבערגעבן דעם שלימאַזל אין דײַטשישע הענט, ברענגען אים א קאָרבן פאַר די וועכטער, וואָס זײַנען זיך צעלאָפן, בייס עס האָט אָנגע־הויבן ברענען, און מע האָט זיי ביז איצט ניט געקאָנט געפינען, פאַר אַלע ייִדן, וועלכע זײַנען אין געפאַר, איז אים געוואָרן טרויעריק אַפן האַרצן. ער האָט מיד פאַרמאַכט די אויגן און זיך אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אינעם ווענטל פון שטול. איין גאָט ווייסט דעם עמעס, וואָס ער לעבט איבער, פון זינט מע האָט אים באַשטימט פאַרן פּאָרזיצער פונעם יודענראַט, און וואָס וואָלט ער אוועקגעגעבן דערפאַר, אַז אין געטאָ זאָל זײַן רויִק, עס זאָל ניט פאַרגאָסן ווערן קיין בלוט...

אין פענצטער האָט אַרײַנגעקוקט דער כמאַרנער פרימאָרגן. א ווינט האָט געטרייסלט די שויבן, אַרויסגעבלאָזן פון צימער דאָס לעצ־טע ביסל וואַרעמקײַט. פון דרויסן האָט זיך אַלץ געהערט א ריידערײַ פון מענטשן. זעלינגער האָט אָבער גאָרנישט ניט געזען און גאָרנישט ניט געהערט.

נאָר אָט האָט זיך געעפנט די טיר און אין צימער האָט זיך שטי־לערהייט אַרײַנגעשאַרט די סעקרעטאַרשע זײַנע, מאַשע אַלפּעראָוויטש, די „קליינע מאַשע״, ווי ער האָט זי גערופן הינטער די אויגן פאַר איר קליינעם וווקס און בענימעסדיקן באַגיין זיך מיט מענטשן. ער האָט א ציטער געטאָן, ווי מע וואָלט אים געפּאַקט באַ א כעט, און זיך א צי געטאָן צום טיש, אַף וועלכן זי האָט אַוועקגעלייגט די פּאַפּירן. וואַרטנדיק, אַז ער זאָל זיי אונטערשרײַבן, האָט מאַשע שוין פאַריינס גענומען דערציילן, ווי אַלע זײַנען אָנגעשראָקן און וואָס מע רעדט אין געטאָ.

זעלינגערן איז עס ניט געפעלן. ער האָט אַליין געזען, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ. בײס ער איז געגאַנגען אַהער, האָט מען אים עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט און אַלץ געוואָלט דערגיין, וואָס מע קאָן דערוואַרטן. ווי טאָמיד אין אַן אומרויִקער צײַט, האָט ער באַמערקט אומעטום בא די הויפן שטיין מענטשן אַף דער וואַך. אָבער אַז מאַשע האָט געמאַכט דערפון אַ רייד, האָט ער עס ניט געוואָלט לײַדן. שוין זשע איז ער מעכוייעוו אויסצוהערן אַלץ, וואָס מע פּלוידערט? יעדערער פון זײַנע מיטאַרבעטער האַלט פאַר זײַן כויוו דערציילן אים מײַסעס. דאָס ברענגט מען אים נײַס וועגן גריבער, וואָס מע גראָבט אַף טוטשינקע, און דאָס, אַז איינער אַ מיטאַרבעטער פון דער אופּראַווע האָט געזאָגט אַ מענטשן, וועלכער איז געקומען צו אים בעטן אַ דירע, אַז גאָר אינגיכן וועלן זיך אין שטאָט באַפרײַען אַ סאַך הײַזער און ער זאָל האָבן געדולד, דירעס וועט סטײַען פאַר אַלעמען. מע דערציילט אַזוי־פיל, אַז ווען מע זאָל זײַן אַפילע מיט צען קעפּ, וועט מען אויך ניט קאָנען אין אַלץ זיך פאַנאַנדערקלײַבן. ניט אומזיסט איז בא אים לעצטנס געוואָרן אַ טעווע אַריבערצופירן דעם געשפּרעך אַף עפּעס אַנדערש און זיך מאַכן, אַז ער פאַרשטייט גאָרנישט. אויב ער טוט עס איצט ניט, איז עס נאָר דערפאַר, ווײַל פאַר אָט דעם שטילן נידעריטשקן ווײַבל, וואָס שאַרט זיך דאָ אַרום איבערן יודענראַט אומדרייסט און פרעמדלעך, האָט ער אַ באַזונדערן אָפּשײַ. ער רעכנט זיך מיט איר מער, ווי מיט אַלע זײַנע מיטאַרבעטער. ער באַמיט זיך זי ניט צו באַליידיקן. און דעריבער זאָגט ער גאָרניט, לאָזט זי ריידן. דאָך פאַרדריסט אים, וואָס אויך איבער איר האָבן אַ שליטע די ווידערשפּרעכיקע קלאַנגען, אין וועלכע ער אַליין וויל ניט גלייבן. עס באַקומט זיך, ווי אויך זי וואָלט אָפּגעפרעגט אַלץ, מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך אַלס פאָרזיצער פונעם יודענראַט. אויב זי גלייבט שוין ניט, אַז מע קאָן דאָ עפּעס אויפטאָן, טאָ וואָס זאָלן זאָגן אַנדערע? מיט וועלכע אויגן קער שוין אַף אים קוקן דער איבעריקער אוילעם, וואָס פאַרשטייט ניט זײַנע קאַוואָנעס?

ער ווייסט ניט פון קיין רו. ער רופט צונויף אַ באַראַטונג נאָך

דער אנדערער. ער פֿאָדערט פֿון זײַנע מיטארבעטער, פֿון דער געטאָ־פּאָליציי, פֿון דער גאנצער באַפֿעלקערונג פּינקטלעך אויספֿילן אַלע געזעצן פֿון דער מאכט.

אַליין דערוואַרט ער אויך ניט קיין גוטס פֿון די דײַטשן. ער ווייסט: דער פֿאַשיזם איז אַן אָנשיקעניש אױף דער וועלט, א מאַגײפֿע, א ווילדער אומגליק, עפּעס א מין אונטערגאַנג, פֿון וועלכן מע דאַרף זיך ראַטעווען. ער האַלט אָבער, אַז פֿיל זאַכן זײַנען אָפּהענגיק דערפֿון, וויאַזוי מע וועט זיך שטעלן בענעגייע די דײַטשן. עס איז זייער וויכטיק, אַז מע זאָל זיי, די דײַטשן, ניט שפּרינגען אין די אויגן, זיך ניט פֿאַררײַסן מיט זיי. ער געדענקט ניט ווו, נאָר עס שטייט דאָך בעפּיירעש ערגעץ געשריבן אין די הייליקע ספֿאָרים: „רייץ ניט די כײַע, וואָס גייט אַרויס אױף רויב, דעם גאַזלען, וועלכער שטייט אין וואַלד מיט א האַק אין האַנט..." עס איז פֿאַראַן בלויז איין אויסוועג: דערווײַזן די דײַטשן, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט אומשולדיקע מענטשן, וואָס קאָנען זיי נוצלעך זײַן. און נאָר בא דעם באַדינג איז מעגלעך אויסדויערן, זיך ראַטעווען און דערלעבן די גאולע, ווען אונדזערע וועלן קומען צוריק.

קעדיי מע זאָל זיך אומזיסט ניט בינדן צו די ייִדן, האָט זעליגער באַפֿוילן צונויפֿנעמען בא דער באַפֿעלקערונג גאָלד, וואַרעמע קליידער און רויכוואַרג און עס אָוועקגעבן דער מאַכט. ער האָט פֿאַראָרדנט, אַז טאָגטעגלעך זאָל זיך געפֿינען באַם יודענראַט א גענוגע צאָל אַרבעטער, טאָמער וועט מען זיי דאַרפֿן. ער איז אַפֿילע אײַנגעגאַנגען דערויף, אַז מע זאָל איבעם קעלער פֿונעם יודענראַט מאַכן א מין טפֿיסע פֿאַר די, וואָס זײַנען אויוועער אױף די אײַנגעשטעלטע געזעצן. ער וואָלט געטאָן נאָך מער, אַבי דאָס לעבן זאָל זײַן דערטרעגלעך. גייט אָבער ניט דורך קיין טאָג אָן נײַע גזיירעס. צו אַלע צאָרעס האָט איצט נאָך געפֿעלט די סרייפֿע. ער זיצט, און עס דאַרט אים דער מויעך. ער קאָן ניט פֿאַרשטיין, ווען מעלאָכע דאָס איז? ווער האָט עס געטאָן? צוליב וואָס? וואָס קאָן דערפֿון אַרויסקומען, אויסער נײַע צאָרעס? ווען האָט דען געאַרט, אַז ייִדן האָבן

געאַרבעט און באַקומען פאַר זייער האָרעוואַניע אַ שטיקל פּאַיאָק? קומט צו גיין מאַשע און שיט אים נאָך זאַלץ אָף די וווּנדן.

קיין סאַך צײַט האָט ער אָבער ניט. ער אײַלט זיך, ווײַל גיכער אַוועקגיין. זי באַוויַיזט נאָך ניט ענדיקן צו דערציילן, רופט ער זיך אָפּ, גרייט אופשטיין און אַוועקגיין:

— מאַריַא דאַווידאָוונאַ, איר שטעלט זיך ניט פאָר, ווי צופרידן איך בין דערפון, וואָס איך האָב דערהערט פון אײַך אַ וואָרט. — און אַ טרויעריקער שמייכל רירט אָן זײַנע ליפּן, ווי ער וואָלט בעטן מע־כילע פאַר זײַנע רייד. — ביז איצט האָט זיך מיר אָפּט אויסגעוויזן, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ שטומער. איך דאַרף אײַך אָבער זאָגן דעם עמעס: עס כידעשט מיך, וואָס אפילע איר, אַ מענטש, וועלכן איך קאָן ניט צוגלײַכן צו אַנדערע, לאָזט זיך אויך פאַרפירן פון פּוסטע מײַסעס. איך האַלט, פאַרשטייט זיך, ניט, אַז אונדז איז שוין אַזוי גוט, אַז מיר האָבן ניט וואָס מוירע צו האָבן. די שרעק, פרײַנט מײַ־נער, האָט אָבער אָפּט צו גרויסע אויגן. איר פאַרשטייט דען ניט, מענטשן גייען אום פּוסט־און־פּאַס, האָבן ניט מיט וואָס זיך צו פאַר־נעמען און די צײַט איז אַן אומרויִקע, בעמיילע טראַכט מען שוין אויס דער רועך ווייסט וואָס. גרייט מיר צו, איך בעט אײַך, די נייטיקע פּאַ־פּירן, איך וועל גיין אין אופּראַווע.

אַלפּעראָוויטש איז געשטאַנען באַם טיש, צוהאַלטנדיק מיט דער האַנט אָף דער ברוסט די ווײַסע וואָלענע טוך, וועלכע זי האָט גע־טראָגן אָף די אַקסלען, און האָט געשוויגן. זי האָט מיט קיין זאַך ניט אַרויסגעוויזן, אַז עס געפעלט איר ניט, וואָס זעלינגער האָט באַמערקט אין איר אַן ענדערונג. אין איר בליק האָט זיך געפילט, אַז זי האָט אַ גאַנץ אַנדערע, ווי ער, מיינונג וועגן דעם אַלעמען, וואָס ער רעדט. פאַרשטייט זיך, זי וואָלט געקאָנט מיט אים אָנהייבן אַ שטרײַט, דער־ווײַזן, אַז ער איז ניט גערעכט. נאָר מע האָט איר בעפיירעש אָנגע־זאָגט, אַז זי זאָל ניט פאַרפירן מיט אים קיין שום וויקוכים, אַז דער־ווײַל איז געגנוג אַ „טאָפּ טאָן“, וואָס דאָס איז פאַר אַ נעפּעש. ביז איצט, וויפל זי האָט זיך ניט צוגעקוקט צו זעלינגערן, האָט זי ניט געקאָנט

פארשטייך, וואָס שטעלט ער מיט זיך פאָר. צי דען באַנעמט ניט דער מענטש, אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער געפינט זיך? אָדער ער מאַכט זיך ניט וויסנדיק? צומאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דער ייִד איז פאַרשעמט פאַרפירט פון עפּעס און ער גיט זיך ניט אָפּ קיין דין־וחשבון, וואָס פאַר אַ ראָל ער שפּילט בײַ די דײַטשן און צו וואָס דאָס קאָן אים ברענגען.

וועדליק ווי עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, איז דער פּאָרזיצער פונעם יודענראַט ניט קיין שלעכטער מענטש. ער האָט זיך אויפגעפירט מיט אַלעמען אינעם קאָמיטעט היימישלעך און פּראָסט און האָט ער נאָר געקאָנט עפּעס פאַרדעקן, האָט ער עס גערן געטאָן, בעטנדיק בלויז וועגן איין זאַך, מע זאָל ניט מאַכן קיין טומל. זיך האַלטנדיק פעסט בײַ די אַלטע געוווינהייטן, האָט ער זיך אויפגעפירט אינעם יודענראַט, ווי פריִער, פאַר דער מילחמה, אין לעסעקספּאָרט[1], וווּ ער איז געווען אַ גאַנץ אָנגעזעענער טוער. געקומען אינדערפרי אין יודענראַט, האָט ער יעדן פון זײַנע מיטאַרבעטער דערלאַנגט די האַנט, אָפּגעגעבן אַ גוטמאָרגן, ניט פאַרפעלנדיק יעדעס מאָל דערבײַ צו פרעגן, ווי גייט עס אין געזונט און וויאַזוי איז דורך די נאַכט, כאָטש גאַנץ אָפט האָט די דאָזיקע פראַגע געקלונגען ניט צום אָרט און אַרויסגערופן בלויז אַ ביטערן שמייכל.

איר, מאַשען, האָט ער אַרויסגעוויזן גאָר אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט. ווי נאָר ער האָט זיך פון זײַן טאָכטער דערוווּסט, אַז אין געטאָ געפינט זיך איר לערערן פונעם יורידישן פאַקולטעט, האָט ער זי באַלד געשיקט רופן צו זיך און זי אײַנגעאָרדנט אויף אַרבעט אינעם קאָמיטעט. ווען זי איז קראַנק געוואָרן, האָט ער געשיקט אַ דאָקטער. און דאָך איז ער מאַשען געווען ניט צום האַרצן. בײַ אַלעם דעם, וואָס ער האָט געטאָן פאַר מענטשן, האָט ער ניט זעלטן געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַזאַ איינעם, וואָס לעבט אויסער צײַט און רוים, אין אַ וועלט, וואָס ער האָט זיך אַליין אויסגעטראַכט. וויפל מאָל האָט זי געקלערט:

---

[1] אַן אַנשטאַלט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט עקספּאָרט פון געהילץ.

אין אַלע צײַטן, ווען ייִדן איז געווען שלעכט, פֿלעגט זיך באַווײַזן אַ מאָשיִעך, וועלכער האָט געמיינט, אַז ער וועט אויסלייזן דאָס פֿאָלק. צי מיינט ניט אַמאָל זעלינגער, אַז ער איז עס דער הײַנטיקער מאָשיִעך?

זי האָט ניט געקאָנט פֿאַרגעסן אַזאַ זאַך. ווען זי איז נאָך דער קרענק אַרויס צו דער אַרבעט אין אויסגעדאַרטע, אַ פֿאַרכווישעכטע, האָט איר זעלינגער געייצעט: „געברויכט מער רעטעך. איר דאַרפֿט וויטאַמינען. און אין רעטעך איז דאָ אַ סאַך וויטאַמינען". דאָס איז געזאָגט געוואָרן דעמלט, ווען איר האָט אויסגעפֿעלט ניט נאָר וויטאַמינען, נאָר דאָס שטיקל ברויט.

עס איז איר געווען ניט אָנגענעם, וואָס ער האָט זיך צו איר באַצויגן העפֿלעכער, ווי צו אַנדערע. גלײַך ער וואָלט דערמיט געוואָלט אונטערשטרײַכן, אַז ער פֿאַרגעסט ניט, ווער זי איז פֿריִער געווען און מיט וועמען ער האָט צו טאָן. ער האָט קיין אַנונג ניט געהאַט, ווי ווײַט עס איז פֿון איר די פֿאַרגאַנגענהײַט, אַזוי ווײַט, אַז טיילמאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן: יענע מאַשע, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן אויף פּראָצעסן ווי אַ פּראָקוראָר און געלייענט לעקציעס פֿאַר די סטודענטן פֿונעם יורידישן פֿאַקולטעט, איז געווען איין מענטש, און די מאַשע — גאָר אַן אַנדערער... כוץ אַלעמען, האָט מאַשע פֿאַרשטאַנען, אַז באַזונדערס איצט איז מיט אים ניטאָ וואָס צו ריידן: ווי יעדעס מאָל, וואָס ער דאַרף גיין אין אופּראַווע זיך דערשלאָגן עפּעס פֿאַר דער באַפֿעלקערונג פֿון געטאָ, איז ער אַזוי צערודערט, ווי ער וואָלט לעבעדיקערהייט געדאַרפֿט גיין אין קייווער. דעריבער האַלט זי זיך אָפּ פֿון ריידן ווײַטער, זי גיט אים נאָר צו דערקלערן דאָס, וואָס איז שײַעך די פּאַפּירן, וועלכע ער דאַרף מיטנעמען מיט זיך. אינגיכן ווערט זי אינגאַנצן אַנשוויגן. ס'גיט אַ ווייע פֿון איר מיט אָפּגעפֿרעמדטקײַט.

זעלינגער דערפֿילט עס גלײַך און וויל זיך אַליין דערקלערן, פֿונוואַנען קומט עס. עפּשער דערפֿון, וואָס זי איז אַלעמאָל געווען ווײַט פֿונעם ייִדישן לעבן. אויסגעוואַקסן איז זי ערגעץ אין טיף רוסלאַנד, ריידן ייִדיש קען זי ניט. זאָגט זי שוין אַ וואָרט, צעקאַליעטשעט זי עס אַזוי, אַז עס ווילט זיך אַזש לאַכן. מעגלעך, דערפֿאַר פֿילט זי זיך דאָ

ניט גוט, כאָטש אויסערלעך איז זי אַן עכטע ייִדישע טאָכטער. די נאָז — מיט א הויקערל און מיט דינע, פלאַטערנדיקע לעפלעך, די אויגן — שווארצע, מיט לאנגע געדיכטע ווייִעס.

ער וויל פארשטיין, וואָס קומט פאָר מיט מאשע אלפעראָוויטש. ער נוצט אויס די געלעגנהייט, וואָס זי ווענדט אָפּ פון אים איר קלוגן, פאָרשנדיקן בליק, און באטראכט זי. ער איז א גענוגער מייוון צו פאר־שטיין, אז לעבן אים שטייט א שיינע, יונגע, כאָטש שטארק אויסגע־צערטע פרוי. דאָס איידעלע און באדאכטע פּאָנעם אירס מיט דינע, צארטע שטריכן האָט קיינמאָל, ווייַזט אויס, ניט געוווּסט פון קיין פארב און פודער. אָנגעטאָן איז זי מער ווי באשיידן. די האָר אָבי־ווי פאר־דרייט אין א קובליק אָף הינטן און פארשטעקט מיט עטלעכע האָרנאָד־לען. זי איז אויסגעבלייכט. די באקן זיינען איינגעפאלן. די הויט — באדעקט מיט א טונקעלער, גרינער מארע. און בא דעם אלעם איז דאָס א רויִק פּאָנעם פון א מענטשן, וואָס האָט אָפּגעלעבט אַן ערלעך און ריין לעבן און האָט זיך ניט פארוואָס צו שעמען. מיט ווייכע, שווע־רע פאלדן לאָזט זיך אראָפּ פון אירע שמאָלע אקסלען די ווארעמע טוך און הילט זי איין אינגאנצן. ס'איז שווער, זייער שווער זיך פאָרצו־שטעלן, אז אָט דאָס דארע, צארטע ווייבעלע, וואָס גייט אום שטיל, ווי א שטילע טויב, איז געווען א פראָקוראָר און אָנגעוואָרפן מיט אירע רעדעס אַן אימע אָף די פארברעכער, וועלכע זי האָט באשולדיקט.

ער האָט געהאָפט, אז אין איר וועט ער געפינען אַן אָנהאלט, אז זי וועט אים זיין א באל־יויעץ. נאָר איצט זעט ער, אז ער האָט א טאָעס געהאט. וויפל ער זאָל זיך ניט באמיִען זי דערנעענטערן צו זיך, בלייבט זי פארשלאָסן אָף זיבן שלעסער. פונדעסטוועגן ווייַזט ער ניט ארויס, וואָס מיט אים קומט פאָר. ווען ער ווענדט זיך צו איר, קלינגט זיין קאָל באנייַס ווייך און פארטרויִלעך.

— מאריִא דאווידאָוונא, — הייבט ער אָן גאנץ געלאסן. ס'איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן, וויפל אים קאָסט אָט די רויִקייט. — עס וואָלט זיך מיר זייער געוואָלט, איר זאָלט מיך פארשטיין. ווען עס

האַנדלט זיך אין דעם גורל פון איינצלנע, וואָלט איך אויך געמיינט: עפּשער איז מען גערעכט, וואָס מע רעדט אַזוי. אין דער צײַט פון אַ מילכאָמע דערוואַכן שטענדיק די ווילדסטע אינסטינקטן... מע ראַבעוועט... עס ווערט פאַרגאָסן בלוט... די וועלט־געשיכטע ווייסט פון פיל אַזעלכע בײַשפּילן. איך דאַרף עס אײַך ניט דערציילן, איר ווייסט עס ניט ערגער פון מיר, גיב איך אָבער אַ טראַכט, אַז עס גייט אַ רייד וועגן גאָר עפּעס אַנדערש... — און דאָ פאַרהאַקט ער זיך, דערפילט, אַז ער קאָן ניט אַרויסברענגען פאַרן מויל דאָס, וואָס ער וואָלט באַדאַרפט זאָגן. צוזאַמען מיט דעם שטול רוקט ער זיך אָפּ פון טיש, שווײַגט אַ רעגע, נאָר אָט הייבט ער אָן ווידער ריידן, באַטאָנענדיק און אונטערשטרײַכנדיק יעדעס וואָרט באַזונדער. — קאָנטריבוציע — יאָ. צוואַנגס־אַרבעט — יאָ. נעמט אַלץ אָפּ. פירט אַרויס ביז אַ פאָדעם... אָבער אַז מע זאָל נעמען און אומברענגען אַ גאַנץ פאָלק... אַזאַ געדאַנק דערלאָז איך ניט. איך קאָן ניט גלייבן, אַז פון אויבן זאָל מען הייסן זיך אַרײַנרײַסן אין געטאָ און אויסקוילען מענטשן... איך מיין, אַז דאָס איז אַן אַרבעט פון פּאָשעטע באַנדיטן... איך קאָן אײַך זאָגן נאָך מער: איך האָב געפּרוּווט ריידן וועגן דעם מיטן קאָמענדאַנט. זאָגט ער אויך, אַז דאָס אָרודעוועט עפּעס אַ באַנדע און אַז ער וועט אָנעמען אַלע מיטלען, אין געטאָ זאָל זײַן רויִק.

אַזוי פאַרענדיקט זעלינגער גאַנץ געלאַסן מיט אַ זיכערן טאָן. ער מיינט, ווײַזט אויס, אַז דערמיט האָט ער שוין אַלץ אויסגעשעפּט און איבערצײַגט סײַ זיך אַליין, סײַ מאַשען. נאָר פּלוצעם פאַרטראַכט ער זיך. דאָס פּאָנעם ווערט אים אַלט און צעקנייטשט, די מידקײַט, וואָס דער הײַנטיקער שווערער פרימאָרגן האָט מיטגעבראַכט, שלאָגט זיך אַרויס פון דער טיף און לייגט זיך אויס איבערן גאַנצן געזיכט. ער דערמאָנט זיך אין אַ זאַך, אַף וועלכער ער האָט פריִער קיין שום אַכט ניט געלייגט, נאָר וועלכע האָט איצט מיטאַמאָל באַקומען אַ באַזונדערן באַטײַט. עס ווערט אים עפּעס זייער און זייער ניט געפעלן. ער באַמערקט אַליין ניט, ווי ער ענדערט זיך. ער הייבט זיך אויף און הייבט

אָן, ווי אַ בלינדער, צו שאַרן איבערן טיש, צווישן די פּאַפּירן, וועלכע אַלפּעראָוויטש האָט פאַר אים אוועקגעלייגט.

...אנומלטן האָט אים דער מאַנגל אין דירעס געצוווּנגען זיך ווענדן צום קאָמענדאַנט מיט אַ באַקאָשע, אַז מע זאָל צום יידישן ראַיאָן צו־געבן נאָך אַ שטיקל גאַס. יענער האָט אים אופמערקזאַם אויסגעהערט, אַרויסגערופן אַ מאַשין, און זאַלבעדריט — דער קאָמענדאַנט, זעלינ־גער און ראָזנבליט, דעם קאָמענדאַנטס דאָלמעטשער, — זיינען זיי אוועקגעפאָרן איבער די יידישע קוואַרטאַלן זען, אין וואָס פאַרא באַדינ־גונגען עס קומט דאָרטן אויס צו לעבן. ער איז געווען דעמלט אַזוי אופגעלייגט, דער סראָרע, אַזוי צוגעלאָזט, אַז ער איז אַפילע פאַרפאָרן צו זעלינגערן אַהיים און זיך דאָרטן באַקענט מיט זיין ווייב און מיט זיין טאָכטער. דאָס יונגע, שיינע מיידל האָט באַ אים שטאַרק אויסגע־נומען. דער באַלטיישוועניק האָט פון איר געכאַפּט היספּיילעס, האָט דער־נאָך דעם גאַנצן וועג ניט אַרויסגעלאָזט זי פון פּונעם מויל, אַלץ געווונקען צו ראָזנבליטן, וועלכן דאָס מיידל איז אויך געפעלן געוואָרן, און אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וואָלט געמעגט מיט איר נענטער זיך באַ־קענען.

ניט דאָס איז אָבער געווען דער איקער, פאַרוואָס יענער פּרימאָרגן האָט זיך זעלינגערן פאַרגעדענקט. ער האָט דאַן גאַנץ גוט געזען, אַז באַם דייטש איז עס בלויז אַ שפּיל, וואָס קומט פון אַ גוטער שטימונג, און אַז אינגיכן וועט ער עס אַלץ פאַרגעסן. אויב זעלינגער האָט בייס־מיסע אַליין אויך עטוואָס אונטערגעשמייכלט, איז עס געווען נאָר דער־פאַר, וואָס אים האָט זיך געוואָלט אויסנוצן די גוטע מינוט און דער־שלאָגן זיך באַם קאָמענדאַנט אַזוינס, וואָס אַן אַנדערשמאָל וואָלט זיך עס אים ניט איינגעגעבן. וויכטיק איז דאָך געווען, וואָס דער „פּיורער" האָט אים דאַן צוגעזאָגט העלפן מיט דירעס, דערשלאָגן זיך אַ דערלוי־בעניש אופצועפענען אין געטאָ נייע וואַרשטאַטן, די לוינבאַרקייט פון וועלכע ער האָט דעם קאָמענדאַנט ניט איין מאָל דערוויזן. „פאַרשטייט זיך! יאַוואָל!" — האָט דער דייטש אַזוי הילכיק און גערן אויסגעדריקט זיין האַסקאָמע מיטן יידן־עלטסטן, אַז עס האָט גאָר ניט געקאָנט זיין

קיין פראגע, צי מיינט ער עס ערנסט אָדער עס איז בא אים בלויז א שפּאס.

ער איז געווען אזוי אָופגעלייגט, דער קאָמענדאנט, אז ער האָט פארן צעשיידן זיך, מײַסע גוטערברודער, געגעבן זעלינגערן א פּאָר פעטשלעך איבער דער פּלייצע און אָנגערופן „בראווער קערל". עס איז אים, הייסט עס, זייער געפעלן געוואָרן, וואָס דער יודענראט פארגעסט ניט זײַנע ייִדעלעך און זאָרגט וועגן זיי.

דעמלט האָט זיך זעלינגער אפילע ניט געשטעלט די פראגע, פאר וואָס איז דער היטלעראָווער מיטאמאָל געוואָרן אזוי גוט. ערשט איצט איז באם פּאָרזיצער פון יודענראט אופגעקומען א חשד. ער האָט דער־זען פאר זיך דעם קאָמענדאנטס לאנגע פערדישע ציין, דעם קאלטן בליק זײַנעם, ווען ער האָט זיך ארײַנגעזעצט אין דער מאשין און איז אוועקגעפאָרן פון דער סרייפע. און ער האָט זיך אליין געפרעגט: שוין זשע האָט דער מערדער שוין דעמלט עפּעס געוווסט און פון אים אויסבאהאלטן, אים געפירט בא דער נאָז, זיך געשפּילט מיט אים, ווי א קאץ מיט א מויז?.. שוין זשע גרייט זיך טאקע עפּעס? אויב אזוי, קאָן דאָך גרײַלעך זײַן, אז אונטערגעצונדן דאָס פאבריקל האָבן אויך ניט קיין אנדערע, ווי זיי, די דײַטשן; אז דאָס איז פון לעכאטכילע אָן פאר־טראכט געוואָרן ווי א פּראָוואָקאציע, קעדיי באשולדיקן די אײַנוווינער פון געטאָ אין ניט־לאָיאלקײַט צו דער מאכט און זיך דערנאָך אָפּרע־כענען מיט זיי. ווײַל, ווען ניט דאָס, וואָלט דען דער גאזלען געשוויגן, וואָלט ער דען שוין לאנג ניט געקומען צו לויפן אינעם יודענראט מיט א געשריי, ווי ער איז זיך נויהעג שטענדיק, ווען עפּעס איז אים ניט געפעלן?

זעלינגערן איז ניט גוט געוואָרן. פונדעסטוועגן האָט ער זיך געשטארקט, צונויפגענומען די פּאפּירן, וועלכע ער האָט באדארפט מיטנעמען מיט זיך אין אופראווע, און באשטימט מאכן א סאָף צו די רייד.

— איך וואָלט אײַך געוואָלט בעטן, — האָט ער זיך אָפּגערופן מיט א מידער און הייזעריקלעכער שטים, ניט קוקנדיק אין אלפּעראָ־

וויטשעס זײַט, — אין דרויסן דרייט זיך ארום ראָזנבליט. טאָמער קומט ער אַרײַן און פרעגט זיך נאָך אף מיר, זאָגט אים ניט, וווהין איך בין אוועקגעגאַנגען. איך קאָן ניט פארלײַדן דעם דאָזיקן פארשויך... — און איז ארויסגעגאַנגען פון צימער.

זעלינגער האָט באַשלאָסן מער פון קיין זאַך ניט טראַכטן. אים איז בלויז געבליבן אראָפּלאָזן זיך אין קעלער צו קאַזשדאַנען און בעטן יענעם, ער זאָל מיטגיין מיט אים. קאַזשדאַן איז אַ געזונטער, מויערדי־קער יונג, אַ געוועזענער ספּאָרטסמען, און, ווען ער איז מיט אים, פילט ער זיך זיכערער. אין דעם טונקעלן קאָרידאָר האָט זעלינגער אָנגע־טאַפּט דעם פאַרענטש פון די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אינעם קעלער, און זיך גענומען אראָפּלאָזן.

2

אין דעם קעלער — אַ קליינער, פינצטערער לאָך, אָן פענצטער, מיט אַ נידעריקן סופיט און פײַכטע, פארשימלטע ווענט — האָט קאַזש־דאַן באַ אַ צאַנקענדיקער שײַן פון אַ קײלעוון ליכטל, וואָס האָט אַזוי שוואַך געברענט, אַז מע האָט קוים געזען די פענעמער, געהאַלטן אַפן פאַרהער דאָס באָכערל, אף וועלכן עס איז געפאַלן אַ כשאַד, אַז ער האָט עפּעס אַ שײַכעס צו דער סרייפע. וואָס לענגער קאַזשדאַן האָט זיך מיט אים געײַסעקט, וואָס מער ער האָט אף אים געשריִען, יענער זאָל דערציילן, וואָס ער ווייסט, אַלץ מער האָט ער פארלאָרן דעם כיישעק האָבן מיט אים צו טאָן. עס האָט זיך געפילט, אַז ער טוט עס אַלץ לעפּאָנעם וועגן, טאָמער קומט עמעצער אַרײַן, זאָל מען מיינען: ער וויל בעעמעס געפינען די שולדיקע, וועלכע ער האָט אינדערעמעסן ניט געזוכט און ניט געוואָלט זוכן.

פאַר קאַזשדאַנען איז די סרייפע ניט געווען אומגעריכט. פון די יעדיִעס, וואָס זײַנען ביז איצט צו אים דערגאַנגען, האָט ער זיך אָן ערעך פאָרגעשטעלט, אַז אין געטאָ זײַנען דאָ מענטשן, וואָס שלאָפן

ניט, און פריער אדער שפעטער קאן מען עפעס אזוינס דערווארטן. ס'איז געווען א קלארע זאך, אז קוים האט מען באשלאסן צו קעמפן מיט די דייטשן, וועט מען זיך ניט באגרענעצן דערמיט, וואס מע וועט ערגעץ באגראבענערהייט, אין דער שטיל, הערן ראדיא און פון מויל צו מויל איבערגעבן נייס פון די פראנטן. ניט איין מאל האט ער זיך פארטראכט, וויאזוי זאל ער איבערגעבן יענע יאטן, אז פאר אים איז ניטא וואס מוירע צו האבן, אז ער וואלט זיי אליין אויך גערן געהאלפן, מיט וואס ער וואלט נאר געקאנט.

און אט האט זיך געמאכט אזא געלעגנהייט. טייקעף, ווי נאר ער האט דערזען דאס יינגל, איז אים געקומען אפן געדאנק, אז עפשער איז דאס אריינגעפאלן עמעצער פון די, וועגן וועלכע ער האט די גאנצע צייט ניט אופגעהערט צו טראכטן. ער האט אים אפגיך אוועקגענומען באם פאליציי און אוועקגעפירט מיט זיך. „געזונט און שטארק זאלן זיין אייערע הענט", — האט ער געטראכט, גייענדיק מיטן אויסגעשמירטן יינגל, וואס האט אויסגעזען אזוי, גלייך ער וואלט זיך בעקיוון אויסגעקייקלט אין קויט. ווען עס איז טאקע אזוי, ווי קאזשדאן האט זיך פארגעשטעלט, וואלט ער בא אלע אומשטענדן, אפילע אונטערן אויסרייד, אז דאס באכערל איז אנטלאפן, בייס ער האט אים געפירט אין טפיסע, אים אפגעלאזט, זיך ניט פארטראכטנדיק, וואס מיט אים, מיט קאזשדאנען, וועט דערנאך זיין. עס האט זיך אבער ארויסגעוויזן, אז ער האט א טאעס געהאט. דער שנעק איז בעשום-אויפן ניט געווען ענלעך אף יענע, פון וועלכע מע האט געקאנט עפעס דערווארטן, ניט ווערט גע־ווען זייערן א נאגל. און די שיין, וואס האט פריער ארויסגעשטראלט פונעם קויטיקן יינגל, איז אויסגעלאשן געווארן. קאזשדאן איז געווארן מאלע-רעציכע. אים האט פארדראסן, האלעמיי מע האט דעם טאכשיט פארהאלטן און ער דארף זיך מיט אים איצט אייסעקן. ער האט זיך קוים איינגעהאלטן ניט אויסצולאזן זיין קאס צו אים. זיצנדיק אנטקעגן דעם יינגל, אין דער האלב-טונקלעניש פונעם צימערל, וואס האט דער־מאנט אין א וויסטער און פארוואָרפענער הייל, — ווען מע זאל דא אפילע פארפייניקן עמעצן, וואלט זיך אויך קיינער דערפון ניט דער־

ווּסט, — איז ער שוין געווען אַזוי בייז און אויפגעטראָגן, אַז ניט ווילנ־דיק האָט ער מיט זײַן אויסזען אָליין, מיט דער פּאָר געזונטע פּלייצעס, מיט דער פּאַרבייטער נאָז, וואָס מע האָט אים נאָך יינגלווײַז איבערגע־האַקט בײַסן שפּילן אין פוטבאָל, אָנגעוואָרפן אַן אימה אויפן יינגל.

אַן איבערגעשראָקענער, ווײַזט אויס, שוין דערפון אַליין, וואָס מע האָט אים פּאַרהאַלטן און פּאַרשפּאַרט אינעם קעלער, שטאַרק מוירע האָבנדיק, אַז מע וועט אים איבערגעבן די דײַטשן, האָט דאָס יינגל זיך ניט אויפגעהערט צו טרייסלען אונטער קאַזשדאַנס בייזן בליק און גע־נומען כליפּען, נאָך איידער קאַזשדאַן האָט באַוויזן וועגן עפּעס צו פרעגן. אויף דער פראַגע, וואָס האָט ער באַדאַרפט לעבן דער וואָליקעס־פאַבריק און וואָס האָט ער דאָרט געטאָן, האָט דאָס יינגל געטײַנעט איינס, אַז ער איז אין קיין זאַך ניט שולדיק, אַז ער האָט נאָר געוואָלט דורכקריכן דורך די דראָטן און גיין אין רוסישן ראַיאָן זוכן עפּעס עסן. ער האָט ווידער געכליפּעט און ווידער זיך געטרייסלט. יעדעס מאָל, ווען קאַזשדאַן האָט זיך צו אים א לאָז געטאָן, קלוימערשט, שלאָגן, האָט ער ווילד געקוויטשעט, ווי מע וואָלט אים געקוילעט. סאָפּקאָלסאָף איז קאַזשדאַן געקומען צום אויספיר, אַז ער האָט צו טאָן מיט עפּעס א טויגעניכץ, וועלכער איז אויף גאָרנישט ניט פייִק, שוין אָפּגערעדט פון אָפּטאָן עפּעס א שפּיצל דעם דײַטש. האָט ער געוואָרפן אויף אים אַן אומכיין שוין דערפאַר אַליין, וואָס ער איז אַזא שמאַטע. ער האָט אים פּײַנט באַקומען. עס האָט זיך אים געגלוסט אַראָפּלאָזן דעם כניאָק די טאַכטוינים און אים פּײַן אַרײַנצימבלען, ער זאָל אַזוי ניט מוירע האָבן פאַר זײַן פעל. „אַזא מין גאָרנישט, — האָט קאַזשדאַן מיט פּאַראַכטונג געטראַכט וועגן דעם יינגל, — אַלט איז עס א יאָר דרײַצן־פערצן... בא לײַטן וואָלט אַזא זיך געגאַנגען שלאָגן מיט די פאַשיסטן, און דער־אָ... זע נאָר! סאַראַ מין כליפּען. עס טרייסלט אים, ווי אין א קאַדאָכעס. די כאָליערע נעמט אים גאָר אײַן!.. זײַנע צאָרעס אויף מיר געזאָגט גע־וואָרן"... — און קאַזשדאַן האָט שווער א זיפץ געטאָן.

פון זינט מע האָט אים געמאַכט פּאַרן שעף פון דער געטאָ־וואַך, האָט זיך קאַזשדאַן געפילט אַזוי, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויפן שאַרף

פֿון אַ מעסער. פֿון אײן זײַט, האָט זיך אַף אים ניט אופֿגעהערט צו שיטן אַ האָגל פֿון באַפֿעלן און פֿאַראָרדענונגען, וואָס פֿאַר אויספֿילן זײ איז ער געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך מיטן לעבן. פֿון דער אַנדערער זײַט, האָט מען אים ניט אופֿגעהערט צו שילטן מיט טויטע קללָעס. ווען עס קומט אים אָן כאָטש אַ הונדערטכײליק דערפֿון, וואָס מע האָט אים געווונטשן, וואָלט ער שוין לאַנג אַף דער וועלט ניט געווען. האָט אים דען אײנער אַ ייִד ניט געזאָגט, אַז ער איז ניט בעסער פֿון די פּאַשיסטן? און ערגער פֿון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געוווּסט, אַז עס קומט אים טאַקע ניט, מע זאָל אים ליב האָבן. דאָס, וואָס ער האָט געטראַכט, און דאָס, וואָס ער האָט געפֿילט באַ זיך אין האַרצן, האָט געוווּסט בלויז ער אַלײן. די טויווּעס, וועלכע ער האָט אײנדערשטיל אַמאָל געטאָן עמעצן באַ אַ געלעגנהײַט, האָבן זיך אויך קײנעם ניט געוואָרפֿן אין די אויגן. אַז ער איז אָבער דער אָנפֿירער פֿון דער פּאָליציי, וועלכע אָרודעווועט אומעטום, נעמט אַלץ אָפּ און גיט אַוועק די דײַטשן, טוט אָן ייִדן צאָרעס, דאָס האָבן אַלע געזען. גײ זײַ אַ בעריע און דערווײַז, אַז אַפֿילע דעמלט, ווען ער טוט עמעצן אַ שטויס, אַ קלאַפּ דערפֿאַר, וואָס מע פֿאָלגט אים ניט באַלד און מע איז אויוועך אַף די אײַנגעשטעלטע טאַקאָנעס, טוט ער עס נאָר צוליב יענעמס טויווע־וועגן. ער טראַכט דערבײַ: „פֿון מײַנעם אַ קלאַפּ וועט פֿון אײַך ניט אָפּקומען. ערגער וועט זײַן, ווען איר וועט אַרײַנפֿאַלן צו די פּאַשיסטן אין די הענט אַרײַן“... קײנער האָט ניט געוווּסט, ווי פֿײַנט ער האָט זײַן אַרבעט, פֿײַנט דאָס בינטל גאַנאָווים און אויסוווּרפֿן, וואָס רינגלט אים אַרום און מאַכט אַ געשעפֿט פֿון ייִדיש בלוט, ווי שווער אים איז נאָכצושפּירן, אַז קײנער זאָל אָן אַ דערלויבעניש ניט אַרויסגײן פֿון געטאָ, בײס ער אַלײן, ווען ער האָט וווּהין צו לויפֿן, וואָלט ער דער ערשטער אַנטלאָפֿן. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער האָט מוירע געהאַט סײַ פֿאַר דײַטשן און סײַ פֿאַר ייִדן. אויס מוירע, מע זאָל זיך מיט אים ניט אָפּרעכענען, האָט ער גערדאַרפֿט גוט באַטראַכטן, וווּהין צו גײן. לעצטנס האָט ער אַפֿילע אופֿגעהערט צו נעכטיקן אין דער הײם. ער האָט גענעכטיקט אַמאָל אינעם קינדערהײם אַף טאַטאַרסקע, אַמאָל אינעם

שפּיטאָל פֿאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע, אַלץ אין אַזעלכע ערטער, ווו עס האָבן געאַרבעט מענטשן, וועלכע האָבן אים געקענט פֿון פֿריִער און האָבן געוווּסט דאָס, וואָס דער ברייטער אוילעם האָט ניט פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז פֿראָסט און פּאָשעט מיִעס אַרײַנגעפֿאַלן.

אויבן, איבערן קאָפּ, האָט עמעץ איבערגערוקט די שטולן. עס האָט זיך דערטראָגן דאָס דריבנע, שנעלע פּויקן פֿון אַ שרײַב־מאַשינקע. און קאַזשדאַן איז אַלץ געזעסן אויף זײַן אָרט, די אויגן ווי צוגעזאָטן צום יִנגל, געשריִען אויף אים און געסטראַשעט, אַז ער וועט פֿאַרפֿוילט ווערן דאָ, אינעם קעלער, אויב ער וועט ניט זאָגן, וואָס ער ווייסט, כאָטש בא זיך האָט שוין קאַזשדאַן קימאַט געפּויעלט, אַז ער שרײַט אומזיסט, אַז ער דאַרף דאָס גאָרניט טאָן...

כניקענדיק, האָט דאָס יִנגל מיט דער ברודיקער האַנט צעשמירט די טרערן איבער די באַקן און דערמיט נאָך מער אויפֿגעבראַכט קאַזשדאַנען. ער האָט אוועקגעלייגט אַפּן טיש אַ האַרטע פּויסט, ווי אַ שטיין.

— וועסט אַמאָל אויפֿהערן כניקען, דו?! — האָט קאַזשדאַן געפֿרעגט, מיט אַלע קויכעס זיך אײַנהאַלטנדיק ניט פֿאַרפֿאָרן אים אין באַק. — ביסט בא מיר ניט קיין בעניאָכיד, זאָלסט זיך פֿעסטען. הערסט ניט אויף צו כליפּען, כאַפּסטו באַלד בא מיר אַזאַ מין פּלאַם, אַז דו וועסט זיך אײַנקלעפּן אין דער וואַנט. וועסט זאָגן, ווער עס האָט אונטערגעצונדן די פֿאַבריק, צי ניין?

— איך ווייס ניט... איך האָב גאָרנישט ניט געזען...

— האָסט גאָרנישט ניט געזען... — האָט אים קאַזשדאַן איבערגעקרימט, — ביסט גאָט די נעשאָמע שולדיק, וועלכער קלאָג האָט דיך געבראַכט אַהין? און וואָס האָסטו זיך געלאָזט לויפֿן, ווען מע האָט צו דיר געשריִען, זאָלסט בלײַבן שטיין? פֿאַרוואָס האָסטו זיך באַלד ניט אָפּגעשטעלט?

קאַזשדאַן האָט געוווּסט, אַז ער פּאַטערט אומזיסט צײַט, אַז אים איז גאָרניט איבערגעבליבן, ווי ענדיקן דעם פֿאַרהער און אַוועקגיין. ער האָט אָבער אויך געוווּסט, אַז קאַלזמאַן דער פֿאַרהער דויערט, איז ער באַפֿרײַט פֿון אַנדערע זאַכן, ער דאַרף ניט קלערן וועגן דעם, וואָס

וועט ער דארפֿן ווײַטער טאָן, אויב די סרייפֿע אױף דער פֿאבריק וועט ברענגען צו שווערע פֿאָלגן. דעריבער האָט ער געצויגן דעם פֿארהער, כאָטש די איינפֿאכסטע זאך וואָלט געווען אוועקגיין און ביז וואָס־וועט איבערלאָזן דאָס ייִנגל אין קעלער. ענדלעך האָט ער זיך אופֿגעהויבן, ער האָט באשלאָסן טאָקע אזוי צו טאָן.

נאָר דאָ האָט ער דערהערט אזוינס, וואָס האָט אים געצוווּנגען אָנשפּיצן די אויערן.

— וואָס האָב איך נאָך געזאָלט טאָן? — האָט דאָס ייִנגל פּלוצעם א זאָג געטאָן. — כ'האָב דערזען, ווי אנדערע לויפֿן, האָב איך זיך דערשראָקן און אויך גענומען לויפֿן...

— ווער איז געלאָפֿן?

— ווער ווייסט זיי? איך האָב נאָר באמערקט איינעם א באָכער אין א לעדערנער קורטקע, אָן א היטל... עפּשער האָט ער עס טאָקע אונטערגעצונדן?

קאזשדאנס געלע ברעמען האָבן זיך דערלאנגט א הייב אויף; מיט א טאָג צוריק האָט מען אים ארויסגערופֿן אין געסטאפּאָ און זיך נאָכגעפֿרעגט אויף איינעם א באָכער. אויך דאָרטן האָט מען אָנגעגעבן די זעלבע סימאָנים: „אין א לעדערנער קורטקע, אָן א היטל..."

איצט האָט מען געמוזט דערגיין, צי האָט דאָס ייִנגל צוגעטראכט די מײַסע מיטן באָכער, אויסנוצנדיק די קלאנגען, וועלכע גייען וועגן יענעם ארום אין געטאָ, אָדער ער האָט אים בעעמעס געזען.

ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, נאָר דאָס, וואָס דאָס יאטל האָט דער־ציילט, האָט זיך געלייגט אפֿן סייכל. אויב עמעצער האָט זיך עס יאָ געקאָנט דערלויבן צו טאָן, האָט מען עס טאָקע גיכער פֿון אלץ געקאָנט דערוואַרטן פֿון דעם יונגנמאן, וועגן וועלכן מע דערציילט פֿארשיי־דענע מײַסעס. אשטייגער, אז דאָס האָט ער באם יודענראט ארויסגע־ריסן באם דײַטש פֿון האנט דעם שטעקן, בייס יענער האָט אלעמען גענומען מיימעסן, מע זאָל לאָזן דורכפֿאָרן די מאשינעס; אז דאָס האָט ער זיך אנומלטן, בייס די געטאָ איז נאָך ניט געווען ארומגעצאמט,

פֿאַרטשעפּעט מיט אַ היטלעראָוועץ און אים געגעבן פּעטש דערפֿאַר, וואָס יענער איז אַרײַנגעפֿאָרן אױף אַ וועלאָסיפּעד אין געטאָ און אַלע־מען אַראָפּגעטריבן פֿונעם טראָטואַר. אױף דעם ראָש, וואָס איז דעמאָלט געוואָרן, בײַס דער דײַטש איז ענדלעך געקומען צו־זיך און אָנגעהויבן שיסן, איז ער, קאַזשדאַן, געקומען צו לױפֿן מיט עטלעכע פֿון זײַנע לײַט. עס איז אָבער שוין געווען נאָך אַלעמען. דער באַלסימכע איז פֿאַרשוווּנדן. אַ געפּלעפּטער פֿון דער אומדערוואַרטער מאַפּאָלע, וואָס ער האָט געליטן פֿון אַ ייִדן, האָט זיך דער דײַטש אוועקגעזעצט אױף זײַן וועלאָסיפּעד און איז אוועקגעפֿאָרן. מער האָט ער זיך אין די ייִדישע קוואַרטאַלן ניט באַוויזן.

די דערמאָנונג וועגן דעם אַלעם טוט קאַזשדאַנען אַ וואַרעם דאָס האַרץ: ווער ער זאָל ניט זײַן, דער יונג, וועגן וועלכן אַלע ריידן, נאָר שוין דערפֿאַר אַליין, וואָס ער האָט פֿאַר קיינעם ניט מוירע, איז ער קאַזשדאַנען געפֿעלן.

קאַזשדאַנען ווילט זיך וויסן וועגן אים וואָס מער. דער דאָזיקער פֿאַרלאַנג איז אַזוי גרויס, אַז ער איז גרייט אָנהייבן זיך פֿאַנאַנדערפֿרעגן באַם ייִנגל, וואָס ווייסט ער נאָך וועגן יענעם. ער האָט זיך אָבער אָפּ־געהאַלטן דערפֿון. דאָס אַליין, וואָס מע רעדט אַזויפֿיל וועגן דעם יונגנ־מאַן, איז שוין אויך ניט קיין גרויסע מײַלע. פֿון איבעריקע רייד האָט אים בלויז געקאָנט אַרויסקומען אַ ראָע. פֿאַרקערט, מע האָט איצט גע־דאַרפֿט זען, אַז דאָס ייִנגל זאָל פֿאַרגעסן דאָס, וואָס ער ווייסט. נאָר אויך דאָס, האָט קאַזשדאַן געפֿילט, דאַרף מען טאָן זייער און זייער פֿאָרזיכטיק, ניט אַרויסרופֿנדיק קיין שום פֿאַרדאַכט.

גוט דורכטראַכטנדיק, וואָס ער האָט צו טאָן, געפֿינט ער אײַן, אַז טאַקע דערפֿאַר, ווײַל דאָס ייִנגל האָט עפּעס געזען, טאָר מען אים דאָ מער ניט האַלטן. מע דאַרף אים וואָס גיכער אַרויסלאָזן, עס זאָל דאָ קיין זייכער ניט בלײַבן ניט פֿון אים און ניט פֿון דעם, וואָס ער האָט געוווּסט און געקאָנט דערציילן, ווען ער פֿאַלט אַרײַן אין אַנדערע הענט.

די מינוטן, וואָס גייען נאָכדעם דורך, ציִען זיך פאַר קאַזשדאַנען ווי שאָען. ער איז געצוווּנגען צו מאַכן אַ מינע, ווי קיין זאַך וואָלט זיך ניט געענדערט. ער לאַכט אויס דאָס יינגל, זאָגט אים, אַז ער איז פּראָסט און פּאָשעט אַ גרויסער פּאַכדן און פאַר שרעק האָט ער אָנגעבומען אַ הונט פאַר אַ ווינטמיל, מאַכט כּויזעק פונעם שנעק, דערפירט אים דערצו, אַז יענער איז שוין גרייט נעמען זײַנע ווערטער צוריק.

ער איז אַזוי צעטומלט, אַז ער ווייסט ניט, וואָס מע וויל פון אים.

— עפּשער... — זאָגט ער, — מעגלעך, אַז מיר האָט זיך אויסגעוויזן...

קאַזשדאַן רײַסט אַרויס פון אונטערן יינגל דאָס טאַבורעטל, גיט אים מיטן קני אינעם הינטערכיילעק און טרײַבט אים אַרויס פונעם קעלער. יענער האָט עס גאָרניט דערוואַרט. ער לויפט אַרויס פון קעלער, נאָר ער האָט נאָך אַלץ מוירע, אַז מע וועט אים אומקערן. ער האַלט זיך אין איין אומקוקן, צי מע יאָגט אים ניט נאָך. קאַזשדאַן בלײַבט אַליין. דאָס, וואָס ער האָט זיך דערוווּסט, גייט אים שוין מער ניט אַרויס פון זינען, ער הייבט אָן צו רײַבן די האַרטע שטעכלקעס אויף די פאַרוואַקסענע באַקן מיט דער לינקער זײַט פון דער דלאָניע. ווען ער ווייסט, טראַכט ער, ווו מע קאָן געפינען דעם יונגנמאַן אין דער לעדערנער קורטקע, וואָלט ער אים באַצײַטנס געוואָרנט, אַז מע זוכט אים. אָבער ער ווייסט אַפילע אָן ערעך ניט, דורך וועמען וואָלט ער עס געקאָנט טאָן. פאַר גרויס אַגמעסנעפעש איז ער גרייט זיך אַליין צערײַסן.

ווען ער דערהערט עמעצן גיין איבער די טרעפּ און דערקענט זעלינגערס טריט, גייט קאַזשדאַן אַרויס אַנטקעגן. פאַר דעם פּאַרזיצער פונעם יודענראַט, כאָטש ער האַלט אים פאַר אַ ווילן, אָרנטלעכן מענטשן, וועט ער ניט אַרויסוויזן, וואָס מיט אים קומט פאָר.

ער שטויסט זיך באַלד אָן, צוליב וואָס זעלינגער איז אַרײַן צו אים. אָן אַ וואָרט צו זאָגן, פאַרלאָזן זיי ביידע דעם קעלער. אין דרויסן גייען זיי אַרויס דורך דער הינטערשטער טיר, קיינער זאָל זיי ניט פאַרהאַלטן. ביידע ווילן וואָס גיכער אַוועקגיין פונדאַנען.

## 3

אין דער ערשטער רעגע, ווען מע האָט דאָס יינגל ארויסגעלאָזט און ער האָט דערפילט, אז ער איז פריי, האָט ער אליין נאָך אין דעם רעכט ניט געגלייבט. ער האָט געמיינט: מע פרווט אים בלויז אויס. נאָר אָט איז ער דורכגעפלויגן די עטלעכע טרעפלעך, וואָס האָבן געפירט צו דער דרויסנדיקער טיר. דערזען די גאס, איז ער געקומען צו־זיך, האָט אָנגענומען א פולע ברוסט מיט לופט, ווי איינער, וואָס האָט זיך ארויסגעכאפט פון אונטער א טיפן וואסער, און פריי אָפגעטעמט... „נו, מישקע, — האָט ער צו זיך אליין א זאָג געטאָן, — דאָס מאָל ביסטו א געראטעוועטער!“ און ערשט איצט אין דער פולער מאָס פארשטאנען, וואָס ער איז איבערגעקומען.

דאָס פאָנעם זיינס איז געווען נאס פון טרערן. די הייזלעך, דורכגעווייקט פון בלאָטע, האָבן זיך ערטערווייז אזוי איינגעקלעפט אין לייב, אז עס האָט אים דורכגענומען א קעלט. דער וועג איז אָבער געווען פריי, קיינער האָט אים מער ניט פארהאלטן, און ער האָט זיך דערשפירט גליקלעך דערפון, וואָס ער איז פאָטער געוואָרן פונעם פינצטערן און פייכטן קעלער. ער איז געווען מאָלע־סימכע: „א קרענק וועלן די פאשיסטן האָבן וואָליקעס. ווי די הינט זאָלן זיי פרירן...“ און ער האָט זיך געלאָזט גיכער אהיים, נאָך אלץ ציטערנדיק סיי פון קעלט און סיי דערפון, וואָס אים איז אויסגעקומען אריבערטראָגן דעם דאָזיקן פרימאָרגן.

אנטקעגנִיבער, בא די פארמאכטע רונדוקלעך, ווו עס איז פריִער געווען א קליין מערקל, האָט מישקע באמערקט שטיין א באָכערל אין זיינע יאָרן, וואָס האָט די גאנצע צייט, ווייזט אויס, געוואַרט אף אים. פון שטיין לאנג אף דער קעלט איז יענער שיר ניט דערפרוירן געוואָרן, עס האָט אים ניט געהאָלפן אפילע דאָס, וואָס ער האָט אופגעשטעלט דעם קאָלנער פונעם רעקל און אונטערגעטאנצט, קלאפנדיק א פוס אָן א פוס. מישקע האָט זיך זייער דערפרייט, ווען ער האָט אים דערזען. ער האָט פונדערווייטן א מאך געגעבן מיט דער האנט, אז אלץ

איז אין אָרדענונג. און דאָס באַכערל איז טייקעף פאַרשוווּנדן אין איינס פון די פיל שמאָלע געסלעך, וואָס אַרום פּלאַץ.

מישקע האָט געיאָגט אהיים. פאַר די אויגן איז אים אַלץ געשטאַנען דער טיפער קעלער. ער האָט באַנייס דערזען פאַר זיך די נאַסע ווענט, דערפילט איבערן קאָפּ דעם נידעריקן, שווערן באַלקן, די דריקנדיקע פינצטערניש, זיך דערמאָנט, ווי קאַזשדאַן האָט אים גענומען אַפן פאַרהער און ווי ער, מישקע, האָט פאַר שרעק דעמאָלט באַשלאָסן בא זיך: „מישקע, ביסט א פאַרפאַלענער. פריִער וועט דיך גוט אויסמאַטערן דער פּאָליציי און דערנאָך וועלן זיך די פאַשיסטן נעמען פאַר דיין פעקל ביינער. באַטראַכט, וואָס דו האָסט צו טאָן, קאַלזמאַן עס איז נאָך ניט שפּעט". ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אים איז איינגעפאַלן, ער זאָל זיך פּרוּוון אופירן אַזוי, ווי קעשענע־גאַנאַווימלעך, בייס מע כאַפּט זיי בא דער אַרבעט און מע שלעפּט זיי אין מיליציע, — אָנהייבן כליפּען, צעשמירן די טרערן איבער די באַקן, זיך מאַכן פאַר א נעבעכל, ער ווייסט, קלויז מערשט, גאָרניט פון וואָס צו זאָגן... און כאָטש ער איז נאָך געווען היפּשלעך אופגעשרויפט פונעם געשעענעם, איז אים דאָך געפעלן, וויאַזוי ער האָט זיך געהאַלטן. ער האָט זיך ניט געקליבן גיין באַרימען פאַר עמעצן. אָבער דאָס, וואָס ער האָט זיך בייסמיַיסע ניט פאַרלאָרן, איז דאָך עפּעס ווערט. אויב זיינע כאַווירים וועלן זיך דערוויסן וועגן זיין איינפאַל, וועט עס בא זיי זייער און זייער אויסנעמען. שוין דערפאַר אַליין איז אים געווען גוט, א מעכיַיע, בעסער דאַרף מען גאָרניט. ער האָט זיך געפילט מיַיסע העלד.

אויב אים האָט איצט עפּעס געאַרט, איז בלויז דאָס, וואָס ער איז געווען אַזוי קויטיק, אַז אַלע האָבן זיך אַף אים אומגעקוקט. מע האָט אומבאַדינגט באַדאַרפט ברענגען זיך א ביסל אין אָרדענונג. וועגן וויַיזן זיך אהיים אין אַזאַ הוילעך האָט אַפילע קיין רייד ניט געקאָנט זיין. די באָבע ווי די באָבע. ניט אַלעמאָל הערט ער זיך צו, וואָס זי רעדט. נאָר טאָמער כאַלילע טרעפט אים אַזאַ־אָ סימע, וועט ער שוין אַריַינכאַפּן פון איר די עמעסע גאָב, ווייַל, ווי שווער דאָס לעבן זאָל ניט זיין, ווי סימע זאָל ניט זיין גאַנצע טעג פאַרנומען אינעם קינדערהיים, ווו

זי איז פארוואלטערן, קומט זי נאָר אהיים, ווערט זי באלד אויס דאָק־טער, זי הייבט אָן וואשן און ראמען. זי קאָן ניט ליַידן, טאָמער איז מען אָפּגעלאָזט. און גראָד איצט האָט זיך מישקען ניט געוואָלט, מע זאָל אויף אים שרייַען. ער איז איצט געווען אזוי נאָכגיביק און ווייך, ווי נאָך קיינמאָל אין זיַין לעבן. אים האָט זיך פארגלוסט אָפּשטעלן עמעצן פון די ייִדן, וואָס זיַינען געגאנגען צו דער ארבעט, און איַינרוימען א סאָד: „איר ווייסט... דאָס האָבן מיר... איך מיט נאָך א ייִנגל...“

אפן ראָג פון טאטארסקע, ווו עס איז געווען א פּלומפּ, האָט ער אראָפּגעוואשן די בלאָטע פון די קליידער, זיך אליין איַינגעוואשן. ווי פון אונטער זיבן שאָלעכצן האָט זיך צוביסלעכוויַיז אויסגעשיילט זיַין געלבלעך, אויסגעצויגן פּענעמל אין זומער־שפּרענקעלעך, די לאנגע, העלע, ווי בא א קעלבל, ווִיעס, וואָס האָבן זיך לאכלוטן ניט געפּאַרט ניט מיט זיַין אומרויִק נעזל און ניט מיט דעם שארפן גלאנץ פון זיַינע אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך עפּעס איבערגעגאָסן, ווי א קוועלנדיק וואסער. אזא בליק איז בא אים געווען שטענדיק, בייס ער האָט אָפּגעטאָן עמעצן א שפּיצל, פון וועלכן ער איז אליין קאָנטעט געווען.

איצט, ווען ער האָט זיך א ביסל באפריַיט פון דער געשפּאנטקיַיט, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, און מער וואָס צו טאָן האָט ער ניט געהאט, האָט ער זיך דערפילט מיד, עס האָט זיך אים פארוואָלט שלאָפן. ווען עס זאָל זיַין זומער, וואָלט ער זיך ליַיכט אָן אייצע געגעבן. ער וואָלט זיך פארקליבן ערגעץ אויף א בוידעם און זיך דאָרטן פיַין אויסגע־רוט. אהיים האָט אים ניט געצויגן. ער האָט ניט ליב הערן, ווי עס אָכקעט און קרעכצט די באָבע. ער קאָן ניט פארליַידן אירע טיַינעס. עס קלינגט אים נאָך איצט אין די אויערן איר אָנגעבראָכענע שטים: „מישקע, ווו ווערסטו פארפאלן? פריִער ביסטו אומגעלאָפן מיט קאָל־קען. נישטאָ קאָלקע, דרייסטו זיך ארום מיט אנדערע ייִנגלעך“. גיי דערצייל איר, ווו דו ביסט געווען... ער שטעלט זיך פאָר, וויִאזוי זי וואָלט אויסגעזען, ווען זי דערוויסט זיך, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אויף דער וואָליקעס־פאבריק. פאר שרעק וואָלט זי זיכער געשטאָרבן. און מישקע צעלאכט זיך שטילערהייט פון פארגעניגן, ווען ער דערמאָנט

זיך, ווי קונציק ער פירט בא דער נאָז די באָבע, טראַכט אויס פאַר־שיידענע טערוצים יעדעס מאָל, ווען ער דאַרף אַוועקגיין. אין אַ רעגע אַרום פאַרשווינדט זײַן שמייכל. ער כמורעט זיך אָן און הייבט אָן צו סאָפּען, ווי ער וואָלט געכאַפּט אַ צוקילונג און עס וואָלט אים פּלוצעם פאַרלייגט דאָס נעזל. ער ווערט אויפגעבראַכט און בייז. די באָבע ציטערט איבער אים, זי וואָלט אַ באַלן געוועזן צובינדן אים צו איר קליידל. און ביכלאַל, קיינער פאַרשטייט אים ניט. מע האַלט אים נאָך אַלץ פאַר אַ קינד. זײַן האַרץ ווערט פול מיט פאַרדראָס. ער פאַרטראַכט זיך. דאָס פּענעמל ווערט נאָך מער אָפּגעצערט און כוישעך.

פון זינט ער האָט זיך אומגעקערט צו דער באָבען, זײַנען שוין אַריבער עטלעכע כאָדאָשים, נאָר ביז איצט קאָן ער ניט פאַרגעסן, וואָס אים איז באַשערט געווען איבערצולעבן. ער האָט מיט קיינעם וועגן דעם ניט גערעדט ניט פריִער, בייס מע האָט אים אָנגעהויבן אויספרעגן, ווי ער האָט איבערגעלאָזט טאַטע־מאַמע, און אויך ניט שפּעטער, ווען עס זײַנען דורך טעג און וואָכן און דער ווייטעק האָט שוין געמעגט געלינדערט ווערן. ס'איז געווען אַזוי, ווי ער וואָלט ערגעץ טיף־טיף אין זײַן קינדערשער נעשאָמע געטראָגן אַ מוירעדיקן סאָד און ניט געקאָנט קיינעם גאָרנישט ניט דערציילן אָן דעם, אַז ער זאָל אַליין באַנײַס אַמאָל ניט איבערלעבן דעם שוידער און גרויל, פון וועלכע ער איז געווען אָן איידעס.

בלויז אין שלאָף, ווען ער האָט פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל איבער זיך, האָט זיך געלאָזט פילן, אַז ער לײַדט שווער, אַז ער איז ניט אימ־שטאַנד צו פאַרגעסן דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, און אַז די דערינערונגען וועלן אים, מעגלעך, נאָכגיין דאָס גאַנצע לעבן ווי אַ שאָטן, מאַטערן און פּײַניקן. אין זײַן גופּל האָט ווי אַ פײַער געברענט. עס איז אים שטענדיק געווען הייס, און ער האָט אַלץ פון זיך אַראָפּ־געשלײַדערט. באַנאַכט האָט ער קימאַט שטענדיק געשריִען פון שלאָף, ווי עס שרײַט אַ מענטש, וואָס זעט אַ קאָשמאַר און קאָן זיך ניט אויפ־כאַפּן. פון זײַן געשריי פלעגט די גאַנצע שטוב ווערן אויף. מע פלעגט אים וועלן אויפוועקן און באַרויִקן. נאָר ער האָט זיך געוואָרפן און מיט

פארמאכטע אויגן געווײנט און געשריִען, גערופן די מאמע. אז מע האָט אים שוין יאָ אופגעוועקט און ער האָט זיך א ביסל אָטשוכעט, האָט א פארשפעטיקט כליפּען זיך ארויסגעריסן דורך זײַנע פארשטשעמעטע ציין. דערנאָך איז ער לאנג געזעסן אין דער פינצטער אפן סאָפקעלע, ווו ער איז געשלאָפן, און זיך אלץ ניט געקאָנט בארויִקן. שווער איז געווען זיך אפילע מעשאער צו זײַן, וואָס עס טוט זיך באם קינד אינעם הארצן און וועגן וואָס ער טראכט.

געוווינט פון קינדווײַז אָן צו לעבן ווי א פרײַער פויגל, האָט מישקע ניט געקאָנט שאָלעם מאכן מיטן געדאנק, אז עס וועט אים שטענדיק אויסקומען זײַן פארשפארט, אָפּגעזונדערט פון גאָר דער וועלט. ווען ער האָט דערזען, אז מע גראָבט גריבלעך און מע לייגט אויס אף די גאסן האלבע ציגל פאר א סימען, אז דאָ וועט מען מאכן די צאם, האָט ער קיינעם גאָרנישט ניט געפרעגט, שטילינקערהייט פארשאָטן די גריבלעך, צעשלײַדערט און צעוואָרפן די ציגל, אז עס זאָל פון זיי קיין זייכער ניט בלײַבן. ווען עס האָט אים בא דער דאָזיקער ארבעט געפאקט א יידישער פּאָליציַי, אָנגעבייקערט די ביינער און געצוווּנגען צוריק אוועקלייגן די ציגל אפן אָרט, האָט ער גראָד געפאָלגט. ער האָט קיין אנדער ברייֵרע ניט געהאט. ווי נאָר יענער איז אוועקגעגאנגען, האָט מישקע ווידער צעוואָרפן די ציגל.

אלע יידן, פון קליין ביז גרויס, האָט מען באפוילן טראָגן געלע לאטעס. נאָר ער האָט ניט געפאָלגט, האָט זיי ניט אָנגעטאָן.

פון טאָג צו טאָג איז אלץ שווערער געוואָרן צו גיין איבער דער שטאָט. ער האָט אָבער פאר קיין זאך ניט מוירע געהאט. ער איז ניט ניספּאָעל געוואָרן פאר די דײַטשן און ניט פאר אלע זייערע געזעצן. אפצולאָכעס זיי האָט ער זיך אָפט ארויסגעכאפּט צו קאָלקען אָדער צו אנדערע באקאנטע יינגלעך אינעם רוסישן ראיאָן, פארפאלן געוואָרן בא זיי אף גאנצע טעג.

ווען מע האָט ארומגעצאמט די געטאָ און ארויסגיין איז אומעגלעך געוואָרן, האָט ער זיך עטלעכע טעג נאָכאנאנד ארומגעדרייט הין־און־צוריק, הין־און־צוריק בא די דראָטן, ווי א וועלפל, וואָס מע האָט פאר־

שפּארט אין א שטײַג. ער איז ניט באַטל געוואָרן פאר דער וואך, וואָס מע האָט ארום דער צאם אוועקגעשטעלט: ער האָט געמאכט א לאָך אין די דראָטן, איז ארויסגעקראָכן, איז ווידער אוועקגעגאנגען פון געטאָ. עס האָט אים ניט אָפּגעשטעלט, וואָס מע האָט אים נאָכגעשאָסן, ווען מע האָט אים באמערקט; וואָס עטלעכע מאָל האָט מען אים שיר ניט גע־פּאקט. געראטעוועט האָט אים בלויז דאָס, וואָס ער איז געווען באוועג־לעך, ווי א שרעטל. עס האָט זיך געדוכט, אז דער געדאנק וועגן טויט איז דעם יאטל פרעמד. ער איז צו אלץ געוווינט געוואָרן.

מישקע האָט אָנגעהויבן גיין לאנגזאמער. זײַן הארץ האָט מיטאמאָל אָנגערירט עפּעס אן אומעט. ער איז געגאנגען און געשארט מיט די פּיס די בלעטער, וואָס דער ווינט האָט אראָפּגעריסן פון דיביימער. ער האָט אליין ניט געוווּסט, וואָס אים פּײַניקט. ער האָט געהאט א געפיל, ווי ער וואָלט געטאָן אן ארבעט און זי געוואָרפן אין דער מיט, ווי ער וואָלט עפּעס ניט דערטאָן אף דער וואָליקעס־פאבריק. ער האָט זיך באמיט ביז די קלענסטע קלייניקײַטן אופשטעלן פאר זיך אלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָט דעם פארטאָג: ווי זיי זײַנען זאלבעצווייט שטי־לערהייט אריבערגעקראָכן איבערן פּלויט פון דער פאבריק און זיך פארטײַעט אין דער פינצטער, נאָכגעשפּירט די וועכטער, וועלכע זײַנען זיך נאָך יעדן קרײַז, וואָס זיי האָבן געמאכט איבערן הויף פון דער פאבריק, צונויפגעקומען אין איין אָרט און זײַנען זיך ווידער פאנאנ־דערגעגאנגען אין פארשיידענע זײַטן. עפּעס איז ער שוין איצט ניט געווען אזוי זיכער, ווי פריִער, אז אלץ האָט זיך באקומען, ווי זיי האָבן געוואָלט. ער האָט דערפילט, אז ער מוז אליין, מיט די אייגענע אויגן זען, וואָס דאָרט טוט זיך, אניט וועט ער שוין ניט וויסן פון קיין רו.

אין דעם מאָמענט פארגעסט ער, אז מיט א רעגע צוריק איז ער געווען טויט־מיד. דער שלאָף טוט זיך אָפּ פון זײַנע אויגן. ער קערט זיך אום צוריק, און מיט די שטילע געסלעך, וואָס ליגן ארום דער טאָטערישער מעטשעט, גייט ער ארויס צו דער פאבריק גאָר פון אן אנדער זײַט. עס ווערט אים פריילעכער אפּן הארצן, ווײַל מיט יעדן טראָט הייבט אָן אלץ שטארקער צו שמעקן מיט רויך. ער איז זיך

פּאָשעט מעכײַע. אים ווײַזט זיך אויס, אַז אויך איצט ברענט נאָך דאָרט עפּעס. ער הערט קימאט, ווי עס קנאַקט דאָס פײַער...

ווען ער דערזעט ענדלעך, אַז די אַלטע, געהויקערטע געבײַדע שטייט זיך אַף איר אָרט, ווי פריִער, און אַז עס האָט אָפּגעברענט בלויז עפּעס אַ פּאַרשיווע סקלאַדל, ווערט ער דערשיטערט. דער ווייטעק רײַסט אים אויף פונעם אָרט און טרײַבט אַוועק. פאַר בייזקײַט ווייסט ער שוין גאָרניט וואָס צו טאָן. ער הייבט אויף פון דער ערד עטלעכע שטיינדלעך און נעמט זיי שלײַדערן דאָס אין אַ דאַך פון אַ שטוב, דאָס — אין אַ גאַנעק. ער טרעפט אין אַ שויב. עס טוט אַ בראַזג דאָס צעבראָכענע גלאָז. עמעץ שרײַט אַף אים. נאָר ער איז שוין ווײַט. עס טראָגט אים דער צאָרן.

ער באַרויִקט זיך אַ ביסל ערשט דעמלט, ווען ער קומט צו צום קינדערהיים, ווו סימע אַרבעט. דערזעט דאָס רויטע מויערל מיט די נאַקעטע הויכע טאָפּאָלן אַנטקעגן די פענצטער, דערמאָנט ער זיך, אַז פון נעכטן אָן האָט ער נאָך קיין ביסן ניט געהאַט אין מויל. ווען ער טוט אַ טראַכט וועגן עסן, ווערט זײַן פּענעמל נאָך גרינער. קריגן עפּעס צום עסן איז איצט געוואָרן איינע פון די שווערסטע זאַכן. ער ווייסט גאָרניט, מיט וואָס מע קומט איבער דעם טאָג. באַרסוק האָט קיינעם מער ניט אַרײַנגעלאָזט מיט אַ פוס אין הויף. אַלץ איז געבליבן בײַ אים. אַנדערע גאַנווענען זיך אַרויס פון געטאָ און בײַטן עפּעס אויס אַף פּראָדוקטן. בײַ זיי איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען. סימע איז אַ גאַנצן טאָג אַף דער אַרבעט. עסטער ווידער וויל פון גאָרנישט ניט וויסן, אויסער איר פּראָיִמען. ניט אומזיסט זאָגט די באָבע וועגן איר: „דער מענטש האָט זיך געווירט פון די געדאַנקען“. און די באָבע איז גערעכט. פון זינט עסטער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, ווייסט זי ניט פון קיין רו. ווו עס איז נאָר געווען אַ לאַגער לעבן דער שטאָט, איז זי שוין אויסגעווען, זוכנדיק פּראָיִמען. זי איז אַזוי צעיאָצט, אַז קוקנדיק אַף איר, ווײַזט זיך אויס, אַז אויסער איר פּערזענלעכן לעבן גייט איר ביכלאַל גאָרנישט ניט אָן. פון דער מינוט אָן, וואָס זי עפנט די אויגן, גייט בײַ איר פונעם מויל ניט אַרויס פּראָיִמס נאָמען. זי לאָזט

איבער דאָס קינד אַף דער מוטער און גייט אוועק אים זוכן. עס שטעלט זי ניט אָפּ דאָס, וואָס מע טאָר אָן א דערלויבעניש אין ערגעץ ניט גיין, וואָס יעדעס מאָל, ווען זי גאנוועט זיך ארויס פון געטאָ, קאָן מען זי דערשיסן. אהיים קערט זי זיך אום א מידע, א פארפאליעטע, פארגעסט פרעגן, צי מע האָט דאָס קינד אָנגעקאָרמעט, און ווען זי האלט עס שוין בא זיך אפן שויס און גיט דעם זויגן, איז איר דער קאָפּ סײַוויי־סײַ ניט דערבײַ.

מישקען ציט ארײַנגיין אין קינדערהיים. אין קיך ארבעט דאָרט א ווילדע ייִדענע. ס'איז ניט געווען דער פאל, אז זי זאָל אים ניט דער־לאנגען א טעלער סופּ מיט א שטיקל ברויט, ווען ער איז ארײַנגעקומען. אים איז קאלט, און ער וואָלט זיך גערן דערוואָרעמט מיט א לעפל גע־קעכטס. דעמלט, דוכט זיך אים, וואָלט אים געוויס געוואָרן א ביסל פרייליכער אפן הארצן. ער ווייסט אָבער אויך, אז סימע האָט ניט ליב, אז עס קומען צו איר „געסט". און ער באמיט זיך קומען וואָס זעלטע־נער. פאר סימען האָט ער אָפּשײַ. דאָס, וואָס ער וואָלט אָן אנדערן ניט מויכל געווען, איז ער איר מויכל. עפּעס געמיינזאמס פארמאָגן זיי ביידע, ער און די מומע זײַנע, און ער האָט זי ליב, כאָטש גאנץ אָפט כאפּט ער פון איר ארײַן א רעכטן כיילעק.

ווי אפצולאָכעס, ברענגט דער ווינט צו טראָגן דעם וואָרעמען רייעך פון געקעכטס, און בײַצושטיין דעם ניסאָיען ווערט מישקען אלץ שווערער. כוץ אלעמען, ווילט זיך אים ארײַנגיין אינעם קינדערהיים, קעדיי הערן, וואָס רעדט מען עפּעס וועגן דער סרייפע. עס איז אים, עמעס, א ביזע־ביזאָיען, וואָס עס האָט זיך באקומען ניט אזוי, ווי זיי האָבן געמיינט. נאָר אזוי אָדער אנדערש טאָר ער דאָך סײַוויסײַ קיינעם גאָרנישט ניט דערציילן, ניט סימען און ניט דער קעכן און אוואדע און אוואדע ניט וואָלפסאָנען, זייער זאווכאָזן[1], מיט וועלכן ער האָט זיך זײַנע כעזשבוינעס. טאָג און נאכט ליגט יענער אין הויף, ווי א הונט,

[1]ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער.

און היט, אז קיינער זאָל ניט אַרײַנקומען. ער האָט אַלץ מוירע, אַז מע זאָל בא אים ניט אויסכאַפּן זײַן פּאַרנאָסע. אָבער הערן, וואָס מע רעדט, ווילט זיך מישקען זייער. מע שטויסט זיך כאָטש אָן, ווּעמעס שטיקל אַרבעט דאָס איז?

ער באַוויַיזט אָבער נאָר אָן עפּן טאָן די פּאָרטקע, וואַקסט וואָלפּ־סאָן אויס, ווי פון אונטער דער ערד, און פאַרשטעלט דעם וועג. לעבן דער פּאָרטקע שטייט א האַנט־וועגעלע: וואָלפּסאָן וואַרט, זעט ־אויס, אַף סימען, קעדיי פאָרן מיט איר צום יודענראַט נאָך פּראָדוקטן. ער איז זייער אָנגעשראָקן און בייז.

— גיי, גיי! — זאָגט ער צו מישקען, ווי טאָמיד, ווען ער דער־זעט עמעצן אַרײַנקומען אינעם הויף פונעם קינדערהיים בעטן א נע־דאָווע אָדער עפּעס אַרבעט צו באַקומען דערפאַר א שטיקל ברויט צי א טעלער סופּ. — ווייסט ניט, גראַד דו פעלסט דאָ איצט... — און פאַרהאַקט די פּאָרטקע.

דאָס יינגל, וואָס האָט זיך נאָך ביז איצט ניט באַרויִקט פון די פריִערדיקע איבערלעבענישן, ווערט אָנגעצונדן. צו די ביז־איצטער־דיקע ווייטעקן קומט צו א נײַער פאַרדראָס. ער קאָן ניט פאַרלײַדן די אוולע. ער האָט דאָך דעם מענוּוול קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט, כאָטש ער טראָגט אַף אים שוין פון לאַנג א האַרץ. פאַרוואָס טרײַבט ער אים? מישקע דערמאָנט זיך, אַז דאָ לענגער האָט וואָלפּסאָן אָט פּונקט אַזוי פאַרהאַקט די פּאָרטקע און ניט אַרײַנגעלאָזט אַן עלטערן ייִדן, נאָך וועלכן עס האָבן זיך נאָכגעיאָגט דײַטשן. איבער וואָלפּסאָנען האָבן זיי געכאַפּט דעם ייִדן, אים שטאַרק געשלאָגן און דערנאָך, ווי א שטיק האָלץ, אַרופגעוואָרפן אַף דער מאַשין און אַוועקגעפירט. און מישקע קאָן שוין ניט גלאַט אַזוי אַוועקגיין פונדאַנען. ווען ער זאָל עס אַפילע וועלן, קאָן ער דאָס אויך ניט טאָן. עס דערוואַכט אין אים דער קונדעס. אים ווילט זיך עפּעס אָפּטאָן וואָלפּסאָנען, אַז דער פינצטערער יאָר זאָל אים נעמען.

ער טוט א צי די פּאָרטקע. זי איז פאַרשפּאַרט. דורך א שפּאַרונע אינעם פּלויט זעט ער — וואָלפּסאָן שטייט און היט, ער זאָל ניט אַרײַנ־

גיין. ער פילט זיך דאָ, וואָלפסאָנדל, פאר א גאנצן באַלעבאָס; ער טראכט נאָר וועגן זיך, אים ארט פאר קיינעם ניט. פונזיַינטוועגן מעג די גאנצע וועלט אומקומען, אבי אים זאָל עס ניט שאטן. מישקע הייבט אוף פון דער ערד א ריטל, רוקט עס ארײַן אין דער שפּארונע און סטארעט זיך דערלאנגען מיט דעם וואָלפסאָנען, א רייץ טאָן זיך מיט אים אזוי, אז דאָס הארץ זאָל אים פּלאצן.

וואָלפסאָן זעט גאָרנישט. ער איז פארכושט און פארטראָגן, ער איז אויסער זיך...

גאנצפרי, ווען ער איז נאָך געשלאָפן מיטן פארטאָגיקן פעסטן שלאָף, האָט זיך צו אים, אין זײַן ווינקל, ווו ער איז געלעגן צוזאמען מיט אנדערע אפן דיל, דערטראָגן פון דרויסן א ראַש. ער האָט ניט גלײַך פארשטאנען, וואָס עס קומט פאָר, איז ארויס אין פירהויז, א פליוכע געטאָן זיך אין פּאָנעם א הויפן וואסער און געוואָלט ארײַנגיין צוריק אין שטוב, קעדיי אף איין פוס, אָן טאלעס־און־טפילין, ארײַנכאפּן אפּדערגיך, ווי מע שלינגט הייסע פארפל, א שטיקל דאוונען, אזוי ווי ער איז זיך נויהעג געוווען די לעצטע צײַט פארן גיין אף דער אר־בעט. נאָר מיטאמאָל האָט ער דערהערט, אז מענטשן לויפן ערגעץ פארבײַ. ארויס אין הויף און דערזען, אז ערגעץ ברענט, האָט ער ארופּ־געכאפּט אף זיך דעם מאנטל און איז א מעוווּלוועלער ארויסגעלאָפן צום טויער. ווען ער האָט זיך דערוווסט, אז עס ברענט די וואָליקעס־פאבריק, איז ער געבליבן שטיין א האלב־טויטער פאר שרעק און ניט געוווסט, וואָס זאָל ער פריִער טאָן, צי זאָל ער גיין אין קינדערהיים, ווי יעדן פרימאָרגן, אָדער איבערוואַרטן דאָ.

אין געטאָ האָבן אלע געלעבט אין איינע שרעק. וואָלפסאָן האָט אָבער מוירע געהאט מער ווי אלע. ער האָט מוירע געהאט ארויסגיין אף דער גאס, כאָטש ביזן קינדערהיים איז געווען דרײַ טריט, מוירע געהאט פאר מענטשן, עס האָט זיך אים אלץ געדוכט, אז ער קאָן לײַדן פאר עמעצנס פארברעכן. אייגנטלעך איז דאָס אויך געווען בעפיירעש די סיבע, פארוואָס ער איז ניט געגאנגען ארבעטן אויסער דער געטאָ, נאָר טייקעף זיך צוגעשארט צום קינדערהיים און איז דאָרטן געוואָרן

אַ גאַנצער מאַכער. ער האָט געהאָלפֿן סימען פּירן די כּעזשבוינעס, און, ווען מע האָט געדאַרפֿט, האָט ער אָנגעהאַקט האָלץ, געבראַכט צו טראָגן וואַסער. האַקלאַל, געטאָן אַלץ, וואָס מע האָט געהייסן, אַבי עטלעכע מאָל אין טאָג באַקומען אַ טעלער סופּ מיט אַ שטיקל ברויט.

צי דערפֿאַר, וואָס די מישפּאָכע האָט אים געוואָרפֿן און ער איז איבערגעבליבן איינער אַליין, אָדער פֿאַר גרויס דאַכקעס און נויט, נאָר וואָלפֿסאָן איז געוואָרן נאָך מער אײַנגעשרומפּן און אײַנגעהויקערט, ווי ער איז געווען. דאָס בערדל זײַנס האָט זיך אים נאָך מער אויסגעדרייט אַף אַ זײַט. מיט יעדן טאָג איז ער געוואָרן גראָוער און אומרויִקער. ער האָט שוין, דאַכט זיך, פֿאַרברענט און צעריסן ווו נאָר אַ פּאַפּירל, וואָס האָט אים געקאָנט אַרויסגעבן, אַז ער איז געווען אַ שטיקל מעכוטן מיט די באָלשעוויקעס, אַ סאָוועטסקע סלוזשאַשטשע. ער האָט אַפֿילע פֿאַרניכטעט די פֿאָטאָגראַפֿיעס, וועלכע האָבן געקאָנט אײדעס זאָגן, אַז ער האָט אויסגעהאָדעוועט קינדער אַפּיקאָרסים, קאָמוניסטן. ער איז גרייט געווען אָפּשינדן פֿון זיך די הויט, קעדיי דערוויַיזן, אַז ער איז ניט קעגן די דײַטשן... און פֿונדעסטוועגן האָט אים קעסיידער זיך געדוכט, אַז ער האָט ניט אַלץ געטאָן, וואָס ער וואָלט באַדאַרפֿט. און ער האָט ניט אופֿגעהערט מוירע צו האָבן...

כאָטש בעטעווע איז ער געווען פֿון די, וואָס האָבן ליב צוגיין שטי־לינקערהייט און, קלוימערשט, ער מיינט גאָרנישט ניט, זיך צוהערן דערצו, וואָס אַנדערע ריידן, פֿלעגט ער אָבער ניט קענען אויסהאַלטן און קוים האָט ער דערהערט, אַז מע איז אומצופֿרידן מיט די דײַטשן און מיט דעם לעבן באַ זיי, האָט ער עס ניט געוואָלט לײַדן און האָט זיך אַרײַנגעמישט: „שאַ, שאַ, פֿירט ניט אַרוף אַפֿן פֿײַער“. הײַנט קאָן מען זיך שוין פֿאָרשטעלן, וואָס האָט זיך מיט אים געטאָן, ווען ער איז אַרויס אין דרויסן און דערהערט, וואָס מע דערציילט וועגן דער סרייפֿע. ער איז מאַמעש אַ פֿאַרברענטער געוואָרן. „אַך, קלאָווים! אָך, הולטײַעס! זעט נאָר, זעט, וואָס מע טוט!.. איבער זיי קאָן מען אַלעמען אומברענ־גען!“ ער איז אַפּגיך אַוועקגעלאָפֿן צום קינדערהיים. טאָמער פֿאַרקאָכט זיך עפּעס, איז פֿונדעסטוועגן זיכערער, ווי אומעטום, געווען טאַקע

דאָרט. ביז איצט זײַנען נאָך די דײַטשן אין קינדערהיים ניט אַרײַנגעגאַנגען. דעריבער פּלעגן בײס אַ בעהאָלטע אין געטאָ ניט איין מאָל קומען אַהין זיך אויסבאַהאַלטן אַפילו די טויער פונעם יודענראַט.

ער איז געקומען אַקוראַט צו דער צײַט. אין קיך איז קיין לעק וואַסער ניט געווען. וואָלפסאָן האָט גענומען די עמער, איז אַוועק צום פּלומפּ. ווי נאָר אָבער ער האָט דערהערט דאָס שושקען זיך און זיפצן פון די פּרויען, האָט אים באַנײַס אַרומגעכאַפּט אַ שרעק. „אַם קשיי אוירעף[1]... — האָט ער געטראַכט, — זיי האָבן נאָר זייערס אין זינען. צוליב אויספירן דאָס, וואָס זיי גלוסט זיך, זײַנען זיי גרייט מאַקריוו זײַן לעבנס, ניט וויכטיק וועמעס, אַפילו דאָס אייגענע". און ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ווען ער ווייסט, ווער דאָס האָט אונטערגעצונדן, וואָלט ער געמאַסערט. „זאָלן זיי געהאַרגעט ווערן, — האָט ער זיך געזידלט, — אויקער מין האַשוירעש זײַן דאַרף מען זיי... אויסרײַסן מיטן וואָרצל, אַז קיין זייכער זאָל פון זיי ניט בלײַבן... דאָס האָבן זיי, די אָשערלעך, באַרויבט און באַגאַזלט די וועלט... איבערגעקערט אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ... זיי, מיט זייער ליבער מאַכט... זיי האָבן בא אים אוועקגענומען זײַן נאָמען און זײַן ווערט. געמאַכט פאַר אויס מענטש"...

דעם גאַנצן פרימאָרגן האָט ער זיך שוין אַרומגעדרייט אַ בייזער און אָן אויפגעבראַכטער, ביז סימע האָט אים ניט אַ רוף געגעבן: מע האָט געדאַרפט פאָרן נאָך פּראָדוקטן. שטייט ער איצט מיטן וועגעלע און שילט סימען, שילט די קעכן, די גאַנצע וועלט. עס האָט זיי גראָד איצט צוגעשפּאַרט פאָרן נאָך פּראָדוקטן, ווען עס איז אַזוי אומרויִק, ווען אים ווילט זיך איז ערגעץ ניט גיין, ווען עס ציט אים, פאַרקערט, אַרײַנקריכן אין אַ לאָך און זיך דאָרט באַהאַלטן.

עפּעס גיט אים אַ שטאָך אין זײַט און צווינגט זיך אַרומקוקן. ער דערזעט, וואָס דער מאַמזער טוט, און ווערט אין קאַס, פלאַם־פײַער. עס הייבן אים אַזש אָן ציטערן די ליפּן. ער כאַפּט דאָס ריטל און ציט עס צו זיך. מישקע רײַסט עס אָבער אַרויס פון זײַנע הענט און הייבט

---

[1] אַן אַקשאָנעסדיק פאָלק.

זיך אָן רייצן מיט אים, ווי מיט א מעשוגענעם הונט, וואָס איז ארונטערגעקראָכן אונטער א גאנעק און וויל פון דאָרט ניט ארויסקריכן: ער טיצעט אים דאָס ריטל אין פּאָנעם, דרייט פאר דער נאָז. וואָלפסאָן וויל אלץ ארויסכאפּן דאָס ריטל, נאָר עס געלינגט אים ניט. ענדלעך פארלירט ער אינגאנצן דעם קאָפּ פון קאס. פארגעסט זײַן עלטער, פארגעסט, אז ער האָט צו טאָן מיט א יינגל. ער שארט זיך צו צו דער פּאָרטקע, פּראלט זי האסטיק אוף און נעמט זיך נאָכיאָגן דעם שנעק, ווארפט אין אים הרודעס ערד.

מישקע לאָזט זיך לויפן, נאָר פארגעסט ניט דערבײַ אלע מאָל אויסדרייען דעם קאָפּ און ארויסשטעלן וואָלפסאָנען א לאנגע צונג.

אין הויף בא זיך באגעגנט מישקע דעם אלטן יוינע, וועלכער האקט האָלץ אין דרויסן. יוינע כידעשט זיך: עפּעס איז מישקע דאָס מאָל צופיל פארצאָרנט. „ניט אנדערש, — טראכט ער זיך, — מיטן יאטל האָט עפּעס פּאסירט“.

— וואָס איז, מישקע? — וויל ער בא אים דערגיין. — מיר מעגסטו דאָך דערציילן.

נאָר אין מישקען האָט זיך ווידער צעשפּילט דער אזעספּאָנעם. ער ענטפערט אים גראָב אָפּ, גייט פארבײַ, לאָזט זיך איבער די טרעפּ ארופצו. בא דער טיר פון דער באָבעס דירע שטעלט ער זיך ניט אָפּ. ער קריכט ארוף אפן בוידעם און פארמאכט נאָך זיך גוט די טיר, גייט צו צו דעם איינציקן קלייניטשקן פענצטערל און קוקט ארויס אין דרויסן. א יאם מיט דעכער און דעכלעך שפּרייט זיך פאר זײַנע אויגן. אייניקע זײַנען נאָך נאס פונעם פארטאָגיקן נעפּל, איבער אנדערע הייבט זיך א רויך פון די קוימענס. צווישן די אלע דעכער און קוימענס זוכט ער דעם הויכן קוימען פון דער וואָליקעס-פּאבריק. ווען ער געפינט אים, קאָן ער שוין זײַן בליק פון אים מער ניט אָפּווענדן און מיט זײַן דאר קינדערש פויסטל דראָעט ער אין יענער זײַט.

אף דעבֿ פּוסטן בוידעם קאָן ער אויך לאנג ניט בלײַבן. שטילערהייט קריכט ער צוריק אראָפּ, גייט ארויס פון הויף און לאָזט זיך אוועק אף זאוואלנע, צו א שטיבל אף הינערשע פּיסלעך, וואָס שטייט צווישן

כורוועס, קוים וואָס מע זעט עס ארויס צווישן די האלב־אײַנגעפאלענע ווענט און בערג ציגל. אף זײַן פײַף קומט ארויס פון שטיבל דאָס זעל־בע באָכערל, וואָס האָט אף אים געווארט באם יודענראט. באטריבטע זיצן זיי דערנאָך אין א דערבײַיקער כורווע און צייכענען עפּעס, ווי דערוואקסענע, מיט שטיקלעך ציגל אף דער ערד, האָבן איינער צום אנדערן טײַנעס, ווארפן איינער דעם אנדערן עפּעס אוף... זיי זיצן אזוי, ביז עס דערגייט צו זיי ניט דער טומל, וואָס קומט אוף באם טויער פון דער געטאָ. זיי קוקן זיך איבער. מישקעס כאווער דראפּעט זיך ארוף אף דער פארייכערטער וואנט, צום באלקאָן, וואָס איז דאָרט אלפּי־נעס געבליבן הענגען, און קוקט אראָפּ פון דער הייך, ווייל דערזען, וואָס קומט פאָר. נאָר פון דעם באלקאָן, אף וועלכן ער שטייט, זעט מען ווינציק־וואָס. דאָס ייִנגל קריכט צוריק אראָפּ. ביידע כעוורעלײַט כאפּן זיך ארויס אין דרויסן און לאָזן זיך לויפן צום טויער. זיי מוזן אומ־באדינגט וויסן, וואָס עס טוט זיך דאָרטן. אָן זיי וועט מען זיך, ווײַזט אויס, ניט באגיין.

ביידע דארע, ווי הונגעריקע וועלפלעך, לויפן די יאטלעך, זײַט־באַ־זײַט, אהינצו, ווו עס ווייעט ווידער מיט אומרו, ווו עס הערן זיך געשרייען.

## קאפּיטל עלף

### 1

אין דרויסן איז געווען, ווי עס טרעפט ניט זעלטן אָנהייב ווינ־טער. אין דער צעשוועמענער שײַן פון דער זון, וואָס איז געהאנגען איבער די הײַזער און ניט געווארעמט, האָט אלץ אויסגעזען מאָדנע ניט־שטאנדהאפטיק, באפארבט אין די צוגע־לאָשענע און טרויעריקע קאָלירן פון וועלקונג, צו וועלכע מע האָט זיך נאָך רעכט ניט צוגעווינט... טרויעריק איז אויך געווען אפן הארצן בא די טויער פונעם יודענראט, וואָס זײַנען געגאנגען צום טויער פון געטאָ.

זעליגער איז נאָך אַלץ געווען אונטערן אײַנדרוק פון דעם שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיט מאַשע אַלפּעראָוויטש. ער איז געגאַנגען, זיך שטילערהייט דורכגערעדט מיט קאַזשדאַנען און ניט געוואָלט באַמערקן, וואָס עס טוט זיך אַרום. כאָטש ווי ער איז נאָר אַרויסגעגאַנגען פונעם יודענראַט, האָט ער דערזען, אַז ווער עס קאָן נאָר, באַמיט זיך אַוועקגיין פון געטאָ. קיינמאָל זײַנען נאָך, דוכט זיך, ניט געווען אַזויפיל באַלאָנים צו גיין אַרבעטן אויסער דעם יִדישן ראַיאָן. טייל פּרויען האָבן אַפילע געפּרוּווט מיטנעמען מיט זיך, אַף דער אַרבעט, קינדער. קיינער האָט שוין ניט אויסבאַהאַלטן, אַז מע ריכט זיך אַף אַ נײַער גזירע. ער, דער מעיושעוודיקער און באַיאָרטער יִיד, איז איצט געווען געגליכן צו אַ קינד, וואָס פאַרשטעלט זיך מיט אַ הענטל די אויגן און מיינט, אַז אויב ער זעט ניט די געפאַר, איז זי ניטאָ.

ניין, די וועלט איז געבליבן די זעלבע, ווי געווען. און דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָט דער וועלט, איז ניט געווען אָפּהענגיק ניט פון אים און ניט פון זײַנע פאַרלאַנגען. ער, זעליגער, איז געווען ניט מער, ווי אַ זעמדעלע, וואָס דער ווינט הייבט אויף און טראָגט, וווהין ער וויל. אַלנפאַלס, אַזאַ געפיל האָט ער געהאַט.

קעדיי וואָס ווינציקער זיך טרעפן מיט מענטשן, האָבן זיי פאַר־קערעוועט אין אַ זײַטיקער און שטילער גאַס. נאָר אויך דאָ האָבן אַלע געאײַלט אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס זיי. אָנגעפּרינדעט איין רעקל אַפן אַנדערן, טאָמער טרעפט עפּעס, זאָל מען כאָטש זײַן וואַרעם אָנ־געטאָן, זײַנען אַלע געגאַנגען צום טויער. דער דאָזיקער אַלגעמיינער אומרו האָט זיך ניט ווילנדיק איבערגעגעבן אויך זעליגערן. צוביס־לעכווײַז האָט אים אָנגעהויבן באַהערשן אַ פאָרגעפיל, אַז עפּעס שרעק־לעכס מוז געשען. זיי האָבן געמעגט אין ערגעץ ניט גיין. סײַוויסײַ וועט זיי שוין גאָרנישט ניט העלפן. פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט אָפּגעז־שטעלט און איז געגאַנגען מיט קאַזשדאַנען ווײַטער, געגאַנגען קעגן דעם אייגענעם ווילן און פאַרלאַנג, ווי עמעצער וואָלט אים געטריבן.

ניט באַוויזן צוקומען צום טויער, האָבן זיי נאָך פונדערווײַטן דער־

הערט, ווי עס שרײַען דײַטשן, ארום דעם טויער זײַנען געשטאנען א סאך מענטשן. ערטערוויַיז האָט דער אוילעם שוין געשפּאַרט אַף צוריק.

עס איז פאר קיינעם קיין נאָווינע ניט געווען צו זען, ווי מע שלאָגט יידן, אָדער ווי מע איזדיעקעוועט זיך איבער זיי, באַזונדערס דאָ, באַם טויער. מע האָט געקאָנט כאַפּן א קלאַפּ נאָר דערפאר, וואָס דער דײַטש פון דער וואך איז אופגעשטאנען אַף דעם לינקן פוס אָדער באקומען צו פרישטיק ניט דעם מײַכל, וואָס ער האָט געוואָלט.

אָבער דאָס, וואָס זעלינגער האָט דערזען, ווען ער איז צוגעגאנגען צום טויער, איז געווען פאר אים אינגאנצן אומדערווארט. ער האָט זיך פארלאָרן און איז געבליבן שטיין אַן איבערגעשראָקענער.

באַם טויער האָבן זיך געשטופּט די קאָלאָנעס ארבעטער, וואָס זײַנען טאָמיד אין דער צײַט שוין לאנג בא דער ארבעט. הײַנט האָט מען זיי פארהאלטן און אין ערגעץ ניט ארויסגעלאָזט. דאָס האָט שוין ניט געקאָנט זײַן בלויז א קאפּריז פון דער וואך. אָן א באפעל פון אויבן וואָלט דאָס קיינער ניט געוואגט טאָן.

דערזען אָנקומען די טויער פונעם יודענראט, זײַנען עטלעכע ברײַ־גאדירן ארויס זיי אנטקעגן. זעלינגער האָט שוויַיגנדיק אויסגעהערט, וואָס מע האָט אים דערציילט. ער האָט מיט גאָרנישט ניט ארויסגעוויזן, ווי ווײַט ער אליין איז צערודערט. אײַנגעפאלענע, איבערגעשראָקענע אויגן האָבן אומרויִק געקוקט אַף אים. ער האָט אָבער אליין אויך ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. די דײַטשן זײַנען אָפּט געקומען אַף מאשינעס אין געטאָ און געכאפּט מענטשן פאר די לאגערן. נאכט אין נאכט האָט מען זיך ארײַנגעריסן הינטער די דראָטן און אויסגעקוילעט גאנצע מישפּאָכעס. קיין איין מאָל האָט נאָך אָבער ניט פּאסירט, אז מע זאָל ניט לאָזן אַף דער ארבעט. דער, וואָס האָט פארמאָגט א פּאפּירל, אז ער ארבעט באַם דײַטש, האָט געקאָנט האָפן, אז ער איז מער־ווייניקער זיכער מיטן לעבן. איצט איז דאָס דאָזיקע שטיקל האָפענונג אויך פאר־שוווּנדן. האָט מען זיך געריסן צום ארויסגאנג, געשטופּט איינער דעם

צווייטן, געכאפּט קלעפּ און ווידער געקראַכן, קעדיי צום צענטן מאָל פּרוּוון אײַנריידן דעם דײַטש, אַז ער זאָל זיי ארויסלאָזן.

זעלינגער האָט געגומען באַרויִקן דעם אוילעם:

— זאָל זײַן שטיל, באַלד וועלן מיר זיך דערוויסן, וואָס דאָ קומט פאָר.

ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער וואַך.

דער אוילעם האָט זיך אַ צי געטאָן נאָך אים. קאַזשדאַן האָט אָנגעהויבן טרײַבן אַף צוריק.

באַם טויער איז געשטאַנען אַ דײַטש, וועלכער איז דאָ אָפּט געווען אַף דער וואַך. דאָס איז געווען אַ מעגושעמדיקער, הויכער היטלעראָווען מיט אַ שטאַרצנדיקן ווײַבערשן הינטן, אין קורצלעכע הויזן. דער אוּ־טאָמאַט, וועלכן ער האָט געטראָגן אַף דער ברוסט מיטן רימען איבערן האַלדז, האָט אויסגעזען אַף אים, ווי אַ קינדערש שפּילכל. אַ טעמפּלעכער, מיט אַ טאַמעוואַטן בליק פון אַ טויבן, צו וועלכן עס דערגייט ניט גלײַך, וואָס מע רעדט צו אים, האָט ער אַ ביסל מיט אַ זײַט זיך אָנגעבויגן צום יידן־עלטסטן און אַף דער פראַגע, פאַרוואָס לאָזט ער ניט גיין צו דער אַרבעט, גאָרנישט ניט געענטפערט אויסער דעם איין־איינציקן וואָרט „באַפעל”, וואָס ער האָט הייזעריק אויסגעברומט. דער־בײַ האָט ער אַזוי אַ פיר געטאָן הין־און־צוריק מיט אַ האַנט צעשפּרייטע פינגער לעבן זעלינגערס נאָז, אַז אַלעמען איז קלאָר געוואָרן: מע מעג דאָ אויסגיין באַ זײַנע פיס, וויינען און קלאָגן, וועט סײַוויסײַ ניט העלפן, ער וועט קיינעם אַף יענער זײַט ניט ארויסלאָזן. זעלינגער איז געבליבן שטיין אומבאַהאָלפן, ניט וויסנדיק, וואָס מע טוט ווײַטער.

די גאַנצע צײַט, וואָס זעלינגער האָט זיך באַמיט פאַרשטענדיקן מיט דער וואַך, האָט קאַזשדאַן זיך ניט אַרײַנגעמישט, ווי ער וואָלט לעכאַטכילע געוווּסט, אַז דאָס וועט גאָרניט געבן, נאָר עס האָט אים אופגעבראַכט די טעמפּקײַט פונעם סאָלדאַט. ער איז ארויסגעגאַנגען פאָרויס, האָט געגעבן דעם דײַטש צו פאַרשטיין, מיט וועמען ער האָט צו טאָן. זיי זײַנען טוער פונעם יודענראַט. אַ סימען האָט ער, דער וואַכמאַן, כּוץ אַלעמען, די אָרעם־בענדלעך, וועלכע זיי טראָגן צום

אונטערשייד פון אַלע איבעריקע ייִדן. זיי דאַרפֿן גיין אין אופּראַווע. ער, דער סאָלדאַט, האָט קיין רעכט ניט זיי צו פֿאַרהאַלטן. זיי איז דער־לויבט גיין אומעטום. מע האָט זיי אַרויסגעגעבן דעם געהעריקן שײַן.

לעכאַטכילע האָט זיך דער סאָלדאַט אַפֿילע גענומען צוהערן דער־צו, וואָס קאַזשדאַן רעדט. עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז אים געפֿעלט, וואָס יענער זאָגט. נאָר אָט האָט ער אָנגעהויבן שטיל לאַכן, אָנווײַזנדיק מיטן פֿינגער דאָ אויף קאַזשדאַנען, דאָ אויף זעלינגערן, און ווי אַן אײַנגע־שפּאַרט פֿערד גענומען דרייען מיטן קאָפּ אויף ניין. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און ער שרײַט שוין מיט ווילדע קולעס: „לאָז, לאָז, פֿאַר־פֿלוכטע!" מע זאָל, הייסט עס, אָוועקגיין פֿון אים, לאָזן אים צורו. דער אוילעם פֿאָלגט אָבער ניט באַלד. ווערט ער אין קאַס, רײַסט זיך אַרײַן אין געטאָ, כאַפּט אַראָפּ פֿון זיך דעם אווטאָמאַט און הייבט אָן מיט אים שלאָגן איבער די קעפּ און איבער די פּלייצעס. ער הייבט אָן שיסן.

דער אוילעם צעלויפֿט זיך. זעלינגערן מיט קאַזשדאַנען בלײַבט מער גאָרנישט, ווי אומקערן זיך צוריק אינעם יודענראַט.

א טייל מענטשן קערט זיך אום אהיים. די מערהײַט לאָזט זיך נאָך די טויער פֿונעם יודענראַט. מע קערט זיך אום צו דער געבײַדע פֿון קאָמיטעט. מע קלײַבט זיך דאָ אין רעדלעך. און קיינער ווייסט ניט, וואָס טוט מען ווײַטער.

די זון רײַסט זיך אַרויס פֿון הינטער א וואָלקן, טוט א בלישטשע און פֿאַרגייט. עס הייבט אָן שיטן א שניי און באַדעקט די ערד מיט ווײַסע פֿלעקן. אין דרויסן ווערט קעלטער.

זינט א געוויסער צײַט איז זעלינגערן צוגעפֿאַלן א כאַלאַס, פֿון וועלכער ער האָט פֿריִער ניט געוווּסט. רעגט ער זיך אויף, טוט אים א דריי אינווייניק אין מויעך און ער ווייסט שוין ניט, אויף וועלכער וועלט ער איז. דאָס געדויערט ניט לאַנג, ניט מער עפּשער ווי א רעגע. אָבער נאָך דעם הייבט אים אָן וויי טאָן דער קאָפּ און א שטילע נודעניש שלאָגט צום האַרצן. עס ווערט אים שטאַרק ניט גוט. אַזוי האָט ער זיך דערפֿילט אויך איצט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין יודענראַט.

אלעמאָל אין אזא פאַל האָט ער אײַנגענומען א טאבלעטקע קעגן קאָפּ־ווייטעק און עס איז אים לײַכטער געוואָרן. דאָס מאָל האָט עס אָבער ניט געהאָלפן. די פּאָר שלונג וואסער, מיט וועלכע ער האָט פארטרונ־קען די רעפּוע, האָט ער געמאכט איבערגוואלד. ווי נאָר ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט אף זײַן אָרט, איז ער געבליבן זיצן אין אָנמאכט, מיט די הענט אף די קני. ער האָט אזוי שלעכט אויסגעזען, אז קאזשדאַן האָט זיך א ביסל דערשראָקן און האָט געזאָגט, אז עס וואָלט גלײַכער געווען, ער זאָל וואַרפן אַלץ און גייז זיך אָפּרוען.

— יאָ... יאָ... — האָט זעלינגער צוגעבאָמקעט, — איר זײַט אוואַ־דע גערעכט. איך וועל טאקע צוגיין אהיים... און איר זײַט דאָ... זעט, אז אַלץ זאָל זײַן אין אָרדענונג...

זעלינגער האָט פארלאָזט דעם צימער, ניט אומקוקנדיק זיך. ער האָט ניט געזען, וויאזוי קאזשדאַן קוקט אים נאָך מיט א קוים באמערק־בארן טרויעריקן שמייכל.

געוווינט האָט זעלינגער ניט ווײַט פונעם יודענראט. נאָר איצט איז אים געווען שווער מאכן אפילו די עטלעכע שפּאַן.

זעלינגער האָט זיך געוואָלט פארשטעלן, וויאזוי, לעמאָשל, וואָלט ער זיך אופגעפירט בא אזוינע אומשטענדן, ווי איצט, ווען ער איז אפּן קאָמענדאנטס אָרט. ער האָט געוואָלט באנעמען, וואָס קאָן עס באטײַטן, וואָס ביז איצט האָט דער דײַטש אים ניט ארויסגערופן צו זיך. און אויב פריִער האָט ער מוירע געהאט, עס זאָל ניט קומען קיין שאַליִעד נאָך אים, האָט אים איצט אָנגעהויבן שרעקן דאָס, וואָס קיינער קומט ניט. די אומקלאָרקײַט פון דער לאגע האָט געמאטערט, געצויגן דעם קליאָק פון די ביינער. בעסער וואָלט שוין דער קאָמענדאנט אף אים געשריִען, געשלאָגן אים... נאָר ווער קאָן ארײַנדרינגען אין פרעמדע מאכשאָוועס, און ווי טאָמיד, ווען זעלינגער איז ניט אימשטאנד געווען מאכן די געהעריקע אויספירן, האָט ער געטאָן דאָס, וואָס עס האָט זיך געלאָזט. ער האָט באשטימט: „דאָס, וואָס זיי, די דײַטשן, קלערן זיך, איז איין זאך. מיר דארפן אָבער וויסן אונדזערס". און ער האָט אָנגעהויבן טראכטן וועגן דעם, וואָס, אשטייגער, וואָלט ער באדארפט טאָן, קעדיי

די לאַגע זאָל געלינדערט ווערן. מע דאַרף צונויפנעמען דעם אוילעם און זיך דורכריידן... זאָל אפילו קומען איינער פון יעדן הויף, איז אויך גוט. מע מוז אַלעמען געבן צו פאַרשטיין, אַז מע טאָר זיך ניט שפּילן מיט פייער... מע טאָר זיך ניט פאַרייסן... איצט איז דער דייטש באַלע־באָס, און, ווילסט יאָ צי ווילסט ניט, מוזטו אָנבייגן דעם קאָפּ...

פון די דאָזיקע געדאַנקען איז אים אָבער לייכטער ניט געוואָרן. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס וועט גאָרנישט ניט געבן. גיכער פון אַלץ, האָט מען באַדאַרפט דערשלאָגן זיך צום קאָמענדאַנט און זיך דערוויסן, וואָס ער וויל פון זיי. אָבער איילן זיך האָט ער אויך מוירע געהאַט, ווייל דערמיט קאָן מען בלויז קאַליע מאַכן. עס איז קיין אַנדער ברירע ניט געווען, ווי וואַרטן, און זעלינגער האָט באַשטימט וואַרטן, וואַרטן און האָפן, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן.

אָט איז שוין די שטוב, וווּ ער וווינט. ער איז גערן, וואָס ער וועט באַלד זיין אין דער היים און כאָטש א ביסל קומען צו־זיך, פאַרגעסן אַף א ווײַלע אין דעם, וואָס אים מאַטערט. ווי נאָר ער קומט אָבער אַרײַן אין פירהויז, דערטראָגט זיך צו אים פון צימער א מאַנצבאַלשע שטים. ער דערקענט זי. ראָזנבליטל איז בא זיי. ראָזע איז אים, ווייזט אויס, ניט אַף קיין קאַטאָוועס געפעלן געוואָרן. דרייט זיך זעלינגער אויס און גייט אַוועק צוריק אין דרויסן. ער האָט ניט ליב דעם באָכער. עס איז אים ניט אָנגענעם, האַלעמײַ יענער איז געוואָרן אָן אָפטער אַרײַנגייער צו זיי.

ראָזנבליט באַמערקט אים דורכן פענצטער און לאָזט זיך נאָך אים. עפּעס וויל ער פון אים, פון זעלינגערן, ער פאַרלויפט אים דעם וועג. ער רעדט צו אים, שמייכלט זייער ליבלעך און נעמט אים ענדלעך אונ־טערן אָרעם, ווי א גוטער־ברודער.

— מיט מיר, פּאַניע זעלינגער, — זאָגט ער ביז גאָר צוטרוילעך און פריינטלעך, — דאַרף מען זיך ניט קריגן. טוט מיר עמעצער א טויווע, צאָל איך יענעם אָפּ צענפאַך. פאַר אייך און פאַר אייער ראָזען בין איך גרייט טאָן אפילו מער, ווי איך קאָן. איר ווייסט דאָך, אַז דער

קאָמענדאַנט האַלט פון מיר. איר האָט ניט וואָס מוירע צו האָבן. טאָמער עפּעס, פאַרלאָזט זיך אָף מיר. איך וועל וויסן פריִער פון אַלעמען.

זעלינגער ענטפערט אים ניט, כאָטש דוכטן דוכט זיך אים, אַז ראָזנבליט ווייסט שוין יאָ עפּעס און ער וואָלט באַדאַרפט בא אים פרעגן, וואָס האָט ער געהערט. עס געפעלט אים ניט, וואָס דער יונגערמאַן וויל מיט אים ווערן א מעכוטן. און עפשער דערפאַר, ווײַל זעלינגער ווייסט, אַז גראָד איצט, בייסן אומגליק, איז געוואָרן א מאָדע אזא — מע פּאָרט זיך יונג און אַלט און מע לעבט צוזאַמען, ווערט אים שווער אפן האַרצן. ער דערמאָנט זיך, אַז דעם־אָ ראָזנבליטל האָבן פון ערגעץ אראָפּגעבראַכט די דײַטשן. קיינער פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס איז ער אזא גרויסער שמעלקע מיטן קאָמענדאַנט. א סוואָרע, אַז אין לאַגער, אָף דראָזדי, האָט ער ארויסגעגעבן א סאַך מענטשן. זעלינגער נעמט פאַמעלעך ארויס זײַן אָרעם פון יענעמס האַנט און עטעמט אָפּ לײַכטער ערשט דעמלט, ווען ער באַפרײַט זיך פון ראָזנבליטן.

זעלינגער קערט זיך אום אין יודענראַט, גייט ארײַן צו זיך אין קאַבינעט און קלאַפּט אומגעדולדיק אָן אין וואַנט. ער וויל בעטן מאַשע אַלפּעראָוויטש, זי זאָל ארײַנרופן קאַזשדאַנען. ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז עס איז וואַרמעס־צײַט, אַז אַלע זײַנען זיך צעגאַנגען.

דער קאָפּ טוט אים ווי. עס מישן זיך די געדאַנקען. ער זעט ווידער פאַר די אויגן ראָזנבליטן מיט דעם לענגלעכן האַלדז זײַנעם, מיט די באַקנבאַרדן און מיטן לאַנגן שמאָלן קעפּל פון א שלענגל. ער טראַכט וועגן דעם, אַז ווען ער האָט וווּהין, וואָלט ער געדאַרפט ראָזען באַצײַטנס ערגעץ אוועקשיקן... די דאָזיקע געדאַנקען מישן זיך אויס מיט פיל אַנדערע און פּײַניקן אים, לאָזן ניט רוען.

## 2

קאַזשדאַן האָט געוווּסט: די צײַט איז אזא, אַז עס קאָן אַלץ פּאַסירן און עס איז ניטאָ וואָס ניספּאָעל צו ווערן פון קיין שום זאַך. פונדעסטוועגן, ווי נאָר זעלינגער איז ארויסגעגאַנגען פונעם צימער און פאַר־

מאכט הינטער זיך די טיר, האָט זיך פון קאזשדאַנען גלײַך אָפּגעטאָן די אויסערלעכע רויִקייט זײַנע. ער האָט אופגעהערט שמייכלען. ער האָט זיך געפּרוּווט אײַנרעדן, אז אלץ, וואָס עס איז געשען, קאָן זיך אויס־לאָזן בלויז צו אַן אָבלאווע, בייס וועלכער די דײַטשן וועלן, ניט איבע־ריקס טרויעַנדיק אים און דער ייִדישער אָרדענונגס־וואך, אָנהייבן כאפּן מענטשן, נישטערן און זוכן, ווי זיי האָבן עס געטאָן פיל מאָל ביז אהער. אָבער אויך דאָס האָט אים איצט געשראָקן. אויסער דעם, וואָס אים וואָלט פאַרגעשטאַנען ווידעראמאָל די מיִעסע ארבעט פון מיט־העלפן אין דער אָבלאווע, האָט אים שטארק געקימערט, וואָס וועט זײַן מיטן אומבאַקאַנטן באָכער אין דער לעדערנער קורטקע, וועלכער איז אים ניט ארויס פון זינען. בייס אַן אָבלאווע וואָלט יענער, כאָלילע, אויך געקאָנט ארײַנפאלן. און קאזשדאַן האָט באשלאָסן, אז ער מוז עפּעס טאָן פונזײַנטוועגן.

קאזשדאַן האָט געהאט א טעווע, טאָמער נעמט ער זיך עפּעס ארײַן אין זינען, וועט ער שוין ניט רוען, ביז ער וועט עס ניט דערפירן ביזן סאָף. אָבער דאָס מאָל האָט מען ניט געטאָרט אָפּלייגן אף שפּעטער, מע האָט געדארפט עפּעס טאָן באַלד, שוין, די מינוט. און ווער עס זאָל אים העלפן, האָט ער ניט געהאט. צווישן די מענטשן, מיט וועלכע ער איז טאָגטעגלעך געקומען אין באַריר, האָט ער ניט געזען קיינעם, אף וועמען מע זאָל זיך קאָנען פארלאָזן. אַן אויסנאַם האָט עפּשער געקאָנט זײַן אַלפּעראָוויטש, וועלכע ער האָט געקענט פון פריִער און מער פון אַלעמען געטרויט. ער האָט ניט געגלייבט, אז זי זאָל אזוי אָדער אנדערש ניט זײַן פארבונדן מיט עמעצן פון איר פריִערדיקער סוויווע און ניט וויסן, וואָס אין געטאָ גרייט זיך קעגן דעם דײַטש. די מעניִע איז אָבער געווען, וואָס צו איר האָט ער געהאט א קנאפּן צוטריט. זי האָט געמאכט אַן אָנשטעל, אז זי קען אים ניט. און, קוקנדיק אף איר, האָט ער זיך אויך געהאלטן פונדערווײַטן.

פאַרוואָס אַלפּעראָוויטש מײַדט אים אויס, האָט זיך קאזשדאַן אָנ־געשטויסן. ער האָט ניט פארגעסן, ווי זי איז בלאַס געוואָרן, בייס זי האָט אים צום ערשטן מאָל דערזען אינעם יודענראַט און זיך דערוווּסט,

מיט וואָס ער פאַרנעמט זיך דאָ. עס איז קלאָר געווען, אַז זי האָט מוירע, ער זאָל זיך איצט ניט נויקעם זײַן אין איר. ניט לאַנג פאַר דער מילכאָמע איז זי אַרויסגעטראָטן אין אַ פּראָצעס, בײַס וועלכן מע האָט צווישן אַנדערע געמישפּעט אויך אים פאַר צעטרעגצלען מעלוכיש געלט. ער האָט שוין עטלעכע מאָל זיך געקליבן דורכריידן מיט איר, זאָגן איר, אַז זי האָט ניט וואָס צו שרעקן זיך פאַר אים, ווײַל דאָס, וואָס עס איז געווען, האָט ער שוין לאַנג פאַרגעסן. איצט האָט זיי אַלעמען פאַרבונדן אַנדערע זאָרגן און אַנדערע דײַגעס, און עס איז ניט די צײַט זיך דערמאָנען אין אַלטע אוולעס און אַלטע פאַריבלען. נאָר יעדעס מאָל האָט זי זיך אויסגעדרייט ניט צו בלײַבן מיט אים אויג־אויף־אויג. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אויך הײַנט, ווען זעלינגער איז אוועק און זיי זײַנען געבליבן זאַלבעצווייט. קאַזשדאַן האָט ניט באַוויזן פאַרבינדן אַ געשפּרעך מיט איר, ווי זי האָט געפונען עפּעס אַ טערעץ, איז אַרויסגעגאַנגען און זיך מער ניט אומגעקערט. וואָרמעס־צײַט האָט ער אָבער דערזען דורכן פענצטער, אַז זי גייט אַהיים, איז ער אויך אוועקגעגאַנגען נאָך איר.

ווען קאַזשדאַן איז אַרײַנגעקומען צו מאַשען, האָט זי אויף אַ פּאָר שפּענדלעך דערוואַרעמט איר בידנע עסן. אינעם פּיצל צימערל, וואָס איז מער ענלעך געווען אויף אַ שמאָל, ענג קאָרידאָרל, איז אומגעגאַנגען אַ ווינט, און זי האָט זיך אַפילע ניט אויסגעטאָן. ווי זי איז געווען — אינעם מאַנטל, מיטן טיכל אויפן קאָפּ — האָט זי זיך געפּאָרעט באַם אויוון, איבערגעלייגט די נאַסע שטיקלעך האָלץ, געבלאָזן אינעם פײַער, ביז עס האָט אויף אַ רעגע ניט אויפגעפלאַמט און אַ שפּאַר געגעבן מיטן רויך צוריק. זי איז געווען אַזוי פאַרזאָרגט, אַז זי האָט אַפילע ניט באַ־מערקט, ווי עס האָט זיך געעפנט די טיר און עמעצער איז אַרײַנגעגאַנגען. לויט דעם, ווי זי איז געזעסן באַם אויוון מיטן פאַררייכערטן פענדעלע, האָט מען געזען, אַז קיין גרויס פאַרגעניגן האָט זי ניט פון קומען אַהיים און אַז ווינציקער פון אַלץ טראַכט זי איצט וועגן דעם עסן. ניט מער, עס איז געקומען די צײַט פון וואָרמעס און אַלע זײַנען זיך צעקראָכן ווער־וווהין, האָט זי אויך אויסגענוצט די מינוט, איז גע־

קומען אהער, אין איר ווינקעלע, ווו זי האָט געקאָנט אומגעשטערט זיצן א ווײַלע און באַטראַכטן, וואָס עס קומט פאָר ארום.

זי אליין האָט לויט צענדליקער פראָטים אויך פריער געזען, אז די לאגע ווערט פון טאָג צו טאָג אלץ ערנסטער. דאָס, וואָס ס'איז געשען, האָט בלויז באשטעטיקט אירע האשאָרעס, אז עפּעס א גרויסער, אן אומגעהייער גרויסער אומגליק רוקט זיך אָן אף דער געטאָ. מע האָט זיך געדארפט וואָס גיכער פארבינדן מיט די כאווירים, קעדיי מע זאָל וויסן, וואָס צו טאָן ווײַטער. צוליב טײַמים פון קאָנספּיראציע האָט זי אָבער אליין אין ערגעץ ניט געטאָרט גיין. זי האָט געדארפט ווארטן, אז נאָך אלע יעדיעס זאָל צו איר קומען צו גיין אידע פארבער. נאָר אָט זײַנען שוין דורכגעגאנגען עטלעכע טעג, און דאָס מיידל זעט מען ניט. דאָס וווּנדערט זי נאָך מער דערפאר, ווײַל אידע האָט זיך געהאט באקלאָגט פאר איר, אז איר פאָטער איז קראנק געוואָרן, און האָט געפרעגט, צי מאשע וועט ניט קריגן פון אירטוועגן א דערלויבעניש, זי זאָל קאָנען צוגיין צו אים. ליגט איצט דאָס צעטל בא מאשען, און אידע קומט ניט. זאָל זײַן, אז עפּעס איז געשען מיט איר פאָטער? אָדער מיט אידען אליין? מע דארף דען איצט א סאך האָבן... שליכים פון טויט זײַנען דאָ אף יעדן שריט און טריט. א מיידל איז עס ניט פון די שרעקעוודיקע. זי האָט זיך געקאָנט לאָזן אינעם לאגער אָן א שײַן און איז דורכגעפאלן. מאשע ווייסט שוין גאָרניט, וואָס איבערצוטראכטן. ניט ווילנדיק קריכן איר אין קאָפּ פינצטערע מאכשאָוועס.

עס ווערט איר א ביסל פרייליכער בלויז דאן, ווען זי דערמאָנט זיך, אז זי איז מער ניט אליין, אז עס זײַנען פאראן מענטשן, וואָס שאפן עפּעס א קערן, ארום וועלכן עס קלײַבן זיך די, וואָס ווילן קעמפן קעגן דעם דײַטש, און אז זי האָט צו דעם א שטיקל שײַכעס. אָט דאָס ביסל, וואָס זי ווייסט, איז שוין גענוג, אז עס זאָל זיך איר גלוסטן לעבן און זען, מיט וואָס אלץ וועט זיך ענדיקן.

אלפּעראָוויטש הייבט אָן אפּסנײַ איבערלייגן די שטיקלעך האָלץ, וועלכע ווילן ניט ברענען. זי איז אזוי פארנומען מיט אירע געדאנקען, אז זי קוקט זיך ניט ארום אף דעם, וואָס דער ווינט טוט שוין צום

וויפּלטן מאָל א בלאָז אינעם קוימען און דער רויך גיט ווידער א שפּאַר אָף צוריק. די לופט ארום איר ווערט בלוי. זי צעהוסט זיך.

קאַזשדאַן גייט צו נעענטער און נעמט זי אָן פאַרן אַקסל.

— לאָמיר א קוק טאָן, וואָס רייכערט בא אײַך אזוי?

פון אומדערוואַרטקײַט האָט זי א ציטער געטאָן מיטן גאַנצן לײַב און זיך אויסגעקערט א קוק צו טאָן, ווער עס שטייט הינטער איר. אין אירע אויגן איז געווען איין פראַגע: וואָס דאַרף ער דאָ? פון זײַן הילף האָט זי זיך אָפּגעזאָגט. זי האָט אַפּגיך צעוואָרפן דאָס פײַער און, צו־האַלטנדיק דאָס פּענדעלע מיט א פאַלע פונעם מאַנטל, אוועקגעטראָגן עס צום טיש. שטייענדיק באַם טיש, האָט זי געוואַרט, ער זאָל זאָגן, וואָס ער וויל פון איר.

— עסט! עסט! איך וועל אײַך לאַנג ניט פאַרהאַלטן, — האָט ער זיך אָנגערופן, זיך צוזעצנדיק אפן איינציקן שטול, ווי ער וואָלט געוואָלט געווען א רעגע זיך אָפּרוען.

זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אפן ברעג פונעם בעטל, וואָס איז געשטאַ־נען דערבײַ. זי איז אינערלעך געווען אינגאַנצן אָנגעשטרענגט. פון זײַן קומען האָט זי קיין גוטס ניט דערוואַרט.

ער האָט באַמערקט, ווי געענגט זי פילט זיך אין זײַן אָנוועזנהײַט. און דאָס האָט אים פאַרדראָסן. ער האָט אָבער ניט אַרויסגעוויזן, ווי ווײַט דאָס אַרט אים. ער האָט באַטראַכט איר אָרעם אויסקומעניש, א ביסל לענגער פאַרהאַלטן זײַן בליק אָף די פענצטער, פאַרשטעקטע מיט שמאַטעס, און א זאָג געטאָן:

— מע האָט דאָך געמעגט בעטן צושיקן א גלעזער...

זי האָט קוים באַמערקבאַר א קנייטש געטאָן מיט די אַקסל, ווי איינער זאָגט: „איך לעב דען איינע אזוי?" דער אויפן, ווי־אזוי זי האָט עס געטאָן, איז קאַזשדאַנען שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן. איבער זײַן געזיכט איז דורך א שאָטן.

ער האָט אויך פריִער, גייענדיק אַהער, געוווּסט, אז ער האָט זיך ניט וואָס צו שפּילן מיט מאַשע אַלפּעראָוויטש אין באַהעלטערלעך. אי זי איז ניט דער מענטש, וועלכן מע האָט געקאָנט אָפּנאַרן, אי ער אַליין

האָט פּײַנט געהאַט כיטרע גענג. ער האָט קיין אַנדער אויסוועג פאַר זיך ניט געזען: אָדער זאָגן איר אָפן, וואָס האָט אים געבראַכט צו איר, אָדער בעסער אינגאַנצן ניט מאַכן קיין רייד, אופהייבן זיך און אַוועק־גיין אַזוי שטיל, ווי ער איז אַרײַן.

— איך ווייס ניט, עפשער האָב איך א טאָעס. אָבער איך האָב באַמערקט, אַז איר האָט פאַר מיר מוירע, — האָט ער פונדעסטוועגן גענומען ריידן, פאַרשטייענדיק, אַז גיכער פון אַלץ וועט זי אים ניט גלייבן אפן וואָרט. ער איז אָבער גרייט געווען נאָכאַמאָל און ווידער־אַמאָל איבערכאַזערן דאָס זעלבע, אַבי זי זאָל פאַרשטיין, וואָס ער האָט אין זינען, — וואָלט איך אײַך געוואָלט דערקלערן: פאַר מיר איז ניטאָ וואָס זיך צו שרעקן. איך וועל אײַך קיין שלעכטס ניט טאָן.

אַלפּעראָוויטש האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. איר פּאָנעם איז געבליבן קאַלט און פרעמד, ווי געווען. די דאָזיקע מינע האָט זיך אויך ניט געענדערט, בייס זי האָט ווידער א קנייטש געטאָן מיט די אַקסל און געפרעגט: „פאַרוואָס מיינט איר, אַז איך דאַרף פאַר אײַך מוירע האָבן?" אייגנטלעך, — אַזוי האָט זי זיך אויסגעדריקט, — פאַרשטייט זי ניט, פאַרוואָס דאַרף זי מוירע האָבן מער, ווי אַנדערע. זי איז דען איינע אַזאַ אין געטאָ? אויב שוין יאָ, דאַרפן אַלע מוירע האָבן. יעדע־רער האָט דאָך געטאָן דאָס, וואָס אים איז אויסגעקומען. אויך ער האָט, דוכט זיך, אויב זי האָט קיין טאָעס ניט, געדינט דער סאָוועטנמאַכט. קאַזשדאַנען איז גוואַלדיק שווער געווען צו הערן, ווי אַזוי זי רעדט צו אים. עס איז דאָך אָבער וויכטיק געווען שוין דאָס אַליין, וואָס זי האָט זיך געלאָזט ריידן. אים האָט זיך געוואָלט האָפן, אַז פריִער צי שפּע־טער, נאָר ער וועט זי איבערצײַגן, אַז זי מעג אים גלייבן. און ער האָט ווידער אָנגעהויבן:

— איך בין אַרײַן צו אײַך, איר זאָלט מיר געבן אַז אייצע וועגן איינער א זאַך...

אירע ליפּן האָט קוים אָנגערירט אַן איראָנישער שמייכל: אַזוי גאָר! צי האָט ער ניט קיין טאָעס, וואָס ער איז געקומען גראָד בא איר פרעגן אייצעס. וואָס ווייסט זי?

אויך דאָס האָט ער אופגענומען, ווי א שטראָף, וואָס אים קומט. ער האָט געזען: די מעכיצע, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן, איז ער ניט בײַגעקומען. עמעס, זי האָט גערעדט צו אים, גע־קוקט אף אים, אפילע שטיל צוגעשמייכלט. עס האָט בלויז געפעלט איין קלייניקײַט: א האָרעלע צוטרוי, דער באוווסטזײַן, אז אנטקעגן איר זיצט ניט קיין פארקויפטער מענטש, פאר וועלכן מע דארף זיך היטן.

אים איז קלאָר געוואָרן, אז פירן מיט איר אזא פארטרויליכן שמועס, ווי ער האָט געמיינט, וועט זיך שוין ניט אײַנגעבן. אזוי אוועק־גיין איז ער אָבער ניט אימשטאנד געווען. ער האָט אוועקגעשארט מיט דער האנט זײַן אייגנליבע און איר אומצוטרוי.

— איר קאָנט טראכטן וועגן מיר, וואָס איר ווילט, — האָט ער פאראקשנט געזאָגט, — דאָס איז אײַער זאך. איך ווייס אָבער מײַנס, אז איך בין געקומען צו אײַך מיט אן אָפן הארץ... און איך וויל, איר זאָלט מיך אויסהערן. די געסטאפאָ זוכט איינעם א מענטשן. מע האָט זיך נעכטן נאָכגעפרעגט בא מיר אף אים. דאָס זאָג איך נאָר אײַך, אינעם יודענראט ווייסט דערפון קיינער ניט. איך האָב אפילע זעלינ־גערן גאָרנישט ניט דערציילט... עס זײַנען פאראן יעדיעס, אז די סריי־פע אף דער פאבריק איז אויך זײַן ארבעט. מע מוז אים אָנזאָגן, אז ער זאָל זײַן פאָרזיכטיק...

אלפעראָוויטש האָט געהאט אזא אויסזען, גלײַך זײַנע רייד וואָלטן צו איר ניט דערגאנגען. זיצנדיק אפן בעטל, האָט זי גענומען ארײַנגיסן אין טעלער דאָס ביסל עסן, שעפנדיק עס פונעם פענדעלע לעפלווײַז.

— וואָס זשע דערציילט איר עס מיר? — האָט זי געזאָגט מיט אזא טאָן, ער זאָל אָפּוואַרפן דעם מינדסטן כשאד, אז זי האָט א וועל־כע־ניט־איז פארבינדונג מיט דער אונטערערד. דערבײַ איז איר דורכ־געפלויגן א געדאנק: „ווער ווייסט, עפשער האָט ער שוין עפעס דער־שמעקט...“ — איר זעט דאָך, גאנצע טעג בין איך פארנומען אף דער ארבעט. גיין גיי איך אין ערגעץ ניט. פון קיינעם ווייס איך ניט... ניין, איך קאָן אײַך דאָ מיט גאָרנישט ניט העלפן... — און זי האָט צוגעגעבן,

קעדיי איינמאָל פאר אלעמאָל מאכן א סאָף צו אלע רייד, — ווען מיר וויסן שוין יאָ אפילע, ווער ער איז, אָט דער באָכער, וועגן וועלכן איר דערציילט, איז נאָך אויך א פראגע, צי עס איז קעדײַ עפּעס טאָן פונזײַנטוועגן. ער וואָלט פריִער א טראכט געגעבן, וואָס ער טוט, אז ער שטעלט אײַן אונדזער אלעמענס לעבן.

קאזשדאן האָט שווער אָפּגעצויגן דעם אָטעם: שוין זשע מיינט זי, אז ער איז טאקע אזא נאר, ער זאָל גלייבן, אז זי רעדט דאָס, וואָס זי מיינט? ניין. דאָס איז אויסגעשלאָסן. זי האָט אים ניט געטרויט און געוואָלט וואָס גיכער פון אים פּאָטער ווערן. און גראָד דאָס האָט זיך אים ניט געוואָלט טאָן. גלאט נעמען און אוועקגיין, ניט אראָפּריידנדיק זיך פון הארצן, האָט ער שוין פּאָשעט ניט געקאָנט.

— ווײַזט אויס, עס איז נאָך ניט געקומען די צײַט, מיר זאָלן געפינען אן אלגעמיינע שפּראך, — האָט ער ניט פריילעך געזאָגט, ווי איינער, וואָס זעט, אז ער קאָן שוין גאָרניט אויספירן. — וואָס קאָן מען מאכן... איך האָב זיך געדארפט ריכטן אף דעם. פארן אוועקגיין וואָלט איך אײַך אָבער געוואָלט זאָגן עטלעכע ווערטער. ווער ווייסט, צי וועלן מיר זיך נאָך אמאָל טרעפן אזוי אויג־אף־אויג. איך פארשטיי, איר האָט פולקום רעכט מיר ניט צו טרויען. מײַן לאגע איז איצט אזא, אז איך קאָן עס גאָרניט פאָדערן פון אײַך. איך וואָלט אָבער געוואָלט, איר זאָלט וויסן, אז איך בין א סאָוועטישער מענטש און בין גרייט טאָן אלץ, וואָס עס וועט זיך פאָדערן פון מיר. דאָס איז איינס אוועק... און, צווייטנס, — דאָ האָט ער זיך אופגעהויבן, איז געבליבן שטיין א געזונטער, מיט קײַלעכדיקע, ברייטע פּלייצעס, די הענט אף הינטן. מאשע איז אויך אופגעשטאנען פון איר אָרט און האָט געווארט, ער זאָל אוועקגיין. זײַן שטים איז געוואָרן הארט, פול מיט אנטשלאָסנקײַט, — אויב איר מיינט, אז די דײַטשן דארפן עפּעס א פארוואָס, קעדיי אומברענגען מענטשן, האָט איר א גרויסן טאָעס. מיר האָבן מוירע פאר יעדער קלייניקײַט, טאָמער, עפּשער וועט עס פארערגערן אונדזער לאגע. און זיי, גלייבט מיר, זיי שפּײַען אף אלץ... אויב זיי וועלן נאָר דארפן, וועט זיי קיין זאך ניט אָפּשטעלן, מע מעג זיי אפילע זײַן

די געטרײַסטע קנעכט. נאָר אַזאַ אידיאָט, ווי זעליגנער, קאָן זיך אײַנריידן, אַז מיט גוטן קאָן מען בײַ זיי עפּעס פּועלן.

דעם לעפּל סוף, וואָס מאַשע האָט אָנגענומען, האָט זי שוין צום מויל ניט דערטראָגן. זי איז געבליבן פאַרשטאַרט. זי האָט געהערט, ווי קאַזשדאַן מאַכט צו די טיר פון פירהויז און גייט אַרויס אין דרויסן. זי האָט ניט געוווּסט, וואָס מע טראַכט וועגן אים. איין זאַך איז איר קלאָר געווען, אַז מיט יעדער מינוט ווערט איר אַלץ נייטיקער און נייטיקער זיך טרעפן מיט אידע פאַרבער און דערציילן איר, וואָס זי ווייסט.

## 3

ווי דאָס האַרץ וואָלט מאַשע אָפּגעראָוויטש געזאָגט. בײַ די פאַרבערס איז טאַקע געשען אַן אומגליק: יאָסל פאַרבער איז קראַנק געוואָרן און דערמיט פאַרשטערט אינגאַנצן דאָס לעבן פון זײַנע היימישע.

יאָסל איז אויך פריִער ניט געווען קיין גרויסער גוואַר. און איצט, צי עס האָט אויף אים אַזוי געווירקט דאָס, וואָס אים איז אויסגעקומען אויסצושטיין אין די לאַגערן, צי דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טאָן קיין שווערע אַרבעט — שלעפּן אויף זיך זעק מיט צעמענט, אויסלאָדן וואַגאָנעס מיט טאָרף, — ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, נאָר זײַן געזונט איז אינגאַנצן אונטערגעריסן געוואָרן. וואָלט כאָטש געווען מיט אים גערשן, עס זאָל זײַן אויף וועמען צו פאַרלאָזן זיך... האָט מען יענעם צוגענומען פון לאַגער, און יאָסל איז געבליבן עלנט און אַליין.

אידע איז געווען פון די מענטשן, וואָס פאַרגעסן ניט לײַכט, אויב זיי טראָגן אויף עמעצן אַ קאַס. איר האָט מען ניט באַדאַרפט דערקלערן, אַז דער צאַר פונעם יאָכיד, זאָל זײַן פון דעם סאַמע נאָענטן און טײַערן מענטשן, איז ניט צו פאַרגלײַכן מיט די לײדן, וועלכע אַלע לעבן איצט איבער. פונדעסטוועגן, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז דער פאָטער איז קראַנק, איז זי באַלד אַוועקגעגאַנגען צו אים.

דורכן פֿלויט האָט זי זיך דורכגערעדט מיטן טאטן, דערציילט אים וועגן פֿארשיידענע זאכן, דערונטער אויך וועגן דעם, אז דער פֿעטער גערשן האָט זיך ניט שלעכט אײַנגעאָרדנט אין דעם פּאָליציייִשן באַטאַליאָן, ווו מע האָט געפּענט א שנײַדער־ און שוסטער־ווארשטאט; ער איז אפֿילו געקומען צו גיין מיט עטלעכע טעג צוריק צו זיך אהיים מיט א דײַטש נאָכן קעפּל פֿון דער ניי־מאשין. זי האָט דערציילט, אז נאָך דעם, ווי ער האָט געמאכט א שטיקל ארבעט און מע האָט דערזען, וואָס ער קאָן, האָט מען אים אינגאנצן איבערגענומען אין רעשוס פֿון באטאליאָן און אָנגעהויבן אָפּלאָזן אַף דער נאכט אהיים. זי האָט געפּרוווט טרייסטן דעם טאטן, אז אויך ער וועט זיך מיט דער צײַט ערגעץ אײַנאָרדענען. ער זאָל נאָר דעם מוט ניט פֿארלירן.

קיין איבעריקע פֿרייד האָבן אָבער אירע ווערטער באם פֿאָטער ניט ארויסגערופֿן. ער האָט בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— א מאָלאָדיעץ גערשן... ווען איך בין א שנײַדער, וואָלט מען מיך, מיסטאמע, אויך גענומען אַף ארבעט און איך וואָלט געקומען אהיים.

מע האָט מאמעש געפֿילט, אז דערמיט, וואָס מע האָט גערשענען צוגענומען פֿונעם לאגער, האָט מען באַ יאָסלען אוועקגענומען א שטיק געזונט. אָן גערשענען איז ער אינגאנצן הילפֿלאָז געוואָרן. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער האָט זיך געניטיקט אין אים מער, ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט.

יאָסל האָט געוווסט: וואָס מע זאָל ניט זאָגן אַף גערשענען, אז ער איז א מענטש ניט זייער קיין גוטער לויטן כאראקטער, אז ער האָט ליב אָפּצולאכן פֿון יענעם, אז ער האלט פֿון זיך מער, ווי פֿון אלעמען, — וועט דאָס אלץ זײַן ריכטיק; אָבער באַ די אלע כעסרוינעס פֿארמאָגט ער איינע זייער א וויכטיקע מײַלע: ער האָט זשעדנע ליב דאָס לעבן, גערשן, און ער קלאמערט זיך אין דעם מיט אלע זײַנע כױשים. ער איז ניט אראָפּגעפֿאלן באַ זיך, ווי אנדערע. ער האָט זיך אזוי גיך און פֿלינק צוגעפּאסט צו די נײַע אומשטאנדן, ווי קיינער ניט. אָט נעמען, לעמאָשל, דעם לאגער אין דראָזדי. מע האָט דאָרט פֿאר אלעמען

אין די אויגן צעשאָסן מענטשן און גערשנס אייגן לעבן איז געלעגן אויף דער וואָגשאָל. ער האָט אויך געהאַט פאַרלאָרן דעם מוט און איז פאַר געציילטע עטלעכע מינוט אַלט און קראַנק געוואָרן. ס'איז מער ניט, וואָס יאָסלען איז דעמלט ניט געלעגן אין קאָפּ, אַניט וואָלט ער זיך מיט אים אַ רייץ געטאָן: „נו, שניידערוק, וואָס וועסטו זאָגן אויף די קולטורנע דייטשן אויף דיינע, האַ?" קוים האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָט דער טויט אויסגעמיטן, איז גערשן גלייך געקומען צו־זיך, געשטעלט זיך אויף די פיס און זיך אָפּגעטרייסלט ווי אַ קאַץ, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון דער הייך און געכאַפּט אַ געשמאַקן זעץ אָן דער ערד. ער האָט ווידער באַקומען לאָשן, גענומען טייַנען, אַז ווייל איז די עלטערן, וואָס לערנען זייערע קינדער עפּעס אַ מעלאָכע, ווייל דער, וואָס האָט אַ פאַך אין האַנט, וועט קיינמאָל ניט פאַרפאַלן ווערן. ניט אומזיסט זייַנען די טאַנאָים אויך געווען באַלמעלאָכעס. רעב יויכענען האַסאַנדלער — אַ שוסטער, העשוא באַר כאַנאַניע האָט געמאַכט נאָד־לען. און ער, גערשן, מיט זייַנע גאָלדענע הענט וועט אויך ניט פאַר־פאַלן ווערן. אָט וועט איר זען אויף טשיקאַווע, זאָל מען נאָר דער־שמעקן, וואָס פאַר אַ באַלמעלאָכע ער איז, וועט מען אים פאַר־צוקערן.

מיט דער דאָזיקער האָפערדיקייַט פון אַ בעריע אַ באַלמעלאָכע, וועלכער ווייסט, וואָס ער האָט די ווערט, האָט גערשן זיך אַליין אונ־טערגעמונטערט, געטרייסט אַנדערע און צוביסלעכווייַז אַרייַנגעגעבן אַ ביסל ביטאָכן אויך יאָסלען, כאָטש יענער האָט געטייַנעט:

— ס'איז דיר גוט, אַז דו ביסט אַ שנייַדער. ווער דאַרף הייַנט מאַליאַרעס?

נאָר גערשן האָט זיך, ווי טאָמיד, אויסגעלאַכט פון אים:

— נאָר דו איינער, דו קענסט ניט די דייַטשן? זיי זייַנען דאָך גרויסע באַלעבאַטים. וועסט זען, אַז זיי וועלן נאָך אָנהייבן בויען אויך. וועסט בא זיי פאַרבן. עלע ניט, וועסטו גיין מיט מיר. וווּ איך וועל זייַן, וועסטו אויך זייַן. וועלכער מאַנצבל קען ניט שטשאָבען מיט דער נאָדל? וועסט בא מיר זיצן און לאַטען, פאַרסטריגעווען אַ פּאָלע...

יאָסל האָט זיך געקרימט. ער זאָל זייער שטאַרק כיישעק האָבן גיין אַרבעטן באַ די דײַטשן, האָט מען ניט געקאָנט זאָגן. נאָר ער האָט צוגעשוויגן. אַ שטיקל טרייסט איז עס פאָרט געווען.

קעדיי כאָלילע ניט אָפּנאַרן זיך און ניט אוועקגיין אַף קיין אַרבעט, ווו מע וועט ווי געהעריק ניט אָפּשאַצן זײַנע קענטעניש, האָט גערשן גענומען כיטרעווען. ער האָט אַלץ געטאָן, אַז ער זאָל בעסער בלײַבן אַף אַרבעט אינעם לאַגער גופע, ראַמען די באַראַקן אָדער העלפן באַ דער קיך. ער האָט אַף עפּעס אַרויסגעקוקט און געוואַרט. און ווי אַ קינד, וואָס טוט נאָך אַ דערוואַקסענעם, האָט דער אומבאַהאָלפּענער יאָסל געקוקט אים אין מויל אַרײַן און נאָכגעטאָן: איז אַרויסגעגאַנגען פון דער ריי אַ ביסעלע פאָרויס, ווען מע האָט געמיינט, אַז מע איז געקומען נאָך שנײַדער, אָדער זיך אויסבאַהאַלטן הינטער עמעצנס פּלייצע, ווען דער דײַטש, וואָס האָט אָפּגעקליבן אַרבעטער, ווי פערד אַפן יאַריד, איז אים ניט געפעלן געוואָרן.

עס האָט געטראָפן צומאָל, אַז מע האָט אויך זיי, פונקט ווי אַלע איבעריקע, מיט געשריי און געפּילדער ערגעץ אוועקגעפירט אַף שוואַר־צער אַרבעט. נאָר גערשן איז אויך דעמלט באַ זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. ער האָט געשוויגן און באַצויגן זיך דערצו, ווי צו אַ זאַך, וואָס מע דאַרף איבערקומען. אין אים האָט זיך אַפּסנײַ דערוועקט דער דאָרשט צום לעבן. ער האָט אָנגעהויבן אָפּהיטן דאָס געזונט, זיך אײַנוואַשן יעדן אינדערפרי מיט קאַלט וואַסער ביז העלפט, ווי ער איז זיך נויהעג געווען אין דער היים. ס'איז אַפילע פריקרע געווען צו זען, ווי אין באַ־דינגונגען, ווען דאָס לעבן איז ניט ליב, איז דער הויכער גערשן מיט די לאַנגע הענט און פיס געשטאַנען באַ דער נאַרע יעדן אינדערפרי און געמאַכט גימנאַסטיק, געהויבן אַ פוס נאָך אַ פוס, אַ האַנט נאָך אַ האַנט... גערשן האָט געטײַנעט זײַנס: „קויכעס... קויכעס דאַרף מען איצט האָבן...״ און ווײַל אַלע האָבן געוווּסט, אַז קויכעס מוז מען טאַקע האָבן, אַניט איז מען פאַרפאַלן, האָט עס אויך געווירקט אַף אַנדערע און מע האָט אײַנגעפונען, אַז דער מענטש איז ניט אינגאַנצן מעשוגע.

כאַטש גערשן האָט קיינמאָל ניט געררייכערט, — בלויז אַמאָל געסמאָטשקעט א פּאַפּיראָס, וואָס א קונד האָט פאַרגעלייגט, — האָט ער געהייסן די טעכטער ברענגען א ביסל טאבעק. ער איז עטלעכע מאָל מעכאבעד געווען מיט א ביסל מאכאָרקע דעם בריגאדיר, וואָס האָט זיך געשאפן מיט אלע ארבעטער, און געפּויעלט בא אים, אז טאָמער מאכט זיך, מע קומט נאָך שנײַדער אָף עפּעס א שטענדיקער ארבעט, זאָל ער אים שיקן אהין. יענעם איז אלציינס געווען, וווהין ווער מען צו שיקן, האָט ער אים די טויווע געטאָן.

מע קאָן ניט זאָגן, אז בייס דער בריגאדיר האָט אים א רוף געטאָן און פאַרגעשטעלט דעם וואכמײַסטער אלס פּרימא־שנײַדער, האָט גערשן ניט געוואָלט עפּעס טאָן פאר יאָסלס־וועגן. ער האָט גראָד געפּרווט זאָגן פאר אים א גוט וואָרט, בעטן, מע זאָל אים אויך מיטנעמען. נאָר ווײַל ער האָט זייער מוירע געהאט, אז דערמיט זאָל ער זיך ניט קאליע מאכן, האָט ער עס געטאָן מיט א האלב מויל און עס האָט זיך דערפון גאָרניט באקומען. ער איז אוועקגעגאנגען מיט די, וועלכע מע האָט אָפּגעקליבן פארן ווארשטאט, און יאָסל איז געבליבן שטיין א פארלאָרענער, אָן א טראָפּן בלוט אין פּאָנעם.

פון דאן אָן איז יאָסל בא זיך אראָפּגעפאלן, האָט זיך גענומען פילן אלץ ערגער און ערגער. ער האָט זיך אזוי שנעל געענדערט, אז ווען אידע איז צו אים געקומען אין עטלעכע טעג ארום, האָט זי אים קימאט ניט דערקענט. ער האָט אזוי שלעכט אויסגעזען, אזש עס האָט איר פארקלעמט דאָס הארץ. ער איז געווען פארומערט. עס האָט אים אפילע ניט דערפרייט איר קומען. שטייענדיק באם פּלויט, האָט אידע באמערקט, ווי יעדעס מאָל כאפּט ער זיך אָן פאר דער ברוסט. אָף איר פראגע: „וואָס איז, טאטע? עס טוט דיר ווי דאָס הארץ?" האָט ער זיך א קרים געגעבן: „גאָר. וואָס טראכסטו אויס?" און דערמיט זי נאָך מער צעטומלט. זי איז געווען דערשטוינט פון דער ענדערונג, וואָס איז אין אים פאָרגעקומען. זי האָט אים מוירע געהאט איבערצולאָזן, און איידער זי איז אוועקגעגאנגען פון לאגער, האָט זי געבעטן דעם געוויזענעם שאָכן

זייערן, נאָטע רוטענבערגן, וועלכער איז אויך דאָרט געווען, אז ער זאָל אכטונג געבן אפן טאטן, זען אים העלפן, מיט וואָס ער וועט נאָר קאָנען.

אין דער היים האָט זי גאָרנישט ניט דערציילט. אף דער מוטערס פראגע: „וואָס מאכט דער טאטע?" האָט זי א קנייטש געגעבן מיט די אקסל: „נישקאָשע... וואָס זאָל ער מאכן?.." זי האָט ראכמאָנעס געהאט אף דער מאמען, ניט געוואָלט איר אָנטאָן קיין צאר. זי אליין איז אָבער די גאנצע נאכט ניט געשלאָפן. עס האָט זיך איר דערמאָנט, ווי קינדוויַיז האָט זי געקרענקט אף מאָזלען. אז זי איז געזונט געוואָרן, האָט דער טאטע זי ארויסגעפירט אין דרויסן. די וועלט האָט איר אויסגעזען שפּאָגל־ניַי. אזא, האָט זיך איר געדוכט, האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געזען. אלץ האָט געלויכטן און שעמערירט. די זון האָט זיך געשפּיגלט אין די בלעטער פון די ביימער, אין די קאַליוזשעס, וועלכע זיַינען געבליבן נאָכן פארטאָגיקן רעגן. דער טאטע האָט זי געפירט פאר דער האנט און געזען, אז זי זאָל ניט אריַינטרעטן אין דער נעץ...

ווען זי איז סאָפּקאָלסאָף איַינגעשלאָפן, האָט זיך איר געכאָלעמט: זי קומט צו גיין צום לאגער מיט עסן פארן טאטן און דערזעט, אז מע מיימעסט אים... מע זאָל שלאָגן מענטשן, צו דעם איז מען שוין געווען צוגעווינט, און עס וואָלט זי עפשער אזוי ניט געהאט איבערראשט, ווען זי דערזעט ניט באלד עפּעס שרעקלעכס. די זעלבע, וואָס האָבן אים געשלאָגן, האָבן אים צעריסן אף שטיקער און, גלידערוויַיז, א האנט נאָך א האנט, א פוס נאָך א פוס, גענומען אריבערוואָרפן איבערן פּלויט צו איר מיט די ווערטער: „נא, קאָנסט אים נעמען זיך, דעם פּייגער"...

זי האָט זיך זייער געוואָלט דערוויסן, ווער זיַינען די מערדער, וועלכע זיַינען פייַיק צו טאָן אזעלכע ווילדע זאכן? ווען זי האָט זיך איַינגעקוקט אין זיי, האָט זי פאר גרויל און ווייטעק געגעבן א ווילדן געשריי און אופגעהויבן די גאנצע שטוב. צווישן די, וועלכע האָבן צעפּליקט דעם טאטן, האָט זי דערזען סאשען, איר סאשען, וועלכן זי האָט אזוי ליב געהאט און נאָך וועלכן זי האָט ניט אופגעהערט צו בענקען. ער האָט געלאכט איר אין פּאָנעם אריַין, באוויַיזנדיק וויַיסע געזונטע ציין.

וויפל זי האָט זיך דערנאָך ניט איַינגערעדט, אז ס'איז נאריש צו מאכן א וועזן פון א כאָלעם, אז אזעלכע כאָלוימעס כאָלעמען זיך בלויז דערפאר, ווייַל די צייַט איז שוין אזא און אלע קלערן נאָר וועגן טויט, איז איר לייַכטער ניט געוואָרן. די שווערקייַט, וואָס דער כאָלעם האָט איבערגעלאָזט אין הארצן, איז געבליבן. זי האָט קוים דערלעבט, עס זאָל ווערן טאָג.

גאנצפרי, נאָך איידער אין געטאָ איז געוואָרן דער טומל ארום דער סרייפע אף דער וואָליקעס־פאבריק, האָט אידע באשלאָסן, אז זי מוז גיין געווירע ווערן, וואָס מאכט דער פאָטער. זי האָט זיך אפגיך אָנגעטאָן, ארומגעדרייט דעם קאָפּ מיט א טיכל און געלאָזט זיך צו מאשע אלפעראָוויטש. עפשער האָט זי עפּעס א פּאפּירל, זי זאָל קאָנען גיין אין לאגער.

א היפּשע צייַט האָט זי זיך אומגעדרייט ארום דעם יודענראט און געוואַרט אף מאשען. ארום קאָמיטעט איז אלץ מעהומעדיקער געוואָרן. באלד האָט זי זיך דערוווּסט, אז מע לאָזט קיינעם ניט ארויס פון געטאָ. האָט זי זיך דערשראָקן, אז אויב זי וועט איצט ניט גיין צום טאטן, איז ווער ווייסט, ווען זי וועט עס קאָנען טאָן. און אָט אזוי, ווי זי איז גע־ווען, מיט די לאטעס אפן מאנטל, איז זי פאַרזיכטיק ארונטערגעקראָכן אונטער די דראָטן אין איינעם א שטילן אָרט, מיט וועלכן זי האָט זיך שוין ניט איין מאָל געהאט באנוצט, און איז אוועקגעגאנגען.

זי איז געגאנגען און האָט אף קיין איין רעגע ניט אופגעהערט צו טראכטן וועגן דעם טאטן. זי האָט זיך געהריזשעט, עס האָט זיך איר געדוכט, אז אין דעם טאטנס קרענק האָט זי א גרויסן כיילעק, און זי האָט זיך ניט געקאָנט מויכל זייַן, וואָס זי האָט אים פארשאפט אזוי־פיל אגמעסנעפעש. פארוואָס האָט זי אזוי געברענט אף אים? פארוואָס האָט זי אף אים געטראָגן א קאס? זי האָט געוואָלט, אז איר טאטע זאָל פארשטיין אלץ אזוי, ווי זי, ער זאָל קליגער זייַן פון די אלע, וואָס זייַנען, פונקט ווי ער, געבליבן באם דייַטש? און אָט האָט זיך איר גאָר אויסגעוויזן, אז ער ליגט שוין א טויטער...

אין לאגער האָט זי דעם פאָטער ניט געטראָפן. די עטלעכע ייִדן, וואָס זײַנען דאָרט געווען, האָבן דערציילט, אַז די ארבעטער, מיט וועל־כע ער איז אוועקגעפאָרן, דארפן באלד קומען צוריק. זיי האָבן איר געייצעט צוּוואַרטן: ווען זיי הייסן איר עס ניט טאָן, וואָלט זי דען ניט געבליבן? א שווערער פאָרגעפיל האָט זי באהערשט. עס האָט איר גע־דוכט, אז עפּעס מוז דאָ הײַנט געשען...

וואַרטן איז איר אויסגעקומען גאָרניט אזוי לאנג. נאָר יעדע מינוט האָט זיך געצויגן, ווי א שאָ. ווען עס זײַנען צוגעפאָרן די מאשינעס און מע האָט אָנגעהויבן אראָפּקריכן פון זיי, האָט איר דאָס הארץ אזוי גע־נומען קלאַפּן, אז עס איז שיר ניט צעזעצט געוואָרן. זי האָט מוירע געהאַט געבן א קוק אין יענער זײַט. דעם טאטן האָט זי באלד דער־זען, נאָר אין אזא צושטאנד, אז בעסער וואָלט געווען, ווען זי זעט עס ניט. צי ס'איז אים ניט גוט געוואָרן אונטערוועגנס, צי ס'איז מיט אים עפּעס געשען אף דער ארבעט, נאָר אים איז געווען אזוי שלעכט, אז מע האָט אים געמוזט אראָפּנעמען פון דער מאשין און פירן אונטער די הענט. דער קאָפּ איז אים אראָפּגעהאנגען. די פיס האָבן זיך נאָכגע־שלעפּט. ער איז געהאנגען אף די הענט פון די, וועלכע האָבן אים געפירט, ווי א שווערער זאק. דערזען צווישן די, וואָס האָבן געפירט דעם טאטן, נאָטען, האָט זי זיך א וואָרף געגעבן צו אים. נאָר ער האָט אומצופרידן א ווונק געטאָן צו איר, ווי איינער רעדט: „מאכט קיין טומל ניט". מע האָט יאָסלען אפגיך אוועקגעפירט אין באראק.

אומזיסט האָט אידע זיך געבעטן באַם דײַטש, וועלכער איז גע־שטאנען לעבן טויער, ארײַנלאָזן זי אף עטלעכע מינוט צום קאָמענ־דאנט פון לאגער, כאָטש זי האָט ניט געוווּסט, וואָס וואָלט געווען, ווען יענער טוט איר שוין יאָ די טויווע... זי איז אינגאנצן געווען דערשי־טערט פון איר אומבאהאָלפנקײַט... עס איז איר גאָרנישט ניט געבליבן, ווי ברעכן די פינגער פון גרויס ווייטעק און צאַר.

אין אזא צושטאנד האָט זי געטראָפן נאָטע, וועלכער האָט זיך שטילערהייט צוגעשארט צום פּלויט און געפּרווּט זי בארויִקן. ער האָט דערציילט, אז ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל. מיט יאָסלען טרעפן אזעל־

כע זאכן. נישקאָשע, ס'וועט אַלץ זײַן אין אָרדענונג. מע דאַרף בלויז ניט מאַכן קיין טומל. וואָס מער אָבער ער האָט זי געטרייסט, אַלץ גרעסער איז געוואָרן איר פאַרצווייפלונג. סאָפּקאָלסאָף האָט דער פּאַט־רול דערזען נאָטען און אוועקגעטריבן פון פלויט. זי איז געבליבן ווידער אַליין.

א פאַרלוירענע איז אידע אומגעגאַנגען הין־און־צוריק באַם טויער, האָט זיך געלאָזן גיין אַהיים און זיך אומגעקערט. ווידער געפּרוווט אוועקגיין און אָפּסניי געקומען צום פלויט.

## 4

איבער וועלכע גאַסן זי איז דערנאָך געגאַנגען און ווי לאַנג עס האָט געדויערט דער וועג אַהיים, האָט אידע ניט געוווּסט. זי האָט ניט געטראַכט וועגן דעם, אַז מע קאָן זי פּאַקן. זי האָט פאַר קיין שום זאַך מער ניט מוירע געהאַט. זי איז געגאַנגען גלײַך, קיינעם ניט אויסמײַידנ־דיק, ניט די דײַטשן, וואָס זײַנען אָנגעקומען אַנטקעגן, און ניט די פּאָ־ליצײַען, וועלכע זײַנען אומגעגאַנגען אויף די ראָגן. עס האָט געקאָנט דוכטן, אַז דער מענטש זוכט אַליין אויף זיך דעם טויט.

מעכאַניש האָבן זי די פיס געבראַכט צו פירן צו איינע פון די בעטאָנענע בריקן איבערן טײַך, און זי איז געבליבן שטיין באַם פּאָ־רענטש. נאָך די רעגנס, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען די לעצטע טעג, איז צוגעקומען אַ סאַך וואַסער. דער טײַך האָט ראַשיק געפּלייצט. באַזונ־דערס האָט זיך געטראָגן דער שטראָם צווישן די שטיינערנע „ביקעס", באַ וועלכע עס האָבן זיך פאַרהאַלטן קלעצער און איינער דעם אַנדערן ניט געלאָזט דורכגיין.

א ווילד געשריי האָט אידען אויפגעוועקט ווי פון שלאָף. דאָס האָט אַ דײַטשישער אָפיצער, אַן אויפגערעגטער דערפון, וואָס זי וואַגט זיך אָפּשטעלן דאָרט, ווו עס גייען אום אַריער, געגעבן איר צו פאַרשטיין, ווער זי איז. אידע האָט ניט געאײַלט אָפּגעטראָטן דעם וועג, איז פּאַמע־

לעך אראָפּגעגאַנגען פֿונעם טראָטואַר און ערשט דאַן אַ בליק געגעבן אין זײַן פּאָנעם, אַ צעקרימטס פֿון רעציכע. ווען זי גייט צו אים צו, איז באַ איר דורכגעפֿלויגן אַ געדאַנק, און שפּײַט אים אָן אין צורע, וואָלט ער געוויס זי דערשאָסן, און אַן עק וואָלט געווען צו אַלע צאָרעס. „נו, אידע, — האָט זי זיך אַליין אונטערגעטריבן, — עס וועט לאַנג ניט דויערן... אַלץ וועט פּאָרקומען שנעל... דאַרפֿסט בלויז מאַכן צווײ טריט, און וועסט פּאָטער ווערן פֿון אַלץ... קיין לײַכטערן טויט קאָן מען זיך גאָר ניט ווינטשן...“

געוווּסט האָט זי אָבער, אַז זי וואָלט קיין מענטש ניט געווען, ווען זי טוט עפּעס ענלעכס. און זי איז אוועקגעגאַנגען ווײַטער.

דער אָפּיצער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען און זי מער ניט פֿאַרטשעפּעט. דערנאָך אויך אַנדערע. קיינער האָט זי ניט אָפּגעשטעלט, ניט געפֿרעגט, צי זי האָט אַ דערלויבעניש אומצוגיין איבער דער שטאָט.

וווּנדערנדיק זיך אַליין, פֿאַרוואָס אַלץ גייט גלאַט, איז אידע געקומען אין געטאָ. אַרײַנגיין אָבער אין שטוב האָט זי קיין מוט ניט געהאַט. וואָס וועט זי ענטפֿערן דער מוטער, די קינדער, ווען זײ וועלן זיך אָנהייבן נאָכפֿרעגן אַפֿן טאַטן? זי האָט געוווּסט, אַז זי דאַרף ערגעץ גיין, זי מוז עפּעס טאָן, אַז כּוץ די היימישע דײַגעס און זאָרג, האָט זי נאָך אַנדערע. זי האָט אָבער קיין קויעך ניט געהאַט צו רירן מיט אַן איווער. זי איז אַרײַן צו זיך אין הויף, האָט זיך קוים דערשלעפּט צו דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען אונטער דעם אַלטן שטאַרק צעוואָקסענעם טאָפּאָל, זיך שווער אַראָפּגעלאָזט און געבליבן זיצן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, דעם קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן אַפֿן ווענטל.

באַ די דראָטן האָט זיך דערהערט אַ שיסערײַ. עס האָט אַ הילך געגעבן אַ מענטשלעך געשריי. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין אידעס ראַיוינעס, און זי האָט אַ ציטער געטאָן, זיך אויפֿגעהויבן, שטילערהייט זיך אַרויסגעגאַנוועט פֿון הויף און אוועקגעגאַנגען מיט דעם געשלענגלטן געסל, וואָס האָט געפֿירט צו דעם יובילייפּלאַץ, כאָטש אין דרויסן איז מיטאַמאָל שטאַרק פֿינצטער געוואָרן און עס איז אוועק אַ שניי מיט אַ רעגן.

ווען אידע איז צוגעקומען צום הײַזל, ווו אלפעראָוויטש האָט געלעבט, און דערזען א שלאָס אף דער טיר, האָט זי שווער א זיפץ געטאָן. זי איז דאָך ניט אוועקגעגאנגען. זי האָט זיך צוגעשפּארט מיט אן אקסל צו דער וואנט און איז געבליבן ווארטן.

אין די הײַזער ארום האָט מען שוין פארשפארט די לאָדנס און די טירן. עס האָט זיך געהערט, ווי עס גרילצן אײַזערנע פרענטעס, און אידע איז אלץ געשטאנען, געקוקט, ווי עס פאלט דער נאסער שניי, און מיט א שווער געמיט געטראכט וועגן דעם, אז אָט, מע וועט זיך ניט באוויַיזן ארומזען, וועט זיך אָנרוקן דער ווינטער. צו אלע צאָרעס פעלט נאָך, אז עס זאָלן א זעץ געבן פרעסט.

ווען מאשע איז געקומען צו גיין און האָט געטראָפן אידען שטיין בא דער טיר, האָט זי שוויַיגנדיק ארײַנגעפירט דאָס מיידל אין שטוב. דערמיט, וואָס זי האָט אידען גאָרנישט ניט געפרעגט, האָט זי איר געטאָן די גרעסטע טױווע. ערשט שפּעטער, ווען דאָס מיידל איז א ביסל געקומען צו־זיך, גענומען דערציילן, פונוואנען זי קומט, און געבעטן אלפעראָוויטשן גיין מיט איר צום פעטער, פרעגן בא אים אן אייצע, וואָס מע טוט פארן טאטן, האָט מאשע איר געזאָגט, אז די גאנצע צײַט האָט זי ארויסגעקוקט אף איר, דערציילט, וואָס איז פאָרגעקומען אין געטאָ, אז זי האָט וויכטיקע נײַס, וועלכע מע מוז איבערגעבן די כאוויירים.

אידע איז אומרויִק געוואָרן. זי האָט זיך דערפילט ווי שולדיק אין עפּעס און זיך פארכאפּט:

— גוט, גוט, לאָמיר נאָר ארײַנלויפן צום פעטער... און דערנאָך וועל איך אלץ טאָן.

זאלבעצווייט זײַנען זיי אוועקגעגאנגען צו גערשענען.

גייענדיק, האָט אידע פארטרויט מאשען: זי קאָן ניט אָנקוקן, ווי דער פעטער איז פארנארישט, ווי ער פרייט זיך דערמיט, וואָס ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט בא די דײַטשן. ער האָט זיך בארימט פאר איר, אז די דײַטשן זשאלעווען גאָרניט, אבי מע זאָל זיי מאכן א גוט שטיקל ארבעט. די באלמעלאָכעס באקומען עסן פון דער זעלבער קיך, וואָס

די פּאָליציײַען. מע גיט זיי ארויס אי ברויט, אי פּאָווידלע, אי וווּרשט. אפילע בראנפן ברענגט מען זיי אויך אָפּט צו טראָגן. גערשן האָט געלאכט: „געהארגעט זאָלן זיי ווערן, די פּאָליציײַען. זיי זעען ניט, ווי די דײַטשן נעמען אראָפּ פון דעם פּאַיאָק, וואָס עס קומט זיי, און גיבן אוועק די באַלמעלאָכעס"... דער וואכמײַסטער איז אזוי קאָנטעט פון זייער ארבעט, אז ער האָט אפילע צוגעזאָגט זיך דערשלאָגן א דערלויבעניש, זיי זאָלן האָבן רעכט וווינען מיט די מישפּאָכעס אינעם רוסישן ראיאָן אלס ווערטפולע ייִדן.

ער, דער קלוגיטשקער גערשן, וואָס האָט קיינמאָל אין זײַן לעבן גאָרנישט ניט געטאָן, ער זאָל פריִער ניט בארעכענען, וואָס דערפון וועט ארויסקומען, און צי דאָס לוינט אים, איז גאָר איבערגליקלעך געווען דערפון, וואָס ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט בא די דײַטשן. עס האָט געמאכט דעם אײַנדרוק, ווי דער מענטש וואָלט פארמאכט די אויגן אף אלץ, וואָס עס טוט זיך ארום, קוים איז אים אליין א האָרעלע לײַכטער געוואָרן.

זיי האָבן געטראָפן אלעמען באם עסן. כאָטש ארום טיש איז געזעסן א גאנצע כאליאסטרע, האָט מען ניט געהערט קיין פּיפּס. גערשן אליין איז, ווי טאָמיד, געזעסן אויבנאָן, אף זײַן אָרט און, ווי אלעמאָל, זיך געשאפן מיט יעדן איינעם. אויך אף אים איז הײַנט געלעגן אויסגעגאָסן אן אומעט, אויסגעצויגן זײַן אזוי אויך לאנגע נאָז. די אונטערשטע ליפּ איז מאכטלאָז אראָפּגעהאנגען. עס האָבן זיך ארויסגעזען די ארײַנגעשטעלטע ציין. און כאָטש ער האָט זיך באלד א כאפּ אוף געטאָן פון די שווערע ראַיוינעס, מיט א כליפּ, זופּנדיק די לופט, אונטערגעהויבן די ליפּ און ווידער גענומען עסן, האָט זיך דאָך געפילט, אז ער ווייסט ניט, וואָס ער עסט, און קײַט אזוי, ווי ער וואָלט געהאט א פול מויל מיט קליאָטשע.

מע האָט זיי פארבעטן צום טיש. נאָר פונעם עסן האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט. אלפּעראָוויטש איז דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל, און זי האָט זיך געפילט א ביסל געענגט. אידע האָט גראָד געוואָלט עסן, נאָר זי האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אז זי וועט קאָנען דערשלינגען א ביסן. אויסטרינקען א גלעזל טיי — דאָס האָט ניט געשאט, צוליב דעם

אַליין, אַז עס זאָלן זיך צעבינדן די צינגער און זיי זאָל לײַכטער זײַן מאַכן אַ רייד וועגן דעם, וואָס עס האָט זיי געבראַכט אַהער.

אידע האָט געזען, אַז דער פעטער איז גערן, וואָס זיי זײַנען אַרײַנגעקומען. זי האָט געהערט, אַז ער פרעגט עפּעס בא מאַשען. זי האָט אָבער ניט פאַרשטאַנען, וואָס קומט פאָר מיט אים. ווי אַזוי זײַנען אַהינגעקומען זײַנע כאַרימערײַען? זי האָט געזען פאַר זיך גאָר אַן אַנדער מענטשן.

אין דעם, אַז דער פעטער איז פון עפּעס שטאַרק צערודערט, נאָר באַמיט זיך עס ניט אַרויסוואַרײַזן פאַר קיינעם, האָט זי זיך נאָכאַמאָל איבערצײַגט, בייס זי האָט געפּרוווט פאַרפירן אַ רייד וועגן דעם טאַטן און עס האָט זיך בא אים, קעגן זײַן אייגענעם ווילן, אַרויסגעריסן:

— וואָס דערציילסטו מיר וועגן דעם טאַטן? און אַז מע איז ניט אין לאַגער, מיינסטו, איז מען שוין זיכער מיטן לעבן? פּרווו זיך דורכריידן מיט עמעצן פון לאַגער, אַז מע זאָל אַף אים אַכטונג געבן.

ווען זי האָט געענטפערט, אַז דערצו האָט זי זיך שוין אַליין דערטראַכט, און געגומען אָפּמאָלן, ווען זי האָט אין זינען, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— וואָס זשע ווילסטו? נאָטע איז אַ לײַטישער יונגערמאַן. ער וועט אים ניט פאַרלאָזן.

איר איז עס אָבער געווען קנאַפּ.

— וואָס קאָן ער טאָן, אַז דער טאַטע איז געפעררלעך קראַנק. ער וועט דאָרטן אומקומען, אויב מע וועט אים ניט ראַטעווען. — און זי האָט אים דערציילט, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד זי האָט איבערגעלאָזט דעם פאָטער.

גערשן איז געוואָרן אומגעדולדיק.

—פּרווו זיך דורכריידן מיט דער דאָקטערן גורעוויטש. זי איז באַם קאָמענדאַנט פון לאַגער אַ גאַנצער יאַ־טעבע־דאַם... עפּשער וועט זי קאָנען בא אים עפּעס אויספירן... — און דאָ האָט אים עפּעס אופגעבראַכט. ער האָט זיך צעשריִען, ניט געקוקט דערויף, וואָס אין שטוב איז געווען אַ פרעמדער מענטש. — ער קומט אַרויס פון אַן איידעלער

פּאַראַדע, דער טאַטע דײַנער... אין דער מאַמען אין זײַנער איז ער גע־
ראָטן... זי פּלעגט אויך, ווי נאָר עפּעס, פּאַרוואַרפן די לאַפּקעס אַרויף... —
אין אים האָט זיך אָפּסגײַ דערוואַכט דער לעץ, וועלכער האָט שטענדיק
ליב געהאַט אָפּצושפּעטן פון יענעם. ער האָט גענומען מאַכן האַווײַעס,
ווײַזן, ווי עס זעט אויס אַזאַ איינער, וואָס פאַרוואַרפט די לאַפּקעס אַרויף.

אידען איז ניט געפעלן געוואָרן דאָס קרימען זיך זײַנס. זי האָט
אים גענומען מוסערן:

— ווי שעמט איר זיך ניט, פּעטער? איר ווייסט דאָך, אַז דער טאַ־
טע איז ניט אַזאַ, ווי איר מאַכט אָפּ.

— איך מאַך אָפּ? — האָט גערשן אַ קרייע געטאָן מיט אַ דין
קעלכל. — איז וואָס ביסטו באַ מיר געקומען פרעגן אייצעס? ס'איז מיר
אַליין אויך פינצטער און ביטער אַף דער נעשאָמע... — און אידע האָט
דערזען, ווי עס ציטערן באַ אים די ליפּן.

„ניין... עפּעס איז מיט דעם פּעטער געשען, — האָט אידע באַ־
שטימט. — סטאַם אין דער וועלט שרײַט מען ניט אַזוי".

באַמערקט, אַז ער קוקט אַף איר מאָדנע, וויל איר, קאַנטיק, עפּעס
דערציילן, נאָר האָט עס מוירע צו טאָן צוליב די שטוביקע, האָט זי
זיך אופגעהויבן, גענומען זיך קלײַבן אַוועקצוגיין און געבעטן דעם פּע־
טער זיי באַגלייטן...

אינעם פּירהויז, ווו אויסער זיי איז קיינער ניט געוועזן, האָט זיך
באַ גערשענען צעבונדן די צונג און ער האָט דערציילט, וואָס אים
מאַטערט אַזוי.

שוין זיבט עטלעכע וואָכן קומט אַרײַן צו זיי, אין ביי־וואַרשטאַט,
איינער אַן עלעקטראָמאָנטיאָר פון די פּאָליציײַען. סערגיי הייסט ער.
ער איז גראָד אַ וווילער באָכער. ער קומט צו גיין צו זיי, קלוימערשט,
פאַריכטן די שײַן אָדער צורעכט מאַכן אַ פּרעסל און זיצט באַ זיי, אויב
קיינער פון די דײַטשן איז ניטאָ. נעכטן איז ער ווידער אַרײַנגעגאַנגען
צו זיי און האָט איבערגעגעבן, אַז עס גרייט זיך עפּעס אַף די ייִדן.
זיי האָבן געפּרוווט אַ טאַפּ געבן באַם וואַכמײַסטער, וואָס אַן ערעך
ווייסט ער. ער איז אַן אײדעלער יונגערמאַן, ער לאָזט זיך גראָד ריידן.

נאָר דאָס מאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט פון געבן א קלאָרן ענטפער. ער האָט בלויז צוגעזאָגט, אז טאָמער וועט זיך אָנהייבן עפּעס אין געטאָ, וועט ער וויסן וועגן דעם פאַרפריִער און וועט זיי באַצײַטנס וואָרענען. אין ערגסטן פאַל, האָט ער פאַרזיכערט, וועט ער זיי, די באַלמעלאָכעס, ניט לאָזן גיין אהיים, ביז דער אומגליק וועט ניט פאַרבײַ.

גערשן איז אנשוויגן געוואָרן. קיינער האָט אים גאָרנישט ניט געפרעגט, כאָטש סײַ בא אידען, סײַ בא מאשען זײַנען אופגעקומען א סאך זייער ערנסטע פראגעס. מיט אָט די פראגעס איז, דוכט זיך, דורכגעזאַפּט געוואָרן די שטילע מינוט פון זייער שווײַגן. פון די דאָזיקע ניט־ארויסגעזאָגטע פראגעס האָט אידען אָנגעהויבן זויגן אונטערן לעפעלע און זי איז געוואָרן בלאס.

זי האָט זיך א צי געגעבן צום פעטער און געוואָלט אים עפּעס פרעגן. אים האָט זיך געדוכט, אז ער שטויסט זיך אָן, וואָס זי וויל וויסן, האָט ער, אויסמײַדנדיק איר בליק, מיט א געפאלענער שטים צוגעגעבן:

— צו די ווײַבער און קינדער, זאָגט דער וואכמײַסטער, האָט עס ניט קיין שײַכעס. עס קאָן נאָר גיין א רייד וועגן אלטע און קראנקע.

גערשן האָט זיך פארהאקט. ער האָט דערפילט, אז ער האָט ניט געטאָרט אזוינס ארויסברענגען פאר די ליפּן. כאָפּן צוריק איז אָבער שוין געווען שפּעט. סײַ אידען און סײַ מאשען האָט עס א שניט געגעבן באם הארצן. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט.

איצט, ווען גערשן האָט ארויסדערציילט אלץ, וואָס ער האָט געוווסט, האָט ער געפּרווּט עס איבערשטרײַכן. ער אליין, האָט ער געזאָגט, זעט ניט אײַן קיין גרונט פאר פּאניקע... מאלע וואָס מע רעדט... אָט ארבעט ער אין ווארשטאט. עס גייען צו זיי ארײַן דײַטשן. נאָר קיין שלעכטס זעט ער פון זיי ניט. פארקערט, צווישן זיי זײַנען פאראן גאָלדענע מענטשן. עס איז דאָ איינער אן אלטער דײַטש. דערזעט ער נאָר, אז קיין זײַטיקע מענטשן זײַנען אין ווארשטאט ניטאָ, דערלאנגט ער אלעמען די האנט. ס'איז ניטאָ דער פאַל, ער זאָל ארײַנגיין צו זיי און עפּעס ניט ברענגען צו טראָגן: אמאָל א האלבן לאבן ברויט, אמאָל — א ביסל האָניק.

— איך וועל אײַך זאָגן דעם עמעס, — האָט גערשן פאַרענדיקט, דערמאָנענדיק מאַשען מיט זײַן אַרט ריידן אין זעלינגערן, — איך אַליין האָב עס אײַך דערציילט. נאָר פרעגט איר מיך, צי איך גלייב דערין, וועל איך אײַך ענטפערן: ניין...

אויך די ווערטער זײַנען געבליבן אָן אַן ענטפער. זיי האָבן דורכ־געקלונגען אינדערלופטן און קיינעם ניט איבערצײַגט. גערשן אַליין האָט דערפילט, ווי נישטיק עס זײַנען די באַמיִונגען זײַנע אויסלייגן אַלץ צום גוטן.

אידע האָט אין דער צוגעפאַלענער פינצטערניש אויפגעזוכט גערשנס האַנט. זי האָט געזאָגט צו אים, און דערבײַ איז איר שטים געווען פול מיט געבעט:

— פעטער, עס איז זייער וויכטיק, אַז מיר זאָלן וויסן פריִער, וואָס אונדז דערוואַרט... לאָזט ניט אָפּ אָט דעם סערגייען... פּרוּווט גענויער דערגיין, וואָס ווייסט ער...

אַ דערשלאָגענער האָט גערשן געשטאַמלט:

— יאָ... יאָ... איך וועל זען זיך דערוויסן... ווי זשע דען?

און ווידער זײַנען זיי געשטאַנען געפּלעפּטע, ניט וויסנדיק, וואָס וועלן זיי טאָן, ווען עס וועט זיך עפּעס אָנהייבן... דערנאָך האָבן זיך אידע און אַלפּעראָוויטש געזעגנט מיט גערשענען און זײַנען אוועקגע־גאַנגען.

אידע האָט פאַרגעלייגט מאַשע אַלפּעראָוויטש, זי זאָל זיך אומ־קערן אַהיים, מיטן טנײַ, אַז מאָרגן זאָלן זיי זיך ווידער טרעפן. אַליין איז זי שנעל אוועקגעגאַנגען ווײַטער, זי האָט באַשלאָסן נאָך הײַנט, ניט געקוקט אויף דער שפּעטער שאָ, איבערגעבן אויף אָפּאַנסקי־גאַס דאָס, וואָס זי האָט זיך דערוווּסט. „צו די פרויען און קינדער האָט עס ניט קיין שײַכעס, — האָבן איר געפּויקט אין מויעך דעם פעטערס רייד. — נאַראָנים... נאַראָנים... ווי מע קלאַמערט זיך עס אין יעדן שטיקל טרייסט...“

ווען די פרויען זײַנען אוועק, איז גערשן אַרויסגעגאַנגען פאַר־שפּאַרן די פאָרטקע. אין דרויסן זײַנען געשטאַנען מענטשן און האָבן

וועגן עפּעס שטיל גערעדט. אים האָט זיך געגומען דוכטן, אַז דאָס, וואָס ער ווייסט, איז שוין פאַר קיינעם קיין סאָד ניט, אַז די גאַנצע געטאָ איז שוין אַרומגעכאַפּט מיט דעם זעלבן אומרו, וואָס ער, און עס איז ניטאָ פונוואַנען צו וואַרטן אויף הילף. די האָפנערדיקייט האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים. עס איז אויף אים אָנגעפאַלן אַן אימה. ער האָט קלאָר דערזען, ווי עס קומען צו גיין דײַטשן, רײַסן זיך אַרײַן אין די הײַזער... דאָס האָט געקאָנט געשען נאָך די נאַכט... טאָקע באַלד...

פאַר שרעק האָט ער אַפּגיך פאַרשפאַרט די פאָרטקע און זיך געלאָזט אין שטוב אַרײַן. די דרויסנדיקע טיר איז אים אָבער ניט געפעלן געוואָרן. זי האָט אים אויסגעזען צו זײַן שוואַך באַוואָרנט. ער האָט באַשטימט צו מאַכן אַ נײַע זאַוואָלע. ער האָט גענומען די האַק, איז אַרײַן אינעם שטעלכל נאָך עפּעס אַ דרענגל. זוכנדיק צווישן דעם האָלץ, האָט ער דערהערט — עמעצער גראָבט הינטער דער וואַנט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און דורך אַ שפּאַרונע אין וואַנט אַרויסגעקוקט אין דרויסן. דערזען, אַז דעם שאָכנס, רוון אַסנעסעס, באַנים גראָבן די ערד, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז ווען ער האָט מיט וועמען, וואָלט ער אויך באַדאַרפט מאַכן אַ מין הייל, עס זאָל זײַן ווו זיך צו באַהאַלטן אין אַן אייס־צאָרע... מיט אַ פאַרפרעסט האַרץ האָט ער געטראַכט וועגן דעם, אַז גאָט האָט אים געשטראָפט, אים ניט געגעבן קיין זין. וואָס וועט ער טאָן מיט זײַנע מוידן, טאָמער געשעט, כאָלילע, עפּעס? ווויהין וועט ער זיך מיט זיי אַהינטאָן? און נאָך פיבערדיקער, נאָך אײַליקער האָט ער גענומען באַוואָרענען און פאַרפעסטיקן די טירן.

באַ אָט דער דאָזיקער מעלאָכע האָט אים געטראָפן אַ בעהאָלעדיקע קלינגערײַ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ערגעץ אויף דער קוסטאַרער גאַס. עמעצער האָט אָן אופהער געפּויקט מיט אַן אײַזערנעם פּרענט איבער אַ שטיק רעלס. עס האָט זיך געהערט, ווי עמעץ שרײַט איימעדיק: „גוואַלד! ראַטעוועט!" עס האָט לאַנג ניט געדויערט, די גוואַלד־געשרייען און די קלינגערײַ האָט מען אונטערגעכאַפּט אין אַנדערע הויפן, קלאַפּנדיק אין שטיקער בלעך, אין עמערס, אין אײַזנס, שרײַענדיק אַזוי, ווי מע וואָלט געדאַרפט פאַרטרײַבן וועלף. דער טומל האָט זיך געקײַקלט

אַלץ נעענטער און נעענטער צו גערשנס שטוב און פֿאַרגרעסערט זײַן שרעק. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט זיך שוין עמעצער פֿון די באַנדיטן אַרײַנגעריסן אין געטאָ און קוילעט מענטשן, ראַבעוועט און הארגעט. דאַן איז ער אַרײַנגעלאָפֿן אין פּירהויז, האָט גיך פֿאַרשפּאַרט די טיר אַף אַלע זאַוואַלעס און שלעסער און אויך גענומען פּויקן מיט אַן אײַזן אין אַ שטיק רעלס, וואָס איז געהאַנגען באַם אַרײַנגאַנג.

דער אָוונט איז פֿול געוואָרן מיט אַ מעהומעדיקער קלינגערײַ און מיט געשרייען...

## קאַפּיטל צוועלף

### 1

אַף אַפּאַנסקי־גאַס באַ עטל רודיצער אין שטוב, ווו אָשער איז צוביסלעכווײַז געוואָרן אַ היימישער מענטש, האָט זיך אָנגעהויבן שטילערהייט צונויפֿקומען דער קערן פֿון דער אונטערערדי־שער גרופּע, קעדיי באַטראַכטן די לאַגע, וואָס האָט זיך גע־שאַפֿן, און באַשליסן, וואָס טאָן ווײַטער.

צוליב טײַמים פֿון קאָנספּיראַציע און אויך צוליב גרויס אײַלעניש האָט מען דאָס מאָל צונויפֿגערופֿן אַ קליינעם אוילעם.

מע האָט געוואַרט אַף מיכלען, וועלכער האָט גאַנצפֿרי, נאָך איידער עס איז געוואָרן דער טומל אַרום דער סרייפֿע אַף דער וואַליקעס־פֿאַבריק, זיך אַרויסגעגאַנוועט הינטער די דראָטן און איז אוועקגעגאַנ־גען אינעם רוסישן ראַיאָן, צו סאַריטשעוון, פֿונוואַנען מע האָט אים מיט אַ טאָג צוריק געלאָזט וויסן, ער זאָל קומען צו גיין.

קיינער פֿון די פֿאַרזאַמלטע האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס עס וועט זיך אַלץ ענדיקן און וואָס, אַשטייגער, וועט מען קאָנען טאָן מיט טויזנ־טער מענטשן — זקיינים, פֿרויען און קינדער, ווען עפּעס וועט זיך אָנ־

הייבן אין געטאָ, ניט געקוקט דערויף, איז די שטימונג בא די יונגעלייַט געווען ניט קיין געפאַלענע. יענע צייַט, ווען יעדער שאָס אין דרויסן האָט זיך מיט איימע אָפּגערופן אין הארצן און עס האָט זיך געוואָלט וואָס טיפער באגראָבן, יענע צייַט איז שוין אוועק. דאָס, וואָס פריִער וואָלט איבעראשט און ארויסגערופן גרויס שרעק, האָט מען איצט אופ־גענומען ווי א זאך, צו וועלכער מע איז שוין צוגעוווינט און קעגן וועלכער מע דארף קעמפן. און כאָטש אָפט איז אויך איצט אויסגעקו־מען לויפן זיך אויסבאהאלטן, איז מיט יעדן טאָג דאָך צוגעקומען נייַע דערפארונג. אין צאָרעס איז מען פאַרהארטעוועט געוואָרן.

עס איז קלאָר געוואָרן, אז מע האָט ניט געטאָרט גיין אין געטאָ, אז דער גורל פון די, וועלכע זייַנען דאָ געבליבן, איז אָפּהענגיק נאָך דערפון, צי עס וועט זיך אייַנגעבן ארויסרייַסן זיך פון הינטער די דראָטן און אוועקגיין מיטן ברייטן וועג פון קאמף קעגן דעם סוינע.

מער פון אַלץ איז מען געווען צערודערט און צעטראָגן איבער דעם, וואָס פון זינט יענעם פארנאכט, ווען מע האָט זיך פארקליבן אין איינער א שטוב און הינטער פארהאנגענע פענצטער פארבאהאלטע־נערהייט דורכגעלייענט די ווענדונג פון דער פארטיי, האָט מען נאָך קימאט גאָרנישט ניט באוויזן טאָן פון דעם, וואָס מע האָט דעמאָלט געהאט אָנגעמערקט, כאָטש מע האָט די גאנצע צייַט ניט אופגעהערט צו בישטערן און זוכן עפּעס אן אויסוועג.

מע האָט אויסגענוצט די מעגלעכקייַט, וואָס יעדן טאָג איז מען פון דער געטאָ געגאנגען ארבעטן אף די אונטערנעמונגען אין שטאָט, און מיט די קאָלאָנעס ארבעטער געשיקט אייגענע יאטן, קעדיי צו זוכן א קאָנטאקט מיט מענטשן, וועלכע ווילן אליין עפּעס טאָן און זייַנען גרייט אויך העלפן אנדערע. מע האָט ספּעציעל ארויסגעשיקט מעראגלים אין ראיאָן, קעדיי צו זוכן ערטער, וווהין ארויספירן מענטשן.

מע האָט זיך אָנגעכאפּט אין דעם, וואָס מיכל האָט זיך געקענט מיט דער מישפּאָכע סאריטשעוו און וואַלאָדיע האָט אים אנומלטן גע־האט פאָרגעלייגט אוועקגיין מיט א גרופּע, און עטלעכע מאָל צוגע־שיקט מיכלען אהין, ער זאָל דערגיין, וואָס טוט זיך דאָרטן, צי קלייַבט

זיך ניט גיין אין וואַלד אַ נײַע גרופּע, מיט וועלכער מע וואָלט געקאָנט אויך שיקן עמעצן פֿון געטאָ.

און דאָך איז אַלץ דערווײַל געווען אומזיסט. אויך אויסער דער געטאָ זײַנען אַלע געווען שטאַרק אָנגעשראָקן. איינער דעם אַנדערן האָט ניט געטרויט. עס איז אומגעהייער שווער געווען מיט עמעצן זיך פֿאַרבינדן. די מעראַגאַלים זײַנען אַוועקגעגאַנגען פֿון שטאָט, און ביז איצט האָט מען פֿון זיי קיין שום ידיעה ניט געהאַט, ווי זיי וואָלטן אין וואַסער אַרײַן. מיכל האָט יעדעס מאָל זיך אומגעקערט פֿון די סאַרי־טשעווס מיט איין ענטפֿער: „מיר ווייסן, מיר פֿאַרגעסן אײַך ניט, אָבער דערווײַל דאַרף מען זיך אָנעמען מיט געדולד און וואַרטן, וואַרטן, ביז עס וועט ניט קומען אַ שליח פֿון וואַלד, וווּהין די גרופּע איז אַוועק־געגאַנגען"... עס איז אויך דערווײַל אַ קנאַפּע פּולע געווען פֿון דער באַגעגעניש, וואָס איז פֿאָרגעקומען צווישן מיכלען מיט דעם באַקאַנטן טאָקער פֿון זאַוואָד, מיט ביסטראָוון, אויף וועלכער עס איז אויך בײַגע־ווען מאַרגוליס. מע האָט, צווישן אַנדערן, ביסטראָוון צו וויסן געגעבן, אַז אין געטאָ רײַסט מען זיך צום קאַמף, און געבעטן איבערגעבן די באַווײַירים פֿונעם רוסישן ראַיאָן, אַז טאָמער הייבן זיי אָן עפּעס צו טאָן, איז זאָל מען נאָר אַ רוף געבן...

ער איז אַוועקגעגאַנגען, ביסטראָוו, און ווידער האָבן זיך אַוועקגע־צויגן פֿײַנלעך־שווערע טעג, פֿול מיט צאַר און שרעק. ניט ווילנדיק זײַנען אין קאָפּ געקראָכן פֿינצטערע געדאַנקען וועגן דעם, אַז קיין גוטע מענטשן איז ביכלאַל ניטאָ אויף דער וועלט, שוין אָפּגערעדט, ווען מע דאַרף עפּעס טאָן פֿאַר אַ ייִדן, אַז דער דאָזיקער ביסטראָוו, פֿון וועלכן מיכל האַלט אַזוי שטאַרק, וואָלט, אַ סוואָרע, אויך ניט געקומען צו גיין אין געטאָ, ווען ער איז דערבײַ עפּעס ניט אויסן, ווען ער דאַרף ניט דערציילן מיכלען, וואָס עס טוט זיך בײַ זיי אויפֿן זאַוואָד, אַז עס האָט זיך דאָרט געשאַפֿן אַ גרופּע אַרבעטער, וועלכע טוען אָן שאָדן דעם דײַטש און אַז זיי וואָלטן אָן אַן ערעך מער אויפֿגעטאָן, ווען זיי האָבן אַ פּראָשעק, מיט וועלכן מע זאָל קאָנען פּאַטערן דאָס פּאַרטיקע לעדער בייסן פֿאַרפּאַקעווען עס; קורץ גערעדט, קעדיי פֿרעגן מיכלען, צי קאָן

ער זיך ניט דורכריידן מיט די כימיקער, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ, אַז זיי זאָלן פּרוּוון עפּעס צוטראַכטן.

די דאָזיקע געדאַנקען האָבן געפּײַניקט, געבראַכט דערצו, אַז מע האָט צײַטנווײַז פאַרלאָרן דעם גלויבן אין זיך און עס האָט זיך אָפּט אויסגעוויזן, אַז מע איז אַרומגערינגלט מיט אַ טויבער וואַנט, פון היבטער וועלכער מע וועט זיך קיינמאָל ניט אַרויסרײַסן... מיטאַמאָל האָט מען מיכלען אַרויסגערופן אינעם רוסישן ראַיאָן. און כאָטש מע האָט נאָך ניט געוווּסט, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען, האָבן גלײַך דערוואַכט נײַע האָפענונגען. עס האָט אַלעמען באַהערשט אַזאַ אומגעדולד, אַז מע איז שוין געזעסן ווי אויף הייסע קוילן... מע איז געווען אַזוי אויפגערודערט פונעם וואַרטן אויף אים, אַז עס האָט זיך געפילט: ביז מיכל וועט ניט קומען צו גיין און ניט דערציילן, צוליב וואָס מע האָט אים גערופן, איז קיינער ניט אימשטאַנד עפּעס צו באַשטימען.

דער טאָג פאַרגייט דערווײַל. נאָך אַ ביסל, און עס וועט זיך אָברוקן די נאַכט מיט דער קעסיידערדיקער שרעק פאַר די אָנפאַלן. אויף דער אַרבעט האָט מען קיינעם ניט געלאָזט גיין. איז ניטאָ, ווער עס זאָל קומען דערציילן עפּעס נײַס. מיכל איז ניטאָ. עס איז אַ ספק, צי וועט זיך אים הײַנט אײַנגעבן אַרײַנשמוגלען צוריק אין געטאָ. און אידע פאַרבער זעט מען אויך ניט, כאָטש עס איז בעפירעש קלאָר אָבגעזאָגט געוואָרן יעדן איינעם, אַז צי וועט ער יאָ דערגיין עפּעס וויכטיקס, צי ניין, זאָל ער פאַרנאַכט קומען צו גיין אויף אָפּאַנסקי.

מע איז געזעסן אין די מאַנטלען אַזוי, ווי מע איז אַרײַנגעקומען, גרייט יעדע מינוט זיך אויפהייבן און פאַרלאָזן די שטוב, און וואָס לענגער דאָס וואַרטעניש האָט זיך פאַרצויגן, אַלץ אומרויִקער איז מען געוואָרן. מע האָט זיך אָפּטער גענומען צוהערן, צי קיינער גייט ניט, צי הערט זיך ניט קיין שיסערײַ בײַ די דראָטן...

אַבע מעדרעש, מיכלס נאָענטסטער כאַווער, וואָס בעטעווע איז ער אַזוי אויך ניט קיין איבעריקס רויִקער מענטש, האָט שוין מער ניט געקאָנט אײַנזיצן. ער האָט זיך ניט צוגעהערט דערצו, וואָס עס ריידן צווישן זיך די כאַווירים, איז יעדער ווײַלע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב

א קוק געבן, צי גייט ניט מיכל. אין דרויסן האָט זיך אַלץ געווייקט אונטערן נאַסן שניי און רעגן. דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט כמאַ־רעס און מע האָט קיינעם ניט געזען... מעדרעש האָט זיך א פאַרכמורע־טער אומגעקערט צוריק און זיך אוועקגעזעצט אַף זײַן אָרט, לויכטנדיק פון דער טונקלעניש ארויס מיט זײַן גראָוון קאָפּ האָר.

אומרויִק איז דאָס מאָל געווען אויך מארגוליס, וועלכער האָט פון פאַרזיכטיקייט וועגן צונויפגערופן היינט די כעוורע אהער, אין איינעם פון זײַנע אָרעמיקלעטן, ווהין ער האָט זעלטן וועמען פאַרבעטן ביז איצט. אָט דאָס אָרט, וואָס האָט זיך געפונען אין א זײַט פון די ראַ־שיקע גאַסן, ערגעץ בא די ליניעס פון דער פּראַכט־סטאַנציע, האָט ער געהאַלטן פאַרגרייט פאַר אויסערסט ערנסטע פאַלן.

ער אַליין האָט נאָך פריִער, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן גוט צו טומלען אין געטאָ, געגומען פירן א נאָוונאַד לעבן, ניט טאָגן דאָרט, ווו ער האָט גענעכטיקט, און אויך אַלע איבעריקע כאַווירים געוואָרנט, אז זיי זאָלן זײַן געהיט. מיט דער הילף פון גוטעפרײַנט האָט ער זיך באַצײַטנס באַוואָרנט מיט עטלעכע זיכערע ערטער, ווו ער איז איבער־געווען ווען א טאָג, ווען צוויי. דאָ האָט ער זיך געטראָפן מיט כאַווייַ־רים, דאָרט זיך בעראַטן מיט זיי וועגן פאַרשיידענע פראגן און דערנאָך ווידער פאַרשוווּנדן געוואָרן. בלויז געציילטע מענטשן פון דער גרופּע האָבן געוווּסט, ווהין ער קומט אהין...

אויך היינט האָט קיינער ניט געוווּסט, ווו ער האָט גענעכטיקט. ער איז געקומען צו גיין, ווען אַלע זײַנען שוין געווען דאָ, ווי טאָמיד א שטילער, א באַשיידענער, אין עפּעס א פאַלטאַכל, וואָס עמעצער פון זײַנע נײַע פרײַנט האָט אים געשאָנקען, בייס עס איז געוואָרן קאַלט. אויסגעזען האָט ער שלעכט. די פריִערדיקע פאַרברוינטקײַט פון זײַן פּאָנעם האָט אָפּגעבליאַקעוועט און איז פאַרביטן געוואָרן מיט ניט קיין געזונטן, גרינבלעכן קאָליר.

די ערשטע פראגע איז בא אים געווען, ווי נאָר ער איז אריבערגע־טראָטן די שוועל, צי איז מיכל ניט געקומען. דערבײַ האָבן אַלע באַ־מערקט, אז ארײַנגעקומען איז ער פון דרויסן שוין פון עפּעס היפשלעך

צעראשט, און דאָס, וואָס ער האָט נאָך ניט געטראָפֿן מיכלען, איז בלויז א צוגאָב.

אויסגעווישט די פֿאַרליאָפּעטע ברילן און דערזען, אז אלע קוקן אף אים מיט א טיפֿן אומרו אין די אויגן, האָט אָשער פֿונדעסטוועגן צום אלעמערשטן געפֿונען פֿאַר נייטיק בארויִקן א ביסל דעם עוילם:

— מיכל האָט זיכער באשטימט איבערוואַרטן. אינעם רוסישן ראיאָן קער מען שוין אויך וויסן, וואָס עס טוט זיך בא אונדז. אָט זעט איר, פֿאַרוואָס איז אידע ניט געקומען, דאָס פֿאַרשטיי איך ניט...

ער האָט אָבער באלד כאראָטע געהאט אף דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, איז אליין מיט זיך געוואָרן אומצופֿרידן. וואָס מאכט ער זיך נאַריש? ווער מען וויל ער פֿאַריידן די ציין? פֿונוואַנען ווייסט ער, וואָס איז פֿאַרלאָפֿן מיט מיכלען? און וואָס, מישטיינסגעזאָגט, פֿאַר א באַ־טרעף האָט איצט ביכלאל עפּעס איינער א מיכל אין א צײַט, ווען מע געפֿינט זיך אין די הענט פֿון מערדער, וועלכע זײַנען גרייט אלעמען אומברענגען... וואָלט דען ניט גלײַכער געווען, ווי שווער דאָס זאָל ניט זײַן, זאָגן די כאווירים אָפֿן, וואָס אים מאַטערט אזוי, קעדיי מע זאָל וואָס גיכער עפּעס פֿאַרנעמען, אז דער אומגליק זאָל זיי ניט טרעפֿן אומגעריכט. ער אליין האָט אָבער ניט געוווּסט, וואָס מע אייצעט טאָן. דעריבער האָט ער א ביסל צוגעוואַרט און געפֿרעגט, וועגן וואָס האָט מען עס גערעדט, בייס ער איז ארײַנגעקומען, און פֿאַרוואָס איז מען אנשוויגן געוואָרן.

— ווייס איך וואָס! — האָט זיך אָפּגערופֿן כאיִם וואָלאָך, א ווונק געבנדיק אין יענער זײַט, ווו עס איז געזעסן א געפּאַקט, קליינוווּקסיק באָכערל מיט פּלינקע, שארפֿע אייגלעך, ווי בא א מײַזל. — נאָכעם איז געקומען מיט א נײַעם פּלאַן...

— אשטייגער?

— מע וואָלט באדאַרפֿט, זאָגט ער, צווינגען דעם יודענראַט אָפּגעבן אונדז א טייל פֿונעם גוטס, וואָס ער ראַבעוועט אָן אַלס קאָנטריבוציע פֿאַר די דײַטשן. עס וואָלט געווען צושטײַער אף קויפֿן געווער...

מארגוליס האָט ווי ניט געהערט. עס האָט זיך געפילט, אַז זײַן קאָפּ איז פארנומען מיט עפּעס אנדערש.

— סײַווי, זאָגט ער, ווייסט שוין זעליגנער, אַז אין געטאָ איז פאַראַן אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאציע. דארף מען ארײַנגיין צו אים, פארמאכן הינטער זיך די טיר און וואָרענען: „אַזוי און אַזוי... גיסטו דאָס, וואָס מע פאָדערט פון דיר, איז רעכט. עלע ניט, זאָלסטו קיין פאריבל ניט האָבן“...

מארגוליס האָט שוין ניט איין מאָל געהאט באמערקט: ווי נאָר עס קומען זיך צונויף נאָכעם מיט כאַימען, ווערט פריילעך. נאָכעם איז א היציקער, ער כאַפּט זיך לײַכט אָן פאר יעדן פּלאַן. זאָגסטו אים עפּעס, וואָס איז אים ניט געפעלן, וועט ער קיין באַלכויוו ניט בלײַבן. לײַען א וואָרט דארף ער בא קיינעם ניט. כאַים, פארקערט, איז דער הייפּעך צו אים. ער איז א רויִקער, אין א סאך היגזיכטן געראָטן אין זײַן פאָטער, דעם אַלטן יוינען. כאַים האַלט נאָר פון רעאַלע זאכן, וועלכע רופן ניט ארויס קיין שום צווייפל. באַגלײַך אָבער דערמיט איז ער ניט קעגן מאכן א ביסל כויזעק פון יענעם, עס מעג אפילע ניט זײַן פארוואָס. ווערליק אָשער פארשטייט, איז איצט, אשטייגער, ניטאָ וואָס צו לאַכן פון נאָכעמען. דער פאָרשלאָג זײַנער האָט בעפּיירעש א געוויסן זין און איז ווערט, אַז מע זאָל אים אונטערהאַלטן. מארגוליס אַליין האָט שוין ניט איין מאָל געטראכט וועגן דעם, אַז עס וואָלט בייטיק געווען צו שאפן א געוויסן פאָנד פון געלט און זאכן: טאָמער קומט אויס עמעצן ערגעץ־ווו שיקן, זאָל מען לעכאַלהאַפּאָכעס האָבן א מעגלעכקײַט צו באַוואָרענען יענעם מיט ווארעם אָנטאָן און מיט א לעבל ברויט אפן וועג. סאָפקאָלסאָף איז עס אַן אויסגעפּרוווט מיטל, וואָס איז ניט איין מאָל אָנגעווענדט געוואָרן אין דער רעוואָליוציאָנערער פארגאנגענהײַט. אַמאָל, אַז עס איז אויסגעקומען, איז מען אויך ארײַנגעקומען צום גוויר אָדער צום פאבריקאנט און געהייסן געבן געלט... אויב מארגוליס האָט זיך ניט אָנגעכאַפּט אין אָט דעם פאָרשלאָג, דערקלערט זיך עס נאָר דערמיט, וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז בילכערע זאכן שטייען איצט פאָר. געזאָגט האָט אָבער מארגוליס קיין זאך ניט. מיט זײַן שווײַגן אַליין

האָט ער געוואָלט געבן נאָכעמען צו פאַרשטיין, אַז די הויפּט־זאַך איז ניט דאָס. ער האָט געוואָלט ווי ווײַט מעגלעך אויסמײַדן אַלץ, וואָס האָט געקאָנט אַזוי אָדער אַנדערש אָפּווענדן פון דעם איקער, כאָטש ער האָט געזען, אַז נאָכעם קוקט אויף אים, וואַרט, וואָס וועט ער זאָגן. ער האָט געוווּסט, אַז ס׳איז אַ געוואַגטער באָכער, און טאָמער וועט מען אים ניט אָפּהאַלטן דערפון, וואָס ער האָט פאַרטראַכט, קאָן ער עס טאָן אויף אייגענער אַכרײַעס... דאָס האָט ער דאָך, אָט דער נאָכעם וויכמאַן, זיך צונויפגערעדט מיט עטלעכע כאַווײרים, וועלכע זײַנען געווען צוזאַמען מיט אים אין לאַגער אויף שיראָקע, און אינמיטן העלן טאָג געמאַכט פליטע, בייס מע האָט זיי געפירט אויף אַרבעט. דאָס האָט ער אויף איינעם אַ בוידעם, ערגעץ אויף דער קוסטאַרער גאַס, אַוועקגעשטעלט אַ ראַדיאָ־אויפנעמער, און עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָט דאָרט אַבע מעדרעש פאַרשריבן נײַעס פון די פראָנטן און מיט דער הילף פון אַ בינטל קאָמיוגיסטן זיי דערנאָך פאַרשפרייט צווישן דער באַפעלקערונג.

אָשער האָט באַשטימט מער ניט פאַטערן קיין צײַט, זיך דורכשמועסן מיט די כאַווײרים וועגן דעם, צוליב וואָס מע האָט זיך אַהער צונויפגעקליבן, און טייקעף זיך פאַנאַנדערגיין.

— כאַווײרים, — האָט ער ענדלעך אָנגעהויבן, — אַוואַדע וואָלט זיך אונדז געגלוסט וויסן, וואָס האָט מען פלוצעם גערופן מיכלען... עס איז אָבער שפּעט, און לענגער וואַרטן קאָנען מיר ניט. — ער איז ווידער אויף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, ווי איינער, וואָס דאַרף איבערשווימען אַ ברייטן, שטראָמיקן טײַך און איז ניט זיכער, אַז דאָס וועט אים געלינגען, און האָט געפרעגט: — זאָגט מיר, איר האָט געהערט די לעצטע נײַעס? אַז ווי נאָר מע האָט אַלעמען אַוועקגעטריבן פונעם טויער, איז קרומער געקומען צו גיין אינעם יודענראַט?

קיינער האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. בלויז כאַיִם האָט זיך אַ ציי געגעבן עפּעס פרעגן. נאָר מאַרגוליס האָט אים ניט געלאָזן איבערשלאָגן.

— נו, אָט... איך זע דאָך, אז איר ווייסט ניט. ער איז אריַינגעקו־מען, דער קאָמענדאנט, צו זעלינגערן אין קאבינעט, האָט זיך אוועקגעזעצט אפן ברעג טיש און, שמייכלענדיק, געפרעגט: „מיַין ליבער זעלינגער, האבן זי אנגסט?..״ זיך אנטשולדיקט פאר דעם ייִדן, קלוי־מערשט, עס איז פאָרגעקומען א מיספארשטייעניש, אין וועלכער ער, דער קאָמענדאנט, איז ניט שולדיק, און האָט פארזיכערט, אז אזעלכס וועט זיך מער קיינמאָל ניט איבערכאזערן. א סימען האָט ער, זעלינגער, פון מאָרגן אָן וועלן אלע ייִדן קאָנען ווידער „פריַי״ גיין ארבעטן אין שטאָט, ווי פריִער. דערנאָך איז ער ארויסגעגאנגען אין דרויסן און געטיילט צוקערקעס די קינדער, וועלכע האָבן זיך אים באגעגנט אין וועג...

קיינער האָט זיך ווידעראמאָל ניט אָפּגערופן. מע האָט זיך בלויז איבערגעקוקט, אויסער זיך פונעם עצעם פאקט: פריִער מאטערן מענטשן, דערפירן זיי ווער ווייסט צו וואָס, און דערנאָך קומען פרעגן, ווי זיי פילן זיך...

מארגוליס האָט וויַיטער דערציילט:

— ווען קרומער איז צוגעפאָרן צום טויער, האָט מען דאָרטן אקו־ראט געהאט פארהאלטן איינע א ייִדענע, וועלכע האָט זיך אומגעקערט פון ערגעץ מיט א ביסל קארטאָפל און עטלעכע שטיקלעך ברויט. דער־זען די פרוי וויינען, איז ער ארויס פון דער מאשין און געהייסן איר אלץ אומקערן. דערביַי האָט ער שיר ניט געהאלטן א רעדע פאר דער וואך מיקויעך מענטשלעכקיַיט, מיקויעך דעם, ווי מע דארף זיך באגיין מיט א פרוי... ווי קומט עס, האָט ער געמוסערט די סאָלדאטן, שוין זשע האָבן זיי ניט קיין מיטליַיד צו אן אָרעמער מוטער?

מארגוליס איז אנשוויגן געוואָרן. אין דער שטילקיַיט האָט זיך געהערט, ווי דער ווינט שמיַיסט אין די שויבן. אלע זיַינען געווען צופרידן, וואָס מע איז דאָ צוזאמען. קיינער האָט ניט געוווּסט, צי עס וועט זיך איַינגעבן נאָכאמאָל אָט אזוי זיך צונויפזאמלען און זיך דורכ־ריידן.

דער ערשטער האָט צעשטערט די שטילקיַיט נאָכעם. אן אופגע־

רעגטער דערפון, וואָס זײַן פֿאָרשלאָג האָט ניט אַרויסגערופֿן קיין גרויסע היספּײַלעס, האָט ער געפֿרעגט:

— איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס האָט איר נאָך דערוואַרט פֿונעם פּאַ־שיסט? נאָר נאַראָנים האָבן זיך געקאָנט אײַנריידן, אַז די דײַטשן וועלן אונדז לאָזן צורו. ווען מען קאָנען זיי שוין אָפּנאַרן?

מאַרגוליס האָט געזען: צו נאָכעמען איז, קאָנטיק, ניט דערגאַנגען דאָס, וואָס אים באַמרויקט אַזוי און וואָס האָט אים געצווונגען דאָס אַלץ צו דערציילן. און ער האָט געענטפֿערט מיט האַרץ:

— ווען עס זאָל זיך האַנדלען נאָר וועגן דיר, וואָלט עפּשער ניט קעדײַ געווען צו ריידן וועגן דעם. דיך וועט מען ניט אָפּנאַרן. מיך — אויך ניט. דאָס איז עמעס... דו פֿאַרגעסט אָבער, אַז עס זײַנען פֿאַראַן מענטשן, וועלכע לעבן אין טאָעס. איך האָב נאָרוואָס גערעדט מיט אייניקע, וועלכע זײַנען בײַגעווען בײַ דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל. „ווער ווייסט, — זאָגן זיי, — עפּשער איז דער קאָמענדאַנט גאָר ניט אַזאַ שלעכטער, ווי עס ווײַזט זיך אויס“...

— דײַן קאָפּ וועסטו אויף קיינעם ניט אַרופֿשטעלן, — האָט נאָכעם בייז אַ מרוקע געטאָן, ניט אַרויסווײַזנדיק קיין ברעקל ראַכמאָנעס צו די פֿאַרנאַרישטע.

עס קאָן זײַן, אַז דערמיט וואָלט זיך נאָכעם באַנוגנט, ווען די עט־לעכע ווערטער זײַנע וואָלטן זיך ניט אָפּגערופֿן מיט ווייטעק אין אבעס האַרץ און יענער טוט ניט קיין זאָג מיט אַ ביטערן זיפֿץ:

— אַך, וואָס וועט שוין זײַן די פֿולע, אַז מיר וועלן באַשולדיקן אַנדערע? וואָס קאָן מען שוין וועלן פֿון מענטשן, וועלכע זעען ניט פֿאַר זיך קיין שום אויסוועג? דער פּאָשעטער מענטש קאָן זיך ניט פֿאָר־שטעלן, אַז מע זאָל גלאַט נעמען און אומברענגען אַ וועלט... בעמיילע זוכט מען זיך אַ טרייסט. מע איז אַפֿילע גרייט צו געפֿינען אַ זכוס אויך אויף די דײַטשן...

דערהערט פֿון אבען די דאָזיקע ווערטער, האָט זיך נאָכעם ווידער אַ שלײַדער געטאָן אַזוי, ווי יענער וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט זודיק

וואסער. ער האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן די „אינטעליגענטישע", ווי ער האָט געזאָגט, מידע צו גריבלען זיך צופיל אין יעדער זאַך. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מע איז ניט גענוג אַנטשלאָסן, מע טוט ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, און דערפאַר געפינען זיי זיך ביז איצט אין געטאָ, אַז ווען מע פאָלגט אים, וואָלט געווען אַנדערש, מע וואָלט שוין לאַנג גע־קריגן געווער און ערגעץ אַוועק פונדאַנען. ער האָט אופגעוואָרפן אַבען:

— וואָדען?.. עס איז דען פאַראַן אַ זאַך אין דער וועלט, וואָס דו זאָלסט ניט קאָנען פאַרענטפערן?..

מאַרגוליס האָט פאַרשטאַנען, אַז פונעם באָכער ריידן אַרויס די צאָרעס, און ער וואָלט עפשער ניט באַדאַרפט מאַכן קיין ווען פון זײַנע רייד, ווען ער דערפילט ניט, אַז עס איז גענוג אַן איבעריק וואָרט, מע זאָל זיך נעמען אַמפּערן, ווײַל בײַ אַלעמען איז שוין אַזוי אויך אָנגעזאָליעט אַפן האַרצן. אָט איז שוין אַבע געוואָרן אויסער זיך און האָט מיט קאַס אַ זאָג געגעבן צו נאָכעמען: „ביסט אַ פּערעאָדאָם, הייבסט גאָרניט אָן צו פאַרשטיין". עס האָט מער ניט געפעלט, אַז עס זאָל זיך אָנהייבן אַ רײַסערײַ, אין אַ צײַט, ווען מע האָט זיך מער פון אַלץ געניייטיקט אין אַכדעס. און דעריבער, כאָטש נאָכעמס אימפּעט, אין וועלכן עס האָט זיך געפילט אַ שלאָל מיט ייִנגלשקײַט, איז אים טאָמיד געווען געפעלן, האָט אָשער באַשטימט מאַכן אַ סאָף צו די אַמפּערנישן. ער האָט אופגעהויבן אַ האַנט און געבעטן אופהערן.

— פאַרגעסט ניט, אין וועלכע באַדינגונגען מיר לעבן. לאָמיר ניט צוליב טאָן אונדזערע סאָנים, וועלכע האָבן ניט קעגן, אַז מיר זאָלן זיך איינע די אַנדערע איבערהריזען די העלדזער.

— אָן עק. גענוג צו פּאַטערן צײַט, — האָט שוין אויך כאַיִם וואָ־לאָך ניט געוואָלט מער דולדן. — לאָמיר צוטרעטן צו דעם, וואָס מיר דאַרפן טאָן.

— וואַרט צו, כאַיִם, צו דעם פיר איך טאַקע. אייגנטלעך, ביסטו דאָך אין אַ געוויסער מאָס שולדיק אין דעם, וואָס מע האָט זיך גענו־מען אַמפּערן.

— איך האָב גאָרניט געמיינט... מע זאָל ניט טאָרן א לאך טאָן, איז שוין בכלל ניט קעדיי צו לעבן אף דער וועלט. ווי קלערסטו, אז מיר איז פריילעכער אפן הארצן, ווי נאָכעמען?

— עס איז אונדז אלעמען זייער גוט... איך וויל נאָר זאָגן, אז אויב נאָכעם האָט זיך דאָ א ביסל א היץ געטאָן, איז עס אויך ניט דערפאר, ווייל ער האָט געוואָלט עמעצן באליידיקן. מע דארף קיינעם גאָרנישט ניט אופוואָרפן... וואָרעם אויב עס איז דאָ עפּעס א שולד, זיינען מיר אלע שולדיק... מיר האָבן אלע געמיינט, אז וויבאלד די דייטשן האָבן אָנגעהויבן ליידן אפן פראָנט איין מאפּאָלע נאָך דער אנדערער, וועט זיי שוין ניט ליגן אין קאָפּ זיך אייסעקן מיט אונדז...

— ניט עמעס. איך האָב פריער געזאָגט, אז עס איז ניטאָ וואָס צו וואָרטן.

— דו האָסט פריער געזאָגט, — האָט אָשער איבערגעכאזערט נאָכעמס ווערטער, — קיינער לייקנט עס ניט. האָסט טאקע געזאָגט. איך געדענק עס. וואָס אָבער, זאָג מיר, האָבן מיר געקאָנט טאָן און ניט געטאָן? דערמאָנט זיך, וויפל צייט איז אוועק, ביזוואנען מיר האָבן באַקומען צוטרוי אײנער צום אנדערן, מיר זאָלן קאָנען אָט אזוי־אָ זיך צונויפקומען אלע אינײנעם און ריידן אָפן וועגן וואָס מיר ווילן? און וואָס איז שייעך נאָכעמס פאָרשלאָג, האלט איך, אז מיר וועלן זיך צו אים נאָך אומקערן בא דער ערשטער מעגלעכקייט.

— ס'איז נאָך א פראגע, צי עס פּאסט גאָר, אז מיר, וואָס מיר דארפן קעמפן קעגן דעם יודענראט, זאָלן פירן אונטערהאנדלונגען מיט זעלינגערן.

— זעסט, כאים, דאָס איז שוין גאָר עפּעס אנדערש. טאָן וועלן מיר עס מיסטאמע דארפן, נאָר עפּשער אף אן אנדער אויפן... דערווייל לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן. מיר וואָלט זיך געוואָלט איצט אונטערשטרייכן אן אנדער זאך: קיינער פון אונדז קלייבט זיך ניט באשולדיקן וועמען־ניט־איז דערפאר, וואָס ער וויל לעבן. איך זע ניט איין קיין כעט דערין, וואָס ביז מע לעבט, פּרוּווט מען נאָך האָפן, וואָס יעדן טאָג לייגט מען זיך שלאָפן מיטן געדאנק, אז אינדערפרי וועט מען זיך אופכאפּן

און דערזען — די רויטע אַרמיי איז דאָ... אַ מענטש קאָן ניט לעבן אָן אַ ברעקל ביטאָכן... עס איז אָבער געפּערלעך, ווען מע בויט פּאַלשע אילוזיעס. די סאַקאָנע איז נאָך גרעסער דערפאַר, ווײַל פיל מענטשן זעען ניט, אַז די דײַטשן ווילן זיי אָפּנאַרן... און אָט אין דעם פּראַט דאַרפן מיר אין דער ערשטער ריי אויפקלערן אַלעמען, אין וואָס עס גייט. מע זאָל זיך קיין פּייגעלעך אין בוזעם ניט לייגן... דאָס קאָן אונדז קאָסטן זייער און זייער טײַער... אַבע, האָסט אָפּגעדרוקט די בלעטלעך, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט?

— אָפּגעדרוקט.

— אַף אַ שרײַב־מאַשינקע?

— אַף אַ שרײַב־מאַשינקע...

— ווען קלערסטו זיי אויסקלעפּן?

— מעגלעך, נאָך הײַנט...

— פּינקטלעכער?

— הײַנט...

— כאַווײרים, מיר מוזן נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל דערקלערן דעם אוילעם, אַז מע טאָר ניט טרויען די דײַטשן. יעדער איינציקער פון אײַך פאַרמאָגט קרויווים און פרײַנט. זיי, ווידער, זײַנען אויך פאַרבונדן מיט מענטשן. דאַרף מען דאָס אויסנוצן. ווײַל אויב עס וועלן וועגן דעם וויסן צענדליקער, וועלן שוין וויסן הונדערטער... שטילערהייט, אָן איבעריקן טומל, דאַרף מען זיך לאָזן איבער די הײַזער, גיין פון שטוב צו שטוב און איבערגעבן אַלעמען, מע זאָל זײַן גרייט... טאָמער מאַכט זיך, אַז אין געטאָ רײַסן זיך אַרײַן דײַטשן און הייבן אָן טרײַבן פון די הײַזער, זאָל מען אין ערגעץ ניט גיין, זאָל מען זיך באַהאַלטן, ווו ווער עס קאָן... אַף בוידעמער, אין גריבער, אונטער כורוועס... ווו עס וועט זיך מאַכן... וווהין גיין, האָבן מיר נאָך ניט... מיט וואָס צו געבן אַ ווידערשטאַנד — אויך ניט. איז דאָס דערווײַל דאָס איינציקע, וואָס אונדז בלײַבט צו טאָן... אין אַזאַ לאַגע איז פּאַסיווער ווידערשטאַנד אויך ווידערשטאַנד...

אָשער האָט גערעדט און גלײַכצײַטיק באַטראַכט יעדן איינעם, וועלכע זײַנען געזעסן ארום אים אין אַן ענגן קרײַז, שיר ניט אָנרירנ־דיק איינער דעם אנדערן מיט די קני. ער האָט געטראכט וועגן דעם, אז פאר דער קורצער צײַט, וואָס ער איז פארבונדן מיט זיי, האָט ער נאָך ניט באוויזן יעדן פון זיי רעכט צו דערקענען... אין איין זאך איז ער דאָך זיכער געווען: ניט געקוקט אף דער פארשיידנקײַט פון זייערע כאראקטערן, לעבן זיי אַלע מיט איין און דעם זעלבן פארלאנג — אַלע שטרעבן נעקאָמע צו נעמען פון די דײַטשן. און נאָך האָט ער געטראכט, אז בא די אַלע צאָרעס, וואָס אים איז באשערט געווען אויסצושטיין אין לעבן, האָט ער נאָך פונדעסטוועגן מאזל צו מענטשן, און אז אויך דאָ האָט אים אָפּגעגליקט. אָפּט רופט בא אים ארויס א שמייכל, ווען ער דערמאָנט זיך, ווי ער האָט זיך באקאנט מיט מיכלען, ווי יענער האָט ניט געוואָלט לײַדן, אז ער זאָל אים העלפן פירן דאָס האנט־וועגעלע מיט די בעבעכעס, ווי שפּעטער אפילע נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך דורכגעשמועסט אפן בעסאַלמען, האָט מיכל אים פאראקשנט אויסגע־מיטן, געמאכט אזוי לאנג אַן אָנשטעל, אז ער זעט אים ניט, ביז מעד־רעש האָט זיי ניט צונויפגעפירט.

פונקט אזוי שטיל און פארזאָרגט, ווי ער האָט אָנגעהויבן, האָט אָשער פאַרענדיקט ריידן.

— נו, וואָס? וואָס קאָן מען נאָך טאָן? — האָט אבע געפרעגט. — ווויהין וועסטו זיך אהינטאָן מיט טויזנטער מענטשן?.. עפּשער וואָלט געווען א פּלאן אויסטיילן עטלעכע מענטשן, וועלכע זאָלן באדערנאכט אכטונג געבן אף דעם ארײַנגאנג אין געטאָ, אז טאָמער וואָס, זאָל מען באַלד צו וויסן געבן אַלעמען...

כאַים האָט אונטערגעהאַלטן דעם פּאָרשלאָג. ער האָט זיך שוין מער ניט געכאָכמעט. פונקט ווי אַלע, איז ער געווען ערנסט און פאר־דײַגעט. ער האָט פאָרגעלייגט די פּאראַנטוואָרטלעכקײַט פארן באוואכן דעם טויער ארופלייגן אף נאָכעמען, א זאָג געבנדיק:

— זאָל ער עס נעמען אף זיך. ער זוכט דאָך ארבעט...

נאָכעם האָט דערוף געענטפערט, אַז ער וואָלט מיט מער כיישעק געגאַנגען נעמען פאַרן האַלדז זעלינגערן אָדער פאַרענדיקן אַף דער וואָליקעס־פאַבריק דאָס, וואָס עמעצער האָט אַזוי ניט געלונגען אָנגע־הויבן. מע האָט אָבער באַשײַמפערלעך געזען: ער איז קאָנטעט דערפון, וואָס דער אויסוואַל איז געפאַלן אַף אים.

מאַרגוליסן האָט זיך זייער געוואָלט דערגיין, וואָס ווייסן די כעוורע וועגן דער סרייפע אַף דער וואָליקעס־פאַבריק, און וויבאַלד עס איז שוין געקומען צו רייד, האָט ער זיך געקליבן פרעגן, צי עס איז ניט די אַרבעט פון די אייגענע יאַטן. אויב ניט, איז ווער זשע, ווער האָט עס געקאָנט טאָן? צי איז אין געטאָ ניט טעטיק נאָך עפעס אַ גרופע, מיט וועלכער מע וואָלט זיך באַדאַרפט פאַרבינדן... ער האָט נאָך ניט באַוויזן צו פרעגן, ווי עס איז אויפגעקומען אַן אַנדער איניען, וועלכן מע האָט ניט געקאָנט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט: כאַיִם האָט אַרײַנגע־וואָרפן אַ וואָרט, צי וואָלט מען ניט באַדאַרפט ווידער פּרוּוון שיקן עמעצן אין ראַיאָן. עפשער וואָלט דאָס מאָל געווען מאַזלדיקער. די איבעריקע האָבן דערווידערט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז ביז מיכל וועט ניט קומען, איז ניטאָ וואָס צו ריידן וועגן דעם. אויך מאַרגוליס איז מאַסקים געווען דערמיט, אַז מע דאַרף עטלעכע טעג צוּוואַרטן. עס איז צו אומרויִק, מע זאָל עמעצן קאָנען אַרויסשיקן. און, דערמאָנענדיק זיך אָן מיכלען, איז אָשער פאַרומערט געוואָרן. איידער מיכל איז אָוועקגע־גאַנגען פון געטאָ, האָט אָשער געהאַט מיט אים אַ קורצן שמועס. ער האָט אים געבעטן זײַן זייער פאָרזיכטיק, ווי ווײַט מעגלעך זיך ניט פאַרזאַמען און זיך וואָס גיכער אומקערן אַהיים. ער האָט דערמאָנט מיכלען, אַז אין רוסישן ראַיאָן איז אויך זייער ניט רויִק, עס קומען דאָרט פאָר אָפטע אָבלאַוועס, מע כאַפּט יעדן, אַף וועמען עס פאַלט דער קלענסטער כשאַד, שוין אָפּגערעדט פון אַ ייִדן. מיכל האָט אים צו־געזאָגט, אַז ער וועט זײַן געהיט. פונדעסטוועגן האָט אָשערן געשראָקן דאָס, וואָס מיכל האָט זיך נאָך אַלץ ניט אומגעקערט. דערצו נאָך האָט נאָכעם צוגעגעבן, ווי זײַן שטייגער איז געווען, מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער:

—זאָלן אפּריִער אוועקגיין די, וועלכע מע האָט אָנגעמערקט... פאַרוואָס איז ביז איצט פרידליאַנד אין דער היים?

עס איז געוואָרן א ראַש.

— וואָס הייסט, ער איז אין דער היים? — האָט מאַרגוליס איבער־געפרעגט. עס האָט אים אַזש אופגעטראָגן פון אָרט.

— פרעג בא אבען. ער האָט אים דאָך געזאָלט אַרויסבאַגלייטן...

— פרידליאַנד האָט געזאָלט אוועקגיין אינדערפרי, מיט די קאָלאָ־נעס, וואָס גייען אף דער ארבעט. נאָר איבער דעם טומל, וואָס איז געוואָרן, האָט ער אָפּגעלייגט.

— וואָס הייסט, „ער האָט אָפּגעלייגט"? — איז אויך כאַים געוואָרן אויסער זיך. — אויב מיר זאָלן אלע גיין אף דעם וועג, וועט זיך שטענ־דיק אָפּזוכן א סיבע. ווי געפעלט עס אײַך? וואָסי, ער האָט געפּרוווט גיין און האָט ניט געקענט?

— ניין. ער האָט ניט געפּרוווט. ער האָט זיך געפילט ניט מיט אלעמען.

— א שפּאָגל־נײַע סיבע, — האָט נאָכעם אונטערגעכאַפּט, — לאָ־מיר ריידן אָפן. מיר זײַנען דאָ אייגענע מענטשן. עפּשער איז ניט אַזוי געגאַנגען אין דעם, וואָס עס איז געוואָרן א טומל, ווי אין דעם, וואָס בייס עס איז געקומען די צײַט צו גיין, האָט ער זיך פּאַשעט דער־שראָקן און איז געוואָרן מיטאַמאָל קראַנק. אַזוי, אבע, אָדער אים איז שווער געווען איבערצולאָזן די מישפּאָכע?

— איך ווייס ניט. איך בין ניט קיין דאָקטער. א מענטש זאָגט, אז ער פילט זיך ניט גוט, גלייב איך אים. מע קאָן ניט שיקן קיין קראַנקן מענטשן אין וועג. און וואָס איז שײַך דער מישפּאָכע... ווייס איך ניט, וואָס איז דער פאַרברעכן אַזוי גרויס... ס'איז דיר גרינג צו ריידן. דו האָסט ניט וועגן וועמען צו זאָרגן.

אין אבעס רייד איז געווען א סאַך עמעס. די צאָרעס, וואָס עס האָבן איבערגעלעבט אין געטאָ יענע, וועלכע האָבן פאַרמאָגט געזינדן, זײַנען ניט געווען צו פאַרגלײַכן. וואָס זיי זאָלן ניט געווען טאָן און וווהין מע

זאָל זיי ניט געווען שיקן, איז זייער האַרץ איבערגעבליבן אין דער היים. עס איז שווער, זייער שווער געווען צו באַשולדיקן פרידליאַנדן, אויב ער האָט ניט געקאָנט פּועלן בא זיך צו פאַרלאָזן זײַן ווײַב און קינד, ווען ער האָט דערזען, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין געטאָ. דאָך איז דאָס געווען ניט קיין דערלאָזבאַרע זאַך.

— ביסט ניט גערעכט, אַבע, — האָט אָשער האַרב געזאָגט, — וואַרפסט אויף נאָכעמען דאָס, וואָס ער האָט ניט קיין ווײַב און קיין קינדער. מיט די זעלבע רעכט קאָנסטו מיר דאָס אייגענע אָנוואַרפן. אָבער אויך מיר איז זייער ניט געפעלן, וואָס פרידליאַנד איז געבליבן אין דער היים. גלייב מיר, איך וואָלט אויך געווען צופרידן, ווען מײַן מישפּאָכע איז מיט מיר. צי וואָלט זיי דערפון עפּעס אַרויסגעקומען, דאָס ווייס איך ניט. מיר וואָלט אָבער געווען רויִקער. איך וואָלט כאָטש געוווּסט, ווו זיי זײַנען, ניט באַדאַרפט ליגן נעכט און טראַכטן, וואָס האָט געטראָפן מיט זיי. — אין מאַרגוליסעס בליק האָט זיך דערפילט אַ האַרטנעקיקע אַנטשיידנקײַט. — עס זײַנען פאַראַן צײַטן, ווען מע וואַרפט אַוועק ווײַבער און קינדער... מאָרגן קאָן דיר אויסקומען אויך אַוועקגיין אין וואַלד. וועסטו זיך אָפּזאָגן צו גיין איבער דעם, ווײַל מע וועט מיט דיר ניט מיטשיקן דײַן מישפּאָכע? העלף אונדז גאָט כאָטש פריִער אַוועקשיקן ערגעץ די מאַנצבלען, וועלכע קאָנען האַלטן אַ ביקס אין האַנט...

— נו, צו וואָס די אַלע רייד אײַערע? — האָט אַבע געפרעגט מיט פאַרדראָס. — שוין זשע ווייס איך אַליין ניט, ווו מיר האַלטן אין דער וועלט?

— ניין. איך מוז דיר זאָגן נאָכאַמאָל, אַבע, דו ביסט ניט גערעכט. מע האָט דיך באַפולמעכטיקט אַוועקשיקן אַ מענטשן, און אויב דאָס איז ניט געטאָן געוואָרן, איז אין דעם אויך דײַן שולד. איך וויל ניט וויסן פון קיין שום סיבעס, קיין שום טערוצים. וואָס איז עס? אַ שפּילכעלע? ער אַליין איז געקומען צו גיין און האָט געבעטן, אַז מע זאָל אים שיקן הינטער קוידאַנאָוו, ער ווייסט דאָרטן אַן אָרט, ווו רויטאַרמייער פון

זײַן װזװאָד האָבן באהאלטן געװער. װאָס זשע פארא טערוצים קאָנען זײַן?.. מאָרגן זאָל ער אומבאדינגט אװעקגײן. קײן נײַע מענטשן װעלן מיר ניט שיקן. אויב מוירע האָבן פארן טויט, דארף מען ביכלאַל ניט לעבן אף דער װעלט. קײנער װײסט ניט, װוּ קאָן פריִער טרעפן דער אומגליק, — אין געטאָ, צי ערגעץ אנדערש.

— עס װעט שוין אלץ זײַן רעכט.

— כ'װעל מאָרגן זײַן בא דיר. רײד זיך דורך מיט פרידליאנדן. באַ־װאָרן, אז מיר זאָלן מער פון דעם ניט האָבן קײן הארצװײטעק...

— איר מײנט, אז אָט גײט שוין פרידליאנד און ברענגט געװער? אויב עס איז ערגעץ־װוּ געװען, האָט מען דאָס ניט געלאָזט ליגן...

— דאָ האנדלט זיך װעגן דעם, אז ער האָט באדארפט אװעקגײן און האָט עס ניט געטאָן... נו, גענוג װעגן דעם. איך װיל אײַך פרעגן נאָך א זאך... א סװאָרע, אז מע װעט פארשמעלערן די געטאָ... עס קאָן זיך מאכן, אז מע װעט זיך דארפן איבערקלײַבן אף אנדערע גאסן. אויב דאָס װעט געשען, װעט מען זיכער אָפּשנײַדן די זײַטיקע גאסן, װאָס ליגן בא די דראָטן. מיר דוכט, אז מע װאָלט דעריבער באצײַטנס גע־דארפט אריבערטראָגן ערגעץ אנדערש סײַ דעם ראדיאָ־אפּאראט, סײַ די שרײַב־מאשינקע. װאָס זאָגסטו אף דעם, אבע?

עס האָט זיך אופגעעפנט די טיר, און אין שטוב איז ארײַן עטל. א צעטומלטע האָט זי דערציילט, אז ערגעץ שרײַט מען גװאלד...

אבע, װעלכער איז געזעסן נעענטער צו דער טיר און האָט זיך געפילט א ביסל שולדיק, איז ארויסגעגאנגען אין דרויסן זען, װאָס דאָרטן קומט פאָר. די איבעריקע האָבן זיך פון אָרט ניט גערירט. יעדער אײנער פון זײ האָט מיט הארצקלאפּעניש געטראכט װעגן דעם, אז עס הײבט זיך שוין, װײַזט אויס, עפּעס אָן א כאסענע. װען אבע איז צוריק ארײַנגעקומען, האָט צוזאמען מיט אים זיך ארײַנגעריסן פון דרויסן א קלינגערײַ פון אײַזנס, עמערס, שיסלען. מע האָט, קאָנטיק, געקלאפּט און געפויקט ניט גאָר װײַט. נאָר איבער דעם װינט זײַנען

די קלאנגען געווען ווי צוגעדעמפט. גיכער ווי אלץ איז עס געווען א געד ווינלעכער אָנפאל, וואָרעם באלד האָט די קלינגערײַ אופגעהערט. פונ־ דעסטוועגן האָט מען באשטימט מער ניט פארציִען די קליינע באראטונג. פאַרלויפיק זיך צונויפגערעדט, ווו ווען מען איינע די אנדערע קאָנען געפינען, האָט מען זיך גענומען פאנאנדערגיין.

ערשט איצט האָט זיך כאיִם צוגעזעצט צו אָשערן און געבעטן, ער זאָל אים אויסהערן.

— עס איז פאראן א מענטש, וואָס קלײַבט זיך פאָרן הינטער ווי־ לייקע. עפשער זאָל מען עס אויסנוצן?

— וואָס איז עס פאר א מענטש?

— די טעג איז צו די דראָטן געקומען צו גיין אן אײַזנבאנער, דער מומעס א שאָכן, רודאָוויטש איז זײַן פאמיליע, און האָט איבערגעגעבן א צעטעלע וועגן דעם, אז אף א סטאנציע, הינטער ווילייקע, האָט ער געטראָפן דער מומעס איידעם אויסלאָדן טאָרף. איצטער וויל עסטער, מײַן שוועסטערקינד, פאָרן אהין אים זוכן. זי איז געווען בא רודאָוויטשן, האָט ער איר צוגעזאָגט מיטנעמען, ווען ער וועט פאָרן מיט דעם מארשרוט. עפשער וואָלט קעדײַ געווען זיך דורכריידן מיט איר, זי זאָל שוין פארײנס פרווון א שמעק טאָן, וואָס הערט זיך אין יענע קאנטן?..

— וואָס איז עס פאר א ווײַבל? מע קאָן זיך אף איר פארלאָזן?

— אף איר, אף עסטערן? אָ, זיכער... זי איז טאקע יונג. קימאט א קינד. זי ווייסט אָבער, וואָס זי וויל. זי האָט זיך אײַנגעשמועסט, אז זי מוז געפינען פראָימען. וועט זי שוין אלץ טאָן אים צו געפינען.

— טו מיט איר א רייד. דערצייל איר ניט קיין מײַסעס. גיב נאָר אָנצוהערן, אז עס זײַנען פאראן יאטן, וואָס ווילן אוועקגיין פון געטאָ. זאָל זי זיך דערוויסן, עפשער קאָן מען אהין גיין...

איצט האָט זיי שוין בעפיירעש קיין זאך מער ניט פארהאלטן און

מע האָט געקאָנט אוועקגיין. דערצו האָט אויך אבע א ווונק געגעבן צו כאימען:

— לאָמיר גיין. אין דער היים קער מען שוין ארויסקוקן אף אונדז.

אבע האָט קיינעם גאָרניט געוואָלט דערציילן. נאָר ווערדליק ער האָט זיך געקאָנט מעשאער זײַן, האָט מען עס געקלונגען ניט ווײַט פון זאמקאָווע... ער האָט שוין גיכער געוואָלט זײַן אין דער היים.

זיי האָבן נאָך ניט באוויזן ארויסגיין פון שטוב, ווי עס איז ארײַן אידע פארבער, און מע האָט זיך אומגעקערט צוריק.

## 2

ווי נאָר אידע איז אריבערגעטראָטן די שוועל, האָט זי זיך אוועקגעזעצט און גענומען צעבינדן דאָס טיכל אפן קאָפּ. די מאנצבלען האָבן מיט אומגעדולד געקוקט אף איר, געוואָלט וויסן, וואָס פאר א נײַס זי האָט געבראכט.

די ווארטעניש האָט זיך אָבער פארצויגן: צופיל האָט זי זיך געפּאָרעט מיט איר טיכל. אָשערן האָט עס סאָפּקאָלסאָף ארויסגעבראכט פון געדולד און, אן אופגערעגטער פונעם ווארטן, האָט ער געפרעגט:

— וואָס ביסטו פארפאלן געוואָרן? האָסט זיך כאָטש געטראָפן מיט אלפעראָוויטש? — טייקעף האָט ער אָבער דערפילט, אז דאָס מיידל איז געקומען ניט מיט ליידיקן, אז זי האָט עפּעס צו זאָגן, עס איז איר בלויז מוירעדיק שווער אָנצוהייבן דערציילן. האָט ער כאראָטע געהאט, וואָס ער האָט זי אונטערגעטריבן, און געפרווט זיך פארענטפערן. — דו ווייסט דאָך, מיר ווארטן אף דיר...

נאָר כאפן צוריק איז שוין געווען שפּעט. זײַנע פראגן האָבן אין איר עפּעס אָנגעריירט. און, ווי זי האָט געהאלטן דאָס אראָפּגענומענע טיכל אפן שויס, האָט זי מיט דעם פארדעקט זיך דאָס פּאָנעם און אזוי געבליבן זיצן, ניט ארויסלאָזנדיק קיין קלאנג.

„עס פעלן נאָך איצט ווײַבערשע טרערן", — האָט מארגוליס מיט שרעק א טראכט געטאָן, קוקנדיק אפן מיידל, און א גרויסער צאר האָט

זיך אויסגעלייגט אף זײַן געזיכט. ער האָט פון טאָמיד אָן ניט געקאָנט אריבערטראָגן קיין פרויען־טרערן, און איצט האָט ער באזונדערס מוירע געהאט, אז עס זאָל זיך ניט פאנאנדערוויינען דאָס שוויַגנדיקע מיידל, וואָס איז אים געווען צום הארצן דערמיט, וואָס ער האָט פון איר די גאנצע צײַט קיין זיפץ ניט געהערט; ווהין מע האָט זי געשיקט, איז זי געגאנגען, וואָס מע זאָל איר ניט הייסן טאָן, האָט זי געטאָן.

ער האָט געוואָלט פארלויפן דעם וועג, האָט אפגיך א זאָג געגעבן: „מע דארף ניט וויינען... ווען איך ווייס, אז עס וועלן העלפן טרערן, וואָלט איך אליין אויך עפשער זיך גוט אויסגעוויינט", — און געוואָלט באפרײַען דעם קאָלנער פון איר מאנטל, וועלכער האָט זיך א ביסל פארבויגן אינווייניק און נאָך מיִעסער געמאכט דעם בעגעד, וואָס האָט שוין אזוי אויך אויסגעזען אָפּגעפליקט אָן דעם פוטער, וועלכן עס איז אויסגעקומען אראָפּרײַסן און אוועקגעבן די דײַטשן. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס טוט מען, ווי באַרויִקט מען אידען. ער האָט בלויז ווייך און קימאט מיט געבעט צוגעגעבן:

— מע דארף ניט וויינען. וואָס איז דען אזוינס געשען?..

זי האָט גאָרנישט ניט געענטפערט, איז אלץ געזעסן, ווי פריִער, פארדעקט דאָס פּאָנעם מיטן טיכל און עטוואָס אָנגעבויגן דעם קאָפּ אזוי, אז ער האָט געפילט דעם רייעך פון אירע האָר. ווער ווייסט, וואָס זי האָט געזען פאר זיך אין אָט דער רעגע. עפשער האָט זי געזען, ווי מע טרײַבט ארײַן די אײַנוווינער פון געטאָ אין וואגאָנען און מע פירט זיי אוועק ערגעץ; ווי מע יאָגט דורך וויסטע פעלדער, אין שניי און קעלט, א סאך מענטשן, צווישן זיי אויך איר אלטע מוטער מיט די שוועסטער; און עפשער האָט זי גאָר געזען, ווי מע נעמט אראָפּ דעם פאָטער פון דער מאשין. ער קאָן שוין אליין מער ניט גיין. מע פירט אים אונטער די הענט, און עס שלעפּן זיך אים נאָך די פיס, ווי געליימטע.

ווען זי האָט אָבער אָפּגענומען דאָס טיכל פון פּאָנעם, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אירע אויגן זײַנען טרוקן, דאָס פּאָנעם — אָפּגעצערט

און פארשארפט. בלויז אין איר שטים האָבן זיך דערפילט ספּאַזמעס, ווען זי האָט א זאָג געטאָן:

— איז ניט געשען היַינט, וועט געשען מאָרגן. איר זעט דאָך, צו וואָס עס גייט...

— וואָס? — האָט אבע איבערגעפרעגט. — וואָס ווייסטו? רייד ניט קיין האַלבע ווערטער...

און דאַן איז זי בײַגעקומען דעם שוידער, וואָס האָט געמאַכט ציטערן אירע ליפּן; זי האָט אָנגעהויבן דערציילן, וואָס זי האָט זיך דערוווּסט פונעם פעטער.

זי האָט גערעדט קורץ, מיט אָפּגעהאַקטע פראַזעס, ווי זי וואָלט פאַר איין מאָל געוואָלט אויסשיטן אַלץ, וואָס זי האָט זיך דערוווּסט. דערפון איז איר אָבער גרינגער ניט געוואָרן. ניט פריִער, ווען זי האָט גערעדט, ניט שפּעטער, בייס זי איז ווידער אנשוויגן געוואָרן. וואָס לענגער עס האָט געדויערט דאָס שווײַגן, אַלץ מער איז אין איר געוואַקסן דער צאָרן. זי האָט פארשטאַנען, אַז דאָס, וואָס זי האָט זיך דערוווּסט, איז בלויז א טראָפּן פון דעם יאַם לײַדן, וועלכע שטייען זיי פאָר... און דאַן האָט זי מיט א פארוואָרגענעם האַלדז פון ווייטעק און פּײַן אויסגעשריִען:

— ווען עס איז כאָטש דאָ וווּהין צו אנטלויפן! איר זײַט דאָך מאַנצבלען. שוין זשע קאָנט איר עפּעס ניט צוטראַכטן? מע זאָגט, אַז אין די וועלדער ארום האָבן זיך באַוויזן פּארטיזאַנער. לאָמיר גיין זיי זוכן... לאָזט מיך אָפּ! איך וועל גיין אין זאַסלאַווער ראַיאָן. מיר איז דאָרטן אויסגעקומען צו זײַן. איך ווייס גוט די געגנט ארום... מיר מוזן דאָך געפינען עפּעס אַן אויסוועג...

מארגוליס האָט זיך באַמיט זי צו באַרויִקן:

— געוויס... געוויס וועלן מיר אַזוי טאָן... דאָס איז דאָך אָבער גאָרניט אַזוי פּאָשעט, ווי דו מיינסט...

דערבײַ האָט ער געטראַכט וועגן דעם, אַז זי, אידע, שטעלט זיך ניט פאָר, מיט וואָס פאַרא שוועריקײַטן דאָס אַלץ איז פארבונדן. עס איז לײַכט צו זאָגן: גיין זוכן פּארטיזאַנער... וווּהין גיין? וויִאַזוי גיין,

ווען אלע וועגן זײַנען פארצאמט. ער האָט איר אויך ניט דערמאָנט, אז זיי האָבן שוין עטלעכע מאָל ארויסגעשיקט מערראגלים אין ראיאָן און אז ביז איצט האָט קיינער פון זיי זיך ניט אומגעקערט. נײן, צוליב וואָס דאָס אלץ דערמאָנען, אז סײַוויסײַ וועט מען ווידער און ווידעראמאָל גיין, באַדײַ מע זאָל אפילע אומקומען?..

ווען שפעטער מיט א ווײַלע האָט אידע גענומען דערציילן דאָס, וואָס אלפעראָוויטש האָט איר געהייסן איבערגעבן וועגן קאזשדאנעץ, אז ער איז געקומען צו גיין צו איר אהיים און פאַרגעלייגט זײַן הילף, האָט מארגוליס זיך איבערגעקוקט מיט אבען און מיט כאַימען. זיי האָבן זיך דערמאָנט אין נאָכעמס פּלאן צו גיין און ארויסרײַסן עפּעס בא דעם יודענראט. מארגוליס האָט א טראכט געטאָן, אז וואָר ווייסט, עפשער האָט שוין דער פּאָליציייִשער הונט עפּעס דערשמעקט, וואָרעם ניט אומזיסט האָט ער זיך דאָך געווענדט גראָד צו אלפעראָוויטש און ניט צו קיין אנדערן.

אידען האָט אָבער אָשער ניט דערציילט, וואָס פאר א כשאד בא אים איז אופגעקומען. ער האָט זי בלויז געבעטן טייקעף איבערגעבן אלפעראָוויטש, יענע זאָל זיך האלטן וואָס ווײַטער פון קאזשדאנעץ, אָבער ניט אופהערן נאָכצושפּירן, וואָס עס טוט זיך אין יודענראט. טאָמער וועט מען דאָרט באקומען נײַע פאַראָרדענונגען, זאָל זי באלד וועגן דעם לאָזן וויסן.

ריידנדיק מיט אידען, האָט אָשער ניט אופגעהערט צו טראכטן וועגן דעם שעף פון דער יידישער פּאָליציי, וועגן דעם, אז ווען עס ווײַזט זיך ארויס, אז יענער איז בעעמעס א סאָוועטישער מענטש און ער וויל טאקע עפּעס ברענגען נוצן, וואָלט עס געווען פאר דער גרופּע א געווינס. דער פּלאן פון צוציִען קאזשדאנעץ אף דער זײַט פון דער גרופּע האָט אי געלאָקט, אי א ביסל געשראָקן. און סאָפקאָלסאָף האָט ער ניט אויסגעהאלטן און א פרעג געטאָן, צי איז עמעצער, אויסער אלפעראָוויטש, באקאנט מיט אָט דעם קאזשדאנעץ און וויאזוי זאָל מען זיך דערוויסן, וואָס פאר א מענטש ער איז.

אבע האָט באקומען אזא זויער פּאָנעם, ווי ער וואָלט אָנגענומען א פול מויל מיט עסיק. כאַים האָט א ווײַלע געטראכט, ווי טאָמיד, איידער ער דארף עמעצן ענטפערן, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— עס זײַנען פאראן מענטשן, וועלכע קענען אים. ער איז דאָך א היגער. מע קאָן פרעגן וועגן אים בא אונדזער סימען.

— ווער איז די סימע?

— מײַן שוועסטערקינד. זי איז פארוואלטערן אינעם קינדער־היים. אז עס ווערט א טומל אין געטאָ, קומט קאזשדאָן אָפּט צו לויפן אהין איבערזיצן די בעהאָלע. וועסט מאָרגן זײַן בא אבען, גיי ארײַן צו אונדז, וועל איך דיך באקאנען מיט איר...

— זי ווייסט, אז מיר טוען עפּעס?

— איך דערצייל קיינעם גאָרניט. אָבער זי שטויסט זיך אָן. אָפּט גיב איך איר לייענען סוואָדקעס... איך האָב איר לענגער געבעטן, זי זאָל פארגרייטן מעדיקאמענטן. זי איז דאָך א דאָקטערן. איז באקענט מיט מעדיקער. האָט זי מיר געענטפערט: „זאָג מיר נאָר, כאַימקע, וואָס איר דארפט, וועל איך אײַך אלץ קריגן“...

ווען אלע זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען, איז פון דרויסן ארײַנגעקומען עטל מיט ריוועלען. די מוטער האָט פארהאנגען דאָס פענצטער און אָנגעצונדן א קאנעצל. זי האָט עס געטאָן זייער שטיל, ניט צו שטערן מארגוליסן, וועלכער האָט אלץ געווארט אַף מיכלען.

אין שטוב איז אינגאנצן שטיל געוואָרן, אלע זײַנען שוין געשלאָפן, מארגוליס האָט זיך אופגעהויבן, פארלאָשן די שײַן, איז צוגעגאנגען צום פענצטער, אראָפּגענומען דעם פאָרהאנג.

אין דרויסן האָט זיך קיין ברעקל שײַן ניט געזען, דער ווינט האָט געריסן דעם דאך, געקלאפּט ערגעץ מיט א לאָדן.

די נאטור האָט זיך געטאָן פלײַסיק איר ארבעט און ניט געוואָלט וויסן ניט פונעם מענטשן און ניט פון זײַנע נויטן. און אומהיימלעך, ביז גרויל, איז געווען צו טראכטן וועגן דעם, אז ערגעץ אין אָט דעם ווילדן, פינצטערן, הארבסטיקן דרויסן, אין בעץ און אין קעלט, וואָגלען

אום מענטשן. און דאָך איז ער יענע מענטשן מעקאנע געווען... ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי מע רײַסט זיך ארויס פון הינטער די דראָטן און מע גייט אוועק אין די וועלדער. און אַן אומויסשעפּלעכע קראפט איז געווען אין דעם געדאנק, וואָס האָט אים אַלץ מער באהערשט: „אויב אפילו א קלײנער טייל פון די, וואָס זײַנען דאָ געבליבן, וועלן זיך ארויסרײַסן פון געטאָ און זיך נעמען פאר געווער, איז שוין אויך אַלץ בארעכטיקט, אפילו די קאָרבאָנעס, וואָס וועלן דערבײַ זײַן“...

ווען עס האָט זיך דערהערט א שיסערײַ און אָשערן האָט זיך דערלאנגט א מאָל אויס, אז דאָס קער מען אזוי באגעגענען עמעצן, וואָס פרוווט דורכקריכן דורך די דראָטן, האָט ער זיך אַליין אײַנגערוימט, ווי א סאָד, וואָס מע קאָן בלויז די ווענט פון דער אייגענער שטוב אָנטרויען:

„מע דארף גרייטן מענטשן... גרייטן געווער, קליידער, עס זאָל זײַן מיט וואָס צו שיקן מענטשן אין וואלד... ניט אַלעמען וועלן זיי דאָך אומברענגען...“

ווײַזט אויס, אז פון טראַכטן לאנג וועגן איינס און דאָס זעלבע האָט זיך אָשערן דערגאָך שוין א גאנצע נאכט אין כאָלעם געפּלאָנטערט, אז ער קריכט ערגעץ ארויס פון אונטער די דראָטן; נאָר יעדעס מאָל, וואָס ער דערפילט זיך אף דער פרײַ, וואקסט ווידער אויס פאר אים שטעכדראָט און אים קומט אויס ווײַטער פויזען איבער דער ערד.

גאנצפרי, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אז די דײַטשן זײַנען געקומען נאָך ארבעטער, ווי טאָמיד, און אלע האָבן זיך געלאָזט צו דער ארבעט, האָט ער זיך אָנגעטאָן און איז אוועקגעגאנגען אף זאמקאָווע. ער האָט געוואָלט אַליין דערקונדיקן זיך, צי איז פרידליאנד אוועקגעגאנגען. ער, אָשער, פערזענלעך האָט ניט געגלייבט ניט דעם קאָמענדאנט און ניט זײַנע צוזאָגן, אפילו דעמלט, ווען יענער האָט זיי, קלוימערשט, אויסגעפילט. כאָטש באם יודענראט און באם טויער זײַנען, ווי שטענדיק, געווען א סאך מענטשן און עס האָט זיך געפילט א שטיקל אופלעבונג, האָט אָשערן דער אומרו ניט אָפּגעלאָזט.

# קאפיטל דרײַצן

## 1

ניט ווײַט פונעם מויערל, ווו מעדרעש האָט געוווינט, האָט מארגוליס דערזען כאַימען. ער איז געווען ניט אַליין. מיט אים איז געגאנגען א דארינק ווײַבעלע, לויטן אויסזען נאָך גאָר א קינד, מיט געלע לאטעס אף דער ברוסט און אף דער פּלייצע. ווי אַלע, וועלכע גייען ארבעטן אין שטאָט, האָט זי געטראָגן א טאָרבעלע פון א קעגנגאז־מאסקע אף דער זײַט. אין אַלדעם איבעריקן איז זי געווען ענלעך צו א פּויערטע: אין שטיוול און אין עפּעס א פופײַקעלע, מיט א געבלימלט טיכל אפן קאָפּ.

ניט וועלנדיק זיי שטערן, איז אָשער אריבערגעגאנגען אף דער אנדערער זײַט גאס.

כאַים האָט א ביסל באגלייט דאָס ווײַבל, דערנאָך האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און זײַנען געשטאנען א ווײַלע. נאָר אָט האָט זיך כאַים אויסגעדרייט און איז אוועק צוריק. און זי, ניט אומקוקנדיק זיך אפילע, האָט זיך געלאָזט ווײַטער, צום טויער, אהין, וווהין עס זײַנען געגאנגען א סאך מענטשן און ווו מע האָט שוין אַלעמען אויסגעשטעלט אין קאָלאָנעס, קעדיי ארויספירן פון געטאָ.

צוגעוואַרט, ביז כאַים האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט אים, האָט מארגוליס אים א רוף געגעבן, און זיי זײַנען צוזאמען אוועקגעגאנגען.

— איך האָב ערשט ארויסבאגלייט עסטערן, — האָט כאַים זיך אָנגערופן, א צופרידענער דערפון, וואָס ער האָט דערזען מארגוליסן, און צוגעגעבן ווי צו זיך אַליין:

— וויאזוי דארף מען עס ליב האָבן א מענטשן, אז מע זאָל אזוי פאר אים אײַנשטעלן דאָס לעבן?

— ווויל איז צו אים, — האָט מארגוליס זיך אָפּגערופן ניט קיין

פריילעכער; ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, וואָס עס קאָן איצט איבער־לעבן זײַן אייגן ווײַב, וועלכע ווייסט אפילע ניט, וווהין ער איז אהינ־געקומען. — געטרײַע פרויען זײַנען פאראן א סאך. די צאָרע איז נאָר, וואָס, ווען מיר זײַנען לעבן זיי, שעצן מיר עס אָפט ניט אזוי ווי מע דאַרף... — און ער האָט געפרעגט וועגן עסטערן: — זי איז אוועקגע־גאנגען פונדעסטוועגן אָן דעם קינד?..

— רייד שוין ניט, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן דעם גאנצן פרי־מאָרגן, ביז מע האָט עס בא איר געפּועלט.

— האָסט כאָטש באוויזן זיך דורכריידן מיט איר?

— ווי זשע דען?

— האָסט איר באדארפט זאָגן, אז זי וואָלט אופגעטאָן א גרויסע זאך, ווען זי דערוויסט זיך עפּעס.

— איך האָב געזאָגט... איך האָב זי געבעטן, אז טאָמער מאכט זיך, זי דערוויסט זיך, וווהין מע קאָן גיין, זאָל זי פאַרגעדענקען דעם וועג, די נעמען פון די דערפער און אפילע אין וועלכע הײַזער מע קאָן ארײַנגיין זיך אָנוואַרעמען.

א שטיקל צײַט זײַנען זיי געגאנגען שווײַגנדיק. דערנאָך האָט כאַים פאַרקערעוועט אף רעכטס אין א ליקל, וואָס האָט געפירט צום טײַך, און האָט געפרעגט בא מארגוליסן, צי יענער וועט מיטגיין: ער, כאַים, האָט אָפּגערעדט מיט עסטערן, אז ווען זי וועט שוין זײַן אף יענער זײַט, זאָל זי זיך לאָזן פאַזע דעם טײַך, ער זאָל זען, אז זי איז בעשאָ־לעם אריבערגעקומען. מארגוליס איז אוועק מיט אים.

זיי זײַנען געגאנגען, און די שײַן פון דער זון, וועלכע האָט זיך נאָך אזויפיל כמארנע, רעגנדיקע טעג ענדלעך באוויזן, האָט זיך גע־שפּרייט אונטער די פיס, געפינקלט אין די שויבן פון די הײַזער, וואָס זײַנען געשטאנען אפן הויכן ברעג. זיי זײַנען געגאנגען הארט בא די דראָטן, וועלכע זײַנען געבליבן פון רעכטס, און געקוקט אפן צווייטן ברעג, וואָס איז נאָך אַלץ געווען אין שאָטן. דאָרט, אפן צווייטן ברעג, האָט שוין פון גאנצפרי געראשט און געטומלט. עס זײַנען געפאָרן מא־

שינעס, געגאנגען מענטשן. מיטאמאָל האָט כאַים שטיל, אָבער מיט אזא טאָן, ווי עס וואָלט אים א שטיין אראָפּ פון הארצן, א זאָג געטאָן: „אָך־אָ גייט זי!״ עסטער איז געגאנגען גלײַך, קלוימערשט ניט לייגנדיק קיין אכט אף קיינעם, זי האָט ניט געקוקט אין דער זײַט פון געטאָ. כאַים האָט באמערקט, אז די געלע לאטעס זײַנען שוין אף איר ניטאָ.

אבע איז אין דער היים ניט געווען. זיך דערוווּסט פון בערטען, אז ער איז גאנצפרי ערגעץ אוועקגעגאנגען, האָט כאַים פארבעטן אָשערן צו זיך.

ווי טאָמיד אינדערפרי, ווען מע באווײַזט נאָך ניט צוראמען אָדער עס איז פּאָשעט דער קאָפּ ניט דערבײַ, איז אין שטוב בא די וואָלאָכס געווען אָנגעוואָרפן און אָנגעשלײַדערט. און שוין פונעם ערשטן בליק, וואָס מארגוליס האָט געוואָרפן, ווען כאַים האָט פאר אים געעפנט די טיר, האָט ער דערפילט, אז דאָ איז נאָך אלץ פול מיט עסטערס אוועקגיין. די אלטע, איר מוטער, איז געשטאנען באם פריפעטשיק, עפּעס געזאָטן אף עטלעכע שפּענדלעך און פאר זיך אליין אויסגערעדט דאָס הארץ. דורך דער אָפענער טיר האָט זיך געזען א בעט אונטער א האלב אראָפּגעלאָזענעם פאָרהאנג, אף וועלכן עס איז געזעסן די „צאצע״ און עפּעס געשטריקט.

דער ערשטער, אף וועמען אָשער האָט זיך אָנגעשטויסן, בייס ער איז אריבערגעטראָטן די שוועל, איז געווען מישקע, וועלכער האָט געהאלטן אין שפּאלטן א שײַט האָלץ אף שפּענדלעך. זייער באקאנטשאפט איז געשלאָסן געוואָרן אף אזא אייגנארטיקן אויפן, אז אָשער האָט זי פארגעדענקט אף לאנג. ארײַנקומענדיק, האָט ער זיך אָן עפּעס פארטשעפּעט, האָט א כאַפּ געגעבן מיט ביידע הענט די לופט, און ווען דערבײַ איז ניטאָ מישקע, וואָלט ער געוויס געפאלן. לעכאטכילע האָט זיך מישקע אויך געהאט אף א רעגע פארלאָרן, האָט ניט געקאָנט פארשטיין, וואָס קומט דאָ פאָר און ווער האָט זיך עס אזוי שווער אָנגעלייגט אף זײַן אקסל. ער האָט בייז א בליק געגעבן מיט די אייגלעך און מיט אזא רוגזע אראָפּגעוואָרפן אָשערס האנט, אז יענער האָט א טראכט

געגעבן: „אַט אַ בייז יינגל". נאָר אַט האָט מישקע דערזען, ווער עס שטייט פאַר אים. באַקאַנט איז ער מיט אים טאַקע ניט, אָבער קענט־לעך איז ער אים יאָ. ער, מישקע, האָט שוין עטלעכע מאָל באַמערקט אָט דעם מענטשן אַרײַנקומען צו אָבען. וויפל מאָל האָט געטראָפן, אַז פּונקט דעמלט, ווען ער איז געקומען, האָט זיך צו די וואַלאַכס אין שטוב אַרײַנגעשאַרט אַבע אָדער זײַן בערטע, קלוימערשט לײַען עפּעס, און מיט אַ ווונק אַוועקגערופן צו זיך כאַימען. כאַים דערציילט קיינעם ניט, וואָס טוען זיי דאָרט בײַ די מעדרעשעס, וואָס מע איז אַזוי געהיט. פּרווו נאָר אַ גיי טאָן דעמלט איבער די טרעפּ, באַלד גיט אַ שטעק אַרויס בערטע דעם קאָפּ פון הינטער דער טיר, ווי זי וואָלט שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך. אייניקע מאָל האָט מישקע דעם יונגנמאַן אויך באַמערקט באַם יודענראַט, ווו ער, מישקע, האָט ליב זיך אַרומצודרייען צווישן דעם אוילעם. ער גייט זיך אום, אָט דער־אָ, אַמאָל אַליין און אַמאָל מיט מיכל אַבעליעוון, מיט מעדרעשן, מיט כאַימען, אַלץ מיט איינע און די זעלבע מענטשן, און יעדעס מאָל, וואָס ער, מישקע, האָט זיי געזען, האָט ער זיך געכידעשט, ניט געקאָנט פאַרשטיין: פונוואַנען קומט עס, וואָס סײַ אַבע מעדרעש, סײַ אַבעליעוו און סײַ כאַים האָבן גרויס אָפּשײַ פאַר אָט דעם מענטשן, וועלכער האָט זיך, דוכט זיך, מיט גאָרנישט ניט אויסגעטיילט פון אַנדערע.

נאָר גיין עמעצן פרעגן פאַרוואָס, וועט ער דאָך ניט. נעמט ער זיך ווידער פאַר זײַן פריערדיקער מעלאָכע, קעדיי צו פאַרענדיקן מיטן האַלץ.

ווען כאַים איז אַרײַנגעגאַנגען, האָט זיך די אַלטע אַ לאָז געטאָן צו אים:

— נו, וואָס הערט זיך?

כאַים האָט זי אַ גלעט געטאָן איבער דער אײַנגעהויקערטער פּלייצע און זי געטרייסט:

— עס וועט אַלץ זײַן גוט, מומע, זאָרגט זיך ניט. איר זידט בע־סער אויף אַ גלעזל טיי, וועלן מיר זיך אַ ביסל דערוואַרעמען.

— אז אָך און ווי צו אונדזער „גוט"... — האָט זי אים געענט־פערט. — אז מע דארף מוירע האָבן א גאס דורכצוגיין...

כאַים האָט שוין וויפל מאָל באמערקט, אז מארגוליס איז א שע־מעוודיקער. קומט ער נאָר אריַין אין א פרעמדער שטוב, פילט ער זיך געענגט. דעריבער האָט ער אים געלאָזט א ביסל זיך ארומזען, ניט פאָרגעלייגט אפילע אויסטאָן דעם מאנטל. זיי זײַנען אריַין אינעם ערשטן צימער, ווו עס איז קיינער ניט געווען. דאָ איז געשטאנען א היפשער עס־טיש, א קרעדענץ מיט געפעס, קימאט ווי אין א שטוב, ווו מע האָט זיך ניט גערירט פונעם אָרט. עמעס, אלץ איז געווען פאר־לאָזט, אן אומעט איז געלעגן אין אלע ווינקעלעך, אפילע אף דעם ניט פארבעטן בעט, ווו עס איז געלעגן עסטערס איפעלע.

— איך האָב געמיינט, — האָט מארגוליס אָנגעהויבן, ווי נאָר ער האָט זיך אוועקגעזעצט און דערזען, אז קיינער שטערט זיי ניט, — אז מיכל איז שוין אין דער היים, האָב איך צוגעשיקט א מענטשן אהין... ווײַזט זיך ארויס, אז ער איז נאָך ניטאָ. דאָס לאָזט מיך ניט רוען. צי איז מיט אים, כאָלילע, עפּעס ניט געשען...

— עפשער וואָלט מען באדארפט זיך אריבערכאפּן צו די סארי־טשעווס, זיך דערוויסן, צי איז ער געווען בא זיי, צי ניט?

— איך ווייס אליין ניט, וואָס מע טוט.

— לאָמיר צוווארטן נאָך א ביסל.

— לאָמיר צוווארטן...

די אלטע האָט אוועקגעשטעלט אפן טיש צוויי גלעזער טיי. כאַים האָט דערלאנגט עטלעכע שטיקלעך ברויט אין א טעלער, סאכארין. מארגוליס האָט געקוקט, ווי די קליינינקע טאבלעטקע סאכארין צע־גייט אין דער גלאָז זודיקער טיי, וואָס ער האָט געהאלטן אין ביידע הענט, און, זופנדיק צוביסלעך, געוואַרעמט די פינגער.

ער האָט זיך נאָך אלץ ניט אויסגעטאָן, בלויז צעשפיליעט די פאלטאָ. ער איז ווידער, ווי אמאָל, געווען דער אייביקער וואנדערער, וועלכער ווייסט ניט פון קיין טקומע.

כאַיִם האָט דער ערשטער געענדיקט טרינקען און זיך געוואָלט אופהייבן. נאָר אָשער האָט אים געבעטן זיצן. ער האָט אים שטילערהייט געפרעגט צווישן איין זופּ און דעם אנדערן:

— קענסט זיך ניט פּערזענלעך מיט רודאָוויטשן?

— ניין.

— א שאָד. א גרויסער שאָד. ווייסט ניט, וואָס רעדט מען וועגן אים? עס איז עפּעס א ווילער מענטש?

— די מומע האלט פון אים א וועלט. אזויפיל יאָרן אָפּגעלעבט א שטוב לעבן א שטוב, און אויסער גוטס האָבן זיי פון אים גאָרנישט ניט געזען...

— ווי מיינסטו, עס וואָלט ניט קעדײַ געווען זיך מיט אים נעענטער באקאנען?

— איך האָב שוין אליין אויך דערפון געטראכט. נאָר וויאזוי טוט מען עס? סײַדן בעטן סימען, זי זאָל אונדז העלפן.

ווידער די סימע. „אלע וועגן פירן צו איר, — האָט מארגוליס גוט־מוטיק א טראכט געטאָן, — וועגן קאזשדאנען אייצעט ער פרעגן בא סימען, ריידן מיט רודאָוויטשן — ווידער סימע". וואָס איז דאָס פאר א סימע? ער וואָלט שוין טשיקאווע געווען זי צו זען.

— אז רודאָוויטש וועט קומען צוריק מיט עסטערן, וועל איך פרווון צושיקן סימען, זי זאָל זיך מיט אים דורכריידן, — האָט כאַיִם באשלאָסן. — ווען ער קאָן נעמען מיט זיך עמעצן, וואָלט עס געווען פאר אונדז א גרויסע זאך...

זיי זײַנען אנשוויגן געוואָרן. א דערוואַרעמטער פון דער טיי, האָט מארגוליס אָנגעהויבן דרעמלען, נאָר באלד האָט ער זיך אופגעכאפּט און זיך פארענטפערט, אז א גאנצע נאכט האָט ער ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג. דערווײַל האָט זיך דאָס קינד צעוויינט. די אלטע האָט זיך געלייגט מיט דעם אין בעט און געגומען עס פארוויגן. כאַיִם איז ארויס־געגאנגען מיט אָשערן אין פאָדערצימער, האָט אים צוגעפירט צום די־וואן, וואָס איז געשטאנען אנטקעגן אויוון, באם סאמע ארײַנגאנג אין שטוב, און פאָרגעלייגט זיך צולייגן.

— ווּעסט קיינעם ניט שטערן, — האָט ער געזאָגט, — דאָ שלאָפט מישקע...

— נו, אויב דאָס איז מישקעס אָרט, מעג מען, — האָט אָשער אים געפאָלגט, זיך צוגעלייגט, צודעקנדיק זיך מיט דער פאַלטאָ.

אַף די טרעפּ האָט עמעצער געהוסט, ווי פון אַ פאַס אַרויס. און איידער בא אָשערן האָבן זיך צונויפגעקלעפּט די וויִעס, האָט ער נאָך באַוויזן צו פרעגן, ווער דאָס הוסט אַזוי.

— דער פורמאַן, מיסטאַמע, — און כאַיִם האָט אינקורצן דער־ציילט: — אויבן, איבער אונדז, לעבט אַ פרוי מיט קינדער, דער מאַן אירער איז אַ רוסישער. אָפּט קומט ער צו גיין צו זיי. אַ קינד איז בא אים קראַנק געוואָרן, וואַרט ער אַף סימען. שוין עטלעכע טעג נאָכאַ־נאַנד, ווי זי נעכטיקט אינעם קינדערהיים. זי האָט אַלץ מוירע. ווער ווייסט, וואָס עס קאָן געשען.

מיט די ווערטער „מעגסט זאָגן דיין סימען, זי זאָל אים עפּעס געבן צום הוסט" האָט אָשער צוגעמאַכט די אויגן.

נאָר גראָד איצט, ווען עס איז געווען אַ מעגלעכקייט צו כאַפּן אַ דרעמל, האָט זיך דער שלאָף פון אים אָפּגעטאָן, און ער האָט זיך אופגעכאַפּט. דער געדאַנק וועגן דעם, וואָס די דייטשן קלייבן זיך טאָן מיט דער געטאָ, האָט אים ניט געלאָזט צורו. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס מע האָט ווידער אַלעמען דער־לויבט צו גיין אַף אַרבעט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אין גאַס האָט אים באַגעגנט עפּעס אַ ווילד־פרעמדער מענטש און מיט פרייד אַ זאָג געגעבן: „אַ דאַנק גאָט, דער אומגליק איז, ווייזט אויס, שוין פאַר־ביי". דאָס, וואָס עס איז געווען שטיל, שטילער, ווי געוויינלעך, האָט אָשערן געשראָקן. ס'איז געווען אַ שטילקייט, וואָס האָט פאַרפירט, געהאָלפן שאַפן פאַלשע האָפענונגען. דער ניכטערער פאַרשטאַנד האָט אים אונטערגעזאָגט: מע טאָר זיך ניט לייגן קיין פייגעלעך אין בוזעם. די דייטשן וועלן צורו ניט לאָזן. ער האָט געוואָרט, אַז אָט־אָט וועט מען קומען צו לויפן און אים אָנזאָגן, אַז עפּעס האָט זיך שוין אָנגעהויבן...

ער האָט געוואָלט זיך אויסדרייען אַף א זײַט און באַמערקט מיש־קען. יענער איז געשטאַנען באַם אויוון און אים באַטראַכט.

„וואָס וואָלט געווען, — האָט געקלערט מישקע, — ווען איך זאָג אים, אַז דאָס האָבן מיר, יינגלעך, אונטערגעצונדן די וואָליקעס־פאַב־ריק? וואָס וואָלט געווען, ווען ער דערוויסט זיך וועגן דעם?" אָבער מישקע האָט זיך גלײַך דערמאָנט, ווי שלעכט עס האָט זיך באַקומען, און ער איז אומעטיק געוואָרן.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרומערט? עס פאַרדריסט דיך, וואָס איך האָב דײַן אָרט פאַרנומען? — האָט אָשער געפרעגט.

— ליגט... ליגט...

מאַרגוליס האָט זיך א רוק געטאָן און געמאַכט אַן אָרט אויך פאַרן יינגל:

— זעץ זיך. עס וועט פאַר דיר אויך סטײַען אָרט. איך וועל לאַנג ניט ליגן.

— איר שטערט מיר ניט...

— וואָס, ברודער? — האָט אָשער געפרעגט, ארופלייגנדיק זײַן האַנט אַפן יינגלס שאַרפן אַקסל, ווען מישקע האָט אים געפאָלגט און זיך אַוועקגעזעצט. — שווער צו זיצן פאַרשפּאַרט, האַ?

— ווען ניט די באָבע, וואָלט איך דאָ ניט געווען.

— וווהין זשע וואָלסטו אַוועקגעגאַנגען?

— פאַראַן וווהין צו גיין.

— אַשטייגער?

— איך וואָלט געגאַנגען אין דאָרף הינטער לאַהויסק, ווו מיר האָבן געלעבט.

— עס איז ווײַט פונדאַנען?

— א קילאָמעטער דרײַסיק.

— וועלדער זײַנען דאָרט פאַראַן?

— אָ! נאָך א מין וועלדער...

— און דו ווייסט גוט דעם וועג אַהין? ביסט זיכער, אַז דו וואָלסט דערגאַנגען?

— פֿאַרוואָס ניט? איך ווייס דעם וועג, ווי מײַנע פינף פינגער. און אַבי איך קום אין דאָרף, איז שוין אַלץ אין אָרדענונג. דאָרטן זײַנען בא מיר פֿאַראַן א סאַך באַקאַנטע צווישן די אַרבעטער פון עמטעעס[1]...

— עס איז ניט אַזוי לײַכט צו גיין, ווי דיר דוכט זיך. ווען עס זאָל זײַן גרינג, וואָלטן אַלע פונדאַנען זיך צעלאָפֿן.

— מע דאַרף נאָר אַרויסגיין פון געטאָ, און ווײַטער איז ניט שרעק־לעך. איך האָב שוין וויפֿל מאָל באַמערקט: זיצסטו הינטער די דראָטן, ציטערסטו; קוים גייסטו אַרויס, איז גאָר אַן אַנדער זאַך.

— עפּשער ביסטו טאַקע גערעכט... — איז מאַרגוליס מאַסקים געוועזן. עס האָט זיך אים פאַרגלוסט צוטוליען צו זיך אָט דאָס קינד, וואָס וואַקסט אין אַזעלכע צאָרעס. ער האָט אַרומגענומען דאָס באָכערל. — ווי אַלט ביסטו?

מישקע האָט געענטפערט.

— מײַן ייִנגעלע איז ייִנגער פון דיר אַף דרײַ יאָר...

— ווו איז ער איצט?

— ווער ווייסט, איך האָב אים איבערגעלאָזט מיט דער מאַמען.

— אונדזערע וועלן קומען, וועט איר זיי געפינען.

— איך האָף אויך אַזוי...

כאָים האָט אוועקגערופן מישקען. מאַרגוליס איז געבליבן אַליין און האָט ווידער גענומען אײַנדרעמלען. דורכן דרעמל האָט ער גע־הערט, ווי דאָס קינד יאָמערט, ווי די אַלטע פאַרוויגט עס, צוזינגענדיק עפּעס מיט א וויינענדיק־אָנגעבראָכענער שטים. און איביק, ווי די וועלט, איז געוועזן דער ניגן, וואָס די אַלטע האָט געמורמלט. דער וואַ־רעמער, ליבער און אַלטער ניגן, וועלכן ער האָט ניט איין מאָל געהערט פון זײַן אייגענער מאַמען, בייס ער איז א קינד געוועזן, האָט אָשערן אַרומגענומען און אײַנגעוויגט.

אָשערן האָט אופגעוועקט א פרויען־שטים. אין צווייטן צימער איז געזעסן א פרוי און האָט מיט עמעצן גערעדט. עפּעס קענטלעכס איז

---

[1] מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציע.

געווען איך איר שטים. ער האָט אָבער ניט באַלד פאַרשטאַנען, ווו האָט ער זי געהערט. מיט דער נײַגעריקײַט, וואָס דערוועקט זיך בײַ אַ מענטשן, ווען אים דוכט זיך, אַז ער דאַרף זיך באַלד דערוויסן עפּעס אויסערסט וויכטיקס, האָט אָשער אַפּגיך אַראָפּגעוואָרפן די פּאַלטאָ און זיך אַוועקגעזעצט. באַם טיש, ווו עס זײַנען נאָך געשטאַנען די ליידיקע גלעזער, איז געזעסן אַ יונגע פרוי און עפּעס געשריבן. די האָר זײַנען בײַ איר געווען פאַרקעמט איבער די אויערן און פאַרפלאָכטן אין אַ שווערן צאָפּ, וועלכער איז געווען אויסגעלייגט ווי אַ בייגל און צוגע־פעסטיקט מיט האָרנאָדלען. ניט ווײַט פון דער טיר, אַזוי נאָענט, אַז צו אָשערן איז דערגאַנגען אַ שטאַרקער רייעך פון געזאַלצענע טאַראַנקעס, איז געזעסן אַ געזונטער מאַנצביל מיט אַ געלער פּאַטלע, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט פון אונטערן היטל. ער איז געזעסן אויפן ברעג שטול, ווי אַ קליין, ניט דרייסט ייִנגל. זײַן בליק איז פול געווען מיט ייִראַס־האַקאָווֹעד, ווי געוויינלעך בײַ אַ פּראָסטן מענטשן בענעגייע אַ דאָקטער, צו וועלכן ער דאַרף אָנקומען. די פרוי האָט אים דערלאַנגט אַ פאַר־שריבן פּאַפּירל. ער האָט עס בײַ איר צוגענומען מיטביידע הענט און, ניט אָפּווענדנדיק דעם בליק פון איר, שלינגענדיק איר יעדעס וואָרט, איבערגעכאַזערט:

— גוט, גוט... איך וועל איר אַלץ זאָגן... זי האָט אים געהיילט, זי דאַרף וויסן זײַן קרענק...

מאַרגוליסן איז אַזש הייס געוואָרן. ער האָט דערקענט די פרוי. דאָס איז געווען די זעלבע, וועלכע האָט אים אינעם לאַגער איבערגעלאָזט דאָס קוישל מיטן עסן.

ער האָט ווידער דערזען פאַר זיך דעם לאַגער, דעם האַמויך, וואָס האָט זיך געוויגט, ווי אַ יאַם, און זי צווישן אַלעמען. מאַרגוליס האָט זיך דערפרייט, וואָס ער האָט זי דערזען, וואָס עס האָט זיך גראָד גע־מאַכט אַזוי, אַז ער איז געקומען אַהער און זי דאָ געטראָפן. ער האָט מיטאַמאָל מוירע געקריגן, אַז זי זאָל באַלד ווידער ניט אַוועקגיין, פּונקט אַזוי פּלוצעם און אומדערוואַרט, ווי זי איז אַרײַנגעקומען. ער האָט דערפילט, אַז ער וועט זיך ניט מויכל זײַן, אויב ער וועט זיך ניט

דורכשמועסן מיט איר, כאָטש באַדאַנקען זי פֿאַרן עסן. אָט האָט זי זיך שוין אופגעהויבן, דער פֿורמאַן האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר... און זי נאָך אים... זי האָט אים ניט געקאָנט ניט דערזען, אָשערן. זי האָט אָבער אַף אים קיין אכט ניט געלייגט. אפילע קיין קוק ניט געטאָן אין זײַן זײַט, ווי זי וואָלט שוין געוווינט געווען דערצו, אַז צו כאַימען זאָלן קומען מענטשן. דערהערט פֿון כאַימען, אַז דאָס איז סימע, האָט אָשער אָנגעטאָן די פּאַלטאָ און איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. כאַים נאָך אים.

מע איז אַרויס אַפֿן גאַנעק. כאַים האָט דערציילט סימען וועגן עס־טערן, אַז ער האָט זי געזען גיין אַף יענער זײַט, און מאַרגוליס איז געשטאַנען דערבײַ, געהערט, וואָס כאַים רעדט, און געקוקט אַף סימען, שטייענדיק אַ קאַפּעליע אָנגעבויגן צו איר, די פּאַלטאָ צעשפּיליעט, די הענט פֿאַרלייגט אַף הינטן. עס האָט אויסגעזען אַזוי, ווי עס וואָלט אים אין לעבן געגאַנגען, אַז זי זאָל אים דערקענען.

סאָפּקאָלסאָף האָט מאַרגוליס ניט אויסגעהאַלטן און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— איך הער די גאַנצע צײַט „סימע" און „סימע". און עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז גאָר דער גוטער מאַלעך, וועלכער האָט אונדז געבראַכט עסן אינעם לאַגער.

זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט, עפּשער שוין לאַנג פֿאַר־געסן אין יענעם טאָג, ווען זי איז געווען אין לאַגער. איר קאָפּ איז איצט געווען פֿאַרנומען מיט גאָר אַנדערע זאָרג.

— כאַווערטע, איר דערקענט מיך ניט? — האָט אָשער געפֿרעגט.

זי האָט אים באַטראַכט און אַ דריי געגעבן מיטן קאָפּ אַף ניין.

— איר געדענקט ניט דעם לאַגער, וווהין איר זײַט געקומען זוכן אײַער שוואָגער? דאָס האָט איר דאָך מיר דעמאָלט איבערגעלאָזט דאָס קוישל מיטן עסן.

— אַזוי... — האָט זי צו אים אַ שמייכל געטאָן, — האָט קיין פֿאַ־ריבל ניט. איך פֿאַרגעדענק שלעכט פּנעמער. זעט איר דאָך, אַ באַרג מיט אַ באַרג קומט זיך ניט צונויף, אָבער אַ מענטש מיט אַ מענטשן...

— דער טאַם פֿון אײַער געקעכטס ליגט מיר נאָך איצט אין מויל.

זי האָט צונויפגעצויגן די ברעמען:

— דאָס האָט גראָד געקאָכט מײַן מאמע.

— עטלעכע טעג האָבן מיר זאַלבעצווייט געלעבט פון איר עסן.

— ווער נאָך?

— ס'איז געווען מיט מיר נאָך איינער, א יאטל, א רעמעסלעניק.

— און וווּ איז ער איצט?

מארגוליס האָט זיך א קנייטש געגעבן:

— ווער ווייסט. מיר זײַנען אינצווייען אנטלאָפן פון לאגער, געטראכט זיך דערקלײַבן צום פראָנט, נאָר אין א דאָרף האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אף דײַטשן און איך האָב אים פארלוירן...

כאַיִם האָט דערזען, אז מארגוליס קאָן שוין אויסקומען אָן אים, איז ער אוועק אין שטוב. סימע איז אראָפּ פון גאנעק. שווײַגנדיק איז מארגוליס אוועק מיט איר. ווּהין גייט זי, האָט זי געענטפערט אף זײַן פראגע, ווייסט זי אליין ניט. זי דארף, אייגנטלעך, גיין אין קינדערהיים. נאָר דאָרטן איז צאָרעס... עס איז איר גאָר שווער ארײַנקומען אהין. פון נעכטן אָן, זינט מע האָט פארמאכט די געטאָ און קיינעם ניט ארויסגעלאָזט אין ערגעץ, האָט מען פון אופראווע ניט ארײַנגעפירט קיין פראָדוקטן פאר די קינדער און עס איז ניטאָ מיט וואָס זיי צו קאָרמענען. אינדערפרי איז שוין ניט געווען וואָס צו געבן זיי עסן, און עס איז אויסגעקומען בעטן עטלעכע פרויען, מע זאָל זיך דורכגיין איבער די הײַזער און עפּעס צונויפנעמען פונזייערטוועגן. א דאנק קאזשדאנען. ער האָט פון ערגעץ געבראכט צו טראָגן א ביסל קארטאָפל.

— מע קאָן זיך פאָרשטעלן, אז אים איז גאָר ניט אזוי שווער צו קריגן עפּעס, — האָט מארגוליס באמערקט. — צונעמען בא יענעם איז זייער גרינג.

— אך! — האָט סימע א מאך געטאָן מיט דער האנט, ניט וועלנדיק לײַדן זײַנע רייד. — איך ווייס ניט, ווער וואָלט געווען בעסער אף קאזשדאנס אָרט. דאָ זע איך כאָטש, אז דער מענטש טוט א סאך טויוועס. ווען ניט קאזשדאן, איז א פראגע, צי וואָלט ביכלאל געווען א קינדערהיים. ער איז געלאָפן אין אופראווע און זיך דערשלאָגן פראָ־

דוקטן פאַר די קינדער. ער האָט אונדז געהאָלפן קריגן מעבל. אפילע בעטגעוואַנט האָט ער געבראַכט. איר ווייסט, מע דאַרף גוט קענען אַ מענטשן, מע זאָל אים אַזוי לײַכט באַשולדיקן.

— דאָס זײַט איר גערעכט. וואָס אין אַ מענטשן קאָן אַמאָל שטעקן! — האָט צוגעגעבן מאַרגוליס, גייענדיק מיט איר זײַט־באַ־זײַט. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, צי וואָלט ניט קעדײַ געווען אויסנוצן דאָס, וואָס עס איז אַוועק אַ רייד וועגן קאַזשדאַנען, און בעטן סימען, זי זאָל אים צונויפירן מיט אים. ער האָט זיך דאָך אָפּגעהאַלטן דערפון, באַשטימט עס טאָן אַ צווייט מאָל. צו פרי איז נאָך געווען צו פאַרפירן אַזעלכע געשפּרעכן.

זיי זײַנען געגאַנגען איבער די פאַרגליווערט שטילע גאַסן, גאַסן אָן פורן און אָן מאַשינעס. אין אָט דער שטילקײַט האָבן באַזונדערס הילכיק געקלונגען די טריט פון די פאַרבײַגייער. עמעצער האָט שוין אײַנגעהייצט אַן אויוון, קעדיי אָפּצוקאָכן אַ ביסל מיטנישטן עסן, און דער רויך האָט זיך געשפּרייט נידעריק איבער די דעכער. אַ פרוי האָט געטראָגן אַ פּאָר עמער וואַסער פונעם פּלומפּ און איבערגעלאָזט נאַסע שפּורן נאָך זיך... פּאַמעלעך, זייער אומזיכער, האָט מען זיך אומגעקערט צום לעבן. יעדערער האָט געוואָלט האָפן, אַז דאָס וועט זײַן אויף לאַנג.

אַזוי זײַנען זיי ביידע, סימע מיט אָשערן, צוגעגאַנגען צום קינדער־היים, וואָס האָט זיך פונדערווײַטנס געוואָרפן אין די אויגן מיט די רויטע ציגל פון די ווענט און מיט די הויכע, צעוואַקסענע טאָפּאָלן בײַ די פענצטער. סימע איז געבליבן שטיין, דערלאַנגט אָשערן די האַנט און געבעטן אַרײַנקומען.

— מערסטנטייל בין איך דאָ, — האָט זי געזאָגט. — טאָמער פאַרגלוסט זיך אײַך אַמאָל ריידן אַ וואָרט מיט עמעצן, קומט אַרײַן. איך האָב מיר דאָ מײַן „קאַבינעט“, און קיינער וועט אונדז ניט שטערן זיצן אַ ביסל.

מאַרגוליס האָט זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט צוריק אַהין, פון וואַנען ער איז נאָרוואָס געקומען. ער האָט באַשטימט נאָכאַמאָל אַרײַנגיין צו אָבען און זיך דערוויסן, וואָס איז געבליבן מיט פרידליאַנדן.

יענער איז אוועקגעגאַנגען צו נײַן. קיין העפּקיירעס טאָר מען ניט דער־לאָזן, אַן דיסציפּלין האָבן זיי אַלע אַ גראַשן די ווערט.

ער האָט זיך איצט געפּילט ניט אין אַן ערעך מער אופגעלייגט, ווי פריִער. דאָס, וואָס ער האָט אַזוי צופעליק זיך געטראָפן מיט דעם זעלבן מיידל, וואָס האָט אים אין לאַגער איבערגעלאָזט דאָס עסן, איז אים געוועזן זייער אָנגענעם. ער האָט געהאַט אַ געפיל, ווי ער וואָלט זיך געטראָפן מיט אַן אייגענעם מענטשן. ערשט איצט איז אים געקומען אָפן זינען, אַז אויך ביז אַהער האָט ער ניט איין מאָל געטראַכט וועגן סימען. עס איז אים אָבער ניט אײַנגעפאַלן, אַז ער וועט זיך אַזוי דער־פרייען, ווען ער וועט זי דערזען.

## 2

שוין עטלעכע טעג, ווי יוליאַ סערגייעוונאַ האָט אָפּגעשיקט די קינ־דער צו אירע קרוויוים, אין דאָרף. זי האָט זיי באַזאָרגט מיט אַלעם נייטיקן אַף דער ערשטער צײַט, אויסגערעכנט, ווי נאָר זי האָט געקענט. אוועקגעפאָרן זײַנען זיי מיט אַן אייגענעם מענטשן, אַף וועלכן מע האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן.

פריִער האָט זי געמיינט, אַז קוים וועט זי די קינדער אַוועקשיקן פון שטאָט און פון דער געפאַר, וועלכע לויערט דאָ אַף יעדן טריט און שריט, וועט זי אָפּלעבן. נאָר אָט האָט זי זיך געזעגנט מיט זיי, די פור איז אַרויסגעפאָרן פונעם הויף, זי איז אַרײַנגעגאַנגען צוריק אין שטוב, האָט געטראָפן די ליידיקע ווינקלען — און עס גייט איר ווידער דאָס לעבן ניט אײַן.

וואָלט עס נאָר געוועזן דאָס איינציקע, וואָס מאַטערט זי, וואָלט עפּשער נאָך ניט אויסגעמאַכט. נאָר זינט די קינדער זײַנען אַוועקגע־פאָרן, איז צוגעקומען אַ נײַע פּלאָג. ווי נאָר זי דערהערט, אַז עס פאָרט פאַרבײַ אַ מאַשין אָדער אַ פור, רײַסט זיך איר אָפּ דאָס האַרץ. זי האָט מוירע, אַז מע זאָל צו איר ניט אַרײַנשטעלן קיין דײַטשן אָדער קיין

פּאָליציײַען אַף קוואַרטיר, אַזוי ווי עס האָט פּאַסירט מיט אירע שכנים. זי שטעלט זיך גאָר ניט פאָר, וויאַזוי וואָלט זי אויסגעהאַלטן, ווען עס קומט איר אויס צו זײַן מיט זיי אונטער איין דאַך.

טאַקע קעדיי דאָס זאָל ניט געשען, באַמיט זי זיך ניט זײַן אין דער היים. ווי נאָר עס קומט אָן דער פרימאָרגן, טוט זי זיך אָן, פאַרשליסט די שטוב און גייט אַוועק. אַמאָל צום שוועסטער, וועלכער וווינט אין אַ הינטערגאַס, דאָס צו באַקאַנטע, אָדער פריִער, ווי מע דאַרף, גאָר אַף דער אַרבעט אין שפּיטאָל, ווו אַרומגייענדיק אַרום די קראַנקע, פאַר־געסט זי אַ ביסל די צאָרעס.

זי וואָלט געוויס אויך הײַנט ניט פאַרבליבן אין שטוב, ווו אַלץ איז פאַרלאָזט, באַדעקט מיט שטויב. נאָר פון נעכטן אָן דוכט זיך איר, אַז עמעצער דרייט זיך אַרום איר שטוב. אַ סימען, אַז זי האָט קיין טאָעס ניט, איז דאָס, וואָס פאַרנאַכט, ווען זי איז געקומען צו גיין פון דעם שוועסטער בעמען, וואָס זי דאַרף, און אַוועקגיין אין שפּיטאָל אַף דער באַנאַכטיקער דעזשורסטווע, האָט זי דערזען אונטערן פענצטער פרישע מאַנצבלשע טריט, ווי עמעצער וואָלט אַרײַנגעקוקט אין שטוב, געוואָלט וויסן, צי איז דאָ ווער פאַראַן, צי ניין... אַ צווייט מאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עמעצער טאַפּט די טיר. זי איז אַרויס אין פיר־הויז, האָט געפרעגט, ווער איז דאָרט, נאָר ניט באַקומען קיין ענטפער, אַרײַן צוריק אין צימער און איז שוין אַ גאַנצע נאַכט געווען זייער אומרויִק, אַלץ געטראַכט, ווער האָט דאָס געקאָנט זײַן. מע דאַרף זיך נעמען אין די הענט, — האָט יוליִא סערגייעוונאַ באַשלאָסן. — די קינ־דער זײַנען אַוועקגעפאָרן, און עס קאָן אויסקומען צו זײַן אַליין ניט איין טאָג. מע זאָל שטענדיק זײַן אָט אַזוי־אָ אופגערודערט, דאַרף לאַנג ניט געדויערן אַראָפּ פונעם זינען.

מע דאַרף נעמען עפּעס טאָן, וועט ווערן פרייַלעכער אַפן האַרצן. זי וועט צוקלײַבן אַ ביסל די שטוב. זי האָט וואָס איבערצוואַשן. און זי טוט טאַקע אַזוי. זי טראָגט אַרײַן אין קיך די מולטער, וואַרעמט אָן וואַסער. זי האָט ליב שטוביקע אַרבעט. אין די בעסטע יאָרן, ווען דער מאַן האָט נאָך געלעבט און איר האָט געפעלט נאָר פויגלמילך, האָט

זי אויך ליב געהאט זיך שטעלן איבער א מולטער וועש. זי רייבט איין שטיקל וועש נאך דעם אנדערן אינעם בארג מילינעס, פון וועלכע מע זעט קוים ארויס די הענט. פון גרויס פלייס פאלט איר אראפ אף די אויגן א דינע פאסמע בלאנדע האר און, ווי א בעריע א באלעבאסטע, וואס האט ניט ליב איבערצורייסן די ארבעט, באמיט זי זיך מיטן ארעם פארשארן די האר אף ארוף. רויק איז זי דאך ניט...

צום טויער פארט צו א פור. זי הערט, ווי עס שטעלט זיך אפ דאס פערד. אירע הענט בלייבן ווי געליימטע ליגן אף דער ברעט, אף וועלכער זי רייבט דאס גרעט. איר קאפ איז שוין מער ניט בא דער ארבעט. זי ווארט, וואס וועט זיין ווייטער. וועגן דעם, אז דאס קאנען זיין דייטשן, האט זי אפילע מוירע צו טראכטן.

עס עפנט זיך די פארטקע. עמעצער גייט מיט דער אויסגעפלאסטערטער סטעזשקע, וואס פירט דורכן סעדל, ארום דער ווערענדע, צום אריינגאנג פון שטוב. אז דער, וואס גייט, איז א מאנצבל, שטויסט זי זיך אן נאכן טופען פון די שווערע שטיוול. ער וויל עפענען די טיר פון דער ווערענדע — א סימען, דאס איז ניט קיין אייגענער מענטש, ער ווייסט ניט, אז דער הויפט־אריינגאנג איז ניט דורך דער ווערענדע...

איצט בלייבט איר שוין מער גארנישט ניט איבער, ווי אויסווישן אפגיך די נאסע הענט מיטן פארטעך און צוגיין צום פענצטער א קוק טאן, ווער דאס קאן זיין. דאס הארץ אירס איז גרייט ארויסצושפרינגען.

זי גלייבט אליין ניט אירע אויגן, ווען זי באמערקט, אז דער מענטש, וואס גייט אראפ פונעם גאנעקל, איז ניט קיין דייטש. ער איז אנגעטאן אין עפעס א ברעזענטענער קורטקע. לויט זיין גאנג נאך, לויט דעם, ווי ער פאכעט ברייטלעך מיט דער בייטש, זעט מען: א באלעגאלע איז עס. אט קלאפט ער שוין גאנץ שטיל אין טיר. זי שטייט אבער און ווארט, אז דאס הארץ זאל זיך א ביסל באדויקן. ניט פרעגנדיק, וואס ער דארף, עפנט זי ענדלעך אוף. ווארט, ווארט... דאס איז דאך, דוכט זיך, דער זעלבער פורמאן, וועלכער האט אנומלטן אראפגעריסן פון פלויט די דייטשישע מעלדונג, דער, וועלכער האט א יידיש ווייב און קינדער פון איר און נאך וועלכן עס האבן זיך נאכגעיאגט די באנדיטן,

שיסנדיק אזוי, אז עס האָט געהילכט די גאנצע גאַס. ניט איין מאָל האָט זי דערנאָך געטראכט וועגן אים: צי האָט זיך אים כאָטש איינגעגעבן ארויסרייסן לעבעדיקערהייט פון זייערע הענט? איצט דערמאָנט זי זיך אויך, אז זיין יינגעלע האָט זי דאָ ניט לאנג געהיילט בא זיך אין שפּיטאָל. ער איז געלעגן בא איר, אין דער קינדער־פּאלאטע, און אָפט פלעגט דער באלעגאָלע, דער פאָטער זיינער, קומען צו פאָרן מיט פערד־און־וואָגן צום שפּיטאָל, קעדיי דורכן פענצטער א קוק טאָן אפן קינד. זי וואָלט זייער געוואָלט וויסן, וואָס איז מיט זיין ווייב און מיט די קינ־דער. ווו זיינען זיי?.. צי האָבן זיי זיך אריבערגעקליבן אין געטאָ, צי ניין?

ווען זי עפנט די טיר, רוקט זי זיך אָפּ אין א זייט, ער זאָל קאָנען דורכגיין. און עפּשער דערפאר, ווייל זי באמערקט, אז אָט דער געזונ־טער מאנצבל, וועלכער האָט זיך ניט דערשראָקן פאר די דייטשן, איז איצט זייער אָפּהענטיק, שטייט אף דער שוועל, א מעגושעמדיקער אין זיין באלעגאָלישן אָנטאָן, און וואגט ניט מאכן קיין טראָט ווייטער, ווילט זיך איר אים זאָגן, ווי צופרידן זי איז דערפון, וואָס זי זעט אים. הייסט עס, אים האָט זיך דעמלט טאקע איינגעגעבן אנטלויפן פון די באנדיטן. אָט א מאָלאָדיעץ!

זי פארשטייט ניט, וואָס זוכט ער עפּעס בא זיך אזוי לאנג אין דער בוזעם־קעשענע פונעם רעקל, אונטער דער ברעזענטענער קורטקע. ענדלעך נעמט ער פון דאָרטן ארויס א צעטעלע און דערלאנגט איר. עפּעס דערציילט ער איר וועגן זיין קראנק זונעלע, וואָס געפינט זיך אין געטאָ. פארשטייק, וואָס ער רעדט, איז ניט אזוי לייכט, פירט זי איבער דעם בליק פון אים אפן צעטעלע. זי פרעגט אים: ער וויל, זי זאָל גיין אין געטאָ? און איר פּאָנעם ווערט צעטומלט און פארזאָרגט. ווער וועט עס זי ארייַנלאָזן אהין?

— ניין, — דרייט ער מיטן קאָפּ, — גענוג, וואָס איך גאנווע זיך אהין אליין ארייַן מיט גרויס מאטערניש. עס איז פאראן דאָרט א דאָק־טער...

ערשט איצט לייענט יוליאַ סערגייעוונא איבער דאָס צעטעלע און דערקענט סימעס האַנטשריפט. סימע שרייבט איר, אַז דאָס קינד איז שטאַרק קראַנק און זי מוז דרינגענדיק וויסן, מיט וואָס עס איז קראַנק געווען, ביז עס איז געלעגן בא איר אין שפּיטאָל, צי כאַזוערט זיך ניט איבער דער פריִערדיקער כאַלאַס.

יוליאַ סערגייעוונא לייגט צונויף דאָס צעטעלע און בעט אים זיצן. זי פאַרטראַכט זיך. אַזוי־אָ פאַרטראַכטערהייט פרעגט זי זיך בא אים נאָך אַף סימען, לויבט זי, זאָגט, אַז זי איז זייער אַ גוטער דאָקטער. זי פרעגט בא אים, וויאַזוי איז ער געקומען צו סימען, פונוואַנען קען ער זי. דער פורמאַן זיצט אַף אַ ברעג שטול און ווייסט ניט, ווּהין אַהינ־צוטאָן די גרויסע רויטע הענט. ער איז זייער דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס זי הייסט אים קומען פאַרנאַכט אין שפּיטאָל פון די אײַזנבאַנער, ווּ זי אַרבעט, דאָרטן וועט זי אים געבן אַלץ, וואָס מע דאַרף. ער ווייסט ניט, וויאַזוי אויסדריקן זײַן דאַנקבאַרקײַט. ער פרעגט זי, עפּשער דאַרף זי עפּעס אַריבערפירן. ער האָט דאָ זײַן פערד־און־וואָגן. ער וועט עס מאַכן איינס און צוויי. ניין, זאָגט זי, זי דאַרף גאָרנישט ניט.

ער הייבט זיך אויף פון שטול. ער וויל שוין אַוועקגיין. נאָר איצט דערמאָנט זיך יוליאַ סערגייעוונא אין עפּעס און הייסט אים צוּוואַרטן. זי האָט צו אים אַ באַקאָשע. זי ווייסט: דאָרט, בא די ייִדן, שטאַרבט מען פון הונגער. זי וועט אים עפּעס געבן פון פּראָדוקטן דער דאָקטערן. זי וואַרט ניט, וואָס ער וועט איר דערויף ענטפערן, גייט אײַליק אַרויס אין פירהויז און קערט זיך באַלד אום מיט אַ פּעקעלע, אײַנגעוויקלט אין פּאַפּיר. דערבײַ איז זי אַזוי צעטומלט, ווי זי וואָלט אין עפּעס שולדיק געווען, ווי זי וואָלט געטאָן ניט קיין אָנשטענדיקע זאַך.

דער פורמאַן גייט אַוועק.

יוליאַ סערגייעוונא בלײַבט איינע אַליין. זי הערט, ווי דער פורמאַן שרײַט אַפן פערד, ווי דער וואָגן גייט אַרויף אַפן ברוק און די רעדער הייבן אָן צו טראַסקען. דעם פורמאַנס באַזוך האָט זי שטאַרק אויפגערו־דערט. זי טראַכט וועגן סימען, וועלכע זי האָט זינט יענעם אָוונט, ווען זי איז געקומען ריידן וועגן דעם פּאָליטרוק, מער ניט געזען. וועגן דעם

גוירל פון די מענטשן, וואָס זײַנען פאַרשפּאַרט אין געטאָ. און זי ווייסט נאָך אַלײן ניט קלאָר, פאַרוואָס זי ווערט אומצופרידן מיט זיך, דאָס האַרץ הייבט אָן זויגן אַ פאַרדראָס.

זי קערט זיך אום צו איר פרי̈ערדיקער אַרבעט, רײַבט אומדערמיד־לעך דאָס וועש, ווי זי וואָלט זיך באַמיט פאַרטויבן אירע מאַכשאָוועס. אירע הענט באַוועגן זיך אַרויף און אַראָפּ איבער דער ברעט.

פאַרטאָן אין אירע געדאַנקען, הערט זי ניט, ווי צו דער שטוב קומט צו ווידער עמעצער און קוקט אַרײַן אין פענצטער פון דער קיך. זי זעט אויך ניט, ווען דאָס פּאָנעם פאַרשווינדט.

אין צימער שטעלט זיך אַרײַן דער פּאָליצײַ, ליוסיעס באַקאַנטער. יולי̈אַ סערגייעוונאַ כמורעט זיך אָן.

פונקט ווי פרי̈ער דער פורמאַן, זעט דער אויך אויס אַ ביסל פאַר־לאָרן. ער קנייטשט דאָס היטל אין די הענט. אין זײַנע גראָע אויגן, אַזעלכע, ווי באַם פורמאַן, דער זעלבער שטילער געבעט, גלײַך פון איר איז אָפּהענגיק, ער זאָל אופגעריכט ווערן. באַגלײַך דערמיט פילט זיך אין דעם, ווי ער שטייט, אַנטשלאָסנקײַט: ער וועט פונדאַנען ניט אַוועק־גיין, ביז ער וועט זײַנס ניט אויספירן.

— איך ווייס... — זאָגט ער שטיל, און עס ציטערט באַ אים דערבײַ דאָס קאָל, — איר האָט ליוסיען בעקיוון אַוועקגעשיקט אין דאָרף, איך זאָל זיך מיט איר ניט זען...

זי ווערט אופגעבראַכט פון זײַן כוצפּע: מע דאַרף דאָך דערגיין צו אַזאַ מין אַזעס, וויסן, ווער ער איז, און וואַגן קומען צו איר אין שטוב זיך אויסטײַנען מיט איר, זי באַשולדיקן. פאַרשטאָכענע אויגן באַ אָט דעם פּאַסקודניאַק. זי איז גרייט זיך אַרופוואַרפן אַף אים און ווײַזן אים, ווו די טיר עפנט זיך, ער זאָל קיינמאָל מער ניט טרעפן דעם וועג אַהער. זי איז אָבער אין איר לעבן ניט אָנגעפאַלן אַף קיין מענטשן, זיך מיט קיינעם ניט געקריגט, און זי געפינט ניט קיין ווערטער, וועלכע זי וואָלט אים איצט באַדאַרפט אַרײַנזאָגן. זי פרעגט אים בלויז אַ פאַרכי־דעשטע:

— עפּשער האָב איך באַדאַרפֿט בא עמעצן פֿרעגן אָן אייצע, וואָס
צו טאָן מיט מײַן טאָכטער?

ער הייבט ניט אוף דעם קאָפּ. ער פֿאַרענטפֿערט זיך, אַז זי האָט
אים שלעכט פֿאַרשטאַנען. עס טוט אים וויי, פֿאַרוואָס זי האָט פֿון אים
באַהאַלטן ליוסיען, פֿאַרוואָס זי באַציט זיך צו אים אַזוי שלעכט.

זי הערט אים אויס, איר ווערט געפֿעלן זײַן אײַנגעשפּאַרטקײַט,
זײַן צוגעבונדנקײַט צו ליוסיען. זי טראַכט בא זיך: „זע נאָר, סאַראַ
ייִנגל דאָס איז!" זאָגן זאָגט זי אָבער:

— און פֿאַר וועלכע פֿאַרדינסטן זאָל מען זיך באַציִען צו דיר בע־
סער? דערפֿאַר, וואָס דו האָסט זיך פֿאַרקויפֿט היטלערן?

— איך האָב זיך קיינעם ניט פֿאַרקויפֿט!

— וואָס זשע דען? קעמפֿסט קעגן אים? האָסט נאָך געקערט אוואַדע
זײַן אַ קאָמסאָמאָליעץ אויך?

— איך זאָג קיין זאַך ניט... איך ווייס, איר זײַט גערעכט. מע דאַרף
אָבער פֿאַרשטיין, וואָס האָט אונדז געבראַכט דערצו. סײַוויסײַ וועל איך
אײַנעם באַטאַליאָן לאַנג ניט בלײַבן... ניט נאָר איך. אויך אַנדערע יאַטן
אונדזערע וואַרטן נאָר אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט, קעדיי צו אַנטלויפֿן...
זאָגט מיר, ווו איז ליוסיע? וווהין האָט איר זי אַוועקגעשיקט?

יוליִאַ סערגייעוונאַ האָט אים גאָרנישט ניט געענטפֿערט.

„זי האָט מוירע פֿאַר מיר", — האָט ער אַ טראַכט געגעבן מיט אַ
ביטערן שמייכל. ניט דערוואַרט זיך מער אויף גאָרנישט, האָט ער זיך
אויסגעדרייט און, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פֿאַרלאָזט די
שטוב.

ער האָט זיך געלאָזט פּאַמעלעך מיט דער אויסגעפּלאַסטערטער
סטעזשקע צום אַרויסגאַנג פֿונעם סעדל, זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט,
גלײַך אים וואָלט זיך געגלוסט אומקערן, ווי אַ מענטש, וועלכער פֿילט,
אַז ער האָט ניט באַוויזן צו זאָגן אַלץ, וואָס אים האָט זיך געוואָלט. יוליִאַ
סערגייעוונאַ איז געשטאַנען אויף דעם אָרט, ווו ער האָט זי איבערגעלאָזט,
און געזען דורכן פֿענצטער, ווי ער גייט אַוועק. אָט איז ער אַרויסגע־
גאַנגען פֿונעם הויף, אָט האָט ער אַרײַנגערוקט די האַנט צווישן די

שטאַכעטן, פאַרשפּאַרט פון אינווייניק די פאָרטקע און איז אוועקגעגאנגען לענגויס דעם פּלויט...

כאָטש זי האָט זיך ניט געקליבן אים מויכל זײַן, האָט זי דאָך א ביסל געזשאַלעוועט דעם באָכער. ניט דערלאָזנדיק, דאָס דאָזיקע געפיל זאָל זי באַהערשן, האָט זי זיך אַליין געפרעגט, וויִאַזוי, אשטייגער, וואָלט זי געקוקט אָף איר טאַליקן, ווען אַזעלכס טרעפט מיט אים? זי האָט מיטן גאַנצן הארצן ראַכמאָנעס געקריגן אָף דעם פרעמדן ייִנגל און אָף זײַן מוטער, וועלכע האָט ערגעץ, פּונקט אַזוי, ווי זי בענקט נאָך איר קינד, געבענקט נאָך אים, ניט וויסנדיק, צי לעבט ער.

דעם גאַנצן אָפּדערנאַכט האָט יוליִא סערגייעוונא שוין ניט געקאָנט מער פארגעסן אין דעם ייִנגל. ווען זי איז געקומען אין שפּיטאָל אָף איר דעזשורסטווע און זי איז געגאנגען מיט נאָך עטלעכע דאָקטוירים פון פאַלאַטע צו פאַלאַטע מיט דעם טאָגטעגלעכן געוווינטן באַזוך, קעדיי באַטראַכטן די כאַלאָיִם, ווען זי איז דערנאָך געזעסן בא איר העל־באַלויכטענעם טישל און אויסגעשריבן רעצעפּטן, האָט זי סײַוויסײַ אים געזען פאַר זיך, ווי ער שטייט און טײַנעט זיך אויס מיט איר, ווי ער גייט ארויס פון שטוב מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ניין, זי האָט אים ניט באַרעכטיקט. קיין זאַך קאָן אים ניט ריינוואשן. נאָר זי האָט זיך אַליין געפרעגט: וואָס פאַר א רעכט האָט זי אים צו באַשולדיקן? וואָס האָט זי אַליין אופגעטאָן אַזוינס אין אָט דער צײַט, ווען דאָס לאַנד גייט אָפּ מיט בלוט, וואָס זאָל איר געבן רעכט אים צו מישפּעטן? זי היילט קראַנקע? האָט זי דאָך זיי געהיילט אויך פאַר דער מילכאָמע. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי סימע איז געקומען צו איר צו גיין ריידן וועגן דעם פּאָליטרוק. פאַרוואָס האָט זי ניט אײַנגעאָרדנט בא זיך דעם פּאָליטרוק? דער פּראָסטער פורמאַן, וועלכער קאָן געוויס אפילע רעכט זיך ניט אונטערכאַסמענען, טראַכט ניט וועגן געפאַר, ווען ער גייט אין געטאָ, כאָטש דער טויט לאָקערט דאָרט אָף אים. איצט גייט ער צוליב דעם ווײַב און צוליב די קינדער, וואָס מאַטערן זיך דאָרטן, אַן אַנדערשמאָל וועט ער ניט פאַרטראַכטנדיק זיך טאָן דאָס זעלבע פאַר עמעצן אַנדערש. און זי? זי האָט מוירע געהאַט. איר גאַנצע העלדישקײַט איז באַשטאַנען בלויז דע־

ריק, וואָס זי האָט אירע אייגענע קינדער געזען באַשטאַטן אין אַ זיכער אָרט.

זי האָט זיך ניט געקאָנט מויכל זײַן, פאַרוואָס זי האָט ניט געהייסן ברענגען דעם פּאָליטרוק צו זיך. זי האָט זיך געפילט שטאַרק שולדיק. עס איז איר געווען אַ ביזע־ביזאָיען פאַר זיך אַליין...

3

מיט עטלעכע שטיקלעך געצײַג אינעם פּאַרוסינענעם בײַטל אויף דער זײַט און מיטן רייפל עלעקטרישן דראָט אין דער האַנט דרייט זיך מיכל אַרום שוין אַ היפּשע צײַט איבער די גאַסן. ער האָט, דוכט זיך, גוט אויסגערעכנט, אַז ביזוואַנען ער וועט צוקומען צו דער געטאָ, וועט מען אומעטום ענדיקן די אַרבעט און, ווי פיל מאָל ביז איצט, וועט זיך אים אײַנגעבן אַרײַנשמוגלען אַהין מיט איינער פון די קאָלאָנעס, וואָס קערן זיך אום אַהיים. ווײַזט אויס, דאָס מאָל איז ער פונדעסטוועגן צו פרי אַרויסגעגאַנגען פון סאַריטשעווען. און אָט דרייט ער זיך אַרום איבער די גאַסן, קעדיי ניט צו שטיין אויף איין אָרט און ניט אַרויסרופן קיין כשאַד באַ קיינעם. ער איז שוין עטלעכע מאָל צוגעגאַנגען צו דער גאַס, וואָס פירט אין געטאָ אַרײַן. פון דאָרט זעט מען די שטעכדראָטן, דעם טויער מיט דער וואַך באַם אַרײַנגאַנג. נאָר ווי אַפּצולאָכעס, ווײַל ער אײַלט זיך אַזוי, ווײַל ער מוז וואָס גיכער זײַן אין דער היים און דער־ציילן, צוליב וואָס מע האָט אים אַרויסגערופן, זעט מען ניט גיין די ייִדישע קאָלאָנעס. און בעלעס־ברייִרע, קומט אים ווידער אויס מאַכן דעם אָנשטעל, אַז עס גייט אים גאָרנישט ניט אָן. ער קוקט מער ניט אין יענער זײַט, פונוואַנען מע קאָן אויף זיי דערוואַרטן, און לאָזט זיך גיין ווײַטער.

לויטן אויסזען איז מיכל די רויִקײַט אַליין. ער ווייסט: וואָס געדול־דיקער ער וועט זײַן, איז פאַר אים גלײַכער. ער טאָר ניט ריזיקירן.

באזונדערס הײַנט, ווען ער טראָגט אזוינע וויכטיקע נײַס. א קלײניקײַט! די ווײַסרוסישע כאַווײרים האָבן געקריגן ערגעץ א ביסל טאָל. זיי האָבן באַשלאָסן גיין אונטערלייגן עטלעכע מינעס אף דער היגער אײַזנבאַן־ליניע, איבער וועלכער עס ווערן טאָגטעגלעך אָפּגעשיקט צום פראָנט צוגן מיט געווער און מיליטער, און האָבן פאַרגעלייגט צושיקן פון געטאָ עטלעכע באָכערים אַנטיילצונעמען אין דער אָפּעראַציע, וועלכע זיי גרייטן. דאַרף ער איצט דאָ ארומגיין, זיך מאַכן געפּייגערט, בייס אײַנדערעמעסן ברענט שוין אף אים די הויט.

דער פאָרשלאָג איז אים שטאַרק געפעלן. ער ווייסט, אז באַלאָנים צו גיין אף דער אָפּעראַציע וועלן זײַן א סאַך. ווער פון די כעוורע אין געטאָ וועט ניט וועלן גיין אָפּצאַפּן די דײַטשן א ביסל בלוט? ווער פון זיי טראַכט ניט וועגן דעם טאָג און נאַכט? ער פאַרשטייט, אז בא די ווײַסרוסישע כאַווײרים איז שוין גראָד יאָ פאַראַן, ווער עס זאָל גיין צו דער אײַזנבאַן־ליניע אוועקלייגן די מינעס. זיי האָבן גענוג מענטשן, און אויב זיי ווילן פונדעסטוועגן אויך מיטנעמען מיט זיך עמעצן פון געטאָ, איז עס נאָר צוליב דעם, קעדיי א ביסל אונטערמונטערן די ייִדישע יאַטן, מע זאָל ניט זײַן בא זיך אזוי געפאַלן.

אים ווילט זיך אויך דערציילן, אז ביסטראָוו איז צופרידן פון דעם רעצעפּט, וואָס עס האָט געגעבן אײנער א כימיקער, א ייִד, צו מאַכן א געוויסן פּראָשעק, פון וועלכן דאָס לעדער זאָל פאַרברענט ווערן.

ער גייט, און די דאָזיקע געדאַנקען וואַרעמען אים דאָס האַרץ. באַזונדערס גוט ווערט אים, ווען ער דערמאָנט זיך אָן די באַקאַנטע אַרבעטער, וועלכע ביסטראָוו האָט אים בעסאָד־סוידעס אָנגערופן אלס אַנטיילנעמער פון דער גרופּע אַפן זאַוואָד. „מאָלאָדצי כעוורע! — טראַכט ער זיך. — דערלאַנגט! דערלאַנגט! מיר וועלן אײַך העלפן ניט נאָר מיט רעצעפּטן אף צו פאַטערן לעדער, נאָר אויך אומברענגען די פאַשיסטן אַליין״...

זײַן אומגעדולד וואַקסט. כוץ אַלעמען, ווילט זיך אים וויסן, וויאַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן די סרייפע אף דער וואָליקעס־פאַבריק, צי האָט

ניט דעריין קיין כיילעק די גרופּע, צי איז די סרייפע די איינציקע סיבע דערפון, וואָס מע האָט פארשפּארט די געטאָ. עס שרעקט אים דער געדאנק, צי האָט מען זיך, כאָלילע, דאָרטן ניט פארשאָטן.

דער איקער איז אָבער די אָפּעראציע אף דער אײַזנבאן. פאר דער קורצער צײַט, וואָס אים איז געבליבן, דארף ער באוויַזן זיך אומקערן אין געטאָ און צוקלײַבן עטלעכע יאטן. דאָס דארף געטאָן ווערן איינס און צוויי, אזוי, אז שוין מאָרגן אין אָוונט זאָל מען זיך צונויפקלײַבן הינטער דער שטאָט אפן אָנגעמערקטן אָרט.

מיכל גייט דורך א ביסל פאָרויס און קערט זיך אום צוריק. ניט גאָר קיין גרויס פארגעניגן ארומצודרייען זיך אזוי, ניט ווייסנדיק, ווו מע קאָן דיך א נעם טאָן. דעם מויעך עגבערט נאָך איין אומרויִקער געדאנק: ער האָט צוגעזאָגט מארגוליסן זיך לאנג ניט זאמען, און יענער קער שוין ווער ווייסט וואָס איבערטראכטן. ער האָט נאָך נעכטן באַדארפט זײַן אין דער היים. נאָר נעכטן האָט מען פון געטאָ קיינעם ניט ארויסגעלאָזט. ארום די דראָטן איז געשטאנען א פארשטארקטע וואך, און ער האָט, ווילנדיק־ניט־ווילנדיק, געמוזט בלײַבן נעכטיקן אין רוסישן ראיאָן. היַינט אָבער, ווייסט ער, איז מען ווידער ארויסגעגאנגען צו דער ארבעט, און, ווי נאָר עס וועלן זיך באוויַזן די קאָלאָנעס, וועט ער זיך מיט זיי ארײַנכאפּן אין געטאָ.

די זון איז שוין פארגאנגען. אַלע קערן זיך אום פון די אונטער־נעמונגען. בלויז די ייִדן זײַנען ניטאָ, כאָטש פון יענער זײַט דראָטן, זעט ער פונדערוויַיטן, קוקן ארויס אף זיי די ווײַבער און קינדער... צוביס־לעכוויַיז באהערשט אים אן אומרו: פארוואָס זעט מען קיינעם ניט פון די ייִדן? וואָס איז געשען?

ניין... ניין... ער וויל גאָר ניט טראכטן קיין שלעכטס. ער מוז זיך היַינט דורכרײַסן אהיים, באַדײַ אים זאָל אויסקומען ער ווייסט אַליין ניט וואָס צו טאָן. ער וויל זיך אַליין אײַנריידן, אז אַלץ וועט זײַן גוט. עפשער האָט ער א טאָעס געהאט, עפשער איז נאָך גאָרניט אזוי שפּעט און ניט אַלע האָבן שוין געענדיקט די ארבעט. וואָס איז די פּוילע פון דעם, וואָס ער וועט זיך ערגערן. דעם נעכטיקן

טאָג וועט ער דאָך סײַווי ניט אומקערן... גייט מען ארויס פון געטאָ, דארף מען לעכאטכילע וויסן, אז עס קאָן זיך אלץ טרעפן. מע דארף צוווארטן. כאָטש וואָס בלײַבט אים אנדערש צו טאָן? זאָלן זיך נאָר באווײַזן די קאָלאָנעס מיט די ייִדישע ארבעטער, וועט ער זיך ארײַנשלײַכן אין דער כורווע, וואָס שטייט באם וועג, אפדערגיך דאָרטן אָנטאָן אף זיך די געלע לאטעס און וועט זיך אויסמישן מיט די ייִדן, ווען זיי וועלן פארבײַגיין.

פונווײַטן דערהערט ער גיין מענטשן. עס איז שוין טונקל, און קלאָר זען, ווער דאָס איז, קאָן ער ניט... ער איז אָבער זיכער, אז דאָס גייען די ייִדישע קאָלאָנעס, און ער טוט אזוי, ווי ער האָט נאָרוואָס געטראכט. ער גיט זיך א שאר אין א זײַט. עס געדויערט א ווײַלע, און ער איז שוין אין דער כורווע, וואָס שטייט דערנעבן, א האלב־אײַנגעפאלענע, מיט פארייכערטע ווענט. ער כאפט זיך ארײַן אין א ווינקל. שטייענדיק אף א בארג ציגל, קוקט ער ארויס דורך א לאָך אין גאס אוןווארט, גרייט אָנטאָן אף זיך די לאטעס. נאָר ניין. דאָס זײַנען ניט קיין ייִדן. וואָס נעענטער זיי גייען צו, אלץ קלערער זעט ער, אז דאָס גייט א נאריאד פון דער שוץ־פאָליציי. די פאָליצײַען גייען צו דער געטאָ. אײדער זיי קומען נאָך צו צו די דראָטן, לאָזט זיך איין טייל פון זיי אוועק אף רעכטס, דער צווייטער — אף לינקס, און זיי שטעלן זיך אויס אין א ריי לענגאויס די דראָטן.

מיכל פילט, ווי עס ווערט אים קאלט אונטערן הארצן. עפּעס צופיל, צופיל פאָליציי האָט מען הײַנט אָנגעטריבן אהער צו באוואכן די געטאָ. שטילערהייט גייט ער אריבער אין אן אנדער ווינקל, אהין, פונוואנען מע קאָן זען אויך די איבעריקע גאסן. ער איז שוין דאָ ביז איצט אזויפיל מאָל געווען און האָט אזויפיל מאָל ארויסגעקוקט אף די קאָלאָנעס, אז ווען ער וואָלט אפילע ניט געווען קיין היגער און ניט געוווּסט, וואָס פארא הײַזער געפינען זיך דאָ און ווּהין עס פירן די גאסן, וואָלט ער אויך פארגעדענקט, אז די גאס, וואָס אנטקעגן, פירט צום וואָקזאל. סאמע פון פאָרנט שטייט אף אָט דער גאס די געבײַדע פון דער אָפּגעברענטער שוך־פאבריק. דערנאָך גייען נאָך הײַזער אזוי לאנג, ביז די גאס שפּארט

ניט אָן צו דער לאַנגער געבײַדע פון דעם אײַזנבאנער־שפּיטאָל, וועלכע זעט אויס צוליב איר לענג און צוליב די סאך קליינע פענצטער אפן פאסאד ווי א קאזארמע. פונדאנען פארקערעוועט די גאס אף רעכטס. אויבן, איבער איר, גייט א צוג. ער לאָזט איבער נאָך זיך אינדערלופטן א שווארצן פאס רויך...

דער פײַף פונעם צוג דערמאָנט מיכלען אין דעם, צוליב וואָס ער מוז זײַן אין דער היים. ער דרייט אויס דעם קאָפּ אף לינקס, צו דער צווייטער גאס, וואָס פירט צום צענטער. ניין. מע זעט דאָרט ניט גיין די, אף וועלכע ער ווארט. עס אײַלן בלויז אהיים איינציקע פארבײַגייער. אין אָט דער אײַלעניש זייערער פילט זיך די גאנצע אומזיכערקײַט פון דער צײַט...

מיכל דערשרעקט זיך שוין ניט אף קאטאָוועס. וואָס האָבן די דײַטשן ווידער צוגעטראכט? זאָל זײַן, אז מע האָט אלעמען פארהאלטן אף דער ארבעט און ניט געלאָזט גיין אהיים? צוליב וואָס? וואָס קאָן עס באטײַטן?

פון צעטומלטקײַט פארצייכנט ער אין זיקאָרן בלויז מעכאניש אלץ, וואָס קומט פאָר ארום אים. עס פארגעדענקט זיך אים עפּעס א מאנצבל, וועלכער גייט מיט א שווערן טראָט פון א באלעגאָלע אָדער פון א טרעגער, וואָס איז געוווינט צו שלעפּן אף זיך שווערע מאסעס. יענער גייט מיט א קוישל פארבײַ דער כורווע, ווו מיכל געפינט זיך, קומט צו נעענטער און ווערט מיטאמאָל נעלעם. בא מיכלען פליט דורך א געדאנק. ער האָט אים, דוכט זיך, געזען אין געטאָ. אויך, מיסטאמע, אזא העכט, ווי ער, מיכל. נאָר אויך דער געדאנק פליט דורך ווי א בליץ און פארהאלט זיך ניט אין זיקאָרן. ער טראכט נאָר וועגן דעם, אז ער קאָן מער ניט ווארטן... ער טאָר מער ניט ווארטן... ער וועט פּרוּוון זיך ארײַנגאנווענען אין געטאָ אף אן אנדער אויפן. געוויס וועט עס אים אָנקומען שווערער. אָבער ס'מאכט ניט אויס. ער איז שוין ניט איין מאָל דורכגעקראָכן בא דער וואך אונטער דער נאָז. ער האָט זיך זײַנע לעכער. עס זײַנען פאראן ערטער, ווו די דראָטן ציִען זיך סאמע צווישן די הײַזער און דאָרטן איז לײַכטער דורכצוגיין.

ער באשליסט ציילן ביז הונדערט. אויב פאר דער צײַט וועט גאָר־נישט ניט פּאָרקומען, גייט ער ארויס פון זײַן באהעלטעניש און לאָזט זיך אהיים מיט אַן אנדער וועג. צײַט איז אים געבליבן זייער ווינציק. באלד וועט שלאָגן די באשטימטע שאָ, ווען מע טאָר שוין ביכלאל ניט אומגיין איבער דער שטאָט. דעמלט וועט זײַן גאָר שלעכט. ער ציילט אין זיך, ניט אופהערנדיק אכטונג געבן אף דער גאס. פּלוצעם דער־הערט ער הינטער זיך א שאָרך. אונטער עמעצנס טריט הייבן זיך אָן אָפּשיטן די ציגל. מיכל ווערט פארשטארט. „עס פעלט נאָך, — טראכט ער מיט קלעמעניש, — אז עמעצער זאָל באמערקן, ווי איך בין ארײַנ־געגאנגען אהער"...

ער דרייט זיך אויס און דערזעט דעם פּארשוין מיטן קוישל, וועל־כער האָט זיך אים פריִער געוואָרפן אין די אויגן מיט זײַן שווערן גע־מאָסטענעם טראָט פון א בינדיוזשניק. יענער דערזעט אים אויך און לייגט צו א פינגער צום מויל, בעט אים, הייסט עס, ער זאָל שווײַגן. ער לאָזט זיך אראָפּ אפן בארג ציגל בא מיכלס פיס. ער וויל אים באַ־רויִקן, ער זאָל פאר אים קיין מוירע ניט האָבן. זאָגט ער צו אים שטיי־לערהייט: „איך האָב דיך געזען אף זאמקאָווע. איך גיי אויך אהין... איך האָב דאָרטן א ווײַב מיט קינדער"... ער נעמט ארויס פון קעשענע און ווײַזט מיכלען צוויי געלע לאטעס. ער איז שוין אָבער אויך א ביסל צעטומלט. ער פארשטייט ניט, פארוואָס זעט מען ניט קיינעם זיך אומ־קערן אין געטאָ. אינדערפרי איז מען, באשטעטיקט ער, ווי שטענדיק, אוועק פון דאָרטן אף דער ארבעט. ער אליין איז גלײַך מיט אלעמען ארויסגעגאנגען. זיי ווייסןביידע ניט, וואָס מע טוט ווײַטער.

— איך מוז, — זאָגט מיכל, — זײַן אין דער היים...

— אוואדע מוז מען, — באמערקט אויך דער פורמאן.

ווארטן לענגער האָט מער קיין זין ניט, און ווי זיי וואָלטן זיך צוזאמענגערעדט, לאָזן זיי זיך צום ארויסגאנג. דער פורמאן זאָגט, אז ער וועט גיין דער ערשטער. ביזן דראָט קאָן ער גיין, ניט מוירע האָבנ־דיק פאר קיינעם. ער אייצעט גיין מיט דער גאס, וואָס פירט פארבײַ דעם אײַזנבאנער־שפּיטאָל. זיי מוזן צוקומען צום יִדישן ראיאָן הינטן־

ארום, פון יענער זײַט, ווו עס געפינט זיך דער בעסאָלמען, ווו די געסלעך זײַנען אָנגעשפּיקעוועט מיט הײַזער און די דראָטן ציִען זיך צווישן זיי.

זיי גייען אָף א שטיקל מעהאלעך איינער פון דעם אנדערן. פאָרויס — דער פורמאן. נאָך אים — מיכל. אָט איז שוין געבליבן הינטער זיי דער אָפּגעברענטער קאָרפּוס פון דער שוך־פאבריק. אנטקעגניבער, אין דעם צווייִשטאָקיקן הויז מיטן גאנעקל, איז פריִער, ביז ער האָט זיך ניט אריבערגעקליבן אין געטאָ, געוועזן דער יודענראט. אָט איז אויך די בענזין־קאָלאָנקע, לעבן וועלכער עס שטייען מאשינעס און מע הערט ריידן דײַטש. ווײַטער א ביסל דערזעען זיי אומגיין איינעם מיט א ביקס אָפן אקסל און מיט א ווײַסן אָרעמבאנד פון דער שוץ־פּאָליציי אָף דער האנט.

פון דער ביטערער דערפארונג ווייסן זיי, אז דײַטשן איז צומאָל לײַכטער אָפּנארן ווי זייערע באדינער, און מיכל הייבט אָן גיין לאנגזאמער. דער פורמאן גייט פאָרויס. איידער ער דערנעענטערט זיך צום פּאָליצײַ, הייבט ער אָן פלאָנטערן מיט די פיס, ווי ער וואָלט געווען שיקער. ער נעמט ארויס פון קעשענע סיגארעטן און מיט אומזיכערע באוועגונגען פון די הענט, וועלכע ווילן אים, קלוימערשט, ניט פאָלגן, שפּארט ער ארײַן א סיגארעט אויך דעם פּאָליצײַ אין מויל, בעט פײַער... אים געפעלט שטארק דער פּאָליצײַ, און ווען יענער רוקט ארײַן די הענט אין קעשענע נאָך א שוועבעלע, נעמט אים דער באלעגאָלע ארום און האלדזט אים, ווייל זיך נאָר מיט אים צעקושן. „בראטאָק טי מאָי"[1] — פארכלינעט ער זיך אזש פון ליבע צו אים. יענער בריקעוועט זיך, לאָזט זיך ניט, בעט זיך בא אים, ער זאָל אוועקגיין, דער שיקורניק.

מיכל נוצט אויס די מינוט און לאָזט זיך גיין, נאָר דער פּאָליצײַ באמערקט אים. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס אזוינס האָט ער אין אים

[1] ברודערקע מײַנער.

דערזען, נאָר ער הייסט זיך אָפּשטעלן. דער פורמאַן הענגט זיך אָן אפן פּאָליציַי, באַלעבעטשעט שיקערלעך מיט דער צונג און לאָזט אים ניט גיין.

— א טשאָרט ס׳נים... כיַי אידע... זאקורים, בראַטאָק...[1]

דער פּאָליציַי שלײַדערט פון זיך אָפּ דעם פורמאַן און לאָזט זיך לויפן נאָך מיכלען, שרײַענדיק:

— שטיי, איך וועל שיסן!..

מיכל לאָזט זיך לויפן. קיין אנדער ברירה האָט ער ניט. ער לויפט און געדענקט, אז זיַין רעטונג הענגט איצט אָפּ דערפון, צי וועט ער באַוויַיזן אריַינכאַפּן זיך אין די כורוועס, וועלכע ציִען זיך הינטער דעם שפּיטאָל. דאָרט, צווישן די בערג שטיינער און ציגל, וועט אים, מעגלעך, געלינגען זיך ארויסדרייען. מע דאַרף זיך בלויז אריַינכאַפּן אהין, און וויַיטער וועט אַלץ זיַין אין אָרדענונג. ער דערזעט אָבער באַלד, אז אויך אנטקעגן לויפט עמעצער, קעדיי אים איבערשניַידן דעם וועג. מיכל טוט זיך א וואָרף אין דעם ערשטן בעסטן הויף. ער שפּרינגט אריבער דעם פּלויט, צערײַסט דעם מאַנטל אָן עפּעס און לויפט וויַיטער איבער די גערטענער.

ווען ער שפּרינגט באַניַיס אמאָל אריבער דעם פּלויט און כאַפּט זיך אריַין אין א גרויסן הויף, ווו פון צוויי זיַיטן, אונטער א שאַרפן ווינקל, ציט זיך א רויטער לאַנגער נידעריקער מויער מיט א סאַך פענצטער, ווי אין א קאַזאַרמע, שטויסט ער זיך אָן, אז דאָס איז דער איַיזנבאַנער־שפּיטאָל. וויַיטער לויפן האָט ער שוין ניט וווהין. פון גאַס הערט זיך א שיסעריַי. ער פילט, אז אָט־אָט וועט מען אים דעריאָגן...

בייס דער שיסעריַי גייט ארויס פון שפּיטאָל יוליִא סערגייעוונא אָנגעטאָן אין א וויַיסן כאַלאַט, מיט א הויכן מיצל אפן קאָפּ. זי פאַר־געסט ניט, אז דער פורמאַן, וואָס איז געווען בא איר, איז נאָרוואָס

[1] כאַפּט אים דער רועך... זאָל ער גיין... לאָמיר פאַרייכערן, ברודערקע...

אוועקגעגאנגען, און דערשרעקט זיך. דאָס יאָגט מען זיך אוואדע איצט ווידער נאָך אים.

מיכל באַוויַיזט נאָר צולויפן צו איר און א זאָג געבן:

— איך בעט אײַך זייער, באַהאַלט מיך...

זי דערזעט, אז דאָס איז ניט דער פורמאן, פונדעסטוועגן עפנט זי טייקעף אויף די טיר, שטופּט מיכלען אַפּגיך אַריַין אין דער קלאַדאָווע, וואָס געפינט זיך אונטער די טרעפּ, וועלכע פירן אַפן צווייטן שטאָק. זי פאַרשליסט די טיר, לייגט אַריַין דעם שליסל אין קעשענע פונעם וויַיסן כאַלאַט און גייט אַרויס אין דרויסן.

ווען עס קומען צו לויפן פאַרסאָפּעטע די פּאָליציַיען און פרעגן, צי האָט זי ניט געזען עמעצן, קנייטשט זי מיט די אַקסל, ווי זי וואָלט ניט געוווּסט פון וואָס צו זאָגן.

די פּאָליציַיען פאַרלאָזן דעם הויף.

באַנאַכט, אין א שטילער שאָ אַזאַ, ווען אין די פּאַלאַטעס איז מען געשלאָפן און נאָר אין די קאָרידאָרן בא שוואַך באַלויכטענע טישלעך זיַינען געזעסן די נאַכט־שוועסטער, איז יוליאַ סערגייעווּנאַ אַראָפּגעגאַנ־גען אַפן ערשטן שטאָק, האָט געעפנט די קלאַדאָווקע און אַריבערגעפירט מיכלען אין איזאָליאַטאָר — אין א קליין צימערל מיט פאַרפאַרבטע שויבן, וווהין קיינער איז ניט אַריַינגעקומען אָן א באַזונדערער נויט.

— נו, וואָס? — האָט זי געפרעגט. — וואָס זאָל איך מיט דיר טאָן?

— מע דאַרף גאָרניט טאָן. איך וועל באַלד אוועקגיין.

— וווהין?

— אין געטאָ.

— ביסט באַם זינען? — האָט זי געזאָגט. — ווייסט דען ניט, אַז די געטאָ איז אַרומגערינגלט? אַלע, וואָס זיַינען געווען אַף דער אַרבעט, האָט מען אַהיים ניט געבראַכט. ווער ווייסט, וואָס די דיַיטשן האָבן פאַר־טראַכט... זיץ און שוויַיג. אינדערפרי, ווי נאָר מע וועט מעגן גיין, וועל איך דיך אוועקפירן צו זיך. און שפּעטער וועלן מיר זען, וואָס צו טאָן.

באגינען, ווען יוליִא סערגייעווגא איז אריַין אין איזאָליאַטאָר, האָט זי געטראָפן בלויז אן אָפן פענצטער... מיכל איז שוין דאָרט ניט געווען.

שפּעטער, ווען יוליִא סערגייעווגא איז געגאנגען אהיים, האָבן זיך פון עטלעכע זיַיטן מיטאמאָל גענומען באוועגן צו דער געטאָ עסעס־טיילן... זיי זיַינען געגאנגען א ריי נאָך א ריי, באוואָפנטע, ווי צו א שלאכט. אָן טומל און געשריי זיַינען זיי אריַינגעגאנגען דורכן טויער אין געטאָ, האָבן דורכגעשניטן עטלעכע גאסן און ווידער פאַמעלעך, ניט געיַילט, גענומען זיי ארומרינגלען, אויסשטעלנדיק זיך איינער ניט וויַיט פונעם אנדערן. ערשט שפּעטער האָבן זיי זיך באוויזן אין די הויפן, גענומען קלאפּן אין די טירן, טריַיבן פון די היַיזער:

— ארויס! ארויס!

אין געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן א טומל...

(סאָף פונעם ערשטן בוך)



# אין שטאָט-גאָרטן

לוילע דער שטשעדרינער איז, קאָן מען זאָגן, גאָר אפילע קײן מעשוגענער ניט געווען. נאָר וואָס עמעס, איז עמעס, א ניט־דערבאקטער איז ער יאָ געווען, עפּעס א צו גרויסע „שטיק פלייש מיט אויגן“, א טאם, א מענטש, וועמען עס האָט גע־פעלט א קליאָפּקע.

ווען לוילע איז עלטער געוואָרן, האָט מען אים כאסענע געמאכט. צונויפגעפּאָרט האָט מען אים מיט איינער א הינקעדיקער געשטופּלטער

יעסוימע, וואָס איז אומגעגאַנגען איבער די הײַזער. געהאַט האָט ער אפילע א קינד מיט איר. נאָר ניט זי, דאָס ווײַב זײַנס, ניט דאָס קינד זײַנען אים אָנגעגאַנגען. ער איז, ווי פריִער, געבליבן אין רעשוס־האָראַבים, א קאָהאָלשע זאַך, ווי די באָד אינעם שטעטל, ווי דער יִדישער בעסאַלמען. ער האָט, ווי פריִער, וווּ געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט. אין דער היים — געווען א זעלטענער גאַסט... ער האָט וועמען א שײַט האָלץ צעהאַקט און דערפאַר בא יענעם אָפּגעגעסן, וועמען — א פּאָר עמער וואַסער פון טײַך געבראַכט. שפּעטער האָט מען אים געפונען א נײַע אַרבעט. ס'איז אַפילע שווער צו זאָגן, ווער עס האָט אים געמאַכט פאַר א שוימער פונעם שטאָט־גאָרטן, וואָס מע האָט דאָ ניט לאַנג געעפנט אפן הויכן ברעג טײַך, קעדיי אַזא היפּש שטעטל, ווי שטשעדריק, וואָס האָט זיך לעצטנס צעוואָקסן און אָפּגעעפנט אײַן פאַבריקל און א צווייטס, זאָל ניט אָפּשטיין פון דער וועלט. מעגלעך אַפילע, אַז עמעצער פון ראַיויספּירקאָם האָט אים פּאָשעט אוועקגעשטעלט אף דער אַרבעט, קעדיי ער זאָל זיך ניט אַרומדרייען איבערן שטעטל און שטעכן די אויגן יעדן נײַעם מענטשן, וואָס קומט אַראָפּ אַהער פון געגנט, מיט זײַנע קורצע הייזלעך, פון וועלכע עס זעען זיך טאָמיד אַרויס נאַקעטע רויטע פיס, און מיט דעם אַלט־אָפּגעקראָכענעם רויטאַרמייִשן העלם אפן שפּיץ פונעם טאָמיד לאַנג ניט געשוירענעם קאָפּ.

נאָר אַזוי צי אַנדערש, לוילע איז געוואָרן א שוימער פונעם שטאָט־גאָרטן. מיט א שטעקן אין האַנט איז ער אַזוי פון פריִען באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט אומגעגאַנגען איבער די מיט געלן זאַמד באַשאָטענע סטעזשקעס א זומער און צוויי און דרײַ און האָט געהיט, אַז קיינער זאָל, כאָלילע, ניט אָפּרײַסן קיין צווײַגל, קיין בלימעלע, קיין בלעטל, מע זאָל ניט טרעטן אפן גראָז...

ער האָט זיך צו היציק צוגעכאַפּט צו דער אַרבעט פון היטן דעם סאָד, ווי אײַנער, וואָס אין יעדער זאַך, וואָס ער טוט, שטעקט דאָך א קאַפּעלע מעשוגאַס, אַן איבערגעטריבענע גינציקײַט. מע האָט נאָך געדאַרפט דערצו, אַז ווער פון אויספּירקאָם זאָל אים אַרויסרופן און אָנזאָגן: „לוילע, היט גוט... מע זאָל ניט רײַסן... מע זאָל ניט ברעכן“. און

אָנהייבן צאָלן אויך עפּעס א „זשאַלעוואַניע". און האָט נאָך ווער אים, א פּאַטש געבנדיק דערבײַ אין דער פּלייצע, געזאָגט: „מאָלאָדיעץ, לוילע", — איז איינגאַנצן שוין אָפּגערעדט, אז ער איז געקראָכן פון דער הויט, קעדיי אין סאָד זאָל אַלץ זײַן אקוראַט, אז קיינער זאָל דאָ גאָר־נישט אָנרירן...

האָט געטראָפן אמאָל, אז כעוורע האָבן פּאָרט אָנגעטאָן עפּעס א שטיקל שאָדן אין סאָד: רײַסנדיק בעז, אָפּגעבראָכן א צווײַג, אָדער אומלויפנדיק, אומגעוואָרפן א פריש פאַרפלאַנצט ביימל, דעמלט האָט זיך לוילען געעקט דאָס לעבן. ער האָט זיך שוין דאָ ארומגעדרייט אזוי לאַנג, ביזוואַנען ער האָט די צווײַג ניט אויסגעגלײַכט צוריק און דאָס ביימל ניט אופגעשטעלט. נאָר מוירע האָבנדיק, אז אין דער זעלבער רעגע, וואָס ער פּאָרעט זיך דאָ, זאָל ער עפּעס אנדערש ניט פאַרזען, איז ער געווען שטאַרק צעטראָגן, אין קאַס, רויט, און צי איז דערבײַ עמעץ געווען, פאַר וועמען ער זאָל קענען אויסריידן זײַן האַרץ, צי ניט, נאָר ער האָט דאַן געשטאַמלט, געפינטלט מיט די אויגן און געשפּריצט א קאַפּעלע מיט שפּײַעכץ:

— ז־ז־זאָל איך נאָר דערז־ז־עז־ען, ווער סע האָט געטאָן... ז־ז־אָל איך נאָר דערז־ז־זע־ן... כ'וועל מיימעסן...

ווען עס האָט זיך געמאַכט אמאָל, אז דער ווינט האָט ארויסגע־וואָרפן פון נעסט א נאַקעט, נאָך ניט באַפעדערט פייגעלע, האָט עס געפּישטשעט און געפּישטשעט מיט צעשפּרייטע פליגעלעך און מיט א ברייט צעעפנט שנאָבלכל פון דער ערד אזוי לאַנג צו דער מוטער, וואָס איז ארומגעשפּרונגען א צעטראָגענע פון צווײַג אף צווײַג, ביז לוילע האָט עס ניט דערזען און צוריק ניט ארײַנגעלייגט אין נעסט... נאָכדעם האָט ער זיך אומגעדרייט מיט א פאַריסענעם קאָפּ צו די צווײַגן, פונוואַנען עס האָט זיך געטראָגן א רויקלעך־פריידיק צוויטשערן פון עטלעכע פייגעלעך פאַראמאָל, און געקוועלט, האָבנדיק דערפון גרויס נאַכעס... און דאַן איז ווידער אזוי פאַרלאָפן, צי איז ווער לעבן אים געווען צי ניט, נאָר ער האָט גליקלעך געוווּנקען צו די צווײַגן און פאַר גרויס טײַנעג אזש אונטערגעזיפצט מיט א פולער ברוסט.

קינדער, וואָס האָבן געוווּסט זײַן כאַלאַס, אַז ער פֿאַרלײַדט ניט, טאָמער איז עפּעס אין סאָד ניט אַזוי, פֿלעגן זיך מיט אים רײצן. ס'גייען זיך אַזוי, לעמאַשל, מיט דער אַליי עטלעכע מיידעלעך אין קורצע ווײַסע זעקלעך אַף פּריש־פֿאַרברוינטע פֿיס, די האָר אין צעפּעלעך פֿאַרפֿלאָכטן, און דערזעען לוילען. פֿון קלוימערשטיקער צעטראָגנקײַט גיבן אַ שפּרונג באַ איינער פֿון זיי די ברעמען אַרויף:

— לוילע, זע, וואָס שטייסטו? ייִנגעלעך ברעכן דאָך אַ צווײַג.

לוילע גיט זיך גלײַך מעשוגע אַ ריס, לויפֿט פֿאַרכושט אַוועק מיטן שטעקן אין האַנט אַהינצו, ווו מע האָט אים אָנגעוויזן, פֿרעגנדיק אַ פֿאַר־שמײַעטער, וועמען ער זאָל שוין ניט באַגעגענען אין וועג:

— ווו? ווו?

קיינער ברעכט ניט קיין צווײַג. בלויז אַרום פֿאָנטאַן, ווו עס שטייען אין אַ קרײַז אַ סאַך געפּאַרבטע בענק און מוטערס זיצן מיט קליינע אייפּעלעך אַף די הענט, האָט זיך אַ קינד אַראָפּגעגליטשט פֿון דער מוטערס שויס צום גראָז און אייסעקט זיך דאָרט. דערזעען צולויפֿן לוילען אַ צעהיצטן און צעטראָגענעם, ווייל די מוטער נעמען דאָס קינד אַף די הענט, לאָזט זיך עס ניט, עס הייבט אָן שרײַען, דריגען מיט די פֿיסלעך, פֿאַרקאַשערנדיק דאָס קליידעלע איבערן נאַקעטן בײַכל...

— ס'איז דאָך אַ קינד. וואָס קען עס קאַליע מאַכן? — פֿאַרענטפֿערט זיך די מוטער.

נאָר יענעם גייט קיין זאַך ניט אָן.

— ניט מײַן דײַגע... — טײַנעט ער, זיך פֿאַרהיקענדיק, — מע ט־ט־טאָר ניט, און גאָר. ניט מײַן דײַגע...

און ער איז שוין גרייט זיך נעמען אַליין פֿאַרן קינד, ווען די מוטער שטויסט אים ניט אָפּ:

— אַזאַ מין שלאַק גאָר... מעשוגע אַפֿן גאַנצן קאָפּ...

און זי כאַפּט צו דאָס שרײַענדיקע קינד מיט גוואַלד, געבנדיק דעם פּאָר פֿאַרדראָס אַ פּאָר פּעטשלעך אין געזעסל, און גייט אַוועק...

אַז לוילע איז עלטער געוואָרן, האָט ער די צוגעבונדנקײַט צום סאָד

ניט פארלאָרן, ווינטער איז ער ווי־ניט־איז דורכגעקומען, ווען ווידער א פּאָר עמער וואסער געבראכט, וועמען — א שײַט האָלץ צעהאקט.

— לוילע, מ׳ט באלד עפענען דעם פּארק?

ער גיט א זיפץ:

— ניין, נאָך קאלט... — און פארהיקעט זיך. — וועלכער מע־ש־ש־וגענער וועט עס גיין אין אזא קעלט אין פּארק.

נאָר אָט ווערט ווארעמער, דער שניי צעגייט, דיביימער צעגרינען זיך, אין סאָד גייט אוועק אן ארבעט. מע גראָבט, מע זעצט וואָס איבער. איצט זעט מען לוילען אומהאווען גאנצענע טעג, ראַק לויפן פון סאָד אין גאָרקאָמכאָז און פון גאָרקאָמכאָז צוריק אין סאָד, ווי ער וואָלט דאָ, אין דער ארבעט פון ארומזען דעם סאָד, געווען א גאנצער פּאָדריאטשיק. לוילע, נישט קיין אנדערער, העגנט אויס די ערשטע אפישן, אז דער פּארק עפנט זיך, ער, לוילע, איז דער ערשטער, פון וועמען עס גיט א שמעק מיט צעגרינטע ווערבע. אלע געוווינען זיך צו מיט דער צײַט צו זײַנע מעשוגאסן. ער ווערט ווי א טייל פונעם סאָד מיט די גלײַכע, געדיכט צעוואָקסענע פינצטערלעכע לינדן־אלייעס, מיט די שטילע, טיף־שאָטנ־דיקע ווינקלען, וואָס שמעקן מיט א הייסן רייעך פון פרי־צעפּוקעטן טאָפּאָל, פון די לידער, וואָס הערן זיך טאָמיד פונעם טײַך דערבײַ... מיט דער צײַט הייבט זיך אָן דאכטן, אז אָן לוילען וואָלט דאָ שוין אפילע עפּעס געפעלט...

*

אין איינעם א זונטיק, אזא שיינעם, זעלטן־אויסגעשפּילטן טאָג, ווען פון פאַרפרי אָן האָבן זיך אין סאָד אָנגעהויבן קלײַבן מענטשן, אי קינ־דער, אי מיידלעך, אי באָכערים, און פון טײַך האָט זיך געהערט, ווי מע זינגט און מע לאכט, האָט אָנגעהויבן מיטאמאָל דונערן. אף איינער פון די צעבליטע לינדן־אלייעס האָט א הייסער ווירבל־ווינט א הייב אוף געטאָן מיט זאמד א הויפן פריש־אראָפּגעשאָטענעם צוויט און פאר־

דרייט אין דער הייך. אַף אַ רעגע איז פֿינצטער געוואָרן, ווי פּאַר ליקע־כאַמע. און לוילע האָט זיך געכאַפּט, אַז דער סאַד איז עפּעס פּוסט גע־וואָרן. מע זאָל זיך עס דערשרעקן, אַז עס זאָל מיטאַמאָל ניט אַ גאַס טאָן אַ רעגן? קוקט לוילע: דער הימל איז אינגאַנצן לויטער, די זון שײַנט. נישט קיין וואָלקנדל, נישט קיין כמאַרעלע, דאָך זעט מען אויך קיינעם ניט מער אַפֿן טײַך... עפּעס אַ שיפֿל אָן מענטשן שווימט מיטן וואַסער, פֿאַרדרייט זיך מיטן האַסטיקן שטראָם, גלײַך די מענטשן, וואָס זײַנען נאָרוואָס געשווומען אין דעם און געזונגען און געלאַכט, וואָלטן דערטרונקען געוואָרן... וואָלט ער כאָטש דערהערט אַ געשריי „ראַטע־וועט!“, וואָלט זיך כאָטש ווער געלאָזט לויפֿן צוהילף... קיין זאַך ניט... און ער פֿאַרשטייט ניט, וואָס קומט דאָ פֿאָר. ער זעט בלויז, אַז ער איז איינער אַליין געבליבן אינעם גרויסן סאַד, ווו נאָך מיט עטלעכע רגעס צוריק האָט געראַשט. און אים ווערט שטאַרק אומעטיק. ער געדענקט ניט אַזאַ פֿאַל, אַז זומער זאָל ווען פּוסטעווען דער סאַד. ער דרייט זיך אַרום איינזאַם אַליין איבערן סאַד, פֿאַרשאַרט ווו מיטן שטעקן אַ ברעקל פּאַפּיר אָן אַ זײַט פֿון דער מיט ציגל אויסגעפֿלאַסטערטער סטעזשקע... ער זעצט זיך אַוועק אַף איינער אַ באַנק, קוקט אַף דורך און דורך, ווי לאַנג זי האַלט ניט, די טיף־באַשאָטנטע אַליי. און עס ווערט אים מלאָ־שנע. פֿון שווערע פֿאַרגעפֿילן, וואָס שרעקן אים, ווי עפּעס אַ קאָשמאַר, און לייגן זיך אים אַוועק אַפֿן האַרצן, הייבט ער אָן צו גענעצן. ערגעץ אַף יענער זײַט טײַך ברומט ווידער, ווי עס וואָלט געדונערט. פֿון האַרצ־ווייטעק, וואָס ער ווייסט ניט, פֿונוואַנען עס קומט, צי פֿון דעם אומעט, וואָס באַפֿאַלט אים אַלץ מער און מער, צי פֿון די בייזע פֿאָרגעפֿילן, צי פֿון וואָס אַנדערש, פֿאַרגלוסט זיך אים שלאָפֿן. און ער ציט זיך אויס אַף דער באַנק, רוקט אָן דעם העלם איבער די אויגן, הייבט אָן דרעמלען...

דרעמלענדיק, הערט ער: אין אַ מינוט אַזאַ, ווען די בלעטער איבער זײַן קאָפּ גיבן זיך ניט קיין ריר, ווי עפּעס אַ גערודער וואַקסט אָן, דער גערודער גייט אַוועק מיט אַ ווײַטלעכער, אַרופּבאַרגיקער גאַס, וואָס איר עק קומט אַרויס צום סאַד. עס רודערט אַזוי, ווי שווער־געלאָדענע

צוגן וואָלטן דאָרטן געטאַראַכקעט פאַרבײַ. נאָר קיין אײַזנבאַן, ווייסט ער, איז אין דער זײַט ניט פאַראַן... און ער גיט זיך ניט קיין טירכע צו פאַרשטיין, וואָס רודערט דאָרט אַזוי, וואָס פירט מען דאָרט. געדאַנקען, וועלכע ער האָט אויך גאַנץ אָפט, ביז איצט, ניט געקאָנט דערפירן צו עפּעס אַן אויספיר, באַפאַלן אים און מאַכן אים מיד. ער גיט בלויז אַ קרעכץ, דרייט זיך אויס אַף אַ זײַט און ווערט אַנשלאָפן. ער שלאָפט, כאַפּט זיך אויף, ווערט ווידער אַנשלאָפן, פילנדיק, ווי אין דער מינוט פון וואָר, בייס ער שלאָפט ניט, מאַטערט עפּעס אים אַלץ מער און מער. ער שלאָפט, ווי איינער, וואָס וויל איבערשלאָפן אַ קרענק, ווי ער וואָלט וועלן איבערשלאָפן דאָס, וואָס האָט אין אָט דעם זונטיקדיקן זעלטן־שיינעם טאָג פּוסט געמאַכט דעם סאָד און דעם טײַך... ער האָט קיין אַנונג ניט, ווי לאַנג ער ליגט אַזוי, ער האָט קיין געפיל ניט צו דער צײַט, עלעהיי ער וואָלט, ליגנדיק אַזוי, געוואַרט בלויז אַף דער מינוט, ווען אַלץ וועט ווידער ווערן ווי געווען, ווען מע וועט אַפּסנײַ אָנפילן דעם סאָד, און ער וועט דאַרפן ווידער אַוועקגיין מיט זײַן שטעקן אין האַנט איבער די סטעזשקעס אַכטונג געבן, אַז מע זאָל דאָ גאָרנישט ניט רײַסן, ניט ברעכן, ניט פליקן...

ער הייבט זיך אָן צוהערן, וואָס עס טוט זיך אין שטעטל, וועמענס שטיל געהילך האָט זיך אַלעמאָל דערטראָגן אַהער. נאָר דאָרט איז אינגאַנצן שטיל. און עס דוכט זיך אים אָפּ, אַז אַלע זײַנען דאָרטן אויסגעשטאָרבן... ער דערשרעקט זיך: ווער וועט עס אים איצט צאָלן זשאַלעוואַניע? ווו וועט ער עסן? אים שטעלט זיך פאָר: ער גייט אַרײַן אין אויספירקאָם, עפנט איין טיר, אַ צווייטע — קיינער ניטאָ. ער גייט אַוועק אין גאַס — פּוסטע הײַזער...

לוילע זעצט זיך אַוועק. ער נעמט אָן מיט אַ האַנט דאָס העמדל אַף דער ברוסט, קראַצט זיך... נאָר אָט הייבט ער אויף דעם קאָפּ. עס גיט אים אַ לײַכט אין די אויגן. עס ווערט אַף אים אַ סימכע. ער האָט דערהערט מענטשלעכע שטימען... אַהאַ. שוין. מע קומט שוין צוריק. איצט פאַרשטייט ער: דאָס האָט מען זיך געוואָלט אַ רייץ טאָן מיט אים אַזוי, טרײַבן אַ ביסל קאַטאָוועס מיט אים... און ער צעלאַכט זיך שטילערהייט,

פאַר גרויס טײַנעג א דריי טוענדיק מיטן קאָפּ: כיטרע זײַנען זיי, די מענטשן, זיי ווייסן, אפּאָנעם, אז דאָס דאַרף אים קאָסטן א שטיק געזונט, האָבן זיי געוואָלט אים אָנשרעקן, זיך געמאכט, אז מע איז ניט געוואָרן. נאָר ער, לוילע, איז דאָך אָבער אויך קיין גרויסער נאר ניט. אויב עס האנדלט זיך דאָ אין דעם, ווער עס איז קליגער, קאָן ער דאפקע זיך מאכן, אז ער שלאָפט קלוימערשט און זעט גאָרנישט, טאקע גאָרנישט. און ער לייגט זיך צוריק אוועק אף דער באנק, ציט זיך אויס אין דער גאנצער לענג און שנאָרכעט, שנאָרכעט...

דורך קוים אָפענע אויגן, ווי דורך שפּעלטיקלעך, וואָס ער קאָן שוין ניט צונויפשליסן, דערזעט ער, ווי אף יענער זײַט פּלויט, אין הויף, ווו עס שטייט די גרין־געפארבטע געבײַדע פון דער פּאָטשט, ווו איבער איינעם א פענצטער מיט פּאָרצעלײַענע קריגעלעך זינגען אָן אופהער א סאך טעלעגראפנע דראָטן, ווערט פול מיט אומבאקאנטע באוואָפנטע מענטשן אין גרינע מאלבושים מיט בלײַענע קנעפּ... אייניקע לאָדן אויס מאשינעס, אנדערע ליגן אף דער ערד. עפּעס רייכערט זיך דאָרט א מין אײַזערנער אויוון אף רעדער, ארום וועלכן עס האוועט איינער א געלער אין ווײַסן, מיט א ווײַס מיצל אפן קאָפּ און מיט פארקאשערטע ארבל פון דעם העמד העכער די עלנבויגנס. דער איינציקער בוים אין הויף איז באהאנגען און ארומגעשטעלט מיט ביקסן.

בלויז דערפון, ווי דער געלער בראָקט עפּעס אף דער ברעט, פאר־שמעקט צו לוילען מיט געקעכטס, מיט גרינע ציבעלעס, און עס פאר־גלוסט זיך אים עסן. וויפל מאָל האָט פאסירט, אז פונקט אזוי זײַנען צו דער פּאָטשט געקומען צו פאָרן רויטארמייער און, זיך זעצנדיק עסן בא די מאשינעס, אויך אים געגעבן וואָס אָפּצועסן. ער ווייסט אליין ניט פארוואָס, נאָר די, זעט ער, זײַנען ניט קיין רויטארמייער. דאָך וואָלט ער לאכלוטן ניט געווען קעגן, ווען זיי גיבן אים עפּעס איבער־צוכאפּן. ער באלעקט זיך אזש פארפרי, בלויז באם געדאנק, וויאזוי ער וועט נעמען עסן. נאָך א רעגע, און ער וועט צוגיין צום פּלויט. נאָר עפּעס האלט אים אָפּ. זיי ריידן עפּעס אזוי מאָדנע, אז ער פארשטייט גאָרניט. דערצו קומט ארויס פון פּאָטשט איינער אין א הויך האַרט

היטל, פארבראָכן פון פּאָרנט אַף אַרויף, אין גלאַנציקע שטיוול, און הייבט אָן שרײַען אַף א צווייטן. אָט־אָט פּאַרפּאַרט ער אים אין באַק. דער צווייטער באַמיט זיך שטיין גלײַך, די הענט פעסט געדריקט צו די זײַטן, מיט אויגן אָנגעשטעלטע אַף דעם, וואָס שרײַט, ווי א הינטל באַם סלוזשען. לוילען פאַרגלוסט זיך אַזש לאַכן, אַזוי קאָמיש און הילפלאָז זעט אויס דער, אַף וועמען דער ערשטער שרײַט, כאָטש ער איז, ווי לוילע איז זיך מעשאער, א סאַך געזינטער און העכער פון דעם, וואָס שרײַט. ער וואָלט, דוכט זיך, מיט איין זעץ יענעם אומגעוואָרפן. נאָר לאַכן האָט ער מוירע. ווײַל עפּעס ענלעכס האָט ער צווישן די רויטארמייער ניט געזען. און שוין ניט נאָר צוגיין עפּעס בעטן עסן, נאָר אַפילו צוקומען פּאַשעט נעענטער צום פּלויט האָט ער איצט אויך מוירע. ניט ווילנדיק שאַפט זיך באַ אים א פאַרשטעלונג, אַז אַלע זײַנען זיך צעלאָפן פונדאַנען איבער אָט די־אָ... און אַז ניט נאָר פונדאַנען, נאָר פונעם גאַנצענעם שטעטל זײַנען זיך אַלע צעלאָפן... אַפן זיקאָרן קומט אים אָן די דערמאָנונג וועגן א בעהאַלטע אין דער קינדהײַט, בעשאַס א באַנדע איז באַפאַלן דאָס שטעטל און אויסגעקוילעט עטלעכע מישפּאָ־כעס. ער איז דאַן ארומגעגאַנגען איבער די הײַזער אָנקוקן די מייסים. און לוילע דערשרעקט זיך ניט אַף קאַטאָוועס. ער רוקט זיך אָפּ פונעם פּלויט אַף הינטן, פּאַמעלעך אַזוי און פּאַמעלעכער... פאַרגייט הינטער א בוים, און, ארומנעמענדיק אים מיט ביידע הענט, הייבט ער אָן פון דאָרט נאָכצושפּירן, וואָס עס וועט זיך ווײַטער טאָן אין הויף... זײַנע אויגן בלאָנדזשען אום פון די מענטשן צו דער קיך, וואָס רייכערט זיך און פאַרשמעקט די לופט מיט א רייעך פון געקעכטס, פון קיך — אַפּסנײַ צו די מענטשן... דאָס פּאָנעם זײַנס, א פאַרוואָקסנס מיט א מאָ־כיק בערדל, קריגט אָט א מינע פון א הונגעריק פאַרוואָרלאָזט הינטל, וואָס דערשמעקט שפּײַז און איז גרייט א דריי צו טאָן נאָכגיביק מיטן ווײדל, און אָט פון אַזא, וואָס האָט מוירע, אַז מע זאָל אים, אָנשטאָט צו וואַרפן א ביין, מיט א שטעקן ניט דערלאַנגען...

נאָר מיטאַמאָל דרייט ער זיך אויס. ער האָט גאָר ניט באַמערקט, ווען און וויאַזוי האָט מען דאָס אָפּגעריסן עטלעכע ברעטער פון

פלויט. איצט איז דורך דער לאָך אַרײַן אין סאָד דער געלער מיט דער פולער צורע, ווי א לעוואָנע. ער זוכט עפּעס צווישן דיביימער. ער האלט א האק אין האנט.

לוילע פארגעסט ניט אף קיין מינוט, אז ער איז שטארק הונגעריק און אז מיט דעם־אָ דארף ער זיך ניט קריגן. דער קאָן אים אָנקאָר־מענען. נאָר די עטלעכע טריט, וואָס לוילע מאכט, טוט ער אזוי שנעל און מיט אזא ברען, ווי א מענטש מיט מער פארשטאנד, וואָס ווייסט, אז ער גייט ניט נאָר ראטעווען עפּעס א ביימל, נאָר א גאנצע וועלט...

דער געלער וויל אָנהייבן האקן א ביימל, נאָר לוילע לאָזט אים ניט. יענער מעסט אים אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס מיט א פוילן בליק פון גרויע אויגן אונטער קעלבערשע, ווײַסע ווּיעס. ער געפינט אָפילע ניט פאר נייטיק וואָס־ניט־איז צו זאָגן אים. שוויַיגנדיק שטופּט ער אָפּ לוילען מיטן עלנבויגן אין א זײַט. נאָר איצט פארשטעלט שוין לוילע דאָס ביימל מיט זיך. יענער קוקט אים אפסנײַ אָן, איצט שוין א ביסל פאר־כידעשט. ער גיט בייז א ברום...

נאָר לוילע ווייסט זיך זײַנס, ער טײַנעט, זיך פארהיקענדיק:

— מע ט־ט־אָר ניט... ניט מײַן דײַגע...

קלוימערשט ער וויל אים הארגענען, גיט דער קעכער זיך א מעסט צו אים מיט דער האק. לוילע גיט א פינטל מיט די אויגן. ער וויל עפּעס זאָגן, אשטייגער, אז א לײַטישער מענטש שפּילט זיך ניט מיט קיין האק, הייבט אָן שטאמלען, שפּריצט א קאפּעלע מיט שפּײַעכץ, ווערט רויט. פון אָרט רירט ער זיך דאָך ניט.

דעם אנדערן ווערט געפעלן די שפּיל, ווי לוילע שטייט אזוי, פאר־שטעלנדיק מיט זיך דאָס ביימל. ער צעלאכט זיך, ער בייגט זיך אזש איבער אינדרײַען לאכנדיק. ער רופט צו זיך נאָך עמעצן פון די סאָל־דאטן, ער ווײַזט יענעם אָן אף לוילען. ער לאכט אזוי, אזש די אויגן ווערן אים פול מיט טרערן.

לוילעס געדאנקען באוועגן זיך זייער שווער. פיל זאכן באנעמט ער ניט. ער געדענקט בלויז, אז אמאָל האָט א שיקער געוואָלט אָנרײַסן א ביסל בעז אין סאָד, און ער האָט ניט געלאָזט, קימאט זיך אָנגעהויבן

שלאָגן מיט אים, האָט זיי ארומגערינגלט א גרויס רעדל מיט מענטשן און אלע זײַנען געווען אף זײַן זײַט, אלע האָבן אים אָפּגעגעבן גערעכט, מע האָט אים געפּאטשט אין פּלייצע:

— מאָלאָדיעץ, לוילע...

ער ווייסט ניט, וווהין זײַנען עס אהינגעקומען אלע מענטשן, וואָס וואָלטן אים איצט געקאָנט קומען צוהילף. ער פארשטייט ניט, וואָס זײַנען עס פארא מענטשן, אָט די־אָ, וואָס ווילן דאפקע טאָן ניט אזוי, ווי אלעמען געפעלט... אזא מיִעסע זאך. גאָר ווייסט מאכן א סאָד...

ווען דער, וואָס מיט דער האק, גיט זיך א לאָז צו א נײַעם בוים, האקט אים אָן, כאפּט אים לוילע אָן פאר דער האנט. ער קריגט א זעץ אין ברוסט, פאלט אום. מיט א צעקרימט פּאָנעם, אָן אָנגעצונדענער, שפּרינגט ער ווידער אוף און הייבט זיך אָן ראנגלען מיט יענעם...

ווען מע שיסט אין אים אויס און ער הייבט אָן פאלן, פילט ער נאָך קיין ווייטעק ניט. ער איז פארוווּנדערט: פארוואָס שיסט מען אים? ער טוט דאָך, דוכט זיך, דאָס, וואָס איז ביז איצטער אלעמען געפעלן געוואָרן, פאר וואָס מע האָט אים בלויז אָפּגעגעבן גערעכט און גע־פּאטשט אין פּלייצע:

— מאָלאָדיעץ, לוילע, מאָלאָדיעץ.

ער פארשטייט ניט, וואָס זײַנען עס פארא מענטשן אזוינע, וואָס גייען אויסהאקן א סאָד? און פונוואנען האָבן זיי זיך גענומען אהער, אָט אזעלכע?

בלויז דאָס מאטערט אים...



# די מוטער

צונויפגעקנוילט, אַז זי זאָל וואָס ווינציקער זיך אָנזען, האָט זיך דאָס יונגע ווײַבל אַרײַנגערוקט צווישן פאַרשנייטע הויר־בעס ציגל און דער וואַנט פונעם מויער, זיך פאַרטײַעט, ניט אויפהערנדיק זיך צוהערן, צי יאָגט מען זי ניט נאָך.

מע גייט פאַרבײַ, פאַרבײַ...

טריט ווײַבערישע אף הויכע קנאַפּל, וואָס קלינגען אף די שטיינער, טריט לײַכט־קינדערישע, וואָס דאַרפן אונטערײַלן, קעדיי ניט אָפּשטיין

פון טאטע־מאמע, טריט שארנדיק־זקיינישע, ווען מע שלעפּט זיך שוין מיט די לעצטע קויכעס. א געשריי. א שיסערײַ. און עס פארלירט זיך עמעצנס געיאָמער אין דעם געבריל פון א דײַטשישער שטים.

אין גאס רוישן שוין ווידער מאשינעס. מיט א שווער הודזשען פון שטארקע מאָטאָרן גייען זיי אוועק, די מאשינעס.

שוין, זיך אײַנגעפּאָרעט...

וויפל אן ערעך, אז זי זיצט שוין דאָ? א שאָ? צוויי? עס האָט גאָר לאנג ניט געדויערט ארויסטרײַבן טויזנטער מענטשן פון זייערע הײַזער אפן פּלאץ און מיט קלעפּ פון ביקסן און גומי־שטעקנס אויסשטעלן זיי אין לאנגע קאָלאָנעס צו זעקס אין א ריי, ווי צום גיין אף א פּאראד דורך ברייטע יאָמטעווודיק־פּארפּוצטע גאסן און פּלעצער. ווען מע באַדארף, אז די זעלבע מענטשן זאָלן זיך אריבערקלײַבן אין א צווייטער גאס, וואָלט אוואדע געדויערט לענגער.

זי האָט בלויז געדענקט, וויִאזוי, לויפנדיק, האָט זי זיך ארײַנגעכאפּט אין דעם הויף, ווי זי האָט זיך אָנגעשטויסן אפן ברייטן, מיט ליים פארליאפּעטן לייטער פון די רישטעוואניעס און זיך געלאָזט ארוף. זי איז געלאָפן פונעם ערשטן אפן צווייטן שטאָק, פונעם צווייטן אפן דריטן פון אָט דעם נײַעם, איבער דער מילכאָמע נאָך ניט פארענדיקטן מויערל. און ניט האָבנדיק שוין ווײַטער מער וווהין צו לויפן, האָט זי זיך דאָ פארשטעקט צווישן די ציגל. געיאָגט האָבן זיך נאָך איר די יאָמטעווודיקע רויטע שאלעכלעך, אין וועלכע די דײַטשישע אָפיצערן האָבן זיך פארפּוצט צוליב דער הייליקער אווידע פון אומברענגען מענטשן.

די רויטע שאלעכלעך האָבן איר איצט נאָך אלץ געוווימלט פאר די אויגן. עס האָט מיט זיי געוווימלט דאָס שנייעלע, וואָס דער ווינט האָט ארײַנגעבלאָזן דורך דעם דורכגעוואלגערטן סופיט, דורך די לעכער פון די ווענט און ארויסגערופן בא איר א דין נאָגעניש אונטער דער ברוסט, ווי פארן ארויסלאָזן א גוואלד־געשריי.

נאָר קיין געשריי האָט זי ניט געטאָן. אלץ איז אין איר עפּעס צו גיך פארטויבט געוואָרן, באדעקט מיט א שווערן גלײַכגילט:

— אײַ, גייט דאָס אלץ אין דער ערד...

— מיינסט אוואדע, — האָט זי געטײַנעט שטיל און צעטראָגן צו זיך אליין, ווי צו עמעצן א צווייטן, — איך האָב דאָס געטאָן צוליב זיך? מײַן לעבן איז בא מיר קיין גראָשן ניט ווערט. צוליב דעם קינד האָב איך עס געטאָן. ווען ניט דאָס קינד... דער טאטע אוועק. די מאמע אוועק. אלע. איז וואָס טויג שוין מיר אזא לעבן?..

עס ווערט איר קאלט, און דער שניי שמײַסט, און עס ווייעט די פוסטקײַט דורך די אויסגעזעצטע פענצטער.

— שוין צײַט וואָלט געווען צו געבן זויגן, — טראכט זי ווידער וועגן איר קינד, — ס'האָט די מילך שוין אָנגעשפארט...

זי נעמט זיך אָן מיט ביידע הענט פאר די בריסט, גיט זיי א קלעם פון ביידע זײַטן און א מאך פארײַנס מיט די אקסל, ווי עס טוט א יונג מיידל, בא וועמען דאָס קאָפּטל הייבט שוין אָן צופיל פאנאנדערשפּארן. עס לעבט. איר יינגעלע לעבט. אניט וואָלט זי דען געלאָפן? זי האָט עס דאָך אליין איבערגעגעבן פון האנט אין האנט דעם יונגנמאן. זי האָט אים דערזען די ערשטע, דעם יידישן יונגנמאן מיטן פּאפּירל אין האנט, מיטן דײַטש ארומגיין באם ברעג פונעם מענטשן־געדרענג, וואָס האָט געקאָכט ווי א שטורעמדיקער יאם און איז אלע ווײַלע ארויס פון די ברעגן. דער יונגערמאן האָט געזוכט מיט די אויגן. זי ווייסט ניט פארוואָס, נאָר עס איז איר אײַנגעפאלן, אז ער האָט דאָ ניט קיינעם צווישן די פארמישפּעטע צום טויט, אז ער וויל פּאָשעט עמעצן ראטעווען. עס איז אים א קליינער כילעק וועמען. ווײַל ער איז איינער פון די באל־מעלאָכעס, אין וועלכע די דײַטשן בייטיקן זיך נאָך דערווײַל און וועמענס צעטל עס קאָן ראטעווען. זי האָט זיך ארויסגערוקט פאָרויס. זי געדענקט אפילע, אז זי האָט אף זיך צורעכט געמאכט דאָס וואָלענע טיכל, קעדיי זי זאָל זיך אים ווארפן אין די אויגן, ער זאָל זי דערזען. זי האָט קימאט געשריִען צו אים: „נעם מיך! מיך מיט מײַן קינד!“ נאָר דער יונגערמאן האָט אויסגעקליבן א צווייטע.

— דאס איסט מײַן פראו, — האָט ער געזאָגט צום דײַטש און האָט ארויסגעפירט פון צווישן די מענטשן יענץ פרעמד מיידל אונטער דער האנט. און דאן האָט זי מער פאר קאס, ווי פאר וואָס־ניט־איז אנדערש,

אים אריַינגעוואָרפֿן דאָס קינד אין די הענט אריַין: „נאַ! וואָס וועל איך זיך ביאַנטשען מיט פרעמדע קינדער?"

„מאַם! מאַם! מאַם!" — האָט עס שטאַרק געשריִען, זיך ציִענדיק מיט די הענטעלעך צו איר. דער יונגערמאַן האָט דעם די הענטעלעך צו־ריק געהאַלטן. וואָרעם פון די אומשולדיקע קינדערשע הענטעלעך האָט געשפּאַרט מיט סאַקאָנע. אָבער דאָס קינד האָט זיי ווידער אַרויסגעוואָרפן. עס האָט איר דאָס האַרץ געריסן: „קינד מײַנס, אָרעם פייגעלע מײַנס". עס האָט אים גיך דער כוואַליענדיקער יאַם אָפּגעטײַלט פון איר. ער איז פאַרשוווּנדן. און איצט...

ווּ זוכט מען עס איר קינד? זי וואָלט עס אָנגעזויגן. און איר דוכט, אַז עס וואָלט איר דאַן אַליין אויך לײַכטער געוואָרן. עפּעס אַזאַ מין ווילדע שווערקײַט ליגט אויפן האַרצן. זאָל עס זײַן נאָר דערפאַר, וואָס דאָס קינד ווייַנט ערגעץ איצט פאַר הונגער? אָדער...

ניין... ניין... עס קאָן ניט זײַן. זי האָט דאָך אים איבערגעגעבן אין זיכערע הענט. דער יונגערמאַן האָט געהאַט אַ צעטל... זיכער, אַן אויס־ווײַז, אַז ער אַרבעט בא די דײַטשן... און אַזאַ אויסווײַז האָט איצט גע־קאָנט העלפֿן. וואָרעם אויב ניט אַזוי, טאָ צוליב וואָס? צוליב וואָס איז דאַן געווען איר אַנטלויפן פון דער קאָלאָנע?..

פאַרנאַכט איז דאָס יונגע ווײַבל געהיט אַרויסגעקראָכן פון איר באַ־העלטעניש און, קוים־קוים זיך שאַרנדיק מיטן ברייטן לייטער, זיך אַראָפּ־געלאָזט אין הויף. ווײַט, אף אַ צענטער גאַס, האָבן געראַשט מאַשינעס. ס'איז דורכגעגאַנגען אַ סאָלדאַט, טופּענדיק ווי אַ פערד. זי איז געשטאַ־נען צוגעדריקט צו דער וואַנט הינטער דער אָפענער פאָרטקע, אײַנ־האַלטנדיק דעם אָטעם. זי האָט זיך אַריבערגעכאַפּט די גאַס און הינטער אַ האַלב־אײַנגעפאַלענעם מויער געבליבן שטיין: וווהין גייט מען? דאָ אין דער גרויסער שטאָט איז זי געבוירן געוואָרן, דאָ די שול פאַרענ־דיקט, דאָ כאַסענע געהאַט און אַ מוטער פון אַ קינד געוואָרן — באַקענטע געהאַט, אַ וועלט מיט גוטעפרײַנט. ייִדן, ניט־ייִדן, ס'איז בא איר קיין גרויסער אונטערשייד ניט געווען. זי האָט אפילע כאַסענע געהאַט גראָדע פאַר אַ רוסישן. און אָט שטייט זי איצט אפן ראָג פון גאַסן, מיט וועלכע

זי איז, דוכט זיך, געבונדן מיט טויזנטער פעדעם פון זיכרוינעס און פארשיידענע איבערלעבענישן, און זי האָט ניט וווהין אריַינצוקומען זיך אָנצוווארעמען אף א מינוט, קעדיי צונויפנעמען די געדאנקען און זען, וואָס וויַיטער צו טאָן. גיין אין געטאָ צוריק? איז דאָרטן עפשער שוין אינגאנצן אָפגעראמט. און טאָמער ניט אינגאנצן — טאָ ווער וועט עס איר זאָגן, אף וועלכע גאסן מע מעג זיך וויַיזן און אף וועלכע ניט? אפילע פונדאנען, ווו זי שטייט, הערט זי דאָך: מע שיסט דאָרטן נאָך אַלץ... עפשער לעבט דאָרט נאָך עמעצער און האָט זיך א וויַיז געגעבן פון א לאָך, אָדער עפשער האָט זיך אָפגעזוכט א דרייסטער מענטש פון די, וועלכע האָבן זיך געראטעוועט, און ער איז געקומען צוריק אין געטאָ, קעדיי ביגנייווע נעמען וואָס־ניט־איז פון די איבערגעבליבענע זאכן. א מינוט פארן טויט וויל מען דאָך נאָך לעבן און מע דארף אַלץ בייטיק האָבן.

— גיין צו דער שוויגער, — איז א געדאנק אופגעקומען.

זי האָט דאָך אים באַלד אָפגעוואָרפן: ניין, ניין. בעסער צו עמעצן א פרעמדן, וואָס זאָל ניט מוירע האָבן פאר דער קרויוועשאפט מיט א יִדישקע. זי וועט גיין צו מאריען, דער אופראמערן, וואָס האָט בא זיי געארבעט אין רעדאקציע.

אראָפּגערוקט שטארק דאָס טיכל איבער די אויגן, אז עס זאָל שווערער זיַין זי צו דערקענען, און אָן די געלע לאטעס, וועלכע זי האָט אראָפּ־געריסן פון זיִך און פארשטעקט אונטערן מאנזשעט פונעם ארבל, איז זי גיך ארויסגעקומען פון הויף, זיך אוועקגעלאָזט גליַיך מיט דער גאס.

עס איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען זי האָט זיך דערקליבן צו א וויַיטער ארופבארגיקער גאס. ארומגעגאנגען איינס א שטיבל מיט די גערטענער, איז זי צוגעקומען צו א פענצטער און שטיל אָנגעקלאפּט. עמעצער האָט א בליק געגעבן פון אינווייניק.

— ווער איז?

— האָב ניט מוירע, מאריע, עפן.

— אידא? טי?

און ס'האָט זיך שנעל אָן עפּן געגעבן די טיר און זי טייקעף אײַנ־געשלונגען. אזוי לאָזט מען אַרײַן אין שטוב א מענטשן, וואָס האָט צו טאָן מיט גנייוועס, אויב ניט נאָך מיט ערגערס. שטיל איז אידע אַרײַן, שוויַיגנדיק זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דער באַנק, וואָס זי האָט אין דער פינצ־טער אָנגעטאַפּט לעבן דער טיר, און ערשט איצטער דערפילט: דאָס לעבן איז איר קיין לעבן ניט...

— טשטאָ אָני ס נאַמי סדיעלאַלי! אי פּאַפּו, אי מאַמו, ווסיעך פּאָגנאַלי[1]. — און זי האָט זיך צעוויינט.

זי האָט געוויינט שטיל, אַליין עס ניט פילנדיק, זײַענדיק פאַרנומען מער מיט דערציילן, וויאַזוי א דײַטש איז אַרײַנגעקומען אין שטוב צו זיי און רויק, קיינעם ניט טשעפּענדיק, געהייסן אַרויסגיין אַלעמען אַף דער גאַס, קלוימערשט דורכצוגיין א געוויסן קאָנטראָל; ווי זיי זײַנען אַלע אַרויסגעקומען אַפן פּלאַץ, פילנדיק, אַז עס הייבט זיך אָן א מיִעסע מײַסע, נאָר נאָך אַלץ נישט גלייבנדיק, אַז דאָס איז שוין דער סאָף, און דאָרט שוין געטראָפן טרײַבן מענטשן פון אַלע זײַטן. זי האָט דערציילט, ווי די מאַמע האָט גענומען ברעכן די הענט און וויינען, ווי דער טאַטע האָט צו איר געזאָגט: „וויין ניט, נאַרישע, וואָס זײַנען מיר עפּעס בעסער פון אַלעמען?"

— כ'האָב בלויז מײַן יִינגעלע געראַטעוועט... — האָט זי פאַרענ־דיקט, ווי אָן קויכעס. — עפּעס א פרעמדן יונגנמאַן עס אַרײַנגעשטופּט... „נאַ! — האָב איך א געשריי געגעבן. — נאַ! וואָס זאָל איך זיך האַלטן מיט פרעמדע קינדער?!"

— עסן? ניין. איך וויל ניט, — האָט זי שטיל געזאָגט. — נו, ווּהין, טײַערינקע מײַנע? ווּהין זאָל איך דאָס איצט שפּאַרן, אַז עס קריכט מיר ניט אין האַלדז?

— ווּעסט זיך עפּשער צולייגן?

— ניין, ניין, כ'וועל נאָר אַרופקריכן אַפן אויוון, זיך עטוואָס דער־

[1] וואָס האָבן זיי מיט אונדז געטאָן! אי דעם טאַטן, אי די מאַמע, אַלעמען אַוועקגעטריבן...

ווארעמען. ס׳איז מיר קאַלט. איך בין דאָך א גאַנצן טאָג אָפּגעזעסן אין א מויער.

זי האָט זיך אופגעהויבן אף דער לעזשאַנקע.

— און איך האָב מוירע געהאַט, ווער ווייסט, אז אזא מין צײַט. איך וועל קומען צו דיר, און דו: „איך קען ניט, וועסטו זאָגן, מיר זײַנען דאָך אַליין אויך אף א האָר פון טויט״...

— שלאָף, שלאָף.

אין דער צוגעשטילטער שטוב — מאַריעס שווערע טריט. זי שלײַכט זיך שווער פונעם אויוון, ווו זי קאָכט עפּעס, צום פענצטער, נעמט ארויס די אינוויינעקסטע לאַד.

— מאַריע, וואָס איז דאָרטן?

— גאָרנישט, גאָרנישט. שלאָף.

— האָסט מוירע, הא, מאַריע?.. דו האָב ניט מוירע. ווי נאָר פאַר־טאָג, וועל איך אוועקגיין...

— שלאָף, שלאָף.

— נו, גוט... כ׳וועל מער גאָרנישט ניט ריידן. — און זי נורעט זיך אײַן מיטן קאָפּ אינעם קישן...

זי דרייט זיך אויס מיטן פּאָנעם אראָפּ און דריקט זיך צו מיט די בריסט צום הייסן אויוון. איר דוכט, אז אזויארום וועט איר ווערן לײַכ־טער, עס וועט אופהערן צו ציִען בא דער נעשאָמע. עס העלפט אָבער ניט. א מלאָשנעקייט נעמט זי נאָך שטאַרקער ארום. עס ווערט איר אומ־דערטרעגלעך שווער.

— מאַם! מאַם! — דערהערט זי ווידער דאָס קינד שרײַען. — ווי איז מיר, עס זאָל זיך כאָטש ניט צוקילן: דאָס ברוסטל קוקט דעם ארויס פונעם מאַנטעלע.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט זיך אין שטוב אָנגעהויבן א רייד וועגן אנטוויינען דאָס קינד. ווי עס איז איצט ניט געווען אין קאָפּ, דאָך האָט זיך אַלץ געדרייט ארום דעם. אין גרויסן אומגליק, ווען מע האָט זיך נאכט נאָך נאכט ארײַנגעריסן אין דעם אָפּגעצוימטן ראַיאָן און אויס־געשאָכטן מישפּאָכעסווײַז, בייס קיינער איז ניט געווען זיכער, צי וועט

ער מאָרגן לעבן, האָבן אָט די רייד וועגן אנטוויינען דאָס קינד דערמאָנט אָן דעם געוועזענעם לעבן. ווען דאָס איז פריִער, פאר דער מילכאָמע, וויפל וואָלט מען עס זיך געייסעקט מיטן קינד און מיט איר, אידען, וואָס האָט אזא צאצקע א קינד אף דער וועלט געבראכט. ניין. מע איז קיינמאָל ניט געווען רייַך. אמאָל איז דער טאטע געווען א באַלעגאָלע. די לעצטע יאָרן האָט ער געארבעט באם וואָקזאַל פאר א טרעגער. ער איז געווען א פראָסטער ייִד. וואָס איז שייַעך אָבער יאָמטעוו, האָט מען זיך באמיט, אז עס זאָל סטייַען אַלץ, שוין אָפּגערעדט, אז עס איז צוגעפאלן עפּעס א סימכעלע. באם ביסל בראנפן האָט ער אפילע פארגעסן, וואָס באם טיש זיצט בא אים אן אידעם א „גוי" — א זאך, וואָס איז בא אים אין די אויגן קרומלעך געבליבן אף שטענדיק.

אָפּט האָט זיך דער טאטע אוועקגעשטעלט אנטקעגן דעם קינד, בעד־שאס יענץ איז געלעגן צעוואָרפן אף דער מוטערס שויס, ווו א הענטל, ווו א פיסל, און געזויגן, און אָנגעהויבן דאָס מוסערן:

— אזא מין בייַק. זע נאָר, ווי סע סמאָקצעט און סמאָקצעט.

און דאָס קינד פלעגט דאן זיך נאָך מער אייַנקלאמערן מיט א האנט פינגערלעך און מיט א בעקל טיף אין דער מוטערס ברוסט אריין און, סאָפּענדיק מיטן אייַנגענורעטן נעזל אין דער ברוסט, ארויסקוקן מיט איין אויג אפן זיידן, ווי איינער זאָגט: פרווו נאָר!

— איי, טאטע, לאָז אָפּ! — האָט זי זיך דאן געבעטן. — איז דען איצט א צייַט אף צו אנטווינען דאָס קינד?.. עפשער וועט באלד די רויטע ארמיי קומען... אָט דעמלט...

און דער אלטער איז מאסקים געווען.

— זאָל עס דערווייַל כאָטש האָבן דאָס שטיקל נאכעס...

אידע דרייט זיך אויס אף א זייַט.

— מאריע, שלאָפסט ניט?

— וואָס איז דען?

— מאריע, און ווי איז, אז מייַן ייִנגעלע איז שוין אויך ניטאָ?

— הער אוף! האָסט דאָך נאָרוואָס אליין דערציילט, האָסט עס אָפּ־געגעבן א ייִדישן יונגנמאן.

אידע קריכט אַרײַן צו מאַריען אין בעט. זי זעצט זיך אַוועק מיט די פיס אויף דער צאַרגע, נעמט אַרום די פיס מיט בײדע הענט און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אויף די קני...

— און עפּשער, — פרעגט זי אין דער שטיל, — איז דער יונגער־מאַן אויך אַוועק מיטן פײַער?

— הער אויף צו טראַכטן! לײג זיך. שלאָף אײַן! — מאַריע נעמט זי אָן פאַרן אַקסל, צווינגט אידען זיך לײגן, פילנדיק דערבײַ מיטן לײַב, ווי דאָס יונגע ווײַבל זוכט אין איר נאָענטקײַט יענע הילף, וואָס איר פעלט. אידע נעמט אָן מאַריען פאַר א האַנט און לײגט צו זיך אַרויף אויף דער ברוסט.

— זע, ווי עס ברענט. פולע זײַנען זײ אַזוינע, אַז איך האַלט ניט אויס.

די אַלטע זיפצט, קרעכצט.

— מאַריע, — הערט זיך ווידער אידעס קאָל, — די וועלט וועלן זײ סײַווי ניט כאָרעוו מאַכן. נו, וועלן זײ אויסהאַרגענען א ביסל מענטשן. נאָר דאָס וועט זײ ניט זײַן געשענקט. עס וועט זיך פון זײ אָפּצאַפּן טײַכנווײַז בלוט.

נאָכדעם שווײַגן זײ לאַנג, ליגן בײדע אַרומגענומען. ווען זײ האַלטן שוין גאָר בא צומאַכן מיט אַן אויג, דערמאָנט זיך פּלוצעם אידע:

— געדענקסט, ווי דו פלעגסט אונדז אין רעדאַקציע אַלע אינדער־פרי קויפן געבעקס צו דער טײ. ראַק „ראַגולקעס" מיט מאָן פלעגסטו מיר קויפן...

*

באַנאַכט האָט זיך מאַריע אויפגעכאַפּט דערפון, וואָס זי האָט דער־פילט, וויאַזוי עמעצער גײט אום אין שטוב, זיך אָנשטויסנדיק אין דער פינצטער אָנעם מעבל.

— ווער איז? — האָט זי געפרעגט עטוואָס צעפּלאָכעט פונעם שלאָף.

— ס׳איז איך, אידע.

— ווהין גייסטו?

— איך וועל גיין זוכן מײַן ייִנגעלע.

— מעשוגע ביסטו, צי וואָס? ווייסט אין ערגעץ ניט גיין. לייג זיך, און שא. מע קאָן נאָך קומען אויך אהער. הערסט דען ניט, ווי אין דרויסן טומלט זיך עפּעס... אלע נאכט זוכט מען. אלע נאכט.

אידע איז ווידער ארײַנגעקראָכן אין בעט און זיך אוועקגעלייגט. הינטער דער וואנט האָט מען אויסגעשאָסן. ערגעץ האָבן א טרישטשע געגעבן צעבראָכענע שויבן.

— מע קלאַפּט, — האָט זיך אידע א כאַפּ אויף געטאָן.

— קיינער קלאַפּט ניט. שווײַג. ס׳איז אנטקעגן ערגעץ, אין גאס.

אין דער שטילקייט האָט זיך דערהערט דאָס טופּען פון געקאָוועטע סאָלדאטישע שטיוול. א דורכעגבערנדיקער געוויש פון א מאַטאָציקל האָט זיך א דריי געגעבן, ווי א ווירבל־ווינט, פארלאָרן זײַן האסטיקע שײַן אין פענצטער און איז פארשוווּנדן. עס האָט זיך דערטראָגן א דײַ־טשישע גערעדערײַ, א געלעכטער.

פון די אלע קלאַנגען, וועלכע זײַנען דערגאנגען פון דרויסן, האָט אידען געקומען טרייסלען. מאריע האָט זי קוים בארויִקט.

דעם גאנצענעם פרימאָרגן האָט שוין מאריע ניט אָפּגעלאָזן אידען פון זיך אף קיין מינוט. צוזאמען האָבן זיי איבערגעביסן, וואָס גאָט האָט געגעבן, צוזאמען איבערגעוואשן דאָס געפעס. דערנאָך האָט זיך די אלטע דערמאָנט, אז עס ליגט בא איר א קופּע ניט איבערגעקליבענע קארטאָפל, און זיי האָבן זיך ביידע גענומען דאָס טאָן.

אידע האָט פארשטאנען, אז מאריע זוכט בעקיוון אויס ארבעט, קעדיי זי פארהאלטן בא זיך, אז ביזוואנען אין שטאָט וועט ניט ווערן שטיל, זאָל זי אין ערגעץ ניט גיין, און זי האָט גאָרנישט ניט געזאָגט קעגן. איר אליין איז אויך איצט געווען שרעקלעך ארויסגיין אין דרויסן. אָבער אויך זיצן אין שטוב איז איר געווען זייער שווער. דאָס הארץ האָט זיך צעריסן אף שטיקער, ווען זי האָט זיך דערמאָנט אין טאטע־מאמע, ווען זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס איז געשען. איבערקלײַבנדיק

די קאַרטאָפּל, איז זי אַלע ווײַלע געבליבן פאַרשטאַרט, קוקנדיק גלאַט אַזוי אין איין פּונקט פאַר זיך, עס האָבן איר די הענט צו גאָרנישט ניט געצוימען.

נאָך וואַרמעס, ווען דער טאָג איז שוין קימאַט געווען פאַרבײַ, האָט מאַריע פאַרפירט א געשפּרעך וועגן אירע קרויווים, וואָס לעבן אין דאָרף, אַז זי האָט דאָרטן א שוועסטער, און זי האָט שטיל געפרעגט:

— עפשער זאָלסטו גאָר פּרווון גיין צו מײַן שוועסטער? דיר וואָלט דאָרטן ניט שלעכט געווען...

אידע האָט אָבער געצווייפלט דערין, אַז די פּאַשיסטן זאָלן זיך ניט דערוויסן וועגן איר. אין אַזא מין צײַט, ווען עס גייט אָן א געיעג אויף ייִדן, איז דען מעגלעך, עס זאָל בלײַבן אומבאַמערקט, ווען אין דאָרף וועט זיך באַווײַזן א ייִדישקע? מאַריע האָט זי אָבער איבערצײַגט, אַז דאָס דאָרף געפינט זיך אין א זײַט, אַז דאָרטן קאָן גראָד זײַן שטיל און זי וועט פון קיין צאָרעס מער ניט וויסן. סאָפּקאָלסאָף דאַרף מען דאָך פּרווון. וואָרעם וווהין דען אַנדערש וועט זי גיין? אין געטאָ?

— דו וואַרט נאָר צו, — איז מאַריען פּלוצעם עפּעס אײַנגעפאַלן, — דו קענסט דאָך נייען.

— נו, איז וואָס?

— וואָס הייסט, וואָס? זיי האָבן דאָרטן א ניי־מאַשין. וועסטו עפּעס עמעצן אופנייען, וועט מען דיך טראָגן אויף די הענט.

אידע האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. וויפל מאָל האָט זי אַליין גע־טראַכט וועגן דעם, אַז זי וואָלט געדאַרפט אַוועקגיין ערגעץ אין א דאָרף. ס'איז איר בלויז שווער געווען איבערלאָזן די עלטערן. זי האָט געהאַלטן פאַר איר כויוו צו פאַרבלײַבן מיט זיי און טיילן אײַנעם און דעם זעלבן גורל. איצט האָט זי דאָס לעבן באַפרײַט פון אַלע היסכײַוועסן. און איר האַרץ האָט באַהערשט א שטאַרקערע קלעמעניש. זי האָט געצוימען וויינען.

מאַריע האָט געטײַנעט:

— נעם זיך אין די הענט, אידע. דאַרפסט זיך ראַטעווען...

— גוט, מאריע, — האָט אידע געענטפערט, — דו ביסט גערעכט. איך וועל גיין אין דאָרף. לאָמיר נאָר געפינען מײַן ייִנגעלע.

מאריע האָט זיך ניט ווילנדיק פארקרימט. זי האָט ווידער גענומען איבערצײַגן די יונגע מוטער:

— צוזאמען מיטן קינד קאָנסטו ניט גיין. דארפסט פריִער אַליין גיין, און דערנאָך, אין א געוויסער צײַט ארום, וועלן מיר שוין עפּעס צוטראכטן.

אידע האָט אַליין ניט געוווּסט, וואָס מע טוט בעסער. זי האָט פאר־שטאנען, אז מאריע איז גערעכט, אז קיין אנדער אויסוועג איז דער־ווײַל ניט פאראנען, און זי איז אָף דעם אײַנגעגאנגען.

מאריע איז ארויס אין דרויסן און האָט פארשלאָסן די טיר. אין א שטיקל צײַט ארום האָט זי זיך אומגעקערט א פארשנייטע און האָט אידען אָנגעהויבן אונטערײַלן:

— איצט איז די סאמע צײַט. אין דרויסן זעט מען קיינעם ניט. עס גייט א שניי.

אידע האָט שווײַגנדיק פארנייט דאָס בריוועלע, וואָס מאריע האָט אָנגעשריבן דער שוועסטער, גענומען מיט זיך דאָס צוגעגרייטע קוישל, אין וועלכן עס איז געווען עטלעכע שמאַכטעס, א ביסעלע זאלץ אין א זעקעלע, עס זאָל הייסן, אז דאָס יונגע ווײַבל גייט עפּעס־וואָס אויסבײַטן אין דאָרף, און איז ארויס פון שטוב.

— נו, מאריע, זײַ געזונט, — האָט אידע געזאָגט מיט א שווערן זיפץ.

אידע איז אוועק, זיך ניט אומקוקנדיק...

מאריע איז געשטאנען אין פירהויז און געקוקט, וויִאזוי זי פאר־שווינדט אין דער נאכט און שניי...

אינדערפרי האָט מען בא דער געטאָ געפונען א יונגע פרוי, וועלכע מע האָט, ווי־זט אויס, דערשאָסן, ווען זי האָט געוואָלט ארײַנדרינגען אין געטאָ. זי איז געהאנגען אָף דעם שטעכדראָט. ניט ווײַט פון איר אפּן שניי האָט זיך געוואלגערט א קוישל מיט עטלעכע שמאַכטעס און א זעקעלע זאלץ.



# פײַנטשאַפט

אין פאַרטיזאַנישן וואַרשטאַט איז דאָס מאָל געווען ווי שטענ־
דיק נאָך אַן אַליאַרעם: אויסגעבלאַסטע זײַנען די עטלעכע
שוסטער געשטאַנען געבויגן איבער די זעק מיט לעדער און
געצײַג אין דער האַלב־טונקלעניש פֿונעם כמאַרנע פֿרימאָרגן
און ניט געוווּסט, צי מע מעג שוין צעבינדן דאָס פֿאַרפּאַקטע
ביסל האָב־און־גוטס און זיך זעצן עפּעס טאָן, אָדער נאָך צוּוואַרטן אַ ביסל,
אַז עס זאָל ניט אויסקומען זיך ווידער פֿאַרפּאַקן. זיי האָבן געהערט, ווי
מיט אַ בראָזגערײַ פֿון געווער האָבן זיך אומגעקערט אין לאַגער מאַכנע

נאָך מאכנע. זיי האָבן געזען, ווי דער זעלבער וואלד, וואָס איז פריִער געלעגן אזוי פּוסט און פארטײַעט מיט אויסגעשטאָרבענע ערד־שטיבלעך, אזוי אז דאָס הארץ האָט פארקלעמט בא יעדער בליק אף זיי, האָט זיך גענומען אָנפילן מיט הוהא און מיט לעבן. מע האָט ווידער גענומען האקן האָלץ. עס האָבן ווידער זיך צעפלאקערט שײַטערן, און די פערד האָבן זיך צעהירזשעט, ווי מע וואָלט זיי ארויסגעלאָזט אף פּאשע נאָך לאנגן ווינטערדיקן שטיין פארשפּארט אין שטאל. און דאָך האָבן די באלמעלאָכעס זיך נאָך אלץ געטאָפּטשעט אף איין אָרט אין דעם קליינעם טיפן ערד־שטיבל. זיי האָבן נאָך ניט פארמאָגט דאָס ביסל פולקומע רויִקײַט, וואָס איז נייטיק געווען אף צעגעמען די הענט עפּעס טאָן. דער שטומער האָט אומרויִק אלץ געהאלטן אין איין קוקן יעדן אין מויל ארײַן. וואסיל — דער צווייטער באהעלפער — האָט נאָך אלץ מעטושטעשע אויגן געהאט. און אפילע וועלוול, דער אָנפירער דאָ בא זיי, בעטעווע א דרייסט באָכערל, האָט אויך ניט געהאט בא זיך דעם נייטיקן מוט צו באפרײַען זיך מיטאמאָל פון דעם, וואָס די נאָענטע פארטאָגיקע שיסערײַ האָט אינמיטן דעם געשמאקסטן שלאָף אים איבערגעלאָזט אפן הארצן...

די סאקאָנע אינעם פארטיזאנישן לעבן איז שטענדיק גרויס, און גאָר רויִק קאָן מען קיינמאָל ניט זײַן. דעריבער האָבן אויך די שוסטער, כאָטש זיי גייען זייער זעלטן אין שלאכט, ביקסן און צו עטלעכע גראנאטעס, וואָס הענגען, בייס זיי ארבעטן, אפן באלקן איבערן קאָפּ.

עמעס, די ביקסן זײַנען ניט גאָר אזוינע וואזשנע. מע קאָן אפילע זאָגן, ווײַט ניט קיין וואזשנע. די גראנאטעס — פון אן אלטער סיסטעם, „פלעשער“, וואָס טויגן בלויז, ווי וואסיל זאָגט, אף הלושען פיש. אָבער דאָך בעסער, ווי גאָרניט, בעסער איידער אָט דאָס ביסל ברוכווארג, וואָס דער שטומער האָט מיט גרויס מאטערניש ערגעץ־ווו אויסגעקראצט און וויל דערפון זיך צונויפשטעלן א ביקס. נאָר איצט, אז אלץ האָט זיך גוט פארענדיקט, איז אוואדע רעכט. דארף מען זיך צוריק נעמען פאר דער ארבעט. און וויבאלד נאָר וועלוול האָט דערהערט טופען פיס בא

זיך אפֿן ערד־שטיבל, פֿונוואַנען עס האָט זיך גענומען שיטן זאַמד אַפֿן קאָפּ, האָט ער אָן עפּן געטאָן אַ האַלבע פֿון דער באַגלעזטער טיר און אַרויסגעקוקט אין דרויסן צום בלעכענעם קוימענדל און צו די פּאָר שטיקלעך סכאַך, מיט וואָס עס איז פֿאַרמאַסקירט. אַהאַ! דאָס האָט מען שוין באַנײַס אופֿגעשטעלט די אַנטענע פֿון ראַדיאָ אין הײַזל, ווו עס געפֿינט זיך דער שטאַב. איבערלאָזנדיק שטיין אָפֿן די טיר קעגן דער זון, וואָס האָט מיטאַמאָל פֿאַרפֿלייצט מיט שײַן דאָס האַלב־פֿינצטערע שטיבל, האָט זיך וועלוול אַ פֿרייִלעכער אומגעקערט צו די איבעריקע צוויי שוסטער, מיט ביידע הענט אַ נעם געגעבן דעם זאַק מיט געצײַג און מיט ראַש אים איבערגעקערט אַפֿן שמאָלן, נידעריקן וואַרשטאַטל.

— אַן עק, — האָט ער געזאָגט, — אָטבאָי.

ער האָט ראַשיק צעשפּיליעט אַף זיך דעם רימען מיט די אָנגעאַנגענע עטלעכע גראַנאַטעס און אַ ווונק געגעבן צום שטומען:

— נו, — ס'הייסט, מע מעג שוין עפּעס נעמען טאָן...

דער שטומער האָט גערן פֿאַרנומען זײַן אָרט באַם וואַרשטאַט. שטאַרק צופֿרידן דערפֿון, וואָס עס איז ווידער געוואָרן שטיל און רויִק, ווײַזט ער וועלוולען, רײַבנדיק די הענט, סאַראַ גרויס כיישעק ער האָט פּלוצעם באַקומען צו דער אַרבעט. וועלוול לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן, דערלאַנגט אים אַ פּאָר. און עס גייט אַ הילך אַ געקלאַנג פֿון פֿרייִלעכע שוסטער־העמערלעך, און ווידער דערהערט זיך פֿון וואַרשטאַט אַ געזאַנג.

— נו, נו, — זאָגט צווישן איין לידל און דעם אַנדערן וועלוול צום שטומען, — ווײַז נאָר אָקאָרשט, וואָס דו קאָנסט. וועט דיר אויספּעלן אַרבעט, נאַרעלע, זאָג. ווייסט דאָך, אַז גאָר קיין שלעכטער מענטש בין איך ניט. — נאָר וועלוול ווערט פֿאַרוווּנדערט: הער נאָר, ער רעדט צו אים, און יענער פּאָרקעט זיך נאָך אַלץ מיט דער ביקס. איצטער גייט שוין וועלוול עטלעכע מאָל אַ קלאַפּ מיטן קלינגל אָן דעם ברעג פֿון וואַרשטאַטל, אַז דער שטומער זאָל דערפֿילן. — וואַרף נאָר אַרויס די שטיינער פֿון אַרבל. יאָ, יאָ, עס ברענט ניט דײַן ביקס. די מילכאָמע האָט זיך דערווײַל געענדיקט.

דער שטומער מאַכט זיך, אַז ער זעט גאָרניט, ער טראָגט צו די ביקס מיט דער רער צום אויג און קוקט ניט געאײַלט אהינצו אַרײַן. ער איז קאַלט, ווי אַ שטשאַוועל. וועלוול גיט אַ וואָרף אײַן אים אַ ברעקל לעדער.

— דו, הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר?

אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט דער שטומער עטוואָס קאָסאָקלעך אַ בליק געגעבן אויף וועלוולען, אויף די שטיוול, וואָס יענער האָט פאַר אים אוועקגעלייגט, און זײַן אַלטבאַכעריש, האַרט געגאָלט פּאָנעם האָט גע־קראָגן אַ זויערע מינע.

עס איז אַרײַנגעקומען אַ פּאַרטיזאַנער, אָנגעטאָן אין אַ דײַטשישן רעקל מיט אַ האַלב־אויטאָמאַטישער ביקס. ער האָט זיך צוגעזעצט אויפן קלעצל באַם וואַרשטאַט און אויפגיך אַ פרעג געגעבן:

— נו, וואָס, געמאַכט?

— אָט דאָס טײַנע דאָך צו אים, — כאַפּט אונטער וועלוול, — איך גיב אים פאַריכטן די שטיוול, און ער — כאָטש האַק אים. וואָס קאָן איך זיך צערײַסן? פּרוּוו אַליין אַ רעד טאָן מיט אים...

דער שטומער שטויסט זיך אָן, אַז דאָ קאָן זיך האַנדלען וועגן די שטיוול, וואָס וועלוול האָט אים געהייסן פאַריכטן און צו וועלכע עס ליגט אים עפּעס ניט דאָס האַרץ. ער זעט, וויאַזוי דער פּאַרטיזאַנער ווערט שטאַרק ניט צופרידן. און מיט אַ גוואַלדיקן נײַגער, וואָס דאַרף אים דאָ קלאָר מאַכן עפּעס אַזוינס, וואָס איז ביז איצט אים ניט פאַרשטענדלעך, באַטראַכט דער שטומער דעם פּאַרטיזאַן און די שטיוול, צוליב וועלכע דער יונג איז אַרײַנגעקומען. זײַן ברייטלעך־צעפּלעטשטע נאָז טוט אַ ציטער פון אַ זײַט, ווי מע וואָלט דערצו צוגעטראָגן גאָר נאָענט אַ ביטערע שטאַרקע שמעקעכץ. דער שטערן ווערט אים געראונצלט, און איין ברעם שפּרינגט אַרויף העכער פון דער אַנדערער. ער האָט קיין טאָעס ניט.

די מײַסע איז דערין, וואָס אָט די פּאָר שטיוול זעט ער דאָ שוין זינט עטלעכע טעג. וויפל מאָל זײַנען זיי שוין אים געקומען צו דער האַנט. ער האָט שוין אפילו איין מאָל געהאַט זיי באַוויזן וועלוולען.

— וועמענס איז? — האָט ער אים דאַן געפרעגט מיט די אויגן. — פאַרוואָס פאַריכט מען זיי ניט?

— ליגן זיי אין קרענק! — האָט יענער געענטפערט, ניט וועלנדיק אַפילו זיך אומקוקן אויף זיי.

מיט א טאָג צוריק האָט דער שטומער געזען, וויאַזוי וועלוול האָט די שטיוול געוואָלט אַרײַנרוקן, ווי עפּעס א טרייף שטיקל זאַך, וואָסילן, אַז יענער זאָל זיך נעמען פאַר זיי. נאָר וואָסיל האָט זיך א שלײַדער געטאָן, ווי מע וואָלט אים דערמיט שטאַרק באַליידיקט. דרייט ער איצט, דער שטומער, די שטיוול אין די הענט. זיי זאָלן זײַן אַזוי שטאַרק צעריסן, אַז דערפאַר זאָל קיינער זיך ניט וועלן נעמען פאַר זיי? ניין. פאַרשטייט ער שוין איצט אינגאַנצן גאָרנישט...

— וואָס איז? — גיט ער די שטיוול א טיטשע צו וועלוולען, — וואָס ס'טו מיר זיי דערלאַנגט?

— מאַך! מאַך! — זאָגט אים יענער ווידער א ביסל צוגעײַלט, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט נאָר אָפּקומען פאַרן פאַרטיזאַנער.

ניט אופהערנדיק צו באַטאַפּן די שטיוול, ווי אין זיי וואָלט עפּעס געשטעקט ווער ווייסט וואָס, וואָס לאָזט אים ניט רוען, כאַלעשט זיך דעם שטומען דערגיין דעם סאָד, פאַרוואָס ווילן יענע זיך אויסדרייען פון דעם שטיקל אַרבעט. ניט אַרויסלאָזנדיק דאָס פּאָרל פון די הענט, גיט ער הינטערווײַלעכס א קוק צו וואָסילן, וועלכער טאַטשעוועט צונויף א פּאָר כאָליעוועס, און באַגעגנט זיך מיט זײַן בליק, אויך אַזאַ הינטעראומיקן, פאַרבאַהאַלטענעם, פון איינעם, וואָס שפּירט שוין לאַנג אים נאָך, און וואַרט, וואָס ער, דער שטומער, וועט טאָן... ער גיט א קוק אויף וועלוולען — יענער קלאַפּט אויס א שטיק לעדער אויף א האַק, קוקט ניט אין זײַן זײַט. עס פילט זיך דאָך סײַ אין דעם, וויאַזוי ער קלאַפּט האַסטיק — ראַשיק און צו פלײַסיק, סײַ אין זײַן געמאַכטן פאַרדראָס, אַז ער האָט עפּעס פאַרטײַעט פון אים, דעם שטומען, ווי מע פאַרטײַעט עפּעס פון א מענטשן, וואָס מע וויל נאָר אַרויסשטעלן. אָדער נאָך בעסער, ווי זיי וואָלטן שטאַרק געוואָלט, אַז אויך ער זאָל זיי נאָכטאָן, נאָר זיי וואַרטן, אַז ער אַליין זאָל זיך אָנשטויסן, וואָס מע וויל פון אים... ווערט ער אין

קאס, גיט אָן עגבער מיט אַ פינגער דעם שלייף באַ זיך און טוט אַ וויַיז אַף וועלוועלען און אַף וואסילן, קימאַט וואָס ער זאָגט ניט:

— קלוגיטשקע, איר ווילט זיך אויסדרייען, און איך זאָל האָבן צו טאָן מיט די שטיוול... לוי מיט אַ גרויסן אלעף. — און ער איז ניט פויל, נעמט די שטיוול און וואַרפט זיי אַוועק אונטער דער נאַרע. — אהאַ! — דערגייט צו אים באַלד, — די שטיוול זיַינען טאַקע ניט אַנדערש ווי אָט דעם־אָ פּאַרטיזאַנערס... וואָרעם ווען ניט אַזוי, וואָלט אים דען אַזוי געאַרט?

ער וואָלט דאַפקע געוואָלט איצט וויסן, מיט וואָס האָט זיך דער פּאַרטיזאַנער אַזוי פאַרזינדיקט, וואָס די שוסטער ווילן אים ניט פאַריכטן די שטיוול. די הויפּט־זאַך איז באַ אים דאָך דאָס, וואָס די אייגענע כעוורע איז קאָנטעט פון זיַין האַנדלונג, און אַז זיי זיַינען קאָנטעט, דאָס זעט ער באַלד. זיי זאָלן זיך אַפילע וועלן מאַכן ניט וויסנדיק, אי וועלוועל, אי וואַסיל, זעט ער דאָך, ווי עס קוועלט פון זיי אַרויס אַ פרייד. זיי זאָלן זי אַפילע וועלן פאַרבאַהאַלטן, שפּאַרט דאָך אַרויס די פרייד. זי זעט זיך אַרויס פון זייער זיצן מיט בעקיוונדיק אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, מיט פאַרדרייטע נעז אין אַ זיַיט. פון זייערע פלייצעס קוועלט עס אַרויס. זיי האָבן, זעט ער, האַנאָע דערפון, וואָס דער פּאַרטיזאַנער ווערט מאָלערעציכע און עס טראָגט אים אַוועק, ווי אַ ווינט צו דער טיר.

דער שטומער נעמט ווידער אַרויס די שטיוול פון אונטער דער נאַרע און גיט מיט זיי אַ וויַיז אָן צו דער טיר, פון וועלכער דער פּאַרטיזאַנער איז נאָרוואָס אַרויסגעלאָפן.

— זיַינע? אָט דעמס־אָ זיַינען זיי? — מיינט ער צו פרעגן.

— זיַינע? ניין... ס'איז איינעמס אַ פּראָוואָקאַטאָרס, וואָס האָט אַרויסגעגעבן מענטשן, — וויַיזט וועלוועל, וואָס ער מיינט. — דאָס האָט ער אים געפּאַקט. ער האָט באַקומען אַ באַפעל צו זאָרגן וועגן אים, ביז מע וועט אים ניט איבערשיקן איבערן פראָנט.

— אויב יענער איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, — פרעגט דער שטומער מיט די אויגן, מיט אונטערגעהויבענע ברעמען, — איז וואָס זשע טרייסלט מען זיך אַזוי איבער אים? שיסן דאַרף מען אים, דעם פּאַסקודניק, ריַיסן פון אים שטיקער...

— זעסט דאָך, מע דערלויבט אים ניט טשעפּען... א קלאָג ווייסט אים, פאַרוואָס דאָס איז. מיסטאָמע באַדאַרף מען אַזוי.

— אַזוי גאָר?.. — שטעלט אויס דער שטומער זײַנע אויגן, און זיי ווערן אים א האָרעלע קאָסאָקלעך. עס פילט זיך, אַז פאר זײַן מויעך איז עס אַלץ א שווער שטיקל אַרבעט.

א רגע האַלט ער געפּלעפּט אָפּן דאָס מויל מיט א שווער אַראָפּ־געלאָזענער אונטערשטער ליפּ, נאָכדעם קרימט זיך אים אויס פאַר קאַס דאָס גאַנצע באָכעריש־האַרטע פּאָנעם, ער לויפט צו מיט די שטיוול צו דער טיר און וואַרפט זיי אַרויס אין דרויסן; טראַכט זיך, וואָס איר ווילט, נאָר ער וויל זיי ניט אָנזען. ער קערט זיך אום באַלד צוריק, גיט א שנײַד אָפּ מיט דער האַנט: מיטן קאָפּ אין דער ערד!

וועלוול טוט א ווונק צו וואַסילן: מע דאַרף אַרײַנטראָגן. נאָר איצט פאַרשטייט שוין דער שטומער אַלץ אָפּן ווונק. ער כאַפּט אויף פון וואַר־שטאַטל זײַן מעסער און ווײַזט: פּרוּווט נאָר. איך וועל אײַך די קישקעס אַרויסלאָזן. און הייבט אָן עפּעס בייז צו פּרעפּלען מיט די ליפּן.

עס געדויערט ניט קיין פערטל שעה, קומט אַרײַן דער זעלבער פּאַר־טיזאַנער, וואָס איז פריִער דאָ געווען, און גיט איבער וועלוולען, אַז דער סטאַרשינא רופט אים. וועלוול קערט זיך באַלד אום א צערודערטער מיט אַן אויסזען פון א מענטשן, וועמען מע האָט פײַן אָנגעריבן א מאָר־דע. ער נעמט ווידער אַרויס די שטיוול אָף דער שײַן.

דערזען די שטיוול בא וועלוולען אין די הענט, גיט זיך דער שטומער באַנײַס א מאָרדעווע, וויל זיי אָפּסנײַ אַרויסוואַרפן. נאָר וועלוול לאָזט ניט. א שטיק צײַט שטייען זיי ביידע, ווי די הענער, איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן און ראַנגלען זיך איבער די שטיוול. איינער פון איין זײַט וואַרשטאַט, דער צווייטער — פון דער אַנדער זײַט.

— לאָז אָפּ! — בעט זיך וועלוול. — מעשוגענער דו. מיר זײַנען דאָך קליינינקע מענטשן. וואָס ווייסן מיר? מע האָט אונדז געהייסן פאַריכטן, איז וואָס קאָנסטו מאַכן? ניט אונדזער זאַך איז צו מישפּטן אים...

נאָר דער שטומער ווייַזט מיט א קריצעניש פון די ציין, מיט די הענט, מיט אַלע איוורים, אז ער קאָן זיי ניט פארלייַדן, די שטיוול. ער האָט זיי פייַנט טאכלעס־סינע, און גיט ווידער א מאך:

— מיטן קאָפּ אין דער ערד...

ווערט וועלוול אין קאַס:

— ווער איז דאָ באַלעבאָס, האַ? דו צי דער סטארשינא?

נאָר עס העלפט קיין מייַסע ניט. דער שטומער נעמט די שטיוול, לייגט זיי אוועק אונטער זיך און זעצט זיך אַף זיי אוועק, כאָטש האק אים...

— נו, גיב, לאָמיר פאריכטן, — איז וועלוול גרייט אים נעמען מיט גוטן. — ברעכט ער דעם קאָפּ, דער פּראָוואָקאטאָר. וואָס מיינסטו, מע וועט אים מוחל זייַן? אויב מע האָט אים נאָך ביז איצט ניט דערשאָסן, דארף מען אים, מיסטאמע, צוליב עפּעס האָבן. אז מע דארף דעם גא־נעוו, נעמט מען אים אפילע אראָפּ פון דער טליע.

די רייד דערגייען אָבער ניט צו דעם שטומען.

— ווערסט ניט געבן, גיי איך צום סטארשינא. זאָל ער זיך אליין מיט דיר אייסעקן.

יענער שוויצט, ער איז שטארק פארנומען מיט עפּעס אן אנדער ארבעט.

ווען עס קומט אריין דער סטארשינא מיט וועלוולען און בעט דעם שטומען בימכילע זיך אופהייבן און דערלאנגען די שטיוול, הייבט יענער אוף דעם קאָפּ מיט טמימעסדיק־פרעגנדיקע אויגן, קלוימערשט ער ווייסט גאָר ניט פון וואָס צו זאָגן.

— נו, נו, מאך ניט קיין פוילע שטיק...

— וועלכע שטיוול? — קנייטשט דער שטומער טאמעוואטע מיט די אקסל. — אָט־אָ די־אָ, אַף וועלכע ער זיצט? — און ער טוט ביטער־לעך א שמייכל, אָנווייַזנדיק אפן קלעצל: — ס'איז הארט צו זיצן.

ער הייבט זיך אוף און אזוי שטייענדיקערהייט פּאָרקעט ער זיך באם קליינעם פענצטערל, לייגנדיק א לאטע, אבי ניט קוקן, בייס מע נעמט צו די שטיוול, וועלכע ער האָט באהאלטן. באווייַזט נאָר אָבער

דער סטאַרשינאַ אַרויסגייען פונעם וואַרשטאַט, אַזוי גלײַך גיט עס אים אַ טראָג צו מיט צייך־קריצעניש צו וועלוולען.

— געדענק! — ווײַזט ער אים, אונטערטראָגנדיק אַ פויסט האַרט צו דער נאָז. — ס'וועט דיך קאָסטן טײַער.

— מעשוגענער! — דערשרעקט זיך וועלוול. — זע נאָר, סאַראַ גאַזלאָניש בלוט. עס זידט אין אים.

דער שטומער רײַסט אַראָפּ פון זיך דעם פאַרטעך, טוט אים אַ שלײַדער מיט קאַס אינעם וואַרשטאַט און לויפט אַרויס.

אַ היפּשע צײַט דרייט ער זיך אַרום אין דרויסן. דורכן קליינעם פענצטערל זעט וועלוול, ווי דער שטומער גייט צו צו דער שטאַל, ווו עס שטייען פון ווינטער אָן אײַנגעוואַקסענע שליטנס אין דער ערד, און הייבט אָן האַווען דאָרטן אַרום זיי. עס געפעלט אים ניט, ווי זיי שטייען. ער שפּאַנט זיך אײַן אין איינעם אַ שליטן און שלעפּט אים אַריבער אויף אַ נײַעם אָרט, צום נישער פון אַ צעשלעפּטן סטויג היי. דער שליטן איז שווער, מע זעט, ווי ער טוט אין דעם אַרײַן זײַנע אַלע קויכעס. וועלוול מישט זיך ניט, כאָטש אים וואָלט זיך זייער געוואָלט אַ קלאַפּ געבן אין פענצטער און ווײַזן אים אַ צונג:

— פערד דו איינער, וואָס קאָכסטו זיך?

דער שטומער קערט זיך אום צוריק אין וואַרשטאַט, בייס מע האַלט שוין באַם אויסענדיקן דאָס פאַרשאָלטענע שטיקל אַרבעט. ער זעצט זיך צוריק אַוועק אויף זײַן אָרט און זיצט זיך אַזוי גאָרניט טוענדיק אַ היפּשע ווײַלע, קוקט ניט אויף קיינעם. נאָר אָט נעמט ער אויך אַ שטיוול, הייבט אָן העלפן. מע אַרבעט שווײַגנדיק, ווי נאָך אַ קריג, וואָס האָט אויפן האַרצן איבערגעלאָזט אַ געוויסע שווערקײַט...

מע דאַרף שוין פאַרענדיקן די אַרבעט. נאָר איצטער קאָן מען דעם שטומען פונעם שטיוול ניט אָפּרײַסן. ער פוצט אים, רײַבט אים. ער איז גוואַלדיק דערמיט פאַרטאָן.

— דער רוען ווייסט אים, — בייזערט זיך וועלוול, — וואָס האָט ער זיך אַזוי צוגעקלעפּט. אָדער ער האָט זיי ניט געלאָזט נעמען אין די

הענט, אָדער ער כאַפּט די קאַפּאָרע פאַר זיי. אַ קרענק וואָלט איך זיי געפּוצט, דעם פּראָוואָקאַטאָר...

ענדלעך גיט דער שטומער אָפּ דעם שטיוול. גאַר פרייד, וואָס מע וועט באַלד דאָ פּאָטער ווערן פון דעם מיִעסן שטיקל אַרבעט, איז וועלוול שוין אַליין אויך אַ באַלן אַן איבעריקן מאָל אַ קוק טאָן, צי אַלץ איז ווי עס קער צו זײַן געמאַכט. ער גיט אַ טראָג צו אַ שטיוול צו די קורצזיכטיקע אויגן, און עס וואַרפט אים אַרײַן אין שווייס. האַרט בײַ דער זויל, ווי ער האָט נאָר אַ בייג געגעבן דעם קאַנט, — אַ פרישער, טיפער שניט אַף דורך־און־דורך, אַ שניט, אַ פאַרשמירטער מיט שוואַרצן וואַקס, ווי עס טוט אַ באַלמעלאָכע, ווען ער וויל אָנטאָן צאָרעס אַ שלעכטן זאַקאַזשטשיק. ער הייבט אויף די אויגן אַפן שטומען. יענער זוכט עפּעס אונטער דעם וואַרשטאַטל, ער שלעפּט שטאַרק פלײַסיק עפּעס בײַ אים פון אונטער די פיס, רוקט דאָס וואַרשטאַטל, הייבט עס שיר ניט אויף אַף זיך. דאַן טוט וועלוול אַ שמוך מיטן נעזל, גיט אַ וויש באַנײַס מיטן אַרבל די גלאַנציקע כאָליעוועס און הענגט אויף די שטיוול אַפן דרענגל איבערן קאָפּ, הענגט זיי אויף, ווי אַ שטיקל פאַרענדיקטע אַר־בעט, וועלכע איז ערשטער סאָרט...

ניין, ער האָט גאָרנישט ניט באַמערקט, גאָרניט...



# פארבײַגײענדיק

## 1

א הײַפעלע פארטיזאנער מיט זעקלעך אף די פלײצעס שלעפט
זיך פארטאָג בארג־ארוף.

זײ גײען אזוי פון נעכטן אפדערנאכט אָן פון הינטער
וויטעבסק ערגעץ, ווו מע האָט מיט גרויס מאטערניש גע־
קראָגן א ביסל אופרײַס־מאטעריאל. מיד איז מען אזוי, אז קוים
וואָס מע האלט זיך אף די פיס. די גאנצע נאכט איז קימאט ניט אויס־
געקומען צו רוען. דעריבער וואָלט אוואדע צײַט געווען איבערבײַסן

און כאַפּן אַ דרעמל. וואָרעם ווײַטער שטייט נאָך פֿאַר אַ שווערער וועג, אַ וועג אַ געפֿערלעכער, צווישן דײַטשישע גאַרניזאָנען. נאָר וווהין מע וואַרפֿט ניט קיין בליק, זײַנען אָפֿענע פֿעלדער, שיטער באַוואָקסענע בערגלעך. ניט קיין אָרט פֿאַר פּאַרטיזאַנער.

די פּאַרטיזאַנער גייען איינער נאָכן אַנדערן אונטער די בלאָנד־זשענדיקע זון־שטראַלן, וואָס טרײַבן אַראָפּ פֿון נאַקעטע באַרג־שפּיצן דאָס לעצטע ביסל בלוילעך־קילע פּאַרטראַכטקײַט. צווישן די בערגלעך, טיף פֿאַרשלייערטע מיט נעפּל און פּרימאָרגן־טוי, ווו גרין־אָפּגעפּרישטע געציילטע קוסטעס שפּרייטן זיך נידעריק בײַ דער ערד און ווילן אַלץ דערגרייכן צו דער הייך, צו זון און פֿרישער לופֿט, גיבן אַ קוק אַרויס קלאָר, נאָר אין אַ פֿאַרקלענערטער מאָס, ווי דורך אַ שפּאַקטיוו, אַ ווײַטע פּאָר שטיבלעך. עס טוט פֿון דאָרטן אַ הויך אויף די מידע מענטשן מיט רו און היימלעכקײַט, וואָס איז אָט־אָט, מיט דער האַנט צו דער־לאַנגען. נאָר דער עלטסטער זייערער, אַ יונגערמאַן פֿון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק מיט אַ שטאַרק פֿאַרברוינט פּאָנעם, וואָס שיילט זיך אויף דער נאָז, וועלכער גייט מיט אונטערגעהויבענע פּאָלעס פֿונעם רויטאַרמייישן שינעל פֿאַרשטעקט אונטערן רימען, מיטן אווטאָמאַט אויף דער ברוסט, קערט אָפּ מיט אַ זײַטיק שטעגעלע פֿונעם וועג, וואָס פֿירט אַהין. און אַלע איבעריקע — אַ צענדליק מענער און איין פֿרוי — גייען אַוועק נאָך אים. און ווײַטער, ווײַטער ווערט דאָס קרייען פֿון די הענער. ווײַטער, קוים שווין צו דערפֿילן — דער שטוביקער רויך. זיי פֿאַרבלײַבן ערגעץ פֿון הינטן, די שטיבלעך, דערווײַטערט, ווי אַ כאָלעם, ווי אַ טייל פֿון זייער בענקשאַפֿט נאָך מענטשן־גליק, נאָך אַ רויִק לעבן, וואָס איז צע־שטערט געוואָרן.

די איינציקע פֿרוי, וואָס צווישן זיי — אַ בלאָנדהאָריקע, פֿולבלעכע ווײַסרוסישע פֿרוי פֿון אַ יאָר פֿיר־פֿינף און צוואַנציק, אויב ניט מער, גייט אַ באָרוועסע, צעשפּיליעט די לעדערנע אָפּגעבליאַקעוועטע קורטקע. אָפּן רוקן בײַ איר — אַ קלומעקל מעדיקאַמענטן, צו וועלכן עס זײַנען צוגעבונדן די שטיוול. אין דעם, ווי דאָס קלומעקל לאָזט זיך איר יעדער ווײַלע אַראָפּ, אַזוי אַז זי מוז זיך אָפּשטעלן אויף אַ רעגע און, אָנעמענדיק

מיטביידע הענט פאר די שלייקעס אינמיטן גאנג, עס אונטערוואַרפן, — זעט מען צוויי זאכן: אז ס׳איז אי א שווער פעקל, אי זי אליין איז א פרוי א דאַרפישע, א געזונטע, וואָס איז געוווינט צו אלץ...

דאָך ווערט איר אלץ שווערער איבערצושטעלן די פיס. די צו לאנגע ביקס הענגט איר אראָפּ פונעם אקסל. עס פילט זיך: ניט זי גייט עס, עס טרייַבט זי עפּשער דאָס, וואָס האָט זי אָפּגעריסן פון א ביז גאָר שטילן, דאָרפישן ווינקל און ארייַנגעשפּארט א ביקס אין האנט, געצוווּנגען גיין... נאָר מיטאמאָל גיט זי זיך, געטריבן פון דער אינערציע, וואָס שטופּט זי בארג־אראָפּ, א וואקל הין און צוריק מיטן אייבערשטן טייל גוף, שטויסט זיך אָן א פארשלאָפענע מיט דער פולער ברוסט אָן דעם פאַרויסגייענדיקן כאווער און שטעלט זיך אָפּ, אופעפענענדיק די אויגן. זי הערט, ווי עמעצער פרעגט: „עפשער וועט שוין אמאָל נעמען א סאָף?“, און ערשט דאן קוקט זי זיך ארום. ווידער א נאקעטער, גרינער ארוף־בארג. ווידער א העלע, זון־צעשייַנטע וועלט ארום, וואָס שווענקט בלויע שטיקער הימל צווישן דין און דינסטע צווייַגעלעך פון עטלעכע הויכע סאָסנעס.

ס׳איז בלויז א קליין יונג וועלדל פון יאָדלעס בא דער זייַט, נאָר מע הייסט זיך דאָ לייגן רוען. צעלייגט מען זיך. גיט זיך אויך די פרוי א קני צו דער גרינער ערד און פאלט אום אף אלע פיר, טוט זיך נאָך א דריי אויס מיטן רוקן, ווי אף אראָפּצוּוואַרפן פון זיך א זאק מאסע. נאָר אף אראָפּצונעמען פון זיך דאָס פעקל סטייַעט איר שוין ניט קיין קויעך. זי פאלט אום אף דעם, א קלונג טוענדיק מיט די רעפוע־פלעשלעך. אייך רעגע, און זי שלאָפט אייַן. זי הערט שוין ניט, ווי שטיל דאָס פרימאָרגנדיקע פרישע ווינטל רוישט אין די קרוין־שפּיצן פון די סאָסנעס, זי פילט ניט, ווי ווארעמע און קאלטע שטראָמען טוישן זיך אין דער לופט און וואשן איר דאָס אָפּגעצערטע און פארשטויבטע געזיכט. זי שלאָפט, ליגנדיק זייער ניט באקוועם. בלויז איבער איר היפשן מענעריש־הארטן שטערן, בא א מיידלש־פארדרייטן העלן לאָק, ווו קנייטשעלעך האָבן זיך צוזאמענגעקליבן, קעדיי מאכן זי געעלטערט, ליגט

א טיפע זאָרג, ווי א קרענק, וואָס לאָזט זי ניט אָפּ אף א רעגע, אפילע אין שלאָף.

ביסלעכווײַז ווערן אלע אנשלאָפן. מע הערט, ווי דער עלטסטער גיט דעם פּארטיזאנער, וואָס שטעלט זיך אף דער וואך, צו דערקלערן, וואָס ער האָט צו טאָן. גיך ווערט ער אויך אנשוויגן. די שליטע איבער אלץ נעמט איבער דער שלאָף, א געזונטער שלאָף, א שטארק שנאָר־כענדיקער, וואָס אף שלאָפן אזוי דארף מען זיך פריִער גוט אָנגיין און פײַן מיד ווערן.

אין היץ און ראשיקן געזשום פון פליגן ליגט מען צעוואָרפן ווי א האנט און ווי א פוס. טייל שלאָפן האלב נאקעט און באָרוועס, טייל — אינעם אָנטאָן, ווי מע איז אומגעפאלן אונטער די ביימלעך, וואָס זײַנען באהאנגען מיט איבערגעפּריִעטע אָנעטשעס. ווי מיט א קלעפּיקער קרענק, וואָס עס איז אומעגלעך זי בײַצוקומען, ווערט אויך אָנגעשטעקט מיט שלאָף דער איינציקער וואכער פּארטיזאנער, וואָס קוקט ארויס פון צווישן די ביימלעך פון ברעג וואלד אפן גליִענדיקן ארום. ער לאָזט זיך אראָפּ צו דער ערד (זיך ניט צוזעצנדיק. פאר דעם האָט ער מוירע), זיך בלויז צושפּארנדיק מיטן רוקן צו א ביימל, אז אים זאָל זײַן לײַכטער צו האלטן זיך אף די פיס, וואָס ברענען אים פון מידקײַט. אָבער איצטער הייבט ער שוין אָן צו דרעמלען. דורכן האלבן דרעמל דערגייט צו אים א גערײַדערײַ, א סקריפּען פון פורן, א מרוקען פון בעהיימעס. די אלע קלאנגען מישן זיך אים אויס מיט דער ברענעניש ארום און מיט דעם טרוקענעם רייעך פון שטויב און גיבן אים א וועק אוף. ער טוט זיך א כאַפּ, א בליק אף לינקס פון זיך. עפּעס דערשרעקט אים. א רעגע — און ער איז שוין צווישן די שלאָפנדיקע, הייבט אָן וועקן דעם עלטסטן פון דער גרופּע. יענער שלאָפט צו שטארק. ער קאָן אים ניט באלד אופוועקן. אפן פּארטיזאנערס פּאָנעם איז אויסגעדריקט א מאטערניש. נאָר אָט זעצט זיך דער עלטסטער אוועק. ער גיט א צי צו זיך די לאנגע באָרוועסע פיס און נעמט זיי ארום, קוקט יענעם אָן. פלוצעם קריגט זײַן געל־פארברוינט זיך שיילנדיק פּאָנעם א מינע פון צעטראָגנקײַט.

— דײַטשן? — פרעגט ער, זיך א כאַפּ טוענדיק פאר א שטיוול.

— ניין, — זאָגט אומגעדולדיק דער פּאַרטיזאַנער, — א פּאסטעך טרײַבט אהער די בעהיימעס.

— אַ! — מאכט דער עלטסטער, און דעם צווייטן שטיוול טוט ער שוין ניט אָן.

— כ'זאָג: ס'וועט נאָכדעם צו שפּעט זײַן זיך ערגעץ אהינצוטאָן.

— און וווהין וועסטו זיך אהינטאָן?

— אָבער טאָמער האָט מען אים אונטערגעשיקט?

דער עלטסטער ליגט שוין ווידער. ליגנדיק, באַווײַזט ער נאָך ארויסצושטאַמלען:

— גיב אַף אים אכטונג...

עמעץ הייבט אוף דעם קאָפּ און פרעגט: „וואָס איז?“, א צווייטער ענטפערט: „שלאָף! שלאָף! קיין זאַך ניט“... און עס ווערט באַנײַס שטיל... מער ווי דאָס שנאָרכען הערט מען ניט...

אָבער אינדערעמעסן נעמט שוין דעם עלטסטן ניט קיין שלאָף. ער שלעפּט ארויס טאַבעק פון קעשענע, פאַרייכערט. ער הייבט אוף דעם קאָפּ און הערט זיך צו.

קריגן דעם טאָל איז אים אָנגעקומען מיט גרינע ווערעם, שוין אָפּגערעדט וויפל עס האָט געקאָסט געזונט זיך אריבערכאַפּן די אײַזנבאַן־ליניע לעבן וויטעבסק, ווו ער האָט צוויי מענטשן שיר ניט פאַרלאָרן אין שלאכט. עס זאָל נאָר ביזן סאָף גיין ניט ערגער, וואָלט ער די אופּגאַבע, וואָס מע האָט פאַר אים געשטעלט, אויסגעפילט אקוראַט... איצט אָבער, דערהערנדיק, אז מע קאָן זיי דאָ אַנטדעקן, איז אים דאָס ניט געפעלן געוואָרן.

ער האָט דערהערט דעם פּאסטעך שרײַען אף די בעהיימעס, דערצו אויך א שטים פון א קינד, וואָס טײַנעט זיך אויס מיט אים פונדערווײַטן. לויט דעם, ווי עס דערווײַטערט זיך דאָס קעלכל, לאָזט זיך מעשאַער זײַן, אז דאָס קינד גייט גאָר וווהין אוועק — א זאַך, וואָס קאָן ארויסרופן בא א פּאַרטיזאַנער א געוויסן כשאַד. ער וויל דעריבער א רוף טאָן דעם פּאַרטיזאַנער, וואָס שטייט אַף דער וואַך, אז ער זאָל

פארהאלטן דאָס קינד, נאָר ס'איז אים פארשפּאָרט. דער וואכמאן קומט אליין צו גיין, ווײַל צו נאָענט איז שוין דער פאסטעך מיט זײַן הילכיקן געשריי: „היי, היי, ראבעו!", מיטן קנאקן פון זײַן לאנגער בײַטש.

— כאווער קאָמאנדיר, ער טרײַבט זיי גלײַך אהער! עפּשער אופּוועקן די כעוורע?

— זאָלן זיי שלאָפן.

א מין אָנשיקעניש דער פאסטעך. וואָס דארף ער דאָ? און כאָטש ס'איז נאָך פרי צו זאָגן, אז ער האָט אים אין וואָס־ניט־איז צו כוישעד זײַן, דאָך שטייט ער שוין אויף, דער קאָמאנדיר פון דער גרופּע. א באָרוועסער, מיט ברענענדיקע פיס, וואָס פילן יעדן ברעקל אונטער זיך, ווי מיט א פרישער ווונד, אזוי אז ער קאָן גאָר ניט גיין אף זיי, קומט ער ארויס אפן ברעג וועלדל. די בעהיימעס האָבן זיך שוין ארײַנגעריסן אהער. שטארק רוישנדיק מיט די בלעטער, מרוקען די בעהיימעס פאר טײַנעג, וואָס זיי האָבן זיך ארײַנגעכאפּט אין שאָטן, און טרײַבן אָפּ מיט די קעפּ, פיס און ווידלען די לעצטע פליגן, וואָס האָבן זיך ארײַנגעריסן אהער נאָך זיי. דעם פאסטעך זעט מען ניט. בלויז נאָך דעם געשריי, וואָס ער טוט אָפּט אף די בעהיימעס, פילט מען, אז ער שטייט דאָ גאָר נאָענט.

„ניין, — באשטימט דער עלטסטער בא זיך, — אויב ער וויל בלײַבן ניט אנטדעקט, דארף מען זיך שוין בעסער גאָרניט באווײַזן".

און ער קערט זיך אום. גייענדיק מיט גרויסע טריט אף די שפּיץ פינגער צום אָרט, ווו אלע שלאָפן, ווײַזט ער דעם איינציקן וואכן פארטיזאנער מיט א צוגעלייגטן פינגער צום מויל און מיט נאָך אנדערע טנועס פון פארהויבענע ברעמען און ארויסגעשטעלטע ליפּן, אז ער זאָל שטיליבקערהייט אלעמען אופוועקן. מע פארקלײַבט זיך אף א נײַ אָרט, אונטער א קוסט. ס'געדויערט אָבער א קורצע ווײַלע, און עס הייבט זיך אָן א גאנצע קינדער־שפּיל. די פארטיזאנער באהאלטן זיך, און די בעהיימעס געפינען זיי. זיי כאפּן זיך אריבער מיט די פעקלעך און געווער אין די הענט אף א נײַ אָרט. קומט דער פאסטעך מיט די בעהיימעס אויך אהער.

לויט דער נאטור איז דער עלטסטער גראָד א געלאסענער, א

רויִקער, אָבער דאָ האָלט ער שוין אויך ניט אויס. מארינע, די פרוי, וואָס צווישן זיי, באמערקט עס.

— לאָמיך נאָר צוגיין צו אים, — זאָגט זי, שוין זײַענדיק אליין אויך גוט בייז.

— אָן געווער?

— אָן. אָט אזוי־אָ... א מין דאָרפישע... — האָט זי אָנגעוויזן אַף די באָרוועסע פיס און אַף איר אָנטאָן, אַף דעם צעשפּיליעטן אָפּגעבליא־קעווען העמדל, פון אונטער וועלכן עס האָט ארויסגעקוקט איר ציצן קליידל.

— נו, גוט, גיי.

מארינע לאָזט איבער דאָס קלומעקל מיט דער ביקס און קומט ארויס צום פאסטעך.

— זיידע, — זאָגט זי אים גאנץ פרידלעך, — טרײַב אוועק די בעהיימעס פונדאנען.

דער אלטיטשקער האָט אומעטיקלעך א צי געטאָן מיט דער גאנצער לענג פון דער בײַטש איבער דער גרינער ערד, פארנומען א ביסל די בײַטש אין דער האנט, אופהייבנדיק מיט דער צווייטער האנט דעם עק פונעם שטריקל נאָענט צו די אויגן, ווי מע הייבט אוף א ווענטקע, ווען מע וויל אפּן האטשיק אָנטאָן א ווערעמל, און האָט גענומען עפּעס צע־בינדן אָדער פארקניפּן.

— האָסט געהערט, וואָס מע רעדט צו דיר? — האָט זי איבער־געפרעגט צעהיצט...

— איך האָב געהערט... געהערט... — האָט ער א זאָג געגעבן וואָר־טשענדיק און האָט זיך ארָאָפּגעלאָזט אין שאָטן פון א פּאָר ביימלעך. — דאָ טאָרסטו ניט זיצן, און דאָרט לאָזן דיך די דײַטשן ניט זיצן...

„זעסט א מין אלטער! — פארדריסט איר ניט אַף קאטאָוועס. — רעדסט צו אים, און ער — ווי צו דער וואנט". דאָך שטייט זי נאָך אלץ, זיך אָנהאלטנדיק מיט די הענט אָן צוויי צענומענע שטארק גרינע יונגע יאָדלעס, פונוואנען זי איז נאָך אינגאנצן ניט ארויסגעקומען. זי כאזערט אים איבער דאָס, וואָס זי האָט אים שוין איין מאָל געזאָגט. איצט

קלינגט עס שוין קימאט ווי א באפעל. נאָר ער מאכט זיך דערפון ניט קיין וועזן.

און הערנדיק, ווי עס רוישן די בעהיימעס צווישן דיביימלעך, זיך באשיצנדיק פון דער היץ, באשטימט זי: איינס פון די ביידע — איז ער, דער אלטער, שוין גוט באקענט מיט פארטיזאנער, אז ער האָט פאר זיי ניט וואָס מוירע צו האָבן, האָט זי מיט אים דאָ ניט צופיל וואָס צו ברייען, דאן דארף ער זיי דאָך אליין פארשטיין. עלע וואָס דען, איז ער שוין אזוי פארקויפט דעם דייטש, אז ער זאָל פאר קיין זאך ניט ניספּאָעל ווערן, דאן האָט זי זיך מיט אים אוואדע ניט מער וואָס צו גיאנטשען.

— וואָס ביסטו געקומען אהער? — פרעגט זי מיט אומגעדולד. — און וווהין האָסטו דאָס מיידעלע אוועקגעשיקט?

— וואָסי דען?

— אז מע פרעגט בא דיר, ענטפער! — גיט זי זיך א צינד אָן. — מיר זיינען ניט געקומען אהער צו שפילן זיך מיט דיר.

— און ווער ביסטו דאָס אזוינס, וואָס דו דארפסט עס וויסן?

— ווייסט, ווער איך בין. דו מאכסט זיך נאָר ניט ווּיסנדיק.

— ווער ביסטו? אפן פּאָנעם — א דאָרפישע. דער גוטעריאָר ווייסט דיך. אזוינע גייען היינט א סאך ארום מיט די וועלדער, און גיי דערגיי א טאָלק בא זיי, ווער זיי זיינען און וואָס זיי ווילן. מע גייט! איינער זוכט, ווי צו קילן דאָס הארץ אינעם דייטש, און א צווייטן — גיב נאָר א לוסטע אף אָנצושטאָפּן דעם בויך, מער דארף ער גאָרניט.

— דריי ניט דעם קאָפּ! זאָג אָפן: האָסט אונדז געזען אינדערפרי גייען אהער?

— געזען, — איז ער זיך מוידע מיט א שמייכל.

— מיסטאמע צוגעציילט, זאלבעוויפלט מיר זיינען?

— און צוגעציילט.

— און אוועקגעשיקט דאָס מיידעלע וווהין מע דארף?

— אוועקגעשיקט.

זי איז פארכידעשט: אָדער זיי פארשטייען ניט איינער דעם אנדערן,

אָדער דער אַלטער איז שוין אַזוי אויסגעוועפּט, אַז ער פֿילט ניט, אין וואָס דאָ גייט. זי וועט אים באַלד אָנכאַפּן פֿאַרן גאַרגל.

— אַ סאַך נעמסטו עפּעס פֿאַר אַרויסגעבן אונדז?

דאָס אַלטע פּענעמל, אָן אַ סימען פֿון באָרד און וואָנצעס, ווערט טייקעף צעפּאַלאָכעט, בלאַס.

— גאָט איז מיט דיר! מענטש דו איינער, וואָס רעדסטו? — און עס גיט פֿון אים אַ טראָג מיט אײמע בלויז באַם געדאַנק, אַז מע קאָן וועגן אים אַזוינס גאָר טראַכטן. — איך בין געקומען צו אײַך, מײנענדיק נאָר אײַער טויווע. און דו... ווילסט, איך זאָל דיר אַ רוף טאָן דאָס אייניקל? איך האָב דאָך זי געשיקט אַכטונג געבן, דײַטשן זאָלן ניט אָנשפּרינגען. שטענדיק, ווען פּאַרטיזאַנער קומען אַהער, היטן מיר זיי אַזוי. נו, יאָ... שטענדיק. אי איך, אי מײַן אייניקל...

און ער רעדט שוין גאָרניט מער, כאָטש ער זעט, ווי מאַרינע ווערט צעטומלט. ער הייבט אויף די דודע מיט דער ברייטער זײַט צום הימל, גיט אַ בלאָז אײן מאָל און נאָכאַמאָל. אַ ווײַלע שטייט ער נאָך מיט דער דודע בײַ די ליפּן, זיך צוהערנדיק צום אויסגעשטראַלטן אַרום, ביז עס דערהערט זיך ניט אָן ענטפֿער פֿון הינטער דעם באַרג.

— נו, אָט! — זאָגט ער צופֿרידן. — זי זיצט באַם וועג...

מאַרינע דערפֿילט זיך ווי אָפּגעשמיסן. אַ קורצע ווײַלע ווייסט זי שוין מער ניט ווי צו פֿירן זיך ווײַטער. נאָר עס העלפֿט איר אַרויס דער אַלטער. ער האָט שוין ווי אינגאַנצן פֿאַרגעסן אָן אַלץ. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד און רופֿט זי צו זיך מיט אַ קרום פֿינגערל. און עפּעס סוידעספּולס און קינדעריש־גוטס גיט אַ ווייע פֿון אים און פֿון זײַן אַרט רופֿן זי. זי פֿאַרשטייט, אַז דער אַלטער איז צו זיי געקומען ניט אומזיסט, אַז ער האָט עפּעס וויכטיקס צו זאָגן, און זי לאָזט זיך אויך אַראָפּ אויף דער ערד לעבן אים.

— גוטע יאָטן באַ אײַך, צי אַזוינע, וואָס טראַכטן נאָר ווי איבער־צוקומען די צײַט אין וואַלד?

— גוטע, איינע אין איינע, — זאָגט זי, פֿילנדיק, ווי אין איר ווערט אַלץ אָנגעצויגן.

— איר וואָלט געגאַנגען אַף עפּעס אַן אָפּעראַציעלע?

ווי בא אַ דאָרשטיק פערד, וואָס דערשמעקט וואַסער פון ווײַטן, אַזוי אופגעבלאָזן ווערן בא איר די נאָזלעכער.

— וואָס פאַר אַן ארבעט?

— איר זײַט דאָך אָבער מיד...

— ס'מאַכט ניט אויס.

— עפּשער אַ צווייט מאָל...

— דו זאָג, וואָס! מאַטער ניט!

און דאַן דערזעט מארינע נאָענט לעבן זיך דעם פאַסטעכס אויגן. סע שטראַלט פון זיי מיט יונגקייט...

— אַ וויאָרסט דרײַ פונדאַנען, — הייבט ער אָן דערציילן, ווי אַ סאָד, — איז פאַראַן אַ כוטאָר. פאַרנאַכט קומען אַהין עסן פײַנקוכנס צוויי דײַטשן מיט אַ פּאָליציי, די דײַטשן — גאַזלאָנים, און דער פּאָ־ליציי — אַ ביטערער, נאָך ערגער פון די דײַטשן. אָך, אַ הונט!

מארינע כאַפּט היציק אָן דעם אַלטן פאַר אַ שפּיציקן דאַרן אַקסל.

— וואַרט, איך וועל רופן דעם קאָמאַנדיר.

## 2

אָפּגעשלאָפן שוין היפּשע עטלעכע שאָ, האָט מארינע דערפילט, אַז זי ליגט ניט גוט, אַף עפּעס האַרטס, און האָט פון אונטער זיך אַרויס־גענומען די ביקס. אויסגעטאָן פון זיך פאַרייגס שוין אויך דאָס העמדל, וואָס האָט זיך אָנגעגליט אַף דער זון און איז געוואָרן זודיק־הייס, ווי אַ בלעך, האָט זי זיך איבערגעדרייט אַף אַ זײַט, פאַרוואָרפן אַ האַנט איבערן קאָפּ און, זיך אָנעמענדיק דאָרט אָן עפּעס אַ ביימל, געפּרוווט ווידער אײַנשלאָפן. נאָר דערהערט גאָר נאָענט שאַלן דעם פאַסטעך אַף דער דודע און פון ערגעץ, פון אונטערן באַרג, עמעצן זיך אָפּרופן אויך אַזוי לויטער שאַלנדיק, האָט זי אופגעהויבן אומרויִק דעם קאָפּ.

— שלאָף, שלאָף! — האָט דער עלטסטער זי באַרויִקט. — דאָס היטן אונדז אַזוי די פאַסטעכער. ווילע מענטשן — דער אַלטער מיטן אייניקל.

און מארינע האָט זיך צוריק אוועקגעלייגט מיטן קאָפּ אויף איר פּעקל, א קלוגע טוענדיק דאָרט מיט די רעפּועס־פלעשעלעך, און האָט ווידער אָנגעהויבן דרעמלען.

ס׳האָט זיך איר אָנגעהויבן עפּעס פּלאָנטערן. ס׳האָט זיך איר אָפּגעדוכט, אז זי שלאָפט אינעם היי־שטאל בא זיך אין דער היים מיטן מאַן. עס שמעקט דאָס היי מיט א הייסן שטויביקן גערוך, וואָס היצט באזונדערס שטארק מיט עפּעס א בייַגערוך פון רעפּועס. ס׳איז פארטאָג. א סימען: פארבייַ טרייַבט מען שוין די טשערעדע. די בעהיימעס מרוקען. זי דריקט זיך שטייַף צום מאַן מיט איר לייַב, פּלאָטערנדיק מיט א זיס־נאָגנדיקן ציטער. נאָר מאַטערנדיק זיך אזוי פון זייַן נאָענטקייַט, דערפילט זי, אז זי ליגט מיט א פרעמדן; דער מאַן אירער שטייט א בלאסער בא דער טיר, קוקט אויף איר און שווייַגט. און דאַן צעשרייַט זי זיך.

— ניין, ניין! — שרייַט זי. — איך וויל ניט לעבן! איך וויל ניט! — און זי כאַפּט זיך אויף. עס וועקט זי דער עלטסטער, אָנעמענדיק זי פעסט פאר דער האנט.

— שרייַ ניט אזוי! — זאָגט ער צו איר, דורכגייענדיק מיט א פעט טיכעלע איבער דעם שטאל פון אווטאָמאט, אזש ער הייבט אָן צו גלאַנצן אונטער זייַנע הענט.

זי דרייט זיך איבער אויף דער צווייטער זייַט, טוט א זיפץ, כאַפּט זיך ווידער אָן מיט דער האנט אָן א גרין ביימל צוקאָפּנס, ווי אָט דאָס אָנהאלטן זיך אָנעם פעכיק־שמעקנדיקן ביימל וואָלט איר צוגעגעבן יענע קלאָרקייַט פון וואָר, וואָס קאָן אָפּטרייַבן פון איר דעם פּלאָנטער פון כאלומעס. א פּאָר רעגעס, און זי ווערט ווידער אנדרעמלט.

און ווידער שטעלט זיך איר דער מאַן פאר די אויגן.

— ניין, דו וועסט אין ערגעץ ניט גיין! — הערט זי נאָך אליין, ווי זי רעדט צו אים, ברענגענדיק אים עסן צום סטויג היי. — איך וועל דיך אויסהיטן...

— עסן? — זאָגט ער איצט מיט א שמייכל, וואָס פאַרכידעשט זי. — אַף וואָס טויג עס מיר, אז איך בין אָן ציינער?

— אָן ציינער? — דאָס דערשרעקט זי. ניט קיין גוטער סימען, אז עס כאָלעמט זיך א מענטש, וואָס בלײַבט אָן ציינער.

— נעכטן פארן הענגען האָט מען מיר אלע ציינער ארויסגענומען.

— פארן הענגען? — פרעגט זי איבער און ווערט נישטוימים, כאָטש זי ווייסט, אז ער איז שוין לאַנג טויט.

— גלייבסט מיר ניט? טאָ פרעג בא די דײַטשן, — ווײַזט ער אָן אפן וועג, ווו עס גייט, סקריפּענדיק מיט די שליטנס, א וואלקע שווער געלאָדענע פורן מיט מייסים... — אָן־אָ, דו זעסט, אין דער דריטער פור קענסטו געפינען מײַן גוף...

— שרײַסט שוין ווידער? — פרעגט, אופוועקנדיק זי, דער עלטס־טער. — ווי נאָר דו שליסט צו מיט די אויגן, אזוי גלײַך הייבסטו אָן שרײַען.

זי ווארפט זיך דורך, עטעמט מיד אָפּ און זעצט זיך אוועק.

— כ׳ווייס אליין ניט, וואָס איז מיט מיר הײַנט, — פארענטפערט זי זיך, ווישנדיק מיטן ארבל פונעם כאקי־העמדל דעם שטערן. — מײַן מאן גייט מיר הײַנט פון קאָפּ ניט ארויס... דאָס טראָג איך אים עסן, דאָס רינגלען ארום די דײַטשן דעם כוטאָר, ווו ער באהאלט זיך אויס, און איך זע, ווי מע פירט אים, און דאָס קום איך צום סטויג היי און טרעף נאָר זײַן שינעל, ווײַל אים האָט מען שוין לאַנג צוגענומען...

— מיסטאמע איז אינדערעמעסן געווען אזוי, כאָלעמט זיך דיר...

— אינדערעמעסן? — פרעגט זי איבער, ארונטערצײַענדיק די באַר־וועסע פיס אונטערן קלייד, ווי עס וואָלט איר ווערן קאלטלעך. — אינ־דערעמעסן איז טאקע אן ערעך אזוי פאָרגעקומען. געווען אן אָבלאווע. מע האָט זיי געפּאַקט א מאן צען זיך אויסבאהאלטן אַף דער בלאָטע, ארויסגעטריבן הינטערן דאָרף און צעשאָסן. דרײַ טעג נאָכאנאנד האָט מען ניט צוגעלאָזט זיי אָנקוקן. נאָכדעם האָב איך שוין אפילע ניט דער־קענט, וועלכער איז מײַנער. אזוי האָט מען זיי צעשניטן אַף שטיקער.

זי מאכט צורעכט אפסניי דעם צוקאָפּנס, קלײַבט ארויס א פּאָר שישקעס פונעם גראָז אונטער זיך, לייגט זיך צוריק אוועק. שוין ליגנדיק, זאָגט זי:

— וויפל איך וועל ניט נעמען נעקאָמע פונעם דײַטש, איז אַלץ קנאפּ... — און זי ווערט פארזונקען אין ראיוינעס, וואָס די כאַלוימעס און דער געשפּרעך מיטן יונגן קאָמאנדיר האָבן אין איר דערוועקט.

דער עלטסטער טוט א רוף דעם פּארטיזאנער, וועלכער שטייט אפן פּאָסט.

— ראבעצקי איז אוועק? — פרעגט ער אים.

— אוועקגעגאנגען, — ענטפערט יענער פון זײַן אָרט.

מארינע דרייט זיך אויס.

— וואָס? מיר וועלן פארנאכט גיין צום כוטאָר?

דער עלטסטער קוקט אפן זייגער, כאפּט א בליק אף דער זון. ער לייגט זיך אוועק, אונטערשפּארנדיק דעם קאָפּ מיט א האנט און האלטנ־דיק די גאנצע צײַט אָן אויער גרייט, ווי זיך צו עפּעס צוהערנדיק. מיטן ענטפער אײַלט ער ניט.

זי נעמט דאָך באצײַטנס שטילערהייט צונויף איר ביסל האָב־און־גוטס אונטער דער האנט, הייבט אָן איבערלייגן דאָס פּעקעלע מיט רע־פּועס.

— אזא געלעגנהײַט, — זאָגט זי, — מאכט זיך ניט אלע טאָג...

— וואָס אגיטירסטו מיך? — פרעגט ער. — אליין ווייס איך דען ניט?

זי ווייסט ניט, אז באלד ווי ער האָט זיך דורכגעשמועסט מיטן פּאסטעך, האָט ער באשטימט צו גיין. נאָר זי וויל ער ניט מיטנעמען: פּאָרט א פרוי.

זי באוויַזט ניט פארענדיקן איר ארבעט, וועקט ער אוף איין פּארטיזאנער נאָכן צווייטן. ער וועקט שטיל, ניט מאכנדיק קיין ראַש. נאָר וויבאלד ער גיט נאָר איינעם א וועק, שטייען שוין גלײַך אלע אוף. עס גייט אוועק א ריידערײַ. מע הייבט זיך אָן אָנטאָן. עס דערהערט זיך טייקעף א קלינגערײַ פון געווער.

— שלאָפֿט! שלאָפֿט! — באַרויִקט ער די, וועלכע ער האָט ניט געוועקט.

עס הערפֿט אָבער ניט. וואָרעם וויבאַלד מע האָט דערזען, אַז מע דאַרף ערגעץ גיין, ווילן אַלע גיין. און אַלע שטייען שוין גרייט מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס און געווער אין די הענט. בעסויכעם — מאַרינע מיט איר פֿולגעפּאַקט און קלינגענדיק פּעקעלע, פֿון וועלכן עס שמעקט מיט רעפֿואות.

— דו, — זאָגט דער עלטסטער צו איר, — וועסט אויך בלײַבן דאָ מיטן טאַל...

— ניין, — זאָגט זי, — איך מוז גיין.

— וווּהין? אין אַ פּאָר שאָ אַרום וועלן מיר זײַן דאָ צוריק. וווּהין וועסטו גיין? דו רו זיך בעסער אָפּ... וואָרעם אַ גאַנצע נאַכט וועט אונדז אויסקומען ווײַטער צו שפּאַנען...

— נישקאָשע... — זאָגט זי אויפֿגעבראַכט פֿאַר אַקשאָנעס, וואָס צעפּלאַמט איר טאָמיד די באַקן אין מאָמענט, ווען מע דאַרף גיין אין שלאַכט און מע וויל זי איבערלאָזן.

אַ היפּשע פּאָר מינוט דויערט נאָך דאָס דינגעניש. פֿון איין זײַט שטייט דאָס בינטל גרייטע פּאַרטיזאַנער, וואָס בינדן זיך צו צום פּאַס אַ לעצט רימענדל פֿון אַ גראַנאַטע, אַ געלייִענער באַ אַן איבערבלײַבנדיקן כאַווער, און וואָס זײַנען ניט צופֿרידן דערמיט, וואָס מע פּאַטערט צײַט אומזיסט. פֿון דער צווייטער — דער עלטסטער, וואָס קוקט באַרויִגעזלעך אויף מאַרינען מיט אַ בליק פֿון אַ קאָמאַנדיר, וואָס פֿילט זיך אַ ביסל באַליידיקט, האַלעמײַ זי פֿאָלגט אים ניט, ווען זי ווייסט, אַז ער קאָן באַפֿוילן, צווינגען זי בלײַבן.

מאַרינע שטייט מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל פֿונעם כאַקי־העמדל מיט קעשענעס, פֿול אָנגעשטאָפּטע מיט בינטן. זי שטייט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד מיט אַ שטײַף צונויפֿגעקלעמט מויל. ענדלעך הייבט זי אויף די פֿאַרלאָפֿענע אויגן, אין איר בליק — פֿאַרדראָס און פֿאָרוווּרף.

— בין איך דען ווען אָפּגעשטאַנען פֿון אַלעמען? — פֿרעגט זי הייזעריקלעך. — אַנו, זאָל מיר עמעצער זאָגן?

און ווײַל פֿאַר קיינעם איז קיין נײַס ניט אָט דאָס שטענדיקע רײַסן זיך אירס אין שלאַכט, ווײַל זינט מע ווייסט זי, איז זי אַזאַ, אָט די שטילע, שטענדיק פֿאַרטראַכטע, אומעטיקע פֿרוי, וואָס כאַפּט זיך אויף פֿונעם טיפֿסטן שלאָף, ווען זי דערהערט נאָר קלינגען מיט געווער, — גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט און אַ קאָמאַנדעווע:

— סמירנאָ! נאַפּראַוואָ! שאַגאָם מאַרש!

און מע גייט אַוועק. ער — פֿאָרויס אויף אַ פּאָר טריט, און אַלע איבעריקע נאָך אים, באַגלייט מיט די בליקן פֿון די כאַווײרים, וואָס קוקן זיי נאָך. זיי שטייען אַזוי לאַנג, ביז יענע לאָזן זיך ניט אַראָפּ אין באַ־שאָטנטן טאָל, וואָס האָט זיך גענומען אויסלעשן צו דער נאַכט. דער אַלטיטשקער פּאַסטעך שטייט דאָן מיט זיי און קוקט, ווי יענע פֿאַר־שווינדן...

פֿאָרויס דער גרופּע פּאַרטיזאַנער גייט דעם פּאַסטעכס אייניקל, אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר צוועלף — אַ קליינס, אַ דאַרינקס און העלס, ווי דער זיידע, אין אַ ציצן קליידל מיט אַן אַרבעסל. אין יעדן בליק אירן, וואָס זי טוט אַפֿן עלטסטן — דעם מענטשן מיט דעם אויטאָמאַט איבער דער ברוסט, זעט מען אַ סך האַנאָע און פֿרייד, וואָס מע האָט איר אָנ־געטרויט צו פֿירן זיי און ווײַזן דעם וועג... זי פֿלוידערט שטיל און רויִק. זי רײַסט גייענדיק בלימעלעך, זיך אָנבייגנדיק דאָ און דאָרט. זי דער־ציילט:

— זיי זײַנען אײַנגאַנצן אײַנדרײַען. דערהויפּט זאָלט איר זען ניט אַרויסלאָזן דעם פּאָליצײַ. אָך, איז דאָס אַ הונט!.. מאַמעלעך מײַנע, מע זאָל נאָר באַהיט זײַן פֿון אַזעלכע. און נאָך איינער איז דאָרט פֿאַראַן, אַ דײַטש, אַזאַ מין דיקער... אַ הויכער...

### 3

איינער אַליין מיטן קורץ־אָפּגעהאַקטן ביקסל און מיט אַ ביסל שפּײַז, וואָס מע האָט באַ כעוורע צונויפֿגעקליבן צוליב אים פֿאַרן אַרויסשיקן אַהער, ליגט זיך ראַבעצקי — אַ ראַבעוואַטער דאָרפֿיש־פּראָסטלעכער

און רויקער באָכער — פון גאנצפרי אָן באהאלטן אינעם קליינעם וועלדל און קוקט ארויס צווישן די ביימער אפן וועג. וואָס, אייגנטלעך, האָט מען אים געשיקט אהער, ווייסט ער אפילו ניט. באקומען אַן אופגאבע אכטונג צו געבן אפן וועג, צי עס וועלן ניט פאָרן קיין דײַטשן, ליגט ער זיך אין א מין „סעקרעט" און וואָלט שוין גערן געווען, אז אויך די איבער־ריקע זאָלן קומען אהער, ווי עס האָט אים צוגעזאָגט דער קאָמאנדיר. ערשטנס, איז פּראָסט און פּאָשעט אים א ביסל אומהיימלעך צו שטעקן דאָ אליין אינעם פרעמדן קאנט, ווו טאָמער טרעפט עפּעס מיט אים, ווייסט ער גאָר ניט וווהין צו לויפן. צווייטנס, ווילט זיך אים שלאָפן, וואָרעם אין גוטן מוט האָט ער ליב צו שלאָפן. שוין אָפּגערעדט איצט, נאָך א נאכט גיין. דערצו באפאלן אים דאָ איצט, אזוי ליגנדיק באם וועג, ראק געדאנקען וועגן דער היים און וועגן זומערדיקער פויערשער ארבעט אין דער באלעבאטישקייט, וואָס איז געבליבן אָן א באלעבאָס. עס פאָרט דורך מיטן וועג א פור מיט היי, פארלירט א זשמעניע אף דער ערד. אפן הויכן געפאקטן שטארק סקריפּענדיקן וואָגן ליגט א פאר־פאליעט מיידל, — פארדריסט אים, וואָס זי האָט דאָס ביסל היי פאר־לאָרן, פארוואָס די רעדער זײַנען ניט געשמירט, ווי עס וואָלט זײַנס געווען.

עס גייט דורך אַן אלטער פויער מיט א פרוי. ער גייט מיט א קאָסע און מיט א טאָרבעלע שפּײַז צוגעבונדן צום שטעקן. ערגעץ נאָענט, ווען זיי גייען שוין דורך, הערט מען עמעצן נאָקען, און אָט קומט ארויס פון הינטערן בארג א ווײַס פערד. עס אקערט אף דעם אַן אלטינקער. מיט ברייט צעגומענע הינטערשטע פיס שלעפּט זיך נאָך דאָס פערד ווי א בלינדס נאָך דער פרוי, וואָס ציט עס פאר דער צוים, שטעלט זיך גאָר אָפּ, וויל ווײַטער ניט גיין און קראצט זיך א זײַט צורע אָן איינער א פאָדערשטער קני... ווען די פרוי טוט א זעץ דאָס פערד אין צורע, רײַסט עס שוין אוף ראבעצקין אינגאנצן. ער דרייט זיך אויס מיט א צעקרימט פּאָנעם און מיט א זיפצעניש, ניט קענענדיק אף דעם קוקן. „א בראָך אף זיי, — טראכט ער זיך וועגן די דײַטשן. — אין אלץ זײַנען זיי נאָר שולדיק... מע האָט געלעבט... מע האָט שוין פון קיין שלעכטס

ניט געוווּסט, האָט זיי דער ניטגוטער אָנגעטראָגן. און אָט־אָ... אַן עק, וואָלט שוין כּעוורע געקומען, — טראַכט ער זיך. — ווען מע איז צו־זאַמען, פאַרטומלט מען זיך כאָטש די געדאַנקען". נאָר שאַ, עמעצער גייט פונעם טאָל. יאָ, ער האָט זיי דערקענט. ער דערזעט די אייגענע כאַוויירים פונוויַטן, ווערט טייקעף פרייליכער.

— קיינער ניט דורכגעפאָרן? — פרעגט דער עלטסטער, מיינענדיק די דײַטשן, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז ער האָט דאָ פאַרשפּעטיקט.

— קיינער ניט. כ'האָב גוט געקוקט.

— הייסט עס, גוט... — מאַכט יענער צופרידן און, מעיושעוודיק, מײַסע־קאָמאַנדיר, דערזעענדיק דערבײַ צווישן צוויי ווײַטע בערג־לעך אַפן פאַן פון דער פאַרגייענדיקער זון, אַפּאָנעם, דעם זעלבן כוטאָר, וואָס זיי האָבן, גייענדיק אינדערפרי, געזען, ווען פון דאָרטן האָט זיך דערטראָגן צו זיי די קוילעס פון די קרייענדיקע הענער...

דערהערט, אַז ראַבעצקי הייסט ניט די כעוורע זיך צופיל אַרויסרוקן פונעם וועלדל, ווײַל דאָ אַקערט מען, האָט דער עלטסטער ווידער מײַסע־קאָמאַנדיר באַפוילן, אַז מע זאָל זיך גלײַך באַהאַלטן הינטער די ביימער. אַליין איז ער אַראָפּ פונעם בערגל, זיך אָנשפּאַרנדיק מיט אַ האַנט אינעם גרינעם שיפּוע, וואָס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער זײַנע פיס, קעדיי צו באַטראַכטן דאָס אָרט, ווו ער זאָל מאַכן די באַהעל־טעניש.

טראַכטנדיק וועגן דעם, וויאַזוי ער זאָל צוהיטן די דײַטשן: צי דאָ אַפן וועג, פונוואַנען אַן אָפּצווײַגל פירט גלײַך צום כוטאָר, צי גופע באַם כוטאָר, האָט ער שוין באַצײַטנס גענומען זיך פאָרשטעלן, וויאַזוי ער דערהאַרגעט די דײַטשן מיט דעם פּאָליצײַ, נעמט בא זיי צו דאָס געווער און דאָס אָנטאָן און לאָזט זיך אַ צופרידענער אַוועק אין לאַגער. דער גוטערייאָר האָט גראָד אָנגעטראָגן דעם אַלטיטשקן פאַסטעך. אַ מעכײַעדיקער אַלטער. און ער האָט געמיינט, אַז ס'איז אַ שפּיאָן. ער האָט אים איצט מאַמעש ליב. גאָט זאָל אים נאָר געבן געזונט און לאַנגע יאָר... און זי, מאַרינע — אויך אַ שטיק גאָלד... כאָטש ער האָט זי ניט געוואָלט מיטנעמען.

אין א ראָזלעכער שײַן פון בײַן־האשמאָשעס ליגט דער וועג. פון איין זײַט שטייט א טעלעגראַף־סלופּ מיט ארומגעריסענע דראָטן. פון דער צווייטער — עטלעכע נידעריק צעוואקסענע ווערבעס.

דערהויפּט, טראכט ער, איז געבן זיי ראפּטאָם א טשמעל, אז זיי זאָלן גאָר ניט וויסן, פונוואנען עס קומט.

ער דערהערט א געשריי, ער ווייסט ניט, פונוואנען עס קומט... נאָר אָט דערזעט ער, ווי ראבעצקי מאכט צו אים עפּעס מיט א האנט, און איז שטארק דערשראָקן... ער וויל שוין יענעם פרעגן, וואָס איז, נאָר ער באוויַזט עס שוין ניט. פון דער רעכטער זײַט וועג דערהערט זיך א געריידערײַ. און הארט פארבײַ אים, ווי נאָר ער פאלט צו מיט א קני אין שאָטן פון א פּיצל ביימל, רײַסט זיך ארויס מיטן וועג און פליט דורך פארבײַ, צופאלנדיק נידעריק מיט דער ברוסט צום רודער פון וועלאָסיפּעד און שטארק דרייענדיק מיט די פיס, א דײַטש מיט א ביקס איבערן אקסל, זיך יאָגנדיק ווי אין א געוועט. ער פליט דורך, שווינד־לענדיק מיט די שפּיזלעך פון די רעדער קעגן דער פארגייענדיקער זון אזוי נאָענט, אז דער שטראָם פון דער אופגערודערטער לופט דער־לאנגט דעם עלטסטן אין פּאָנעם. בלויז איבער דער געשווינדקײַט, מיט וועלכער ער פליט, זיך ארויסרײַסנדיק פאָרויס, דערזעט אים ניט דער דײַטש. נאָך דעם — יאָגן זיך נאָך צווייען. איינער — אין גרינעם, די פּילאָטקע פארוקט אונטערן רימען. דער צווייטער — אין שווארצן. עס גייט א געראנגל אויך צווישן די צוויי, ווער עס וועט וועמען איבעריאָגן.

דאָס ערשטע, וואָס דער עלטסטער האָט א טראכט געטאָן, דער־זעענדיק עס, איז געווען: „זע נאָר, זע! מע פליט זיך דאָ גאָר וואלגאָטנע!.. מיסטאמע זײַנען דאָ שוין לאנג קיין פּארטיזאנער ניט געווען...״ און ער האָט אויסגעשאָסן. ס׳האָט געדינט ווי א סיגנאל פאר די איבעריקע פּאר־טיזאנער. אופגעריסן די פארנאכטיקע שטילקײַט מיט א קלאַפּערײַ פון ביקסן, האָט מען שוין ניט אופגעהערט צו שיסן, ביזוואנען דער ערשטער דײַטש האָט ניט א פּאָכע געטאָן מיט א האנט צו דער הייך און איז אומגעפאלן, איבערדרייענדיק זיך א פּאָר מאָל צוזאמען מיטן וועלאָ־סיפּעד.

מע האָט אריבערגעטראָגן די שיסערײַ אַף די איבעריקע. פאַר שרעק האָבן די אנדערע צוויי עפּעס א געשריי געטאָן אײנער צום צווייטן, אינמיטן געלאָף אראָפּגעשפּרונגען פון די וועלאָסיפּעדן און זיך געכאַפּט פאַר די ביקסן. אײנער פון זיי האָט זיך אוועקגעלײגט אינעם פלאַכן גראָבן באַם וועג, ווו ער האָט זײַן וועלאָסיפּעד אוועקגעוואָרפן, און געאײַלט געצומען שיסן צום בערגל, ווו ער האָט דערזען די פּאַרטיזאַנער. דער צווייטער, דער פּאָליצײַ, האָט זיך ארונטערגעכאַפּט אונטער די קורץ־צעוואַקסענע פּאַר ווערבעס און א וואָרף געטאָן פון דאָרטן א גראַנאַטע. פונעם אופרײַס האָט א ציטער געטאָן די לופט. ס'האָט זיך דערהערט א קורץ פרויען־געשריי... נאָר אָט האָט אײנער פון די דײַטשן א רעווע געטאָן, זײַן ביקס איז פון אים אָפּגעפלויגן אַף א פּאָר גוטע שפּאַן. א שפּליטער פון א גראַנאַטע, וואָס א פּאַרטיזאַנער האָט געוואָרפן, האָט אויך דעם פּאָליצײַ געטראָפן. טרייסלענדיק מיט דער רעכטער האַנט, ווי אַן אָפּגעבריטער, האָט דער פּאָליצײַ די ביקס ארופגעוואָרפן צו זיך אַפן לינקן אַקסל און זיך געלאָזט לויפן. עמעצער פון די פּאַרטיזאַנער האָט אים איבערגעשניטן דעם וועג. ווען דער עלטסטער האָט דערזען, אַז ס'איז גראָד מאַרינע, איז עס אים פריִער שטאַרק געפעלן געוואָרן. דערזען, אַז זי יאָגט זיך נאָך אים און האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז זי האָט א ביקס, האָט עס אים פאַרדראָסן: זי שיסט אַלײן ניט און לאָזט אויך יענעם ניט. עס הייבט זיך שוין אָן מיט די ווײַבער. ווי א הון וויל זי אים גאָר כאַפּן מיט די הענט. אָט־אָ! ער איז שוין ארויסגעשפּרונגען פאָרויס, דער פּאָליצײַ! נאָך א מינוט, און ער וועט פאַרשווינדן אין די קוסטעס, וואָס בא דעם פריש־אופגעאַקערטן פעלד.

— פאָרויס! פאַרלויף אים פון רעכטס! פון רעכטס! — צעשרײַט ער זיך שוין מיט אַנגסטן, מוירע האָבנדיק, אַז זי וועט אים ארויסלאָזן.

וואָס פאַר א טירעף איז אין איר ארײַן אין דער מינוט, וואָס זי ווענדט ניט אָן קיין געווער? ער האָט זיך אָבער אין עפּעס פאַרטשעפּעט, דער פּאָליצײַ, און איז אומגעפאַלן.

דער עלטסטער האָט זיך געלאָזט לויפן צוהילף...

מארינע האָט אָנגעכאַפּט דעם פּאָליציי פאַר א פּאָלע פונעם שווארצן געוועגטענעם רעקל מיט די העלע מאנזשעטן און קאָלנער. ס׳איז ביז גאָר קאָמיש געווען צו זען, ווי זי האָט אים אָנגעכאַפּט, מאמעש ווי א מארק־יידענע א גאנעוו, וואָס האָט עפּעס ארויסגעשלעפּט בא איר פון קוישל. לויפנדיק פון אַלע זייטן צו איר, האָבן זיך די פּארטיזאנער צעלאַכט:

— נעם אים, מארינע! נעם אים פארן גאָרגל, דעם הונט!

נאָר „דער הונט" האָט ניט געוואָלט אזוי לייכט זיך לאָזן נעמען פארן גאָרגל. ער האָט זיין רעקל איבערגעלאָזט בא איר אין די הענט און זיך ארויסגעריסן. מארינע איז געפאַלן. פאַלנדיק, האָט זי אים אָנ־געכאַפּט פאַר א הויז, און ער האָט זי אוועקגעשלעפּט נאָך זיך. אין דעם מאָמענט איז מען אים פארלאָפן פון הינטן און אָנגעשטעלט אף אים עטלעכע ביקסן מיטאמאָל.

— שטייט! שיסט ניט! — האָט מארינע א געשריי געטאָן, זיך אופ־הייבנדיק פון דער ערד.

א צעפּאטלטע, פארשוויצטע און איינגעשמירטע אין ערד, איז זי געבליבן שטיין, ווישנדיק מיטן אַרבל דאָס פּנים. דערזען אף זיך פרעגנדיקע אויגן, האָט זיך איר ביטער א קרים געטאָן א ווינקל פון מויל און זי האָט געזאָגט:

— ס׳איז מיין מאַן...

און זי איז בלינד אוועק, אָן עפּעס געשטרויכלט געוואָרן, שיר ניט געפאַלן, נאָר מער זיך שוין ניט אומגעקוקט...

מע האָט זיך געריַרט נאָך איר. בעסויכעם אויך דער פּאָליציי, מיט פארבונדענע הענט אף הינטן און מיט א צעריסענעם אַרבל פונעם העמד, וואָס איז אַלץ רויטער געוואָרן פון בלוט.

די זון איז פארגאנגען. ס׳איז האסטיק צוגעפאַלן די נאכט. ס׳האָט זיך באוויזן א פולע לעוואָנע. ערטערוויַיז אַלץ באזילבערט. ערטערוויַיז — די טונקלעניש געדיכטער געמאכט. מיט א פרישקייט, וואָס קומט מיט

דער נאַכט, האָט אָנגעהויבן ציִען פון די נידעריקע ערטער. עס האָבן זיך אומרויִק צערוישט די קוסטעס.

דעם עלטסטן איז אפן האַרצן געווען ניט פריילעך: וואָס קאָן ער, דער עלטערער פון דער גרופּע, טאָן מיט אָט דעם מענוּוול אין פּאָלי־צייִישן אָנטאָן, אויסער אַרײַנלאָזן אים א קויל? ער האָט דען עפּעס אַנדערש פאַרדינט? ער איז זיכער, אַז ניט אַנדערש טראַכט אויך זי, מאַרינע. וואָלט ניט קעדײַ געווען בעסער וואָס גיכער אָפּפּאַרטיקן זיך מיט אים און אוועקגיין מיט זייער וועג? ווען ער זאָגט עס, וואָלט עס פּינקטלעך אויסגעפילט געוואָרן. און פונדעסטוועגן פילט ער, אַז וואָס איז שײַעך דעם פּאָליצייער, קאָן ער זיך איצט מיט אים ניט שאַפן. ווײַל זי איז דאָ, מאַרינע, זײַן ווײַב... זי גייט פאָרויס, זי מיט איר ווייטעק פון א טיף אָפּגענאַרטן מענטשן, אַן איבערגעגעבענער פרוי. נאָר זי קאָן איבער אים א דייע זאָגן...

ער שטעלט זיך דאָך אָפּ. יעדע מינוט פון אָט דער אָנקומענדיקער פינצטערניש איז אים טײַער. ער זאָגט צו איר שטיל:

— מאַרינע, מיר דאַרפן גיין.

זי שטעלט זיך אָפּ. עס פאַרהאַלטן זיך אַלע. א פעלד, א פּאָר ביימער, וואָס ציטערן מיט די בלעטער אין שײַן פון דער לעוואָנע. ראַשיק שווימט די לעוואָנע. פון אונטער איין וואָלקן אַרויס און אונטער דעם אַנדערן אַרײַן. א הייסער פּאַרטיזאַנישער שטערן דערפילט, אַז עס קאַפּעט א רעגן.

— שלעכט האָב איך דיך באַגראָבן, — זאָגט די פרוי צום געבוגדענעם.

ער שטייט אינעם צעכראַסטעטן העמד אף דער ברוסט, צעשויבערט, מיט די הענט אף הינטן. אַנטקעגן אים — זי, זײַן ווײַב, מיטן פּאַרטיזאַנישן פּעקעלע רעפּועס אף די פּלייצעס, מיט געפּאַקטע קעשענעס פון בינטן אף דער ברוסט, מיט דער ביקס אין האַנט. ער שטייט מיט דער פּלייצע צו דער שײַן. זי — אַנטקעגן דער פולער לעוואָנע, וואָס קומט אַרויס פון אונטער א וואָלקן, — א בלאַסע, פאַרשטיינערטע. ער פילט, אַז קיין שום ברעקל מיטלײַד האָט ער דאָ ניט וואָס צו דערוואַרטן. דאָך

פרוווט ער נאָך אויסשטאמלען מיט ליפּן, וואָס שווידערן מיטן שווידער פון טויט:

— די נויט האָט געצוווּנגען. מע האָט מיך געוואָלט שיסן מיט אַלע־מען גלײַך... איך האָב קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן.

שווײַגנדיק שטייען ארום די פּארטיזאַנער, עס שווײַגט אויך דער גאַנצער ארום מיט דער נאַכט, מיט די ביימער, וואָס האָבן אופגעהערט צו רוישן אף א מינוט, מיטן רעגן, וואָס האָט א קאַפּע געטאָן און האָט אופגעהערט. פון די פּאָר ווערטער קערט אויס אַלעמען די נעשאָמע: שיסן אים וואָלטן אַלע געגרן... נאָר אָט דערהערט זיך פּלוצעם א קעלכל. פּאָר אומדערוואַרטקײַט גיבן אַלע א ציטער. זי, דעם פּאַסטעכס אייניקל, שטייט, זיך אָנהאַלטנדיק מיט א הענטל אָן א בערעזע. זי רעדט גיך, ווי א קינד, וואָס וויל עמעצן פאַרמאַסערן.

— און ווער האָט געשאָסן דאָס ייִדישע מיידל, וואָס איז געקומען עפּעס בעטן אין כוטאָר? — פרעגט זי. — איך האָב דעמלט געפּאַשעט דערבײַ די בעהיימעס, כ'האָב געזען, ווי נאָך א הון איז ער נאָך איר נאָכגעלאָפן. זי גיט זיך א לאָז אונטערן פלויט, ער נאָך איר. זי צום פאָרטקע — ער אויך אהין...

דאָס מיידעלע האָט א ציטער געטאָן. זי האָט ניט דערוואַרט, אז מע וועט אין דער רעגע אויסשיסן. זי האָט זיך א צי געטאָן מיטן גאַנצן גופל צום אָרט, ווו דער געבונדענער האָט זיך אָנגעהויבן לאַנגזאַם אראָפּלאָזן אף דער ערד. מארינע האָט אָנגעטאָן די ביקס אפן אקסל, איז אוועק. עס האָט פון איר א שמעק געטאָן מיט פּולווער.

מיט א האַלבער שאָ שפּעטער איז זיך ווידער געגאַנגען דאָס הײַ־פעלע מענטשן מיט זייער וועג אין איין שורעלע איינס נאָך איינס מיט די ביקסן אף די אקסל און מיט די אײַזן־שווערע בינטלעך טאָל אף זיך. צווישן אנדערע איז אויך געווען זי, די פּרוי מיטן קלומעקל רעפּועס. עס האָט גענומען מאַראַקען א שטילער רעגן. דער פּרוי איז געווען הייס. זי האָט צעשפּיליעט אף זיך דאָס כאַקי־העמדל מיט די אָנגעפּאַקטע קעשענעס פון בינטן.

— ס'איז דושנע, — האָט דער עלטסטער געזאָגט, א ווונק טועַנדיק צו א פארטיזאנער, אז ער זאָל צונעמען בא מארינען איר פעקל.

— יאָ, עס זאָל כאָטש א גאָס טאָן א געשמאקער רעגן, — האָט דער פארטיזאנער אָפּגעענטפערט, צוקומענדיק צו מארינען.

זי האָט אָבער דאָס-פעקל ניט אוועקגעגעבן. זי האָט א דריי געטאָן מיט די אקסל, זיך ארויסגעריסן פון זײַנע הענט, בייס ער האָט גענומען אויסטאָן פון איר דאָס קלומעקל, און איז האסטיק אוועק, האסטיקער און נאָך גיכער ווי פריִער.

מיט א רעגע שפּעטער איז אוועק א געדיכטער ווארעמער רעגן, אזא, וואָס דערפרישט און רייניקט אָפּ. ער האָט גענומען פּאטשן מיט גרויסע טראָפּנס איבער די בלעטער פון די קוסטעס, איבערן זאמד פון וועג, און די פארטיזאנער זײַנען פרייליכער געוואָרן...



# בענקשאַפט

דעם צווייטן מעסלעס, אַז מיר גייען צוהילף איינע פון די פּאַרטיזאַנישע בריגאַדעס, וואָס פירט שוין עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד אַ פאַרביסענע שלאַכט מיטן סוינע פאַר דעם שאָסייוועג בעהאָמעל — לעפּעל. מיר גייען האַלב־הונגעריקע. קיין עסן האָט מען מיט זיך ניט מיטגענומען — און מיט שפּײַז האַלט אין דעם ראַיאָן שמאָל. די מערהײַט דערפער זײַנען כאָרעוו. די טוווע — ניט אַראָפּגענומען. און אפילע אין די דערפער, וואָס די לעצטע

דײַטשישע בלאָקאַדע האָט ניט אָנגערירט, איז אויך קיין לעבן ניטאָ. אַלע זיצן אַף דער פור. ווי נאָר באַגינען, ציט מען זיך אוועק מיט די ווײַבער, קינדער און בעבעכעס אין וואַלד. ווער אַף א פור, און ווער אַף א שליטעלע — אַלע, וואָס האָבן ביז איצט נאָך אויסגעהיט זייער לעבן און וואָס ווילן ניט שטאַרבן פון א דײַטשישער באָמבע.

אַף דעם לעצטן פּריוואַל האָב איך פאָרט זיך ניט אײַנגעהאַלטן: ס'האָט זיך זייער שטאַרק געוואָלט עסן. דערצו נאָך האָב איך, זיך צו־זעצנדיק אַפן פאַרשנייטן גאַנעקל פון איינער א שטוב, דערהערט פון פירהויז מרוקען א בעהיימע. עס איז פאַראַן א בעהיימע, האָב איך א טראַכט געטאָן, קאָן זײַן, אַז ס'וועט זיך כאָטש געפינען א גלאָז מילך. און איך האָב, ניט פרעגנדיק מער בא קיינעם, באַשטימט אַרײַנצושפּרינ־גען אין שטוב עפּעס איבערצוכאַפּן.

כ'האָב אָנגעקלאַפּט, גיי אַרײַן: מע וויינט. נאָכן קאָל הער איך: ס'וויינט א קינד און א פרוי. ביידע ווײנען אײנצײַטיק.

— וואָס ווײנט איר? עפּשער זיך דערשראָקן פאַר מײַן קלאַפּן?

— ניין... — ענטפערט מיר די פרוי, אופהערנדיק אַף א מינוט צו וויגן דאָס הענג־וויגעלע, — פאַרמאַטערט האָט עס מיך שוין... אָט אַזוי שוין א פּאָר טעג נאָכאַנאַנד, — און זי הייבט אָן ווידער שאָקלען דאָס סקריפּענדיקע וויגעלע. — גאָט מײַנער, ווען וועלן זיך שוין ענדיקן אונדזערע צאָרעס?

— עפּשער איז עס קראַנק?

— ווער ווייסט עס? גיכער פון אַלץ איז דאָס פאַר בענקשאַפט. דעם פאָטער האָבן דײַטשן דערשאָסן, בענקט דאָס קינד, קאָן אין אים ניט פאַרגעסן...

כ'האָב צוגעשוויגן, באַטראַכט דאָס שטיבל, וואָס איז געשטאַנען באַלויכטן אין דער דרויסנדיקער ווינטער־שײַן פון פרישן, נאָרוואָס אויסגעפאַלענעם שניי. פּעק און פּעקעלעך אַפן פּריפּעטשיק, א גוטער סימען, אַז ניט מע האָט דאָ געהייצט, ניט מע האָט דאָ עפּעס אָפּגעקאָכט א לעפל וואַרעמס. ניט געוואָלט האָט זיך מיר אַרײַנקריכן אין פרעמדע

צאָרעס. גענוג האָב איך מיר זיי אייגענע געהאט. דערצו נאָך האָב איך זיך שוין געהאט אָנגעזען מיט אַזויפיל אכזאָריִעסדיקייט פונעם דײַטש, אנטקעגן וועלכע דעם קינדס בענקשאַפט נאָכן פאָטער האָט אויסגעזען לעכערלעך קליין, דער גאַנצער אומגליק — א געוויינלעכע זאַך, ניט קעדײַ גאָר צו ריידן דערפון... דעריבער האָב איך באַשטימט מער גאָר ניט פרעגן, אויב עס וועט זײַן א ביסל מילך אויסטרינקען. ניט — אוועקגיין אַזוי...

דערהערט מײַן קאָל, האָט דאָס קינד טייקעף אופגעהערט וויינען.

— פּאַפּאַ? — האָט עס ווי מיט פאָרוואורף אויסגעמורמלט.

די קינדערשע ציטעריקע שטים האָט זיך מיר אָפּגערופן אין האַרצן. עס האָט מיך באַזונדערס גערירט דער אויפן, ווי עס האָט א זאָג געגעבן דאָס וואָרט „פּאַפּאַ", ווי איינער זאָגט: „אַזוי, ביסט דאָ און גייסט גאָר צו מיר ניט צו, האָסט מיך שוין פאַרגעסן..." גלײַך עס וואָלט געפילט די גרויסע אוולע, וואָס מע איז קעגן דעם באַגאַנגען.

איך בין צוגעקומען צום וויגעלע; אײַנגעמאַטערט פון ניט שלאָפן נעכט, איז דאָס קינד געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן. כ'האָב עס געוואָלט א גלעט טאָן, האָט דאָס קינד זיך פעסט אָנגעכאַפּט אין מײַן האַנט און זיך גענומען ציִען צו מיר. כ'האָב זיך געפּרוּווט ארויסדרייען פון זײַנע צעפּקע הענטלעך, האָט עס געמאַכט א גוואַלד, און די פרוי האָט מיך געבעטן: „נעמט עס אָף א מינוט. איך וועל דערווײַל מאַכן עפּעס עסן"... און איך האָב געמוזט עס נעמען. טאָקע ניט מער ווי אָף א מינוט.

דאָס קינד האָט פעסט ארומגעכאַפּט מײַן האַלדז און, שטיל שעפּ־טשענדיק עפּעס מיט די ליפּלעך, גענומען ווי עמעצן פאַרמאַסערן. די פרוי האָט אָנגעצונדן א קין, אוועקגעשטעלט אַפן טיש א ביסל מילך מיט אַלטגעבאַקענע לאַטקעס פון קאַרטאָפל און מיך פאַרבעטן עסן...

— טאָמער איז נאָך פאַראַן א ביסל מעל און מע וואָלט געקאָנט אויסבאַקן א געבעקל ברויט, איז ניטאָ וועץ, — האָט זי זיך ווי פאַר־ענטפערט, — אַז מע איז מער אין וואַלד, ווי אין דער היים...

זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט, קעדיי צוצונעמען בא מיר דאָס קינד. נאָר דאָס אייפּעלע האָט טייקעף דערפילט, אַז איך וויל עס איבער־

געבן, האָט זיך עס נאָך שטאַרקער איַינגעקלאַמערט אין מיר און זיך ווידער צעוויינט.

ס'איז געבליבן אין ברייַרע: גיין מיט דעם צום טיש. כ'האָב זיך געזעצט עסן. די פרוי האָט זיך צוגעזעצט אַנטקעגן, צוליוכטנדיק מיר מיט דער ברענענדיקער קין.

— עס וועט באַלד איַינשלאָפן, — האָט זי מיך געטרייסט, זיך פילנדיק ווי אין עפּעס שולדיק פאַר מיר.

— פאַרוואָס עסט איר ניט? — האָב איך זי געפרעגט, זיך אָנ־שטויסנדיק, אַז זי האָט אַליין אויך אַ גאַנצן טאָג גאָרניט געקערט האָבן אין מויל.

— עסט. עסט. איר קוקט אַף מיר ניט.

— ע, ניין... דאָס געפעלט מיר ניט, — האָב איך ניט געוואָלט לייַדן, — וועט איר ניט עסן, וואַרף איך אויך אוועק... וואָס מיינט איר, מיר זייַנען אַראָפּגעקומען פון הונגער־לאַנד?

זי האָט מיך געפאָלגט, אַרייַנגעשטעקט די קין אין אַ שפּאַרונע פון וואַנט, אויך גענומען עסן. מיר האָבן געגעסן פון איין שיסל.

— כ'זע, — האָב איך געזאָגט מיט אַ שמייכל נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך אַ ביסל אונטערגעקרעפּטיקט, — אַז ווען איך גיי ניט אַריַין, וואָלט איר מיסטאָמע זיך ניט דערמאָנט אָפּצועסן.

זי איז מאַסקים געווען:

— ווער וועט עס גיין זיך צעלייגן ווי יאַמטעוו.

— וואָס איז דאָ דער יאַמטעוו?

— איך געדענק שוין ניט די צייַט, ווען כ'האָב אין אָוונט אָנגע־צונדן פייַער. ס'איז אַזוי פאַרומערט געוואָרן דאָס לעבן, אַז עס גייט ניט איַין קיין זאַך...

דאָס קינד, וואָס האָט די גאַנצע צייַט באַגלייט מייַן יעדער קער מיט דער האַנט צו דער שיסל, האָט אַ כאַפּ געטאָן בײַ מיר דעם לעפל מילך פון די ליפּן און אים אויסגעגאָסן אַף זיך. די פרוי האָט אופגעהערט עסן, זיך צוגערוקט נעענטער צו מיר און עס גענומען האָדעווען.

— א נאריש קינד, — האָט זי געזאָגט, — עס מיינט, אז ס'איז אים דער פאָטער.

דאָס קינד איז גיך זאט געוואָרן, האָט זאָרגלאָז גענומען לאָזן בלעז־לעך אינעם לעפל מיט מילך. ס'האָט פריילעך מיט א היכץ א צי געטאָן צו זיך דעם טישטעך און שיר אלץ מיטאנאנדער, וואָס איז געשטאנען אפן טיש, אראָפגעשלעפט אף דער ערד. ס'האָט זיך צו מיר גענומען דראפען אף דער ברוסט, זיך העצקען, צווינגענדיק, איך זאָל דאָס אונ־טערוואַרפן. די פרוי האָט זיך ווידער ווי פאר עפעס פארשעמט, גלייך דאָס קינד וואָלט איר אָפגעטאָן ניט גאָר קיין פיינע זאך, און זי האָט זיך אלץ באמיט אָפצוהאלטן דאָס קינד פון דעם צו אָפענעם אויסדרוק פון פרייד: עס אָנגעכאפט פאר א הענטעלע, אויסגעווישט דאָס נעזל, אראָפגעשארט די הערעלעך פון שטערן. פארנומען זייענדיק מיט אירס, האָט די פרוי זיך פארטראכט און ניט באמערקט די באוועגונג, וואָס איך האָב געמאכט, אף ארויסצוגיין פון טיש. איך האָב זי אָנגענומען פאר דער האנט:

— לאָזט ארויס!

זי האָט זיך אופגעכאפט, א זיפץ געגעבן, זיך אָפגערוקט... עפעס איז געווען אזוי, ווי זי וואָלט אויך געהאט פארגעסן, אז איך מוז אוועק־גיין.

ווען איך האָב גענומען די ביקס און זיך געלאָזט צו דער טיר, האָב איך דערהערט, ווי דאָס קינד וויינט אפסנייע און די מוטער פאטשט עס... און עס האָט מיך פארדראָסן, פארוואָס איך בין גאָר ארײַן אהער...



# אין אורלויב

דזיגדער ראַדאָוו, דער פּאַרטיזאַנער פון דעם אָטריאַד אַף סו־וואָראָווס נאָמען, גייט זיך אין אורלויב אַהיים. מיט דער ביקס אַפן אַקסל און מיט אַ דײַטשישער גראַנאַטע פאַרוקט אונטערן רימען פונעם פּעלצל, גייט ער זיך עטוואָס בעגי־לופן פונעם טראָפּן, וואָס ער האָט גענומען אין אַ באַקענט דאָרף, גייט און זינגט זיך:

И поёт эту песню гармонь
Про улыбку твою и глаза...

ער איז ניט אזוי שיקערלעך פונעם אויסגעטרונקענעם ביסל סאמאָהאָן, ווי פון דעם, וואָס מע האָט אים אָפּגעלאָזט אהיים. עמעס, די היים איז שוין אפילע קיין היים ניט: די עלטערן זײַנע באהאלטן זיך אויס אין וואלד ניט ווײַט פונעם שטעטל. א פּאָר מאָל איז ער שוין בא זיי געווען. איין מאָל — אָפּגעפירט א זאק קארטאָפל, וואָס מע האָט אים געגעבן פונעם אָטריאַד, א צווייט מאָל — פאָרנדיק פארבײַ פון א שלאכט־אָפּעראציע, א ביסל זאלץ פארפירט...

איצט גייט ער אהין אף עטלעכע טעג. און דאָס מאָל איז ער באזונדערס צופרידן דערפון. מע האָט אים באלוינט מיט א פּארטיזאנישער מעדאל פון דער ערשטער מאדרייגע, וואָס מע האָט ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געבראכט צו פירן אף אן אעראָפּלאן פון מאָסקווע. שפּאנט ער זיך אהיים און וואָלט זיך בעשום־אויפן ניט געוואגט צו מוידע זײַן פאר עמעצן, אז די הויפּט־סיבע פון זײַן גיין איצט צו די עלטערן איז דער פארלאנג צו ווײַזן זיך דאָרטן מיט דער מעדאל אף דער ברוסט.

אפן הארצן איז אים פריילעך. דערצו איז נאָך אין דרויסן פרילינג. אלץ גרינט. אלץ דערוועקט זיך צום לעבן. אין ליכטיקן, בלאָוו־צעגאָסענעם הימל, ווי א טײַך, שווימען אום וואָלקנדלעך־קרײַעס. און עס שפּילט אזוי זילבערדיק־פריש א ווײַט וואסער. און פייגעלעך טוקן זיך און טוקן זיך אין טיפן רוים, צוויטשערן זייערע לידער, און ווי צוגעבונדענע אף א שטריקל ערגעץ אין דער הייך, לאָזן זיי זיך אָט אראָפּ נידעריק צו דער ערד, און אָט הייבן זיי זיך באנײַס אוף הויך, הויך, אז קוים וואָס מע זעט זיי.

גייט ער זיך, וויגדער, און זינגט, ווײַל ארום זינגט אלץ, וואָס איז דאָ ביז איצט אויסגעהיט געוואָרן פון כורבן, זינגט זיך שוין אפילע א ביסל צו שרײַענדיק:

Про тебя мне шептали кусты
В белоснежных полях под Москвой...

אין זינען בא אים איז דאָס מיידל, וואָס לעבט צוזאמען מיט זײַנע עלטערן. עפּעס א ווילד־פרעמד ייִדיש מיידל, וואָס האָט זיך בייס דער

שכיטע אָפּגעשלאָגן פון איריקע און זיך צוגעשארט צו זיי. ער האָט זיך באקענט מיט איר ווינטער, ווען ער האָט געבראכט דאָס ביסל זאלץ. ער האָט אפילו ניט געהאט קיין צײַט זי רעכט אָנקוקן. נאָר ביז איצטער האָט ער אַף קיין איין מינוט זי ניט פארגעסן, אין די סאמע שווערסטע מאָמענטן געווארעמט איר געשטאלט בא זיך אינעם הארצן און די גאנצע צײַט געבענקט נאָך איר. איצט טראָגט ער פאר איר אינעם סאָלדאטישן רוקזאק א קאָפּטל — א מאטאָנע, וואָס עס האָט זיך אים געמאכט אראָפּ־צוכאפּן פון אן אונטערגעשאָסענער דײַטשישער מאשין. און עס שטעלט זיך אים פאָר, ווי ער ברענגט דאָס איר, גיט עס א צעוויקל, איר געזיכט נעמט שײַנען פאר גליק און זי לאָזט אראָפּ די אויגן... „כ'זע, עס גע־פעלט דיר אוואדע ניט זייער?“ — פרעגט ער זי בעקיוון, ווען יענע טוליעט זיך צו צו אים מיט אן אקסל...

זיך דערמאָנענדיק אין מיידל, דערמאָנט ער זיך באנײַס אין דער מעדאל. נישקאָשע, א פּײַן ביסל צאָרעס האָט ער זעלבסט, מיט זײַנע אייגענע הענט, פארשאפט די פאשיסטן דאָס לעצטע יאָר. צוויי עשעלאָ־נען מיט געווער און מיט לעבעדיקער קראפט אראָפּגעלאָזט. א מאשין — אונטערגעשאָסן. דאָס איז כוץ דעם, וואָס ער האָט אָנטיילגענומען אין שלאכטן... דאָך, זײַענדיק אין לאגער, איז ער געווען גענגגט, און ער האָט ניט געקאָנט זיך אָפּגעבן מיט דער פרייד, אזוי ווי עס האָט זיך אים געגלוסט. דאָרטן, זײַענדיק שטענדיק אין סאמע קאָך, צוזאמען מיט אלע פארטיזאנער, האָט ער זי אפילו נאָך רעכט ניט געהאט אָנגעקוקט, די מעדאל. בלויז איצט, פארבלײַבנדיק אליין, אליין מיט דער אומבא־גרענעצטער פרייד, וואָס שפארט פון אים ארויס, האָט ער מיט א קיוון צעשפיליעט ברייט דאָס פעלצל און קוקט אלע ווײַלע אַף איר.

אפן הארצן איז אים איצט אזוי אָנגעלייגט, אז אים פארגלוסט זיך אזש א בלעטער געבן פאר זיך אליין זײַן לעבן, ביז ער איז ניט אָנגע־קומען אין פארטיזאנער.

ער איז געווען א פּאָשעט יינגל, א טעסלער פון דוירעס טעסלער. נאָך קינדווײַז האָט ער שוין גוט געקענט האלטן א האק אין האנט. ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער געארבעט מיט זײַן טאטן, אין איין

ארטעל, געבויט בא זיך אין שטעטל שולן, א קלוב, די דערבײַיקע טאָרף־זאוואָדן, דעם קאָמבינאט פונעם אויפעס־ראטווירט, וואָס האָט זיך צע־שפרייט אפן הויכן ברעג פון דער ווילִיע דעם טײַך און באשײַנט דאָס אָרעמע שטעטל, וואָס האָט ביזן אָנקומען פון די סאָוועטן אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אין טויזנט נײַן הונדערט נײַן־און־דרײַסיקסטן יאָר נאָך פון אזעלכע געבײַען ניט געוווּסט.

ווי אלע דערוואָקסענע יינגלעך פון זײַן דאָר, איז ער נאָך דעם, ווי די סאָוועטן זײַנען געקומען, געוואָרן א קאָמיוגיסט. נאָך דער ארבעט איז ער געלאָפן, ווי אלע, אף פארשיידענע פארזאמלונגען. ער האָט גע־טראָגן קאָלערליי צייכנס: פון קים, פּעוועאָ... מער פון אלץ האָט ער אָבער ליב געהאט זיך שיפן און פאָטאָגראפירן זיך.

באם פארענדיקן א נײַע געבײַדע איז דער טאטע ארויסגעטראָטן מיט א רעדע. א קרעפּטיקער, קארגער אף רייד, האָט ער יעדער מאָל ניט געוווּסט, וויאזוי צו פארענדיקן די רעדע זײַנע, און האָט זיך אומ־געקוקט אף הינטן, אז מע זאָל אים ארויסהעלפן... און ער, ווידער, האָט, יעדעס מאָל עס צוזעענדיק, געלאכט, ברענגענדיק נאָכדעם זײַן געלעכ־טער אהיים, קעדיי באם עסן מיט א ניגן פון דרייען „פּאָזער״ צו זאָגן.

— אז דו קענסט ניט און ווייסט ניט, טאָ נעמט מען זיך ניט אונ־טער...

אזוי איז געווען...

נאָכדעם איז אויסגעבראָכן די מילכאָמע. אלץ איז אוועק קאפּויר...

ניין. מער וויל ווידער ניט טראכטן. וואָרעם צו ווײַט קאָן עס אים פארפירן. ווידער געטאָ... אָבער צאָרעס... גענוג פּלאָג איז מען איבער־געקומען... איצט ווילט זיך אים ניט טראכטן דערפון. פארקערט, עס ווילט זיך אים נאָר זינגען. און ווידער פארציט ווידער:

Ты теперь далеко, далеко...
Между нами снега и снега...
До тебя мне дойти не легко,
А до смерти — четыре шага...

עס האָט אים אָנגעיאָגט א פור. אף דער פור — א באַקענטער פאַרטיזאַנער מיט א דאָרפישער פרוי. דער פאַרטיזאַנער לאַכט פון עפּעס, און זי טרײַבט אָן מיטן פערד, האַלטנדיק זײַן ביקס בא זיך אפן שויס. זי האָט דערבײַ אזא מין גליקלעכן אויסזען, גלײַך זי וואָלט זיך אומגעקערט אהיים מיט איר באַשערטן...

— וווהין פאָרסט עס?

— נאַטשאַלסטווע האָט געשיקט אונטערצוהעלפן דעם ווײַבל אפן פאַרזיי.

— הער דו, — זאָגט וויגדער, — זאָלסט שוין דאָרטן פאַרײנס נאָך עפּעס ניט פאַרזייען...

נאָר דאָס ווײַבל ווערט ניט ניספּאָקאָל.

— נישקאָשע, — זאָגט זי, — ס'מאַכט ניט אויס. מיר וועלן עס פאַר קיין הינט ניט אַרויסוואַרפן...

— זע נאָר, — שטייט ניט אָפּ וויגדער פון דער פור, — א מין באַלעבעסל זי האָט זיך עס צוגעקליבן...

— און די קאַלע? — לאַכט יענע, אַנטבלויזנדיק א גאָלדענעם צאָן, — און די קאַלע איז דען אבי־וואָס?

זי גיט א שמײַס דאָס פערד, און די פור לויפט פאַרבײַ, אופהייבנדיק א וואָלקן שטויב.

נייןֿ, קיינער פאַרשטייט ניט, וואָס באַטײַט פאַר אים אָט דער טאָג. ווען זיי פאַרשטייען עס, וואָלטן זיי, מיסטאָמע, אזוי גיך ניט פאַרבײַגעפאָרן, ניט באַמערקנדיק די מעדאַל און ניט געבענדיק זיך די טירכע צו דערגיין די סיבע פון זײַן פרייד. און ער האָט אף דעם דאַפקע געוואַרט. מע קאָן זאָגן, אז בלויז צוליב דעם האָט ער מיט זיי פאַרבונדן דעם געשפּרעך. און צוריק גערעדט, קימערט עס אים איצט ניט גאָר איבעריק, ווײַל ער ווייסט: דער פאַרטיזאַנער מיט דער פרוי זײַנען פאַרנומען מיט דער אייגענער פרייד. אָט אין דער היים, דאָרט איז עפּעס גאָר אַנדערש. דאָרטן איז דער טאַטע, די מאַמע און, דערהויפּט, זי, דאָס מיידל...

א צעהיצטער און רויטלעכער, מיט אַן אַרויסגעלאָזענער טשופּרינע פון דער קובאַנקע מיטן רויטן שטערנדל, גייט ווידער פאָרויס מיטן וועג. אַרום־און־אַרום אַרבעט מען אין פעלד. ווער עס אַקערט, און ווער עס זייט. אַראָפּ־באַרג צום טײַכל טרײַבט אַ באָרוועס מיידעלע מיט אַן אַרומגעבונדענעם פּענעמל, ווי אַ באָבע, עטלעכע געננדזלעך. פונעם דאָרף רײַסט זיך פריילעך אַרויס הירזשענדיק אַ לאָשעקל און לויפט אַוועק מיט אַ פּאַריסענעם עק איבערן פעלד. „יאָ, יאָ, — קלערט זיך ווידער, באַטראַכטנדיק די רויִקײַט, וואָס הערשט אַרום, — ווען ניט די פּאַרטיזאַנער, וואָלט איר אַזוי רויִק ניט געאַקערט און געזייט"...

נאָר מיטאַמאָל הייבט ער אויף עטוואָס קרומלעך דעם קאָפּ און הייבט זיך אָן צוהערן. ער האָט קיין טאָעס ניט, מע שיסט ערגעץ... מיט מינענוואַרפערס שיסט מען... עס איז, דוכט זיך, גאָר שטיל, שטיל, אַ לײַכט ווינטל ווימלט אינעם גראָז און פאַרוואַרפט אויף דער גוט אויסגעשפּראָצטער גרינער ווינטער־טווועע אַ קיל שאָטנדל פון אַ וואָלקן, און מיטאַמאָל — ווידער אַ קנאַל. ניט אַזוי ווײַט...

— ערגעץ גייט אַ שלאַכט, — רופן זיך איבער די פּויערים, וועלכע אַרבעטן אין פעלד, מיינענדיק דערמיט אַ שלאַכט צווישן דעם פײַנט מיט פּאַרטיזאַנער. ווײַל די שלאַכט צווישן דעם סוינע מיט דער רויטער אַרמיי איז פון זינט אַ צײַט שוין צו ווײַט געוואָרן, אַז מע זאָל עפּעס קאָנען דערהערן.

זיי נעמען זיך ווידער פאַר דער אַרבעט.

ניט פאַרהאַלטנדיק דעם טראָט, גייט זיך ווידער זײַן וועג...

ער גייט און טראַכט וועגן דעם, וואָס די לעצטע צײַט האָבן די דײַטשן, ניט קענענדיק צוקומען צו די דערפער, ווו עס זײַנען נאָענט פּאַרטיזאַנער, גענומען זיי צינדן פון עראָפּלאַנען. ווער ווייסט, ווי לאַנג וועט אויך אָט דעם דאָרף אויסקומען צו לעבן רויִק. די מאַכשאָוועס זײַנע רײַסט אים איבער אַ טופּערײַ פון פערדישע טלאָען. עס פאָרן צוויי פּאַרטיזאַנער אויסשפּירער. זיי פליִען אַרויס פון דעם נאָענטן דערפל, וואָס ליגט אויפן בערגל, און לאָזן זיך האַסטיק אַראָפּ צום טאָל, ווו אַ וואַסערמיל מורמלט אונטער דעם פאַרמאַכטן סטאַוו. צייל נדיק הילכיק

מיט א קלאפּעריַי פון די טלאָען די ברעטער פונעם הילצערנעם בריקל, דערנעענטערן זיי זיך צו וויגדערן. אָן דעם קרום־אָנגענייטן רויטן בענדל אף די היטלען זעט ער: פּארטיזאנער פון א צווייטער מאכנע. דאָך שטעלט ער זיי אָפּ:

— וואָס, כאוויירים, עפּעס אומרויִק?

די צעהיצטע פערד שטייען ניט איַין, רוקן זיך אף הינטן, פּאָרשקען, שאָקלענדיק מיט די קעפּ, און פארלירן אף דער ערד שטיקער פּינע.

— ראָצכים האָבן זיך באוויזן...

— ווו?

— לעבן כארקי. „שטשאָרס" האָט זיך מיט זיי צונויפגעטשעפּעט...

— א סאך עפּעס זיַינען זיי דאָרטן אָנגעפּאָרן?

— דער רועך ווייסט זיי. מע זאָגט: גענוג. מע איז געקומען דורכ־פירן א מאָביליזאציע צווישן דער באפעלקערונג.

די אויסשפּירער גיבן א זעץ די פערד און ווערן פארשווונדן, איבער־לאָזנדיק וויגדערן שטיין פארטראכט אפן מיטן וועג. אָט האָסטו דיר: מע שלאָגט זיך גראָד אין דעם ראיאָן, ווו זיַינע עלטערן געפינען זיך...

ווויליונגעריש געגעבן א וואָרף אונטער מיטן אקסל די ביקס אפן רימען אזוי, אז ער האָט זי באלד דערפילט שטיַיף צוגעדריקט צום גוף, לאָזט ער זיך ווידער גיין.

נידעריק, באם ברעג הימל, אין דער ריכטונג, וווהין ער שפּאנט, דערזעט ער מיטאמאָל א געדיכטן רויך, וואָס הייבט זיך אָן קנוילן, פאר־כאפּנדיק א שטיק פונעם לויטערן האָריזאָנט. ברענען ברענט עס איצטער אוואדע ניט זיַין דאָרף און ניט זיַין שטוב. ער ווייסט: זייער ביסל הײמיש גוטס איז שוין לאנג אוועק מיטן פיַיער. נאָר פונדעסטוועגן ווערט וויגדער בלאס, ווי אלץ, וואָס איז ארום, איז טאקע נאָר זיַינס. ער הייבט זיך אוף העכער אף א בערגל, שטייט דאָרטן עטלעכע גוטע מינוט איינער אליין, זיך אָנהאלטנדיק מיט דער האנט אין א ביימל. אים דוכט, אז ער הערט, ווי מענטשן שריַיען דאָרט אין גרויסער בעהאָלע, ווי עס מרוקען בעהיימעס, ווען זיי דערפילן הארט לעבן זיך דעם טויט.

די שיסעריַי שטארקט זיך, ווערט אלץ הילכיקער און נעענטער פון

מינוט צו מינוט. עס ווערט אים אלץ שווערער אײַנצוהיטן אין זיך די זיכערקײַט, מיט וועלכער ער איז ארויס פון לאגער. אים ווערט אפן הארצן שלעכט: ווער ווייסט, עפשער איז שוין פון זײַן מישפּאָכע קיין זייכער ניט געבליבן... זיי קריכן דאָך אין וואלד אויך... איז שטיל, האלט מען זיך לעם די פּארטיזאנער. אָבער טאָמער ווערט שמאָל, איז ווער וועט עס גיין זיך ניאנטשען מיט עלטערע, מיט אומבאוואָפנטע מענטשן, מיט פרויען? זײַנען זיי, מעגלעך, דאָרטן איבערגעבליבן איינע אליין אין וואלד און מע קאָן זיי מיט די הוילע הענט דערשטיקן. אָדער מע האָט זיי דאָרטן, די עטלעכע יידישע פון צענדליקער שכיטעס איבערגעבלי־בענע מישפּאָכעס, ארײַנגעטריבן אין איין בײַדל און אוועקגעלאָזט מיט פײַער.

עס האָבן זיך אים גענומען באגעגענען מענטשן: פרויען מיט קלומ־קעס, מיט קינדער אף די הענט, זקיינים מיט לעצט פארהיטע שטיקלעך פי, וואָס זיי האָבן געפירט אין וואלד ארײַן. זיי האָבן ניט געוויינט, נאָר שווארצע, באהערשטע פון גרויל און אומגליק, זײַנען זיי געגאנגען און געגאנגען זיך ניט אָפּשטעלנדיק. עס האָבן געשריִען די בעהיימעס, געבייגט אלץ די קעפּ אראָפּצו צו דער ערד נידעריקער און נידעריקער, ווי זיי וואָלטן אונטער די פיס שוין פארפרי דערשמעקט דעם רייעך פון בלוט.

א פרוי אין א ציצן קליידל, א באָרוועסע, מיט פארשמאכט־אויס־געטריקנטע ליפּן און מיט א פעקעלע סוכארעס אף איין האנט, מיט א פיצל קינד אף דער צווייטער, האָט זיך פאר וויגדערן באקלאָגט:

— זיי זײַנען אָנגעשפּרונגען פונקט דעמלט, ווען די פּארטיזאנער זײַנען אוועקגעפאָרן פונעם ראיאָן אף עפּעס אן אָפּעראציע. וועמען געכאפּט און וועמען דערשאָסן. אירס א קליין מיידעלע איז ארויסגעלאָפן פון שטוב. פאר שרעק האָט זי ניט געוווסט וווהין צו לויפן. זי האָט זיך געבעטן בא א דײַטש: „איכל לויפן צו דער מאמקען". האָט ער אויסגעשאָסן דעם קינד אינעם אָפּענעם מײַלכל, און עס איז אומגעפאלן. און זי, די מוטער, איז געלעגן ניט ווײַט פארבאהאלטן אין א מעזשע און האָט אלץ צוגעזען...

— איז וואָס, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? — פרעגט זי פאַר־צווייפלט ווידערן.

פון ערגעץ האָט זיך באַוויזן אַ מאַכנע פּאַרטיזאַנער. קלינגענדיק מיטן קלייזײַען, זײַנען זיי אַרויסגעקומען פונעם וואַלד און, יאָגנדיק איינע די אַנדערע, זיך געלאָזט דורכן דאָרף צום שאָסיי, וואָס האָט זיך ווײַט־ווײַט געלאָזט הערן מיט אַ טראַסקערײַ פון פורן.

דערזען די פּאַרטיזאַנער לויפן, האָט די פרוי געזאָגט:

— ווען זיי קומען פריִער, וואָלט מען פון קיינע צאָרעס ניט גע־ווּוּסט... — און זי איז אַוועקגעגאַנגען מיט איר וועג, ערשט איצט באַ־נײַס זיך שטיל צעוויינענדיק.

ווידער האָט זיך געלאָזט גיין נאָך דער מאַכנע. ער איז דורכגע־גאַנגען דאָס דערפל, ווו אַלע האָבן זיך שוין געהאַט אַרויסגעשאָטן אין דרויסן מיט קינדער און בעבעכעס, מיט בעהיימעס אויף די שטריקלעך. נאָר דערזען אָנקומען די פּאַרטיזאַנער, ווי לויט אַ באַפעל, גענומען שלעפן אַלץ, וואָס מע האָט געלייגט אויף די פורן, צוריק אין די הײַזער אַרײַן.

ער איז דורכגעגאַנגען דאָס פעלד, ווו איבערגעלאָזטע אַקער־אײַזנס אין די באַראָזדעס האָבן דערציילט פון שרעק, וואָס מענטשן האָבן איבערגעלעבט, דערהערנדיק גאָר נאָענט אַ שיסערײַ, און אַרײַן אין וואַלד. אין דער געדיכטעניש פוןביימער האָט ער פאַרלאָרן די פּאַר־טיזאַנער פונעם אויג און איז ווײַטער אַוועקגעגאַנגען ווידער אַליין.

איצט איז ער געווען שוין רויִקער. ער איז געווען קימאַט זיכער: „מע וועט שוין דאָ געבן די וועלט צו זען די פאַשיסטן"...

גייענדיק אַזוי, איז ער אַרויסגעקומען צום שאָסיי־וועג, צו באַקאַנ־טע ערטער אַרום שטעטל. „גיכער, גיכער, — האָט ער זיך אַליין אונ־טערגעטריבן. — עס קאָן זײַן, אַז קיינמאָל האָבן זיך נאָך אין דיר דײַנע אייגענע אַזוי ניט געניייטיקט, ווי איצט. קאָנסט פאַרשפּעטיקן זיי צו ראַטעווען. וועסט דערנאָך קיינמאָל זיך ניט מויכל זײַן. קיינמאָל ניט, קאָלזמאַן דו וועסט לעבן. ווי אַ שווערער שטיין וועט עס דיר שטענדיק דריקן אויף דער נעשאָמע, שלעפן אַראָפּ און באַ יעדער פאַל דיך דער־

מאָנען: ווינדער, ביסט ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט דיך אַף זיך... לויף גיכער, טאָמער ווערסטו פאַרשפּעטיקן זיי ראַטעווען, ווערסטו כאָטש ניט פאַרשפּעטיקן געקאָמע צו נעמען פאַר דײַן בלוט״...

נאָר אָט, ווי אפּצולאָכעס, ווײַל ער אײַלט, שפּרינגען אַרויס, ווי פון אונטער דער ערד, עטלעכע פּאַרטיזאַנער און פאַרהאַלטן אים. צי זײַנען זיי פון דער זעלבער מאַכנע, וועלכער ער איז געהאַט נאָכגע־גאַנגען, צי פון אַן אַנדערער, וואָס וואַרט דאָ אַף איר ריי אַרײַנצוטרעטן אין שלאַכט, דאָס ווייסט ער ניט.

— פון וואָס פאַר אַן אָטריאַד? וווּהין גייסטו? — פרעגן זיי אים.

— אין אורלויב אַהיים, — ענטפערט ווינדער, — דאָ ניט ווײַט אין וואַלד לעבט מײַן מישפּאָכע. — און ער גיט צו מיט אַ שמייכל: — כ׳זע, אַז ניט קיין גוטע צײַט האָב איך זיך אויסגעקליבן...

— ס׳וועט דיר אויסקומען בלײַבן מיט אונדז...

— וואָס הייסט? — איז עס ווינדערן ניט געפעלן.

— אַזוי האָט מען אונדז באַפוילן. ביסט דאָך אַליין אַ פּאַרטיזאַנער, ווייסט דאָך: מיר טוען, וואָס מע הייסט אונדז...

— ווער האָט עס באַפוילן?

— קלאָר, ווער — דער קאָמאַנדיר...

— בא מיר זײַנען דאָ אייגענע קאָמאַנדירן. וואָס בין איך עפּעס? איך גיי אַהיים. איך בין דרײַ כאָדאָשים אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל...

און ווינדער איז אַוועק מיטן זאַמדיקן אַרופּגאַנג פון שאָסיי, וואָס איז אין דעם אָרט טיף און ווייך צעריבן געוואָרן פון פורן.

די פּאַרטיזאַנער זײַנען אַוועק נאָך אים.

— הער נאָר, כאַווער, שטעל זיך נאָר אָקאָרשט אָפּ. מיר בעטן דיך מיט גוטן.

ווינדער האָט זיך ניט אומגעקוקט. דאַן האָט אים איינער פון זיי אָנגעיאָגט און אָנגעכאַפּט פאַר דער ביקס, וואָס ווינדער האָט געטראָגן מיטן רימען אַפן אַקסל. ווינדער האָט זיך אויסגעדרייט.

— בא וועמען רײַסטו די ביקס?

דער פּאַרטיזאַנער האָט ניט אָפּגעלאָזט.

— טשעפּע ניט די ביקס. איך האָב פאַר איר מיט בלוט באַצאָלט... — און ווידגער האָט א צי געגעבן די ביקס צו זיך און זיך נאָך פאַרמאָסטן דערלאַנגען יענעם א קלאַפּ. איז אויך צוגעלאָפן דער אַנדערער פּאַרטיזאַנער. מע האָט דעם באַכער אַנטוואָפנט און אוועקגעפירט אין וואַלד.

מע האָט אים צוגעפירט צום קאָמאַנדיר און אים פאַרמאָסערט, אַז דערפאַר, וואָס זיי האָבן אים געוואָלט פאַרהאַלטן, האָט ער זיך געוואָרפן שלאָגן. ווידגער איז איבערגעבליבן מיטן קאָמאַנדיר אויג־אויף־אויג.

— פאַרוואָס האָט מען מיך פאַרהאַלטן?

דער קאָמאַנדיר האָט זיך ניט אָפּגערופן. ער איז געזעסן אויף א גרין פאַרשימלטן און מיט מאָך באַוואָקסענעם קאָרטש, מיטן מאַוזער אין דער הילצערנער שייד אויף די קני. עס האָט זיך געפילט, אַז דער מענטש וויל זיך א האָר אָפּרוען בא דער ערשטער מעגלעכקייט דערצו. ערשט אין א ווײַלע שפּעטער האָט ער ווידגערס ביקס באַפוילן איבערגעבן אַן אַנדערן און אים אַליין, בימכילע, פאַרנעמען אַן אָרט אין דער באַהעלטעניש באַגלײַך מיט אַלעמען. פילנדיק, אַז ער וועט זיך דאָ שוין צו גאָרנישט ניט דערשלאָגן, האָט ווידגער געבעטן, אַז מע זאָל אים לעכאָלהאָפּאָכעס אומקערן די ביקס. נאָר אויך די ביטע איז געבליבן אָן אַן ענטפער.

ניט געווווינט איז ווידגער געווען צו אַזאַ באַציִונג. אין דעם אייגענעם אָטריאַד האָט מען אים געשעצט און געאַכטעט. דאָרטן האָט מען געוווסט, אַז דער באַכער קאָן עפּעס אויפטאָן, און טאָמער איז ער ווען ניט־איז באַגאַנגען יאָ א פעלער, האָט מען דערפון אויך קיין גרויסן ווען ניט געמאַכט. ער האָט זיך דאָך געצווונגען אוועקצולייגן באַגלײַך מיט אַלע פּאַרטיזאַנער אין אָנגעוויזענעם אָרט, זיך באַמיִענדיק ניט אַרויסצווווײַזן, ווי צערודערט ער איז.

ליגנדיק אויף זײַן אָרט, האָט ער געזען, ווי די פּאַרטיזאַנער פאַרמאַסקירן זיך מיט צווײַגן, טראָגן צוליב דעם צוועק יונגע, גרינע ביימלעך, אויסגעריסענע מיט די וואָרצלען, שטיינער, שטיקער האָלץ, אַלץ, וואָס עס האָט זיך געמאַכט אונטער דער האַנט. טייל האָבן זיך געמאַכט

אפדערגיך לײַכטע שוצגראָבנס. ער איז אָבער געווען אזוי צערייצט, אז אף אלץ, וואָס האָט זיך געטאָן ארום אים, האָט ער שוין איצט געגומען קוקן מיט גרינגשעצונג, ווי אף עפּעס א זאך, אף וואָס מע ווארפט ארויס טירכע. „וואָס זשע דען? אזוינע נאראָנים זײַנען שוין די דײַטשן, זיי וועלן זיך לאָזן ווײַטער, ווען זיי פארשטייען, אז ערגעץ דאָ זײַנען פּארטיזאנער".

דער שאָכן זײַנער איז געווען דער זעלבער, וועלכער האָט אים אָפּגעשטעלט. נאָר פון פארדראָס, האלעמײַ מע האָט אים האָט אים דאָ אומזיסט און אומנישט פארהאלטן, האָט ער אפילע ניט געוואָלט א בליק געבן אין זײַן זײַט. עס איז אים שווער געווען צו ליגן און גאָרנישט ניט טאָן, בייס ארום האָבן אלע געהאוועט. האָט ער אויך באשלאָסן צו מאכן זיך א שוצגראָבן. ער האָט אָבער ניט געהאט מיט וואָס צו גראָבן און בעטן ניט געוואָלט. דאן האָט ער געפונען א שארפן פלאטשיקן שטיין און געגומען דערמיט קאלופען די ערד און אָפּשארן מיט די הענט. „א מענטשן, — האָט ער זיך געטראכט, ליגנדיק אף א זײַט און גראָבנדיק, — קאָן קיינמאָל ניט זײַן גאָר גוט, ווען ער זאָל אפריִער ניט דערפילן די פולע מאָס פון צאָרעס. ס׳האָט אים איצט גראָד געפעלט נאָך א ביסל הארצוויטעק. האָט מען אים פארהאלטן... ס׳איז מער ניט, ווי אָנצוטאָן אים א ביסל הארצוויטעק, זיכער מער ניט"...

אזויפיל צײַט זיך געקליבן גיין אהיים. אזויפיל צײַט האָט ער געטרוימט פון דער מינוט, ווען ער וועט זיך לאָזן אין וועג. לאנגע, שווערע ווינטער־נעכט, ווען אין דרויסן האָט געדרייט דער ווינט און מיט הויפנס שניי געשמיסן אין די שויבן, אָנווייענדיק ניט נאָר א קעלט, נאָר אויך א מוירעדיקע סאקאָנע, וועלכע היט שטענדיק אונטער די פּארטיזאנער, איז ער געלעגן אין וואלד־שפּיטאָל א פארוווּנדעטער און געטראכט דערפון, וויִאזוי ער וועט ארײַנקומען אין דעם יִדישן לאגער מיט א זײַט, וואָס קיינער גייט ניט, און זיך פלוצעם א ווײַז געבן צווישן די ביימער. שטייענדיק באם פּײַער, וועט אים די מוטער דערזען און צופרידן ווערן, און דאָס מיידל זײַנס וועט לײַכט אויסשרײַען: „וויגדער!" ער וועט שמייכלען פאר גרויס טײַנעג, און ווי א מענטש, וואָס האָט שוין

עפּעס איבערגעלעבט און ווערט ניט ניספּאָעל אפילע פון זײַן אייגן נאַ־כעס, וועט ער זאָגן: „וואָס זשע האָט איר געמיינט — איך בין שוין אַף דער וועלט ניטאָ? אמער קרענקט נאָך אזויפיל דער דײַטש, וויפל בלוט איך וועל נאָך אים אָפּצאַפּן"...

— נו, מיילע, — הייבט זיך ווידער אליין אָן צו טרייסטן, — מע דאַרף נאָר ניט ארויס פון געדולד. עס איז שוין געבליבן צו לײַדן ווינציקער, ווי מער. די היים איז דאָ גאָר נאָענט. דורך די בלאָטעס ניט מער ווי דרײַ־פיר קילאָמעטער.

עס ווערט אים צוביסעלעך פריילעכער אַף דער נעשאָמע. זיי קערן דאָרט איצט ליגן אין וואלד דערשראָקענע, קוים האָבן זיי דערהערט די שיסערײַ. זיי ווייסן ניט, אז ער, ווידער, געפינט זיך דאָ און היט זיי...

די געדאנקען האָבן אים אזוי באהערשט, אז ער זעט ניט, ווי עמעץ דערלאנגט אים א קליינע לאָפּעטקע. ס'איז יענער, וואָס האָט אים פארהאלטן: א דאָרפישער, פולבלעכער באָכער מיט א ראבעוואטע פּאָנעם פון פּאָקן.

— נעם, — זאָגט ער, — דערמיט וועסטו גיכער עפּעס אופּטאָן.

ניט ענטפערנדיק גאָרנישט, נעמט ווידער די לאָפּעטקע און טוט ווײַטער זײַן ארבעט.

ער ענדיקט דאָס גריבל און הייבט אָן עס צו באדעקן ארום־און־ארום מיט שטיקער גראָז־ערד, וואָס ער שנײַדט אָן פּאסנווײַז.

דער שאָכן זײַנער ווײַזט ארויס סימאָנים, אז אים איז שוין אליין אויך גוט לאנגווײַליק געוואָרן צו ליגן אַף איין אָרט, גאָרניט טוענדיק, און אז ער פילט זיך עטוואָס שולדיקלעך דערמיט, וואָס ער האָט אים פארהאלטן. ער פרעגט אים, צי וויל ער ניט עסן, און שפּארט אים א שטיק ברויט. עסן וויל ער ניט, ווידער. נאָר גראָד ענטפערן דאַרף מען יאָ שוין עפּעס. וואָרעם וואָס קאָן ער האָבן צו א פּארטיזאנער? מע האָט אים געהייסן פארהאלטן, האָט ער אים פארהאלטן. נאָר עס גיט באלד דער שאָכן פון ליבקס א צוגעשטיקט געשריי: „ראזגאָוואָר־טשיקי!" און ער ווערט אנשוויגן.

פון דער דרעמלענדיקער שוואכקייט נאָכן ביסל אויסגעטרונקענעם בראנפן און זינלאָזן זיצן אָט דאָ אין ערגעץ־ניש הייבט אָן ווינגדערן צו נייגן שלאָפן. אינעם האלבן דרעמל מישן זיך שוין אויס דאָס קילבלעכע פליסטערן פון בלעטער איבערן קאָפּ מיט א צוגעשטילט געריידעריי ערגעץ־ווו נאָענט אין באהעלטעניש. פונעם שטיין־הארטן וואָרצל, אף וועלכן ער האָט אָנגעשפּארט דעם קאָפּ, שמעקט מיט טרוקן, פויל געד הילץ. דער רייעך דערמאָנט אים אָן דער געבײַדע, וואָס ער האָט אמאָל אף דעם הויכן ברעג פון ווילי דעם טײַך געבויט. עס קומען אוף אין זיקאָרן לאנגע געבײַדעס מיט געצינקעוועטע דעכער. פריילעכע, זאָרג־לאָזע טעג. די געדאנקען טראָגן אים אוועק ווײַט... ווײַט... נאָר עמעצער גיט אים א טאָרקע און רײַסט איבער דעם פאָדעם פון זיכרוינעס.

ס'איז דער שאָכן זײַנער, וואָס האָט אים פארהאלטן.

— שלאָפסטו?

— ניין, — ענטפערט ער, — איך שלאָף ניט.

— וואָלסט עפּשער צוגעגאנגען נאָכאמאָל צום קאָמאנדיר. טו אים א בעט. א מענטש איז דאָס א גוטער, וועסטו באקומען די ביקס און זיך לאָזן אהיים. וואָס וועסטו דאָ זיצן אומזיסט?

ווינגדער גיט א מאך מיט דער האנט: זיך גיין בעטן — דאָס וויל ער ניט.

— אז סײַוויסײַ וועט שוין הײַנט גאָרניט זײַן, — מאכט ווידער יענער, — עס איז שוין צו שפּעט, אז די דײַטשן זאָלן זיך לאָזן ווײַטער. זיי האָבן ניט ליב, ווען עס גייט צו דער נאכט... וואָס קאָנסטו אָנווערן? ער וועט דען דיך באשטראָפן דערפאר?

ווינגדער שווײַגט, כאָטש ער זעט אליין אויך, אז עס איז שוין שפּעטלעך: די זון איז טאקע נאָך גאנץ הויכלעך, נאָר צוזאמען מיט אירע גאָלדענע לאנגע שפּיזלען, וואָס רײַסן זיך דורך דורך דער געד דיכטעניש פון צווײַגן, לייגן זיך שוין אויס ברייטע שאָטנס אף דער ערד. ווינגדער באשטימט אויך, אז ער האָט ניט וואָס אָנצווערן, פאָלגט ער יענעם, גייט אוועק צום קאָמאנדיר.

דאָס מאָל הערט אים דאפקע דער קאָמאנדיר אופמערקזאם אויס, און עס געדויערט ניט קיין צוויי מינוט, ווי ער הייסט אים אומקערן צוריק די ביקס און ער לאָזט אים אָפּ. באַנײַס א צופרידענער און אן אופגעריכטער, נעמט ווידער די ביקס, טראָגט אונטער די האנט צום היטל, און ער איז שוין גרייט אוועקצוגיין.

נאָר איצטער, ווען ער קאָן שוין ענדלעך אוועקגיין אהיים, געפינט ער פאר נייטיק צוגיין נאָכאמאָל צו דעם פארטיזאנער, וואָס האָט אים פרײַער פארהאלטן.

— נאַ! — זאָגט ער צו אים, דערלאנגענדיק די האנט. — א דאנק פאר א גוטער אייצע.

— דו האָב קיין פאריבל ניט! — ענטפערט אים יענער. — פאר־שטייסט דאָך, אונדזער זאך איז אויספילן, וואָס מע הייסט אונדז...

— ס׳מאכט ניט. וועסט זײַן אמאָל אין אונדזערע קאנטן, פארגיי צו אונדז אין לאגער. — ווידער געזעגנט זיך מיט די איבעריקע פאר־טיזאנער און גייט אוועק.

דער אָטריאד הייבט זיך אוף און גייט אויך אוועק אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס ווידער.

מע גייט דורך אויסגעהאקטע און זוניקע דעליאנקעס, ווו עס שטייען בלויז שטאמען פון ביימער און ווו שפעטער, אן ערעך אינמיטן זומער, וועלן וואקסן רויטע יאגעדעס. צווישן די ביימער, וואָס שטייען אפן ברעג וואלד, באווײַזט זיך א דערפל. עס שווימען דורך פארבײַ גרויסע, לאנגע, ערשט פאר דער מילכאָמע געבויטע קאָלווירטישע שטאלן. עט־לעכע הינטלעך פארהילכן מיט זייער געבילערײַ די וועלט. „קאָבי־ליאנקע", — דערקענט ווידער דאָס דערפל. אין דאָזיקן דאָרף האָבן זיי ניט לאנג פאר דער מילכאָמע געקויפט א פארטיקע שטוב און מיטן וואַ־סער אריבערגעפירט צו זיך. פונדאנען איז שוין גאָר ניט ווײַט צו דעם אָרט, ווו זײַנע עלטערן געפינען זיך. מע דארף נאָר ארויסגיין פון וואלד אפן צעשייד פון די וועגן. זײַן וועג איז אף רעכטס.

עס איז אים טשיקאווע געווען צו וויסן, וווהין גייט דאָס דער אָט־ריאד? נאָר גלאט אבי־וועמען פרעגן פאסט עפעס ניט. דעריבער הייבט

ער אָן גיין א ביסל שטילער בא דער זײַט און עטוואָס דערווײַטערט פון דער גאנצער מאכנע. אזוי געדויערט, ביזוואנען ער גלײַכט זיך ניט אויס מיטן פּארטיזאנער, וואָס האָט אים פארהאלטן.

— וווהין גייט איר דאָס איצט? אהיים?

נאָר יענער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן. מע האָט אים אופגעהויבן פון אָרט, געהייסן גיין, גייט ער. וועט מען זיך באגעגענען מיטן סוינע, מע וועט דארפן געבן פײַער, — וועט ער...

איצטער לאָזט זיך ווידער אליין מיט א באקאנטער פּראָסעקע, וואָס פירט צום שייד־וועג מיט א סאך א קירצערן וועג. ער ווערט פארפאלן צווישן די הויכעביימער, וואָס שטייען פון ביידע זײַטן, שאפנדיק א מין צוגעשטילטן קאָרידאָר. פון דעם זיך דערווײַטערנדיקן אָטריאד דער־גייט צו אים אזא גערויש, ווי פון א זײַטיק ווינטל, וואָס פארטשעפּעט א ברעג פונעם וואלד. ער מאכט א שלייף מיטן וואלד אף רעכטס און קומט ארויס אפן וועג, דערזעענדיק דעם עק פון דער מאכנע. אים דוכט, אז די פּארטיזאנער האָבן זיך עפּעס צו שטארק גענומען אײַלן. פאר־לאָזט ער דעם וועג, וואָס פירט אהיים, האקט דורך א ברייט פעלד און קומט ארויס צוריק צו דער מאכנע. יאָ, איצט זעט ער: די מאכנע יאָגט שוין ערגעץ... פון א זײַט הילכט מיטאמאָל אוף א שיסערײַ פון ביקסן, ווי א ווינטל איבער שווארץ־פארכמורעטע גראָזן פאר א געווי־טער, אזא אומרו גייט אוועק פון מענטש צו מענטש:

— זעט אויס, אונדזער אויסשפּירונג האָט זיך עס פארטשעפּעט מיטן סוינע...

און אפילע ער, ווידער אליין, גיט אויך מעכאניש א טאפּ זיך בא דער זײַט, צי איז דאָ די ביקס. ס'גיט זיך אין זײַן קערפּער עפּעס שוין א בײַט.

ער נעמט ווידער זוכן דעם באקאנטן, קעדיי עפּעס גענויער זיך דערוויסן בא אים. נאָר געפינען אים קאָן ער ניט.

דער אומרו, וואָס ווידער האָט דערזען בא מענטשן אין די אויגן, האָט שנעל אויך א הויך געטאָן פון דעם גאנצן ארום. ברעכנדיק הילכיק דאָס טרוקענע וואלגער־האָלץ צווישן די ביימער, האָט אן אויסשפּירער,

רײַטנדיק אַף א פערד מיט א קאַראַבין איבער דער פּלייצע, אָנגעיאָגט די מאכנע. ער איז געווען צעטראָגן, דאָס פערד — נאַס.

— ווו איז דער קאָמאַנדיר?

זיך האַלטנדיק קעסיידער עטוואָס דערווײַטערט, גייט ווידגדער אַלץ נאָך דער מאכנע. דערפון, וויאַזוי געהיט און צוגעשטילט מע איז איצט באַנײַס געוואָרן, קעדיי ניט ארויסצוגעבן א צו הויכן קלאַנג, זעט ער, אַז ווי פריִער איז די געפאַר געווען ווײַט, אַזוי נאָענט־הארט האָט זי זיך מיטאמאָל אָנגערוקט. דערצו נאָך דוכט זיך אים אָפּ, אַז די מאכנע פאַר־טיזאַנער איז דאָ א נײַע, ווייסט ניט גוט דעם וועג. מע זעט עס דערפון, וואָס יעדע ווײַלע, ווען מע הייסט זיך אָפּשטעלן, רינגלען ארום די קאָ־מאַנדירן פון די ראָטעס דעם קאָמאַנדיר פון דער מאכנע און מע האַלט אַלץ אין איין אייצען זיך... דער קאָמאַנדיר קוקט אַלץ ארײַן אין דער קאַרטע, און ווידגדער הערט, ווי ער זאָגט א בייזער:

— עס זאָל ניט זײַן אינעם אָטריאַד קיין איין מענטש, וואָס זאָל גוט וויסן דעם קאַנט! וואָס טויג מיר די קאַרטע, אַז מיר דאַרפן ערגעץ זיך דורכרײַסן דורכן זומפּ...

ווידגדער גייט צו נאָך נעענטער. ער פאַרשטייט דאַפקע, אַז איצט מעג ער שוין יאָ זײַן א שטיקל באַל־האָזע. ער וואָלט געדאַרפט, פילט ער, צוגיין און זאָגן: „איך ווייס דאָ אַלע וועגן ארום־און־ארום. איך קאָן אײַך העלפן". נאָר ער האַלט זיך דערפון אָפּ. די פאַרטיזאַנער קענען אים ניט. ווער ווייסט, צי זיי וועלן אים פאָלגן?

דערזען אָבער, אַז די מאכנע האָט ווידער גענומען זיך צופיל דרייען מיטן וואַלד, אַז אַלע פאַרטיזאַנער האָבן גענומען נאָך מער זיך נערווירן, ווי מענטשן, וואָס דאַרפן עמעצן פאַרלויפן דעם וועג, נאָר וויסן ניט, וויאַזוי עס טאָן, און לייגן דעריבער, פאַרקערט, נאָך מער אָן וועג, און ס'איז דאָ א געפאַר, אַז מע זאָל דורכלאָזן די נייטיקע מינוט, — האָט ווידגדער באַשלאָסן און זיך געלאָזט צום קאָמאַנדיר.

ניט צוקומענדיק עטלעכע טריט צו אים, האָט ער זיך א שטעל אָפּ געגעבן מײַסע־סאַלדאַט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענער ביקס צו דעם פוס:

— כאַווער קאָמאַנדיר, דערלויבט.

אומגעדולדיק און בייזלעך האָט אים דער קאָמאַנדיר אָנגעקוקט, זיך ניט פאַרהאַלטנדיק אין גאַנג.

ווייגדער איז אוועק נאָך אים:

— איך זע, אַז איר דאַרפט ערגעץ. זאָגט, וווּהין דאַרפט איר. איך ווייס דאָ דעם קאַנט, ווי מײַנע פינף פינגער.

דער קאָמאַנדיר רוקט אַרײַן די קאַרטע אונטער דעם דורכזיכטיקן דעקעלע פון פעלד־טאַש און שטעלט זיך אָפּ. די מאַכנע גייט ווײַטער.

— פון וואָס פאַר אַ אָטריאַד ביסטו? — און ער פאַרכאַפּט זיך אַליין, — פון דעם אָטריאַד אָף סוואָראָוס נאָמען. קאָמאַנדיר — אַנטאָנאָוו.

— בריגאַדע פאָלקס־נעקאָמענעמער, — העלפּט אים אונטער ווייג־דער, — קאָמבריג — „פּעטער וואַסיע״.

באַ ווייגדערן איז איצט אַ געפיל, ווי ער שטייט אָף אַן אויספאָר־שונג. זינדיק איז ער, דוכט זיך, אין קיין שום זאַך ניט, נאָר ווער ווייסט, צי מע וועט אים גלייבן דאָס, וואָס ער זאָגט. עס האַנדלט זיך דאָך וועגן זייער אַן ערנסטער און וויכטיקער זאַך.

דער געפיל, אַז דאָ וועט אים פאַרשטיין עפּעס זייער וויכטיקס צו טאָן, שטאַרקט זיך אינעם באַכער אַלץ מער, וואָס לענגער דער קאָמאַנדיר שווײַגט. דערפון ווערט אים הייס. ער ווײַזט אָבער מיט גאָרנישט ניט אַרויס זײַן צושטאַנד, אַ צושטאַנד פון אַ מענטשן, וואָס פאַקט זיך צווישן פרעמדע, ווייסט, אַז ער דאַרף דאָ עפּעס זייער בײַטיקס טאָן, נאָר וועל־כער פילט, אַז ער וועט געווינען צוטרוי ערשט דאַן, ווען אַלץ וועט שוין זײַן פאַרענדיקט. ווײַל קיינער ווייסט דאָ קלאָר ניט, וואָס פאַר אַ פאַרטיזאַנער ער איז און וואָס אַזוינס מע קאָן פון אים דערוואַרטן.

מאַמעש ניט ווילנדיק, ווי נאָר אָף אָנבעטן זיך, גיט אים דאַן אַ צי די לינקע האַנט צום לאַץ פונעם פעלצל און עס גיט עפּעס זילבערדיק אַ בליאַסק פאַר אַלעמען אין די אויגן.

— אָט־אָ! — מאַכט ער, אַ ביסעלע אַליין פאַרשעמט דערפון, וואָס ער האָט געטאָן. — מע האָט מיך באַלוינט מיט אַ מעדאַל... — און צע־שמייכלט זיך. — איך גיי דאָס טאַקע ווײַזן אַהיים...

— נו, יאָ, — מאכט דער קאָמאַנדיר, — דער „פּעטער וואַסיע" וועט דען בא זיך אין דער בריגאַדע האַלטן אַבי־וועמען? — און זיי גייען אַוועק, יאָגן אָן די גאַנצע מאַכנע.

פאַרבײַגייענדיק, טוט דער קאָמאַנדיר פון אָטריאַד א זאָג דעריקער צו די קאָמאַנדירן פון די ראָטעס:

— פאַר דער צײַט, וואָס אונדזערע יאַטן פון דער אויסשפּירונג וועלן פאַרהאַלטן די פאַשיסטן, דאַרפן מיר זיי אַרומגיין פון הינטן און געבן א גוטן זעץ... און דו, — מאַכט ער צו וויגדערן, — דו פיר אונדז צום אָרט, וואָס מיר דאַרפן.

— קלאָר, כאַוער קאָמאַנדיר.

דער קאָמאַנדיר קוקט אָן דאָס באָכערל פון א זײַט. א צעהיצטער, מיט א פאַרוקט קובאַנקעלע איבער דער טשופּרינע שוואַרצע האָר, גייט וויגדער מיט דער ביקס אַפן אַקסל, פאַרטשעפּענדיק זיך מיט איר אין די צווײַגן. דאָס באָכערל ווערט אים געפעלן.

— איך פיל, — זאָגט ער, — אַרופליגנדיק היימיש וויגדערן א האַנט אַפן אַקסל, — אַז דו פאַרשטייסט, סאַרא וויכטיקע אויפגאַבע פאַר דיר שטייט.

— כ'ווייס? — האָט וויגדער א מאַך געגעבן מיט א טאָן, קלוי־מערשט ער איז אַליין נאָך רעכט אין זיך ניט זיכער. — ביז איצט איז נאָך ניט געווען אַזאַ אויפגאַבע, איך זאָל זי ניט אויספילן...

און אַליין פילט ער דערבײַ, ווי עס היצט אים אונטער אָט די פרייד, דאָס גרויסע פאַרגעניגן צו פירן נאָך זיך א מאַכנע פּאַרטיזאַנער שלאָגן דײַטשן; פּאַרטיזאַנער, וואָס וועלן זיך אָפּשטעלן, ווען ער וועט אָנווײַזן, און וועלן ווידער גיין, ווען ער וועט זאָגן וווהין. עס ווערט אים גוואַלדיק אָנגענעם, וואָס אַלע פונעם בינטל קאָמאַנדירן קוקן אַף אים אַרויס. און עס הייבט זיך אים אָן פאָרצושטעלן, ווי ער לויפט פאָ־רויס און שרײַט „הוראַ" דער ערשטער אין שלאַכט, ווי ער האַרגעט דײַטשן; ווי ער קומט נאָך דער שלאַכט א צעהיצטער, א פאַרשוויצטער אַהיים און גיט א זאָג צו די היימישע: „כ'וואָלט געקאָנט נאָך א ביסל פריִער קומען, נאָר ס'האָט מיך פאַרהאַלטן אָן אָטריאַד, געדאַרפט אים

דאָרטן עטוואָס צוהעלפן... אָך, האָבן מיר געגעבן די דײַטשן!" און אָט די גרויסע פרייד, וואָס ער וועט ווידעראַמאָל א טרייבער טאָן די דײַטשן די קישקעס, מאַכט צונישט די גאַנצע מעגלעכע שרעק און געפאַר, און ער גיט באַנײַס א זאָג:

— דעם קאַנט ווייס איך אויסגעצייכנט. וויפל מאָל בין איך דאָ געווען נאָך קינדווײַז מיט מײַן טאַטן, בעשאַס מיר האָבן געאַרבעט אַף דער בויונג פונעם טאָרף־זאַוואָד...

— נו, איז אָפּגערעדט! — מאַכט דער קאָמאַנדיר. — גיי אין ראַז־וועדקע!

ווידער לויפט אַוועק מיט א געקלאַנג פון דער ביקס פּאָרויס פון דער מאַכנע. לויפנדיק, באַקומט ער פון א ראָטע נאָך איינעם א פּאַרטי־זאַנער אין פּאָר, און זיי גייען באַנאַנד אַוועק. ער — פּאָרויס, און דער צווייטער — נאָך אים.

*

אין פּאָר מיטן צווייטן פּאַרטיזאַנער, איינער פון איין זײַט וועג, דער צווייטער — מיט דער צווייטער זײַט, גייט זיך ווידער אין אויסשפּי־רונג; אַף א געהעריקער דיסטאַנץ צווישן זיי און דער מאַכנע גייט נאָך א פּאָר; הינטער זיי — דער קאָמאַנדיר פון מאַכנע, דער קאָמיסאַר; נאָך זיי — אַלע איבעריקע; ראָטע נאָך ראָטע מיטן געווער אַף זיך, מיט עטלעכע קעגנפּאַנצער־ביקסן, וואָס מע טראָגט אין פּאָר, מיטן נייטיקן ביסל טאָל — טאָמער קומט אויס פאַרמינירן דעם וועג. פון הינטן שלעפּן זיך עטלעכע פורן. אַף די פורן וועט מען נאָך דער שלאַכט ברענ־גען צוריק אין לאַגער די, וואָס וועלן שוין אַף די אייגענע פיס ביט קע־נען גיין. סײַ בא ווידערן, סײַ בא דעם צווייטן פּאַרטיזאַנער זײַנען די ביקסן פאַרקלעמט אין די הענט. זיי שפּאַנען מיט א גיכן געהיטן טראָט פון א יעגער און באַמיִען זיך האַלטן וואָס מער אין שאָטן, אָבער דער־פאַר קוקן זיי זייער פלײַסיק נאָך דעם וואָס עס טוט זיך פּאָרויס מיטן

וועג. יעדער מאָל גיט אַן אנדערער פון זיי א בליק אַף הינטן, צי רײַסן זיי זיך ניט אָפּ פון דער מאכנע.

ווען פון פאָרנט גיט א לײַכט א ברייט בלאָטיק פעלד, שטעלט זיך ווידגדער אָפּ. דאַן קומט טייקעף צו אים צו לויפן איינער פון דער צווייטער פּאָר.

— וואָס איז? וואָס האָסטו זיך אָפּגעשטעלט?

נאָר ווידגדער וואַרט אַפן קאָמאנדיר. ערשט אים זאָגט ער:

— נאָך דער־אָ בלאָטע דאַרף זײַן דער שאָסיי. אַז מיר וועלן אַריבערגיין דאָס טײַכל, איז דאָס שוין גאָר נאָענט.

— גוט, פיר גיכער!

— מיטוואַנען פירן? מיטן וועג צי מיט די קוסטעס?

— מיט די קוסטעס.

עס גוואַדזשעט אונטער די פיס. דער באָדן — קוים צוגעטריקנטע בלאָטע — וויגט זיך.

פון דעם שפרינגען פון קאָטשקע אַף קאָטשקע, פון דעם דורכרײַסן זיך מיט גוואַלד צווישן די ווערבע־קוסטעס, פון דעם כליופּען אונטער די פיס, פון דעם אלעמען, וואָס עס קאָן באגלייטן א מענגע מענטשן אין גאנג, דערצו נאָך מיט א פּאָר פורלעך, וואָס הריזנען אײַן יעדעס מאָל מיט די פערד אין בלאָטע אזוי, אַז מע דאַרף זיי שלעפּן, — ווערט אזא גערודער, וואָס ווי דו זאָלסט אים ניט וועלן פארטײַען, לאָזט זיך עס ניט.

באנײַס וואַלד. לאנגע שאָטנס פון סאָסנעס אַף דער שקיִעדיק־באַשײַנטער ערד. צווישן די שאָטנס — איבערגעבליבענע רעשטלעך פון פארגרייטע שטאבעלן האָלץ.

— אָט, — זאָגט ווידגדער, — א סימען, אַז איך גיי גוט...

ער באווײַזט נאָך ניט פארענדיקן, ווי הינטער זיי, דאָרטן, ווו עס הייבט זיך שוין אָן לעשן די זון, דערהערט זיך באנײַס א היפּשע שיסערײַ, עס הייבן אָן זעצן מינענוואַרפערס.

הייסט עס, דער קאָמאנדיר איז געווען גערעכט. די דײַטשן האָבן זיך

פאַרטשעפּעט מיט די אויסשפּירער, ווי ער האָט פּאָרויסגעזען. איצט בלײַבט נאָר גיכער זיי פאַרלויפן פון הינטן...

ער דערזעט יאָגן דעם קאָמאַנדיר. יענער מאַכט צו אים מיט די הענט: „גיכער, גיכער". און נאָך אים ציט די גאַנצע מאַכנע.

לויפנדיק, כאַפּן זיי זיך אַרויף אַפן הויכן אָנשיט פון דעם שאָסיי, שנײַדן אים איבער, גייען אַריבער אַ היפּש טײַכל און לאָזן זיך באַנײַס לויפן מיט די קוסטעס פאַזע דעם וועג. די שיסערײַ קומט איצטער אויס פון פאָרנט, עטוואָס לינקס.

ווען מע דערזעט מיטן שאָסיי זיך באַוועגן מענטשן, גיט מען זיך אַלע פאַראַמאָל אַ שאַר אַראָפּ צוריק אין וואַלד אַרײַן און מע פאַרטײַעט זיך, נעמענדיק זיך אינדערשטיל גרייטן, קעדיי צו באַגעגענען דעם סוינע. מע איז קימאַט ווי זיכער, אַז באַקומענדיק אַ ווידערשטאַנד אַפן שאָסיי, האָבן זיך דאָס די דײַטשן געלאָזט צוריק אין דאָרף.

ווייגדערס אופגאַבע איז שוין קימאַט געלייזט. ווי דאָ זאָל זיך ניט ענדיקן די באַגעגעניש מיטן סוינע, נאָך דעם נאַכעס, וואָס אַזאַ יינגל קאָן האָבן פון אַרויספירן אַזויפיל מענטשן גוט און אַקוראַט צום אָרט, וואָס מע האָט געדאַרפט, וועט שוין בא אים קיינער ניט אַוועקנעמען. ער פאַרשטייט שוין דאַפקע, אַז איצט דאַרף אים דער קאָמאַנדיר ניט האָבן. נאָר צו נאָענט זײַנען שוין די דײַטשן, אַז ער, אַ ייִדישער יאַט מיט אַ ביקס, זאָל זיי קאָנען רויִק אָפּלאָזן. פון דער היציקער, קימאַט ווי ווילדער גרייטקײַט שנײַדן פון זיי פאַסן פאַר אַלץ, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אַף דער וועלט, ווערט ער ווי אויסגעוואַקסן. ער הייבט אָן זוכן עפּעס אַ שטיקל אָרט, קעדיי זיך אַוועקצולייגן צוזאַמען מיט אַלע פּאַרטיזאַנער אין דער באַהעלטעניש.

ער דערזעט זיך וואַלגערן אַ גרויסן אויסגעדרייטן קאָרטש מיט ערד אַף די וואָרצלען, הייבט ער אים אויף אַף זיך און טראָגט אַוועק: ער וועט ניט באַווײַזן מאַכן עפּעס אַ גריבל, און די דײַטשן זײַנען שוין דאָ, דער קאָרטש קאָן אים באַשיצן.

ענדלעך קלײַבט ער זיך אויס א הויך ערטל צווישן עטלעכע יונגע יאָדלעס, וואָס שנײַדן, ווי מיט זעגן, דעם געפּאַרבטן הימל. ער לייגט זיך אוועק אַפן בויך הינטער דעם געבראָכטן קאָרטש און שפּאַרט אָן די אָנגעצילטע ביקס אף איינעם פון זײַנע צעדרייטע וואָרצלען. דער אָטעם איז אים הייס און אָפּגעהאַקט. דאָס זעצן פון זײַן בלוט אין האַרצן גיט זיך איבער דער ביקס. זי רירט זיך יעדע ווײַלע פונעם אָרט. און די „מושקע" פאָרט אַראָפּ א ביסל צו נידעריקלעך, אַזוי אַז דער אָפּשניט פון שאָסיי, וואָס פאַרשטעלט אין דער רעגע דעם נידער מיט די נעלעם געוואָרענע דײַטשן, וועלכע דאַרפן אָט־אָט אַרויסקומען פון דאָרטן, שפּרינגט אַרויף צו הויך.

אין אָט דער הייסער מינוט באַמערקט דער באָכער אַלץ אַרום זיך מיט א באַזונדער שאַרפקײַט. בא דער זײַט — א פּאָר בלימעלעך מיט א גוואַלדיק אויסגעשפּילטער ראָזע שטילקײַט אַרום. א פליג זשומעט, שוועבנדיק אף איין אָרט. אף א ווײַס קעפּעלע פון א ראָמאַשקע־בלימל קריכט אום א ווערעמל. און אָט־אָ ווערט פון דעם ווערעמל גאָר ניט קיין ווערעמל, נאָר א מענטש. עס וואַקסט אויס פאַרן אויג, ווי פון אונ־טער דער ערד. איינער און נאָך איינער... דײַטשן.

ער קאָן שוין ניט אײַנהאַלטן די הענט, וואָס ציִען זיך צום צינגל פון ביקס. אין דער אומרויִקער באַוועגונג פון זײַנע פינגער איז די גאַנצע יונגע קראַפט, וואָס רײַסט זיך אויסצושיסן אין א פּאַשיסט.

פּלוצעם דערמאָנט ער זיך, אַז די איבעריקע, וואָס געפינען זיך ניט אף אַזא אויסגעשפּילט אָרט, ווי ער, קאָנען געוויס נאָך ניט זען, אַז די דײַטשן זײַנען שוין דאָ. ער הייבט זיך עטוואָס אונטער און שרײַט אויס מיט א צוגעשטיקט אויפגערעגט קאָל צו זײַן שאָכן: „דײַטשן! דײַטשן!" און אײַלנדיק זיך, ווי ער וואָלט דאָ מוירע געהאַט וואָס צו פאַרשפּעטיקן, לייגט ער זיך צוריק אוועק אף דער ערד, זיך אָנשפּאַרנדיק אף די עלנ־בויגנס. ער הייבט זיך אָן צילן אינעם הויכן דײַטש מיט אן אויטאָמאַט אונטערן אָרעם, וועלכער קומט אים אַרויס אַנטקעגן. ער גייט געלאַסן, טראָט נאָך טראָט.

עס ווערט א שיסערײַ. עס גיט א ריס דעם וואַלד פון עטלעכע זײַטן

פאראמאָל. פײַער־צינגלעך פון פארטיזאנישן געווער רײַסן זיך ארויס פון צווישן די קוסטעס. דער דײַטש גיט זיך א וואָרף אין א זײַט פון שאָסיי.

— א גוטע קרענק וועסטו שוין בא מיר אנטלויפן! — טוט ווידער צו זיך אליין א זאָג, און ער הייבט אים אָן באשיסן.

דער דײַטש פארלירט דעם אווטאָמאט, גיט זיך א דריי אויס, ווי אף א קוק צו טאָן אף הינטן, און פאלט אום. אין דער זעלבער רעגע דערפילט אָבער אויך ווידער, ווי עפּעס האָט אים געגעבן א זעץ אין לינקן אקסל. באם געשריי „הורא" פון די פארטיזאנער שפּרינגט ער נאָך אוף, נאָר ס'פארדרייט זיך אים דער קאָפּ און ער פאלט אום.

אין רויך פונעם פולווער, אין פײַער־צונגען פון א דערבײַיִקן קוילן־ווארפער גיט נאָך א שוועב פאר אים דער אויסגעקילטער הימל. ער גיט א טראכט: „די היים — דאָ בא דער זײַט, און ניט דערגאנגען..." נאָכדעם ווערט אים פינצטער אין די אויגן, ווי באנאכט, און ער פארגעסט אין אלץ...

פארטאָג קערט זיך אום פון שלאכט אין לאגער די מאכנע. אף איינער פון די פורן זיצט ווידער מיט אן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, אין פּאָנעם — קיין טראָפּן בלוט. די ליפּן אויסגעטריקנטע, ציִען זיך יעדעס מאָל פארשמאכט צו באלעקן און צו בעטן:

— וואסער...

באם וואָגן גייט איינער א פארטיזאנער מיט דער ביקס אף דער פּלייצע.

— אָט דאָ ערגעץ אין די וועלדער... — מאכט צו אים ווידער, — דארפן זײַן מײַנע עלטערן... ווען מע קאָן צופאָרן... כאָטש אף איין האלבער שאָ...

דער פארטיזאנער הערט אים אויס, קוקט אָן זײַן ערדיש־פארעלטערט פּאָנעם און מיינט, אז דער באָכער רעדט פון היץ.

און ער גיט ווידער א טרײַב דאָס פערד...

ערגעץ ניט אזוי ווײַט פון הינטן שיסט מען שוין ווידער...



# אין איינער א נאכט

עס שיט און עס שיט א געדיכטער שניי. מיט גרויסע שטיקער, ווי שטיקער פּוך, שיט און שיט דער שניי, פאַלנדיק פּאַמעלעך אַף די ביימער, אַף דער ערד ארום און אַף דעם פּאַרטיזאַנער, וואָס גייט זיך אום איינער אַליין מיט דער ביקס אַפן אַקסל באַם סאַמע אַרייַנפאָר אינעם וואַלד.

עס איז שטיל, מע הערט מאַמעש, ווי דער שניי לייגט זיך אַף די צווייַגן. א גראָקייַט ווימלט פאַר די אויגן, פאַרשטעלט די וועלט ארום

און ווישט אָפּ די עטלעכע פֿײַערלעך פֿונעם נאָענטן דערפֿל, וואָס האָבן היימלעכער געמאכט צו שטיין דאָ איינעם אליין אין דער נאכט. דאָס גראָקײַט קריכט ארײַן אינעם הארצן...

מיט אן ארײַנגעצויגענעם קאָפּ אינעם אופגעשטעלטן קאָלנער פֿונעם פּעלצל, די הענט פֿארלייגט ארבל אין ארבל, גייט אום דער פּארטיזאַנער הין און צוריק, פֿיר־פֿינף שפּאַן אין איין זײַט און אזויפֿיל אין דער אנדערער. לויט דעם שווערן טראָט זײַנעם פֿילט זיך, אז אין זײַן לעבן איז אים שוין אויסגעקומען היפּש אויסצושטיין.

אָפּט שטעלט ער זיך אָפּ און קוקט אפֿן וועג, וואָס פֿירט אין וואלד. ער האָט קיין געדולד ניט. אים איז שטענדיק גרינגער געווען צו גיין אף א שלאכט־אָפּעראציע. די לעצטע צײַט איז אים ביכלל שווער אין לאגער צו זײַן. און דאָ דארף ער נאָך שטיין אפֿן פּאָסט, פֿארבלײַבנדיק איינער אליין מיט זיך און מיט זײַנע ביטערע ראיוינעס...

לעפּ:ערעך דארף שוין באלד אָנהייבן גראָען אף טאָג. פֿונעם דערפֿל דערטראָגט זיך דאָס גראגערן פֿון גענדז. עס גיט א צי מיט רויך פֿון אן אײַנגעהייצטן אויוון. נאָר וויפֿל ער קוקט ניט אפֿן וועג, זעט ער קיינעם ניט גיין. און קאלט איז אים... און שווער איז אים אזוי אפֿן הארצן... עס ליגט עפּעס, ווי א שטיין, און פּרעסט, לאָזט פֿרײַ ניט עטעמען...

און דער פּארטיזאנער טוט טיף א זיפֿץ. ער ווארפֿט אונטער אף זיך מיט א קורצער באוועגונג פֿונעם אקסל די ביקס און שפּאנט ווידער אוועק, פֿיר־פֿינף שפּאַן אין איין זײַט, פֿיר־פֿינף שפּאַן אין דער אנדערער. ער גייט אום און טראכט דערפֿון, אז אָט דאָס־אָ, וואָס מע האָט אים ניט אזוי גיך אומגעביטן, זאָל געווען זײַן די איינציקע צאָרע, וואָלט נאָך געווען צו דערלײַדן... דאָ אָבער... נאָר ניין, ניין, מער וויל ער אפֿילע פֿון גאָרנישט ניט טראכטן. צו וואָס זיך אומזיסט ערגערן? צו וואָס זיך שיטן זאלץ אף די ווונדן? וואָס איז די פּולע, אז ער וועט זיך אויסעסן די גאל? ער האָט דען געקאָנט עפּעס טאָן און האָט פֿאר איר ניט געטאָן? און וואָס, מישטיינסגעזאָגט, האָט ער געקאָנט טאָן, ווען ער אליין איז נאָך געווען א פֿרישער מענטש אינעם אָטריאד? ווען ער איז עפּעס א

שטיקל נאַטשאַלניק אָדער פאַרמאָגט ער כאָטש װעלכע־ניט־איז פאַר־דינסטן װי אַ פאַרטיזאַנער, דאַן װאָלט עס אים צוגעגעבן מוט זיך װענדן צו דער אָנפירונג און פאַרפירן אַ שמועס װעגן דעם, אַז אין געטאָ איז פאַרבליבן זײַן פרוי און אַז אויב ער װעט זי ניט ראַטעװען, װעט זי אומקומען... מיט װאָס איז ער געװען בעסער פון אַלע אַנדערע פאַרטי־זאַנער, װעלכע האָבן איבערגעלאָזט זײערע פרויען און קינדער באַם דײַטש און זײַנען אַלײן אַװעקגעגאַנגען אין װאַלד? און דאָך נאָגט דאָס האַרץ. עס הערן אים ניט אויף פּײַניקן און מאַטערן די געדאַנקען, זינט ער, דער שטילער און געלאַסענער, אַכט־און־צװאַנציקיאָריקער מאַטעס סימכאָװיטש, האָט זיך דערװוּסט װעגן דעם, אַז מע האָט פון זײַן שטעטל אַלע ייִדן אומגעבראַכט און אַז צװישן אַלע אומגעקומענע איז געװען אויך זײַן לײע... אים דוכט זיך אַלץ, אַז ער האָט דאָ עפּעס פאַרשלאָפן, אַז ער האָט אַ סאַך פריִער געדאַרפט רײדן מיטן קאָמאַנדיר פונעם אָט־ריאַד װעגן זײַן פרוי, און ער, מאַטעס, האָט זיך געשפּילט אין קלײנ־שטעטלדיקער בענימעסדיקײַט. ער האָט זיך דערשלאָגן אַ דערלויבעניש צו גײן נאָך איר ערשט דעמלט, װען עס איז געװען נאָך אַלעמען. און איצטער? װאָס איז איצטער? אַף װאָס טויג אים די דערלויבעניש?

ביז דער לעצטער צײַט האָט ער נאָך פונדעסטװעגן אַלץ געהאָפט, אַז עפּשער איז עס ניט אַזוי. קעדײ דערקונדיקן זיך עפּעס דײַטלעכער, האָט ער זיך געפּרוּװט פאַרבינדן מיטן שטעטל דורך באַקענטע, אָרטיקע פּויערים. ער האָט ניט געװאָלט, ער האָט באַ זיך נישט געקאָנט רעכט מאַכן, אַז פון אַזאַ גרױסער, צעצװײַגטער מישפּאָכע, װי זײַנע איז געװען, זאָל קײנער ניט איבערבלײַבן, און אַז דעם נאָענטסטן מענטשן, װאָס ער האָט פאַרמאָגט, זאָל ער מער קײנמאָל ניט זען. דורך טאָג און נאַכט האָט ער לײען געזען אַ לעבעדיקע. קוים האָט ער צוגעפירט מיט די אויגן איבעם קורצן דרעמל אַף די פּריװאַלן, אַזוי גלײַך איז זי געקו־מען צו גײן און האָט זיך לעבן אים אַװעקגעזעצט...

לײדער, איז זײַן גאַנצע טירכע געװען אומזיסט. ניט געקוקט אַף דעם, װאָס די יעדיִעס, װעלכע ער האָט באַקומען, זײַנען געװען גאַנץ פאַרשײדענע און אָפט אין סטירע אײנע צו די אַנדערע, איז דער אויספיר

געווען איינער, אז זײַן לייע איז שוין מער אף דער וועלט ניטאָ און ער האָט נישט אף וואָס צו האָפן...

א דערשלאָגענער האָט ער זיך ערשט נעכטן אומגעקערט מיט זייער גרופּע אין וואַלד. ער האָט געמיינט, זיי וועלן זיך דאָ, ווי טאָמיד, עט־וואָס אָפּרוען, נעמען מיט זיך אופּרײַס־מאַטעריאַלן און זיך לאָזן אפּסנײַ אף די וועגן, ווו עס פאָרן ארום דײַטשן, נאָר, ווי אפּצולאָכעס, האָט מען זיי פּלוצעם גאָר פאַרהאַלטן און געשיקט פאַרבײַטן די פּאַרטיזאַנער, וואָס זײַנען געשטאַנען אין קאַראַול און האָבן געדאַרפט ערגעץ עקסטרע אוועקגיין. און קוים איז ער געקומען אפן פּאָסט, געבליבן אַליין, אַזוי גלײַך זײַנען אים ווידער באַפאַלן פינצטערע מאַכשאָוועס, פון וועלכע ער האָט זיך ניט געקאָנט באַפרײַען; ער איז אומגעגאַנגען הין און צוריק, האָט זיך אפּסנײַ אָפּגעשטעלט, זיך צוגעהערט דערצו, צי מע גייט אים ניט פאַרבײַטן, ביז ער איז שוין אַזוי ניט געבליבן שטיין פאַרטראַכטער־הייט מיט אן אַרײַנגעצויגענעם קאָפּ אין די אַקסל, מיט הענט, פאַרלייגטע אַרבל אין אַרבל.

הילכיק, ווי פאָרן טויט, האָט זיך אין דער פינצטער צעשריִען א כײַעלע. מאַטעס האָט א ציטער געטאָן מיטן גאַנצן לײַב און זיך אַרומ־געקוקט. אויס, נעלעם געוואָרן איז דאָס ליכטיקע צימערל, אין וועלכן ער האָט נאָרוואָס געזען האַווען זײַן לייען. ס'איז פינצטער. גראָ. דער שניי שיט און שיט, פאַלט אים אפן היטל און אף די אַקסל. קיינער גייט ניט... מע זעט קיין סאָף ניט צו דער נאַכט...

ערגעץ ווײַט־ווײַט וואָיען וועלף. עס שנייט שוין ווייניקער. עס באַ־ווײַזן זיך ווידער פײַערלעך אינעם דאָרף.

נאָר אָט רײַסן זיך אַרײַן אין דעם שטילן ברומען פונעם וואַלד מענטשלעכע שטימען. עס דערהערט זיך, ווי עס פאָרשקען פערד. און מאַטעס לאָזט זיך גיין אנטקעגן די קלאַנגען.

נעענטער און נעענטער סקריפּען שליטנס. אין דער גראָער פינצ־טערניש לעבן אוף באַוועגלעכע פײַערלעך פון ציגאַרן. מאַטעס נעמט אַראָפּ פון זיך די ביקס.

— שטיי! — שרײַט ער אויס. — פּאַראָל! — און ער איז זיך מע־כײַע, ווען ער דערזעט, אַז דאָס קערן זיך אום די יאַטן, וועלכע זײַנען פריִער געווען אין קאַראַול און מע האָט זיי עקסטרע ווױהין אוועקגע־שיקט.

שווער שאָקלענדיק מיט די קעפּ און הייס פּאַרשקענדיק, שלעפּן די פערד אָנגעלאָדענע שליטנס. אייניקע פּאַרטיזאַנער שלאָפן אויף די זעק, אַנדערע גייען נאָך די פורן...

— סימכאָוויטש, דאָס ביסטו? — פרעגט אים אַ פּאַרטיזאַנער פון אונטער אַ פּאַרשנייטן פּעלץ, וועלכן מאַטעס האָט געהאַט אָנגענומען פאַר אַ שפּיס. — וואָס, ברודער, אַראָפּלאָזן אַ צוג קאָן אוואַדע זײַן פרייליכער איידער שטיין אויפן פּאָסט? אַ קײַ טאָן ווילסטו נישט?

— ניין, — ענטפערט מאַטעס, — דו זאָג בעסער אונטער דעם קאָמוואָוואָד זאַזולינען, אַז ער זאָל וואָס גיכער שיקן אַ פּאַרבײַט. ער ווייסט דאָך, אַז אונדזער גרופּע דאַרף אוועקגיין.

דאָס פאַרפרוירענע שטיק ברויט, וואָס יענער דערלאַנגט אים, נעמט ער פונדעסטוועגן צו און בײַסט זיך אין אים אײַן מיט אַלע ציין. דאָס ברויט איז האַרט ווי אַ שטיין. עס שמעקט פון דעם מיט פּעלץ. עס איז דאָך אויסערגעוויינלעך באַטאַמט, און מאַטעס עסט עס מיט גרויס האַנאָע, פּילנדיק, ווי אַ וואַרעמקײַט צעגייט זיך אים דערבײַ איבער אַלע איווורים, באַפרײַענדיק אים אויף אַ ווײַלע פון זײַן שווערן טרויער...

ווען מע קומט מאַטעסן אָפּבײַטן און ער קערט זיך צוריק אום אײַ־נעם ערד־שטיבל, שלאָפן נאָך ניט די יאַטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין לאַגער. עס שפּילט אַ פּאַטעפאָן. מע קלאַפּט הילכיק מיט ביינדלעך פון דאָמינאָ אין טיש אַזוי, אַז עס צוקט דאָס קנייטעלע, וואָס שווימט אַרום אין אַ פּלאָשקעלע מיט פעטס. מע לאַדט אים אויך אײַן צו שפּילן אַ קאָן. נאָר מאַטעס זאָגט זיך אָפּ. ער הענגט אויף די ביקס, קריכט אַרויף אויף דער מיט שטרוי פאַרבעטער נאַרע און דעקט זיך איבער מיטן פּעלצל איבערן קאָפּ, ניט פאַרלײַדנדיק דעם טומל. ליגנדיק, טראַכט ער דער־פון, אַז בא אייניקע פון די זעלבע פּאַרטיזאַנער, וואָס ראַשן אַזוי, שפּילנ־דיק אין דאָמינאָ, האָט דער דײַטש אויך אומגעבראַכט אַלע זייערע אײַ־

גענע און פונדעסטוועגן פאַלן זיי באַ זיך ניט אַראָפּ. יעדער ווייסט, אַז ער מוז לעבן און נעמען נעקאָמע פאַר זײַן בלוט. פון די דאָזיקע געדאַנ־קען ווערט אים אָבער ניט לײַכטער אף קיין האָר. פאַרקערט, עס דער־וועקט זיך אין אים נאָך א גרעסערער פאַרדראָס. און סאָפּקאָלסאָף קומט ער, ווי טאָמיד, צו דעם איינציקן אויספיר, אַז אין דעם טויט פון זײַן לייען איז ער אַליין שולדיק, נאָר ער און מער קיינער ניט. ווען מע האָט עפּעס נאָך געקאָנט טאָן פאַר איר, האָט ער ניט געטאָן, און נאָכדעם...

דאָס דאָזיקע געפיל לאָזט אים שוין מער ניט אָפּ, גייט אים נאָך פוס־טריט, יאָגט אים נאָך דעמלט, ווען זיי פאַרלאָזן באַטאָג דעם לאַגער. עס פאַרסאַמט אים דאָס בלוט.

*

אומקערנדיק זיך איינמאָל פונעם אײַזנבאַן־וועג ערגעץ לעבן דער סטאַנציע ווילייקע, ווו זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט א צוג, האָט זיך די גרופּע געלאָזט גיין אין א באַקענטן דערפל אָפּרוען א ביסל, און דאָ אין איינער א שטוב איז מאַטעס אָנגעשפּרונגען אף זײַנעם א קאָרעוו פונעם שטעטל, אויך א פּאַרטיזאַנער, וועלכער איז ערגעץ געפאָרן מיט זײַן אָטריאַד.

ביידע האָבן זיך זייער דערפרייט פון דער באַגעגעניש. זיי זײַנען דאָך קימאַט געוועזן זיכער, אַז קיינער פון זייעריקע לעבט שוין ניט. באַזונדערס צופרידן איז פון דער באַגעגעניש געוואָרן מאַטעס. ס'איז גע־ווען דער ערשטער מענטש, וואָס האָט גענוי געקאָנט וויסן, וויאַזוי זײַנען אומגעקומען זײַנע אייגענע. באַ וועמען, אויב ניט באַ אים, האָט ער גע־קאָנט דערגיין וועגן זייערע לעצטע טעג? וועמען דען אַנדערש האָט ער געקאָנט אויסדערציילן דאָס, וואָס עס טוט זיך אים אפן הארצן, פון זינט זײַן לייע האָט זיך אים געפעלט? מאַטעס האָט דערשפּירט, ווי אָט די באַגעגעניש האָט אין אים אפסנײַ אַלץ אופגערירט און עס האָט ווי־דער גענומען בלוטיקן זײַן נישט פאַרהיילטע ווונד. וואָס האָט אים העגעך געקענט דערציילן, ווען אין טאָך ווייסט ער שוין אַלץ אַליין?

עלנט, ווי א שטיין, איז ער געבליבן. ער האָט פאַרמאָגט אַן אויצער, וואָס ער האָט ניט געוווּסט ווי צו שעצן. ווען זי האָט געלעבט, האָט ער ניט געוווּסט איר פּרײַז. און אַט האָט זי זיך אים געפעלט, זײַן לייע, און אים איז נישט ניכע דאָס לעבן.

ער האָט זיך דאָך געגומען אין די הענט. ער האָט געפרעגט:

— הענעך, ביסט שוין לאַנג פון דער היים?

דער קאָרעוו איז געווען ניט שלעכט געשטימט, און דעריבער האָט ער פריִער פון אַלץ פאַרגעלייגט מאַטעסן זיך אויסטאָן און איבערבײַסן מיט אים.

— כ׳וועל דיר אַלץ דערציילן, — האָט ער געענטפערט, — לאָמיר זיך פריִער באַקענען מיט אונדזערע יאַטן. קום צום טיש. מירן נעמען צו קאַפּעלעך...

מאַטעס האָט זיך ניט אופגעהויבן פון זײַן אָרט. ניין, א דאַנק. עסן וויל ער ניט. ער האָט שוין אָפּגעגעסן.

— דערצייל מיר בעסער, וואָס איך פרעג דיך. וואָס טוט זיך אין דער געטאָ? דײַן שיפרע איז כאָטש לעבן געבליבן?

— ווען איך בין אוועקגעגאַנגען אין וואַלד, האָב איך זי נאָך איבער־געלאָזט... — און הענעך איז אַנשוויגן געוואָרן.

אויך מאַטעס האָט ניט געפונען וואָס צו זאָגן...

אין שטוב איז געווען טומלדיק. באַם טיש האָט מען געזונגען. ווער עס איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, און ווער — אַרײַנגעקומען צוריק, אָפּקלאַפּנדיק פון די פיס דעם שניי באַם שוועל. זיי בלויז זאַלבעצווייט זײַנען געזעסן אָפּגעזונדערט אין א ווינקל אויף דער באַנק ווײַט פאַרטראָגן מיט די געדאַנקען אַהין, ווו דער טויט האָט געשוועבט איבער די קעפּ פון זייערע אייגענע און ווערמען צוגענומען פריִער, וועמען — שפּעטער...

נאָר אַט האָט הענעך א זיפץ געגעבן און האָט איבערגעריסן דאָס שטילשווײַגן:

— איך האָב געמיינט, ווי נאָר איך קום אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַ־נער, נעם איך זי באַלד אַריבער צו זיך. נאָר כ׳דאַרף דיר דען דערציילן, ווי שווער דאָס קומט אָן? אַט ביסטו שוין לאַנג א פּאַרטיזאַנער, און וואָס,

קאָנסט עפּעס טאָן פאַר דײַן לייען? זיי דאָרטן פאַרשטייען דאָס אָבער ניט. זיי קערן מיינען, אַז מיר האָבן זיי פאַרגעסן... נעם דײַן לייען. „סײַדן, — זאָגט זי, — מאַטעס לעבט ניט. נאָר טאָמער לעבט ער, קאָן ניט זײַן, אַז ער זאָל ניט קומען נאָך מיר“.

מאַטעס האָט כמורנע אָנגעקוקט זײַן קאָרעוו: איז ער באַם זינען צי נײַן? וואָס פּלוידערט ער? שוין זשע ווייסט ער ניט, וואָס האָט פּאַסירט מיטן שטעטל? ער האָט זיך שטיל אָפּגערופן:

— מע דאַרף זיך נישט גלײַכן צו מיר. איך האָב פאַרשפּילט מײַן לייען. איך האָב שוין אפילע געהאַט א דערלויבעניש צו גיין נאָך איר. נאָר צו שפּעט איז עס שוין געווען. ניט געווען איז שוין וועמען צו ראַטעווען...

איצט איז אויך הענעך געוואָרן צעטומלט:

— וואָס הייסט, ניט געווען וועמען צו ראַטעווען? צי דען ווייסטו ניט, אַז דײַן לייע לעבט?

דאָס בלוט האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט מאַטעסן אין פּאָנעם. ער האָט זיך גענומען בײַטן פאַר די אויגן פון ווײַס אױף רויט. מיט א מינוט שפּעטער האָט זיך אין אים עפּעס ווי אויסגעלאָשן, ניט באַוווּנזנדיק זיך צעברענען. ער האָט שווער איבערגעפּירט דעם אָטעם און זיך א צי געגעבן נאָך דער ביקס.

— כ'זע, — האָט ער זיך אָפּגערופן און אופגעבראַכטער, — אַז דו האָסט שוין א ביסל גוט אויסגעטרונקען, איז לאָז מיך, איך בעט דיך, צורו...

און ער האָט זיך אופגעהויבן, קעדיי אוועקצוגיין.
הענעך איז אים פאַרלאָפן דעם וועג.

— ביסט מעשוגע, צי וואָס? איך זאָג דאָך דיר, אַז דײַן לייע לעבט. ווער שפּילט זיך דען מיט אַזוינע זאַכן? זי האָט דאָך מיך אַליין געבעטן, אַז טאָמער מאַכט זיך, איך באַגעגן דיך, זאָל איך דיר איבערגעבן פון איר א לעבעדיקן גרוס.

— ווען האָסטו זי געזען?

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק. פאַרן אוועקגיין אין וואַלד...

— ווו?

— אין אזאריטש.

— מע האָט דאָך מיר איבערגעגעבן, אז מע האָט דאָרטן אַלע ייִדן אומגעבראַכט.

— אינעם שטעטל האָט מען טאַקע אַלעמען אומגעבראַכט.

— טאָ וואָס זשע דולסטו מיר א קאָפּ? — האָט זיך שוין מאַטעס צעשריִען. — וואָס פּלוידערסטו?

— לאָז זשע יענעם ריידן א וואָרט! וואָס פּאַרלויפסטו ראַק דעם וועג? איך דערצייל דאָך דיר: אינעם שטעטל האָט מען אַלעמען אומגעבראַכט. געבליבן זײַנען נאָר די, וועלכע מע האָט פאַר דער שכיטע אַריבערגעפירט אַף אַרבעט אין אזאַריטשער גאַרניזאָן. צווישן זיי — אויך דײַן לייע. האָסטו נאָר א מעגלעכקײַט צו גיין נאָך איר, איז טו עס וואָס גיכער. וואָרט ניט מער...

— ווו איז זי דאָרטן? וויִאזוי געפינט מען זי?

— זי אַרבעט מיט די שנײַדער אינעם פּאָליציייִשן באַטאַליאָן. לעבן לעבט זי צוזאַמען מיט מאַלקע פּיניע דעם בעקערס. קענסט דאָך דײַן לייען. א צו שטילע איז זי. ווען ניט מאַלקע, וואָלט זי געפּוכניעט פאַר הונגער. ניט מער, יענע בײַט עפּעס אויס, דערהאַלט מען שוין ווי־ניט־איז די נעשאָמע...

מער האָט שוין מאַטעס ניט באַדאַרפט. ער איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן, זוכן זײַנע כאַווײרים...

*

עס האָט געדרייט הימל און ערד. ס׳איז אזא מין קעלט געווען, אז א לײַטישער באַלעבאָס וואָלט קיין הונט ניט אַרויסגעלאָזט אין דרויסן. א שאַרפער ווינט האָט געבלאָזן אין פּאָנעם, פאַרשאָטן מיט שניי די אויגן און געקנאַקט מיט די פּאָלעס פון די ווײַסע מאַסקיר־כאַלאַטן. נאָר דאָס הײַפעלע מענער איז זיך פאַראַקשנט אַלץ געגאַנגען אין דער נאַכט,

איבערלאָזנדיק ווײַט הינטער זיך דאָס אָנגעהייצטע דאָרפישע שטיבל, ווו זיי זײַנען אָפּגעווען העכער א מעסלעס צײַט, ביזוואנען עס האָט זיך ניט אומגעקערט פונעם אזאריטשער גארניזאָן דער באלעבאָס, מאטעסעס א באקאנטער פויער, מיט וועלכן ער האָט נאָך געהאט געארבעט פאר דער מילכאָמע אין דער היגער וואלד־ווירטשאפט. דער פויער איז גע־גאנגען זיך פארבינדן מיט מאטעסעס ווײַבל, איבערגעבן איר, אז דער מאן איז געקומען נאָך איר פון וואלד און ווו און ווען ער וועט ווארטן אף איר.

די פארטיזאנער זײַנען שוין מיד געוואָרן פונעם גיין. נאָר וואָס לענגער זיי זײַנען געגאנגען, וואָס טיפער זיי זײַנען ארײַנגעקראָכן אין דער נאכט, אלץ מער האָט מען ניט געזען קיין סאָף פון וועג. עס האָט געווייעט, געדרייט, געטראָגן פון די ארומיקע וויסטע און פינצ־טערע פעלדער. ניט קיין בילן פון א הונט, ניט קיין שײַן פון א פײַערל, וואָס זאָל א לײַכט טאָן פונוויַטן און מיט ווארעמקײַט ארומנעמען דאָס הארץ. ערגעץ גאָר נאָענט, האָט מאטעס געוווּסט, דארף זײַן דער ציגל־זאוואָד, לעבן וועלכן ער האָט זיך געזאָלט טרעפן מיט זײַן לייען. נאָר אָט גייען זיי ווידער און מע זעט קיין זאך ניט. צוביסלעכווײַז האָט מען אָנגעהויבן צווייפלען, צי ווייסט מאטעס, וווהין ער פירט זיי. עס איז געוואָרן א כשאד, צי מע האָט איבער אים ניט פארבלאָנדזשעט און מע זאָל אָט אזוי גאָר ניט פארקריכן דער רוּעך ווייסט וווהין. אן אומרו האָט באהערשט די פארטיזאנער, מע האָט אָנגעהויבן אונטערמורמלען.

מישקע ראָגאָזין, א וווּיל שוסטער־ייִנגל פון א יאָר נײַנצן, וואָס זינט ער איז א פארטיזאנער, איז ער בא זיך מעיושעוודיק געוואָרן ניט לויט זײַן עלטער, האָט ארויסגעזאָגט א האשאָרע, אז עפּשער וואָלט געווען גלײַכער, ווען מע קומט אהער א צווייט מאָל. אנדריי טשומאק האָט אים אונטערגעהאלטן. ער האָט אָנגעהויבן בורטשען, גלײַך מאַ־טעס וואָלט געווען אין אלץ שולדיק. „אז דו ווייסט ניט, דארף מען זיך ניט אונטערנעמען... וווהין גיין, אז מע זעט די וועלט ניט...“ מאטעס האָט זיך אָבער געמאכט, ווי ער הערט גאָרנישט. „מיילע, — האָט ער זיך געטראכט, — זאָלן זיי זיך בורטשען. זיי זײַנען גאָרנישט אזוינע

שלעכטע, ווי זיי מאכן דעם אָנשטעל. דער איקער איז דאָך איצטער קומען צו זײַן לייען... וואָרעם איז דען דאָ א פארגלײַך צו דעם, וואָס זי האָט אויסצושטיין בא די דײַטשן?״ אים אליין איז פונדעסטוועגן אויך געוואָרן גוט קאלאמוטנע אפן הארצן. אויסער אלץ האָט אים פּאָשעט געמאטערט דאָס געפיל פון ביזאָיען: זאָל מען זיך נאָר דערוויסן אין אָטריאד, וויאזוי ער האָט זיך דאָ ארומגעדרייט ארום דער היים, ווען ער שוין האָבן אויסגעריסענע יאָרן. מע רעדט שוין ניט וועגן דעם, אז די זעלבע יאטן, וואָס גייען איצט מיט אים, וועלן עס קיינמאָל ניט פארגעסן און בא יעדער געלעגנהײַט אים דערמאָנען.

ס׳האָט מאטעסן שטארק פארדראָסן. דאכט זיך, אזוי גוט און אזוי פײַן האָט זיך געהאט אָנגעהויבן דער וועג... ער האָט קוים געדארפט דערמאָנען זײַנע כאוויירים, אז עס וואָלט געווען א יושער, ווען זיי גייען אויך מיט אים, ווי אלע האָבן זיך גערן אָנגעכאפּט, זײַנען פריילעכע אופגעשפּרונגען פון דער שטרוי, אף וועלכער מע איז געלעגן אין א שטוב, און זיך גענומען גרייטן אין וועג ארײַן. „א קאק זשע, פּאָשלי, כלאָפּצי! פּאָמאָזשעם מאטוסו!״[1]. און דאָס, וואָס דער מענטש, וועלכן זיי זײַנען געגאנגען ראטעווען, איז געווען גראָד א פרוי, און דאָס, וואָס די דאָזיקע פרוי איז געווען, ווערליק מאטעס האָט זיי דערציילט, א יונגע און א שיינע, איז נאָך מער געפעלן... עס האָט צוגעגעבן א געוויסן כיין דעם גאנצן איניען און אומגערן דערוועקט אין די מאנצבלען א בענקעניש נאָך אייגענע פרויען און מיידלעך, דערמאָנט וועגן דעם, אז ווען ניט די פארשאָלטענע מילכאָמע, וואָלטן זיי אויך איצט ניט געוווסט פון קיין צאָרעס און ניט געדארפט אזוי בידעווען.

ניט פארטראכטנדיק זיך לאנג וועגן די שוועריקײַטן, וואָס זיי קאָן אויסקומען אויסצושטיין אין וועג, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין מיט אים. לײַכטער, ווי זיי וואָלטן זיך אליין געקאָנט פאָרשטעלן, איז זיי געלונגען זיך פארבינדן מיט דעם פּאָליציייִשן גארניזאָן, ווו זײַן לייע איז געווען. און אים, מאטעסן, איז גאָרנישט אײַנגעפאלן, אז עס זאָל באזונדערס

[1] ווי זשע, לאָמיר גיין, יאטן! מיר וועלן העלפן מאטעסן!

שווער זײַן צו בײַקומען די צוואַנציק אָדער פינף און צוואַנציק קילאָמעטער, וואָס האָט אים אָפּגעטײלט פונעם גאַרניזאָן. ער איז געווען זיכער בא זיך, אַז דאָרטן, ווו קײן אַנדערן וואָלט זיך ניט אײַנגעגעבן, וועט ער לײַכט אַלעמען דורכפירן. ווײַל אַלײן איז ער אַן אָרטיקער, ער האָט דאָ געאַרבעט בא וואַלד און ער ווײסט דעם קאַנט, ווי זײַנע צען פינגער... דער איקער האָט אים געפרײט, וואָס ער איז געגאַנגען ניט אַלײן, וואָס יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך אומגעקוקט אף הינטן, האָט ער געזען נאָכגײן זײַנע כאַווײרים און דאָס אַלײן האָט שוין בעמײלע דערוואַרעמט דאָס האַרץ. איז נא דיר אַזאַ מין מײַסע... מע איז אַזוי פאַרקראָכן, אַז מע ווײסט ניט, וווהין מע גײט.

ערטערווײַז האָט אָנגעטראָגן אַזויפיל שניי, אַז מע זינקט העכער די קני. קוים וואָס מע קריכט אַרויס פון אײן הורבע שניי, אַזוי גלײַך פאַרזינקט מען ווידער. מיט מאַטערניש קומט אויס יעדן מאָל אַרויסצושלעפן די פיס. מע זעט פאַר זיך ניט קײן וועג און ניט קײן שטעג. אַלץ אָפטער האָט דער ווינט גענומען פאַרשלאָגן דעם אָטעם דעם פּאָליטרוק, דעם עלטסטן פון דער גרופּע, אַ מענטשן פון טאָמיד אָן ניט איבעריק קײן געזונטן. ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרהוסטן און בלײַבן שטײן, זיך אויסדרײענדיק מיטן רוקן צום ווינט. קוקנדיק אף אים, האָבן זיך אויך פאַרהאַלטן די איבעריקע. און פון דעם איז בא מאַטעסן פאַרקילט געוואָרן דאָס בלוט: זאָל די בײזע שאָ גאָר קײן שאָ ניט זײַן, ווען מע פאָלגט מישקע ראָגאָזין מיט טשומאַקן און מע קערט זיך אום צוריק, איז ווען קאָן ער דאַן זיך ווידער אַרויסקלײַבן נאָך לײען? זי קאָן עס דען וואַרטן? ניט ווינציק, וואָס עס איז אַזוי ניט גוט, האָט מיטאַמאָל דער ווינט נאָך פון ערגעץ געבראַכט צו טראָגן דעם גערודער פון מאַשינעס. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט. מע האָט זיך גענומען צוהערן, וווהין זײ גײען.

— נו אַ נעכטעלע, — האָט דער פּאָליטרוק אַ זאָג געטאָן מיט אַ מינע פון אַ מענטשן, וואָס וויל אַ שמײכל טאָן. אָפּגעלײגט אף הינטן דעם קאַפּיושאָן פונעם מאַסקיר־כאַלאַט, וואָס האָט אים געשטערט דײַטלעכער צו הערן, האָט ער צוגעגעבן: — אין אַזאַ מין נאַכט איז טאַקע

נאָר צו גיין נאָך וויַבער... זעט נאָר זעט, ווי עס האָבן זיך אופגערודערט די דײַטשן. מע האָט זיך געלאָזט אזש אין אזא מין וועטער. שוין זשע טאקע דערפאר, וואָס מיר זײַנען דאָ?

— און וואָס זשע מיינט איר?.. עס קאָן אַלץ זײַן... — האָט מישקע ראָגאָזין אונטערגעהאַלטן מיט דעם זעלבן טאָן און מיט אַלע פּישטשעווע־קעס נאָכטועגדיק דעם פּאָליטרוק, ארום וועלכן ער האָט זיך אופגעפירט ווי א מין אָרדינארעץ זײַנער. — ס'איז אקוראט ווי זיי וואָלטן דער־שמעקט, נאָך וועמען מיר גייען. קיין ייִדן האָבן זיי ניט ליב...

— און וועמען האָבן זיי יאָ ליב? וואָס האָבן זיי געמאכט פון מײַן מישפּאָכע? — האָט זיך אָפּגערופן טשומאק. — פּאַל נאָר ארײַן אין זייערע הענט, וועסטו שוין קיין לעבעדיקער ניט ארויס. ס'מאכט ניט, וואָס דו ביסט ניט קיין ייִד. כײַעס זײַנען עס, ניט קיין מענטשן... — און דערזען, וויאזוי אַלעמען איז ניט געפעלן געוואָרן דאָס, וואָס מיטאמאָל האָבן זיך דאָ באוויזן דײַטשן, האָט טשומאק מיט דעם נוסעך פון א מענטשן שוין א רעכט געפּרוווטן אָפּגעפּאסקנט: — האַלעווײַ זאָל איך ליגן זאָגן... נאָר אָט וועט איר זען... ניט אין קיין מאזלדיקער שאָ האָבן מיר זיך הײַנט געלאָזט אהער... ווײַבאַלד פון אָנפאנג אָן איז ניט אוועקגע־גאנגען ווי עס געהער צו זײַן, איז קאַבאַק... וועט שוין געוויס עפּעס געשען אַן אומגליק...

מאטעס האָט געוווּסט, אז ער האָט ניט וואָס אויסצושטעלן אױף די נעוווּעס פון דעם אָפּגעשטאנענעם באָכער, פון וועלכן עס האָט כוץ אַלעמען ארויסגערעדט זײַן שווער געמיט. פונדעסטוועגן האָט אים א טיאָכקע געטאָן דאָס הארץ, און ער האָט א טראכט געגעבן: „זאָלסט בעסער אָפּבײַסן די צונג, נאר איינער". און כאָטש ער אַליין האָט ניט געהאַלטן, אז דאָס, וואָס עס האָבן זיך באוויזן דײַטשן, זאָל עס דעריקער זײַן פארבונדן מיט זייער קומען אהער צום גארניזאָן, דאָך איז ער פול געוואָרן מיט אומרו און אַלץ אין אים איז געוואָרן אָנגעצויגן. ניט ארויס־ווײַזנדיק מיט גאָרנישט, וואָס מיט אים קומט פאָר, האָט מאטעס אָנגעה־הויבן אונטערמונטערן די פארטיזאנער:

— ניטשעווא, יאטן. אָט נאָך א ביסעלע, און מיר וועלן זײַן אפן אָרט. איך בין מער ווי זיכער, אז דאָס פאָרן די מאשינעס ערגעץ פאר־בײַ... טאקע א ביטערער וועג. דאָס איז עמעס. דערפאר אָבער וועל איך אײַך קיינמאָל ניט פארגעסן צײַט איך וועל לעבן... אז עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע און מירן זיך אמאָל צוזאמענקלײַבן, וועלן מיר דערמאָנען אָט דאָס נעכטעלע באַ א גוט ביסל בראנפן...

— לאדנאָ, לאדנאָ, — האָט דער פּאָליטרוק איבערגעשלאָגן מאַ־טעסן. ניט דאָס ערשטע מאָל קומט אים אויס צו גיין באפרײַען מענטשן פונעם פאשיסטישן געהענעם, און אז עס וועט זיך פאָדערן, וועט ער ווידער גיין, ניט געקוקט אף די שווועריקײַטן און ניט דערוואַרטנדיק קיין דאנק פון קיינעם... ער אליין איז איצט אויך ניט אינגאנצן קאָנ־טעט געווען פון מאטעסן. ווו ער איז מיט אים ניט אויסגעווען, מיט מאטעסן, און שטענדיק איז ער געווען אזא, אף וועלכן מע האָט זיך געקאָנט פארלאָזן, און גראָד דאָ, לעבן דער היים, ווען עס האנדלט זיך וועגן דעם אייגענעם ווײַב, האָט אים עמעצער אזוי ווי פארביטן. — דו היץ זיך נאָר ניט. באטראכט זיך גוט און זאָג, ווהין דארפן מיר גיין. זאָל זיך נאָר נישט אָנהייבן עפּעס א כאסענקע. עס וואָלט דעמלט ניט געווען אין קאָפּ צו טראכטן וועגן דײַן ווײַב...

מאטעס האָט ווי אָנגענומען א פול מויל מיט וואסער. שווײַגנדיק האָט מען זיך געלאָזט גיין ווײַטער.

צוביסלעך האָט מען גענומען אָפּשטיין, שילטנדיק מיט ביטערע קלאָ־לעס סײַ די נאכט און סײַ דעם מעשוגענעם וועטער. די אומצופרידנ־קײַט מיט מאטעסן איז געוואקסן. ס׳איז דערגאנגען דערצו, אז אפילע בא קאָנדראט מיראָנאָווון, דעם סאמע געדולדיקסטן פון די פארטיזאנער, וועלכער איז די גאנצע צײַט געגאנגען שווײַגנדיקערהייט, זיך שלעפּנ־דיק מיטן האנט־פּולעמיאָט אפן אקסל, האָט זיך ארויסגעריסן:

— ווהין גיין, אז מע זעט גאָרנישט? מע קאָן דאָך אָט אזוי־אָ גלײַך צום דײַטש אין די הענט ארײַנפאלן...

מאטעס האָט ווידער גאָרנישט געענטפערט. געשוויגן האָט אויך דער פּאָליטרוק. אָנגעבויגענערהייט, מיט אַן אַרײַנגעצויגענעם קאָפּ אין די אַקסל, האָט ער זיך קוים געשלעפּט.

— כאָווער פּאָליטרוק, לאָמיר מאַכן אַ פּריוואַל. עס שטייען דאָ סטויגן מיט היי, — האָט עמעצער פון די יאַטן פאַרגעלייגט.

— גוט. לאָמיר זיך אָפּרוען אַ ביסל...

ווי אַ קופּקעלע שאָף, וואָס ווערט געטריבן אין סטעפּ פון אַ שטורעם, האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער צונויפגעשלאָגן צוזאַמען אונטערן סטויג. דער איינציקער, וואָס האָט זיך ניט אָוועקגעזעצט, איז געווען מאַטעס. ער איז געשטאַנען אָנגעלענט אויף זײַן ביקס און געקוקט אין דער פינצטערניש. דער ווינט האָט אַרײַנגעבלאָזן פון דער אָפענער זײַט און זיי פאַרשלײַדערט מיט שניי. דער פּאָליטרוק האָט אַלץ געהוסט. אויף אַ ביסל היי לעבן אים האָט זיך אָוועקגעלייגט מישקע ראַגאָזין.

— נו, אַ געלעגערל, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, טרײַבנדיק לעצאַ־נעס פון זײַן פּאַרטיזאַנישער מאַראָכע, — אויף צאָרעס, ברידער, דאַרף מען גאָר האָבן די פּערענעס... אויף מײַן וואָרט, אַז עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע און איך וועל קומען אַהיים, וועל איך אויף קיין קישן ניט שלאָפן. כ׳וועל אַרײַנשלעפּן פון שטאַל אַ זאַק מיט היי, און פּאָזשאַ־לוסטע. — דערפילט מיטן רוקן, ווי דעם פּאָליטרוק טרייסלט, איז מישקע טייקעף ערנסט געוואָרן און האָט געזאָגט: — כאָווער סקראַ־טשעוו, רוקט זיך צו צו מיר נענטער. אָט... אָט אַזוי... — און אַליין זיך אויך אײַנגענורעט אַזוי, אַז אים זאָל ווערן אַ ביסל וואַרעמער. דורכן דרעמל, וואָס האָט אים באַהערשט, געפרעגט: — אַוואַדע, מירן סימכאָוויטשן העלפן ברענגען דאָס ווײַב, וועט ער האָבן אַ ווײַבל... וואָס וועט אָבער אונדז אַרויסקומען דערפון?

עמעצער האָט קורץ אַ לאַך געטאָן:

— סימכאָוויטש, זאָג אים כאָטש צו אַ ביסל בראַנפן...

נאָר קיינער האָט דעם געלעכטער ניט אונטערגעהאַלטן. מאַטעס איז געשטאַנען אַ פאַרזאָרגטער. ער האָט זיך דערפילט שולדיק קעגן

אלעמען. „וואָס, אייגנטלעך, פאַרבינדט זיי מיט לייען, — האָט ער געטראַכט, — פאַרוואָס דאַרפן זיי אָפּקומען?״

— כאַווער פּאָליטרוק, — האָט מאַטעס אָנגעהויבן, — איך וועל גיין זיך וואָס דערוויסן, און איר זיצט דאָ... — אָדער עפּשער וואָלט איך ווײַטער זיך שוין אַליין געלאָזט גיין און איר זאָלט מיט די יאַטן זיך אומקערן. ס'איז דאָך שוין ניט ווײַט. כ'וועל אַליין...

עס האָט זיך קיינער ניט אָפּגערופן. אין דער קאַרגער שײַן פון דער לעוואָנע, וואָס האָט זיך באַוויזן ווי פון אונטער אַ נעפּל, האָט דער ווינט פאַרבײַגעטריבן פּאַסמעס שניי. עס האָט גערודערט דאָס היי איבער די קעפּ. פון דער טיף פונעם סטויג האָט געצויגן אַ וואַרעמער, שאַרפער רייעך, און זיך שוין אַ ביסל אײַנגעלעגן אויף די ערטער, איז געוועזן שרעקלעך אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם, אַז מע וועט זיך דאַרפן אופהייבן און זיך ווידער לאָזן גיין. ניט ווילנדיק האָבן זיך פאַרמאַכט די אויגן. עס האָט זיך אַזוי געגלוסט, אַז קיינער זאָל ניט שטערן די מינוט פון דער געצוווּנגענער רו. עמעצער פון די יאַטן האָט מיטן פּוס לײַכט אַ שטויס געגעבן מאַטעסן, ווי איינער זאָגט: לאָז אָפּ!..

דער ווינט איז עטוואָס שטילער געוואָרן. קיינער האָט אָבער ניט געגלייבט דעריין, עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס ווײַזט זיך זיי אויס, ווײַל מע ליגט אונטערן סטויג.

— כאַווער פּאָליטרוק, — האָט מאַטעס ווידער אָנגעהויבן, ווי עמעצער וואָלט אים געצויגן פאַר דער צונג.

— וועסט שוין אַמאָל אופהערן? — האָט זיך אופגעכאַפּט קאָנדראַט, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס אַזוינס קומט הײַנט פאַר מיט מאַטעסן, — פּלוי־דערסט און פּלוידערסט, ווי עפּעס אַן אַלטע באָבע. די גאַנצע צײַט זײַנען מיר געגאַנגען צוזאַמען, און דאָ־אָ... וועסט דאָך אונדז דערנאָך אַליין אופוואַרפן: „שיינע כאַווירים, מיך איבערגעלאָזט און זײַנען אַליין אוועק־געגאַנגען״...

אַנדריי טשומאַק, וועלכער האָט שוין באַוויזן אַ כראָפּע טאָן, האָט זיך דורכגעוואָרפן:

— דער רועך זאָל אײַך נעמען מיט אַלע אײַערע רייד. מע לאָזט גאָר ניט כאַפּן קיין דרעמל. וואָס איז? וואָס באַלעמעטשעט ער דאָרטן? ער וויל ווײַטער גיין אַליין, סימכאָוויטש? טאָ וואָס רעדט איר אים אָפּ? ווער זאָל גיין, אויב ניט ער? ס'איז דאָך זײַן ווײַב... און מיר וועלן אַף אים צוּוואַרטן ערגעץ דערבײַ, אַף אַ כוטאָר.

אין דער רויִקײַט, מיט וועלכער טשומאַק האָט עס, גענעצנדיק, אַרויסגעזאָגט, איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס איז דעם פּאָליטרוק ניט געפעלן געוואָרן און אים געצוווּנגען זיך אָנזעקזעצן. מאַטעס איז אַלץ געשטאַנען אַ גרייטער מיט דער ביקס אין האַנט. די אַנטשלאָסנקײַט, וואָס דער פּאָליטרוק האָט דערפילט אין מאַטעסן, האָט אים מיטגעריסן, און ער האָט זיך אַליין אויך אופגעהויבן.

— ניטאָ מער וואָס צו קלאַפּן מיט די צינגער... מיר האָבן אָנגע־מערקט אַן אופגאַבע, דאַרף מען זי אויספילן. פּאַשלי!

מישקע ראַגאָזין האָט ניט געקאָנט דורכלאָזן די געלעגנהײַט אַ שטיף צו טאָן. ווי אַ בער, אַף אַלע פיר, האָט ער זיך צוגעשאַרט צו מאַ־טעסן און איז אויסגעוואָקסן פאַר אים. אַרײַנגעקוקט מאַטעסן אין פּאָ־נעם אַרײַן, האָט ער געזאָגט:

— שטעל זיך פאַר, אַז ניט נאָר צוליב דײַנע שיינע אויגן האָבן מיר זיך געלאָזט גיין מיט דיר. מיר זײַנען אויך מענטשן. מיר פאַרשטייען, וואָס אַן ערעך דאַרף דײַן ווײַבל דאָרטן אויסשטיין בא די פּאַשיסטן.

אַלע האָבן דערפילט אַ געוויסע דערלײַכטערונג. מע האָט זיך גע־לאָזט גיין, ערשט איצט באַמערקנדיק, אַז פאַר דער קורצער צײַט, וואָס זיי זײַנען געלעגן אונטערן סטויג היי, איז געוואָרן שטילער און ליכטי־קער...

מיט אַ באַנײַטער קראַפט האָט אַף אַ ווײַלע ווידער אופגעלעבט דער גערודער פון מאָטאָרן און זיך גענומען דערווײַטערן. נאָך אַ ביסל, און עס איז געוואָרן אינגאַנצן שטיל. פונדעסטוועגן איז מען נאָך אַלץ געגאַנ־גען זייער פאָרזיכטיק, ביז מע איז ניט אָנגעשפּרונגען אַף עפּעס אַ כו־טאָר און זיך דאָ ניט דערוווּסט, אַז אינעם שכייניש דערפל זײַנען געווען

דײַטשן. זיי האָבן זיך אָבער ניט לאַנג פאַרהאַלטן און אוועקגעפאָרן ערגעץ ווײַטער.

דערמונטערטע זײַנען די פּאַרטיזאַנער אוועקגעגאַנגען פאָרויס. ערגעץ אין א זײַט האָט זיך דערהערט א שאָס פון א ביקס. איין מאָל און באַלד נאָכאַמאָל. מאַטעס האָט זיך דערפרייט.

— כ׳האָב אײַך געזאָגט, אַז ס׳איז ניט ווײַט. דאָס שיסט מען אין גאַרניזאָן.

פון דער זעלבער זײַט, ווו מע האָט אויסגעשאָסן, האָט זיך אופגעריסן א ווײַסע ראַקעטע. העלער, ווי עס איז געווען אינדערעמעסן, האָט אין דער פינצטערניש אויסגעזען איר צעשוומענע שײַן, מיט וועלכער זי איז ארופגעפלויגן אין דער הייך, און, שאַפנדיק א האַלבן קרײַז, זיך אויסגעלאָשן, צעפאַלנדיק אף פּיץ־פּיצלעך...

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געלאָזט אין יענער ריכטונג.

איצט, ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט נאָך א ווײַלע, און זיי וועלן זיך דערשלאָגן צייערס, האָט זיך אויך דער וועטער פאַרבעסערט. ווײַלעסווײַז האָט דער ווינט נאָך געפרוווט טרײַבן דעם שניי איבער דער געקאָוועטער ערד. נאָר וואָס שפּעטער מיט א רעגע, איז דער ווינט אַלץ שוואַכער געוואָרן, ביז עס איז אינגאַנצן ניט געוואָרן שטיל.

פון צווישן די וואָלקנס איז ארויסגעקומען די לעוואָנע און באַשײַנט די וועלט, ווי עס וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געווען קיינע ווינטן און זאַווערוכעס. דער גאַנצער ארום האָט באַקומען אַן אַנדער אויסזען, אַלץ האָט געפינקלט און זיך איבערגעגאָסן אין מיליאָנען פונקען. די גאַנצע וועלט האָט אויסגעזען פאַרפּוצט, גרייט צוזאַמען מיט מאַטעסן יאָמטעוון די סימכע פון זײַן באַגעגעניש מיט דער פרוי. עס האָט געדוכט, אַז אַלץ, וואָס האָט אים פריִער געשראָקן און געמאַטערט, איז פאָריבער. איצט איז זיי ביידן, אים און ליען, פאָרגעשטאַנען גאָלע פרייד און נאַכעס אַלס לוין פאַר דעם אַלעמען, וואָס זיי זײַנען איבערגעקומען.

*

מיט דער ביקס אפֿן אקסל איז מאטעס געבליבן שטיין ניט ווײַט פֿון דעם ציגל־זאוואָד, וואָס איז געלעגן מיט אלע זײַנע דעכער און דעכעלעך אונטער דעם פֿוכקן שניי. ער האָט זיך צוגעהערט, צי קיינער גייט ניט מיטן וועג, אופֿכאַפּנדיק מיטן גאנצן לײַב יעדן מינדסטן סקריפּ פֿונעם שניי אונטער זײַנע פֿיס.

די פּארטיזאנער, וועלכע זײַנען מיט אים געגאנגען, האָבן זיך פֿאר־קליבן אינעם וועלדל, וואָס איז ארויסגעקומען צו די קאריערן, און זײַ־נען דאָרטן געבליבן ווארטן אין עפּעס אן אלטער כורווע, ווו ס'איז גע־ווען א וועכטער־שטיבל אָדער עפּעס א שטעלכל.

פֿונעם גארניזאָן האָט מען אלץ געשאָסן, גלײַך מע וואָלט דאָרטן געפֿילט, אז ערגעץ גאָר נאָענט דרייען זיך ארום פּארטיזאנער. הילכיק האָט אָפּגעקלונגען יעדער קנאל אינדערלופֿטן, און יעדעס מאָל, וואָס מע האָט דאָרטן אויסגעשאָסן, האָט זיך עס אָפּגערופֿן בא מאטעסן אינעם הארצן: „גאָט מײַנער, זי זאָל כאָטש דורכגיין בעשאָלעם"...

נישט קאָנענדיק אײַנשטיין אף איין אָרט, האָט זיך מאטעס פֿארקליבן אין די קוסטעס הארט באם וועג, וואָס איז געלעגן אנטקעגן דער שײַנענ־דיקער לעוואָנע, און האָט פֿון דאָרטן ארויסגעקוקט.

איין ווײַלע האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אז ער זעט עמעצן גיין מיט א זײַט וועג. דאן האָט ער זיך ארופֿגעכאַפּט אפֿן סאמע הויכלעכן אָרט, וואָס האָט געהערשט איבער די פֿארשנייטע פֿעלדער ארום, און דאָס הארץ האָט אים אָנגעהויבן צו פֿויקן גיך און גיכער. נאָר אָט האָט ער דערזען זײַן טאָעס, פֿארשטאנען, אז דאָס שווינדלט אים בלויז אין די אויגן דער־פֿון, וואָס ער האָט אָנגעשטרענגט די ריַע, און עס איז אין אים אלץ אפּסנײַ פֿארשטארט געוואָרן...

פֿאר דער צײַט, וואָס מאטעס איז אזוי געשטאנען איינער אליין און געווארט, איז יעדער מאָל אן אנדערער פֿון זײַנע כאווירים געקומען זיך דערוויסן בא אים, וואָס עס הערט זיך, צי מע דארף אים ניט אומבײַטן, און יעדער מאָל האָט זיך מאטעס בייסמײַסע דערמאָנט אין דעם, וויאזוי

די יאַטן טראָגן פאַרגרייט אין זייערע רוקזעק עטלעכע פלעשער סאַמאָ־האָן, קעדיי צו פּראַווען אַ סימכע, ווען ער וועט זיך באַגעגענען מיט זײַן ליעך. עס האָט אים אַ וואָרעם געגעבן דאָס האַרץ אויס דאַנקבאַרקײַט צו זיי. ער האָט געענטפערט, אַז אים איז ניט קאַלט.

ס׳איז געקומען צו אים קאָנדראַט און געוואָלט, אַז מאַטעס זאָל אים אָפּטרעטן דאָס אָרט. נאָר סימכאָוויטש האָט זיך אָפּגעזאָגט. האָט אים דער פּאַרטיזאַנער מײַסע־קונדעס אַ שטויס געגעבן מיט אַ פויסט אין זײַט און האָט זיך צעשמייכלט:

— מיינסט אַוואַדע, אַז מיר זײַנען פון אײַזן? מיר פאַרשטייען ניט, וואָס דו קאָנסט איבערלעבן? עס וואָלט אונדז אויך אַוואַדע זיך געוואָלט זײַן אין דער היים. אַ כאָליערע אויף דיר, האָסט אָבער מאַזל. ס׳וועט באַלד צו דיר קומען דײַן ווײַב...

באַ די רייד האָבן זיי דערהערט עמעצן גיין מיטן וועג. מאַטעס האָט אַ ציטער געטאָן.

— שאַ, ווער גייט עס?

פונדערווײַטן האָט זיך דערזען אַ שוואַרץ פּינטל. עס האָט זיך באַוועגט נישט דרייסט. דאָ זיך אָפּגעשטעלט באַ אַ קוסט, דאָרטן — באַם הילצערנעם בריקל, וואָס האָט זיך געשוואַרצט פון אונטערן שניי, און אָט זיך ווידער געלאָזט גיין.

סימכאָוויטשן האָט זיך פאַרגלוסט אַ געשריי געבן: „קום גיכער, דאָס בין איך, מאַטעס... האָב נישט מוירע!“. נאָר פון דעם פּריִערדיקן פּינטל איז קיין סימען ניט געבליבן, אָפּגעווישט געוואָרן. עס איז ווידער שטיל געווען אַרום. קיין סקריפּ פון עם שניי, ווי קיינער וואָלט דאָ נאָרוואָס ניט געווען.

מאַטעס מיטן כאַווער האָבן גענומען דאָס געווער אין די הענט און זײַנען אַוועקגעגאַנגען פאָרויס. זיי זײַנען דורכגעגאַנגען פאַרבײַ אַן אויפּגעריסענער מאַשין, וואָס איז געלעגן אויף אַ זײַט מיט די רעדער צו דער הייך. עס איז ליכטיק געווען, כאָטש קלײַב נאָדלען. ס׳איז שוין אַ ביסל אומהיימלעך געווען פון דער צו בלענדנדיקער שײַן. אינדערלויפּטן

האָבן זיך ארומגעטראָגן שניי־פונקען, זיך געצונדן און געבליצט אין דער נאכט.

זיי האָבן ניט באוויזן דורכגיין דעם שעטעך, וואָס האָט זיי אָפּגע־טיילט פונעם אָרט, ווו זיי האָבן פריִער באמערקט עמעצן גיין, האָט זיך עפּעס שטיל און דערשראָקן א שאר געגעבן פון אונטער איינעם א קוסט און פון דאָרטן איז ארויס א פרוי. ס'איז צו זען געווען, אז די פרוי האָט מוירע צוקומען צו זיי, נישט ווייסנדיק, ווער קאָן עס גיין מיט געווער, צי אמאָל ניט קיין דײַטשן... מאטעס האָט זיך געלאָזט אנטקעגן. אים האָט מען ניט באדארפט געבן צו פארשטיין, ווי מוירע עס האָט פאר יעדער זאך א מענטש, וואָס קומט ארויס פון דער געטאָ און ווייסט ניט, וואָס אים קאָן דערוואַרטן אין וועג... ער האָט אויסגעשריִען:

— ס'איז איך, מאטעס, האָב ניט קיין מוירע...

ער איז געגאנגען גיך, שיר ניט געלאָפן. נאָר וואָס נעענטער ער איז צוגעקומען צו דער פרוי, אַלץ מער האָט אים פארוואונדערט איר גע־האמעוועטער גאנג. ס'איז געווען אזוי, ווי עס וואָלט איר אומגעהייער שווער געווען בײַצוקומען די עטלעכע טריט, וואָס האָבן זיי פאנאנדער־געטיילט. און אָט איז זי גאָר געבליבן שטיין מיט אראָפּגעלאָזענע הענט.

מאטעס האָט דערקענט מאלקע פּיניע דעם בעקערס.

— און ווו איז לייע? — האָט ער געפרעגט ניט מיט זײַן קאָל.

דאָס ווײַבל האָט געשוויגן. ווי א פרעמדע, ווי ניט קיין אָנגעלייג־טער גאסט, איז זי אומזיכער געשטאנען פאר אים אין עפּעס א זומערדיקן סעקל מיט א שאלכל אפן קאָפּ. עס האָט זי ניט אופגעהערט צו טרייס־לען...

איר שווײַגן האָט געדויערט עפּשער ווינציקער, וויפל עס האָט גע־דארפט נעמען צײַט, קעדיי א זאָג געבן צו אים: „אף אײַער לייען האָט איר מער ניט וואָס צו ווארטן". אלע ווײַטערדיקע רייד זײַנען שוין געווען איבעריק. מאטעס האָט דערפילט, וואָס פאר א גרויסער אומגליק האָט אים באנײַס געטראָפן. ער האָט זיך שווײַגנדיק אויסגעדרייט און איז אוועקגעגאנגען, ניט זעענדיק קיין שטעג פאר זיך...

שטיל, ווי א שאָטן, איז מאלקע אים נאָכגעגאנגען. קאָנדראט האָט זיך געוווּנדערט: וואָס פאר א מאָדנע פאָלק דאָס איז, אַז אונדזעריקער וואָלט דען אזוי באגעגנט זײַן ווײַבל?

אונטערווײַלנדיק זיך, קעדיי ניט אָפּשטיין פון מאטעסן, האָט דאָס ווײַבל דערציילט:

— פון זינט לייע האָט זיך דערוווּסט, אז איר זײַט געקומען נאָך איר, האָט זי שוין ניט גערוט. אינדערפרי האָבן מיר זיך צונויפגערעדט, אז זי וועט זיך מאכן קראנק און ניט ארויסגיין אַף דער ארבעט, קעדיי באטאָג פּרוּוון ארויסגיין פון גארניזאָן. און אָט, בייס זי איז געווען אין דער היים, האָבן די דײַטשן ארומגערינגלט די שטוב פון די באלמעלאָכעס און אלע פרויען און קינדער אוועקגעפירט... לייע האָט זיך נאָך געפּרוּווט ראטעווען. זי האָט זיך געלאָזט לויפן. זי האָט זיך שוין געהאט דערקליבן צום דראָט. נאָר דאָ האָט זי געטראָפן א קויל און זי איז אומגעפאלן... קומענדיק צוריק פון דער ארבעט, האָבן מיר זי געפונען ליגן א דערהארגעטע...

מאטעס האָט זיך ניט אָפּגערופן. פאר זײַנע אויגן איז בליץ־שנעל דורכגעפלויגן זײַן קורץ לעבן מיט לייען, און עס האָט קיין קויכעס ניט געסטײַעט צו רעכט מאכן בא זיך, אז אלץ איז פארפאלן, אז ער וועט זי שוין קיינמאָל מער ניט זען... הערנדיק, ווי אזוי מאלקע רעדט צו אים, האָט ער פארביטערט געטראכט: „קעדיי דו זאָלסט זיך ראטעווען, האָט מײַן לייע געדארפט אומקומען“... און כאָטש ער האָט געוווּסט, אז מאלקע איז אין גאָרנישט ניט שולדיק, אז מע קאָן איר בלויז אופווארפן דעם איינציקן כעט, וואָס זי וויל לעבן, דאָך מאסקים זײַן דערמיט האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט ניט געקאָנט קוקן אין איר זײַט.

זיי זײַנען ווידער געגאנגען שווײַגנדיק.

ווי פריִער, האָט געטרישטשעט דער פראָסט, ווי פריִער, האָט געסקריפּעט דער שניי אונטער די פיס, און א הויכער, טונקלער הימל איז געלעגן איבערן קאָפּ, גלײַכגילטיק שעמערירנדיק מיט די ווײַטע שטערן.

נאָכדעם האָט זיך מאטעס פארשעמט פאר דעם געפיל צום אומשולדיקן ווײַבל. ער האָט זיך אליין געפרעגט: וואָס האָט ער צו איר? איז

דען שולדיק דער מענטש, וואָס וויל לעבן און כאַפּט זיך אָן פּאַר א מינדסטער מעגלעכקייט, קעדיי זיך צו ראַטעווען? ער האָט דערפילט, אַז וואָס שײַעך מאַלקען, ליגט איר גורל פון איצט אָן אינגאַנצן אין זײַנע הענט, און זײַן כוויוו איז, אין נאָמען פון זײַן לייען, פון דעם ווײַטערדיקן לעבן אַף דער וועלט, צו זאָרגן זיך פאַר איר ניט ווינציקער, ווי ער וואָלט זיך געזאָרגט פאַרן אייגענעם ווײַב. ווײַל אויך זי איז עלנט און האָט קיינעם ניט, ווי ער. טאַקע צוליב אירעטוועגן האָט מען דאָ געדאַרפט עפּעס טאָן, און וואָס גיכער, איידער מע האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט צו די כאַווײרים. און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

ניט ווײַט פון אים איז געבליבן שטיין דאָס ווײַבל. זי האָט גאָרנישט גערעדט, גאָרנישט געבעטן. נאָר מע האָט אַזוי אויך גוט פאַרשטאַנען, וואָס זי וואַרט.

מאַטעס האָט איבערגעפירט זײַן בליק אַף קאָנדראַטן, דעם שטילן איידעס פון דער אויסטערלישער באַגעגעניש, און געזאָגט:

— קאָנדראַט, דאָס איז ניט מײַן ווײַב... מײַנע האָבן די דײַטשן אומגעבראַכט, — און ער איז אַף א ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, ניט אימשטאַנד ווײַטער צו ריידן. ווען ער האָט ווידער אָנגעהויבן, האָט זיך אין זײַן שטים נאָך געפילט טרערן, אָבער יעדער וואָרט, וואָס ער האָט אויסגערעדט, איז געווען פול מיט אַנטשלאָסנקײַט. — כ׳ווייס, — האָט ער געזאָגט, — מיר האָבן ניט קיין רעכט צו ברענגען זי אין וואַלד. נאָר מיר זײַנען די איינציקע, וואָס קאָנען פאַר איר עפּעס טאָן... איך האָף, אַז ווען איך וועל דערציילן דעם קאָמאַנדיר פון אָטריאַד, וויאַזוי עס איז אַלץ פאָרגעקומען, וועט ער זי ניט דורכטרײַבן. דעם פּאָליטרוק וועל איך אויך אַלץ דערציילן. ס׳איז ניט דער מענטש, פון וועלכן מע זאָל דאַרפן עפּעס אויסבאַהאַלטן. וואָס געהער אָבער די איבעריקע יאַטן, דאַרפן זיי פון גאָרנישט ניט וויסן. עס קאָנען זיך אָנהייבן רייד, פאַרוואָס אַנדערע דערלויבט מען ניט ברענגען אין אָטריאַד און איר יאָ. בעסער, אַז נישט...

קאָנדראַט האָט דעם קאָפּ ניט אויפגעהויבן...

*

אינדערפרי זײַנען די כעוורע פאַרגאַנגען אַף אײנעם א כוטאָר און מע האָט אויסגעטרונקען דאָס פאַרגרייטע ביסל סאַמאָהאָן. עס האָבן זיך געוווּנדערט, פרײלעך זיך וויצלענדיק די פּאַרטיזאַנער, וואָס, ווערליק מאַטעס האָט פאַר זײ אָפּגעמאָלט און פאַרליבט זײַן ווײַבל, האָט זי גראָד געמעגט זײַן אי א ביסל א ייִנגערע, אי א ביסל א שענערע. עס האָט זײ געוווּנדערט און זײ האָבן געקנייטשט מיט די פּלייצעס, נישט קאָנענדיק פאַרשטיין, וואָס אפילע איצט, ווען דאָס ווײַבל איז מיט אים, האָט מאַטעסן ניט פאַרלאָזט דער טרויער. אָט, דוכט זיך, האָט ער אים פאַרטריבן און זיך צעלאַכט צוגלײַך מיט אַלעמען, און אָט איז ער באַנײַס אַמאָל טרויעריק געוואָרן. נאָר ווײַל זײ זײַנען געווען זייער קאָנטעט דערפון, וואָס ניט געקוקט אַף אַלע שוועריקײַטן, האָבן זײ דאָך דאָס ווײַבל געראַטעוועט, דערצו נאָך שוין עטוואָס בעגילופן געווען פונעם אויסגעטרונקענעם ביסל מאַשקע, האָבן זײ גוטברודעריש און הייס געפּאַטשט מאַטעסן אין פּלייצע און צווינטשעווענדיק אים אַלדאָסגוטס אינעם ווײַטערדיקן לעבן מיט איר, געווונקען צו אים, ווען דאָס ווײַבל איז נאָר אָפּגעטראָטן אַף א מינוט פון טיש, ווי עס ווינקען מאַנצבלען, וואָס ווילן עפּעס זאָגן מיקויעך הילכעס ליבע מיט א פרוי.

איין קאָנדראַט נאָר איז עפּעס געווען אומעטיקלעך. ער האָט געוואָרפן בליקן דאָס אַף מאַטעסן און דאָס אַפּן ווײַבל און האָט יעדע ווײַלע, ווען אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די פּאַרטיזאַנער באַמערקן עס, אַראָפּגעלאָזט זײַנע אויגן. גראָד אים, קאָנדראַטן, האָט מאַטעס אַליין צוגעזאָגט ביסלעך בראַנפן און מיט אים געטרונקען לעכאַיִם, ווי דאָס לעבן וואָלט זײ ביידן פון הײַנט אָן פאַרבונדן מיט אײנעם און דעם זעלבן סאָד...



# דער קאָמיסאַר

געווידמעט זיאמען — מײַן אײנציקן ברודער, וואָס איז אומגעקומען אין קאמף מיט די פאשיסטן.

## 1

אינעם שטארק אָנגעהייצטן ליכטיקן שטיבל פונעם שטאב, וואָס איז פון אינווייניק אויסגעקלאפּט מיט ווײַסן צײַג פון פאראַשוטן, קומט פארנאכטלעך ארײַן א הויכער, דארער, סטוטלער ייִד פון א יאָר עטלעכע און פופציק און עפשער טאקע פון אלע זעכציק, אויב מע זאָל מישפּעטן לויט דעם, וואָס ער איז שוין אינגאנצן גראָוו: גראָוו דער הארט־געשוירענער קאָפּ, גראָוו די אײַנגעפאלענע, עפשער א טאָג צוויי ניט געגאָלטע באקן, און מילד־

ווײַס דאָס גאַנצע לענגלעכע פּאָנעם זײַנס, וואָס קוקט אַרויס אױף גאָ־רער וועלט מיט אַ קוים באַמערקבאַרער איראָניע אינעם בליק.

— כאַווער קאָמאַנדיר, כ׳בין געקומען לויט אײַער באַפעל...

אינעם ברוינעם, גאַנץ פײַנעם, צו קורצלעכן פּעלצל, אין די כראָ־מאָווע שטיוול, אין דעם שוואַרצן קובאַנקעלע פון פּראָסטן פוטער מיט קאָסע אָנגעניײטן רויטן בענדל איבערן שטערן זעט ער אויס צו זײַן אַ מענטש אַן אַקוראַטער, אַפילע אַ צוכט. אויף דער רעכטער זײַט הענגט אים אַ נאַגאַן אין אַ שיידל מיט אַ לעדערן געפלאָכטן היפּש שנירל, אויף דער צווייטער — אַ היפּשלעך אָפּשטאַרצנדיקע, געפּאַקטע טאַש מיט אַ ציילעמל פון רויטן קרייץ. סע שמעקט פון אים מיט רעפואס. דער רייעך האַלט זיך שויך אינעם שטיבל די גאַנצע צײַט, וואָס ער איז דאָ...

דער קאָמאַנדיר גאַלט זיך אַקוראַט. מיט ברייטלעך צעגומענע פּיס אין טונקל־בלויע דיאַגאָנאַלעווע הויזן זיצט ער אין אָנגעזייפטער, מיט אַ ווייס לײַלעכל פאַרשפּרייט די ברוסט, אינמיטן שטיבל און האַלט צוגע־מאַכט די אויגן. עס מאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער וואָלט אונטער דעם פּאַריקמאַכערס הענט גאָר אײַנגעדרעמלט.

דער שרײַבער פונעם שטאַב, אַ נידעריק מענטשל מיט אַ גרויסן געגאָלטן קאָפּ, אָנגעטאָן אין אַ דײַטשישן פרענטש, הייבט זיך אויף און דערלאַנגט דעם אַלטן אַ שטול, בעט זיך אים זעצן.

דער אַלטער בלײַבט דאָך שטיין.

עס גרילצט דאָס גאָלמעסער אין דעם פּאַריקמאַכערס הענט. אינעם ברייטן איינציקן פאַרשנייטן פענצטער פּאַטשט דער ווינט מיט אַ צווײַג און טרײַבט פאַרבײַ אַ רויך, וואָס ציט דאָ פון ערגעץ גאַנץ נאָענט. אינעם אײַזערנעם אייוועלע קנאַקט דאָס האָלץ.

ענדלעך טוט דער קאָמאַנדיר אַן עפן אויף די אויגן און דערזעט שטיין דעם אַלטן מיטן זקייניש־האַרטלעכן אַרויסשטאַרצנדיקן קין פּאָרויס.

— אַ, דאָקטער! — גיט ער אַ מאַך גאַנץ פריילעך, בלײַבנדיק טיי־קעף אַנשוויגן, ווײַל דער שערער האָט אים, גאָלנדיק אונטער דער נאָז,

פארשטעלט דאָס מויל מיט דער דלאָניע אזוי, אז ער קאָן בלויז א קוק טאָן אין יענעמט זײַט מיט אָן אויג.

— דער זאווישינער קאָמענדאנט, — זאָגט ער באלד ווידער, ווי נאָר ער באקומט א מעגלעכקײַט צו ריידן, — איז נאָרוואָס געווען בא מיר. ער האָט געבעטן צופאָרן צו זיי. א פרוי גייט בא זיי שווער צו קינד...

דער דאָקטער שווײַגט. דער שערער שטייט מיטן גאָלמעסער אין האנט און ווארט, ווען דער קאָמאנדיר וועט אופהערן ריידן.

— ס׳וואָלט ניט שלעכט געווען טאקע שוין צופאָרן אהינצו און העלפן דאָרט, מיט וואָס עס איז נאָר מעגלעך. פאָרט זיך דורך... עס שאדט אײַך ניט זיך צעשטרייען א ביסל... — גיט דער קאָמאנדיר צו שוין א ביסל שטילער.

בא די לעצטע ווערטער גייט דורך דעם דאָקטער א וואָלקנדל אי־בערן געזיכט. ער גיט דאָך א הייב אונטער א האנט צו דעם קובאנ־קעלע מיטן קאָסע אָנגעבייטן רויטן בענדל און זאָגט:

— רעכט, כאוועր קאָמאנדיר. מע מעג, הייסט עס, גיין?

— איר קאָנט גיין.

דער דאָקטער טוט מיט דער לינקער האנט א פארשאר אף הינטן די אָפּשטארצנדיקע טאש און פארלאָזט דאָס שטיבל. ער גייט ארויס, ניט ארויסווײַזנדיק מיט גאָרנישט ניט, צי ער האָט כיישעק איצט פאָרן ער־געץ אָדער ער וואָלט גלײַכער זיך אָפּגערוט דעם טאָג, קאָלזמאַן עס איז שטיל, ווײַל ער אליין פילט זיך הײַנט אויך ניט מיט אלעמען.

אין א מינוט צען — פופצן ארום זעט מען דעם דאָקטער ארויס־פאָרן פון לאגער. ער זיצט מיט אן אופגעשטעלטן קאָלנער, טיפלעך־אײַנגעגנורעט אינעם געקאָוועטן דאָרפיש־געפארבטן שליטעלע. דאָס פערד טרײַבט אָן א ווײַסרוסישער באָכער. מיט א מעיושעוודיק־געזעצטן טראָט פון א דאָרף־מענטשן, וואָס איז געוווינט האָבן צו טאָן מיט פערד, גייט ער זיך, דער באָכער, דאָס פּעלצל צעשפיליעט, באם שליטן מיט די ליי־צעס אין די הענט און מיט א ביקס איבער די אקסל. די פור גייט פארבײַ

איין פארשנייט ערד־שטיבל נאָכן צווייטן, קומט ארויס צום וועג, וואָס פירט צווישן הויכע שוועַר־הודזשענדיקע סאָסנעס. איצט טוט דער אָנ־טרײַבער א יאָג דאָס פערד און וויל, נאָכלויפנדיק, זיך ארופכאַפּן אפן שליטן, נאָר מיטאמאָל פארהאלט ער דאָס פערד. צווישן די ביימער, באַם וועג, שטייט דער קאָמאַנדיר פון אָטריאַד. דער ווינט צופּט אים פאר די פּאָלעס פון שינעל, וואָס ער טראָגט אָנגעוואָרפן אף די אקסל.

— מע וועט דארפן שוין פארייניוועגס אויך פארפאָרן אין סטרױע, — זאָגט ער צום דאָקטער, — איר ווייסט דאָך: צוויי־דרײַ קילאָמעטער פון זאווישינאָ — עפּעס ניט גוט איז דאָרטן. עס זאָל גאָר ניט שמעקן מיט עפּעס אַן עפּידעמיע.

דער דאָקטער באַמקעט אונטער: אָך, אין סטרױע, אינעם קאָמיסאַרס באַליבט דערפל, וואָס ברענט און ווערט ניט פארברענט... גוט, גוט. ער ווייסט עס אַלץ אַליין...

— און לאָזט זיך ניט שפּײַען אין דער קאשע ארײַן, — זאָגט ווײַ־טער דער קאָמאַנדיר, — טאָמער עפּעס־וואָס, זאָל מען טייקעף אײַנהייצן די בעדלעך און אויספּארען די שמאטעס, און אַלעמען אין באָד! אין באָד! ווער עס וויל און ווער עס וויל ניט. וועט מען ניט פאָלגן, וועלן מיר מישפּעטן. אזוי זאָגט זיי. דער רועך ווייסט וואָס. צום גאנצענעם רומל פעלט נאָך איצט קרענק, ניט קיין מעדיקאַמענטן, ניט קיין שפּיטעלער, און דאָ... גיי ווייס, וואָס מאָרגן קאָן זײַן, — ער מאכט א פּאָר טריט אף אוועקצוגיין, שטעלט זיך ווידער אָפּ, — פארהאלט זיך פונדעסטוועגן ניט... די צײַט איז איצט אזא, אז פארזעסן זיך איבעריקס דארף מען ניט...

בייז גיט דער אָנטרײַבער א הוקע אפן פערד. עס טוט א שלײַדער דעם דאָקטער אף צוריק. שטארק פארשנייטע ביימער טראָגן זיך אוועק אין א מין יאָגעניש פארבײַ. אָט איז מען שוין פארבײַגעפאָרן דאָס אָרט, ווו דער פּאָסט שטייט. דער שליטן שפּרינגט אָן אף א שטיק האָלץ, אף וואָרצלען, וואָס מע זעט ניט ארויס פון אונטערן שניי. עס גיט א קער דעם שליטן מיטן דאָקטער אף א זײַט. און אָט ווידער גיט א צי דאָס

פערדל פאָרויס, דאָס שליטל שלאָגט זיך אָפּ אָן א בוים, אָפּרייַבנדיק א שטיק קאָרע. דאָס ספּריטנע ווייַסע פערדל פליט אוועק, זיך צונויפגיסנ־דיק אין איין שטיק מיט דער ארומיקער וועלט, וואָס ווייעט און שנייט.

דער דאָקטער מאכט צו די אויגן...

דאָס פערד קלאַפּט אינעם שליטן מיט שטיקער שניי, וואָס עס פאַר־ווארפט מיט די הינטערשטע פיס. לויפנדיק, פאַרטשעפּעט דאָס פערד מיט דער דוהע אָן א צווייַג און באשיט סיי זיך און סיי דעם שליטן מיט א וואָלקן שניי. קיינער באמערקט דאָס אָבער ניט, ניט דער דאָקטער און ניט זייַן אָנטרייַבער. דער דאָקטער איז טיף פאַרטראכט. דער אָנטרייַבער זיצט זיך אָן אָנגעבלאָזענער מיטן רוקן צום אלטן, אונטערברומענדיק עפּעס א ניגן. דער ווינט שמייַסט דעם יונג אין דער פּלייצע מיט טרו־קענע שניי־הויפנס, ווי איבער א בלעך, הילכיק און קלינגעוודיק.

נאָר אָט עפנט אויף דער דאָקטער די אויגן און טוט א רוף דעם אָנטרייַבער:

— קיריווענקאָ, הא, קיריווענקאָ...

ער וויל דערציילן דעם בייזלעך־שווייַגנדיקן באָכער, וועלכער איז אומצופרידן, וואָס ער באדאַרף ארומפאָרן מיט אים, ווי שווער אים, דעם דאָקטער, איז געוואָרן אפן הארצן, בייס ער איז ארייַנגעקומען, נאָך דעם קאָמיסאַרס לעווייַע, אין דעם ערד־שטיבל, ווו זיי האָבן צוזאמען געלעבט נארע קעגן נארע, און געטראָפן יענעמס געלעגער ליידיק און ניט גע־רירט...

— קיריווענקאָ, האָסט געקענט אונדזער קאָמיסאַר?

— נו, געקענט.

— גוט געקענט?

— וואָס דען, ניט? וויפל מאָל בין איך צוזאמען מיט אים געלעגן אין זאסאדע... ניטאָ וואָס צו זאָגן, א גאָלדענער מענטש געוועזן...

— ניין... — איז ניט מאסקים דער דאָקטער. — ווינציק צו זאָגן „א גאָלדענער". האָסט נאָך אזא מענטשן אין דייַן לעבן קיינמאָל ניט געזען... טאקע אָן עמעסער קאָמוניסט געוועזן... מיט א הארץ, מיט א ברייטער נעשאָמע... „מיט אייַך, דאָקטער, — פלעגט ער זאָגן, — וועל

איך שוין, מיסטאמע, צוזאמען פארענדיקן די מילכאָמע״... — און דער אלטער ווערט אנשוויגן, דערפילנדיק, וויאזוי אדאנק זײַנע רייד איז אים אפן הארצן נאָך טרויעריקער געוואָרן.

דאָס פורל טראָגט זיך ארויס פונעם וואלד. אין פעלד, ווו דער ווינט פילט זיך פרײַער, נעמט ארום דעם דאָקטער א שטארקערע קעלט. ער רוקט טיפער ארײַן ארבל אין ארבל, הויקערט זיך צונויף. שווײַגן איז אים אָבער זייער שווער... עס ווערט אים נאָך טרויעריקער אף דער נעשאָמע. און ער ווענדט זיך באנײַס צום אָנטרײַבער:

— און צוליב וואָס, פרעג איך דיך, האָבן זיי אים געדארפט אזוי צעהארגענען? האָסט געפאקט א סוינע, נעם און דערשיס אים. ניין, דאָס איז זיי ווינציק געווען. האָבן זיי אים נאָך פריִער גוט געפײַניקט...

דער דאָקטער האָט דערזען פאר זיך דעם דערהארגעטן קאָמיסאר. ער האָט זיך דערמאָנט, וויאזוי ער איז איבעראשט געוואָרן, ווען ער האָט דערזען, וואָס די דײַטשן האָבן פון אים געמאכט. פונקט אזוי, ווי זיי האָבן אומגעבראכט דעם קאָמיסאר, קענען זיי אויך א טעל מאכן פון אים, דעם דאָקטער אלייך, ווען ער פאקט זיך נאָר ארײַן אין זייערע הענט. פון דער טאָכטער זײַנער, וואָס איז אוועקגעגאנגען איבערן פראָנט מיט אן אייפעלע, און פון יענעם ווײַבל, וואָס גייט שווער צו קינד און וואַרט איצט אף אים; פון יעדן באליביקן מענטשן, וואָס פאלט נאָר ארײַן אין זייערע הענט...

ער האָט זיך מיטאמאָל אונטערגעהויבן, א געשריי געגעבן אפן פערד:

— נאָ! נאָ! — און צום אָנטרײַבער: — דערלאנג אים, דעם לײַדאק, מיט דער בײַטש... אזא פוילער... אזא מין...

קיריוּוענקאָ האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום דאָקטער און אים באטראכט מיט א מאָדנעם בליק: וואָס איז ער, באם זינען? דאָס פערדל לויפט זיך, דוכט זיך, נישקאָשעדיק... וואָס זשע וויל ער פון דעם? ער גיט דאָך פון יויצע־וועגן א שמיר דאָס פערד מיט דער בײַטש איבערן רוקן.

די געדאנקען וועגן דעם פּריצײַטיקן טויט פֿונעם קאָמיסאַר פֿאַרלאָזן ניט דעם דאָקטער. ערשט ניט לאַנג, דוכט זיך, איז ער צוזאַמען מיטן קאָמיסאַר געפֿאָרן אין דערפֿל סטריִע דורכפֿירן אַ פֿאַרזאַמלונג צווישן דער באַפֿעלקערונג וועגן דעם, אַז מע זאָל באַצײַטנס פֿאַרגרייטן ערד־שטיבלעך אין וואַלד, קעדיי אין פֿאַל, ווען די דײַטשן וועט אויסקומען אָפּטרעטן און זיי וועלן אָנהייבן ווילדעווען, זאָל זײַן וווּהין אַוועקגיין.

ער האָט דערזען דעם קאָמיסאַר, ווי ער שטייט אַרומגערינגלט פֿו־נעם אוילעם און טײַנעט אײַן מיט יעדן, וואָרענענדיק וועגן דער געפֿאַר, וואָס זיי דערוואַרט, און צוזאָגנדיק העלפֿן מיט וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זײַן... און דעם דאָקטער איז געוואָרן נאָך שווערער אַפֿן האַרצן. ער האָט אַרויסגעריסן בײַ קיריווענקאָ די בײַטש און אָנגעהויבן שמײַסן דאָס פֿערד.

— נאָ! נאָ! גיב אים אַ יאָג! זשאַלעווע ניט.

קיריווענקאָ האָט באַם דאָקטער פֿון די הענט אַרויסגעריסן צוריק די בײַטש.

— וווּהין יאָגן? — האָט ער געפֿרעגט. — אַבי פּאַטערן דאָס פֿערד? ס'איז דאָך קיין וועג ניטאָ.

— וואָס הייסט „ניטאָ"? פֿאָר! קוק ניט.

מיטן יונג טוט אַ וואָרף.

— וווּהין פֿאָרן? — און ער גיט אַ טיטשע מיט דער בײַטש אין דער כאַשכעס אַרום, ווו עס דרייט, יאָגט און פֿײַפֿט דער ווינט, פֿאַרשיטנדיק מיט שניי די אָפּגעשמיסענע קוסטעס, וועלכע זיי פֿאָרן פֿאַרבײַ. — מע זעט דען וווּהין?

— ב״דא, — האָט אַ מאַך געגעבן דער דאָקטער אַ ביסל ווי שול־דיקלעך, ערשט איצט דערזעענדיק, וואָס אַזוינס עס טוט זיך אַרום. — שרײַ ניט אַזוי... מע דאַרף ניט שרײַען. פֿאָר פֿונדעסטוועגן, פֿאָר. מיר פֿאָרן דאָך ניט אויף אַ הוליאַנקע, זיך שפּילן ערגעץ...

פֿאַר פֿאַרדראָס כאַפּט זיך קיריווענקאָ אַראָפּ פֿונעם שליטן, עס איז אים נימעס־אומאָוועס געוואָרן דער אַלטער. ער וואָלט געערן פֿון אים אַנטלאָפֿן.

אים, קיריוועַנקאָ, האָט מען ניט לאַנג צוריק איבערגעגעבן אין רע־שוס פונעם דאָקטער. געוווינט אָבער צו גיין אַף אָפּעראַציעס, פירן אַ פרייליך־פאַרהאַוועט לעבן צוזאַמען מיט אַלע פּאַרטיזאַנער, איז אים ניט געפעלן געוואָרן זיין באַם דאָקטער אַ מין מעשאָרעס און גאַנץ אָפּט זיין געצוווּנגען וואָכנלאַנג צו זיצן אין לאַגער מיט די פאַרווונדעטע. איצט, ווען דאָס פערד איז געבליבן שטיין און, שווער עטעמענדיק, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום שליטן, ווי אַרויסקוקנדיק, אַז מע זאָל דעם קומען צוהילף אין אָט דער פינצטערניש, וואָס איז מיטאַמאָל צוגעפאַלן און אָפּגעווישט אַ מינדסטן שפּור פון אַ וועג, האָט קיריוועַנקאָ נאָך מער אופגעבראַכט און ער האָט גענומען שלאָגן דאָס פערד אין צורע. דאָס פערד האָט זיך גענומען רייסן פון זיינע הענט, פאַרוואָרפן די מאָרדע איבער דעם באָ־כערס קאָפּ און זיך פון גרויס אַנגסט צעהירזשעט. ערגעץ ניט וויַיט אין דער פינצטערניש האָט זיך אָפּגערופן אַ הירזשעריַי. מע האָט דערהערט ריידן מענטשן...

קיריוועַנקאָ האָט אָפּגעלאָזט דאָס פערד און זיך געכאַפּט פאַר דער ביקס. אויך דער דאָקטער איז אַרויס פון שליטן מיטן נאַגאַן אין דער האַנט.

— היי, ווער איז דאָרט? — האָט אַ קאָל געוואָלט איבערשריַיען דעם ווינט, נאָר זיך פאַרכלינעט און גענומען הוסטן, זידלענדיק זיך געשמאַק מיט קאָל־האַמינים זידלערייַען.

— און ווער זייַט איר?

— איינער זאָל צוקומען צו אונדז.

— קום צו אַהער.

דאָס דינגעניש געדויערט אַזויפיל, אַז ווען דאָס זאָלן טאַקע זיין דייַטשן, וואָלט מען פאַר דער צייַט געקענט איינע די אַנדערע אומברענ־גען. אַי די אַי יענע שטויסן זיך אָן, אַז מע האָט דאָ צו טאָן מיט פּאַר־טיזאַנער. און דעריבער גייט אָן דאָס איבערופן זיך אַזוי לאַנג, ביז איי־נער פון די רייַטער גיט סאָפּקאָלסאָף ניט אַ טרייַב דאָס פערד און פּאָרט ניט צו נעענטער. מיט דעם נאַגאַן אין האַנט גייט דער דאָקטער אים אַנטקעגן.

יענער זידלט זיך נאָך אַלץ:

— מע זאָגט אײַך — קומט צו. פאַרוואָס גייט איר ניט צו?

— שרײַ ניט. קיינער שרעקט זיך פאַר דיר ניט, — זאָגט ניט געײַלט און באַרוטלעך דער דאָקטער.

אין די הענט פון דעם רײַטער טוט א בליץ אן עלעקטריש לעמפּל, כאַפּט פריִער פון אַלץ ארויס פון דער פינצטערניש דעם פאַלנדיקן שניי, וואָס דרייט זיך אינדערלופטן אין א ווילדן טאַנץ, נאָכדעם די פּולגע־פּאַקטע טאַש מיט רעפּועס, מיטן צײלעמל פון רויטן קרייץ, ענדלעך דעם דאָקטערס דאַר־זקייניש פּאָנעם מיט גרויסע פאַרשנייטע ברעמען.

דער פּאַרטיזאַנער פאַרשעמט זיך. ער האָט קלאָל זיך ניט געריכט צו באַגעגענען דאָ דעם באַקאַנטן דאָקטער. ער פאַרלעשט צו גיך די שײַן.

— נו, ווער איז דאָרטן? — פרעגט דער צווייטער פונדערווײַטן.

דאָס פערד אונטער דעם ערשטן רײַטער שטייט ניט אײַן. דער יונג גיט אים א זעץ מיטן קאַנטשיק:

— כ'האָב געזאָגט, אז עס פאָרן אונדזערע. און ער: „ניין. עפּשער גאָר דײַטשן". ס'איז דער דאָקטער פון „באָרבא".

עס פאָרט אויך צו דער צווייטער. דער דאָקטער לייגט ארײַן צוריק דעם נאַגאַן אינעם שיידל.

— אײַ, זידלסטו זיך... האָסט געקערט אוואדע פאַרענדיקן ספּעצי־עלע קורסן אזעלכע, האַ?

— אנטשולדיקט, דאָקטער...

דער צווייטער באַמיט זיך פאַרגלעטן יענעמס דורכפאַל.

— ווהין האָט איר זיך דאָס געלאָזט אין אזא מין פּאַהאָדקעלע?

העלפנדיק ארויסצושלעפּן דעם שליטן, ענטפערט זיי דער אַלטער. איינס פון די צוויי פערד גיט זיך פּלוצעם א רוק פאָרויס, ווי מע וואָלט דעם דערלאַנגט מיט עפּעס אין זײַט. און ציִענדיק דאָס פערד פאַר דער צוים אף צוריק, פרעגט דער פּאַרטיזאַנער:

— איר מיינט עס ערנסט, דאָקטער? מיר פאָרן דאָך אָקאָרשט־אָ פון דאָרטן. דרײַ קילאָמעטער פון זאַווישינאָ זײַנען דײַטשן...

דער אַלטער זיצט שוין צוריק אין שליטן.

30–95

— דאָקטער, פאָרט ניט. איר קענט דאָרטן מיִעס ארײַנפאלן...

— ס'מאכט ניט, — זאָגט דער אַלטער, — אז מע זאָל מוירע האָבן, דארף מען פונעם לאגער ניט ארויסגיין אף קיין טראָט... קיריווענקאָ, דערלאנג!

און דאָס פורל לאָזט זיך אוועק א פארשנייטס, א פארווייטס אין דער נאכט ארײַן...

2

ניט דערפאָרנדיק צוויי־דרײַ קילאָמעטער צו זאווישינאָ, האָבן דעם דאָקטער מיט זײַן באגלייטער פארהאלטן פארטיזאנער, וועלכע זײַנען ארויסגעקומען פון א דזאָט באם סאמע וועג. מע האָט זיי געבראכט צו פירן צום נאטשאלניק פון דער זאסטאווע, און עס האָט זיך אָנגעהויבן א סעדרע מיט פראגן וועגן דעם, ווער זיי זײַנען און וווהין האָבן זיי זיך דאָס געלאָזט אין דער נאכט.

לויט דעם, וויאזוי דער נאטשאלניק האָט זיי שטרענג אויסגעפרעגט (א זאך, וואָס איז קיריווענקאָן זייער ניט געפעלן געוואָרן און עס איז דעריבער צווישן זיי שיר ניט דערגאנגען צו א קריג), און וואָס אין דעם זעלבן דזאָט, וועלכן זיי זײַנען ביז אהער ניט איין מאָל פארבײַגעפאָרן, האָבן זיך דאָס מאָל געפונען פארטיזאנער פון א ניט־באקאנטן אָטריאד, האָט זיך דער דאָקטער באלד איבערצײַגט, אז די לאגע איז דאָ, ווײַזט אויס, אף אזויפל ערנסט, אז עס איז אפילו אויסגעקומען רופן צוהילף שכיינים. ניט אומזיסט האָט דער קאָמאנדיר פון אָטריאד פארן ארויס־פאָרן פון לאגער אים געוואָרנט, אז ער זאָל זיך איבעריקס ניט פאר־זאמען.

דערוווסט זיך באם דאָקטער, וווהין און צוליב וואָס ער פאָרט, האָט דער נאטשאלניק געזאָגט:

— עס וועט אײַך, דאָקטער, אויסקומען א ביסל צוווארטן. ניט ווײַט פונדאנען האָבן זיך באוויזן דײַטשן... מיר האָבן ארויסגעשיקט אויסשפּי־

רער. ווי נאָר עס וועט קלאָר ווערן, אז דער וועג איז פרײַ, וועט איר קענען פאָרן. — און ער האָט צוגעגעבן: — וואָינא וואָינאָי, א דעטי נאם נוזשני...[1]

דער דאָקטער האָט אים גאָרנישט ניט געענטפערט: קיין גרויסער באַלן צו פּאטערן צײַט איז ער ניט געווען. די עטלעכע ווערטער אָבער „וואָינא וואָינאָי, א דעטי נאם נוזשני", האָבן אזוי וווּנדערלעך גוט דורכגעקלונגען אינעם מויל פונעם יונגנמאַן, אז עס איז אים שטארק געפעלן געוואָרן און ער איז מאסקים געווען צו ווארטן.

ווען זיי האָבן זיך געלאָזט ווײַטער פאָרן, איז נאָך געווען פינצטער. און ניט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן זיך געהעריק איז ניט באוויזן אָפּרוען, איז דער גאנצער וועג, ביז זאווישינאָ, באם דאָקטער שוין געווען א געהויבענע שטימונג... ווי טאָמיד אין אזוינע מאָמענטן, האָט ער אליין גענומען טרײַבן א קאפּעלע לעצאָנעס פון זיך און פון זײַן גוואלדאָוונע פּראקטיק, וואָס ער האָט זיך דאָ אײַנגעשאפן אלס דאָקטער צווישן דער באפעלקערונג. ער, דער ציינדאָקטער, איסאַק איליטש מינדלין, איז דאָ געוואָרן אן אוניווערסאלער ספּעציאַליסט. ער איז א טעראפּעווט, אן אויגן־דאָקטער, א כירורג. עס האָט נאָר געפעלט, ער זאָל ווערן אן אקו־שאָר. איז אָט האָסטו דיר... פאָרט ער צו א געווינערן. און ווי שווער אים זאָל ניט זײַן, ווי שלעכט ער זאָל זיך אליין ניט געווען פילן, וועט ער ווי־ניט־איז דערפאָרן צו דער פרוי, וואָס נייטיקט זיך אין זײַן הילף, און זאָל עס זײַן צולאָכעס — ניט צולאָכעס, נאָר מיט גרויס פארגעניגן וועט ער בא איר נעמען דאָס נײַ־געבוירענע קינד, ער וועט עס, ווי א גרויס געווינס, אופהייבן צו דער שײַן און ווײַזן דער פאסקודנער וועלט, וואָס הייסט פאשיזם, אז זי וועט גאָרנישט ניט אויספירן, ווײַל אין לעבן איז פאראן עפּעס אזוינס, וואָס איז פיל מאָל שטארקער, ניט אין אן ערעך שטארקער פון אלע ווילדע, אומענטשלעכע פארלאנגען און שטרעבונגען, וואָס הערשן אין איר.

---

[1] מילכאָמע איז מילכאָמע, און קינדער דארפן מיר.

אין זאווישינאָ זײַנען זיי געקומען צו פאָרן פאַרטאָג. אין דאָרף איז געווען ניט גאָר רויִק, ווי עס טרעפֿט אין אַזאַ מין אָרט, ווו מע ווייסט, אַז ניט ווײַט געפינען זיך דײַטשן. באַם אַרײַנפֿאָר איז געשטאַנען אַ וואַך. מיט פּאַרטיזאַנער זײַנען געווען געפּאַקט די הײַזער. דורך די אָפּגעגאַנ־גענע פענצטער פון פראָסט האָט מען געזען, ווי שטייענדיק אָנגעטאָנענע מיט ביקסן אויף זיך, כאַפּט מען שוין פאַרפרי עפּעס איבער באַם פײַער פון פלאַקערנדיקע אויוונס, פאָרן אַרויסגיין אומבאַטן עמעצן פון די כאַווירים, וואָס געפינען זיך אויפן פּאָסט אָדער אין סעקרעט. אַרום די פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַוועט פרויען, ווי עס האָוען מאַמעס, וואָס שטייען אויף מיט די העגער, קעדיי אויסצוריכטן די קינדער אויף אַרבעט.

אין איינער אַ שטוב האָט שוין עמעצער פון די פּאַרטיזאַנער באַוויזן פאַרציִען אַ ניגון. מיט שטאַרקע שטימען האָבן די איבעריקע די ליד אונ־טערגעכאַפּט:

Ревела буря, дождь шумел,
Во мраке молнии блистали.

און פון די געזונטע שטימען, פון וועלכע עס האָבן געגומען ציטערן די שויבן, האָט די ניט זיכערע שײַן פון דער קין, וואָס האָט באַלויכטן די שטוב, דאָס זיך שטאַרקער צעבערענט און דאָס זיך גאָר גענומען לעשן...

פון אַ שכיינעסדיקער שטוב איז, קײַענדיק, אַרויסגעקומען אַ פּאַר־טיזאַנער. דערזען, ווער עס פאָרט, זיך שטאַרק דערפרייט: איסאַק איליטש האָט אים ניט לאַנג צוריק אויסגעהיילט אַ וווּנד. עס האָט זיך געוואָלט כאָטש מיט וואָס־ניט־איז אים באַדאַנקען דערפאַר.

— דאָקטער, — האָט דער פּאַרטיזאַנער געבעטן, — עפּשער וועט איר עפּעס אַ ביס טאָן. פון אײַערטוועגן וועל איך שוין ערגעץ דער־קאָזשען אַ קאָפּ...

נאָר דער דאָקטער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, כאָטש אים איז זייער אָנגענעם געווען, וואָס דער פּאַרטיזאַנער רופט אים.

זיי האָבן זיך מיט דער גאַס אַראָפּגעלאָזט באַרג־אַראָפּ, צום טאָל־

צו, ווו אלץ איז נאָך געשלאָפֿן און ווו עס איז געווען פֿינצטערלעך. עמע־צער האָט ניט ווײַט געפּאָיעט פערד פֿון א קרענעצע, צופֿײַפֿנדיק דער־בײַ, אז זיי זאָלן בעסער טרינקען, און אין אָט דער גרויער שאָ פֿון פֿריִער דערוואכונג איז שויך געווען עפּעס אזוינס, וואָס האָט זיך געלאָזט באלד פֿילן, מאמעש אָנצוטאפּן עס מיט די הענט... עפּעס אזא מין יאָדער־דיקע מונטערקײַט, אן אײַלעניש פֿארפֿרי אָנצוהייבן דעם טאָג, קאָלזמאן עס איז נאָך שטיל. דאָס האָט זיך געפֿילט סײַ אין דעם צו פֿריִיִקן רויך פֿון די קוימענס, וואָס האָט זיך געשפּרייט נידעריק בא דער ערד, סײַ אין דעם קרייען פֿון די הענער, אין דעם זיך טראָגנדיקן געזאנג פֿונ־ווײַטן:

На диком бреге Иртыша
Сидел Ермак, объятый думой...

נעמענדיק וואסער צוזאמען מיט די פּארטיזאנער פֿון איין ברונעם, האָבן ווײַבער געלאכט און געקוויטשעט... דערזען פֿאָרן א פֿור, האָבן זיי אופֿגעהערט צו שטיפֿן און גענומען זיך אײַנקוקן, ווער עס פֿאָרט.

— גוט־מאָרגן, דאָקטער, ווהין אזוי פֿרי?

— וואָס רעדט איר, דאָקטער... איר האָט, מיסטאמע, א טאָעס... בא אונדז, עמעס, איז איינע געגאנגען צו קינד. זי איז שוין אָבער אלץ איבערגעקומען...

דער דאָקטער האָט פֿאר קאס אזש אויסגעשפּיגן: צוליב וואָס, פֿרעגט זיך, האָט ער באדארפֿט זיך טרייסלען א גאנצע נאכט, טרײַבן דאָס פֿערד?

ער האָט זיך שיר ניט אויסגעזידלט דערפֿאר, וואָס ער האָט זיך גע־לאָזט אײַנריידן פֿאָרן, בייס ער זעלבסט פֿילט זיך ניט גאָר מיט אלעמען. ער האָט דאָך באשטימט זיך דורכגיין צו דער געווינערן, זען, וואָס מאכט זי. זיך דערוווּסט, ווו זי וווינט, איז ער אהין אוועק.

מיט דער געווינערן און מיטן קינד איז געווען אלץ אין אָרדענונג. דער דאָקטער האָט באשלאָסן זיך לאָזן קיין סטריִע, לאנג זיך דאָרטן ניט פֿארהאלטן און זיך אומקערן אין לאגער.

ער איז אוועקגעגאנגען צו דער פור. נאָר קיריוועןקאָן האָט ער אפן אָרט ניט געטראָפן. זײַן קאָל האָט זיך געהערט פונדערווײַטן. ער איז געשטאַנען ארומגערינגלט מיט נאָך פארטיזאנער און זיך מיט עמעצן געאַמפּערט:

— דו, דו האָסט געקעמפט, האַ?

— וואָס איז עס פאר א טומל? — האָט דער אלטער געפרעגט.

אין דעם אויגנבליק האָט זיך דער שווײַגנדיק־בייזלעכער קיריוועג־קאָ אויסגעדרייט, גלײַך דעם דאָקטערס צוקומען וואָלט צוגעגאָסן בוימל צום פײַער, און ער האָט זיך א וואָרף געגעבן אף איינעם א פאר־טיזאנער אין א שווארצן געוואנטענעם פּאָליציייִשן שינעל מיט פּאָרטופּיי־רימענס איבער דער ברוסט. דער צווייטער האָט זיך געכאַפּט פארן פּיסטאָלעט.

— פארוואָס ביסטו אף אים אָנגעפאלן? — האָט דער דאָקטער גע־פרעגט קיריוועןקאָן.

— זאָל ער מיר ניט אופּוואַרפן...

— וואָס האָט ער דיר אופגעוואָרפן?

— איך זאָג נאָכאמאָל: זאָל ער זיך ניט זוכן קיין ווארעמע ערטע־לעך...

— איך זוך, הייסט עס, ווארעמע ערטעלעך? — טוט מיט קיריוועג־קאָן ווידער א שלײַדער.

דער דאָקטער שלעפּט אים מיט גוואַלד אָפּ.

ווען זיי האָבן זיך געזעצט אינעם שליטן און זײַנען ארויסגעפאָרן צום וועג, וואָס האָט געפירט אף סטריזש, האָט דער דאָקטער זיך אָנ־גערופן:

— נו ביסטו א היציקער... שוין זשע מעג מען אזוי?

קיריוועןקאָ האָט זיך ניט אָפּגערופן. א כמורנער און בייזער איז ער געזעסן צום אלטן מיטן רוקן און געקוקט אין דער ווײַט...

## 3

מע איז געפֿאָרן שווײַגנדיקע. איסאַק איליטש איז געווען פֿאַרטראַכט און באַרויִגעזלעד. טראַכטנדיק וועגן דעם דערפֿל, וווּהין זיי זײַנען געפֿאָרן, האָט זיך דער דאָקטער דערמאָנט אין דעם, ווי אַנומלטן, בײַס ער איז דאָרטן געווען מיטן קאָמיסאַר, האָט אָט דאָס דערפֿל צום ווײַפֿלטן מאָל באַנײַס געברענט, אַן אָנגעצונדנס פֿון אַעראָפּלאַנען. אַרויספֿאָרנדיק איצט פֿון הינטער די פּריש־פֿאַרשנייטע קוסטעס, וועלכע האָבן פֿאַרשטעלט דעם וועג, און זיך מעשאַער זײַענדיק, אַז ערגעץ דאָ באַדאַרף שוין זײַן דאָס דערפֿל, האָט דער דאָקטער זיך אַ ביסל אונטערגעהויבן פֿון זײַן אָרט און גענומען זוכן מיט די אויגן... ער האָט דאָך גאָרנישט ניט דערזען. נאָר אָט האָבן אינעם רויכל פֿונעם דערוואַכנדיקן פֿרימאָרגן אַ פֿינקל געגעבן עטלעכע שײַבלעך. ער האָט דערזען שטיין צעוואָרפֿן, ווײַט איינע פֿון דער אַנדערער, עטלעכע כאַטקעס. אַ צערײַעטע און צעגראָבענע, אין בערגלעך פֿון ערד־שטיבלעך, איז דאָס דערפֿל ווי אויסגעוואַקסן טכיִעס־האַמייסים פֿון אונטער דער ערד צוזאַמען מיט די מענטשן, וועלכע האָבן געהאַוועט אַרום.

באַם סאַמע אַרײַנפֿאָר, בײַ אַ ניט דערבויט ערד־שטיבל, ווו אַן אַלטיטשקער אין אַ פּעלצל מיט פּוישטן האָט אַראָפּגעשאַרט מיט אַ האַק דעם דיקן שיכט שניי פֿון אַ האַלב־אַרומגעטעסעטער בערוועניע, האָבן זיי אָפּגעשטעלט די פֿור.

— גאָט־העלף, אַלטער, — האָט זיך דער דאָקטער באַגריסט מיטן באַקאַנטן פֿויער, — וואָס האָרעוועסטו עפּעס אַליין? און ווו איז דײַן בענאָק? מישקע?

דער אַלטער האָט אַראָפּגענומען פֿאַרן דאָקטער דאָס ווינטערדיקע היטל מיט קליאַפּן, באַווײַזנדיק דעם פּוך אַרום גלאַנציק־גלאַטן שאַרבן, אַ וויש געגעבן די נאָז:

— מײַן מישקע? ער איז דאָרטן, ווו אַלע מישקעס... דער קאָמיסאַר האָט מיר געהאַט צוגעזאָגט אים צו שיקן אַף עטלעכע טעג העלפֿן ענדיקן די זעמליאַנקע, נאָר ער האָט, קאָנטיק, פֿאַרגעסן. גענוג דײַגעס

האָט ער מיסטאמע כוץ דעם. אָט האָט דער נעמטשורע ווידער א שפּאר געטאָן. ער קער זיך שוין דאָרטן ערגעץ־ווו שלאָגן, מײַן מישקע...

— און וואָס מאכט די אַלטע דײַנע?

— וואָס זאָל זי מאכן? קראנק איז די אַלטע... ליגט דורכן טאָג און קרעכצט...

— ווו איז זי? לאָמיר. זי א קוק טאָן.

— אײַ, ניין, דאָקטער, מע דארף ניט. צוליב וואָס?

— וואָס הייסט צוליב וואָס? איך וועל איר געבן א רעפוע, וועט איר גרינגער ווערן.

— ניין. מע דארף ניט... כ׳ווייס, מע זאָגט: ביסט א גוטער דאָקטער, נאָר גיי הייב זיך איצטער אָן היילן. זאָל זי זיך שוין ווי־ניט־איז איבער־ליגן...

— ווילסט, הייסט עס, ניט? נו, איז ווי דו ווילסט זיך. ווייסט ניט, דער קאָמענדאנט איז אין דער היים?

— כ׳ווייס ניט.

— און ווער איז בא אײַך קראנק, ווייסטו אויך ניט?

ניין, ער ווייסט ניט.

— עך, זיידע, זיידע, — האָט איסאַק איליטש א דריי געגעבן מיטן קאָפּ, — לעבסט מיט שכיינים זײַט־בא־זײַט יאָרן און ווייסט ניט, ווער פון זיי איז געזונט און ווער קראנק...

— מענטש דו איינער, — האָט דער אַלטער אָנגעקוקט דעם דאָק־טער מיט א זײַטיקן בליק, אופהערנדיק א ווײַלע צו ארבעטן. — ווערסט זיך אָנהייבן צוהערן צו דעם, וואָס יעדער קרעכצט, וועט דיר ניט ניכע ווערן דאָס לעבן. — און ער גיט א זיפץ. — ארום ·זײַנען פּארטיזאנער... מע וואַלט, דוכט זיך, געקאָנט רויִק לעבן. ערשט ניין. פּליט מען דיר אָן, ווי די רוכעס, מיט אעראָפּלאנען, און מע סארפעט און מע ברענט. — ער האָט געמאכט א האפּסאָקע אינעם ריידן און דורכגעפירט מיט צוויי פינגער איבער דער שארף פון האק, ווידער אופגעהויבן די אויגן אפן דאָקטער. — גיי ארײַן, אָן־אָ, ווו די אָפּגעברענטע ווערבע שטייט... ער, מארדאס אלייך, האָסט אים געוויס געקענט, א פּארטיזאנער פון אײַער

אָטריאַד, איז דערהאַרגעט געוואָרן אַנומלטן, בייס אַן אָפּעראַציע. זי איז געבליבן מיט צוויי קינדער... ס׳האָט איר נאָר געפעלט קרענק. איז אָט, זײַ איצט אַ בעריע און טרײַב אַרויס די קרענק, אַז זי כאַפּט זיך אַרײַן...

— נישקאָשע, כ׳וועל זי אַרויסטרײַבן.

— נו, נו, פּרוּוו. מע זאָגט: אַ דאָקטער ביסטו אַ גוטער.

— אָן דאָרטן, זאָגסטו, וווינט זי?

— קאָנסט דורכגיין גלײַך, איבערן טײַכל. דאָס אײַז האַלט שוין אויס.

— גוט, איך וועל שוין ווי־ניט־איז דורכגיין. — און דער דאָקטער האָט זיך געלאָזט גיין.

אינעם אָנגעוויזענעם ערד־שטיבל האָבן געפירט עטלעכע טרעפּלעך. באַ די טרעפּלעך — שפּורן פון באָרוועסע קינדערשע פיסלעך אַפן שניי. די דאָזיקע שפּורן האָבן אַרײַנגעבראַכט דעם דאָקטער אין קאַס: אָט טײַוואָלאָנים! אין אַזאַ מין קעלט לויפט מען זיך אום באָרוועס אין דרויסן. ער האָט אַ שטופּ געגעבן די טיר און טייקעף דערפילט אַ פּײַכטן רייעך פון ערד. אין שטיבל איז געווען וואַרעם. אין ווינקל אַף דער נאַרע איז געלעגן אַ פרוי איבערגעדעקט מיט אַ פּעלץ. נאָר אַרײַנקומענדיק פון ליכטיקן דרויסן, האָט ער זי ניט באַלד דערזען. ענדלעך האָט ער זיך עטוואָס צוגעוווינט צו דער טונקלקײַט און באַ דער שײַן פונעם אייב־ציקן שמאָלן שײַבל, וואָס איבער דער טיר, דערזען, אַז אַף אים קוקן אַרויס צוויי פּאָר אייגלעך: עס קוקט אַ מיידעלע פון אַ יאָר פערצן מיט דינע צעפּלעך, אָנגעטאָן אין דער מוטערס קאָפּטל מיט צו לאַנגע אַרבל, און אַ ברעקל קינד פון אַ יאָר צוויי־דרײַ, וואָס זי האַלט אַף די הענט. אַרומגענומען פעסט דאָס מיידעלע פאַרן האַלדז, זיצט דאָס קינד באַ איר אַף די הענט און קוקט אים נאָך, דעם דאָקטער, וועלכער האָט זיך גענומען צעלייגן ווי באַ זיך אין דער היים, האָט אויסגעטאָן פון זיך דאָס קובאַנקעלע, אַראָפּגענומען די טאַש און, רײַבנדיק די הענט, גאַנץ בייז־לעך געפרעגט באַם מיידעלע מיט די דאַרע צעפּלעך:

— דאָס ביסטו דאָרטן אַרויסגעשפּרונגען אַ באָרוועסע אין דרויסן? זווילסט קראַנק ווערן, האַ?

— ניין, דאָקטער. דאָס האָב איך געוואָלט... — האָט דאָס מיידעלע אָנגעהויבן שטאַמלען.

קרעכצנדיק האָט זיך די פרוי אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט.

— הער נאָר דו, שיינהייט מײַנע, — האָט זיך צו איר געווענדט דער דאָקטער, ווי זײַן שטייגער איז, ווען ער קומט אַרײַן צו אַ כוילע. — וואָס איז עס פאַר אַ קרענקען אין מיצקעדרינגען? האָסט מער קיין אַרבעט ניט, וואָס?

צו דער פרוי, זעט אויס, איז דאָך קנאַפּ־וואָס דערגאַנגען פון זײַנע רייד. זי האָט עפּעס געמורמלט פאַר גרויס היץ, אַרויסוואַרפנדיק אַ האַנט פון אונטער דעם פּעלץ, און דער דאָקטער האָט זיך אָנגעכמורעט: „אָט האָסטו דיר... מיט צוויי קינדער איבערגעבליבן אין אַזאַ מין צײַט"...

— שוין לאַנג איז די מאַמע קראַנק? — האָט ער געפרעגט דאָס מיידעלע, אַרויסנעמענדיק פון דער טאַש זײַן דאָקטער־טרײַבל און עס אָנגעוואַרעמט מיטן הויך פון זײַן מויל.

— נעכטן האָט זי נאָך געערעדט, געבעטן טרינקען, און הײַנט ליגט זי ווי אַ פלאַכע און ברענט. — און דאָס מיידעלע האָט זיך צעוויינט. — אין דאָרף איז אומרויִק. טאָמער טרעפט עפּעס... איז וואָס וועל איך מיט איר טאָן?

דער דאָקטער האָט געהאַלטן אין אַרײַנשטעקן אין די אויערן מיט ביידע הענט די גומענע רערלעך פונעם שטיקל דאָקטער־געצײַג. ער האָט געוואָלט אויסהערן דעם כוילע. דאָס געוויין פונעם מיידעלע האָט אים אָבער געשטערט, ער האָט אויף איר גאַנץ בייזלעך אַ בליק געגעבן פון אַ זײַט.

— און דו וויין ניט, — האָט ער אויף איר אָנגעשריִען, — וואָס ביסטו עפּעס אַ קליינינקע? האָסט געדאַרפט אַרײַנגיין צו אײַער קאָמענדאַנט פון דאָרף און דערציילן אים, אין וואָס פאַר אַ לאַגע דו ביסט.

ער איז א מענטש ניט קיין שלעכטער. אָט־אָ האָט ער דאָך מיך ספּעציעל אַרויסגערופן אַהער צוליב דײַן מאַמען...

— דאָס איז אײַער קאָמיסאַר געווען דאָ יענע וואָך, האָט ער אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אַף אונדז אַכטונג געבן... פאַר מיר אין די אויגן האָט ער אים אָנגעזאָגט...

— נו, איז וואָס האָסטו צו וויינען?

— דער קאָמענדאַנט איז אָבער איצטער ניטאָ אין דער היים. ער איז נעכטן וועהין אוועקגעפאָרן און איז אַלץ ניטאָ.

— וועט ער קומען. האָסט ניט וואָס צו וויינען.

דער דאָקטער האָט אויסגעדרייט די פּרוי מיטן רוקן צו זיך און זי גענומען באַטראַכטן. ער האָט צונויפגעלייגט זײַן געצײַג, אײַנגעלייגט צוריק אין טאַש און זיך גענומען קלײַבן אין וועג אַרײַן. דאָס מיידעלע האָט פון אים די אויגן ניט אַראָפּגענומען.

— איז אָט וואָס, טאָכטער, — האָט ער זיך געווענדט צו איר, — דײַן מאַמע דאַרף זיך א ביסל איבערליגן. מילך א ביסל האָסטו?

— דערווײַל איז נאָך פאַראַן. איך באַקום א האַלבן ליטער יעדן טאָג בא א שכיינע. אי דאָס אויך אַדאַנק אײַער קאָמיסאַר. א שלעכטע איז זי... ווען ניט דער קאָמיסאַר, וואָלט זי קיינמאָל ניט געגעבן, אַז מע זאָל אַפילו שטאַרבן אונטער אירע הענט. וואָס רעדט נאָך אָן געלט.

— לאַדנאָ, לאַדנאָ, — האָט דער דאָקטער ניט צופרידן א זאָג געטאָן, — א צינגעלע האָסטו... גלין־גלאָן, גלין־גלאָן, ווי א גלעקעלע. וואָלסט נאָר אָנגערעדט אַף יענעם.

— אַז איך זאָג, מיסטאָמע ווייס איך.

— א סאַך זאַכן ווייסטו! דו זע בעסער זאָלסט אַכטונג געבן אַף דער מאַמען. נאַ, וועסט איר געבן פּראָשקעס... און מילך וואַרעמע גיב איר. באַם קאָמענדאַנט וועל איך זײַן. כ׳וועל מיט אים א רעד טאָן וועגן אײַך. אַזוי, אַז וויינען האָסטו ניט וואָס. — און דער דאָקטער האָט פאַרלאָזט דאָס ערד־שטיבל.

ער איז אוועקגעגאַנגען איבערן דאָרף אין דער באַגלייטונג פון

קיריוועונקאָן, ער איז געגאנגען פון שטוב צו שטוב, קעדיי זיך דערוויסן, ווער נאָך איז עפּשער קראַנק און נייטיקט זיך אין זײַן הילף...

אזוי אומגייענדיק, האָט ער אָנגעטראָפן אפן פויער, בא וועמען עס איז אײַנגעשטאנען דער קאָמענדאנט. דער פויער איז געווען אין א פאר־לאטעטן פעלץ און אין שטריקענע לאפּטיעס. ער האָט געטראָגן אף א קאָראָמיסל וואסער פון קרענעצע. ער האָט אויך באַשטעטיקט, אז דער קאָמענדאנט איז אין דאָרף ניטאָ.

— עפּעס איז ער ווײַט אוועקגעפאָרן?

— ווער ווייסט אים? עפּשער ווײַט, און עפּשער ניט ווײַט. — און ווי ער טראָגט אף זיך די צוויי שווערע עמער וואסער, טוט דער פויער א ווונק צום גאָרטן, ווו עס הייצט זיך בא אים דאָס בעדל: — דאָקטער, ס'איז ניט קיין בעדל, נאָר א שטיק געזונט, און א בעריאָזעווע בעזעמל איז אויך פאראן...

דער דאָקטער קנייטשט זיך: ניטאָ קיין צײַט...

— אבי זאָל נאָר זײַן כיישעק, — שמייכלט דער פויער, — וועט שוין צײַט קלעקן. בעסערס, ווי א הייס בעדל, כ'לעבן, דאַרף מען גאָר־ניט. און דערווײַל וועט עפּשער דער קאָמענדאנט קומען.

דער דאָקטער האָט געוואָרפן א בליק אף קיריוועונקאָן, ווי איינער מיינט: וואָס זאָגסטו? יענער האָט שוין פאר דער צײַט באוויזן צובינדן דאָס פערד און ברענגען דעם א ביסל היי. זיך נאָך אלץ קווענקלענדיק, האָט זיך דער דאָקטער געלאָזט גיין צום בעדל.

מיט א צעשפּיליעטן פעלץ פון אויבן ביז אראָפּ איז דער פויער דער ערשטער ארײַנגעקומען אין בעדל און האָט אויסגעגאָסן ביידע עמער וואסער אין פעסל. ווי אליין פון זיך האָט זיך דער פעלץ אראָפּ־געגליטשט פון זײַנע פּלייצעס. און פאר גרויס האנאָע, וואָס אָט באלד וועט ער זיך אָנהייבן פּארען, האָט ער גענומען גלעטן מיט זײַנע לאנגע הענט דעם דארן גוף.

— אנו, דאָקטער! — האָט ער גענומען אונטערהיצן איסאַק איליטשן, ווען יענער האָט זיך אָנגעהויבן אויסטאָן. — איך וועל אײַך מעכאבעד זײַן מיט א בעדל, וואָס איר וועט אין אײַער לעבן קיינמאָל ניט

פארגעסן. דאָס בעדל וואַשט, דאָס בעדל בריט, דאָס בעדל דאָס געזונט פארהיט... ניט קיין באָד, זאָג איך אײַך, נאָר א שטיק גאנײדן. א רעפּוּע צו אַלע קרענק. א קאַפּאַרע די גאנצע מעדיצין. נאָך אַזאַ וועט איר אין דאַרף ניט אָפּזוכן. אַף מיר אַזאַ יאָר.

4

נאָך זיצנדיק אַפן ביסל שטרוי אינעם רויכיקן פירהײַזל און אויס־טוענדיק די שטיוול, האָט דער דאָקטער דערהערט א נאָענטע שיסערײַ. ניט געקוקט אַף דעם, איז ער דאָך ארײַנגעקומען אינעם ענגן בעדל, ווו דאָס איינציקע לופטשיקל אין די בערווענעס פון דער וואַנט איז געווען פארשטעקט מיט שטרוי און דעריבער אַזוי שטאַרק פינצטער, כאָטש שטעך זיך אויס די אויגן. פון דער גרויסער היץ האָט אים אַזש א ברען געגעבן דער מויעך.

— אוף־ף־ף, — האָט זיך קעגן זײַן ווילן פון אים אַרויסגעריסן א מין טיפער קרעכץ, און ער האָט גענומען אָפּגיין מיט טײַכן שווייס, גלײַך דאָס גאנצע לײַב זײַנס וואָלט זיך אים געהאַט צעעפנט און מיטן שווייס געוואָלט אַראָפּשווענקען אַלץ, וואָס איז אים געלעגן שווערס אַפן האַרצן.

גיכער דערפילט, ווי ער וואָלט דערזען, ווו איז די באַנק, אַף וועל־כער עס האָט זיך געבעזעמט דער פויער מיט קיריוועינקאָן, פאַרשפרייטנ־דיק ארום זיך א רייעך פון צעפּארעטע בעזעם־בלעטער, האָט דער דאָק־טער, זיך האַלטנדיק נידעריק באַם פּאָל, גענומען שרײַען צום באַלעבאָס, זוי איינער, וואָס וויל שוין עפּעס פארשרײַען אין זיך:

— וואָס הערט זיך בא אײַך? יאָ, יאָ, אין דאַרף. שטיל דערווײַלע?

און דאָ טאַקע אַפן אָרט, בייסן אַרויסברענגען די עטלעכע ווערטער פון מויל, דערפילט: ניין. דערמיט פאַרענדיקט זיך נאָך ניט דאָס מאָל זײַן רײַזע אהער... עפּעס דערוואַרט זיי דאָ. עפּעס דאַרף אָט־אָט געשען. ער ווייסט גאָר ניט, צי זיי וועלן שוין אפילע באַווײַזן זיך אויסצווואַשן.

און עס איז אים באַלד געקומען פאַר די אויגן די קראַנקע פרוי מיט די צוויי קינדער: טאָמער עפּעס, וואָס וועט זײַן מיט זיי?

— דערווײַל איז שטיל, — האָט אויך אַזוי שרײַענדיק, ווי אַ טויבער, יענער אָפּגעענטפערט, אָפּבריִענדיק אים פון אויבן מיט פײַערדיקע שפּריצן פון זײַן בעזעמל, מיט וועלכן ער האָט זיך אַליין געשמאַק געשמיסן. — אײַ, וואָס מאָרגן וועט זײַן, ווייסט איין גאָט... לאָמיך, טראַכט איך, מאַכן ביז וואָס־ווען אַ בעדל און זיך דערווײַל כאָטש אויסוואַשן... האַ, האַ... אײַ אַ היץ! מע זאָגט, דער נעמטשורע שפּאַרט אַהער...

— ווו וועט ער דאָ דורכגיין? — האָט קיריווענקאָ גאָר ניט געוואָלט לײַדן אַזוינע רייד, ליגנדיק אויסגעצויגן, ווי אַ פּאָרעץ, אין דער הייך אַף דער באַנק מיט אַ פוס אַרײַנגעשפּאַרט אין דער וואַנט.

— גיב גאָט... גיב גאָט... — איז דער פויער ניט געווען קעגן, און ער האָט ערגעץ־ווו גאָר נאָענט באַם דאָקטערס נאָז אַרויסרופעריש גענומען קלינגען מיטן זודיקן בעזעמל, פאַרנאַרן אים אין דער הייך צו זיך.

נאָר איצט האָט דער דאָקטער ווידער דערהערט אַ שיסערײַ, און צי פון דער שטיקנדיקער היץ אָדער פון דעם שווערן פּאַרגעפּיל, אַז עפּעס דאַרף דאָ מיט זיי געשען, איז אים געוואָרן ניט גוט אַפן האַרצן. ער איז אַרויסגעגאַנגען אינעם פּירהײַזל. „ניין, דערמיט ענדיקט זיך נאָך ניט", — האָט ער אַפּסנײַ און שוין איצט פעסט באַשלאָסן, שטייענדיק אַ נאַקעטער אַפן שוועל פונעם פּירהויז, אַף דורך־און־דורך אַ דורכגעבלאָזענער פון דער קילער לופט.

בלענדנדיק מיט פרישן שניי איבער די בערגלעך פון די ערד־שטיבלעך, איז דאָס דערפל זיך אַ רויִקס און שטילס געלעגן צעשפּרייט פאַר די אויגן. אַ פויערטע האָט ניט געײַלט געפירט אַ פורל האָלץ פון וואַלד, אָט־אָ איז, רײַטנדיק אַף אַ פערד, צוגעפאָרן צו איר אַ פויער און זיך אָפּגעשטעלט ריידן.

דער דאָקטער האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די אַקסל. זאָל זיך אים גאָר אָפּדוכטן די שיסערײַ? און ס'האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס פעלט

אים די רויִקײַט, מיט וועלכער דער פויער מיט קיריוועגקאָן קוויקן זיך אין דער פֿאַרנינע פֿון בעדל. איז עס ניט קיין באַווײַז, אז ער איז ביכ־לאָל ניט אזוי יונג... יאָ, דער טויט פונעם קאָמיסאר האָט אים אינגאנצן צערודערט. דער קאָמיסאר איז ניט געוואָרן, איז פּוסט געוואָרן ניט נאָר אין דער זעמליאנקע, נאָר אויך אין זײַן הארצן...

עס האָט ווידער אופגעלעבט א שיסערײַ. איצט שוין א היפּש שטארקערע, ווי פריִער. עס איז אָן סאָפעק ערגעץ דערבײַ פאָרגעקומען א שלאכט. ניט ווילנדיק האָט זיך דער דאָקטער ווידער דערמאָנט אין דער קראנקער פרוי מיט די קינדער.

אף א בערגל פון איינעם אן ערד־שטיבל איז פלוצעם אויסגעוואקסן א מענטש און גענומען קוקן אין דער ריכטונג פון שאָסיי־וועג, פונוואַ־נען די שיסערײַ האָט זיך געטראָגן. באלד איז דער מענטש שנעל אראָפּ־געפלויגן פונעם בערגל און זיך ווידער באוויזן אין גאס, ווו עס האָבן זיך געזען א ריי פורן מיט בעבעכעס און קינדער, מיט בעהיימעס צוגעבונדן צו די שליטנס. אלע האָבן זיך גערירט פונעם אָרט און זײַנען אוועקגע־פאָרן אין דער פארקערטער זײַט פון דער שיסערײַ.

באמיִענדיק זיך ניט מאכן קיין טומל, איז דער דאָקטער ארײַנגעקו־מען אין בעדל און האָט א רוף געגעבן קיריוועגקאָן.

ווען זיי זײַנען אָנגעטאָנענע ארויסגעגאנגען פון דאָרטן און צוגעקו־מען צום שליטן, האָט זיך א גאנצע וואלקע מיט פורן, אף וועלכע עס זײַנען געפאָרן פארטיזאנער, זיך דורכגעטראָגן דורכן דאָרף און פאר־שוווּנדן אין דער זײַט, פונוואנען עס האָט זיך געשטארקט די שיסערײַ. אף אייניקע פון די שליטנס זײַנען גרייט געשטאנען שווערע קוילנווארפערס. די פארטיזאנער זײַנען געפלויגן, ראשיק אָנטרײַבנדיק די פערד.

מיטאמאָל איז אנטקעגן דעם אוילעם, וואָס האָט זיך געלאָזט פון דאָרף מיט קליינע קינדער אף די הענט און מיט קלומקעס אף זיך, אָנ־געקומען א רײַטער און האָט גענומען פאָכען מיט דער האנט. ווײַזן, אז מע זאָל פאָרן צוריק. ווײַזט אויס, ערגעץ דאָרטן איז שוין געווען דער דײַטש. דער אוילעם האָט א שפּאר געגעבן אף צוריק...

עס איז נייטיק געווען וואָס שנעלער אוועקפאָרן פון דאָרף, זיך באַצײַטנס דערקלײַבן צום לאַגער, קאָלזמאַן דאָס איז נאָך מעגלעך געווען. נאָר אָנשטאָט דעם האָט דער דאָקטער באַפוילן קיריווענקאָן פאַרקערעווען צו דעם ערד־שטיבל, ווו עס האָט זיך געפונען די קראַנקע מיט די קינדער...

אינצווייען האָבן זיי אַרויסגעטראָגן די קראַנקע און זי אַרופגעלייגט אַפן שליטן, אַרופגעלייגט אויך אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט נעמען פון בעבעכעס; אײַנגעוויקלט דאָס ברעקל קינד אין עפּעס אַ בעגעד, האָבן זיי עס אַ זעץ געגעבן אַפן שליטן...

דערזען דעם דאָקטער זיך אײַסעקן מיט דער קראַנקער, גיבן זיך אַלע אַ לאָז צו אים, גלײַך ער וואָלט זיי דאָ געקאָנט מיט וואָס העלפן. ווער עס וואַרפט אַרוף אַפן שליטן אַ פּעקל, און ווער — אַ קינד... דער דאָקטער הייבט אָן אַלעמען צו באַרויִקן:

— נאָר אָן פּאַניקע... כ׳האָב נאָך ניט געזען, אַז מע זאָל מיט טומל עפּעס קענען אופטאָן...

אייניקע פאָלגן אים ניט, זיי לויפן ווײַטער צעפּאָלאָכעטע. אַ טייל בלײַבט דאָך שטיין.

— דאָקטער, — זאָגט קיריווענקאָ, און זײַנע נאָז־פליגלען ווערן אופגעבלאָזן פאַר אומרו, — אויב פאָרן אין לאַגער, דאַרף מען שוין...

נאָר דער דאָקטער האָט אים שוין ניט געהערט. ער האָט אופגע־הויבן אַ האַנט און גענומען רופן די מענטשן, וואָס זײַנען געלאָפן אין בעהאָלע, אַז זיי זאָלן זיך לאָזן צום וואַלד:

— אַלע נאָך מיר!

ער האָט געפילט, אַז ער איז דאָ דער אייציקער פאָרשטייער פון דער מאַכט און אַז אַף אים ליגט דער כויוו אוועקפירן נאָך זיך די אַלע צעפּאָלאָכעטע מענטשן.

קיריווענקאָ האָט אים גענומען העלפן. ער האָט אויך גענומען שרײַען צו די מענטשן און מאַכן צו זיי מיט דער האַנט:

— אהער! אהער!

איבערן דאָרף האָבן אָנגעהויבן שיסן הארמאטן. ניט ווײַט האָט זיך צעריסן א סנאריאד. עס האָט זיך אופגעהויבן א זײַל מיט ערד און רויך, פארשטעלנדיק אַף א רגע די שײַן... אין דעם עק דאָרף, ווו נאָך פריִער מיט עטלעכע ווײַלעס האָט זיך דער דאָקטער געוואשן אין בעדל, האָט זיך עפּעס אָנגעצונדן און גענומען בר̇ענען...

## 5

ווען דער אוילעם האָט זיך דערקליבן צום וואלד, ווּהין די שי־סערײַ האָט זיך טויב דערטראָגן, האָט דער דאָקטער באפוילן בלײַבן שטיין און צעלייגן א שײַטער.

— ניטשעוואָ... ניטשעוואָ... — האָט ער אונטערגעמונטערט די קינדער, שטופּנדיק זיי נעענטער צום פײַער. — פאלט בא זיך ניט אראָפּ, קינדערלעך...

איינס א מיידעלע האָט זיך צעווײנט: זי וויל טרינקען.

— אָט דאָס גאָר! — האָט ער זיך דערפרייט. — וואָלסט לעכאט־כילע געזאָגט, וואָס דו ווילסט, כאכאָמע מײַנע, — און ער האָט זיך גע־ווענדט צו קיריווענקאָן, — זע נאָר גיב אכטונג, אז עס זאָל גוט ברענען דאָס פײַער, און איר, ווײַבעלעך, שלעפּט אהער טרוקענע צווײַגן. וואָס־וואָס, נאָר קיין האָלץ דארפן מיר ניט גיין קויפן... נעמט ארויס פון די קלומקעס ווער עס האָט עפּעס א קיילע. א קעסעלע פארמאָגט ווער? פאראן? נו, איז גלענצנד. קיריוועקאָ, זיד אוף וואסער. סאכארין איז בא אונדז פאראן. וועלן מיר באלד מאכן א גלעזל טיי און זיך דערוואַ־רעמען...

קיריוועקאָ האָט דעם דאָקטער גאָרנישט ניט געענטפערט. ער איז ווידער פול געוואָרן מיט יענער בייזער צעטראָגנקײַט, וואָס האָט אין אים אָנגעהאלטן דעם גאנצן וועג, זינט ער איז ארויסגעפאָרן פון לאגער. פריִער, ווען עס איז געוואָרן דער טומל און ער האָט דערזען לויפן דעם דאָקטער פון דאָרף און רופן נאָך זיך אין וואלד די פארלוירענע מענטשן,

האָט אויך אין אים געהאַט עפּעס א ברען געטאָן און ער האָט פאַרגעסן אַלע אוולעס. ער איז מיטגעשלעפּט געוואָרן מיט אַלעמען גלייך. איצ־טער אָבער, בייס ווייטער טאָן איז ניט געווען וואָס, און געפילט האָט זיך, אַז די שלאַכט האָט זיך דערווייטערט פונדאַנען, האָט זיך צו אים אומגעקערט די פריערדיקע ערגערניש. ער האָט ניט געקאָנט קוקן, וויאַזוי דער אַלטער מאַכט זיך פאַר א לעץ, קעדיי אונטערמונטערן די פרויען און קינדער און ארויסרופן א פריילעכע מינע אף זייערע פּנימ־ער, כאָטש ער אַליין, ווייסט קיריוועונקאָ, פילט זיך ניט מיט אַלעמען. גיי דערצייל דער „מעדיצין", אַז עס זיצט זיך אים ניט איין, אַז ווען ער וועט זיך אומקערן אין אָטריאַד און כעווריע וועט זיך אָנהייבן באַרימען פאַר אים: „אָט איז געווען א שלאַכט", וועט ער געצוווּנגען זיין אָנעמען א פול מויל מיט וואַסער, ער וועט זיי ניט האָבן וואָס צו ענטפערן... וואָס וועט ער קאָנען זיי דערציילן, אַז ער האָט צוזאַמען מיט דעם דאָקטער געניאַנטשעט קינדער?

קיריוועונקאָ האָט זיך שטאַרק דערפרייט, ווען דער דאָקטער האָט אים דערלויבט זיך דורכגיין אין אויסשפּיר און זיך דערוויסן, ווי לאַנג קאָן זיי נאָך אויסקומען צו שטעקן אין וואַלד...

— נו, וואָס? — האָט דער דאָקטער געפרעגט, ווען קיריוועונקאָ האָט זיך אומגעקערט.

— מע שיסט נאָך אונטער, — האָט מיט א זויערער מינע געענט־פערט דער באָכער.

— נישקאָשע, צו דער נאַכט וועט מען, מיסטאַמע, שוין עפּעס וויסן א טאָלק...

— ווער ווייסט...

— נו, מיילע... ניט, איז ניט... וועלן מיר דאָ נאָך א ביסל זיצן...

קיריוועונקאָ האָט מיט סינע א בליק געגעבן אפן דאָקטער, ווי אף דעם שולדיקן פון אַלעם בייזן. ניט קענענדיק איינזיצן, האָט ער גע־בראַכט צו טראָגן א ניי בינטל צווייגן און מיט א קנאַקעריי גענומען ברעכן אף דער קני, ברעכן און לייגן אין פייער...

די ארבעט איז אים אָבער גיך דערעסן. סאָפּקאָלסאָף האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און געזאָגט צום דאָקטער:

— וואָס זאָל איך דאָ זיצן? מײַן אָרט איז אין שלאַכט... מיט אַלע־מען...

— נו, און מײַן אָרט ווו איז? — האָט דער דאָקטער איבערגע־פרעגט גאַנץ ערנסט און אומעטיקלעך א ביסל. — מיך, הייסט עס, דאַרף מען דאָרטן ניט?

— אײַער זאַך איז גאָר אַנדערש. איר זײַט א דאָקטער. אַלע אונד־זערע יאַטן זײַנען דאָרט, און איך דאַרף זיך וואָדזגען מיט קלײנוואַרג...

דער דאָקטער האָט באַקומען א האַלב־ערנסט און שמייכלענדיק פּאָנעם.

— הייסט עס, אַזוי ווילסטו טאַקע... איך זאָל דיך אָפּלאָזן און דער־נאָך אַליין אויך אַוועקפאָרן, און זיי דאָ, די קראַנקע מיט די קינדער, איבערלאָזן אין וואַלד אף העפקער? נו, זאָג דו אַליין, וואָלט דער קאָ־מיסאַר, ווען ער איז דאָ, איבערגעלאָזט אַליין דאָ אַלעמען?

דעם דאָקטערס דינע ליפּן האָבן גענומען ציטערן. ער האָט א שאַר געגעבן אף הינטן די טאַש:

— נו, וואָס? מיר וועלן שוין ווי־ניט־איז אויסקומען אָן דיר. גיי, גיי, אַז עס האָט דיך אָנגעשפּאַרט, — און ארײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסל: דעם דאָקטער האָט גענומען טרייסלען.

קיריוועקאָ האָט דערפילט, אַז ער איז ניט גערעכט, אַז אומזיסט און אומנישט קאַסט ער זיך אף אָט דעם אַלטן מענטשן, וועלכער ניי־טיקט זיך אַליין, אַז מע זאָל ארום אים ארומגיין, וועלכן עס וואָלט איצט קלאָל ניט געשאַט ארופקריכן ערגעץ אף א הייסן אויוון און זיך עטוואָס דערוואַרעמען, אויסטרינקען עפּעס זודיקס און ניט זיצן דאָ אין וואַלד אפן פראָסט מיט ווײַבער און קינדער.

— וואָס, עפּשער אופזידן נאָך אָקרעפּ? — האָט ער זיך געווענדט צום דאָקטער נאָך דעם, ווי ער איז א ביסל געזעסן א שווײַגנדיקער. ער האָט שנעל אָנגענומען א פול קעסעלע מיט שניי און האָט עס אופגע־האַנגען איבערן פײַער.

א גאנצע נאכט זײַנען אלע געזעסן באם שײַטער. צו פארטאָג־צו האָט אָנגעהויבן שטעפּן א קוילנווארפער, אָבער שוין ווײַט. עס איז קלאָר געוואָרן, אז דער סוינע איז אָפּגעטראָטן. אלע האָבן זיך אוועקגעלאָזט צוריק אהיים...

און אָט איז דער דאָקטער מיט קיריוועגקאָן ווידער צוגעפאָרן צום עק דאָרף, ווו נעכטן האָבן זיי געזען ארבעטן דעם באקאנטן אלטן. אין דעם ניט־דערבויטן ערד־שטיבל האָט געטראָפן א סנאַריאַד און אלץ צעוואָרפן און צעשלײַדערט. און פונקט אזוי, ווי נעכטן, האָט דאָ ווידער געהאָוועט דער אלטער אקשן. אָן אויסגעשמירטער אין סאזשע און אין ערד, האָט ער ארויסגענומען פון אונטער דער כורווע ווו נאָר עפּעס א רעכטע בערווענע און אָפּגעשלעפּט זי אין א זײַט... אָפּגעשטעלט דאָס פערד, איז דער דאָקטער צוגעקומען צום אלטן פויער און אים פרײַנט־לעך א פּאטש געגעבן אין פּלייצע:

— נישקאָשע, אלטער, דו פאל בא זיך ניט אראָפּ. ניט לאנג איז שוין געבליבן צו לײַדן...

— נו, פארשטייט זיך. ס׳איז ווינטער אף דער וועלט, מע דארף דאָך האָבן ווו צו לעבן. — און דער פויער האָט, קאָסע ארויסקוקנדיק אפן דאָקטער, גענומען ווישן דעם שווייס פון שטערן. — דערמאָן דאָרטן דעם קאָמיסאר אײַערן, אז איך ווארט אף מײַן מישקען. זאָל ער אים באָטש צושיקן אף עטלעכע טעג...

— גוט, — האָט געענטפערט דער דאָקטער, — אָן הילף וועט מען דיך ניט איבערלאָזן. נו, זײַ געזונט, אלטער...

און דער שליטן האָט גענומען סקריפּען.

זיך אָנשפּארנדיק מיטן רוקן אינעם ווענטל פונעם שליטל, האָט איסאַק איליטש מיד צוגעמאכט די אויגן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז זײַט־בא־זײַט מיט אים, אינעם ווײַסן פּעלצל, אין דעם ווײַסן פוטער־נעם היטל, פאָרט דער קאָמיסאר, און ער הערט, ווי ער זאָגט צו אים: „מאָלאָדיעץ, איסאַק איליטש, האָסט גוט געהאנדלט... זייער גוט...“

# אינהאלט

זייט


דער קויעך פון לעבן (ראָמאַן) . . . . . . . . . . . . . . 3

דערציילונגען

אין שטאָט־גאָרטן . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 363

די מוטער . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 374

פיינטשאַפט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 386

פאַרבײַגייענדיק . . . . . . . . . . . . . . . . . 396

בענקשאַפט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 419

אין אורלויב . . . . . . . . . . . . . . . . . . 424

אין איינער א נאַכט . . . . . . . . . . . . . . . 448

דער קאָמיסאַר . . . . . . . . . . . . . . . . . 472



*Гирш Добин*

СИЛА ЖИЗНИ

*(на еврейском языке)*

М. «Советский писатель» 1969 г. 500 стр.
Тем. план 1967 г. № 235.

Редактор *С. В. Гордон.* Художник *Г. Б. Ингер.*
Худож. редактор *Е. Ф. Капустин.* Техн. редактор *А. М. Токер.*
Корректор *А. Б. Стрельник*

Сдано в набор 24/I 1968 г. Подписано к печати 16/XII 1968 г.
А-10847. Бумага 70×108$^{1}/_{32}$ № 1. Печ. л. 15$^{5}/_{8}$(21,88).
Уч.-изд. л. 21,25. Тираж 3700. Заказ № 95. Цена 79 коп.

Издательство «Советский писатель»
Москва К-9, Б. Гнездниковский пер., 10.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Комитета по печати при Совете Министров СССР
пер. Аксакова, 13